נ. שמן

# באַציונג צו מענטש

לויט תנ״ך, תלמוד, יהדות און ליטעראַרישע שטודיעס

באַנד איינס

פאַרלאַג י.ל. פרץ ישראל

תל-אביב, תשמ״ט — 1989

N. SHEMEN

# BATZIUNG TZU MENTCH

## JEWISH ATTITUDE TOWARDS MAN

Based on Talmudic, Rabbinic and Literary Studies

Volume 1

I. L. Peretz Publishing House

14 Brener Str. Tel Aviv, Israel



Printed in Israel

נדפס בישראל

דפוס צור־אות, ירושלים

# אינהאַלט



## קאַפּיטל איינס

## דער מענטש אין בראשית



## קאַפּיטל צוויי

## דער מענטש אין תנ"ך

## קאַפּיטל דריי

## יהדות אַ הומאַניסטישער לעבנס־באַנעם



## קאַפּיטל פיר

## קאַמף קעגן געצן־דינעריי

## קאַפּיטל פינף

## פריינדשאַפט אָבער נישט־געמישטקייט



## קאַפּיטל זעקס

## פאַרהייליקטער תרגום

# הקדמה

דאָס דאָזיקע ווערק (געטיילט אין צוויי בענד), איז אַ המשך פון מיין ווערק "די באַציאונג צום פרעמדן" (טאָראָנטאָ, התש"ה—1945), וואָס האָט בשעתו שטאַרק אויסגענומען. דער פּלאַן איז געווען אויף פּיר בענד. צוליב סיבות האָט זיך דאָס פאַרצויגן אויף פיר צענדליק יאָר און מען מוז צוליב באַדינגונגען מקצר זיין. די פּרקים האָבן אַ טעמאַטישע קרובהשאַפט און דער תּוכן איז באַזירט אויף אַן אַנאַליטיש־טעאָרעטישן יסוד אין שייכות מיט מענטש־באַציונג — יחידותדיק, קאָלעקטיוו־נאַציאָנאַל און אוניווערסאַל. עס איז אַ טעמע אין וועלכער ס'ווערט באַהאַנדלט די ראָל פונעם "בחיר היצירה".

נישט געקוקט אויף דער אָפּגערוקטקייט פון איבער פערציק יאָר, איז די טעמע נאָך אַלץ אַקטועל און פאָדערט אַ באַהאַנדלונג פון דעם גראַנגאַל צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק און פון דעם אידעישן וועג אויף וועלכן דער מענטש קאָן גיין און זיך דערהויבן. עס איז אַ טעמע אין דער בחינה פון "הפוך בה והפוך בה". מיט אַ געהעריקער פאַרשטענדעניש קאָן דער מענטש דערוואַרטן דעם ענדגילטיקן זיג פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, פעלקער־פריינדשאַפט און נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט פאַר אַלע פעלקער און ראַסן.

ס'ווילט זיך ברענגען אַ וואָרט פונעם גאונישן רב, ר' יוסף זכריה שטערן (שאַוולער רב, תקצ"א—1931; תרס"ד—1903, מחבר פון "זכר יהוסיף") וועגן וועמען ס'שרייבט הרב י. ל. הכהן מיימון, אַז ער איז געווען אַ "יחיד בדורו ובכמה דורות לפניו ולאחריו בבקיאותו הנפלאה". ער טייטשט אויס דעם אונטערשייד צווישן חיבה און אהבה אויף דעם פאָלגנדיקן אופן: "הקב"ה חובב את הגויים" — ער האָט ליב דאָס גוטע ביי די פעלקער; ביי ייִדן "ואוהב את יעקב" — אַ גרענעצלאָזע אהבה: "הבוחר בעמו ישראל באהבה" — ווייל ער קוקט אַוועק אויף די חסרונות און ווען אַפילו ס'קומט אַן עונש, ווערט די אהבה נישט אָפּ־געשוואַכט, ווייל אויך דער ייִד האָט אַ גרענעצלאָזע אהבה צו השם יתברך — "ואהבת את ד' אלקיך" — זאָלסט ליב האָבן השם, דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן" (דברים, ו', ה') און מיט אַזאַ גרענעצלאָזער ליבע דאַרף ער מקיים זיין די מצווה "ואהבת לרעך כמו" — זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אַזוי ווי זיך אַליין, איך בין השם (ויקרא, י"ט, י"ח), אפילו ווען ער זעט ביי אים חסרונות (זע, שרי המאה, כרך ששי, ז' 36).

דער מענטש, ווי דער "בחיר היצירה", דאַרף דאָס קענען באַווייזן נישט בלויז טעאָרעטיש, נייערט מיט מעשׂים, אין דער פּראַקטיק, ווייל דאָס איז, ווי הלל הנשיא האָט זיך אויסגעדריקט, די גאַנצע תּורה: "דעלך סני לחברך לא תעביד, זו היא כל התורה כולה ואידך פירושה הוא, זיל גמור" (שבת, ל"א, ע"א). דאָס איז אייגנטלעך דער תּמצית פון די הייליקע ספרים, אָנגעהויבן מיט "בראשית" ביז דעם אחרון שבאחרונים, די גייסטיקע שעפערס ביים ייִדנטום.

דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן מיטן כּוח פון בחירה: ער זאָל קאָנען אויסוויילן זיינע מעשׂים מיט דעת, מיט וויסן און איבערצייגונג, אַנדערש פון די דומם־באַשעפענישן אין דער הויך און אין דער נידער. די זון, די לבנה, אַלע פּלאַנעטן זענען אויסגעשטעלט צו אַ סדר וואָס קאָן זיך נישט ענדערן; אַן ענדערונג שטעלט אין געפאַר דעם גאַנצן "יקום". ס'ווערט אַלץ אָפּגעשטעלט. זייערע כּוחות זענען ריזיק; דער מענטש איז ווייניקער ווי אַ טעלעסקאָפּישער טראָפּ און דאָך פאַרמאָגט ער אינטעלעקט צו קאָנטראָלירן און אַנטוויקלען און צו באַנעמען די "גלגלים" איבער אים.

דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן מיט צוויי יצרים, יצר רע און יצר טוב, און דעריבער איז געשריבן "וייצר" מיט צוויי יודן (ברכות, ס"א, ע"א), ער זאָל האָבן בחירה. די בחירה ברענגט אים שׂכר און עונש. ער באַזיצט אויך דעם כּוח צו פאַרוואַנדלען דעם יצר רע אין אַ פּאָזיטיוון ווערט. דעריבער ווערט ביי דער מענטש־יצירה געזאָגט "טוב מאד", ווייל ער האָט דעם כּוח, צו מאַכן אַז דער יצר רע זאָל ברענגען גוטס: "שאלולי יצר הרע, לא בונה אדם בית ולא נשא אשה, ולא הוליד" (בראשית רבה, ט"ו, ז' א"א). דער יצר רע קאָן ברענגען פּרוכפּערקייט, שעפערישקייט פאַר דעם קיום העולם.

עס איז די אויפגאַבע פונעם מענטש צו קאָנטראָלירן אָט דעם "זקן וכסיל", ער זאָל ברענגען צופרידנקייט און דערמיט ווערט ער אַ צוהעלפער אינעם מעשׂה בראשית, ווי ר' אבהו האָט געדרשנט דעם פּסוק "וירא את כל אשר עשה והנה טוב מאד" — און גאָט האָט געזען אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט — עס איז זייער גוט (בראשית, א', ל"א) "שהיה הקב"ה בונה עולמות ומחריבן, עד שברא את אלו, אמר: דין הניין לי, יתהון לא הניין..." (בראשית רבה, ט', ב'). דער באַשעפער איז געווען צופרידן פון דעם באַשאַפענעם מענטש, ווייל ער האָט דעם כּוח פון בחירה און צו השתּלמות, צו פאַרפולקומונג, ווי געלערנט אין תּורת משה והנביאים און ווי די חכמי התּלמוד האָבן אויסגעברייטערט די דאָזיקע לערעס, אַרויסברענגנדיק דעם גייסט און די נשמה פון אונדזער פאָלק. עס איז אַ ברייטערע טעמע און מיר האָבן בלויז אָנגערירט אַ צאָל טעזן און איבערגעלאָזט פאַר אַנדערע להתגדר.

עטלעכע צענדליק יאָר האָט דער מחבר געווידמעט זיין צייט — טעג און נעכט — צו באַהאַנדלען די מענטש־טעמע, צו ברענגען מיינונגען פון די גרונט־לייגערס פון אונדזער מאָראַל און עטיק אין שייכות מיט "מענטש"־באַציונג, לויט דעם באַשאַף פון "בצלם אלקים" און דעם געבאָט "פרו ורבו" און דערביי געהאַט אַ געוויסע באַפרידיקונג אין דעם זין פון "כל מי שגילה לו הקב"ה דבר ואינו כותבה — הרי זה גוזל את מי שגילה לו" (ספר חסידים, סימן תק"ל, הוצ' לעמבערג, תרכ"ה — פירוש רבינו חיים יוסף דוד אזולאי — החיד"א).

ס'פרייט דעם מחבר אויף דער זכיה "לברך על המוגמר" און פאַר דעם זכות צו זיין אַקטיוו נאָכן אַריבערשפּרייזן דעם עלטער־אַנזאַג: "ימי שנותנו — שבעים" און צו משלים זיין דעם אָנהייב מיט פערציק יאָר צוריק און ער גיט אָפּ בכל לב אַ שבח צום רבון עלמין פאַר אָט דער זכיה.

דער מחבר דריקט אויס אַ דאַנק די פריינד וועלכע האָבן אים געהאָלפן פינאַנציעל צו דעקן אַ טייל פון די הוצאות, באַזונדערס דעם גרויסן נדבן יוסף (דזשאָ) טענענבוים פאַר זיין שטענדיקער מיטהילף. אַ דאַנק דעם י. ל. פּרץ־פאַרלאַג און זיינע מיטאַרבעטער פאַר זייער פאַרשטענדעניש און באַציונג צום מחבר און זיין ווערק — זיי אַלעמען ברכת כל טוב.

*

ביים מסיים זיין פיל איך, אַז די צייט איז געקומען אויסצודריקן מיין טיפע ליבשאַפט און אָנערקענונג מיין לעבנסבאַגלייטערין טאַבע (מיידלשער נאָמען ראָזענבערג). אַ דאַנק איר וואַכן איבער מיר, איבער מיין געזונט און אַ דאַנק דעם וואָס זי האָט מיך באַפרייט פון דעם עול אָנצופירן מיט הויז־ווירטשאַפט און בכלל הויז־באַלעבאַטישקייט, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט — אויף דעם באַשיידענעם אופן — אָנצוגיין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט מיט מיין עסקנות אויף אַ סך געביטן און זיין טעטיק ליטעראַריש אין אַ צאָל זשאַנערן.

צו איר, מיין פרוי, צו אונדזערע קינדער און אייניקלעך — מיינע האַרציקע ברכות.

חנוכה, תשמ"ח.

## קאַפּיטל איינס

# דער מענטש אין בראשית

**א. באַשאַף פון מענטש — וויכּוח מיט די מלאכים. — "צלם אלקים". — דעם רמב"מס דעפיניציע און אויסטייטש.**

ניִשט לייכט איז געווען דער באַשאַף פונעם מענטש. דער באַשעפער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי דער פּמליא של מעלה; די מלאכים זענען געווען קעגן מענטש-באַשאַף; זיי האָבן געפירט אַ וויכּוח מיטן רבונו של עולם און דער סוף: דער רבונו של עולם האָט גענומען אַ שטעלונג, אָפּגעשטעלט זייער קעגנערשאַפט און דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן "בצלם אלקים" — אין געשטאַלט פון גאָט. דער מענטש איז דערמיט געוואָרן דער "בחיר היצירה" און צו באַהערשן די אַלע — פאַר אים — באַשאַפענע.

אָדם, דער מאַן, איז פריער באַשאַפן געוואָרן און נאָך דעם, ווי זיינס אַן "עצם", אַ טייל פון זיין ביין, פון זיין זייט, איז חוה, די פרוי, באַשאַפן געוואָרן און מ'האָט זיי ביידן באַזעצט אין גן-עדן.

ווי די אגדה טייטשט דאָ אַריין, איז דער גן-גאָרטן סימבאָליש פאַר דער פרוי: "גן נעול אחותי כלה" [1] — אַ פאַרשלאָסענער גאָרטן איז מיין שוועסטער כּלה.

דאָרט, אין גן-עדן, האָט פּאַסירט אַ שרעקלעכע זאַך און האָט געענדערט דעם גאַנצן גאַנג פון דער מענטשהייט. ס'האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער נחש — סימבאָליש פאַר דעם שׂטן, סמא"ל — און ער האָט פאַרפירט אַ שמועס מיט דער פרוי און דער דאָזיקער שמועס האָט געבראַכט אומגליק און טויט. דער מענטש — באַשאַפן אין געטלעכן געשטאַלט — האָט ניִשט אויסגעפאָלגט דעם געטלעכן באַפעל: געוואָלט דערגרייכן העכערס דורך דעם עץ-הדעת און געבראַכט אויף זיך דאָס פאַרקערטע, זינד און אָפּגעהאַקטע יאָרן . . . [2].

דער מענטש, באַשאַפן אין געטלעכן געשטאַלט, געפורעמט אין "צלם אלקים", איז אַראָפּגעפאַלן פון זיין הויכן פּיעדעסטאַל. דער יצר האָט גובר געווען, אים באַהערשט און דערפירט צו ברודער-מאָרד, צוליב קנאָה — און לויט מדרשים — צוליב תאווה. די קנאה און די תאווה האָבן געקראָגן די שליטה איבער די נאָכקומענדיקע דורות.

דער רמב"ם (רבנו משה בן מיימון, 1135—1204), דער גרעסטער יִדישער דענקער, גרויסער פילאָזאָף, גאון אין אַלזייטיקן וויסן, פאָרשונג, חכמת היהדות

און הלכה, פאַרנעמט זיך מיט דער יצירה פונעם מענטש און מיטן אויסדרוק "צלם אלקים". ער שרייבט אין מורה נבוכים [3] און מיר ציטירן בקיצור, בלויז אייניקע פאַראַגראַפן אין יידיש:

"...מיט יאָרן צוריק האָט מיר איינער אַ חכם געשטעלט אַ גרויסע פראַגע: לויט דער תורה קומט דאָך אויס, אַז גאָט האָט געוואָלט, אַז אָדם זאָל זיין גלייך צו אַלע אַנדערע באַשעפענישן, ד"ה אָן שׂכל און אָן געדאַנק. ערשט ווען אָדם האָט געזינדיקט, האָט ער באַקומען שׂכל און פאַרשטאַנד, וואָס איז אונדזער חשובסטע אייגנשאַפט...

"...דערויף האָבן מיר אים געענטפערט אַזוי: דו לייען נישט די תורה מיט אויבערפלעכלעכע געדאַנקען, ווי מיר לייענען אַ מעשה, אַ ליד. זאָלסט דיך גוט אַריינטראַכטן און דו וועסט זען, אַז דעם שׂכל האָט אָדם באַקומען באַלד ווי ער איז באַשאַפן געוואָרן, פיל פריער, איידער ער איז באַגאַנגען דעם חטא. וואָרום גלייך צום אָנפאַנג ווערט דאָך געזאָגט: 'בצלם אלקים ברא אותו', וואָס מיינט אַז גאָט האָט אים געגעבן שׂכל, אינטעליגענץ. דערנאָך האָט גאָט גערעדט צו אים און אים געגעבן זיין געבאָט — אַ געבאָט ווערט נישט געגעבן צו בהמות, אָדער צו דומקעפּ וואָס האָבן נישט קיין שׂכל. דערנאָך, ווען אָדם איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין גשמיותדיקער ליידנשאַפט, איז די געזונטע אַנאַליטישע קראַפט פון זיין פאַרשטאַנד אַוועקגענומען געוואָרן פון אים און די "גראָבע" תאווה האָט פאַרנומען דעם הערשנדיקן פּלאַץ אין זיין כאַראַקטער".

דער רמב"ם טייטשט אויס דעם זאָג "ותפקחנה עיני שניהם" — און זייערעביידנס אויגן האָבן זיך געעפנט [4]: זיי האָבן געעפנט זייערע אויגן און זיי האָבן דערזען זייער נאַקעטקייט. עס איז אַ פילאָזאָפישע טעזע, דאָס מיינט אַז זיי האָבן געעפנט אויגן פון תאווה און ס'האָבן זיך, אַלס רעזולטאַט, געשאַפן נייע אייגנשאַפטן, נייע כאַראַקטערן; אָדם האָט אָנגעהויבן שטרעבן צו נייע באַדערפנישן — ער האָט שוין מער נישט געקענט בלייבן אין גן-עדן; ער איז פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן און אַ נייע גייסטיק און פיזיש לעבן האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן. ער איז אַראָפּ-געפאַלן פון זיינע הויכענישן; ער איז אַראָפּ פון זיין הויכן פּיעדעסטאַל; דער יצר האָט אים גובר געווען און דאָס זעט מען ביי די קינדער: אדם וחוה אין זייער אינטימקייט האָבן געבראַכט אַ קין, וואָס האָט צוליב קנאה און תאווה אומגעבראַכט זיין ברודער הבל און נאָך דעם איז געקומען דער תובל-קין מיטן פּראָדוצירן און זיך איינשאַפן די כּלי-משחית, "לוטש כל חורש נחושת וברזל" — אויסשלייפער פון אַלערליי קופּער און אייזן [5].

מיר ווילן, פאַרשטייט זיך, נישט ברענגען אַלע אגדות אין שייכות מיטן מענטש-באַשאַף און די כּוחות וואָס מ'האָט אים געגעבן, ער זאָל געוועלטיקן און באַהערשן די וועלט. דער מענטש, ווערנדיק באַשאַפן "בצלם אלקים" [6], מיט דער געטלעכער

נשמה, מיט שׂכל, מיט דער העכערער אינטעליגענץ, האָט געהאַט די גייסטיקע און פיזישע כּוחות צו באַהערשן און קאָנטראָלירן דאָס ביז אים באַשאַפענע אין די זעקס טעג פון באַשאַף. ער האָט זיך אָבער פאַרלוירן און איז געזונקען אין זיין בחירה, ער איז באַהערשט געוואָרן פונעם יצר: "וכל יצר מחשבות לבו רק רע כל היום" — און גאָט האָט געזען אַז דאָס בייז פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד, און די גאַנצע טראַכטונג פון די מחשבות פון זיין האַרצן איז צום בייזן אַ גאַנצן טאָג..." [7].

ווען דער רבונו של עולם האָט זיך פאַרנומען מיטן באַשאַפן דעם מענטש, זענען געווען כּתות אין הימל, וועלכע האָבן אים געוואָלט אָפּהאַלטן. געווען מלאכים אין הימל, וועלכע האָבן געטענהט: "מה אנוש כי תזכרנו ובן אדם כי תפקדנו" — וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען? און אַ מענטשנקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען? [8] און ווי אליפז דער תימני זאָגט צו איובן: "מה אנוש כי יזכה וכי יצדק ילוד אשה" — וואָס איז אַ מענטש, אַז ער זאָל זיין ריין? און קען דען גערעכט זיין אַ געבוירענער פון אַ פרוי? [9]. דער רבונו של עולם האָט אָבער באַשלאָסן צו באַשאַפן דעם מענטש אויף דער ערדישער וועלט; באַשאַפן מאַן-און-פרוי און זיי זאָלן ממשיך זיין מיט "פרוכפּערן און מערן און אָנפילן פול די ערד" [10].

פאַר וואָס דער רבונו של עולם האָט דווקא געוואָלט האָבן דעם מענטש, פאַר וואָס ער האָט אים באַשאַנקען מיט געטלעכן שׂכל און פאַר וואָס ער האָט אים געגעבן בחירה-מעגלעכקייטן — דאָס איז סוד, הימלישע מיסטעריע. דער מענטש קען נישט געבן דעם געהעריקן ענטפער. דאָס געהערט צו דער מעשׂה-בראשית-מיסטעריע, ווי די מעשׂה-מרכּבה, און ס'איז נישט דערלויבט צו פרעגן: "מה לפנים ומה לאחור", נישט דערלויבט אַפילו צו דרשענען. פון די פיר וועלכע זענען אַריין אין "פרדס", איז בלויז רבי עקיבא "נכנס ויצא בשלום" — בלויז רבי עקיבא איז אַריין און איז אַרויס גאַנץ, מיט דער פולער אמונה און מיטן פולשטענדיקן וויסן [11].

אדם הראשון האָט געקראָגן די שליטה איבער די אַנדערע מינים אינעם באַשאַף-פּראָצעס: איבער דעם דומם, צומח, חי, ווי דער פסוק זאָגט: "ורדו בדגת הים ובעוף השמים ובכל חיה הרומשת על הארץ" — און געוועלטיקט איבער די פיש פון ים, איבער די פויגלען פון הימל און איבער אַלץ לעבעדיקע וואָס קריכט אויף דער ערד... יעדער קרייטעכץ... און יעטווידער בוים וואָס אויף אים איז דאָ פרוכט... פאַר אייך זאָל דאָס זיין צום עסן [12]. ער האָט געקראָגן די רעכט צו באַהערשן די חיה און די בהמה און די אַנדערע לעבעדיקע און שפּראָצנדיקע, ווייל די בהמה און די חיה ווערט באַהערשט און באַזיצט בלויז אינסטינקט; אָבער דער מענטש באַזיצט שׂכל, פאַרמאָגט אינטעליגענץ און קען דערהויבן צו די העכסטע הויכן זיין אינ-טעלעקט, זיין חכמה. דער מענטש קען זיך דערהויבן צום גייסט פון נבואה, צו אַזאַ נבואה-הויכקייט, ווי משה רבנו, "אשר ידעו ד' פנים אל פנים" — און עס

איז נישט אויפגעשטאַנען נאָך אַזאַ נביא ווי משה, וואָס האָט זיך דערקענט צו אים פנים אל פנים...[13].

די תורה גיט אויך חשיבות די בעלי-חי: צער-בעלי-חיים — שטרענגער פאַרבאָט; מ׳האָט דעם ערשטן מענטש געגעבן שליטה איבער די בעלי-חי, אָבער פאַרבאָטן צו געניסן, זיך שפּייזן מיט זייער פלייש. מ׳האָט פאַרבאָטן דעם מענטשן ״אבר מן החי״ און צו אַדמען — אַפילו בשר מן החי, ווי דער פסוק זאָגט:

״הנה נתתי לכם את כל עשב זורע זרע אשר על פני הארץ, ואת כל העץ אשר בו פרי עץ זורע זרע, לכם יהיה לאכלה...״[14] — גראָז און פרוכט זענען פאַר דעם מענטש, פאַר די חיות, בהמות און עופות און חז״ל[15] קאָמענטירן: ״רב יהודה אמר רב, אדם הראשון לא הותר לו בשר לאכילה, שנאמר ״לכם יהיה לאוכלה ולכל חיית הארץ — ולא חיית הארץ לכם, ואע״ג דכתיב ורדו בדגת הים ובעוף השמים ובכל החיה הרומשת — הנהו למלאכה״.

דער ענין ווערט באַהאַנדלט ביי אַ צאָל מפרשים: לויט רש״י און תוספות, איז אים (אדם הראשון) נישט דערלויבט געווען צו טויטן אַ לעבעדיק באַשעפעניש, אָבער ״בשר מתה״, פלייש פון אַ טויטער חיה, איז אים נישט פאַרבאָטן געוואָרן[16]. לויט אַנדערע מפרשים איז אים בכלל פאַרבאָטן געוואָרן פלייש — ער דאַרף זיך שפּייזן מיט ״צומח״, פון דאָס שפּראָצנדיקע פון דער ערד.

נאָכן מבול איז נחן דערלויבט געוואָרן צו עסן פלייש: ״כל רמש אשר הוא חי, לכם יהיה לאכלה כירק עשב נתתי לכם את הכל״[17]. די מפרשים פאַרנעמען זיך מיטן דערקלערן די סיבות פון דער ענדערונג. דער אבודרהם זאָגט, אַז דעריבער האָט מען איינגעפירט די ברכה ״שהכל״ איבער פלייש און נישט ״בורא חיית הארץ״, ווייל דער עיקר בריאה איז נישט געווען פאַר אכילה[18].

ווי געזאָגט, באַמיען זיך די מפרשי-התורה מסביר צו זיין דעם טויש נאָך די צען דורות צווישן אדמען און נחן.. ס׳ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז אַפילו נאָך דער דערלויבעניש, ווערט דאָס עסן פון פלייש גערופן בשר-תאווה און דאַרף קאָנטראָלירט ווערן[19]. ס׳זענען דאָ מפרשים וועלכע האַלטן אַז בלויז דעם מענטש וואָס טראָגט איבער זיך דעם ״צלם אלקים״ האָט מען געגעבן רעכט צו הערשן און באַהערשן די בעלי-חי — און אַזעלכן איז געגעבן רעכט צו געניסן פון דעם וואָס ווערט גערופן שמחה: ״אין שמחה אלא בבשר ויין״[20].

דער רמב״ן[21] אין באַהאַנדלען די סיבה פאַר וואָס, נאָכן מבול, איז נחן דערלויבט געוואָרן בשר, גיט אָן דריי טעמים: 1) אַ דאַנק נחן, זענען די בעלי-חי געבליבן לעבן; 2) ער האָט פריער געבראַכט אַ קרבן; 3) ער האָט מפרסם געווען געטלעכקייט.

דער אברבנאל גיט אָן אין אַ לענגערן הסבר אַ הויפּטמאָטיוו, אַז דאָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט: ס׳איז נישט געווען קיין פּירות, קיין געוויקסן; דער מבול

האָט אַלץ אָפּגעווישט, וואָלטן דאָך אַלע געשטאָרבן, דעריבער איז געקומען די דערלויבעניש צו עסן פלייש [22].

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין די פּרטים און פּרטי-פּרטים פון די אַלע ענטפערס אויף צו באַרעכטיקן די ענדערונגען בנוגע דעם אָפּהאַלט פון בלייבן וועגעטאַריער. דער עיקר וואָס מיר ווילן אָנווייזן איז די העכערקייט פונעם מענטש און זיין דערהויבנקייט איבער דער חיה.

דער מענטש, זייענדיק אַ בשׂר ודם, איז אָבער געפּורעמט מיטן "צלם אלקים", מיט געטלעכן שׂכל און געטלעכער קדושה און ער דאַרף, כּדי אָנצוהאַלטן די דאָזיקע קדושה, זיין אָפּגעהיט פון מאכלות אסורות, פון איסורי ביאה, אָנהאַלטן די מצוות שבין אדם למקום און די מצוות שבין אדם לחברו.

ביי בהמות און חיות, טייטשט דער תּרגום "נפשא חיתא", אָבער ביים מענטש — ד ב ו ר רייד, דאָס וואָרט, וואָס גיט דעם מענטש דעם כּוח פון יצירה אויף אַלע געביטן, ווי רש"י טייטשט "שנתוסף בו דעה" [23].

נאָכן חטא האָט מען אדם הראשונען באַשטראָפט, ער זאָל האָבן אַ שווער לעבן: "בזעת אפיך תאכל לחם" — מיט דעם שווייס פון דיין פּנים, זאָלסטו עסן ברויט [24] — אַ קללה, וואָס איז אויך אַ ברכה, ער זאָל נישט זיין קיין פּאַראַזיט; ער וועט שווער אַרבעטן פאַר זיין חיונה אָבער געניסן פון זיין פּראַצע. ער דאַרף אָבער וויסן, אַז "כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — כּדי דיך צו לאָזן וויסן אַז נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש... [25]. דער מענטש קען זיך נישט באַפרייען פון דער ווירקלעכקייט וואָס איז געקומען נאָכן חטא פון עץ הדעת, ער ווערט געשטעלט פאַר פאַרשיידענע נסיונות, פאַרשיידענע פּראָבלעמען. ער מוז אָבער באַהערשן די דאָזיקע פּראָבלעמען. מיט זיין וויסן, ענערגיע אייגנהייטן דעם צלם אלקים. ער דאַרף זיך זען אין דער בחינה, ווי דער באַשעפער איז אין זיין מיט; "כי ד' אלקיך מתהלך בקרב מחנך... והיה מחניך קדוש" — וואָרום ד' דיין גאָט גייט אום אין מיטן פון דיין לאַגער... דרום זאָל דיין לאַגער זיין הייליק... [26]. די שכינה רוט — ווי דער קאָצקער האָט זיך אויסגעדריקט, דאָרט ווו מ'לאָזט זי אַריין, דאָרט ווו עס הערשט נשמה-ריינקייט, לויטערקייט, קדושה.

אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין דעם זאָג: "ומותר האדם מן הבהמה אין — כי הכל הבל" — די מעלה פון מענטש איבער דער בהמה איז נישטיקייט [27], וואָס קהלת דריקט אויס אין אַ פּעסימיסטישן טאָן. אָבער, ווי מפרשים טייטשן, איז אַלץ נישטיק, אָבער דער מ ו ת ר, די העכערקייט פונעם מענטש האָט שוין יאָ אַ ווערט [28]: בלויז רשעים זענען געגליכן צו דער בהמה און בלויז מענטשן, וועלכע באַזיצן נישט דעם געהעריקן וויסן, זעען נישט דעם אונטערשייד צווישן מענטש און בהמה, ווי קהלת פירט אויס: "מי יודע רוח בני האדם העולה היא למעלה ורוח הבהמה היורדת למטה" — ווער ווייסט דעם גייסט פון די מענטשנקינדער, וואָס

גייט אַרויף אין דער הייך און דעם גייסט פון דער בהמה וואָס נידערט אַראָפּ...[29].

אויף דערויף, דאַרף מען האָבן אויגן צו זען און אַ מוח צו פאַרשטיין.

ווי דער גרויסער בעל-מחשבה אין אונדזער צייט זעט עס, קען דאָס באַגרייפן נאָר דער וואָס איז באַהויכט פון אמונה און ער שטעלט צוליב דעם, דעם ״איש הדת״ העכער פון דעם ״איש הדעת״.

אין זיין גלענצנדיקען עסיי — א. ג. ״איש ההלכה ואיש האמונה״[30] באַוויזט הרב הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָוויטישיק שליט״א אויף זיין טיף-אַנאַליטישן אופן דעם חילוק צווישן דעם ״איש הדעת״ און דעם ״איש הדת״: דער ערשטער זעט בלוז ביז די דערגרייכטע גרענעצן פון וויסן, פון זיין אינטעלעקט, בעת דער ״איש הדת״ דערגרייכט מיט זיין פילאָזאָפיש טראַכטן אַ סך מער.

הרב סאָלאָווייטשיק ברענגט ראיות פון די באַרימטע פילאָזאָפן, אָנהייבנדיק פון די גריכישע ביז דעם גאון פון דער דייטשישער פילאָזאָפיע עמנואל קאַנט (1724—1804) אַז זיי זענען געבליבן שטיין ביים זוכן די ריינע פאַרנונפט און נישט געקענט דערגרייכן מיט זייער ראַציאָנאַלן דענקען צו די הויכן וואָס מ׳האָט געלאָזט פאַר דעם מענטשן. — קאַנט איז געבליבן שטיין, ממש הענגען אין דער לופטן.

ווי איינער פון די אָריגינעלסטע דענקערס וואָס דאָס יידישע פאָלק פאַרמאָגט, ווי אַ קענער פון די פאַרשיידענע פילאָזאָפישע שיטות ביי יידן און ביי די אומות העולם, ווייזט הרב סאָלאָווייטשיק אָן אַז גראָד דער דענישער דענקער באַרט קירקעגאַרד (1813—1855) האָט דערגרייכט אַ סך מער ווי די אַנדערע פילאָזאָפן און דאָס — אַ דאַנק זיין מעטאַפיזישער אויפפאַסונג פון מענטש און וועלט; אַ דאַנק זיין פאַרשטיין און באַנעם פון תּנ״ך, קבלה און בכלל יהדות.

קירקעגאַרד איז געווען דער וואָס האָט באַגרינדעט די טעזע, אַז גאָט איז למעלה מן השׂכל, אַז די גרעסטע עבירה פון אַ מענטש איז זיך צו פאַרלאָזן אויף זיך. גאָט — האַלט ער — געפינט זיך אין מענטשלעכן שׂכל... דאָס רעליגיעזע לעבן פאַסט זיך פולשטענדיק אַריין אין קרייז פון שׂכל[31].

הרב סאָלאָווייטשיק זעט אין דעם ״איש הדת״ אויך דעם ״איש הדעת״; זיי ווערן פאַרבונדן און האַרמאָנירן ביים רעליגיעזן בעל-מחשבה, ווייל נאָר דער וואָס באַזיצט די ביידע כּוחות, איז בכּוח אַרומצונעמען דאָס רעאַלע, ערדישע, קאָנקרעטע צוזאַמען מיט דאָס אַבסטראַקטע, איראַציאָנאַלע, מיסטישע, הימלישע.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין פילאָזאָפישן דענקען, ווי דער רב באַהאַנדלט אין דער טיף און אין דער ברייט. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף זייענעם אָן אויספיר אַז ביים ״איש-ההלכה״ איז דאָס יאָגן זיך נאָכן באַגרינדן ענג פאַרבונדן מיטן אויספירן אין לעבן די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט וואָס זאָל באַהערשן דעם מענטשנס לעבן.

דער איש ההלכה — האַלט ער — באַגרענעצט זיך נישט בלויז צו די ד׳ אמות

פון בית-מדרש; ער וויל אַ תּורהדיק לעבן און במילא מאַכן דעם מענטש אַ שותּף במעשה בראשית [32].

ביי פּעלקער זעען מיר אָפט ווי גייסטמענטשן פליען אין די הויכענישן, און לאָזן איבער דעם נידער, דעם עולם-הזה צו הפקרות און מעשים-רעים.

ביי ייִדן דאַרף דער גייסטמענטש דערהויבן די ערד צום הימל; צו זען, אַז דאָס ערדישע לעבן זאָל זיין באַהויכט פון הימלישע אידעאַלן.

וועגן דעם קאָצקער רבין, ר׳ מנחם מענדל מאָרגענשטערן (1787—1859), ווערט דערציילט אַז איינער פון די אדמו״רים האָט אים געזאָגט: ״בעת איך זאָג תּורה, פיל איך ווי איך האָב דערגרייכט צום זיבעטן רקיע...״ האָט דער קאָצקער אים געענטפערט: ״ווען איך זאָג תּורה, דערבידער איך מיר אויף אַזוי ווייט, אַז אַלע זיבן הימלען נידערן צו מיר...״

דער מענטש האָט אַן אויפגאַבע זיך צו דערהויבן און מיט אים די גאַנצע געזעלשאַפט, די מענטשהייט. ער טאָר זיך אָבער נישט פאַרלירן, ער טאָר נישט פאַרלירן זיין קולטור-ירושה, די דורותדיקע טראַדיציע. דאָס איז אַ שווערער וועג. מיר זעען עס ווי שווער דאָס איז געוועזן באַלד אין באַגין פון בראשית-פּראָצעס — אָבער דאָס איז דער וועג דורך וועלכן דער מענטש ווערט געלייטערט און דער-הויבן — און וועגן דעם ווייטער.

## ב. וואָס איז דער מענטש? — זיין דערהויבונג און זיין לייטערונג. — סוד פון יצירה.

וואָס איז דער מענטש? וואָס איז זיין תּכלית? צוליב וואָס איז ער באַשאַפן געוואָרן? וואָס איז דער חילוק צווישן מענטש און בעל-חי? פאַר וואָס קומט דעם מענטש דער זעלביקער סוף ווי יעדער בעל-חי?

אויף אָט די אַלע פראַגעס האָבן פילאָזאָפן און דענקערס געזוכט ענטפערס און טייל פון זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי האָבן די ענטפערס — אָבער אין סך-הכל פון אַלע טראַכטענישן, פון אַלע מחשבות, קומט מען צום באַשלוס, אַז ס׳איז ניטאָ קיין קלאָרער ענטפער און אַז יצירה בכלל בלייבט אַ סוד פאַר דעם יוצר, פונקט ווי עס בלייבן אַ סוד די פראַגעס: ״מה לפנים ומה לאחור״ — וואָס פריער, פאַר דעם וועלטבאַשאַף, און וואָס שפּעטער נאָכן סוף פון וועלט. גערעכט איז הרב סאָלאָווייטשיק וועלכער באַנוצט זיך, נאָך אַלע פילאָזאָפישע שיטות, מיט דער הגדרה פון זיין גרויסער און דענקערישער פערזענלעכקייט, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן ״למטרת רצונו״ — צום באַשעפערס צילן. די יצירה פון מענטש — ער זאָל טאָן דעם ווילן פון באַשעפער. און וואָס איז דער ווילן פון באַשעפער? — דאָס לערנט אונדז די תּורה!

די גריכישע פילאָזאָפן, ווי סאָקראַטעס (469—399 פק״ע), האָבן געזען די

גרויסקייט פונעם מענטש אין זיין באַוווסטזיין, אין זיין שׂכל, נישט בלויז צו דערקענען דעם אַרום, נאָר מער דערפון צו דערקענען זיך אַליין.

אַן ענלעכן געדאַנק האָבן מיר אין חסידות, ווי געלערנט אין פשיסכע—קאָצק:
"אל תונו איש את אחיו" — איר זאָלט נישט נאַרן איינער דעם אַנדערן — ברודער...[1].

דאָס איז — האָט דער רבי ר׳ בונים געזאָגט — דין; לפנים משורת הדין, וואָס איז די מידה פון חסידות, "זיך אַליין נישט צו נאַרן"...

אַריסטאָטל, (383—322 פק״ע) וועמען דער רמב״ם האַלט פאַר גאָר אַ וויכטיקן דענקער, נישט געקוקט דערויף וואָס ער פרעגט אָפּ אַ צאָל פון זיינע באַהויפּטונגען וועגן "קדמות-העולם", וועגן אמונה-פראַגעס אא״וו, ער, אַריסטאָטל, האָט אויס-געברייטערט די טעאָריעס פון סאָקראַטעס, באַהויפּטנדיק, אַז דער מענטש איז די שׂכל-באַשעפעניש, ווי מיר רופן עס אין דער תּורה-טערמינאָלאָגיע: "צלם אלקים".

די דאָזיקע געדאַנקען וועגן מענטש-דערהויבנקייט איבער אַלע בעלי-חי, געפינען מיר סיי ביי אונדזערע פילאָזאָפן און סיי אין דער פילאָזאָפיע ביי חכמי אומות-העולם: אי ביי די ראַציאָנאַליסטן, אי ביי די ראָמאַנטיסטן-מיסטיקערס.

דער מענטש איז געטיילט: חומר־גוף, וואָס מאַכט אים נאָענט צו חיה־בהמה און רוח-נשמה פון גייסט און אינטעלעקט, וואָס מאַכט אים העכער פון די בעלי-חי; דער גוף ווערט, לויט יצירה, אַ לבוש צו דער נשמה און נשמהדיקייט איז אין אומאויפהערלעכן געראַנגל מיט דאָס חומריותדיקייט, וואָס גרענעצט זיך מיט תאווה.

מיר האָבן פריער ציטירט פונעם נעים זמירות ישראל:

"מה אנוש כי תזכרנו ובן אדם כי תפקדנו" — וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען און אַ מענטשנקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען? אָבער באַלד נאָך דעם:

"ותחסרהו מעט מאלקים וכבוד והדר תעטרהו. תמשילהו במעשי ידיך, כל שתה רגליו" — דו האָסט אים געמאַכט עטוואָס ווייניקער פון גאָט... ער זאָל באַהערשן דעם מעשה-בראשית[2]. די גרויסקייט פון מענטש איז אָבער נישט דווקא אין באַהערשן די מעשה-בראשית; גרעסער ווערט דער מענטש, ווען ער קאָן זיך באַהערשן. ער קאָן נידערן און ווערן ווי אַ בהמה — אויף אַזעלכן איז געזאָגט געוואָרן "ומותר האדם מן הבהמה אין" — ער קאָן זיך אָבער דערהויבן צו ווערן אַ שותּף במעשה-בראשית.

דער מענטש איז די קרוין פון יצירה. זיין מיסיע איז אָבער נישט צו דערגרייכן די געטלעכע אומענדלעכקייט, נאָר בעיקר פּערפעקציע אין זיין עולם-הזהדיקייט, ער זאָל ווערן באַהערשט פון אַ סאָרט רוחניות וואָס זאָל אים נישט לאָזן בלייבן בלויז אַ ביאָלאָגיש באַשעפעניש. זיין אָרט אינעם קאָסמאָס איז צו בלייבן אויף דער ערד, באַוויכט פון הימלישע אידעאַלן; זיינע פונקציעס, ווי אַן אינטעלעקטועלע נאַטור,

דאַרפן אים האַלטן העכער פון בעלי-חי. דאָך איז ער באַגרענעצט אין זיין וויסן און אין זיין אינטעלעקט און דאַרף זיך אונטערוואַרפן דער געטלעכער השגחה, די געטלעכע באַפעלן, ווי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים בראשית און איז געבליבן אויף אייביק.

די יעניקע וועלכע האָבן געוואָלט שאַפן אַ "הימליש קעניגרייך" אָן אַן ערדישער באַזע האָבן גורם געווען דאָס פאַרקערטע: דער מענטש איז אַראָפּ פונעם הימל און אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויף דער ערד.

די ייִדן-קריסטן ביים בית-שני האָבן אין זייער משיח-דערלייזונג פאַרלאָזט די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, איבערגעריסן די קייט און דעם שטראָם פון ייִדישן נאַציאָנאַל-רעליגיעזן לעבן אויפן ייִדישן באָדן, נעגירט דעם ייִדישן אייגנאַרט — און דער סוף איז געווען אַז זיי זענען באַהערשט געוואָרן, אויב נישט אין גאַנצן איז טיילווייז, פון געצנדינערישן קולט און מער נישט געווען די קעמפערס, ווי זיי האָבן זיך אין אָנהייב אַרויסגעוויזן, פאַר די נביאישע אידעאַלן, בעת די פּרושים, די פאָלקספירערס האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע צו ראַטעווען דעם ייִדישן אָפּשטאַם און געקעמפט מיט דער גרעסטער מסירת־נפש פאַר די נביאישע אידעאַלן און פאַר דעם המשך פון ייִדישן אייגנאַרט, ווילנדיק דורך תורה פירן דעם ייִדישן מענטש צום אויפשטייג העכער און העכער אויפן וועג פון שלימות.

מיר וואָלטן געקענט אַזוי גיין אָן אַן אָפּשטעל אין דערקלערן די ראָל פון מענטש אויף דער ערד; זיין פּאָזיציע אַלס בן-אדם. מיר מוזן אָבער דאָס איבערלאָזן צו די פילאָזאָפן, די יחידי-סגולה, וועלכע פאַרנעמען זיך מיטן דאָזיקן ענין אויף זייער ברייטערן אופן. מיר האָבן אין ייִדיש אַ שריפט, געווידמעט דער פילאָזאָפיע — "דווקא", וואָס איז סימבאָליש פאַר פילאָזאָפישן דענקען. איין נומער געווידמעט דער טעמע "מענטש", נעמט אַריין אַ צאָל מאמרים, צווי"א, אַ מאמר פון פּראָפ' שמואל הוגאָ בערגמאַן [3], וואָס באַנוצט זיך מיט די ווערטער פון יהודה-לייב מאַגנעס (1948—1877) ביים דערעפענען דאָס לערניאָר פון העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים:

"... ער האָט געבראַכט ווערטער וועלכע ווערן צוגעשריבן דעם באַרדיטשעווער רבֿ, ר' לוי יצחק זצ"ל: איך בעט דיך נישט רבונו של עולם, דו זאָלסט מיר מגלה זיין די סודות פון דיינע וועגן, איך וואָלט זיי נישט באַנומען..."

וואָס איז דער פּועל-יוצא פון די אַלע געדאַנקען?

דער סוף-דבר איז מיט טויזנטער יאָרן צוריק, געקומען צום אויסדרוק אין די ווערטער פון קהלת: "סוף דבר הכל נשמע, את האלקים ירא ואת מצוותיו שמור, כי זה כל האדם" — דער סוף פון דער זאַך, נאָך דעם ווי אַלץ איז געהערט געוואָרן איז: האָב מורא פאַר גאָט און היט זיין געבאָט, וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש..."

און ווייטער: "כי את כל מעשה האלקים יביא במשפט על כל נעלם, אם טוב ואם רע" — ווייל דעם גאַנצן באַשאַף וועט גאָט ברענגען פאַר אַ משפט, איבער אַלץ־פאַרהוילענע, סיי גוט און סיי שלעכט" [4].

דער קאָנפליקט קומט פאָר אינעם מענטשן גופא, אין זיין געראַנגל צווישן גוטס און שלעכטס; צווישן אינטעלעקטועלן קאָנטראָל איבער תאווה און תאוותדיקער הפקרות. דער מענטש איז בכוח צו מילדערן דעם דאָזיקן געראַנגל דורך אַ פאַר־שטאַרקטער אמונה, דורך פאַרנעמען זיך מיט אָפּהיטן די מאָראַלישע און עטישע פרינציפּן, איינצוהאַלטן ס'זאָל נישט קומען צו דעם מאָמענט ווען "רבה רעת האדם" — און גאָט האָט געזען אַז דאָס בייז פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד און די גאַנצע טראַכטונג... איז רק צום בייזן אַ גאַנצן טאָג. "וכל יצר מחשבות לבו רק רע כל היום" [5] מ'זאָל מער נישט קענען זאָגן: "כי יצר לב האדם רע מנעוריו" — וואָרום די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן [6], ווי חז"ל טייטשן: אַז דער יצר שטאַרקט זיך טאָג־איין־טאָג־אויס, און רש"י גיט צו, לויט מדרשים: "מנעוריו כתיב — משננער לצאת ממעי אמו, נתן בו יצר הרע" — באַלד פונעם געבורט ווערט דער מענטש אַרומגענומען פונעם שלעכטן אינסטינקט און ער דאַרף פירן אַ קאַמף מיט אים דאָס גאַנצע לעבן. עס איז אַ קאַמף אינעם מענטש צווישן גוטס און שלעכטס, ער זאָל קענען באַהערשן די טאָפּלטע סובסטאַנצן — גוף און נשמה זאָלן האַרמאָניזירן.

נאָכן געבן אַ פילאָזאָפישע דיסערטאַציע [7], סומירט ש. ה. בערגמאַן זיין טעזע מיט דער פאָלגנדיקער באַהויפּטונג: "נאָר אַ מעטאַפיזישער באַנעם פונעם מענטשן, אַ הומאַניזם וואָס וועט אויפנעמען דעם מענטשן ווי אַ צלם־אלקים און ווי גאָטס אַלייִרטער, און וואָס וועט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם געדאַנק און געפיל פון דעם מענטשן־מין־אייניקייט, וועט זיין ביכולת צו קאָנקרעטיזירן די משיחישע מענטש־הייט... אונדזער אויפגאַבע, דאָ און אומעטום, איז זאָרגן דערפאַר, אַז יענער אידעאַל, וואָס איז געוואָרן אַ בלאָסע אַבסטראַקציע... זאָל ווערן אַ לעבעדיקע און אויפלעבנדיקע רעאַליטעט..."

דער געערטער פילאָזאָף קומט צום אויספיר: אַנשטאָט זיך פאַרנעמען מיט אַבסטראַקציע, זאָל מען געבן דעם מענטש אַן אחיזה אין דער רעאַלער וועלט, וועט מען דאַן קענען זאָגן, אין די פּרעכטיקע ווערטער און שילדערונג פונעם מענטש:

...און מיט כבוד און שיינקייט באַקרוינסטו אים. מאַכסט אים געוועלטיקן איבער די ווערק פון דיינע הענט, אַלצדינג האָסטו געלייגט אונטער זיינע פיס — "ותחסרהו מעט מאלקים וכבוד והדר תעטרהו" [8].

דער חדושי הרי"ם, ערשטער גערער רבי אדמו"ר ר' יצחק מאיר אלתר, (1799—1866) האָט קאָמענטירט: "דער מענטש איז פול מיט חסרונות, אָבער צוליבן מ ע ט, ווען ער פאַרשטייט, אַז אפילו דאָס ביסל מ ע ט, דאָס ווייניקע

וואָס ער באַזיצט, איז מ א ל ק י ם, איז פון גאָט, דאַן קאָן מען אים טרויען פירערשאַפט: "תמשילהו במעשי ידיך" וואָרום האָסטו אים געמאַכט שיר ניט מינער פון גאָט... געוועלטיקן איבער די ווערק פון דיינע הענט [9].

מ'האָט געגעבן דעם מענטשן אַלע מעגלעכקייטן זיך צו דערהויבן, צוליב די רוחניות אינעם מענטש, צוליב דעם "בצלם אלקים עשה את האדם" — וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטשן [10]. און ווי דער פּייטן דריקט זיך אויס: "אתה הבדלת אנוש מראש ותכירהו לעמוד לפניך". דאָס איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע: "אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא" — וואָרום ניטאָ קיין מענטש, קיין צדיק אויף דער ערד, וואָס זאָל טאָן לויטער גוטס און ניט זינדיקן [11]. דורך קאָנטראָלירן תּאווה און נישט ווייניקער עגאָיזם, קען ער זיך דערהויבן צו דער מעלה העליונה, לויט דער טראַדיציע פון אברהם אבינו, דעם פּאַטריאַרך פון די בני-ישׂראל.

ווי חז"ל שילדערן דעם אורפאָטער פון יידישן פאָלק, האָט ער געהאַט אַן איצטגנינות אין זיין האַרץ — ליבשאַפט פאַר דעם מענטש און איבערגעגעבנקייט צום באַשעפער. רבי שמעון בן יוחאי זאָגט: "אבן טובה היתה תלויה בצווארו של אברהם אבינו, שכל חולה הרואה אותה מיד נתרפא; ובשעה שנפטר אברהם אבינו מן העולם תלאה בגלגל חמה..." [12].

ס'פעלן נישט קיין טייטשן אויף דער דאָזיקער אגדה. לויט תּוספות [13], איז אברהם אבינו געווען אַ בקי און מומחה אין מעדיצין; דאָס "אויפהענגען דעם שטיין אויף דעם זונאַרביט", זאָל מיינען, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק אין דער זון, אינעם גלגל חמה, צי מען איז אין דער נאָענטקייט, צי מען איז ווייט פונעם אָרביט.

הרב ר' אברהם אהרן פּרייס שליט"א לערנט דעם פשט אין דער גמרא לויטן רמב"ם און אַנדערע בעלי-מחשבה, אַז דאָס האָט אַ שייכות מיטן מאמר וועגן די צוויי נירן וועלכע האָבן געדינט ביי אברהם אבינו ווי תּורה-קוואַלן און זענען געווען ווי צוויי מלאכים. די "שני מלאכים" זאָל מיינען די זון אין קאַיאָר, בעת זריחה-טאָג-אויפשיין און שקיעה — זונפאַרגיין, לויטן סדר פונעם זונגאַנג. פונעם זונצירקל קאָן מען אַ סך לערנען: "יום ליום יביע אומר ולילה ללילה יחוה דעת" — אַ טאָג צו אַ טאָג רעדט אַ וואָרט און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן. ניטאָ אַ וואָרט און ניטאָ קיין געשעענישן — דברים — ווו זייער ווידערקול ווערט ניט געהערט [14]. די "שתי כליותיו" זענען לויט הרב פּרייס געווען די קוואַלן פון וועלכע אברהם האָט געלערנט הכּרת הבורא און נישט געדאַרפט אָנקומען צו מלאכים. ס'זאָל הייסן, אַז ר' שמעון בן יוחאי האָט געוואָלט אָנווייזן אויף נשמה-הויכקייט ביי אברהם אבינו, אַז ער האָט געקענט היילן חולי-נפש, גייסטיק קראַנקע וועלכע זענען אַראָפּ פונעם דרך-הישר. מיט זיין תּורה און מיט זיין באַנעמונג האָט ער געקענט באַווירקן מענטשן.

דעם דאָזיקן געדאַנק געפינען מיר אין אַ צאָל אגדות-חז״ל ברמז און מער ווי בלויז אַן אָנווונק [15]. ווי חז״ל שילדערן, האָט דער יצר-הרע נישט געהאַט קיין שליטה איבער די אבות פונעם פאָלק [16]. די פראַגע ווערט געשטעלט, אויב אַזוי, איז דאָך ביי זיי אָפּגעשאַפט געוואָרן בחירה און במילא איז נישטאָ קיין שכר [17].

דער ענטפער איז: ״כיון שראה הקב״ה שהיו דוחקין עצמן כל-כך להתרחק מן העבירה, סיים הקב״ה מכאן ואילך שלא שלט בהם יצר הרע״. די אבות, הייסט עס, האָבן זיך אָנגעשטרענגט זיך צו דערווייטערן פון עבירות, האָט מען זיי פון הימל צוגעהאָלפן — ״בדרך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו״ [18]. די אבות זענען דערמיט געווען אַן אויסנאַם, אפשר דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען די ערשטע צו פאַרשפרייטן אמונה.

דער רמב״ם שילדערט נישט איין מאָל די גרויסקייט פון אברהם אבינו און פון די אבות בכלל. פאַר אונדזער טעזע וועט זיין גענוג צו ציטירן פון ״יד החזקה״: ״...ולבו משוטט ומבין עד שהשיג דרך האמת והבין קו הצדק מהבנותו הנכונה וידע שיש שם אלקי אחד... והיה מהלך וקורא ומקבץ העם מעיר לעיר וממלכה לממלכה... שנאמר ויקרא שם בשם ד׳ אל עולם״ [19]. — און ער האָט דאָרטן גערופן דעם נאָמען פון השם, דעם אייביקן גאָט.

אין ״מורה נבוכים״: ״...אברהם אבינו היה מיישר את בני אדם רק על דרך העיון והשכל כמו שהתבאר אצלנו באמרו ואת הנפש אשר עשו בחרן...״ [20].

אין זיין הקדמה צו פירוש המשנה באַהאַנדלט דער רמב״ם די גרויסקייט פונעם מענטש און ער וואָרנט, דער מענטש זאָל נישט וואַגן צו טראַכטן, אַז ער קאָן דערגיין די הימלישע סודות. ער ברענגט דעם פסוק אין איוב [21]: ״החקר אלקי תמצא? אם עד תכלית שדי תמצא״ — ווילסטו די דערפאַרשונג פון גאָט געפינען? צי דעם ציל פון אַלמעכטיקן געפינען?

נישט בלויז דאָס פאַרשן דעם אַלמעכטיקן איז נישט פאַר דעם מענטשנס השגות, נאָר אַפילו די טעמים פון מצוות זענען העכער פון מענטשלעכער פאַר-שטענדעניש: ״כמו שגבהו דרכיו ית׳ מדרכנו ומחשבותינו כן החוקים והתורות...״

די חוקים, ווי בעלי-מחשבות באַהויפּטן, זענען געצילט צו רייניקן און הייליקן די נשמה, דעם חלק אלקי ממעל און די וועלכע היטן די תורה־געזעצן, געזעצן בין אדם לחברו און געזעצן בין אדם למקום, די ווערן באַטראַכט ווי גאָטס קינדער, ווי רבי עקיבא אין זיין אהבת ישראל דריקט זיך אויס: ״חביבים ישראל שנקראו בנים למקום״ [22] — און וועגן דעם ווייטער.

אין סומירן דעם אָנהייב פון אונדזער פרק, וועלן מיר ברענגען נאָך אַ מאמר פון רמב״ם. ער שרייבט:

״דע שנפש האדם אחת, ויש לה פעולות רבות חלוקות... ואתה יודע שתקן המדות היא רפואת הנפש... וכבר הקדמנו בזה הפרק שדברינו אינם רק בנפש

האדם... כן פועל הרגשת האדם, הוא נפש האדם, ופועל הרגשת החמור היא נפש החמור..."

און ווייטער:

"...צריך לאדם שישעבד כחות נפשו לפי הדעת... וישים לנגד עיניו תמיד תכלית אחת, והוא — השי"ת — כפי יכולת האדם לדעת אותה..."

זיין אויספיר:

"...הנה כבר בארנו שהמחשבה בהשגת ידיעתו, סכלות גמורה. אין לנו אלא שאנחנו נדע שהוא יתברך יודע כמו שנדע שהוא נמצא... תואר ידיעתו והשגתו לכל הדברים דעתינו קצרה להשיגו..." [23].

וואָס מיר דאַרפן וויסן איז צו טאָן מעשים אין גייסט פון גאָטס פאַרלאַנגען און דערמיט הייליקט מען מענטשנס לעבן ווי דער פאַרלאַנג איז: "קדושים תהיו כי קדוש אני" — איר זאָלט זיך האַלטן הייליק און זיין הייליק, וואָרום איך בין הייליק [24] "ואנשי קודש תהיו לי" — און הייליקע מענטשן זאָלט איר מיר זיין...

## ג. גורל פון מענטש. — חומר און רוח. — אידעע אוןווירקלעכקייט. — אוניווערסאַלע מענטש-טראַגעדיע. — פעסימיזם און אָפּטימיזם.

אין "בראשית" לערנען מיר, אַז דער מענטש איז "יציר כפיו של הקב"ה" — ער איז באַשאַפן געוואָרן דירעקט דורכן באַשעפער — און איז געשטעלט געוואָרן אויפן העכסטן פּיעדעסטאַל פון די בעלי־חי. ער איז באַשאַפן געוואָרן "בצלם אלקים", ווי דער רמב"ם טייטשט, מיט געטלעכן שכל. נישט בלויז דער מאַן, אויך די פרוי, ווי אַ טייל פונעם מאַן, איז אַ געטלעכע יצירה: "זכר ונקבה ברא אותם... ויברך אותם אלקים" — אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער אים באַשאַפן, זכר און נקבה האָט ער זיי באַשאַפן און גאָט האָט זיי געבענטשט [1].

דער מענטש הייסט אדם פון לשון אָדער וואָרטשפּיל א ד מ ה, "עפר מן האדמה" מיט "נשמת-חיים" [2] — דאָס וואָרט אדמה איז אויך מרמז אויף נאָך אַ מקור "אדמה לעליון" [3], אַ פאַרגלייך צו העכערדיקייט, צו גייסטיקייט. דער מענטש איז אַ צוזאַמענשטעל פון גופניותדיקייט מיט גייסטיקייט. זינט ער האָט געזינדיקט, נאָכן עובר זיין אויפן ערשטן געבאָט, איז ער, דער ערשטער מענטש, באַשטראָפט געוואָרן; די מענטשהייט איז פאַרדאַרבן געוואָרן, דער חטא-קדמון ליגט אויף אים, און ער דאַרף אָנגיין מיט אַן אומאויפהערלעכן קאַמף צו דערהויבן זיך צו דער צייט, ווען ער איז געווען ר י י ן פ ו ן ז י נ ד. ער דאַרף באַקעמפן דעם "יצר האדם רע" און זיך רייניקן פונעם נחש-זוהמא.

איוב, אין זיין באַשטימען דעם גורל פון מענטש, איז געווען באַהערשט פון אַן עקסטרעם-פעסימיסטישן צוגאַנג, פאַרלוירן די האָפענונג און אַריינגעפאַלן אין אַ טראַגישן יאוש. אין זיין ווייטיק און געפאַלענער שטימונג, האָט ער אויסגעשריען:

„יאבד יום אולד בו והלילה אמר הורה גבר... למה לא מרחם אמות, מבטן יצאתי ואגוע"... אונטערגיין זאָל דער טאָג וואָס איך בין אין אים געבוירן געוואָרן און די נאַכט וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ קינד איז געבוירן געוואָרן... פאַר וואָס בין איך נישט פון טראַכט געשטאָרבן, אַרויס פון לייב און פאַרגאַנגען...[4].

אַזעלכע אויסדרוקן קאָן מען פאַרשטיין: דאָס רעדט אַ מענטש אין צער, ווען ער איז געפאַלן ביי זיך, ווען די ליידן צעמישן אים און, אין גרויס פאַרצווייפלונג, בעט ער אויף זיך דעם טויט... ענלעך צו דעם זאָג: „אל תרצה לאדם בשעת כעסו". ווען אַ מענטש איז אין כעס אויף זיין גורל, דאַרף מען אים מוחל זיין אפילו אומבאַ-רעכטיקטע רייד.

איוב האָט אָבער געמאַכט אַ שריט ווייטער אין זיין פעסימיזם; ער האָט באַשטימט דעם גורל פון מענטש: „אדם ילוד אשה, קצר ימים ושבע רוגז" — דער מענטש, געבוירן פון אַ פרוי, האָט קורצע טעג און זאַט מיט פאַרדראָס...[5] ווי אַ בלום קומט ער אַרויס און ווערט פאַרשניטן און ער אַנטלויפט ווי אַ שאָטן.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע פעסימיסטישע אויסדריקן, גענוג צו דערמאָנען דעם פסוק „הלא צבא לאנוש עלי ארץ וכימי שכיר ימיו"... איז דען נישט באַשטימט דעם מענטשנס דינסטצייט אויף דער ערד און ווי טעג פון אַ געדונגענעם זענען זיינע טעג[6].

אין יהדות איז אַקסיאָמאַטיש פאַרשטאַנען געוואָרן איובס אַרויסטריט, זיין צוגאַנג צו דער טראַגישקייט פון מענטשנס זיין אויף דער וועלט; אין יהדות איז מען אויך געקומען צום באַשלוס נאָך אַ דריי יאָריקער דיסקוסיע, אַז „נוח לו לאדם שלא נברא"... ס'וואָלט בעסער געווען פאַר דעם מענטש, ווען ער ווערט נישט געבוירן[7] — אָבער אַז מען איז שוין געקומען אויף דער וועלט, דאַרף מען זען נישט בלויז דאָס פינצטערניש, נאָר אויך דעם ליכטיקן אָפּשיין. מ'האָט נישט אָנגענומען איובס פעסימיזם. אין קעגנזאַץ צום דאָזיקן פעסימיזם האָט מען געשטעלט אין פאָדערגרונט דעם בטחון און אמונה אין באַשעפער, ווי ס'ווערט באַטאָנט „כי טוב" ביי מעשה-בראשית. מען דאַרף תמיד געבן אַ שבח צום רבון-עלמין, יעדן פרי-מאָרגן דאַרף מען אויסדריקן דאַנקבאַרקייט, אַז מ'האָט צוריקגעקראָגן די נשמה נאָך אַ נאַכט שלאָפן, „מודה אני לפניך — שהחזרת בי נשמתי, בחמלה רבה א מ ו נ ת ך", אַ ברכה וואָס האָט איר מקור אין די ווערטער פונעם נביא, וואָס האָט באַוויינט דעם חורבן, אָבער געזען אַ ליכטיקן פרימאָרגן[8].

ווער איז ער געווען דער איוב? אין וועלכער צייט האָט ער געלעבט?

ווי עס ווערט דערציילט ביים אָנהייב פונעם ספר איוב, איז ער געווען פון לאַנד עוץ, אַ געגנט אין אדום; ער איז געווען אַן איש תם וישר, אַ רעכטפאַרטיקער און „גלייכער" מענטש, געבענטשט מיט קינדער, אַ גוטער פאַמיליע און מיט רייכקייט. צוליבן קיטרוג פונעם שטן, וואָס איז, לויט חז"ל, דער מלאך-המות, איז ער געשטעלט

געוואָרן אין האַרבע נסיונות, די קינדער געשטאָרבן, זיין פאַרמעגן פאַרלוירן און ער אַליין איז געשלאָגן געוואָרן מיט אַ שרעקלעכן "שחין", אַ הויט-קראַנקייט וואָס איז געווען אומדערטרעגלעך, די ווייטיקן — נישט אויסצוהאַלטן; האָט ער, אין פּאַטאַליסטישן יאוש, באַקלאָגט דעם גורל פון מענטש און געהאַט טענות צום באַשעפער.

איוב — שרייבט יחזקאל קויפמאַן — איז געווען אַ צדיק, נ י ש ט ק י י ן י י ד; ער ווערט דערמאָנט אין יחזקאל [9], צוזאַמען מיט נח, דנאל... אַ צדיק, אָבער נישט קיין חכם און דעריבער זאָגט אים זיין חבר, אַז ער רעדט נישט מיט חכמה-וויסן, "לא בדעת ידבר..." [10].

י. קויפמאַן, אין זיין לענגערער אָפּהאַנדלונג וועגן ספר איוב [11], קומט צום אויספיר, אַז איוב, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט פאַרמאָגט חכמה, מענטשלעכע חכמה, עס איז געווען ביי אים, ווי מ׳דריקט זיך אויס "וכל יקר ראתה עינו" און ער רעדט פון חכמה, מיט חכמה [12] — אָבער העכערע חכמה, געטלעך-קאָסמישע חכמה, האָט ער נישט דערגרייכט. דעם "סוד אלקים", האָט דערגרייכט — ביז די מ״ט שערי בינה בלויז איינער — משה רבנו; פון דער העכערער חכמה האָבן דערגרייכט די אבות, די נביאים, יעדער לויט זיין מדרגה, ווי דער רמב״ם טיילט איין די מדרגות אין נבואה.

ביים קאָמענטירן דעם ספר איוב, שרייבט דער רמב״ם [13], אַז איוב ווערט געשילדערט ווי אַ "ירא ד׳", אָבער נישט ווי אַ ח כ ם, ער האָט נישט דערגרייכט צו שלימות החכמה, ווי אונדזערע אבות (אַ חידוש וואָס יחזקאל קויפמאַן האָט נישט אָנגעוויזן ווי אַ מקור פאַר זיין טעזע, וועגן איובן, אַז ער האָט זיך נישט דערהויבן צו דער קאָסמישער חכמה).

מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צום דאָזיקן אינטערעסאַנטן ענין, נישט געקוקט דערויף וואָס מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט דער איוב-טעמאַטיק. וואָס אונדז אינטערעסירט איז, אָנצוווייזן אַז ס׳איז נישט קיין ספק אַז איובס פּאַטאַליסטישער פּעסעמיזם איז אַ רעזולטאַט פון זיין הינטערשטעליקייט, וואָס שייך שלימות החכמה, וואָס דערהייבט דעם מענטש צום שלימות האדם, צו האָבן אַ ברייטערן און אַ ליכטיקערן צוגאַנג צו די מענטשלעכע פּראָבלעמען.

דער פּאַטאַליסטישער פּעסימיזם ביי איובן האָט גורם געווען, ער זאָל אַריבער די מאָס פון שטעלן זיך קעגן דער השגחה, ער זאָל ווערן בונטאַריש, קריטיקירן די שטראָף אויף אים, ווי דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין די אגדות פון די חכמי-התלמוד [14].

איוב באַקלאָגט זיך, אַז זיינע יסורים זענען געקומען אויף אים אומזיסט. ער ו ו י י ס ט, אַז ער האָט נישט געזינדיקט... זיינע חברים, זאָגן אים, אַז דאָס איז א ו מ מ ע ג ל ע ך: גאָט שטראָפט נישט דעם מענטש, אויב ער האָט גאָרנישט

געזינדיקט[15]. אין יהדות — ווי מיר האָבן דערמאָנט — איז באַקאַנט דער זאָג: ״אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא״[16] — נישטאָ קיין צדיק אויף דער וועלט, ער זאָל טאָן בלויז גוטס און קיין מאָל נישט האָבן געזינדיקט.

עמוס חכם, אין זיין אַריינפיר צום ספר איוב[17], ברענגט מאמרי חז״ל[18], אַז ס׳קאָן יאָ אַ מאָל באַקומען טויטשטראָף אָן זינד; און יסורים אויפן מענטש, ווען ער איז נ׳שט באַגאַנגען קיין פאַרברעכנס. דאָס איז אַ באַזונדערע טעזע, צו וועלכער מיר קאָנען זיך דאָ נישט צורירן, שוין אָפּגערעדט פון אַנאַליזירן און אַריינטרעטן אין אַ לענגערער אָפּהאַנדלונג.

וואָס מיר ווילן אָנווייזן איז, אַז עס איז מעגלעך, אַז צוליב איובס טענות זענען זיינע חברים געבליבן שטיל און זיין געשריי האָט אָנגעפילט דעם חלל פון דער וועלט, ווי ער שרייט אויס פון צער און ווייטיק: ״ארץ אל תכסי דמי ואל יהי מקום לזעקתי״ — ערד, זאָלסט ניט צודעקן מיין בלוט און זאָל ניט קיין אָרט זיין פאַר מיין געשריי[19] — אָבער אַלץ נישט קיין באַרעכטיקונג אויף זיין פעסימיזם און צו פאַרלירן די האָפענונג.

די איוב־טראַגעדיע, ווי איבערגעגעבן אין ספר איוב און ווי אויסגעטייטשט ביי חז״ל, איז אַ וועלט־טראַגעדיע, אין געשטאַלט פון אַ יחידס ליידן. ער איז אַ טראַגישער העלד; אין אַן ״אַקטיוון געשטאַלט״[20] און נישט ווייניק איז ער געווען געהעצט און גערייצט פון זיין ווייב, צו פראָטעסטירן קעגן באַשעפער וואָס האָט אים אַזוי געשטראָפט. דאָס ווייב האָט בלויז אין זעקס ווערטער אים באַפעלעריש געזאָגט: ״עודך מחזיק בתמתך; ברך אלקים ומת״ — האַלטסט זיך נאָך אַלץ ביי דיין גאַנצקייט — פרומקייט, ברך — בלשון נקיה (לעסטער), גאָט און שטאַרב[21]. ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז דינה, יעקב אָבינוס טאָכטער, איז געווען די פרוי פון איובן[22]. וואָלט זי גערעדט אַזעלכע שאַרפע ווערטער? ...

איובס טראַגעדיע איז נישט דווקא אַ ייִדישע; ס׳איז אַן אוניווערסאַלע טראַגעדיע — אָבער די פּאָלעמיק, דער יאוש זענען ווייט נישט קיין ייִדישע. יהדות איז באַהערשט פון אמונה, פון אָפּטימיזם[23].

דעריבער שטעלט זיך די פראַגע: ווען איז ספר איוב געשריבן געוואָרן? אין וועלכער צייט האָט איוב געלעבט? ווער האָט געשריבן דעם ספר איוב? ...

אין תלמוד געפינען מיר אַ צאָל מיינונגען וועגן דער צייט פון איובן. ס׳איז אויך דאָ אַ מיינונג, אַז משה רבנו האָט געשריבן דעם ספר איוב[24] און נאָך אַ מיינונג אַז ״איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה״ — אַז איוב איז נישט געווען און איז נישט באַשאַפן געוואָרן, ער איז בלויז געווען אַ משל[25]. דער אבן עזרא זאָגט, אַז דער ספר איז אַן איבערזעצונג ״והקרוב אלי, כי הוא ספר מתורגם״[26].

דער רמב״ם[27] שרייבט מיט זיכערקייט: ״כל זה משל בלא ספק לכל בר דעת״.

נישט קיין ווונדער וואָס חוקרים אין אַלע צייטן האָבן נישט געקענט פעסטשטעלן ווער דער מחבר איז געווען, ווען האָט ער געלעבט.

אין ספר יחזקאל [28], ווערן דערמאָנט דריי נעמען: נח, דנאל (אָן אַ יוד) און איוב, ווילן טייל פאַרשערס ווייזן, אַז ס'האָט יאָ געלעבט אַ מענטש מיטן נאָמען איוב, אָבער צי ער האָט דורכגעמאַכט די טראַגעדיע און געשריבן אַ ספר, איז דערפון נאָך נישט געדרונגען. טייל פאַרשערס באַמיען זיך צו באַווייזן די ענלעכקייט צווישן איובן און קהלת — ביידע זענען באַהערשט פון פעסימיזם; ביידע רעדן וועגן יחידים אא"וו. ס'איז אָבער דאָך אַ גרויסער חילוק; ביי קהלת — מאַטערן מחשבות (קהלת געניסט פון אַלע פאַרגעניגנס), אים מאַטערט דער גורל פון מענטש; ביי איובן — מענטשלעכעליידן, אייגענע ליידן; אַלץ פאַרלוירן און איינגעשלאָסן אייגזאַם אין יסורים. מען זוכט אויך פאַרגלייכונגען צום ספר ירמיהו: איוב שעלט דעם טאָג פון געבוירן ווערן און ירמיהו הנביא זאָגט: "ארור היום אשר יולדתי בו"... פאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג וואָס איך בין אין אים געבוירן געוואָרן... ער זאָל נישט זיין געבענטשט [29] מען זוכט אויך פאַרגלייכונגען מיטן ספר תהלים. ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דאָ אַ גרויסער חילוק. אונדזערע נביאים און שעפערס פון כתובים זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אמונה און בטחון און איוב — באַהערשט פון אַ פאַטאַלן פעסימיזם [30].

געלעבט האָט אַ מענטש אין לאַנד עוץ (אדום אָדער ארם) [31], איוב איז געווען זיין נאָמען. ער איז געווען ערלעך, גאָטפאַרכטיק און אָפּגעקערט פון שלעכטס. ער איז געווען רייך, געהאַט זיבן זין און דריי טעכטער, אַ סך רינדער, שאָף און קעמלען און "דער דאָזיקער מאַן איז געווען גרעסער פון אַלע קינדער פון מזרח..." צוליב דעם שׂטנס מיאוסע געגג, דער שׂטן וואָס זוכט בלויז שלעכטס אויפן מענטש און באַזונדערס אויף די גוטע מענטשן, ברענגט מען אום איובס קינדער, זיין אייגנטום, זיינע שאָף און רינדער.

ווען איוב דערוויסט זיך פונעם גרויסן אומגליק, פאַלט ער אויף דער ערד און זאָגט: "נאַקעט בין איך אַרויס פון מיין מוטערס לייב און נאַקעט וועל איך זיך אומקערן אַהין, גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט גענומען" [32], אָבער ווען דער ווייטיק האָט אים אָנגעגריפן, האָט ער זיך גענומען צו קללות, צו גידופים, צו באַנוצן זיך מיט די שאַרפסטע אויסדרוקן קעגן דער יצירה, קעגן באַשעפער, ער איז געוואָרן באַהערשט פון יאוש, אויפגעגעבן די האָפענונג און זיך געלאָזט אויפן וועג פון פאַטאַליזם — נישטאָ קיין אויסוועג! ער האָט נישט געפרעגט, פאַר וואָס ס'איז מעגלעך "צדיק ורע לו רשע וטוב לו" — דעם צדיק זאָל זיין שלעכט און דעם רשע זאָל זיין גוט [33], נאָר באַשטעטיקט אַקסיאָמאַטיש דעם דאָזיקן פאַקט.

אונדזערע נביאים שטעלן די דאָזיקע שווערע פראַגע, אָבער דערביי מיט אַן אָפּטימיזם פון אַ ליכטיקער צוקונפט, פון "אחרית הימים [34], מיט חסד נעורים [35],

מיט אַן אומקער צום גוטן, צו דער באַנייונג, צום ״חדש ימינו כקדם״ [36]. זיי זענען איבערגעצייגט אַז ״די וועלט איז געבויט אויפֿן יסוד פֿון חסד״ [37].

איוב איז געווען אַ צדיק, אַ רעכטפֿאַרטיקער, גאָטפֿאַרכטיקער, אָבער עפּעס האָט געפֿעלט ביים דאָזיקן ״תם וישר וירא אלקים״. חז״ל, ווי געזאָגט, זוכן אַ פּאַראַלעל צווישן די נביאים, כתובים און דעם ספר איוב — אָבער וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגלייך?

מיר פֿאַרנעמען זיך נישט מיט אַ טעזע וועגן נביאים, וועגן דער תקופה פֿון נביאים, געשיכטע פֿון נביאים און נבואות. דאָס איז אַן אומאויסשעפּלעכע טעמע.

די נביאים, ווי זיי דערשיינען פֿאַר אונדז, האָבן נישט געקוקט אויף זייערע האַרבע שטראָפֿרייד, פֿאַראויסגעזען אַ ליכטיקע צוקונפֿט פֿאַר זייער פֿאָלק און פֿאַר דער מענטשהייט בכלל.

די נביאים — ווי אַ המשך פֿון גדול הנביאים משה רבנו — האָבן דעם ייִד געשטעלט דירעקט צו גאָט, ווי דער פֿאָטער און האַר וואָס האָט השגחה כּללית און פּרטית. יעדן פֿרימאָרגן דאַרף דער ייִד געבן אַ שבח צום באַשעפֿער פֿאַר דעם צוריקגעבן אים זיין נשמה, זיין חיות. נאָכן טיפֿן שלאָף שטייט ער אויף אַ לעבעדיקער.

די נביאים האָבן אָבער ביי יעדער געלעגנהייט גערעדט צו דער מענטשהייט אין טאָטאַל, ווייל באַלד אין באַגין פֿון ייִדישן אויפֿשטייג ווי אַ פֿאָלק, רעדט זיך צו די בני-ישראל, די קינדער פֿון די גרויסע אבות, אָבער דער רצון איז געווען צו דערגרייכן די וועלט: תּורה מסיני איז עטניש, די רייד צום פֿאָלק ביים באַרג סיני; משה רבנו רעדט צום עם-סגולה... אָבער אין ברייטערן זין און פֿאַרנעם, רעדט זיך אוניווערסאַל — צו אַלע פֿעלקער וועלכע גלויבן אין אל אחד!

די אבות פֿון פֿאָלק האָבן באַקעמפֿט געצנדינעריי און נישט בלויז דאָס עצם דינען צו געצן, אידאָלס, צו האָלץ, שטיין, גאָלד און זילבער. זיי האָבן באַקעמפֿט דעם לעבנסוועג פֿון די היידן, זייערע קולטן און מנהגים. זיי האָבן אויך באַקעמפֿט דעם יאוש, דעם פֿאַטאַליזם, דעם פּעסימיזם און אַלע פֿאַרדאַרבענע מעשים וואָס האָבן באַהערשט די מחשבות פֿון דער געצנדינערישער וועלט, און ווי אַ המשך פֿון אָט דעם אָפּטימיזם, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין דער מסורה פֿון דור צו דור, האָבן חז״ל פֿעסטגעשטעלט: ״אפילו חרב חדה מונחת על צוארו של אדם, אל ימנע עצמו מן הרחמים״ [38] — אפילו ווען אַ שאַרפֿע שווערד ליגט אויפֿן האַלדז, זאָל מען אַלץ נישט אויפֿהערן צו בעטן רחמים. אַזאַ איבערצייגטער אָפּטימיזם. און דערביי האָבן חז״ל געוואָרנט נישט צו פֿאַרלאָזן זיך אויף נסים [39]. מ׳דאַרף טאָן מעשים און דורך מעשים קומט די הילף פֿון דער השגחה-עליונה.

די נביאים דריקן זיך אויס ביי יעדער געלעגנהייט, אַז דער רבונו של עולם וויל דער מענטש זאָל לעבן, ווייל אַזוי איז געווען דער ווילן פֿון באַשעפֿער ביים וועלטבאַשאַף. דער נביא זאָגט אין נאָמען פֿון הקדוש-ברוך-הוא: ״חי אני, נאום ד׳

אלקים, אם אחפוץ במות הרשע, כי אם בשוב רשע מדרכו וחיה״ — אַזוי ווי איך לעב, זאָגט דער גאָט דער האַר, אויב איך באַגער דעם טויט פונעם שלעכטן, נייערט אַז דער שלעכטער זאָל זיך אומקערן פון זיין וועג און לעבן [40]. לעבן איז הייליק: ״לא תרצח״ איז אַ שטאַרקער פאַרבאָט אין די צען געבאָטן; אָפּהיטן דאָס לעבן פון אַ מענטשן איז יסודותדיק אין יהדות. אפילו דאָס פאַרמשפּטן אַ רוצח מוז געטאָן ווערן מיט דער מעגלעכסטער פאַרזיכטיקייט, לויט התראה און אויספאָרשונג און נאָך דעם מוז געאורטיילט ווערן ביי אַ מערהייט פונעם אויטאָראַטיוון העכסטן געריכט, וואָס איז באַרעכטיקט צו משפּטן דיני נפשות.

די ייִדישע אמונה, די תורה, איז נאַציאָנאַל: פאָלק און מדינהשאַפט, אָבער וואָס שייך קדושת-החיים, איז דאָס חל אויף יעדן מענטשן. קין איז געשטראָפט געוואָרן צוליב רציחה [41] דער באַשעפער זוכט אויס דעם באַהאַלטענעם מערדער, דעם שופך דם האדם — באדם דמו ישפך [42]. אויב ס׳איז נישטאָ קיין דירעקטע באַווייזן צו באַשטראָפן דעם מערדער ביים בית-דין-של מטה, ווערט ער באַשטראָפט ביים בית-דין של מעלה. דאָס הימלישע געריכט, לויט דער ייִדישער אמונה, וועט אים געפינען און באַשטראָפן מיט דער געהעריקער שטראָף, ווי די שטראָף אויף קיִנען.

עמלק איז באַשטראָפט געוואָרן צו ווערן ליקווידירט, אָפּגעמעקט, ווייל ער איז אָנגעפאַלן אויף די בני-ישראל און געוואָלט זיי אומברענגען, ״ולא ירא אלקים״; דעריבער אַזאַ שטרענגע שטראָף [43].

דער רציחה-פאַרבאָט שליסט איין אויך דעם, וואָס האָט געמאַכט אַ פּ ע ל ע ר זיין מיטמענטש. אויך דאָס גייט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון רציחה [44] און נישט בלויז רציחה; אויב עמעצער קידנעפּט אַ מענטשן, באַרויבט זיין פרייהייט, פאַרקויפט אים פאַר אַ שקלאַף, אויך אַזעלכן קומט די שווערסטע שטראָף [45]. צוליב דעם וואָס די ברידער האָבן פאַרקויפט זייער ברודער יוסף, זענען די שבטים נענש געוואָרן אויף דורות, ווי עס ווערט געזאָגט: ״וגם דמו הנה נדרש״ — און אויך זיין בלוט ווערט געזוכט, געפאָרשט, אויפגעמאָנט [46] און דער עונש האָט גורם געווען די טראַגעדיע פון די ״עשרה הרוגי מלכות״, ווי דאָס ווערט געזאָגט אין פיוט ״אלה אזכרה״: ״... קבלו על עצמכם דין שמים בשביל יוסף שמכרוהו אחיו...״

דעם מענטשנס לעבן איז געשטעלט אויפן יסוד פון צדק, משפט און אויף חסד, רחמים. דער דרך-השם איז, ווי אברהם אבינו האָט געלערנט זיינע קינדער, דער דרך פון צדק ומשפט [47] און ווי משה רבנו זאָגט אַן זיין פאָלק: ״צדק, צדק תרדוף״ — נאָך גערעכטיקייט זאָלסטו דיך יאָגן [48] און ווי דער בעל-התהלים זאָגט אונדז: ״צדק ומשפט מכון כסאו״ — רעכט און גערעכטיקייט איז דאָס געשטעל פון זיין טראָן [49]. דאָס מינערט נישט די פאַרזיכערונג אַז דער בורא-עולם איז אַן ״אל רחום וחנון״ — אַ דערבאַרעמדיקער און לייטזעליקער גאָט [50] און ווי עס ווערט געוואָרנט: ״ושמעתי כי חנון אני״ — און איך וועל זיך צוהערן, וואָרום איך בין לייטזעליק [51] אויב איר

וועט נישט האָבן קיין רחמנות אויף דעם ליידנדיקן, געגרודפטן... דאָס ווערט אויסגעדריקט אין טערמינען פון אוניווערסאַלישקייט: דער רבונו של עולם איז דער האַר פון דער וועלט און ער פירט מיט חסד: "עולם חסד יבנה".

די מצוות זענען געגעבן געוואָרן צום לעבן: "לא נתנו המצוות אלא לחיות בהם, שנאמר אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" [52] — אַז אַ מענטש טוט זיי, איז מקיים די מצוות, לעבט ער דורך זיי — און חז"ל קאָמענטירן "ולא שימות בהם" [53]. די מצוות זענען געגעבן צום לעבן: אַלץ וואָס איז באַשאַפן געוואָרן איז פאַרן מענטש און דערמיט ווערן פאַרשטאַנען די פסוקים, וועלכע זעען אויס איבערפלעכלעך, ווי אַ סתירה. איין פסוק זאָגט: "לד' הארץ ומלואה" — צו גאָט געהערט די ערד און איר פולקייט, די וועלט און איר ווינונג [54] און אַ צווייטער פסוק "והארץ נתן לבני אדם" — די ערד איז געגעבן געוואָרן צו די מענטשן-קינדער [55]. דער ערשטער פסוק רעדט "קודם ברכה" — איידער דער מענטש מאַכט אַ ברכה, גיט אָפּ אַ שבח צום באַשעפער, איז עגאָיסטיש, האַלט זיך אין גרויסן — דאַן זאָגט מען אים, ער זאָל וויסן, אַז עס איז גאָטס וועלט... נאָך דער ברכה געהערט עס שוין צום מענטשנס גענוס, האָט מען איבערגעגעבן די הערשאַפט צום מענטשן, ער האָט דעם שלטון איבער דער בריאה.

דער מענטש דאַרף תּמיד געדענקען, אַז דאָס האָב-און-גוטס וואָס ער האָט דערגרייכט, איז געקומען צו אים ווי אַ מתּנה פונעם באַשעפער. זיין טיש איז דער טיש פאַר גאָט — "זה השלחן אשר לפני ד'" [56]. אויב ער פאַרשטייט דאָס נישט, גזלט ער פון רבונו של עולם: "כל הנהנה מהעולם הזה בלא ברכה, כאלו גוזל להקב"ה" [57].

די תּורה איז אַ ספר פון לעבן. דער רבונו של עולם וויל דעם מענטשנס לעבן: "המאבד עצמו לדעת" — איז אַ שופך דם און ווערט באַשטראָפט אויפן עולם עליון ווי אַזעלכער [58].

די תּורה איז פול מיט לעבן, באַהערשט פון גרענעצלאָזן אָפּטימיזם. די ווייטיקן און ליידן פון מענטש, וואָס רופן אַרויס אַ סאָרט עצבות, פּעסימיסטישע שטימונג, איז ווייט פונעם יהדות-קאָנצעפּט. דער מענטש דאַרף דאָס איבערגעבן צו דער מיסטעריע פון הימלישער השגחה, איגעם זין, וואָס מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, "כי לא יראני האדם..."

מ'האָט אַריינגענומען דעם ספר איוב אין די כּתבי-הקודש און לויט איין מיינונג, "משה כתב ספר איוב" — אַז משה רבנו האָט געשריבן דעם ספר פון טראַגישן איוב [59]. פון איין זייט, ווערט איוב געלויבט, אַז ער איז געווען אַן עובד השם מאהבה, און פון דער אַנדערער זייט ווערט ער געטאַדלט ווי אַ "מחרף ומגדף", ווי אַ לעסטערער און אַז ער איז דעריבער "נטרד" געוואָרן פון עולם הבא. ער האָט געקראָגן זיין שׂכר אויף דעם עולם — אָבער אין די עולמות העליונים איז דאָ אַ

גאַנץ אַנדערער חשבון. לויט דער מיינונג פון חז״ל, וועט ער נישט געניסן פון דעם פאַרגעניגן — גייסטיקן פאַרגעניגן — וואָס איז צוגעגרייט פאַר די חסידי אומות העולם, צוליב זיין אויסדרוק: ״ארץ ניתנה ביד רשע״ [60]. יִידן מאמינים, זענען איבערגעצייגט אַז דער הימלישער משפּט איז דורכגעדרונגען מיט גערעכטיקייט: יִידן זענען מתפּלל צום רבונו של עולם ער זאָל אָנווענדן זיין משפּט, כדי מענטשן זאָלן וויסן, אַז ס׳איז דאָ דין און משפּט, אַז רשעים באַצאָלן טייער פאַר זייער רשעות, ווייל דערמיט ווערט גרויס דער נאָמען פון הקדוש ברוך הוא אויף דער וועלט: ״אימתי שמו של הקב״ה מתגדל בעולמו — בשעה שעושה מידת הדין ברשעים״ [61]. ווען מיר זעען דאָס נישט אין צייט, לאָזט מען עס איבער צו דער מיסטעריע פון דער השגחה.

נאָך אַ זאַך: די אבות און זייערע אָפּשטאַמיקע, פאַרלאַנגענדיק משפּט, האָבן געוואָלט אַ משפּט מיט חסד. אפילו נאָך דער זינד פון עגל, ווען יִידן, נאָך מתּן־תּורה אין דעם מדבר, האָבן געדינט צום גאָלדענעם קאַלב און דער נותן־התּורה האָט געוואָלט געבן אַ שווערן עונש, האָט משה רבנו דערמאָנט זכות, מיטן צוגאָב, אויב כּביכול וועט נישט מוחל זיין, זאָל מען זיין נאָמען אויסמעקן פון דער תּורה. די תּפילות האָבן געפּועלט; דאָס פאָלק איז געבליבן און בלויז די וועלכע האָבן אַגיטירט און געטאַנצט פאַר דעם גאָלדענעם קאַלב האָבן געקראָגן זייער עונש דורך דעם בית-דין של מטה . . . [62].

מיר הערן פון די אבות, פון די נביאים, געוואַגטע טענות, אָבער נישט יאוש. רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער, זיין פאַמיליע-נאָמען ״דערבאַרעמדיקער״, טענהט זיך אויס מיטן רבונו-של-עולם, שטעלט זיך איין פאַר זיין פאָלק וואָס ליידט אַזוי פיל אין גלות — ער ווערט אָבער נישט באַהערשט פון יאוש. אדרבא, אין חסידות טאָר מען נישט אַריינפאַלן אין אַ פּעסימיסטישער שטימונג [63]; אין חסידות ווייסט מען פון ר׳ נחמן בראַסלאַווערס רוף: ״יִידן, זייט זיך נישט מייאש״ . . .

נישט אומזיסט זינגט דער נעים זמירות ישראל: ״השמים מספּרים כבודו״ . . . די הימלען דערציילן וועגן כבוד פון גאָט [64] און ״תורת השם תמימה״ — גאָטס תּורה איז גאַנץ, זי דערקוויקט די נשמה . . . [65]. אויב מ׳הערט אַ בת-קול, איז עס ״מעלבונה של תורה״ [66]; ווייל תּורה גיט האָפענונג, גיט פרייד . . .

ירמיהו הנביא וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם חורבן און געליטן סיי פון זיין אייגן פאָלק, און סיי פון די שׂונאים וועלכע האָבן חרוב געמאַכט ירושלים, ער האָט געפירט די בעסטע קינדער פון הייליקן לאַנד אין גלות, אויפגענומען די קאַשמאַרן אַרום אים מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אָבער מיט אַ מאָראַלישער דערהויבונג, מיט אַ התרוממות-הנפש, מיט דער האָפענונג און בטחון אויף דעם אומקער פון זיין פאָלק צו זיין לאַנד, אויף דער ווידעראויפלעבונג פון ישראל אויף זיין הייליקן באָדן. ער, דער מקונן, גלויבט אין דער צוקונפט, גלויבט, אַז קומען וועלן גליקלעכע טעג פון

סאָציאַל-נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ווי ישעיהו הנביא פאַר אים, האָפט ער אויף דעם אוניווערסאַלן שלום, אויף דעם ליכטיקן טאָג, וואָס וועט אויפשיינען איבער די בערג פון יהודה און באַלייכטן די גאַנצע וועלט.

די נביאים רעדן און פּראָפּאַגירן די אידעע פון אחרית-הימים, פון שלום, רו און ווילזיין נישט בלויז פאַר ייִדן, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, פאַר אַלע פעלקער — און וועגן דעם ווייטער.

**ד. קרוין פון יצירה און דאָך "גולם". — קאָמפּליצירטע יצירה. — אפילו מלאכים ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך אין מענטשנס האַרץ. — וויכּוח פון מלאכים.**

אונדזער געשיכטע איז די געשיכטע פון אַ וועלטפאָלק, אָבער וואָס שייך אמונה און זיין רעליגיעז-נאַציאָנאַלן מהות, איז דאָס ייִדישע פאָלק אַן "עם לבדד", מיט אייגענע אַטריבוטן. נישט געקוקט דערויף וואָס צוויי רעליגיעס זענען דירעקטע אָפּצווייגונגען פון איר, איז די ייִדישע אמונה אין איר אָריגינעלקייט, די אמונה פון ייִדישן פאָלק, ווי אַ פולשטענדיקע איינהייטלעכקייט.

דאָס ייִדישע פאָלק איז פון באַגין אָן, ווי שבטים פון גרויסע אבות, פאַרבונדן רעליגיעז-נאַציאָנאַל מיט ארץ-ישראל; אינערהאַלב די גרענעצן איז פאַרלייגט געוואָרן דער יסוד פון אונדזער אומה, דער יסוד פון דער ייִדישער אמונה, ווי רבנו סעדיה גאון, דער גאון אין פילאָזאָפיע, שפּראַכן, פּייטן, מפרש, פוסק (882—942) פאָרמולירט עס אין זיין ספר "אמונות ודעות": "אין אומתנו אומה אלא בתורתנו" [1].

אין דער ייִדישער אמונה איז דער מענטש דער אויסדערוויילטער אין דער יצירה. ער האָט די בחירה אויסצוקלייבן פאַר זיך דעם וועג אויף וועלכן ער זאָל גיין: "אַלץ איז פון הימל חוץ יראת-שמים" [2]. רש"י טייטשט: "כל הבא על האדם, ביד הקב"ה הוא; כגון ארוך, קצר, עני, עשיר, חכם, שוטה, לבן, שחור — הכל בידי שמים הוא, אבל צדיק ורשע אינו בא על ידי שמים. את זו, מסר בידיו של אדם ונתן לפניו שני דרכים והוא יבחר לו יראת-שמים" [3].

דערפאַר ווייל דער מענטש איז דער העכסטער אין דער יצירה האָט מען אים געגעבן די פרייהייט פון אויסוואַל: דעם מענטשנס אויפגאַבע איז באַשטימט צו גיין העכער און העכער, אין מעלות און אין מדרגות, לויט זיין ווילן, לויט זיין מחשבה. עס איז אַן אַרויסרוף, גובר צו זיין די קליינלעכע תאוות, צו דערגרייכן זיין בראשיתדיקן באַרוף, "ויהי האדם לנפש חיה" [4] — אַ חיה, לויט מאַטעריע, אָבער מיט אַ נפש, מיט געטלעכן גייסט, מיט נשמה. ווען אפילו ער באַווייזט שוין צו דערהויבן זיך צו דער גייסטיקער גרויסקייט, דאַרף ער אַלץ וויסן, אַז ער איז נאָך ווייט פון דעם סאַמע הויכקייט, אַז ער איז נאָך אַלץ נישט אַריין אין דעם פופציקסטן טויער פון די שערי-בינה; ער דאַרף וויסן, אַז ער איז אַלץ נישט כּאלקים, ווי ר'

נחמן בראַסלאַווער (1772—1811) האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט: "וואָס נענטער מ'איז צו גאָט, אַלץ ווייטער איז מען פון אים"... "ווייל וואָס גרעסער דער מענטש, אַלץ מער דערזעט ער די גרויסקייט פון השם-יתברך, ער ווערט איבערגעצייגט אין דעם אמת, אַז די מענטשלעכע כוחות בלייבן אַלץ באַגרענעצט און "ולא ישיגוהו משיגי הגוף".

אויפן פסוק "וישב שלמה על כסא ד'" — און שלמה האָט זיך געזעצט אויף דעם טראָן פון גאָט...[5] פרעגט דער מדרש: "וכי יש לך אדם שיושב על כסאו של הקב"ה? אלא כמו שהקב"ה שולט בכל העולם, כך שלמה שולט בכל העולם"[6]. דער טייטש איז נישט קלאָר. האָט שלמה געוועלטיקט איבער דער גאַנצער וועלט???? נאָך אַלע דערקלערונגען איז אַלץ נישט קלאָר וואָס דער "עולם" איז דאָ געמיינט געוואָרן.

רש"י קאָמענטירט[7]: "כאן נוכל לומר מלך על כסא ד', שהכסא של ד' הוא, להמליך עליו מי שירצה". ד"מ, דער אויסדרוק כסא ד', אַז דער טראָן געהערט צום רבונו-של-עולם און ער באַשטימט, ווער ס'זאָל באַשטייגן דעם טראָן, דער רבונו של עולם האָט אויסגעקליבן שלמהן, ער זאָל ממשיך זיין די מלוכה פון זיין פאָטער דוד.

נאָך זאָגט רש"י: "ובמדרש מפורש, כסא ה' מלא כמו הלבנה בט"ו בחודש, כי מאברהם עד שלמה ט"ו דורות... וזה שכתוב "וכסאו כשמש נגדי" — זיין זאָמען זאָל זיין אויף אייביק, און זיין טראָן, ווי די זון פאַר מיר. אַזוי ווי די לבנה, זאָל ער אייביק באַשטיין...[8] שאינו נחסר לעולם... ומשלמה ואילך נתמעטו המלכים מגדולתם כלבנה המחסרת והולך..."

דער מדרש[9] גיט דאָ אַ צאָל אויסטייטשונגען און פאַרגלייכונגען, רש"יס אויסטייטשונג איז לויט מיין באַשיידענער מיינונג — די אינטערעסאַנטסטע און איז מער איבערצייגנדיק.

דער מענטש איז די קרוין פון דער יצירה און דאָך ווערט ער כאַראַקטעריזירט ביים "נעים זמירות ישראל" ווי אַ גולם, אַן אומפאַרענדיקטע, אומפולקאָמע כלי, "גלמי ראו עיניך ועל ספרך כולם יכתבו, ימים יצרו ולא אחד בהם" — מיין גולמדי-קייט האָבן געזען דיינע אויגן; און אויף דיין בוך ווערן אַלע פאַרשריבן, די טעג אין וועלכע זיי זאָלן באַשאַפן ווערן און נישט בלויז איינער פון זיי[10].

לויט דער מסורה, דאַרף זיין "ולו" — צו אים... און רש"י טייטשט לויט מדרשים: ימים יוצרו, הראהו ימים העתידים להבראות ולחלקו, בורר אחד, את יום השבת. ד"א: "זה יום הכפורים לסליחה".

ווי חז"ל טייטשן, ליגט אין דעם פסוק דער "ספר תולדות אדם", אַז דאָ איז געמיינט געוואָרן די "בחירה אנושית", אַז אַלץ איז פון השם-יתברך, אַז אַלץ איז

ביי אים פון פאָרויס באַשטימט, ״הקב״ה גוזר על הטפה: חכם או טפש; עשיר או עני — אבל צדיק ורשע לא קאמר... אפילו ימים יוצרו, כמה יחיה״... אָבער איינס איז געבליבן צום מענטש און אויף דערויף קומט דער המשך פון פסוק ״ולי מה-יקרו רעיך אל...״ די טייערקייט באַשטייט אין דעם, וואָס ער איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים, צו באַהערשן און קאָנטראָלירן זייגע תאוות. אויף דערויף איז דעם מענטשנס בחירה.

לויטן זוהר, איז עס דעם מענטשנס טובה, וואָס ער איז, נאָך אַלע גרויסקייטן, געבליבן אַ גולם. דעריבער איז דאָ מחילה.

מיר זעען שוין אַ ביסל צו ווייט אַוועק אין אויסטייטשן אַ פסוק אין תהלים און וועגן בחירה, ווען מיר ווייטער ממשיך זיין. דער מענטש אין צלם אלקים [11] באַשאַף, איז אַזוי קאָמפּליצירט באַלד פון זיין קומען, אָדער נאָך איידער ער איז געקומען אויף דער וועלט; און דעריבער האָט דער רבונו-של-עולם צוזאַמענגערופן די מלאכים און זיך באַראָטן מיט זיי: ״נעשה אדם״. ווען די מלאכים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קריטיש, קעגן מענטשבאַשאַף, האָט כביכול באַשטימט צו באַשאַפן דעם מענטש דורך דער מידה פון חסד...

אין אַן אויספירלעכן, אָבער נישט אויסשעפּלעכן, מאמר באַהאַנדלט הרב אברהם העפּטערמאַן ז״ל, די מענטש-טעמע [12], די וווּנדערלעכע אַנטפּלעקונג, וואָס האָט אויף אַ געטלעכן אופן פאַרבונדן דעם יוצר מיטן נוצר, דעם שעפער מיטן באַשאַפע-נעם און אים געגעבן די ווייטערע יצירות: ״משנברא האדם ירד מצלמו של הבורא למעשי ידיו והיוצר הזדווג בנוצר״. דער ״זיו שכינה״, די אייביקע ליכט, איז אַריין איבעם וועזן פונעם ״בן תמותה״, אין דעם מענטשן, וואָס זיין לעבן איז צייטווייליק און פאַרגענגלעך.

די מלאכי השרת האָבן לויטן מדרש [13], געשטעלט די פראַגע: ״הדא עקתא להון מברא״ — די דאָזיקע צרהדיקע בריאה גייסטו באַשאַפן? האָט דער באַשעפער זיי געוויזן די גרויסקייט פון זיין באַשאַף: ״ראו בריה שבראתי וצורה שיצרתי״ [14]. דער רבונו-של-עולם האָט אַרויסגעוויזן צופרידנקייט פון דער ערשטער יצירה. ער האָט אָבער געגעבן דעם מענטשן די בחירה. דער מענטש האָט געבלאָנדזשעט און די ״זוהמא״ האָט אים פאַרכאַפּט.

אויף אַן אַנדער אָרט ווערט געבראַכט, אַז, ווען דער רבונו-של-עולם האָט געזאָגט צו די מלאכים: ״נעשה אדם״ — לאָמיר באַשאַפן אַ מענטשן, האָבן זיי געוואָלט וויסן פאָרויס, ״מה טיבו״, וואָס פאַר אַ באַשעפעניש דאָס וועט זיין. האָט דער רבונו-של-עולם זיי געגעבן אַ שאַרפן ענטפער: ״חכמתו תהיה מרובה משלכם״ [15] — די חכמה פונעם מענטש שטייט העכער פון מלאכים-גייסט, אפשר צוליב דעם געראַנגל וואָס דער מענטש דאַרף דורכמאַכן אין זיין לעבן און צוליב דעם וואָס דער באַשעפער האָט אים באַשאַפן מיטן כוח פון בחירה, ער זאָל אַליין

קענען באַקעמפן אין זיך און אַרום זיך דאָס שלעכטע — אַ ביז גאָר שווערע אויפגאַבע.

די מלאכים — ווערט געבראַכט אין אַ צווייטער אגדה — זענען געטיילט געוואָרן אין כיתות, אין גרופּעס: איין גרופּע האָט געהאַלטן, מ׳זאָל יאָ באַשאַפן דעם מענטש; אַ צווייטע גרופּע — מ׳זאָל אים נישט באַשאַפן. ביידע צדדים האָבן אָנגעגעבן זייערע מאָטיוון פאַר און קעגן... אין דער צייט — ווערט ווייטער געזאָגט — ווען ס׳איז אָנגעגאַנגען די הימלישע דיסקוסיע, האָט דער באַשעפער זיי געלאָזט וויסן: ״כבר נעשה אדם״, דער מענטש איז שוין באַשאַפן געוואָרן [16]. ס׳איז אַ געשעענער פאַקט. די דיסקוסיע וואָס איז געשטאַנען ״ברומו של עולם״ — אין טאָפּלטן באַטייט — איז איינגעשטילט געוואָרן אין די הויכענישן.

פון די אַלע אגדות איז צו זען, אַז דער מענטש איז ליב דעם באַשעפער, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם מאַמר פון רבי עקיבא: ״חביב אדם שנברא בצלם אלקים״ — געליבט איז דער מענטש, וואָרום ער איז באַשאַפן געוואָרן אין דער געשטאַלט פון גאָט [17]. ווי דער אברבנאל טייטשט, האָט רבי עקיבא דערמיט געוואָלט ווייזן, ווי אַ סאָרט אַנטיטעזע צו עקביה בן מהללאלס זאָג: ״דע מאין באת... ולאן אתה הולך״ — ווייס פון וואַנען דו קומסט אַרויס, וווהין דו גייסט... פון אַן עקלדיקן טראָפּן... אין אַן אָרט פון שטויב... [18] רעדנדיק וועגן ״גנות חומר האדם ופחיתות התחלתו וסופו״, האָט רבי עקיבא געוואָלט דערהויבן דעם מענטש: ״שלא יביט לחומר כי עפר הוא ואל עפר ישוב והיה נוטה אל הפחיתיות ואל המעשים המגונים כפי טבעו, אבל יסתכל בענין נפשו ושלמות יצירתו שנברא בצלם אלקים כי בזה ישתדל לפעול פעולות המעלה והשלמות...״

ווי געליבט דער מענטש זאָל נישט זיין — און אפשר ווייל ער איז אַזוי געליבט — האָט מען אים אָנגעזאָגט, ער זאָל נישט זינדיקן, נישט ברענגען קיין שאָדן, נישט פאַרדאַרבן די וועלט, אַז זיין ציל איז ״תיקון-עולם״; ער דאַרף מתקן זיין די וועלט. ער, דער ״גולת הכותרת״, דאַרף תמיד האָבן אין זינען, אַז זיין מיסיע איז צו פאַר-בעסערן די וועלט און אויב ער דאַרף דורכמאַכן אַנטוישונגען, זאָל ער נישט אַריינפאַלן אין עצבות, אין יאוש, ווייל ער ווייסט נישט די געטלעכע וועגן. זיין אויפגאַבע איז — ווי געלערנט אין די ספרי מוסר און חסידות — צו באַקעמפן זיינע קליינלעכע תאוות און שטרעבן צו דערגרייכן ״הרוחני המוחלט״, דעם ענדגילטיקן גייסט, וואָס פאַרזיכערט דעם צדק מוחלט, די אַבסאָלוטע גערעכטיקייט... [19].

הרב ר׳ יוסף דוב הלוי סאָלאָווייטשיק שליט״א, אין זיין פריער דערמאָנטן קלאַסישן ווערק [20], פאַרנעמט זיך אויף זיין שטייגער, תורהדיק-פילאָזאָפיש, וועגן מענטש און שרייבט צוו״א: ״כשהאדם, גולת הכותרת של הבריאה, בא לעולם, תעודתו בידו, תעודת היצירה. חייב הוא לעמוד על משמר החויה הזכה והטהורה להשלים את הפגם שבמעשי בראשית, את ה״חסר״ שבפועל ואת ה״נעדר״ שבישות.

היצור מצווה להשתתף עם היוצר בחידוש מעשי בראשית... לגמור את היצירה כולה ולהפוך את רשות התוהו ובוהו לישות שלימה ויפה...[21].

אַ גרויסע אויפגאַבע פאַר דעם מענטש, ער זאָל דאַרפן און קענען משלים זיין די יצירה פון השם-יתברך אין די ששת ימי בראשית, אָבער, ווי הרב סאָלאָווייטשיק ווייזט אָן, איז עס געווען דער רצון פונעם בורא, ס׳זאָל געגעבן ווערן דעם מענטשן אַ ציל און אַ תכלית אין זיין לעבן. דער בורא-עולם האָט ממעט געווען די יצירה, כּדי איבערצולאָזן פאַר דעם מענטשן, ער זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן די יצירה און זיין נאָענט צום באַשעפער, ווי דער פסוק זאָגט: ״קרוב ד׳ לכל קוראיו״ — גאָט איז נאָענט צו אַלע וואָס רופן אים, צו אַלע וואָס רופן אים מיט אמת[22].

ווי נאָענט דער מענטש איז צום באַשעפער, בלייבט אַלץ אַ דיסטאַנץ — ווייט איבער אונדזערע השגות — ווי עס ווערט געזאָגט ביים גרעסטן מענטשן-נביא, משה רבנו, דער ביי וועמען ס׳ווערט געזאָגט: ״פה אל פה אדבר בו״ און פנים צו פנים[23] און דאָך, ווערט געזאָגט, ביים אַנטפּלעקן צו משה רבנו, דעם עבד ד׳, די י״ג מדות, ״ויאמר לא תוכל לראות את פני, כי לא יראני האדם וחי״ — און ער האָט געזאָגט: קענסט ניט זען מיין פּנים, וואָרום אַ מענטש קען מיך ניט זען און בלייבן לעבן״[24]. דערמיט איז יהדות אידעיִש איינציקאַרטיק אין דער וועלט פון אידעען און אמונות; איינציקאַרטיק מיט דער גייסטיקער און מאָראַלישער איינשטעלונג, און פירט די יידישע אומה צו דעם דערהויבענעם אידעאַל — די נבואה פון ״אחרית הימים״.

קהלת נעגירט דעם ווערט פונעם מענטשן, האַלט דעם מענטשן און דעם גאַנצן באַשאַף, ווי ״הבל הבלים הכל הבל״ — נישטיקייט פון נישטיקייטן...אַלץ איז נישטיקייט. וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענטש פון זיין גאַנצער מי...[25]. ער האַלט אָבער דעם מענטשן אחריותדיק פאַר זיינע מעשים, פאַר די אינדיווידועלע און אַלגעמיינע מעשים, ווייל ווי ער פירט אויס, ״כי זה כל האדם״ — וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש[26]. דער מענטש דאַרף מאַכן שלום בעליונים ובתחתונים, ווי אַ ״סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה״ — אַ לייטער שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט ביזן הימל[27]. און וויסן דאַרף ער, אז ״והארץ נתן לבני אדם״ — די ערד האָט ער געגעבן צו די מענטשן-קינדער[28] און דער הימל איז צום באַשעפער. ער דאַרף אָבער זוכן אַ וועג ווי צו פאַרבינדן הימל מיט ערד, מאַטעריע מיט גייסט און דערמיט דערגרייכן צו שלימות-האדם. דערצו דאַרף מען האָבן אַן אייגענע אתערותא, אַ דערוואַכונג, און האָבן אמונה אין סייעתא דשמיא. דער מענטש איז אויף דעם שטייגער בכּוח צו שאַפן אַ מקדש אין זיך, אין דער קאַצקער אינטער-פּרעטאַציע פון דעם ״ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם — בתוך בני ישראל״ — און זיי זאָלן מיר מאַכן אַ הייליקטום, אַז איך זאָל רוען צווישן זיי[29]; ווען דאָס האַרץ איז פול מיט תורה און אמונה, דאָרט געפינט זיך די שכינה.

כּדאַי צו דערמאָנען די השקפה פון איינעם פון די גדולי האדמו"רים, דער רבי ר' בונים פון פּשיסכע (1765—1827) וועלכער האָט פילאָזאָפיש זיך אויסגעדריקט, אַז דער וואָס לייטערט אויס זיינע מידות, געפינט געטלעכקייט ביי זיך אין האַרץ. ער האָט אָנגעוויזן אויפן פסוק: "ובקשתם משם את השם אלקיך ומצאתם כי תדרשנו בכל לבבך ובכל נפשך" — ווען איר וועט זוכן גאָט פון דאָרטן, וועט איר אויסגעפינען, אַז איר דאַרפט אים זוכן נישט דאָרטן, נאָר אין גאַנצן האַרץ, אין דער גאַנצער נשמה[30]. "תורת אלהיו בלבו" — די תורה פון גאָט איז אין זיין האַרץ[31].

אַ שווערער עסק פאַר דעם מענטשן דאָס צו באַווייזן. ער דאַרף דערויף האָבן גרויס סייעתא דשמיא. ער טאָר אָבער נישט אַריינפאַלן אין אַ יאוש, וואָס גרענעצט זיך מיט פּאַטאַליזם, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט אלישע בן אבויה, וואָס איז געוואָרן "א ח ר" און מיט אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרבלאָנדזשעט און זענען פאַרפאַלן געוואָרן, נאָכן פאַרלאָזן דעם מיסטישן פּרדס פון וויסן, נישט געקענט מצרף זיין דעם עץ-החיים מיטן עץ-הדעת.

די גרויסקייט פון מענטשן איז אין זיין האַרץ, אין זיין נשמה, אין זיין מחשבה. "השמים ושמי השמים לא יכלכלוך" — וואָרום קען אין דער אמתן גאָט וווינען אויף דער ערד, אַז די הימלען און די הימלען פון די הימלען קענען דיך נישט אַריינבענעמען?...[32] אָבער דעם מענטשנס געלייטערט האַרץ קאָן אים, כּביכול, יאָ אַריינבענעמען, ווען ער איז דורכגענומען מיט אמונה און פאַרלירט זיך נישט ווי איוב, דער יחיד-ליידנדיקער, אָדער אלישע בן אבויה, דער צבור-ליידנדיקער.

איוב האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין דער געטלעכער השגחה, אין דער געטלעכער גוטסקייט אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אויסגעדריקט: "ארץ ניתנה ביד רשע"[33], צוליב זיינע פיזישע און גייסטיקע ליידן. מ'האָט אים מוחל געווען. זיין סוף איז געווען אַ פיזיש דערהויבענער: "ויהי אחר דבר ד' את הדברים האלה אל איוב, ויאמר ד' אל אליפז התימני, חרה אפי בך ובשני רעיך כי לא דברתם אלי נכונה כעבדי איוב... וישא ד' את פני איוב... וד' ברך את אחרית איוב מראשיתו" — און עס איז געווען נאָך דעם, ווי גאָט האָט גערעדט די דאָזיקע ווערטער צו איובן, האָט גאָט געזאָגט צו אליפז דעם תימני: מיין צאָרן גרימט אויף דיר און אויף דיינע צוויי גוטע פריינד, איר האָט נישט גערעדט וועגן מיר אַזוי אויפריכטיק, ווי מיין קנעכט איוב... און גאָט האָט געבענטשט איובס לעצטע טעג מער ווי זיין אָנהייב...[34].

אין הימל האָט מען אָנגענומען, אַז איוב האָט געהאַט רעכט צו דעם וואָס ער האָט געזאָגט; די פיזישע ליידן האָבן געווירקט אויף זיין נשמה, אויף זיין מחשבה. אָבער אלישע? — ער האָט גאַרנישט געליטן. ער האָט אָבער זיך פאַרלוירן אינעם "פּרדס" פון וויסן און פאַרלוירן דעם בטחון, ער איז אַרויס לתרבות רעה, געוואָרן אַ כּופר, אַ מורד להכעיס[35] געזונקען מאָראַליש און דעריבער — זיין עונש.

אלישע בן אבויה, ווי ער ווערט געשילדערט, האָט פאַרמאָגט אַ סך תּורה. דעריבער האָט ער געוואָגט אַריינצוטרעטן אינעם "פּרדס". ער האָט געזען אין דער תּורה אַ תּורת־אמת, אַ תּורת־חיים — אַ תּורה פון אַ לעבן אויף די יסודות פון אמת, פון צדק, פון גערעכטיקייט, געזען אין דער תּורה בלויז גוטס...

אין יענעם פּעריאָד פון זיין לעבן האָט ער געלערנט: "דער מענטש וואָס האָט מעשים טובים און האָט געלערנט אַ סך תּורה, צו וואָס איז ער געגליכן? — "למה הוא דומה? לאדם שבונה אבנים תחילה ואחר כך לבנים, אפילו באים מים רבים ועומדין בצדן, אין מחין אותן ממקומן; ואדם שאין בו מעשים טובים ולמד תורה — למה הוא דומה? לאדם שבונה לבנים תחילה ואח"כ אבנים, אפילו באים מים קמעה, מיד הופכין אותו..." ער האָט דעמאָלט געלערנט: "הלומד ילד למה הוא דומה"... [36] — זיין וואָרט האָט מען אַריינגענומען אין די לערעס פון די אבות.

ווען ער איז אַרויס אויף דער וועלט און געזען דאָס לעבן רעאַליסטיש, איז ער געוואָרן מבולבל; ווען ער איז אַריין און אַרויס פונעם "פּרדס" — איז ער אַרויס לתּרבות רעות [37].

מיר וועלן זיך דערלויבן ציטירן, וואָס עס ווערט וועגן אים דערציילט:

"...פעם אחת היה בבקעת גינוסר וראה אדם אחד שעלה לראש הדקל ונטל האם על הבנים וירד בשלום, ובמוצאי שבת ראה אדם אחד שעלה לראש הדקל ונטל הבנים ושילח את האם וירד — והכישו נחש ומת, אמר: נאמר שלח תשלח את האם ואת הבנים תקח לך, למען ייטב לך והארכת ימים" — אַוועקלאָזן זאָלסטו אַוועקלאָזן די מוטער, און די קינדער זאָלסטו נעמען צו דיר; כּדי דיר זאָל גוט זיין, און זאָלסט מאריך-ימים זיין [38] — "היכן טיבו של זה, והיכן אריכות ימיו של זה? ויש אומרים: ראה לשונו של חוצפית המתורגמן נגררת בפי חזיר, אמר: פה שהפיק מרגליות ילחך עפר? יצא וחטא!"

ער האָט פאַרלוירן די אמונה. ער האָט תּמיד געהאַלטן אַז די מצווה פון שילוח הקן איז אַן ענין פון רחמים, רחמנות אויף גאָטס באַשעפענישן, ווי דער פּסוק באַהויפּט: "ורחמיו על כל מעשיו" — גוט איז גאָט צו אַלעמען און זיין רחמנות איז אויף אַלע זיינע ווערק" [39]. און דאָ, אַזאַ אומברחמנותדיקייט צו מענטש וואָס היט די דאָזיקע מצווה און דעם פאַרברעכער — אַ שלומדיק לעבן און אַזוי וועגן חוצפית, וועמען די רוימער האָבן אומגעבראַכט, ווייל ער האָט פאַרשפּרייט תּורה, די אַלטע קשיא: "צדיק ורע לו רשע וטוב לו"... האָט ער זיך פאַרלוירן, פאַרלוירן זיין אמונה, נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און באַגאַנגען ווילדע פאַרברעכנס קעגן דעם באַשעפער, קעגן יהדות [40].

אין יהדות, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז בעת דער בריאה פאַרגעקומען די ווונדערלעכסטע אַנטפּלעקונג, דער יוצר זאָל זיך מזדווג זיין מיטן נוצר: דער מענטש האָט געקראָגן נישט בלויז פּשוט נשמת-חיים, נאָר די העכערע אינטעלעק-

טועלע כּוחות צו פאָרשן און צו וועלן גרייכן צו די העכסטע מעלות פון וויסן און פאַרשטאַנד און דאַך בלייבן אין פאַרהוילנקייט, דער גורל פון מענטשן אינעם בראשית איז געווען ער זאָל נישט זיין כאלקים — דער דיסטאַנץ איז געבליבן.

דעם מענטשנס אויפגאַבע איז, ווי עס ווערט געזאָגט אין כּוזרי, צו באַהערשן זיינע גייסטיקע און קערפּערלעכע כּוחות און דערצויגן ווערן אויף די מידות און תּורה-פּרינציפּן.

ס׳רעדן וועגן דעם די אַלע וועלכע פאַרנעמען זיך מיט די עיקרים פון יהדות, די בעלי-מחשבה און בעלי-מוסר. צו דערמאָנען ר׳ יהודה הלוי (**דתתל״ה—1075 ;** דתת״ק—1140) דער גרעסטער אין דער גאָלדענער שפּאַנישער תּקופה און גרויסער בעל-מחשבה פאַר אַלע צייטן. דער ווילנער גאון (הגר״א זצ״ל, הת״פ—1720 ; תקנ״ח—1797) זאָגט וועגן אים, אַז ער איז געווען אַ קדוש וטהור און אַז די עיקרי-אמונה און תּורת-ישראל געפינען זיך אין ספר הכּוזרי... אַ צווייטער כּוזרי-קענער זאָגט וועגן אים: ״דברי ר׳ יהודה הלוי כולם אמת״.

ר׳ יהודה הלוי האָט געקענט די פ אַ ר אים און א י ן זיין צייט פילאָזאָפיעס. ער האָט אָבער געזען, אַז זייערע פילאָזאָפיעס דערהויבן נישט דעם מענטש. דאָס קען נאָר דערגרייכט ווערן דורך תּורת משה והנביאים, ווי דער רמב״ם זאָגט, אַז דער ״תכלית הידיעה שלא נדע״. די ״שינוי פרצופין״ דאַרפן האַרמאָניזירן מיט אחדות — יחוד הבורא. די דאָזיקע אמונה האַלט אָפּ דעם מענטשן פון ווערן אַ ״מעפיסטאָ״ ; זיי וואַרצלט איין אין אים אהבת-הבריות — און וועגן דעם ווייטער.

## ה. דער מענטש אין גאָטס געשטאַלט. — אתה הבדלת אנוש. — דער חשובסטער אין דער יצירה.

אין דער ״בראשית״-אויפפאַסונג איז דער מענטש דער לעצטער און חשובסטער אין דער יצירה. נישט געקוקט אויף זיינע חיישע אינסטינקטן און נאַטור-אייגנשאַפטן, ווי אַלע בעלי-חי, איז דער מענטש דערהויבן אַ דאַנק זיין אינטעלעקט און אָריענטאַציע. דער דאָזיקער קאָנצעפּט איז אָנערקענט אין דער טעאָלאָגיע און נישט ווייניקער אין דער פילאָזאָפיע, אַנטראָפּאָלאָגיע און ביאָלאָגיע.

דער מענטש באַזיצט ״בחירה חפשית״: ער קאָן זיך אויסקלייבן זיין וועג און ער קאָן אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, לעבן און טויט און, באַלד ביים באַגין, האָט ער דורכגעמאַכט ירידות און עליות און צוליב זיין זינד פאַרטריבן געוואָרן פונעם גן-עדן — די ״חרב המתהפכת״ האָט אים מער נישט אַריינגעלאָזט, אים באַשטראָפט מיט שטערבלעכקייט, אַרויפגעצוווּנגען אויף אים אַ שווער לעבן, אַ געראַנגל פאַר זיין עקזיסטענץ.

טשאַרלס דאַרווין (1809—1882), דער שעפער פון דאַרוויניזם, האָט געשטעלט דעם מענטשן העכער פון אַנדערע בעלי-חי, אָבער ווי אַן אומגלויביקער, געגעבן

אַ גאַר אַנדערן פּראָצעס פון אַנטוויקלונג: דער מענטש זאָל שטאַמען פון דער חיה, נאָר דורך עוואָלוציע זיך דערהויבן, געוואָרן באַהויכט פון שׂכל, אינטעליגענץ און דורך עוואָלוציע פון ענדלאָזער צייט און תּקופות, דערגרייכט צו גייסטיקייט, בלייבנדיק אָבער מיט די חיהשע אינסטינקטן, וואָס ער דאַרף קאָנטראָלירן.

אין דער "בראשית"-אויפפאַסונג איז דער מענטש לכתחילה באַשאַפן געוואָרן "בצלם אלקים", מיט אַ נפש חיה, וואָס נעמט אַריין נשמה און פסיכישן איינשטעל [1]. מיר געפינען אין תּנ"ך אויסדרוקן וועגן דער נישטיקייט פון מענטש לגבי דעם קאָסמאָס. אַזוי אין תּהלים, אַזוי אין איוב און אַזוי אין קהלת. מ'האָט אָבער דעם מענטשן דאָך געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו דערהויבן איבער דעם קאָסמאָס, איבער דעם דומם, איבער דעם צומח און איבער די בעלי-חיים. דער גייסט זיינער קאָן אים דערהויבן צו אָט די הויכקייטן, ווי דער בעל התּהלים דריקט זיך אויס: "ותחסרהו מעט מאלקים" [2] — דו האָסט אים באַשאַפן "עטוואָס וויניקער פון גאָט", אַן אַקסיאָם וואָס איז קיין מאָל נישט אָפּגעפרעגט געוואָרן און וואָס האָט דעם מענטשן געגעבן אַ זינען פאַר זיין לעבן און עקזיסטענץ [3].

דער רמב"ם רעדט וועגן דעם אויספירלעך, אָפּוועגנדיק די גריכישע פילאָ-זאָפיעס וועגן מענטשבאַשאַף און עקזיסטענץ. די גאַנצע יצירה — ווייזט ער אָן — איז סטאַטיש, גייט לויט אַ באַשטימטן גאַנג; דער מענטש דאַקעגן האָט דעם "פרייען ווילן", איז דינאַמיש, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים אויף אַזוי ווייט, מ'זאָל זען אין זיין נשמה די ליכט פון גאָט: "נר ד' נשמת אדם" [4] און דערביי נישט מינערן זיין פרייהייט אויסצוקלייבן און אונטערשיידן לויט זיין ווילן, וואָס ס'איז גוט און וואָס שלעכט.

דער מענטש איז געבענטשט מיטן "רוח אלקים", פאַרמאָגט די געטלעכע ענערגיע, דעם געטלעכן גייסט, ער האָט ספּעציפישע פעיקייטן — דערצו: דיסציפּלינאַרע השגחה איבער זיך צו שטייגן אין פּערפעקציע.

דאָס וואָרט "ר ו ח" האָט אַ טאָפּלטן מיין: אָטעם און גייסט [5]. די בחירה ביים מענטשן באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען אָטעם אין גייסט... דאָס גשמיותדיקע אין רוחניותדיקע, שאַפן די האַרמאָניע צווישן די דואַליסטיש-קעגנגעזעצטע עלעמענטן און פאַרוואַנדלען חשק און תּאווה אין גוטע מעשים.

אין די ווערטער פון אדמו"ר ר' צדוק הכּהן מלובלין זצ"ל:

"... עיקר האדם הוא החשק שבלב... ההתחלה לדברי תורה הוא החשק, כמו שנאמר "בתורת ד' חפצו" [6] און פון לערנען קומט מען צו תּורהדיקע השׂגות: "ובתורתו יהגה" [7] און מען קומט צו דער השׂגה, ווי אַזוי צו קאָנטראָלירן דעם יצר אויף אַ הומאַניסטיש-גייסטיקן אופן [8].

דער מענטש ווערט געבוירן גלייך, רעכטפאַרטיק, אָבער צוליב דער בחירה,

האָט מען דעם מענטשן געגעבן זיין רעכט צו דעצידירן; ער זאָל דאַרפן קעמפן פאַר די געטלעכע און הומאַניסטישע אידעאַלן אויף אַ רעאַלן, קאָנקרעטן אופן, נישט באַהויכט פון דער אויטאָפישער לערע און נישט פון דער מאַטעריאַליסטיש-דיקטאַטאָרישער, נאָר אַליין זיך דערהויבן צו אַ הומאַניזם וואָס איז דורכגעדרונגען מיט געטלעכער חכמה.

אויפן פסוק "אכן כאדם תמותון וכאחד השרים תפולו" — איך וואָלט געזאָגט, געטער זייט איר, זין פון דעם אויבערשטן זייט איר אַלע, אָבער אַזוי ווי מענטש וועט איר שטאַרבן און ווי איינער פון די האַרן וועט פאַלן[9]. קאָמענטירט דער מדרש[10]: "כאדם — כאדם הראשון שצויתי אותו מצוה אחת שיעשה אותה ויהיה חי וקים לעולם, שנאמר[11] הן האדם היה כאחד ממנו... והוא חבל מעשיו ובטל גזרתי ואכל מן האילן, ואמרתי לו כי עפר אתה[12] חבלתם עצמכם כאדם"... איר זייט שולדיק, איר האָט געזינדיקט, איר האָט נישט אויסגעפילט די אחריות, די שולד פאַלט אויף אייך!

דאָס איז וועגן דער אחריות צו גאָט, צום הימלישן געריכט און צו הימלישע באַפעלן. אויף דעם מענטשן ליגט אויך די מענטשלעכע אחריות הן בנוגע דעם יחיד, דעם אינדיוויד, הן בנוגע דעם ציבור, דעם קאָלעקטיוו. ער איז דער יחיד — ער איז אויך אַ טייל פונעם קאָלעקטיוו. אינדיווידועלע אחריות איז — לויטן יהדות — אַ לעבנסנויטיקייט, אַ יסוד אין תורת-משה, אַ פונדאַמענט פאַר דער מענטשהייט, אַ הומאַניזם וואָס הייליקט דעם מענטשנס לעבן, וואָס ברענגט אים צוריק צו דער מדרגה פון דער תחילת הבריאה, צום דעוויז פון "עשה האלקים את האדם ישר" — גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן גלייך...[13]. ער איז באַשאַפן געוואָרן "ל מ ע נ ו" ווי דער פסוק זאָגט: "כל פעל ד׳ למענו" — אַלץ האָט געמאַכט באַשאַפן פאַר זיין צוועק...[14]. אַזוי האָט דער באַשעפער געוואָלט, "כך גזרה חכמתו" — אַזוי האָט זיין חכמה באַשלאָסן און דער מענטשלעכער שׂכל איז נישט בכוח צו באַנעמען גאָטס שאַפונג, סיבה און גורם. ער קען אָבער יאָ באַנעמען זיינע פליכטן און פונקציעס, ווי געלערנט ביי די אבות פון די בני-ישראל, ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין תורת-משה און ביי די נביאים. די פליכטן וואָס האָבן געגעבן דעם ייִד דעם צויבער און דעם כּוח צו בלייבן פעלדזנפעסט צוגעבונדן צו תורה און לאַנד, צו לעבן מיט דער אמונה פון די נביאישע וויזיעס פון אחרית-הימים.

דער בעל-התהלים זאָגט: "מה אנוש כי תזכרנו" — וואָס איז דער מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען, — אָבער באַלד קומט ער צום אויספיר: "תמשילהו במעשי ידיך" — דו האָסט אים געמאַכט שיר נישט מינער פון גאָט, מיט כּבוד און שיינקייט אים באַקרוינט[15].

אין די תפילות פון די ימים-נוראים האָבן מיר אַזעלכע פעסימיסטישע אויסדרוקן, ווי "אדם להבל דמה, ימיו כצל עובר" — און "מה אנוש ותדעהו ובן אדם ותחשבהו"

— גאָט, וואָס איז דער מענטש, אַז דו זאָלסט זיך קימערן וועגן אים און אַ מענטשנ-קינד אַז דו זאָלסט אַכטן אויף אים . . . [16].

דער סוף-דבר, איז, ווי קהלת פירט אויס, און ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן: "הכל נשמע — את האלקים ירא ואת מצותיו" — דער סוף פון דער זאַך, נאָך דעם ווי אַלץ איז געהערט, איז: האָב מורא פאַר גאָט און היט זיין געבאָט, וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש [17]. דער רמב"ם זעט אין דעם תכלית פון מענטשבאַשאַף, וואָס איז איינגעהילט אין מיסטעריע און ס'קען נישט געגעבן ווערן קיין ראַציאָנאַלער ענטפער:

"... שלא נאמין בנמצאות כולם שהם מפני האדם ולא תטעה בנפשך ותחשוב שהגלגלים והמלאכים נבראו בעבורנו"... זאָל דער מענטש זיך נישט נאַרן און מיינען אַז אַלץ איז צוליב אים באַשאַפן געוואָרן; זאָל ער נישט פרווון פאַרגלייכן זיין באַגרענעצטן שׂכל מיט די שׂכלדיקע באַוועגונגען פון די ספערן, פּלאַנעטן... וועט פאַר אים קלאָר ווערן דער אמת . . . [18] דער מענטש איז, נאָך אַלע גרויסקייטן, געבליבן מענטש מיט דער באַגרענעצקייט פון מענטשלעכע השׂגות. דער רמב"ם זעט אין דער מאָראַלישער אויפפירונג — אַ ציל פאַר דער בריאה פון מענטש.

ווי מפרשים טייטשן אויס די דאָזיקע פסוקים, רעדט זיך דאָ וועגן "אדם הראשון", וועגן דעם ערשטן מענטש, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט אַלע קרוינען, אָבער אַרומגערינגלט פון איין געבאָט — און האָט דעם איינעם געבאָט געבראָכן און געבראַכט אויף זיך און אויף אַלע דורות די שווערסטע שטראָף: ער איז פאַרטריבן געוואָרן פון גן-עדן און מוז אַרבעטן שווער מיט מי און שווייס פאַר זיין חיונה. די דאָזיקע שטראָף איז אַן אייביקע: דער מענטש דאַרף זוכן דעם וועג צום גן-עדן, שאַפן אַ גן-עדן אויף דעם עולם-התחתון, כדי צו דערגרייכן דעם טויער פון גן-עדן העליון.

ווי מקובלים, און די וועלכע האָבן געגרייכט צו דערקענען די רמזים פון דער תורה, דערקלערן, לויט זייער אַנטפּלעקונג, האָט די זינד פון די ערשטע טאַטע-מאַמע גורם געווען צו דער קין-זינד, אַ ברודער זאָל הרגענען זיין לייבלעכן ברודער! מענטשהייט זאָל באַהערשט ווערן פון קללה; דער באַשעפער זאָל זען, אַז ס'איז "רבה רעת האדם" — ס'קומט אַ מבול, נאָך דעם באַניי פון וועלט און ס'באַווייזט זיך אַ דור-הפלגה — און אַזוי ווייטער. די ירידה פון מענטש!

די שולד בלייבט אויף דעם מענטשן, וואָס האָט געקראָגן די פּריווילעגיע צו באַזיצן דעם "צלם-אלקים" צוזאַמען מיט דער "בחירה חפשית" און ער האָט זיך פאַרלוירן, ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. ביי אדם הראשון איז עס געווען חוה. די מוטער פון אַלע לעבעדיקע האָט אים פאַרפירט. ער איז געבליבן מיט אַ פּגימה. די פון-אים-אָפּשטאַמיקע זענען זינט דאַן געבליבן אומפּערפעקט — אָבער מיטן ציל צו זוכן פּערפעקציע, אויסצובעסערן זייערע מעשׂים, צו קענען מאַכן דעם חשבון מיט זיך

און מיטן באַשעפער, צו זיין באַרעכטיקט צו פרעגן: ״השופט כל הארץ לא יעשה משפט״ — צי זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט נישט טאָן גערעכטיקייט? דער אומשולדיקער זאָל זיין ווי דער שולדיקער? חלילה אַזוי צו טאָן [20] אַזאַ פראַגע האָט געקענט שטעלן אברהם אבינו, דער גרויסער מאמין, דער אומבאַגרענעצטער ליבהאָבער פון מענטשן. אַזאַ פראַגע האָבן געקענט שטעלן די נביאים: ״מדוע דרך רשעים צלחה״ — גערעכט ועסטו בלייבן, גאָט... אָבער גערעכטיקייט וויל איך רעדן צו דיר: פאַר וואָס איז דער וועג פון רשעים מצליח? פאַר וואָס לעבן רויק אַלע פעלשער? [21] אזא פראַגע האָט געמעגט שטעלן דער גרויסער מליץ-יושר אויף יידן ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער און נאָך אַזעלכע, ווי די אבות פון פאָלק, די גרויסע מאָראַליסטן, די הייליקע פערזענלעכקייטן אין יעדן דור.

די דאָזיקע מענטשן האָבן געהערט דעם זיפץ פונעם ליידנדיקן, דאָס געוויין פון דעם נאָענטן און פון דעם וויטן. זיי האָבן זיך באַמיט צו וועקן דעם מענטש, ער זאָל פאַרלאַנגען, דער באַשעפער זאָל אים העלפן מיט אַ הרהור-תשובה, זאָל אים וויזן דעם וועג, ווי אַזוי זיך אומקערן צו גאָט, אַרויספירן אויפן וועג פון געטלעכן יושר, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די ימים נוראים-תפילות, באַזונדערס ראש-השנה, דער טאָג פון ״הרת עולם״ — די אוניווערסאַלע תפילה פאַר אַלע מענטשן, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, צו קומען אויף דער הויך פון ״טוב״ און ״טוב מאוד״, וואָס ווערט אין מדרש געטייטשט: ״טוב איז מלכות-שמים״ — טוב מאוד איז מלכות-אדם, וואָס מיינט: דער מענטש זאָל האָבן איבער זיך אַ מלכות-שמימדיקן קאָנטראָל [22]

די גרויסקייט פון מענטש, ווי דאָס ווערט אַנגעוויזן אויף די טעג ווען דער מענטש איז צום ערשט דערשינען איז דיבור — ״רוח ממללא״, קומען אָבער חז״ל און זאָגן: ״סיג לחכמה שתיקה״ — אַ צאָם פאַר חכמה איז שווייגן [23] און פריער לערנען אונדז די אבות: ״ולא מצאתי לגוף טוב משתיקה ולא המדרש עיקר אלא המעשה וכל המרבה דברים מביא חטא״ — איך האָב נישט געפונען קיין בעסערס צום קערפּער ווי שווייגן; דער דרש איז נישט דער עיקר, נאָר די מעשים און ווער ס׳רעדט אַ סך, ברענגט זינד...[24].

דער מקור פאַר אָט דעם זאָג איז פון משלי [25]: ״ברוב דברים לא יחדל פשע וחושך שפתיו משכיל״ — ביי פיל ווערטער קען נישט אויסגעמיטן ווערן זינד און דער וואָס קאַרגט זיינע ליפּן איז אַ קלוגער. אַוודאי קען דאָס געזאָגט ווערן דעם וואָס מיינט, אַז ער ווייסט די סודות פון דער תורה און אַז ער האָט רעכט זיי צו אַנטפּלעקן.

בלויז געציילטע ווייסן סודות-התורה, סודות-הבריאה, און זיי זענען געצוימט און באַגרענעצט אין דיבור: ״יודע היה בצלאל לצרף אותיות שבהם נבראו שמים וארץ״ [26]. די חכמת הצירוף, ווי די מעשה מרכבה, איז פאַרהוילן פון אונדז און בלויז

געציילטע האָבן דערגרייכט צו די רמזים פון אַט די צירופים, וואָס האָבן צו טאָן מיט רוח הקודש און דאָס וואָס זיי ווייסן, מוזן זיי האַלטן בסוד, ווייל ״סיג לחכמה שתיקה״...

מ׳פרעגט נישט, וואָס פריער — וואָס שפּעטער; מ׳פאַרגעמט זיך נישט אין די ענינים פון מעשה מרכבה, ווענן דער הימלישער פירערשאַפט, ווייל דאָס איז פאַרהוילן פון מענטשן. מיט אַלע אַנטדעקונגען אין דער פיזיק-וויסנשאַפט, איז אַלץ געבליבן אין פאַרהוילונג, ווי איוב דריקט זיך אויס: ״עס איז דער גייסט אין מענטש און אָטעם פון אַלמעכטיקן וואָס גיט זיי, די דאָזיקע מענטשן, פאַרשטאַנד און נאָך דעם בלייבט אַלץ געהילט און געהיט אין סוד, אַזוי די בריאה און אַזוי וועגן אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין דער בריאה״.

אין ייִדנטום איז דעריבער אָנגענומען געוואָרן: ״אין דורשין מה לפנים — מה לאחור״ און ״אין דורשין במעשה מרכבה״ — דאָס בלייבט אין דער מיסטעריע [27].

דער מענטש האָט גייסט; ער איז באַשאַפן געוואָרן אינעם געטלעכן צלם, מיט געטלעכן שׂכל, ווי עס ווערט געזאָגט: ״אכן רוח היא באנוש ונשמת שדי תבינם״ [28] — אָבער עס איז דער גייסט אין מענטשן און דער אָטעם פון אַלמעכטיקן, וואָס מאַכט זיי פאַרשטאַנדיק״. און דער דאָזיקער גייסט איז מחייב. וואָס איז ער מחייב? — ער איז מחייב אַ מאָראַליש לעבן; ער איז מחייב צו פּראַקטיצירן די עטישע לערעס. ווען ער דערפילט די דאָזיקע לערעס, ווערט ער אָנגערופן חסיד [29].

דערמיט קען מען פאַרשטיין די עיקרים פון יהדות, די אמונה אין יחוד-השם, ווי דאָס ווערט דעפינירט און קריסטאַליזירט אַזוי קלאָר ביי די חז״ל און ביי די גדולי-המחשבה. עס איז דאָ השגחה פּרטית און דאָך איז געזיכערט בחירה חפשית. דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן איינציק, כדי ס׳זאָל נישט זיין קיין דיסקרימינאַציע פון קלאַסן, ראַסן, קאָלירן — ס׳זאָל זיין אַ פאַראייניקטע געזעלשאַפט — ווי מיר וועלן דאָס ווייטער קלאָרער און ברייטער באַהאַנדלען.

דער תורה-אידעאַל וועגן מענטש, ווי מיר זעען אין דער ״בראשית״תקופה, איז געווען, ער זאָל זיין העכער לויט דעת און שׂכל פון אַלץ-באַשאַפענע, ווייל ער טראָגט אויף זיך און איבער זיך דעם צלם-אלקים, ער איז געבענטשט מיטן געטלעכן שׂכל און ער פאַרמאָגט דעם קרעאַטיוון דראַנג.

דער רבונו-של-עולם האָט ליב דעם מענטשן אויף אַזוי ווייט צו ווערן אַ שדכן און מזווג זיין זיווגים און די שכינה רוט דאָרט ווו עס איז דאָ שלום. דער ״יציר לכל נוצר״ פאַרנעמט אַזאַ אָרט אינעם יחוד, אַז ביים געבורט פון אַ נפש איז דאָ שותפות צווישן הקב״ה מיט פאָטער און מוטער [30]. דער רצון השם איז געווען ביים בראשית-פּראָצעס, ס׳זאָלן הערשן אהבה-באַציִונגען און דער דאָזיקער אהבה-פּראָצעס זאָל גרייכן איבער די הויזלעכע גרענעצן, זאָל גרייכן ווי אַן אימפּעראַטיווער געבאָט די אהבה בין אדם לחברו, ווי דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין דער מצוה

״ואהבת לרעך כמוך״ [31]. די אהבה זאָל אַריינדרינגען אין מענטשנס נשמה, אין מענטשנס גייסט.

דער מענטש איז דאָס העכסטע אין דער יצירה: ער איז באַשאַפן געוואָרן אין געשטאַלט פון באַשעפער און דעריבער: ווער עס ראַטעוועט אַ מענטש, איז גלייך ווי ער וואָלט געראַטעוועט און אויפגעהאַלטן אַ וועלט און פאַרקערט, איז ווי ער וואָלט געמאַכט פאַרלירן אַ וועלט. ער איז דער ״גולת הכותרת״ און ווייל ער איז אַזוי דערהויבן געוואָרן, דאַרף ער זיך זען, ווי קליין ער איז אין דער קאָסמישער יצירה, ווי הלל האָט עס אַזוי קלאַסיש אַרויסגעבראַכט אין דריי ווערטער: ״השפלתי היא הגבהתי״ — מיין דערנידערונג איז מיין דערהויבונג [32]. דער עליט אין באַשאַף זעט זיין דערנידערונג; וואָס העכער דער מענטש, אַלץ מער עניוותדיק איז ער. ער דאַרף תּמיד שטרעבן, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, צו גרייכן העכער און העכער אויף דער לייטער פון עליה — אַ לייטער וואָס גרייכט ביז די אבות.

דער מענטש דאַרף זאָגן: ״מתי יגיעו מעשי למעשי אבותי [33], קאָמענטירט דערויף אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן מעשי אברהם יצחק ויעקב [34].

די תּורה זעט אינעם מענטשן געטלעכקייט. הומאַניזם מיינט הייליקייט פון מענטשנס לעבן; ווען איז דאָס לעבן הייליק? ווען מען פירט זיך אויף לויטן קאָדעקס, ווען ס׳ווערן אימפּלעמענטירט די טעאָרעטישע הומאַניסטישע געזעצן דורך קאָנקרעטע מעשים. בלויז טעאָריעס זענען נישט גענוג אויף צו הייליקן דעם מענטשנס לעבן. דער מענטש קען זיך דערהויבן עטיש און מאָראַליש ווען ער איז דיסציפּלינירט גייסטיק. אַז נישט, ווערט זיין לעבן דעגראַדירט, ווערט ער אַן ערדיש באַשעפעניש און בלייבט ערדיש ״עפר אתה ואל עפר תשוב״ — שטויב ביסטו און צו שטויב וועסטו זיך אומקערן...

דאָס איז דער ניכטערער חשבון-הנפש פון קהלת, קומענדיק צום סך-הכּל פונעם ״סוף דבר״ [35]. וועלט און מענטש איז איינס. גאָט, וואָס האָט באַשאַפן וועלט, האָט באַשאַפן מענטש — ער איז דער לעצטער און העכסטער אין דער בריאה, ווייל ער איז דער וואָס קען באַוועגן מיט דער בריאה. זיין אויפגאַבע איז צו אַנטוויקלען און פאַרפולקאָמען דאָס באַשאַפענע מאַטעריאַל, ווי חז״ל טייטשן ״אשר ברא אלקים לעשות [33] — דער מענטש דאַרף זיין קרעאַטיוו אויף אַלע געביטן און מיט זיין שעפערישקייט ווערט ער אַ שותף צו מעשי-בראשית — זיין דערהויבונג ווערט דערמעגלעכט דורך תּורה, ווי דער זוהר [37] דריקט זיך אויס: ״בר נש לא נגמר לאתקרי אדם אלא כד עסיק באורייתא״. אָן תּורה איז ער ״גולם״, אַ נישט-פאַר-ענדיקטער.

ווי אַזוי דערגרייכט מען אהבת-השם? ווען מען באַגרייפט די אייגענע קליינלעכקייט אין אַנבליק פון מעכטיקן קאָסמאָס. און דאָך האָט מען איבערגעגעבן

דעם שׂכל צו פירן און קאָנטראָלירן דעם קאָסמאָס, ווי דער רמב״ם באַטאָנט עס אין ״יסודי-התורה״ [38]: ״והאיך היא הדרך לאהבתו וליראתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו וברואיו הנפלאים... וכשמחשב בדברים האלו עצמן מיד הוא נרתע ויפחד שהוא בריאה קטנה...״ ווען דער מענטש ווייסט און באַגרייפט זיין קליינקייט, וועט ער אָנהייבן זען גאָטס גרויסקייט; ער וועט אָנהייבן באַגרייפן גאָטס ווונדערלעכן באַשאַף. ער וועט באַגרייפן און אָנערקענען אַז גאָט האָט אים איבערגעגעבן דעם שליסל צו עפענען די טויערן פון וויסן און פאַרשטענדעניש, אַז ״אנכי ד׳ אלקיך״ [39], דער יסוד פון יהדות, דער יסוד פון דער ייִדישער אמונה — די אמונה פון השגחה-עליונה און הנהגה-עליונה.

די דאָזיקע אמונה איז נישט, ווי זי ווערט ביי וויסנשאַפטלערס און פילאָזאָפן דעפינירט מיטן וואָרט טעאָקראַטיע, — אַ וואָרט, וואָס שטאַמט פון די צוויי גריכישע ווערטער: טעאָס (גאָט) און קראַטאָס (מאַכט) — דאָס איז אַ געצנדינערישע דעפיניציע.

אין יהדות איז עס די מאַכט פון חסד ורחמים; דער טעאָ — איז אחדות הבורא ווי חז״ל זעען דאָס אינעם צלם-אלקים וואָס איז איבער דעם מענטשן. דער אינטעלעקטועלער כּוח ביים מענטשן וואָס קען אים דערהויבן צו דעם סאָרט אימאַנענט-געטלעכקייט; ״שינוי פרצופים ואחדות הבורא״ [40].

מ׳האָט דעם מענטשן געגעבן פולשטענדיקע בחירה — ס׳בלייבט ביי אים צו באַשליסן און אויסקלייבן צווישן גוטס און בייז ״פעולות אדם כולן מסורות לו״ און ״כל אדם ראוי להיות צדיק כמשה״ [41].

דער גרויסער אויסטייטשער פון מצוות התורה און אמונה הישראלית, דער רמב״ם, דער ״גאון פון חכמה און וויסן״, געניאַלער מעדיקער, פּוסק און פילאָזאָף, דערצו גייסטיקער מנהיג, אָנערקענט ביים ייִדנטום ווי די העכסטע אויטאָריטעט וואָס שייך הלכה און רעליגיעזן געדאַנק, אויף וועמען מ׳האָט געשריבן: ״ממשה ועד משה לא קם כמשה״, אַז פון משה רבנו אָן, איז נישט אויפגעשטאַנען אַזעלכער ווי משה, ער האָט באַגרינדעט מחשבת היהדות אויף אַ ראַציאָנאַלן שׂכלדיקן גלויבן און באַאיינפלוסט בעלי-מחשבה ייִדן און נישט-ייִדן.

דעם רמב״מס מאָנומענטאַלע ווערק ״יד החזקה״ — ״משנה תורה״, זענען פון קלאַסאַלן פאַרנעם און אויטאָריטאַרישן ווערט פאַר דער ייִדישער געזעצגעבונג. אין דעם ווערק זענען פאַרפיקסירט געוואָרן אַלע דינים, אויפן יסוד פון תּורה שבכתב און תּורה שבעל פּה. אין צוגאָב צו דעם ווערק, האָבן מיר פון רמב״ם, דעם ספר-המצוות, פּירוש-המשניות, אגרות און תּשובות און נאָך אַ צאָל גרויסע ווערק.

אין זיין ״מורה נבוכים״ — דאָס קלאַסישע פילאָזאָפישע ווערק — ווי אין זיין ספר ״שמונה פרקים״ לערנט דער גאונישער רמב״ם, ווי אַזוי אַ מענטש זאָל זיך קענען דערהויבן און זיין באַרעכטיקט צום נאָמען מענטש. ער וואַרפט אָפּ קאַטע-

גאַריש" און מיט די שאַרפסטע ווערטער — יעדן פּרווו צו געבן דעם באַשעפער קערפּערלעכע אייגנשאַפטן. ער שטעלט פעסט און דאָס איז אַנגענומען געוואָרן אין די י"ג עיקרים, "שהבורא אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף..."

דער ראב"ד, דער גרויסער רב פון פּראָוואַנס (ד"א תת"פ—1120 ; תתקנ"ט—1198) איז מחולק אויף זיין איבערצייגונג און ער שרייבט אין זיינע "השגות": "גדולים וטובים הלכו בזו המחשבה", גרעסערע און בעסערע זענען געווען באַהערשט פונעם געדאַנק און השגות גופניותדיקייט... די וועלט, אַנערקענענדיק דעם רמב"ם ווי אַ ראַציאָנאַלן דענקער, האָט אַנגענומען דעם רמב"מס פאָרמולירונג וועגן דער ייִדישער אמונה. דאָס איז אמונה געבויט אויף שׂכל, לאָגיק. אַזוי די הלכה-אויטאָריטעטן און אַזוי די מחשבה־אויטאָריטעטן, האָבן זיך געהאַלטן ביים רמב"מס הוראות און טעאָריעס.

דער אַנערקענטער פּוסק ביים אַשכּנזישן ייִדנטום, דער קראָקעווער-לובלינער ר' משה איסרלס (רמ"א, הר"פ—1520 ; של"ב—1572) האָט חוץ זיינע הלכה-ווערק, זיך פאַרנומען מיט מחשבה און פילאָזאָפיע, לויטן גאַנג פון דעם פריערדיקן משה, מיט באַגרינדן פילאָזאָפיש־טעאָלאָגיש די אחדות הבורא און די האַרמאָנישקייט פון דער בריאה. דער רמ"א באַנוצט זיך מיט אַלע חכמות דורך וועלכע ער באַזירט זיין רעליגיעז-מעטאַפיזישע שיטה. בדרך התורה פאָלגט ער נאָך דעם רמב"מס הנחות און איז איבערגעצייגט, אַז דורך חכמה קאָן מען דערגרייכן די סודות הבריאה, סודות טעמי התורה, אַז חכמה איז די לייטער אויף וועלכער מען שטייגט צו חכמת התורה [42].

משה רבנו — זאָגט ער — האָט דערגרייכט דאָס העכסטע אין חכמת אלקית. ביי אים ווערט געזאָגט: "בכל ביתי נאמן הוא" — אין מיין גאַנצן הויז איז ער באַגלויבט [43] און אַז ער האָט דאָס דערגרייכט דורך דער העכסטער חכמה, וואָס איז ווען נישט איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן.

דער רמ"א פאָלגט נאָך דעם רמב"ם אין זיין באַהויפּטונג, אַז אַלע חכמות קען מען געפינען אין דער משנה, אין דער גמרא, און דורך חכמת-התורה קאָן דער ייִד דערגרייכן אַ סך העכער אין חכמה, ווי דער נישט־ייִד, וואָס האָט נישט געלערנט קיין תורה שבעל פה.

נאָך מער: דער רמ"א, ווי דער רמב"ם, האַלט, אַז אין אויסטייטשן דברי חז"ל דאַרף מען אין זינען האָבן, צו דערנענטערן אי די הלכה־ענינים, אי די אגדה־ענינים דורך דער לאָגיק און דעם ראַציאָנאַלן געדאַנק.

דער מהרש"ל, (ר' שלמה לוריא, 1510—1573) ווי באַקאַנט, האָט-נישט געקוקט וואָס ער איז געווען זיין נאָענטסטער חבר — שאַרף רעאַגירט אויף דער דאָזיקער איינשטעלונג. ער האָט זיך שאַרף אויסגעדריקט קעגן דעם וואָס דער רמ"א פאָלגט נאָך דעם רמב"ם און נאָך מער: וואָס ער דערמאָנט גריכישע פילאָזאָפן: "...והתורה

חוגרת שק מקוננת... ולחכמת אריסטו הערל אליו היית פונה בכל פינות... אוי לי שעיני ראו נוסף למה שאזני שמעו... רחמנא לצלן מהעון הגדול... יש לי יד בחכמתם כמותך אלא שארחיק מהם נדוד... .[44]

דער רמ״א איז גערירט געוואָרן פון דער שאַרפער קריטיק פון זיין אַזוי פאַרערטן ידיד און ער פאַרענטפערט זיך, אַז די פילאָזאָפיע איז נישט ביי אים קיין עיקר־לימוד וואָס זאָל אָפּרייסן פון לימוד־תורה חס־ושלום. ער דערקלערט אים אויך, אַז ער האָט נישט געלערנט די גריכישע פילאָזאָפיע פונעם אָריגינאַל, נאָר גאָר פון די חכמי־ישראל, איבערהויפּט פון די ספרי־הרמב״ם.

דער רמ״א שטעלט אָבער פעסט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין איסור צו לערנען פילאָזאָפיע, אויב ס׳איז נישטאָ די מורא, אַז דאָס קען פירן צו כפירה. ער ברענגט אַ צאָל מיינונגען פון גדולי־חכמי־ישראל, וועלכע האָבן געלערנט פילאָזאָפיע. ער איז באַגייסטערט פון רמב״ם און שטיצט זיך אויף אים, אַנווייזנדיק אַז אין זיין ״המורה״ באַנוצט ער זיך מיט געוויסע טעאָריעס פון אַריסטאָטל און אַנדערע גריכישע פילאָזאָפן. כדי צו פאַרשטיין די תורה, האָבן אַ צאָל בעלי מחשבה און אפילו פוסקים זיך באַנוצט מיט וויסנשאַפטלעכע ווערק פון נישט־ייִדישע וויסנ־שאַפטלערס און דענקערס אָבער וועגן דעם אין אַ ווייטערן פּרק.

מיר ווילן סומירן אונדזער טעזע, אַז יהדות וואַרפט אָפּ די וויסנשאַפט פון טשאַרלס דאַרווין, ווי ער ברענגט עס אַרויס אין זיין ווערק ״די אַנטשטייונג פון מינים״, פונקט ווי יהדות וואַרפט אָפּ די היפּאָטעזן פון דעם פּסיכאָאַנאַליטיקער זיגמונט פרויד (1856—1939), וועלכער האָט, זוכנדיק צו דערגיין די סודות פון דער מענטשלעכער נשמה, געזען אין אַלץ ״געשלעכטלעכע צופרידנקייט״, ווי די אַנטשיידנדיקע ראָלע אין דער פאַרמירונג פון מענטשלעכן כאַראַקטער.

אין יהדות איז נישטאָ קיין אָרט פאַר דעם סאָרט פּרווידיאַניזם, ווייל דער עיקר איז די עטיק, די מאָראַל, דער הומאַניזם, דער מענטש זאָל מיט זיין דינאַמיזם און גייסטיקן פלאַם דינען ווי אַ לייכטטורעם, ווי אַ וועגווייזער פאַר אַלץ וואָס איז גוט און הייליק.

די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט, ווי דאָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן ביים באַגין, איז אָפּהענגיק פון ״פרו ורבו״ — אָבער געהיט, דאָס זאָל נישט ווערן בלויז תאווה, דער מענטש זאָל זינקען צום תהום. אדרבה: די הלכות דרך ארץ דערהייבן דעם מענטש שמימדיק, ביזן כסא־הכבוד. די ״נישטיקייט״ פונעם מענטש, לויטן חשבון־הנפש אין קהלת, דערהייבט אים גייסטיק. ווען ער איז נזהר אין פּרישות און ער ווערט באַהויכט פונעם ״סוף דבר... את האלקים ירא ואת מצותיו שמור״ — און וועגן דעם ווייטער.

**ו. דערהויבנקייט פון מענטש — חומר און רוח. — ווי אַזוי היינטצייטיקע יִדישע פילאָזאָפן זעען דעם מענטשן בכלל און דעם יִדישן מענטש בפרט.**

איינער פון די היינטצייטיקע טעאָלאָגן-פילאָזאָפן וועלכע זוכן די דערהויבנקייט פון מענטש, איז געווען מרדכי-מאַרטין בובער (געב. ווין, תרל״ח—1878; געשט. ירושלים, י״ג סיון, תשכ״ה—יוני 13, 1965). אַ קענער פון קבלה און חסידות און פון דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיע, פאַרנעמט ער זיך אין איינעם פון זיינע ווערק, מיטן נאָמען ״איך און דו״, מיט דער טעמע: מ ע נ ט ש. ער פירט דעם יחיד-מענטש צו גאָט-דערקענטעניש; ער פאַרבינדט מענטש מיט גאָט און זעט אין דער דאָזיקער מעגלעכקייט די גייסטיקע האַרמאָניע צווישן דעם יחיד מיטן קאָלעקטיוו, דאָס נאַציאָנאַלע מיט די אוניווערסאַלע אַלמענטשלעכע שטרעבונגען.

אין זיין פילאָזאָפיע — און נאָך מער אין זיין פּריוואַטן לעבן — גייט ער אָבער גאָר ווייט אַוועק פון יהדות, פון הלכה-פּרינציפּן, פונעם פעסטגעשטעלטן קאָדעקס און נישט ווייניק פון די תורה-מצוות. ער זוכט אַ פילאָזאָפישע אחיזה אין יִדנטום בלויז דורך דער מיסטיק פון חסידות און אגדות-חז״ל.

דאָס אייניקל פון לעמבערגער אגדה-פאָרשער און ביבליאָפיל ר׳ שלמה באָבער (תקפ״ה—1827; תרס״ו—1906) נישט געקוקט אויף זיינע זוכענישן אין פּרעמדע וויינגערטנער, האָלט זיך — ווי ער באַטאָנט ביי יעדער געלעגנהייט — ביי דער חסידות-קאָנצעפּציע. ער האָט נישט איין מאָל דערקלערט, אַז ער איז אינספּירירט געוואָרן פון חסידות-בעש״ט און זיינע נאָכפאָלגערס און האָט אויף דעם יסוד געבויט זיינע טעאָריעס; זיין יִדיש-אוניווערסאַלן באַנעם.

ווען מיר רעדן פון חסידות, איז כּדאי אָנצומערקן, אַז דאָס טיף יִדישע און טיף מענטשלעכע האָבן מיר אין תנ״ך, אין תּלמוד, אין די ספרי-מוסר, אין די ספרי המתנגדים. אַלע שטעלן אָבער דעם יהדות-פּרינציפּ אויף דער הלכה-דיסציפּלין. חסידות איז געווען — לויט חסידות-קענערס — אָן אויפּטו אַרויסצוהייבן די דאָזיקע פּרינציפּן און זיי פאַרוואַנדלען אינעם פאָלקס-קנין. חסידישע מנהיגים, דער בעש״ט און זיינע נאָכפאָלגערס, האָבן אַרויסגערופן די פּאָטענצן פון די פאָלקסמאַסן דורך ה ת ל ה ב ו ת און ה ת פ ע ל ו ת. בובער איז ווייט אַוועק פון די דאָזיקע פּרינציפּן. לויט זיין אויפפאַסונג שטייען אידעען העכער פון מעשים און דאָס איז געוויס נישט קיין יִדישער וועלטבאַנעם.

אין יִדנטום איז געזיכערט דער סינטעז פון קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, מעשים מיט אידעאַליסטישקייט, טעאָריע מיט רעאַליזם, מדרש און מעשה. נאָך מער: יִדנטום איז באַזירט אויף נאַציאָנאַל-רעליגיעזע עלעמענטן: ק ד ו ש ת - ה א ו מ ה איז פאַרבונדן מיט ק ד ו ש ת - ה א ר ץ — און דאָס פירט צום ״אתה בחרתנו־איזם״ וואָס פאַרבינדט דעם יִיד מיט הקב״ה: ״קדושים תהיו כי קדוש אני״ — הייליק זאָלט איר זיין, וואָרום איך, ה׳, בין הייליק[1]. דאָס איז אַ קשר, וואָס בובער מוז

אַנערקענען. ער מוז אַנערקענען אַז ייִדן זענען אַ רעליגיעזע עדה, אַ נאַציאָנאַלע עדה פאַרבונדן מיטן עטישן און סאָציאַלן לעבן פונעם פאָלק. ער גרייזט מיטן וועלן זען אין יהדות אַ קשר מיטן קריסטנטום, אַ דערנענטערונג פון דער ייִדישער אמונה מיט דער קריסטלעכער. אין יהדות איז אחדות אלקות דער יסוד און אין קריסטנטום איז די אמונה באַזירט אויף שותפות און פאַרגעבונג דורך דער בלויזער רעוועלאַציע.

יהדות איז באַזירט אויף דער האַרמאָנישער אחדות: "אתה אחד... ומי כעמך ישראל גוי אחד" [2]. די דאָזיקע אמונה איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין תורת משה והנביאים, אין חז"ל, אין דער הלכה און אין אַלע מחשבה-ספרים.

ווענדיק פּראָפּאַגירן זיין ליבעראַלן אוניווערסאַליזם, שטעלט בובער אָוועק די הלכה ווי אַ טרוקענע דאָגמאַטישקייט. ער זוכט זיין אָנלען אויף טעאָלאָגישע טעאָריעס, ווען די ליבעראַלע אידעען, אהבת-הבריות, געפינען זיך אין די געזעצן פון תורת-משה און אין די ספרי-הנביאים. דער ייִד דאַרף פאַרווירקלעכן אין טאָג-טעגלעכן לעבן די פאַרלאַנגען פון סאָציאַלן יושר; אַלס מוסטערן ווערן אַרויס-געשטעלט די אבות פון פאָלק.

חסידות האָט אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג, אַ באַנייונג, אַ גייסטיק-רעוואָ-לוציאָנערן אויפבראַז, אָבער נישט ווייניקער האָבן מיר דאָס ביי מתנגדישע פירערס, ביי תורה-ייִדן וועלכע האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויף לומדות. אויך זיי האָבן זיך תמיד געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון "עת לעשות לד' הפרו תורתך" — עס איז צייט צו טאָן פאַר גאָט...

ווען מ'זעט, אַז זיי האָבן פאַרשטערט דיין תורה, אויב די תורה קען ווערן פאַרשטערט [3]. אויך, זיי, אין זייער אָנשטרענג זיך צו האַלטן ביים לומדות, האָבן נישט איגנאָרירט די ייִדישן מאַסן און געטאָן מעשים פאַר זייער דערהויבנקייט: די האַרבע פילאָזאָפיע איז געווען פאַר די יחידי-סגולה, די שווערע תלמודישע שטעלן זענען געבליבן פאַר די שאַרפע לומדישע קעפּ, אָבער דער שולחן ערוך, די הלכה איז געווען פאַר אַלעמען און דאָס זעלביקע איז געווען מיט חסידות: דער מיסטיציזם, די כתבי האר"י ז"ל, דער זוהר, זענען געווען פאַר געקליבענע. דאָס פאַרשטענדלעכע — פאַר די חסידישע מאַסן.

נישט בלויז די חסידים-פירערס, נייערט אויך די מתנגדים-פירערס — אַלע גדולי ישראל — האָבן אַרויסגעהויבן, סיי מיט זייער מוסטער-לעבן, סיי מיט זייערע ספרים, דאָס נאַציאָנאַל-גייסטיקע און סאָציאַל-עטישע אין יהדות. זיי האָבן געוויזן אַז "אין ייִדישקייט ליגט דער תמצית פון מענטשלעכקייט".

אין דעם אייגנטלעך באַשטייט דער ייִדישער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער קאָנצעפּט, דער "אתה בחרתנו" און אַלע הבטחות צו די אבות. דער אייביקער קשר פון גאָט-

און-מענטש, אַ גייסטיק-האַרמאָנישע אחדות, וואָס אפילו בובער און די וועלכע פאָלגן נאָך זיין שיטה מוזן אָנערקענען און אַקצעפּטירן.

ווי ווייט זיי ווילן פעסטשטעלן אַן עקסטרעמען ליבעראַליזם-אוניווערסאַליזם כּדי צו ברענגען די גאולה, מוזן זיי צוגעבן, אַז אין דעם "בראשית-קאָנצעפּט" — און ווי דאָס איז אויסגעברייטערט און פאַרטיפט געוואָרן ביי די נביאים און דער-גאַנצט אין תלמוד, אין דער תּורה שבעל־פה — ליגט דער יסוד פון אַט דער גאולה — שטרעמונגען אין דער ייִדישער אמונה, מיטן באַדינג פון דערהויבונג פאַר די, וועלכע האָבן זייער לעבן געשטעלט אויף אַזאַ פונדאַמענט, פאַרלייגט דעם גרונטשטיין פאַר משיח-גאולה נישט בלויז פאַר ייִדן, די "זרע אברהם" נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

דאָס שטערט אָבער נישט די אַרויסהייבונג פון "בשביל התורה שנקראת ראשית..." און "בשביל ישראל שנקרא ראשית..." [4]. ארץ-ישראל איז די מדינה, ווו די ביידע קענען זיך אַנטוויקלען לויטן ווילן פון באַשעפער. קאָנקרעט: אין דער מדינה איז מעגלעך די פולשטענדיקע אידענטיטעט פון אַ פאָלק, וואָס דאַרף ברענגען מלכות-שמים פאַר דער מענטשהייט, פאַר דער אוניווערסאַלער גאולה.

אין איינעם פון זיינע פאַרטראָגן [5] רעדנדיק וועגן מענטש, פירט אויס דער גאון אין נגלה און נסתר, ר' יוסף דוב סאָלאָווייטשיק שליט"א, אַז דער מענטש, דער ייִד, געפינט זיך אין אַ שטענדיקן קריזיס, נישט בלויז פּסיכאָלאָגיש, נאָר אויך מעטאַפיזיש-טראַגיש.

הרב סאָלאָווייטשיק אַנאַליזירט די צוויי קעגנגעזעצטע ספרים: שיר השירים און קהלת. איינס איז משלים דאָס צווייטע. אין שיר השירים זוכן זיך די געליבטע: קעניג שלמה און שולמית. ביידע זעען זיך נישט, זיי הערן בלויז דאָס קול... קהלת רעוואָלטירט אין זיך: ער וויל זיין מער ווי ער איז, מער ווי ער קאָן זיין — ביידע דערגרייכן נישט זייערע צילן, אָבער ביידע זענען זיך נישט מיאש...

יהדות איז באַגרינדעט אויף אָפּטימיזם. באַלד אין בראשית האָבן די מלאכים זיך אַרויסגעזאָגט קעגן מענטשבאַשאַף און זיי האָבן געהאַט באַרעכטיקטע טענות. אָבער דער באַשעפער האָט געשטעלט דעם פּונקט פון חסד, און מיט דער מידה פון חסד באַשאַפן דעם מענטש און אים געגעבן דעם צלם-אלקים, דעם שׂכל, דעם פאַרנונפט, דעם אינטעלעקט צו קענען שאַפן אַ וועלט פון חסד.

אין חסידות ווערט אַרויסגעהויבן דער אָפּטימיזם אין דער ייִדישער אמונה און אויף דערויף זענען מסכים די צוויי חסידות־פאָרשערס און פילאָזאָפישע דענקערס מרדכי-מאַרטין בובער און פּראָפ' אברהם יהושע העשל ע"ה (1907; ח"י טבת, תשל"ג—1972) ביידע, זענען חברים לדעה, וואָס שייך פירן דעם דיאַלאָג מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן, מיינענדיק אַזוי אַרום צו שאַפן אַ דערנענטערונג צווישן ייִדן און דער קריסטלעכער וועלט. ס'איז אָבער דאָ אַ מרחק-רב צווישן די צוויי

פילאָזאָפֿן-טעאָלאָגן אין דער דאָזיקער שיטה. דער ערשטער איז גרייט צו אָנערקענען די קריסטלעכע דאָגמע, צו אָנערקענען דעם נוצרי... בעת דער צווייטער, וואַרפֿט אָפּ קאַטעגאָריש וועלכע עס איז מענטש־פֿאַרגעטערונג. אַזעלכעס איז כּנגד דעם בראשית-סיסטעם וואָס קומט צום אויסדרוק אין תּנ״ך, אין תּורה שבכתב און אין תּורה שבעל פּה.

פּראָפֿ' העשל ברענגט אַרויס אין זיינע ווערק די גרויסקייט פֿון מענטש. אין זיינע השקפֿות געפֿינען מיר די סינטעזע פֿון אגדת חז״ל, קבלה, פֿילאָזאָפֿיע און חסידות. אַזוי אין זיין ווערק ״תּורה מן השמים״, ״דער רבי פֿון קאָצק״ און אין אַנדערע ווערק. ער באַמיט זיך צו שאַפֿן דער סינטעז צווישן הלכה און אגדה, ווייל דורך ביידע ווערט דער ייִד דערהויבן צו געטלעכער הכּרה, ווי ער דריקט זיך אויס: ״די אגדה איז דער פֿלאַם וואָס הענגט איבער דער נחלת ההלכה — איבער דער הלכה-קויל״, ווייל, ווי עס איז פֿריער, פֿאַר אים, שוין געזאָגט געוואָרן, ״מי שרוצה להכּיר את האומה הישראלית ילך אצל האגדה״ [6].

ווי דורכגעדרונגען מיט מחשבת היהדות, זעט ער, אין זיין השקפֿה, אַז ״דער מענטש מוז גלייבן אין זיין העכערער באַשטימונג, העכערע מדרגות; צו האָבן אָפֿענע אויגן, אַן אָפֿענעם מוח און אַן אָפֿן האַרץ...״ אין פּשוטע ווערטער: ער זאָל באַזיצן און נאָכפֿאָלגן די לערעס פֿון גאַנץ תּנ״ך און במילא ווערן דורכגעדרונגען מיט דער בחירה פֿון מענטש, מיט אהבת-הקדוש-ברוך-הוא, מיט אהבת-הבריות צוזאַמען. באַנעמען דעם זין פֿון בחירה, אין טייטש פֿון אויסדערוויילטקייט, פֿון ״אשר בחר בנו״, און באַנעמען וואָס עס מיינט, אַז ייִדן זענען אַן אויסדערוויילט פֿאָלק, אַז די אויסדערוויילטקייט לייגט אַרויף אויף ייִדן מער פֿליכטן, נישט בלויז קיום פֿון מצוות שבין אדם למקום, נאָר אויך — נישט ווייניקער — פֿליכטן פֿון מענטשן-ליבע. די השקפֿה פֿון דעם אוהב-החסידות און אָפּשטאַמיקן פֿון אדמו״רים, פּראָפֿ' העשל, איז צו ברענגען צו אַזאַ אהבה ווי מיר האָבן עס ביי ר' משה לייב סאַסאָווער, וואָס האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז ער האָט געלערנט אהבת-ישראל פֿון צוויי שיכּורים. ער האָט אַ מאָל געהערט איין שיכּור זאָגן צום אַנדערן: ״איך האָב דיך ליב״ — פֿרעגט דער צווייטער, — ״וואָס פֿעלט מיר״ — ענטפֿערט דער ערשטער: ״פֿון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס דיר פֿעלט?״. זאָגט אים דער צווייטער — ״אויב דו ווייסט נישט וואָס מיר פֿעלט, האָסטו מיך נישט ליב...״ דאָס איז אהבת-ישראל, דאָס איז אהבת-הבריות.

אַ מוסטער פֿון אהבת-ישראל האָט געוויזן דער ״קדושת לוי״, ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, דער ״דערבאַרעמדיקער״ (געב. ת״ק—1740; נפֿטר תק״ע—1810) און נאָך און נאָך אַזעלכע גדולי ישראל אין דער חסידישער און מתנגדישער וועלט.

דער קדושת לוי האָט אַ מאָל זיך אויסגעדריקט, אַז די געטלעכקייט האָט צוויי בחינות — צוויי אַספּעקטן, אין מאָדערנעם לשון — דעם אַספּעקט פֿון נאָענטקייט

און דעם אַספּעקט פון ווייטקייט: גאָט איז נאָענט צום מענטשן. קיין גרעסערע און שטאַרקערע נאָענטקייט איז זיך גאָרנישט פאַרצושטעלן. פון דער צווייטער זייט, איז נישט שייך קיין גרעסערער ווייטקייט — "ולא ישיגוהו משיגי הגוף".

דער רמב״ם האָט עס דעפינירט אין די "י״ג עיקרים".

אין שייכות מיט דער דאָזיקער באַהויפּטונג, שרייבט אהרן צייטלין, אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ליובאַוויטשער חסידות, אַז אין חב״ד האָט מען געלערנט דבקות דורך קאָנטעמפּלאַציע: חשבון-הנפש און חשבון-העולם. דאָס איז די פילאָזאָפיע פון חסידות און ווי אַן אויסטייטש גיט צו אהרן צייטלין: "דאָס אומבאַגרייפלעכסטע און געהיימסטע איז זיך מתלבש (קליידט זיך אַן) דירעקט אין דער תורה און אין די גופי-הלכות; פונקט אַזוי דאַרף אויך דער מענטשלעכער גייסט זיך אַנקליידן, זיך מאַניפעסטירן אין דער פאַרווירקלעכונג פון מצוות . . ."

ייִדן זענען אַריינגעטראָטן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט מיטן כוח פון נייע אידעען, מיט אמונה און וויזיע פון סאָציאַל-נאַציאָנאַלן פאַרנעם. אין דער "בראשית"-געשיכטע פאַרנעמט דער מענטש אַן אַנגעזען אָרט אינעם קאָסמאָס: הימל און ערד און אַלץ וואָס עס געפינט זיך אויף די דאָזיקע אַרביטן. דער מענטש געפינט זיך אויף דעם גאָר הויכן פּיעדעסטאַל — אין גן-עדן, אינעם גאָרטן פון לעבן און וויסן . . . אין מיטן דעם גאָרטן געפינט זיך דער בוים פון וויסן גוטס און שלעכטס — בחירה חפשית פאַר דעם מענטשן, וואָס "קומט פון שטויב און צו שטויב וועט ער זיך אומקערן" [7].

דער שטויב איז דער לבוש, דאָס אדמהדיקייט, דאָס גופניותדיקע, אָבער באַשאַנקען איז ער מיטן "צלם אלקים", מיטן געטלעכן גייסט; ער איז די קרוין פון יצירה און מ'האָט אים איבערגעגעבן די רעכט — און אויפגאַבע — צו געוועלטיקן, צו הערשן, צו פּרוכפּערדיקייט.

ווען דער מענטש פאַרנאַכלעסיקט זיין אויפגאַבע, קומט אים די שטראָף נישט בלויז פאַרטריבן צו ווערן פונעם גן-עדן, נאָר ס'קומט אַ מבול וואָס מעקט אָפּ די יצירה [8] — אַ שטראָף פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און נאָך דעם, ווען די וועלט בעסערט זיך, ס'בלייבט אָבער אַ סדום ועמורה, איבערפולט מיט זינד און ס'געפינען זיך נישט קיין צען צדיקים, ווערט סדום ועמורה אָפּגעווישט, ווייל דער מענטש איז אַוועק פון זיין ציל, און האָט איגנאָרירט זיין אויפגאַבע צום מיטמענטש, צו דער געזעלשאַפט.

דער מענטש פון "בראשית" איז געשטעלט געוואָרן פאַר צוויי יסודותדיקע אויפגאַבעס: צו אַנערקענען, אַז עס איז דאָ אַ בורא, אַ באַשעפער און אַז ער הערשט איבער אַלץ און אַלעמען; דערביי צו באַנעמען די הימלישע גערעכטיקייט, אַז זי איז געווענדט קעגן יעדן — "כי זכר כל המעשים לפניך בא ואתה דורש מעשה

כולם״ [9] — נישטאָ אין הימל קיין דיסקרימינאַציע — יעדער מענטש ווערט גלייך געמשפּט.

דאָס איז אַ הומאַניזם דורכגעדרונגען מיט געטלעכקייט וועמעס ציל איז איינצושטעלן די סטרוקטור פון דער וועלט, פון דער געזעלשאַפט, לויטן מאָראַליש-עטישן פונדאַמענט. עס איז דער תּורהדיקער סאָציאַל-נאַציאָנאַלער איינשטעל, וואָס לאָזט נישט הערשן דעם עגאָיזם ביים מענטשן.

נישט אומזיסט דריקן זיך אויס די חכמי-התּלמוד, אַז דער וואָס פאַרהוילט זיינע אויגן פון צדקה, ד״ה אים אינטערעסירן נישט די ליידן פון אַנדערע, איז ווי ער וואָלט געדינט עבודה-זרה [10], איז ווי ער וואָלט געווען גלייכגילטיק, ווען ער זעט ווי ס׳גיסט זיך מענטשלעך בלוט.

די אידעאָלאָגישע אינדאָקטאַרינאַציע ביים ייִדן, די מאָראַליש-עטישע ירושה, איז געקומען מיטן אויפשטייג פון אברהם אבינו, ביי וועמען ס׳ווערט געזאָגט ״למען אשר יצוה״ — כּדי ער זאָל באַפעלן זיינע קינדער... אַז זיי זאָלן היטן דעם וועג פון גאָט... רעכט און גערעכטיקייט [11]. און זינט דאַן, איז עס געוואָרן דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו ביי ייִדן וואָס פאָלגן נאָך דעם אורשפּרינגלעכן אָנהייב, ווי דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער תּורה שבכתב פון משה רבנו ביזן לעצטן פון די נביאים, אין דער תּורה שבעל פּה, אין דער אגדה און הלכה, ביז די תּורה-אויטאָריטעטן פון אַלע צייטן. נישט געקוקט אויף די ענדערונגען אין דער סטרוקטור פון ייִדן אין אייגענעם לאַנד, אין די גלות-לענדער, אין זייער דעמאָגראַפישער צעשפּרייטקייט, איז די יסודותדיקער מאָראַל געבליבן און האָט פּריאָריטעט אינעם ייִדישן לעבן.

די פירנדיקע מאָראַליסטן אין מיטלאַלטער, ר׳ יהודה הלוי (תתל״ה—1075; תת״ק—1140), דער רמב״ן (דתתקנ״ד—1194; ה אלפים ל׳-1270) האָבן דעריבער געשטעלט יהדות, ווי האַרצגעפיל, ווייל נישט אַלץ קען מען באַנעמען מיטן שׂכל.

אין דעם זעען זיי דעם ענטפער, פאַר וואָס די תּורה הייבט זיך אָן מיט ״אנכי ד׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים״ [12] און נישט צו רעדן צו די בני ישראל: ״איך האָב באַשאַפן די וועלט, איך האָב אייך באַשאַפן״, ווייל דער באַשעפער האָט געוואָלט רעדן צום פאָלק מיטן אויפטו פון באַפרייען זיי פון קנעכטשאַפט. ווען ייִדן האָבן מקבל געווען די תּורה, זענען זיי דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה און בחינה פון האַרץ צווישן די אברים — ״ישראל באומות הם בבחינת הלב באברים, שהוא כבד חלאים מכולם ורב בריאות מכולם״ [13].

דאָס האַרץ ווערט באַטראַכט ווי דאָס געפיל און אויך דער באַוווּסטזיין. דער סימן פאַר זרע אברהם איז, ״רחמנים, ביישנים, גומלי-חסדים [14]. אַ חסיד איז דער, וועלכער פירט זיך אויף ערלעך און אָנשטענדיק מיטן מיטמענטש, אָנשטענדיק ביי געלט-ענינים: ״האי מאן דבעי למהוי חסידא, לקיים מילי דנזיקין״ [15] און ״כל

המעלים עיניו מן הצדקה, כאילו עובד עבודה זרה״ [16], אָדער ווי דער מדרש זאָגט: ״כל הכופר בגמילות חסד כאילו כופר בעיקר״ [17]. נאָך ווערט געזאָגט: ״אויב מ׳זעט אַ מענטש טרינקט זיך און מ׳קען אים אַרויסראַטעווען און מ׳טוט עס נישט, איז מען עובר אויפן לאוו פון ״לא תעמוד על דם רעך״ זאָלסט נישט שטיין רויִק ביי דעם בלוט פון דיין חבר, איך בין ה׳ [18] און דאָס מיינט נישט דווקא, אַז ער טרינקט זיך אין טייך, נאָר אויב ער טרינקט זיך אין חובות, אין צרות, איז מען מחויב אים צו העלפן.

אין דעם אייגנטלעך באַשטייט די אייגנאַרטיקייט פונעם פאָלק, וואָס שטאַמט פון ״בעל החסד״ און וואָס האָט מקבל געווען אַ תּורה וואָס איז כּולו חסד. אברהם אבינו איז דער מוסטער פון אָט דעם חסד, אַ ליבעראַל-אוניווערסאַלן חסד, פאָדערנדיק גערעכטיקייט אפילו ביים באַשעפער: ״חלילה דיר צו טאָן אַזאַ זאַך, צו טויטן דעם צדיק מיט דעם רשע, חלילה דיר, זאָל דער ריכטער פון דער וועלט נישט טאָן קיין גערעכטיקייט? ...״ [19].

משה רבנו, די נביאים, אַלע פאָלגן נאָך אברהם אבינוס פאָדערונג פון גערעכטיקייט. נתן הנביא שטעלט זיך איין ביים ״מלך ישראל חי וקים״ פאַר גערעכטיקייט. דער שלומדיקער נביא אליהו שטראָפט דעם קעניג אחאב מיט די שאַרפסטע ווערטער; ״הרצחת וגם ירשת?״ — האָסט געהרגעט און ווילסט אויך ירשענען? [20] און דער נביא זאָגט: ״וואָס פאַרלאַנגט גאָט פון דיר? טאָן גערעכטי- קייט, ליב האָבן גענאָד און אומגיין שטיל מיט גאָט״ [21].

דער הייליקסטער אידעאַל איז דער הומאַניסטישער: צו וויסן, אַז מאַכט איז נישט אַלץ, אַז מאַכט איז נישט רעכט, אַז נישט מיט פיזישן כּוח איז אַ מענטש שטאַרק — ״כי לא בכח יגבר איש״ [22] ״נישט מיט חייל און נישט מיט כּוח, נאָר מיט מיין גייסט — זאָגט גאָט״ [23] דער עיקר איז, טאָן חסד און טאָן מעשים וועלכע זאָלן איבערשטייגן זיין וויסן [24], כּדי צו האָבן שטאַרקע וואָרצלען, דער ווינט זאָל זיי נישט קענען אויסרייסן.

דער מהר״ל מפּראָג (רע״ב—1512; השס״ט—1609) זעט די יִדישע אויסדער- ווייילטקייט און איינציקאַרטיקייט, אין די אַטריבוטן, וועלכע זענען איבערגעגאַנגען בירושה פון די אבות. די גייסטיקע אַספּיראַציעס זענען געגאַנגען האַרמאָניש מיט דער גייסטיקער דיסציפּלין. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט דעם קיום פון פאָלק אין זיינע ראַנגלענישן און גורלדיקייט — און וועגן דעם ווייטער.

## הערות

### א

1 שיר השירים, ד׳, י״ב. וועגן ״גן נעול״ — אומצייליקע מדרשים. אין מיין דרוש, ספר (אין מאַנוסקריפּט) לויטן סדר השבוע און אין אַ צאָל מאמרים און פאַרטראַגן — באריכות.

2 וועגן ״עץ הדעת״ אין מיינע ווערק ״באַציִונג צו דער פרוי״, באַנד 1 און ״אין קדושה אין יִדישן לעבן״, באַנד 1. אין מיינע דרוש־ספרים אויספּי־רלעכער, אַנווייזנדיק אויף אגדות אויך וועגן דער יצ־רה פונעם מענטש, איינצל־אינדיווידועל אָדער צוויי אין איין קערפּער.

3 מורה נבוכים, חלק ראשון, פרקים א׳ און ב׳.

4 בראשית ג׳, ז׳.

5 אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.

6 בראשית, א׳, כ״ו—ל״א; ב׳, ז׳—כ״ד.

7 דאָרט, ו׳, ה׳.

8 תהלים, ח׳, ה׳.

9 איוב, ט״ו, י״ד.

10 בראשית, א׳, כ״ח.

11 חגיגה, י״ד, ע״ב — ט״ז, ע״א.

12 בראשית, א׳, כ״ח.

13 שמות, ל״ג, י״א; דברים, ל״ד, י׳.

14 דאָרט, דאָרט, כ״ט—ל״א.

15 סנהדרין, נ״ט, ע״ב; תוס׳ דאָרט, נ״ו, ע״ב אָנהייבוואָרט ״אכל״; רש״י, בראשית, א׳, כ״ט. ״לא הרשה לאדם להמית בריה ולאכול בשר״. אַנדערע מפרשים האַלטן אַז ס׳איז בכלל פאַרבאָטן געווען פאַר אדם הראשון צו עסן פלייש. זע, לב אריה אויף תורה אויסטייטשנדיק די דאָזיקע מיינונגען, ס׳זאָל נישט זיין קיין חילוקי דעות, אַוודאי נישט אַ סתירה . . .

16 דאָס איז אַ טעמע וואָס דאַרף באַזונדער באַהאַנדלט ווערן.

17 בראשית, ט׳, ג׳.

18 וועגן דעם ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

19 זע, שבת קנ״א, ע״ב.

20 פסחים, ק״ט, ע״א.

21 רמב״ן, אויפן אָרט. זע, הערות ר״ה שעוועל. אור החיים און אַנדערע מפרשי התורה.

22 זע, אברבנאל, בראשית פ׳ נח (ט׳); זיין מיינע דרוש־ספרים.

23 בראשית, ב׳, ז׳. זע, רמב״ן, כלי יקר און אַנדערע מפרשים.

24 דאָרט, ג׳, י״ט.

25 דברים, ח׳, ג׳.

26 דאָרט, כ״ג, ט״ו.

27 קהלת, ג׳, י״ט.

28 זע, קהלת רבה — אויפן אָרט.

29 קהלת, ג׳, כ״א. זע, תרגום, רש״י, אבן עזרא, ספורנו, תעלומות חכמה און אנד.

30 תלפיות, תש״ג.

31 וועגן קירקעגאַרדס פילאָזאָפיע — זע, אברהם יהושע העשל, קאָצק, ערשטער טייל, תל־אביב, תשל״ג, ז״ז 15—18.

32 דערשינען אין אַ באַזונדער ווערק: הרב יוסף דב הלוי סאָלאָווייטשיק, איש ההלכה — גלוי ונסתר, ההסתדרות הציונית העולמית, המחלקה לחינוך ולתרבות תורניים בגולה. ירושלים, תשל״ט.

טיילן פון דעם ווערק זענען דערשינען אין ״תלפיות״, שנה א׳, ניו יורק, תש״ד; אין

"הדרום", מ"ז, ניו יורק, תשל"ט. אין ענגליש — אין דער שריפט Tradition רעד. דר. וואַלטער ווערצבערגער.

### ב

1 ויקרא, כ"ה, י"ד, י"ז.
2 תהלים, ח׳, ה׳—ח׳.
3 "דווקא", רעד. שלמה סוסקאָוויטש, באַנד 17, נומ׳ 65, בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע תשכ"ט—1969 — באריכות.
4 קהלת, י"ב, י"ג—י"ד.
5 בראשית, ו׳, ה׳—ו׳ — יהואַש איבערזעצונג.
6 דאָרט, ח׳, כ"א; סוכה, נ"ב, ע"א; קדושין, ל׳, ע"ב.
7 זע, "דווקא" — אויספירלעכער.
8 תהלים, ח׳, ו׳.
9 דאָרט, ז׳.
10 בראשית, ט׳ ו׳.
11 קהלת, ז׳, ב׳.
12 בבא בתרא, ט"ז, ע"ב.
13 זע דאָרט אָנהייב וואָרט "שכל הולה"; מהרש"א, חידושי אגדות. דער בעל העקידה פאַרנעמט זיך אויך מיטן אויסטייטשן די דאָזיקע אגדה.
14 תהלים, י"ט, ג׳. זע, אמרי אברהם, בראשית — באריכות.
15 דר. א. ראַזמאַרין, אין זיין תנך־ענציקלאָפּעדיע באַנד איינס, ברענגט אַ גרעסערע צאָל אגדות חז"ל וועגן אברהם אבינו. אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אויף דער טעמע "די וועלט פון אברהם" האָבן מיר פון דר. חיים גרושקין, וואָס נעמט ארום ארכעאָלאָגיע, געשיכטע, לעגענדע, ניו־יאָרק, תשכ"ו—1966.
16 בבא בתרא, י"ז, ע"א.
17 תוספות, דאָרט, אָנהייב־וואָרט "שלשה".
18 מכות, י׳, ע"א.
19 הלכות עכו"ם, א׳, ג׳.
20 בראשית, ג׳ ה׳; דאָרט, כ"א, ל"ג; מורה נבוכים, א׳, ס"ב; כ"ט. אויספירלעך אין "אמרי אברהם" פון הרב א"א פרייס, בראשית ז"ז ב׳—ג׳.
21 י"א, ז׳.
22 אבות, ג׳, י"ח.
23 מורה נבוכים פרק י׳ און פרק ה׳.
24 שמות, כ"ב, ל׳; ויקרא י"א, מ"ד—מה; כ׳, ז׳, כ"ו; כ"א, ו׳.

### ג

1 בראשית, א׳, כ"ז—כ"ח.
2 דאָרט ב׳, ז׳.
3 ישעיה, מ"ו, ה׳. לויטן מדרש (ב"ר, י"ד, ז׳) איז אדמה נקבה; עפר — זכר: צו־זאַמענטעל פון זכר ונקבה אין איין מענטש — דעריבער "ברא אותם". וועגן דעם אין מיינע דרוש־ספרים.
4 איוב, ג׳, ג׳—י"א.
5 דאָרט, י"ד, א׳—ב׳.
6 דאָרט, ז׳, א׳.
7 עירובין, י"ג, ע"ב.
8 ירמיה, איכה ג׳, כ"ג.
9 י"ד, י"ג—ב׳. וועגן די נעמען באַזונדער.
10 איוב, ל"ד, ל"ה.

11 זע, ספר איוב, מפורש על־ידי עמוס חכם, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ל, מבוא צום ספר.
יחזקאל קויפמאַן, תולדות האמונה הישראלית, כרך ב׳, ז״ז 604—623, אויפן סמך פון ביבל־קריטיק־השערות, זוכט צו באַווייזן אַז ס׳זענען דאָ צוויי סאָרטן פערזענלעכקייטן אין דער איוב־טראַגעדיע, איינער אַ צדיק, דער צווייטער אַ חכם... לויטן גאַנג פונעם ספר, דעם דיאַלאָג און עפּילאָג, איז אָן ספק, אַז ס׳רעדט זיך וועגן איין איוב־פערזענלעכקייט.
12 וועגען חכמה — איוב פּרק כ״ח.
13 זע, מורה נבוכים, ג׳, כ״ב; אדם שטראשון, מישר נבוכים, ווילנאָ, תרנ״ח; מלבי״ם, קשת ומגן, פירוש על ספר איוב, וואַרשאַ, תרכ״ז; דוד שלמה שפּיראָ,ארחים, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ז, ז״ז 32, 74—75.
14 בבא בתרא, י״ד, ע״ב — ט״ו—ט״ז. מיינונגען וועגען מחבר פון ספר איוב. זע אויך, ירושלמי, סוטה, ה׳, ה׳; בראשית רבה, סוף פ׳ וירא א״א מדרשים.
יחזקאל קויפמאַן באַהאַנדלט די היסטאָרישקייט פון ספר איוב, דעם מחבר און דעם זמן חיבור הספר — כרך ב׳, ז״ז 622—623.
15 זע, עמוס חכם, מבוא צום ספר איוב, ז׳ 9.
16 קהלת, ז׳, כ׳.
17 דאָרט, מבוא, ז׳ 12.
18 שבת, נ״ה, ע״ב; אָנהייב־וואָרט ״דינאָ״.
19 איוב, ט״ז, י״ח; עמוס חכם, דאָרט, דאָרט.
20 דר. חיים זשיטלאָווסקי, געקליבענע ווערק, ז״ז 285—313; ייד. קולטור, אָקט. 1978, ז״ז 22—23.
21 איוב, ב׳, ט׳.
22 בראשית רבה, י״ט, י״ב; נ״ז, ד׳; במדבר רבה, י״ג, ג׳; סוטה, ה׳, כ׳.
23 זע, יחזקאל קויפמאַן, הקדמה, כרך א׳, ז׳ 7; כרך ב׳, ז״ז 622—623.
24 בבא בתרא, ט״ו, ע״א.
25 דאָרט, דאָרט.
26 זע, אבן עזרא — אויפן אָרט.
27 מורה נבוכים, ג׳, כ״ב.
28 י״ד, י״ד — כדאי מעיין צו זיין אינעם דאָזיקן פּרק.
29 ירמיה, כ׳, י״ד—י״ח. אויספירלעך וועגן די פּאַרגלייכונגען און די אַנדערשקייטן אין די ווערק פון קויפמאַן, מבוא פון עמוס חכם, ש״ש שפּירא, אין ארחים און אַנדערע.
30 ירושלמי, ברכות, ז׳, ג׳. זע, מפרשים אויף ספר איוב.
31 זע, קויפמאַן און חכם וועגן אָרט עוץ.
32 איוב, א׳, כ״א.
33 ברכות, ז׳, ע״א—א״א.
34 ישעיה ב׳ און י״א; מיכה, ד׳.
35 ירמיה, ב׳.
36 סוף איכה.
37 תהלים, פ״ט, ג׳.
38 ברכות, י׳, ע״א.
39 שבת, ל״ב, ע״א; תענית, כ״ד, ע״ב; בבא מציעא, נ״ט, ע״א — רש״י אויפן אָרט.
40 יחזקאל, ל״ג, י״א.
41 בראשית, ד׳, ג׳—ט״ז.
42 דאָרט, ט׳, ה׳—ו׳.
43 דברים, כ״ה, י״ח.
44 שמות, כ״א, כ״ד—כ״ה; ויקרא, כ״ד, י״ט—כ׳, א״א.
45 שמות, כ״א, ט׳; דברים, כ״ד, ז׳. אין דברים רעדט זיך וועגן, ״גונב נפש מישראל...״.
46 בראשית, מ״ב, כ״ב. אין פּיוט־קינה ״אלה אזכרה״, געזאָגט יום־כפור ביי מוסף און

תשעה באָב ביי קינות, ווערט געזאָגט: "... קבלו על עצמכם דין שמים, בשביל יוסף שמכרוהו אחיו. .".
זע, קויפמאַן, תולדות האמונה, כרך ב׳, 433—447; אוצר ישראל, ד׳, ז׳ 180 — א צאָל אגדות חז"ל.

47 בראשית, י"ח, י"ט.
48 דברים, ט"ז, כ׳.
49 תהלים, פ"ט, ט"ז; צ"ז, ב׳.
50 שמות, ל"ד, ו׳.
51 דאָרט, כ"ב, כ"ו.
52 ויקרא, י"ח, ה׳.
53 יומא, פ"ה, ע"ב; תוספתא, שבת, ט"ו, י"ז.
54 תהלים, כ"ד, א׳.
55 דאָרט, קט"ו, ט"ז; ברכות, ל"ה, ע"א — מהרש"א, אויפן אָרט.
56 יחזקאל, מ"א, כ"ב.
57 ברכות, ל"ה, ע"א.
58 בבא בתרא, ט"ז.
59 דאָרט, ט"ז, ע"ב.
60 איוב, ט׳, כ"ד.
61 ויקרא רבה, כ"ד, א׳ א"א.
62 שמות, ל"ב, י"ג.
63 זע, מ. ראגיל (מרדכי שטריגלער), אידישער קעמפער, ר"ה נומער, תשמ"א, ז"ז 3—9.
64 תהלים, פרק י"ט.
65 דאָרט, י"ט, ח׳.
66 אבות, ו׳ ב׳.

## ד

1 רבינו סעדיה גאון ברענגט אַרויס זיין פילאָזאָפיע אין זיין ספר האמונות והדעות. זיין שיטה איז געוואָרן דער יסוד פאַר זיינע נאָכפאָלגערס, באַזונדערס פאַר דעם רמב"ם. זע, הדרום, ניסן תשל"א.
2 ברכות, ל"ג, ע"ב; מגילה, כ"ה, ע"א; נדה, ע"ב; זהר, א׳, נ"ט, ע"א א"א.
3 זע, תוספות מגילה און נדה דאָרט.
4 בראשית, ז׳. אין מיינע דרשות בראשית און נח פון תשמ"ב—תשמ"ד — אויספירלעכער.
5 דברי הימים א׳, כ"ט, כ"ג.
6 ספרי ראה, פיסקא ס"ז; פסיקתא דרב כהנא, פ׳ ה׳; שמות רבה בא, ט"ו, כ"ו; תנחומא, נשא, ל׳ א"א.
7 אויפן אָרט.
8 יהואש־איבערזעצונג. צוליב אינטערעס, האָבן מיר געבראַכט דעם אויסטייטש אויף ביידע פסוקים, ווי אַ המשך.
9 רש"י ברענגט איין מדרש — אָבער ס׳זענען דאָ אַ צאָל מדרשים אויף דעם פסוק.
10 תהלים, קל"ט ט"ז. זע, בראשית רבה, ח׳, א׳.
11 וועגן וואָרט "בצלם" — אין מורה נבוכים און אין אַנדערע פילאָזאָפישע ווערק.
12 תלפיות, העורך שמואל ק. מירסקי, ניו יורק, ניסן תש"ז, ז"ז 220—248.
13 בראשית רבה, פרשה ח׳—ב
13 בראשית רבה, פרשה ח׳ און אַנדערע מדרשים; אין די ספרי קבלה.
14 דאָרט, י"ב, א׳.
15 פסיקתא דרב כהנא, בראשית רבה, י"ז, ד׳; מנחם מנדל כשר, תורה שלמה, חלק שני, בראשית, אות רס"ב און אות רס"ג.
16 בראשית רבה, פרשה ח׳. ס׳זענען דאָ אַ צאָל נוסחאות וועגן דעם וויכוח פון מלאכים צווישן זיך און מיט כביכול.

17 אבות ג׳, י״ח; תנא דבי אלי׳ ט״ז א״א.
18 פרקי אבות עם פירוש... הרמב״ם ועם פירוש נחלת אבות, השר הגדול רבנו דון יצחק אברבנאל, נדפס בויניציאה... בשנת ש״ה: ניו יורק, תשי״ג. זע אויך, פרקי אבות, יידיש און ענגליש, קאַמפּילירט און רעדאַקטירט פון נ. קראַוויץ, באנד 2, שיקאַגע, 1968.
19 קהלת רבה, י״ב, י״ד—ט״ז.
20 איש ההלכה — גלוי ונסתר, ירושלים, תשל״ט.
21 דאָרט, ז״ז 82—83; 87—89 — דאָרט באריכות, ציטירט אַ שילדערונג אין די רייזע־בילדער פון י. ל. פרץ.
22 תהלים, קמ״ה, י״ח.
23 שמות, ל״ג, י׳, י״ד; במדבר, י״ב, ח׳; דברים, ל״ד, י׳; אין ״איש ההלכה״, ז״ז84—92 און אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
24 שמות, ל״ג, כ׳.
25 קהלת, א׳, ב׳—ג׳ און אין די נאָכפאָלגנדיקע פסוקים.
26 דאָרט, י״ב, י״ג.
27 בראשית, כ״ח, י״ב.
28 תהלים, קט״ו, ט״ז.
29 שמות, כ״ה, ח׳.
30 דברים, ד׳, כ״ט.
31 תהלים, ל״ז, ל״א; אברהם יהושע העשל, קאָצק, צווייטער טייל, תל־אביב, תשל״ג, 1973, ז׳ 403.
32 מלכים א׳, ח׳, כ״ז.
33 איוב, ט׳, כ״ד.
34 דאָרט, מ״ב, א׳—י״ז.
35 קידושין, ל״ט, ע״ב; ירושלמי, חגיגה, ט״ו, ב׳ א״א.
36 אבות, ד׳, כ״ה.
37 חגיגה, י״ד, ע״ב—ט״ז, ע״ב.
38 דברים, כ״ב, ז׳ — יהואש־איבערזעצונג.
39 תהלים, קמ״ה, ט׳.
40 חגיגה, י״ד—ט״ו; קדושין, ל״ט, ע״ב; חולין, קמ״ב, ע״א; אבות דרבי נתן, פרק כ״ד; ירושלמי, חגיגה, דאָרט, פרק ב׳, הלכה א׳; תוספות רבינו חננאל און מהרש״א — חגיגה; זע, תולדות תנאים ואמוראים, מאת אהרן היימאן, ז״ז 155—157. משה שמיר, אין אַ דערציילונג א. נ. על סוסו בשבת״, שילדערט אלישע־אחר דעם כופר און זיין גרויסן תלמיד, דעם תנא רבי מאיר, ״בצרון״, קיץ, תשמ״א — סתיו, תשמ״ב, ז״ז 12—16.

### ה

1 זע, רמב״ם, מורה נבוכים, א׳.
2 תהלים, ח., ו׳.
3 זע, שלמה סוסקאָוויטש, דווקאַ, נומ׳ 71—72, ז״ז 105—111.
4 משלי, כ׳, כ״ז.
5 זכריה ד׳, ו׳. ס׳איז אויך דאָ אַ פּשוטער טייטש: ווינט. זע, מפרשים אויפן פסוק ״ורוח אלקים מרחפת על פני המים״, בראשית א׳, ב׳.
6 תהלים, א׳, ב׳.
7 דאָרט, דאָרט.
8 זע, צדקת הצדיק, ז״ז קפ״ד—רמ״ח; אויך זיין תשובה צום אדמו״ר מהרי״ל איגר, דעם בעל תורת אמת און אמרי אמת, בנוגע הכנה למצוה.
9 תהלים, פ״ב, ו׳—ז׳.
10 במדבר רבה, ט״ז, כ״ד.
11 בראשית, ב׳, כ״ב; א׳, כ״ז.

12 דאָרט, ג׳, י״ט; מורה נבוכים, א׳, א׳.
13 קהלת, ז׳, כ״ט.
14 משלי, ט״ז, ד׳.
15 תהלים, ח׳, ה׳—ו׳.
16 דאָרט, קמ״ד, ג׳.
17 קהלת, י״ב, י״ג — סוף קהלת, זע, מפרשים.
18 מורה נבוכים, ג׳, י״ג—ט״ז.
19 אין מיינע דרוש־ספרים — באריכות.
20 בראשית, י״ח, כ״ח. אין מיין געזאַנג פון חסידות (צוויי בענד) און אין די דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
21 ירמיה, י״ב, ו׳.
22 ישעיה ליבוביץ, שיחות, ז״ז 47—48.
23 אבות, ג׳, י״ז.
24 דאָרט, א׳, י״ז.
25 משלי, י׳, י״ט.
26 ברכות, נ״ה, ע״א; זהר, ב׳, קנ״ב, ע״א; רל״ד, ע״ב.
27 חגיגה, פרק ב׳, י״א—ט״ז.
28 איוב, ל״ב, ח׳.
29 זהר, משפטים, קי״ד, ע״א און אנד. מקומות אין זהר און מדרשים. אין מיינע דרשות בראשית, נח, תשמ״ב.
30 ברכות, מ״א, ע״א; עירובין, י״ח, ע״ב; סוטה, י״ז, ע״א א״א — באריכות אין מיינע ווערק.
31 ויקרא, י״ט, י״ח. זע, ״דווקא״, בוענאָס־איירעס, טבת, תשל״ב, נומ׳ 71—72.
32 שמות רבה, מ״ה, ה׳.
33 תנא דבי אלי׳ רבה כ״ה.
34 פרי צדיק, חיי שרה, אות י״א.
35 קהלת, י״ב, י״ג; ברכות, ל״א, ע״א; תוספות, אנהייב־וואָרט ״שכן״.
36 בראשית, ב׳, ג׳.
37 שמות, קנ״ג; חובות הלבבות, שער היחוד א״א.
38 פרק ב׳, הלכה ב׳; אין מורה נבוכים — אויף אַן אַנדער אופן.
39 שמות, ב׳, ב׳; דברים, ה׳, ו׳ — דעם דאָזיקן טייטש געהערט פון אַ חסידישן רבי.
40 סנהדרין, ל״ז, ע״א. זע, הרב דוד שלמה שפירא, ארחים, ז׳ 5.
41 שמונה פרקים, ח׳.
42 תורת העולה, חלק ג׳, סוף פרק י״ז.
43 במדבר, י״ב, ז׳. תורת העולה, א׳, א׳.
44 זע, שו״ת הרמ״א, סימנים ה׳—ו׳, די פּאָלעמיק צווישן, אים און דעם מהרש״ל. אין מיין ספר ״לובלין״ — באריכות.

## ו

1 ויקרא, י״ט, ב׳; כ׳, כ״ז. אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
2 זכריה, י״ד, ט׳; שמואל ב׳, כ״ג; שמונה עשרה — מנחה לשבת.
3 תהלים, קי״ט, קכ״ו. לויט דרשת חז״ל: רבי נתן אומר; ״הפרו תורתך, משום לעשות לה׳ ״, ברכות, ט׳, א׳; נ״ד, ע״א — רש״י, אויפן אָרט.
4 רש״י, אָנהייב בראשית, לויט חז״ל.
5 פאַרעפנטלעכט אין ״טורי ישרון״, העורך מיכל ששר, אלול, אַשל״ז.
6 דער נאַציאָנאַלער דיכטער חיים נחמן ביאַליק, אין זיין הקדמה צום ספר האגדה.
7 בראשית, א׳, כ״ח; ב׳, ד׳—ט׳; ג׳, י״ט; קהלת ג׳, י״ט.
8 בראשית, ו׳, ה׳—ז׳; ח׳, כ״ט.
9 תפילות ימים נוראים.

10 **כתובות, ס"ח, ע"א — מערער וועגן דעם — אין א ווייטערן פרק.**
11 **בראשית, י"ז, י"ט.**
12 שמות, כ', ב'; **דברים, ה', ו'; כוזרי, ב', אות כ"ח.**
13 כוזרי, מאמר שני, ז"ז ל"ה—ל"ו; **הערות אבן שמואל; זע, זוהר, פינחס,** רכ"א, ע"ב.
14 **יבמות, ע"ט, ע"א.**
15 **בבא** קמא, ל', **ע"א.**
16 כתובות, ס"ה, **ע"א.**
17 קהלת רבה, ז', ד'.
18 **ויקרא,** י"ט, ט"ז; סנהדרין, **ע"ג, ע"א.**
19 בראשית, י"ח, כ"ג—כ"ו.
20 שמואל ב', פרקים י"א—י"ב; מלכים, א', כ"א, י"ט.
21 מיכה, ו', ח'.
22 שמואל א', ב', ט'.
23 **זכרי', ד', ו'.**
24 **אבות, ג', כ"ד.**

## קאַפּיטל צוויי

# דער מענטש אין תנ״ך

**א. בחיר היצירה. — אויסדערווײלטקייט פון ייִדן. — קדושה פון פאָלק און לאַנד.**

דער מענטש, ווי ער ווערט אָוועקגעשטעלט אין תנ״ך און אין תלמוד, איז, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, דער ״בחיר־היצירה״: בחירה אין טאָפּלטן זין. ער האָט בחירה אויסצוקלייבן און אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס; ער האָט רעכט און פרייהייט צו האַנדלען לויט זיין ווילן און פאַרשטענדעניש און ער ווערט באַהאַנדלט פון דער השגחה לויט זיינע מעשים: ״ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון, לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא״ — און פאַר וועמען שטייסטו אָנגעגרייט אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון, פאַר דעם קעניג איבער אַלע קעניגן, פאַר דעם הייליקן, געבענטשט איז ער [1] און ווייטער: ״הכל צפוי והרשות נתונה... והכל לפי רוב המעשה״ — אַלצדינג ווערט פאַראויסגעזען, אָבער פריישאַפט איז געגעבן... און אַלץ, לויט די פיל מעשים... ״והפנקס פתוח והיד כותבת״ — דאָס בוך איז אָפן און די האַנט פאַרשרייבט... [2].

דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן בחירה פאַר דעם מענטש, דעם יחיד. דאָס זעלביקע וועגן בחירה פאַר אַ פאָלק, אָדער פעלקער.

די ייִדן, גערופן ״בני־ישראל״, ״זרע אברהם יצחק ויעקב״, זענען אַן אויסדערווײלט פאָלק, נישט בלויז צוליבן אָפּשטאַם; זיי זענען אויסגעווײלט געוואָרן, ווייל זיי האָבן מקבל געווען די תורה. די בני־ישראל זענען געוואָרן אַ הייליק פאָלק צוליב דער תורה; און זיי האָבן געמאַכט ארץ־כּנען פאַר אַ הייליק לאַנד.

דאָס לאַנד איז אויסדערווײלט געוואָרן צו הייליקייט: ״כי בחר ד׳ בציון״ — גאָט האָט אויסגעווײלט ציון, זי געגלוסט פאַר זיין וווינונג [3] ווייל ״כי יעקב בחר לו י־ה, ישראל לסגולתו״ —וואָרום גאָט האָט אויסדערווײלט פאַר זיך יעקב, ישראל פאַר זיין באַזונדערס אייגנס... ביידע בחירות זענען אַ רעזולטאַט פון מעשים, הייליקע מעשים — ״והתקדשתם והייתם קדושים״ — און איר זאָלט אייך הייליקן און זיין הייליק, וואָרום איך, השם, בין אייער גאָט [4].

די קדושה פונעם מענטשן איז אָפּהענגיק אין זיין אויפפירן זיך; דער מענטש באַשטימט זיין גורל, און דאָס איז געווען באַלד פון בראשית.

די קנאָה אויף דעם מענטשן האָט זיך אָנגעהויבן ביים באַגין פון באַשאַף;

"גוטע מלאָכים" האָבן געווינט — ווי עס ווערט געזאָגט אין ספרים — ביים געבורט פון מענטש. זיי האָבן דאָס געזאָגט: "מה אנוש ותדעהו..." [5]. דער רבונו של עולם האָט זיי אָפּגעענטפערט: וואָס, איר ליבט מיך אין די הויכן?... דער מענטש ברענגט לויב אונטן, אויף דער ערד...

דער באַשאַף פון מענטש איז געווען מיטן ציל, ער זאָל ברענגען מלכות־שמים אויף דער ערד. די התחלה איז געמאַכט געוואָרן מיטן אויפשטייג פון אברהם אָבינו. דער פינאַל, ווי אַ דערהויבונג, פאַר די אָפּשטאַמיקע פון אברהם אָבינו, איז געשען ביי קבלת־התורה.

ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרשים האָט סמא"ל, דער שפּעטערער שר של עשיו, אונטערגעפירט אַז דער נחש זאָל פאַרפירן דעם ערשטן מענטשן, אים אַראָפּנעמען פון דער גדולה, אַרויספירן פון גן־עדן. ס'איז אים געלונגען — אָבער נישט אין גאַנצן. דער מענטש איז געבליבן ביי זיין בחירה און האָט די מעגלעכקייט זיך אויפצובינדן פון דער "זוהמא", פון די אינסטינקטן וואָס האָבן אים געפּענטעט. ער קאָן לייטערן און קאָנטראָלירן זיינע אינסטינקטן, דורך זיין אינטעלעקט און האַרץ־געפילן, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די ווערק פון רמב"ם און אין כוזרי.

מיטן געבן דעם מענטשן די בחירה האָט מען געגעבן אַ זין זיין לעבן, זיין גייסט. יהדות, ווי פאַרמולירט אין תורת־משה והנביאים, איז נישט בלויז אַ רעליגיע מיט אינסטיטוציאָנעלע פאָרמען. דאָס איז אַן אמונה, באַהויכט פון קדושה און די קדושה נעמט אַרום דאָס עטיש־סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, וואָס דאַרף ברענגען די רעאַליזירונג פון גאולה פאַר דעם יחיד, פאַר דעם ציבור, פאַר דעם אחרית־הימים פון וועלט־באַפרייונג.

יהדות שטעלט מיט זיך פאַר דעם מאָנאָטעיִסטישן פּרינציפּ אין אמונה, וואָס שטעלט אויך, ווי אַ פּרינציפּ אין דער אמונה, דעם ייִדישן באַנעם פון נאַציאָנאַל־סאָציאַל־אוניווערסאַלן אידעאַל, וואָס זאָל נישט בלייבן אין אַבסטראַקט, אין דער אוטאָפּיע, נאָר אַזעלכער וואָס באַקומט אַ קאָנקרעטע גאַנצקייט, וואָס לערנט דעם מענטשן דירעקט וואָס עס איז גוט פאַר דעם מענטשן: "הגיד לך אָדם, מה טוב ומה ד' דורש ממך, כי־אם עשות משפט ואהבת חסד, והצנע לכת עם אלקיך" — מ'האָט דיר אָנגעזאָגט, מענטש, וואָס איז גוט, און וואָס השם פאַרלאַנגט פון דיר: נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גענאָד און אומגיין שטיל פאַר דיין גאָט [6].

אין יהדות גייט צוזאַמען, האַרמאָניש, דאָס סאָציאַל־עטישע מיט די געטלעכע פּרינציפּן; דאָס אינדיווידועלע מיט דאָס קאָלעקטיווע. דאָס זעען מיר אין תנ"ך, אין תלמוד, אין די פילאָזאָפישע ווערק פון ר' סעדיה גאון (רבי סעדיה בן יוסף, געב. אין דער שטאָט פאַיום־פּיתום, עגיפּטן, אין יאָר תרנ"ב—892; תש"ב—942), פון רמב"ם, כוזרי און זייערע נאָכפאָלגערס.

רבי סעדיה גאון האָט זיין פילאָזאָפישע שיטה אַרויסגעבראַכט אין אַראַביש אין זיין ווערק: „כתאב אלרד אלא ענן״; זיין מאָנומענטאַל ווערק „האמונות והדעות״ (אין אַראַביש) געשריבן אין דער דעמאָלטיקער אומגאַנגשפּראַך פון ייִדן אין בבל, סיריע און אַנדערע לענדער מיט ייִדישע ישובים, האָט באַלויכטן און געשטאַרקט די ייִדישע אמונה מיט שלטון השׂכל, מיט לאָגיק און פאַרשטאַנד. מיטן דאָזיקן, ווי מיט די אַנדערע ווערק, ווי למשל זיין פירוש אויף תורה, א. ג. „תפסיר רבינו סעדיה גאון הפיתומי ז״ל״ [7] האָט ער באַגרינדעט אויף אַ פילאָזאָפישן אופן די ייִדישע מחשבה, די ייִדישע אמונה.

רבי סעדיה גאון ווערט באַטראַכט פאַר דעם שעפער פון רעליגיעז־פילאָזאָפישן סיסטעם; ער איז דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעפירט יהדות אויפן ברייטן שליאַך פון דער אַלוועלטלעכער פילאָזאָפיע; ער איז געוואָרן די העכסטע אויטאָריטעט וואָס שייך ייִדישער מחשבה און איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן דורך די שפּעטערדיקע ייִדישע דענקערס, פילאָזאָפן, ווי דער רמב״ם און אַנדערע.

רבי סעדיה גאון האָט צעקלאַפּט די קאַראַימישע טעאָריעס און געוויזן אַז יהדות שבכתב מוז דערגאַנצט און אויסגעטייטשט ווערן לויט דער גביאישער אַנטפּלעקונג און תּלמודישע תּורה־שבעל־פּה־אויסטייטשונגען. די מסורה — האַלט ער — איז די באַזע פאַרן בנין פון יהדות וואָס האַלט זיך אויף דער אמונה, אַז ס'איז דאָ אַ יין באַשעפער: דער באַשעפער פון דער מאַטעריע, פון דער פיזישן כּוח איז דער באַשעפער פון גייסט, פון דאָס נשמהדיקע אינעם מענטשן. דאָס ראַציאָנאַלע גייט צוזאַמען מיטן מיסטישן; דאָס אי־ראַציאָנאַלע און דאָס ראַציאָנאַלע — ביידע שטעלן צוזאַמען דעם אידעאַלאָגישן יסוד אין יהדות.

דער גאון האָט נישט בלויז באַקעמפט די טעזיסן פון ענן בן דוד (715—790), דעם גרינדער פון דער קאַראַימער־סעקטע (קראים), נאָר אָוועקגעשטעלט די תּורה־שבעל־פּה, ווי אַ דערגאַנצונג צו תּורה שבכתב. ער ווערט אויך אַנערקענט אַלס שעפער פון דעם רענעסאַנס אין דער ייִדישער מחשבה. ער האָט געשאַפן דעם קלימאַט פון לערנען מיט לאָגיק, קעגן דער פאַרגליווערטקייט פון מצוות אנשים מלומדה, קעגן סתם דאָגמעס, אַן וועלכער ס'איז פאַרשטענדעניש און לאָגישער באַגרינדונג.

רבי סעדיה גאונס סיסטעם פון לערנען און פאַרטייטשן די תּורה איז געווען אַ ווענדפּונקט אין דער עוואָלוציאָנערער אויסווירקונג פון דער ייִדישער מחשבה; ער האָט צוזאַמענגעפירט די העכסטע ענינים אין דער תּורה־שבעל־פּה מיט די רייד פון די נביאים אין האַרמאָנישן גייסט פון תּורת־משה: די נאַציאָנאַל־סאָציאַלע מיט די מאָראַליש־רעליגיעז־עטישע פּרינציפּן. אַלץ ווערט געקייטלט, געאייניקט און פאַרבונדן מיטן שטאַרקסטן קשר פון לאָגיק און מיסטיק, ווי אַ בשותּפותדיקע טרייבקראַפט; הומאַניזם ווערט פאַרבונדן מיט געטלעכקייט, ווייל דער מענטש

איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט, זיין אמונה איז "אחדות הבורא" — גאָט־איינציקייט, וואָס גיט אים, דעם מענטשן, ווי דער היינטצייטיקער מומחה אין פילאָזאָפיע, שלמה סוסקאָוויטש, דריקט זיך אויס, "אַ זין... לאָגיש נויטווענדיקייט און אוניווערסאַל־גילטיק" [8].

מיר האָבן נישט בדעה זיך אַריינצולאָזן אין אַ פילאָזאָפישער עקסקורסיע. אונדז גייט אין אָנוועקשטעלן דעם מענטש ווי מיר זעען אים אין תנ"ך און אין תלמוד.

די תורה רעדט צום יחיד און דורכן יחיד צום ציבור: "אדם כי יקריב" — אַ מ ע נ ט ש (עמעצער) פון אייך [9]; "אדם כי יהיה" — אַ מ ע נ ט ש, אַז אויף דער הויט פון זיין לייב [10]; "נפש כי תחטא" — אַז אַ נפש (עמעצער) וועט זינדיקן [11] און אַזוי ווייטער, ווייל די תורה "זעט אין דעם מענטשן, ווי אַ יחיד דאָס קאָנקרעטע. מענטשהייט בלייבט אַן אַבסטראַקטער באַגריף" [12]. נאָך מער: מענטש איז נישט בלויז דאָס ק אָ נ ק ר ע ט ע אין דער יצירה; מענטש איז די אידעאַלסטע באַשעפעניש, נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז "עפר מן האדמה" [13] — ווייל אויך שטויב פון דעם סאָרט איז נישט אָוועקצומאַכן.

די גרויסקייט פונעם מענטשן איז זיין בחירה חפשית, דער מענטש זאָל קענען אויסקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס. דאָס גיט אים אַ זין אין לעבן, גיט אים אינהאַלט, גיט אים אַ מעגלעכקייט צו זוכן זיין אייגענעם תיקון־הנפש און דעם תיקון אין זיין סביבה — אַ געראַנגל, וואָס, דערגרייכנדיק דעם גייסטיקן זיג, האָט מען שלומדיקייט אין געדאַנק "פיס אָף מיינד". דאָס קען מען דערגרייכן, ווען מען באַפרייט זיך פון זינד, ווייל "ניטאָ קיין שלום אין מיינע ביינער — אין שלום בעצמי מפני חטאתי — צוליב מיינע זינד" [14] דריקט זיך אויס דער "נעים זמירות ישראל".

דער מענטש ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן — זייענדיק באַהערשט פון כל מיני מכשולים, טאָר זיך אָבער נישט לאָזן באַהערשן פון פאַטאַליסטיש־דעפּעטיסטישע שטימונגען. אפילו אין אַ פּעריאָד פון שווערע קריזיסן, אפילו ווען ער זעט פאַר זיך די "חרב חדה" איבער זיין האַלז — זאָל ער זיך נישט פאַרמיידן פון רחמים: "אפילו חרב חדה מונחת לו על צוארו של אדם אל ימנע עצמו מן הרחמים" [15]. יהדות איז דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם, מיט דער זיכערקייט, אַז דער מענטש קען דערהויבן ווערן, זיך באַפרייען פון גופניותדיקייט און געהייליקט ווערן רוחניותדיק, פאַריאָגן די פינצטערניש און דערזען ליכט, "כי אשב בחושך — ד' אור לי" [16].

עבודת־השם — ווי דאָס ווערט אַזוי שטאַרק באַטאָנט אין חסידות — דאַרף זיין בשמחה. אין חסידות האָט מען אויך געלערנט אַז דאָס חומריותדיקע אינעם מענטשן קאָן דערהויבן און געהייליקט ווערן דורך ב י ט ו ל ־היש, וואָס ברענגט

צו התרוממות־היש. ער דאַרף באַהערשט ווערן פונעם באַוווסטזיין, אַז אין אַלץ איז דאַ די גרויסקייט פון גאָט, אַז איבער אים איז דאַ די געטלעכע גרויסקייט, ווייל ער איז דאָס העכסטע אין דער יצירה, ער שטעלט מיט זיך פאָר די האַרמאָנישע גאַנצקייט.

נאָכן הטא־הקדמון האָט דער מענטש געהאַט ירידה. מ'האָט אים אָבער געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פון אָט דער דאָזיקער ירידה דורך זיינע אינ־טעלעקטועלע כוחות צוזאַמען מיט די עמאָציאָנעל־סענסיטיווע אייגנשאַפטן.

פונקט ווי דאָס נאַטור־געזעץ קאָנטראָלירט די נאַטור־אינסטינקטן, אַזוי דאַרף דער אינטעלעקט אינעם מענטשן, צוזאַמען מיט די עטיש־מאָראַלישע ווערטן, קאָנטראָלירן דעם מענטשנס דעמאָנישע ליידנשאַפטן און נישט דאַרפן מבטל מאַכן דאָס ערדישע אינעם יצירה־פּראָצעס.

דאָס ערדישע האָט חשיבות: אַלץ קומט פון דער ערד. אַלע לעבעדיקע באַשע־פענישן (אויסער פיש) קומען פון דער ערד. אַזוי דער מענטש — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט — קומט פון דער ערד, "שטויב פון דער ערד". אברהם אבינו זאָגט וועגן זיך: ואנכי עפר ואפר" — איך בין שטויב און אַש [17] און קהלת דערקלערט: "הכל היה מן העפר והכל שב אל העפר" — אַלץ קומט פון שטויב און אַלץ קערט זיך אום צו שטויב [18].

די באַזע פון אַלץ — די מאַטעריע — איז די ערד. האָט דער מענטש געזינדיקט איז די ערד — צוליב אים — פאַרשאָלטן געוואָרן [19]. די אויפגאַבע פונעם מענטש איז זיך צו דערהויבן — סימבאָליש גערעדט — איבער דער ערד, ווייל ס'איז אים געגעבן געוואָרן אַ נשמת־חיים, גייסט־אימפּולסן. ער דאַרף "כל ימי חלדו", אַזוי לאַנג ווי ער געפינט זיך אויפן ערדקיילעך, זוכן צו דערגרייכן אָט די דערהויבנקייט וואָס קומט צום אויסדרוק אין תורת־משה דורך ליבע צו גאָט, דעם באַשעפער, און צום מענטש, וואָס טראָגט אין זיך דעם צלם אלקים. די מאָס, ווי דערהויבן אַ מענטש איז, ווערט געמאָסטן דורך די צוויי אהבות, דורך אָנערקענען די געטלעכע אויטאָריטעט — אחדות הבורא — און אָנערקענען די גרויסקייט פונעם מענטש, ווי די קרוין פון יצירה. דער מענטש איז באַשאַפן פון שטויב און דאָך האָט די וועלט אַ קיום — אַ דאַנק אים.

דער רמב"ם האָט נעגירט דעם געדאַנק אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר דעם מענטש: "דער מענטש וואָס האָט פאַרשטאַנד ווייסט ווי קליין און נישטיק ער איז אין פאַרגלייך מיטן קאָסמאָס". אויב דער מענטש זאָל זיין דער גאַנצער תכלית פון דער בריאה, האָט מען דאָך געקענט באַשאַפן בלויז דעם מענטש... [20].

אין פלוג זעט אויס, אַז אַנדערע בעלי־מחשבה זענען נישט מסכים מיט אָט דעם קאָנצעפּט. ווען מען טראַכט זיך טיפער אַריין אין די אַלע אַרויסגעזאָגטע

באהויפּטונגען, איז דער רמב"ם גאַרנישט מחולק מיט אַנדערע השקפות. דער מענטש, זענען אַלע מסכים, איז דער קלימאַקס אין דער יצירה, ווי עס ווערט געזאָגט: "אני אמרתי אלהים אתם ובני עליון כולכם — אכן כאדם תמותון"... איך וואָלט געזאָגט, ג ע ט ע ר זייט איר, און זין פון דעם אויבערשטן (עליון) זייט איר אַלע, אָבער ווי אַ מ ע נ ט ש וועט איר שטאַרבן און ווי איינער פון די ה א ר ן וועט איר פאַלן...[21].

דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט זיך צו דערהויבן צו די הויכע מדרגות, לויט זיין באַנעמונג, לויט זיינע רעאַליזירטע מאָראַליש-עטישע פּרינציפּן. נישט אומזיסט האָבן די נביאים געשטראָפט, געמאָנט הומאַניזם, יושר, און גערופן צו באַקעמפן הערשערס-טיראַנען.

די נביאים האָבן געפּריידיקט אמונה, געבראַכט גאָטס וואָרט צו זייער פאָלק, מיט דער איבערצייגונג אַז גאָט איז דער באַשיצער פון יעדן יחיד און פון יעדער פאָלק. זיי האָבן אַרויסגעבראַכט די גאָט-דערקענטעניש וואָס יעדער, לויט זיין מדרגה, דאַרף באַנעמען, יעדנפאַלס שטרעבן צו דער דאָזיקער דערקענטעניש, צו שלימות, כדי דאָס חומריותדיקע זאָל ווערן דערהויבן צו גייסטיקייט.

אַזוי לערנען מיר אין דער תורה-שבכתב, די פאַרשריבענע תורה, און אַזוי לערנען מיר אין דער תורה-שבעל-פה, די מינדלעכע תורה, דער קוואַל פון יידישער געזעצגעבונג. די גמרא ברייטערט אויס, פאַרטיפט, אַנאַליזירט און גיט צו פאַרשטיין די משנה, די שאַפונג פון רבי יהודה הנשיא, וואָס האָט באַפעסטיקט די זיטלעכקייט און די באַנעמונג צווישן מענטש און גאָט און די צווישנמענטשלעכע, טאָג-טעגלעכע אויפפירונגען.

רבי יהודה הנשיא, דער מסדר פון דער משנה, ווערט גערופן "רבנו הקדוש". דער תלמוד גיט אָן די אויבן-געזאָגטע סיבה פון זיין דערגרייכן דעם דאָזיקן טיטל. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז נאָך עלעמענטן אין זיינע מידות, האָבן אים באַרעכטיקט צום דערהויבענעם טיטל: זיין עניוות, זיין התמדה, זיין פאַרשפּרייטן תורה און זיין אויסוואָרצלען תאווה און כעס. נישט געקוקט אויף זיין רייכקייט, האָט ער נישט הנאה געהאַט פון גופניותדיקייט: "בשעת פטירתו של רבי, זקף עשר אצבעותיו לפי מעלה ואמר: רבונו של עולם, גלוי וידוע לפניך שיגעתי בעשר אצבעותי בתורה ולא נהניתי אפילו כאצבע קטנה"[22].

וואָס איז תורה? די תורה לערנט אונדז די עטיק פון מענטשלעכקייט, די קדושה פון מענטשלעכן לעבן, צו באַאַרבעטן און באַהערשן דעם יצר, וואָס איז "רע מנעוריו", וואָרום די טראַכטונג פון דעם מענטשנס האַרצן איז שלעכט פון זיין יוגנט אָן...[23].

יעדער נפש — דריקט זיך אויס דער בעל התניא אין שולחן ערוך הרב — דאַרף האָבן אַ תיקון; מתקן זיין לויט זיינע מוח-השגות זיין נפש דורך תורה, דורך

פאַרטיפן זיך אין ידיעות־התורה, וואָס איז די שפּייזעריין פון דער נשמה, ווי עס ווערט געזאָגט אין קבלה־ספרים: "דמזונא דאורייתא, איהו מזונא דנשמתא". גרעסער דער מענטש, גרעסער די דערגרייכונגען — רבי יהודה הנשיא, ווערנדיק אין גאַנצן געשפּייזט פון תורה — צו זיין התמדה איז דאָך נישט געווען קיין פאַרגלייך — האָט זוכה געווען, צו קדושת־התורה, צום טיטל "רבנו הקדוש".

דער גאונישער אדמו"ר רבי גרשון העניך זצ"ל, האָט אין זיין "ארחות חיים" אַ לענגערן מאמר וועגן קדושת־ישראל און אחדות־ישראל, באַווייזנדיק אַז איינס איז אָפּהענגיק אין דאָס אַנדערע.

רבי שלמה זלמן שרגאי, דער מומחה פון חסידות ראַדזין און אידעאָלאָג פון תורה ועבודה, איז מיט דער מיינונג, אַז אַ דאַנק דער דאָזיקער אחדות איז די בחירה פאַר דעם בחיר־היצירה אַן אייביקע, אַ נצחיותדיקע, אַ בחירה עולמית — "אשר בחר בנו מכל העמים" — ער האָט אונדז אויסגעקליבן און אויסדערווײלט פון אַלע פעלקער — און דאָס צוליב דער קדושה פון דער תורה.

דער יחיד — איז ער מסביר — קאָן האָבן בחירה, אפילו אויף אַזוי ווייט, צי ער זאָל בלייבן אין קדושת־ישראל. דער ציבור קען דאָס נישט טאָן. די קדושה פון יידן, ווי אַ קאָלעקטיוו, ווי אַ פאָלק, בלייבט אויף אייביק.

ר' שלמה זלמן שרגאי ברייטערט אויס זיין טעזע, אויפן סמך פון ראַדזינער חסידות, אַז אויך די קדושה פון ארץ־ישראל איז אַן אייביקע, און קיינער קען נישט אָפּטאָן פון ארץ־ישראל די קדושה אין וועלכער זי איז געהילט [24]. אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין דעם מאמר: "לעולם אין השכינה זזה מכותל המערבי... שאף־על־פי שחרב, שכינתו עומדת" — די שכינה, די געטלעכקייט, האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעטאָן פון דער מערב־וואַנט, אפילו נישט נאָכן חורבן [25].

לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג ווערט גאַנץ ארץ־ישראל באַטראַכט פאַר אַ הייליקייט, ווי די פאַרהייליקטע וואַנט, דער איבערבלייב פון בית־המקדש.

דער קאָנצעפּט פון די צווייי קדושות — שרייבט שרגאי — גייט דורך אין ראַדזינער חסידות ווי אַ רויטער פאָדעם, אין די ספרים פון אַלע איזביצא־ראַדזינער אדמו"רים: "כחוט השני במשנתה של חסידות איזביצא־ראַדזין" און ער קומט צום אויסדרוק ביים גאונישן, ווונדערלעכן תלמיד־און אדמו"ר איזביצא־לובלין, ר' צדוק הכהן מלובלין זצ"ל:

"...אמר בעל "מי השלוח"... שכל נפש מישראל, איך שנופל, הוא נופל בחיקו של השי"ת" — אַ יידיש נפש, אַ יידישע נשמה, אפילו ווען זי פאַלט, פאַלט זי אין גאָטס שויס [26].

דער כהן זצ"ל ברייטערט אויס די צימצומדיקע ווערטער פון זיין רבין אין חסידות. ער באַגרינדט דעם דאָזיקן געדאַנק אויף אַ צאָל פסוקים: "השוכן אתם בתוך טומאותם" — וואָס רוט ביי זיי אין מיטן פון זייערע אומרייניקייטן [27].

ער טייטשט דעם פסוק אין תהלים [28]: "גם כי אלך בגי צלמות — לא אירא רע" — אפילו, אַז איך גיי אין טאָל פון טויטשאָטן, האָב איך נישט קיין מורא פאַר בייז, וואָרום דו ביסט מיט מיר, אַז די נפילה מיינט אַראָפּפאַלן אין מדרגה, דערהייבט אים דער רבונו־של־עולם, צוליב דער איינגעבוירענער קדושה.

ווען דער נביא הושע — זאָגן חז"ל — האָט, צוליבן זען אַזוי פיל זינד ביי יידן, פאַרלאַנגט פון רבונו־של־עולם, ער זאָל אויסטוישן, אויסבייטן זיין פאָלק ישראל אויף אַן אַנדער פאָלק, האָט הקב"ה אים שאַרף געענטפערט: "אם אני סובל, למה אין אתה יכול לסבול אותם?". אין דער גמרא איז דער נוסח: "מה אעשה לזקן זה?" — וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם זקן, וואָס וויל אויסטוישן דאָס יידישע פאָלק? און אין מדרש: "למי אני מסתכל? לאבותיהן הקדושים"? — צו וועמען איז מיין בליק? — צו זייערע הייליקע אָבות [29].

דער רמב"ם שרייבט (אין זיין באַרימטער "אגרת תימן"):

"זאת התורה, לא ימלט ממנה איש מבני יעקב, לא הוא ולא זרעו ולא זרע זרעו..." ד"ה, אַז די קדושה פון פאָלק איז נישט בלויז צוליב די הייליקע אָבות, נאָר צוליב קבלת־התורה. און אין זוהר: "קוב"ה, אורייתא וישראל חד אינון" — אַ דרייפאַכיקער קשר, וואָס קען נישט איבערגעריסן ווערן [30]. ווען אפילו אַ ייד פאַלט פון זיין מדרגה, ווערט פאַרבלאָנדזשעט, די סטרא־אחרא האָט אים אַריינגעכאַפּט, האָט ער אַלץ אַ מעגלעכקייט זיך צו דערהייבן, זיך אַרויסצוכאַפּן אויף דער לייטער וואָס פירט צו קדושה; אין לשון פון זוהר און מדרשים: "לעלות לשרשה, והבא לטהר מסייען אותו" [31].

מיטן כּוח פון דער תורה האָבן יידן אין דער חושכדיקסטער צייט דעמאָנסטרירט זייער אמונה אין אחדות־הבורא, אחדות־העם און אָנגעהאַלטן דעם צוזאַמענבונד איבער דער פאַרשפּרייטקייט אין אַלע גלותן.

תורה, הלכה און אגדה, תנ"ך און תלמוד האָבן דערהויבן דעם יידישן מענטש און אים געגעבן אַ דערהויבענע אויפגאַבע: דאָס הימלישע זאָל נידערן אויף דער ערד און דאָס ערדישע זאָל דערגרייכן הימלדיקייט.

"משה עלה למרום" — טייטשט דער מהר"ל לויט דער גמרא [32], אַז משה רבנו איז דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער הימלישער מדרגה, בעתן מקבל זיין די תורה. די אַנדערשקייט פון יידישן פאָלק צו אַנדערע פעלקער איז צוליב זיין שורש — דער באַגין פון יידישן פאָלק איז געווען אַ דערהויבענער, געשורשט אין מעשי־אָבות.

דער מוסטערמענטש פון רחמים און חסד, וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט די מעשים פון פּאַטריאַרך אברהם אבינו, ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, דריקט זיך אויס: "אפילו אם אין אנו עושין רצונו יתברך, גם כן אנו אהובים מן העכו"ם" —

אפילו בשעת מיר טוען נישט זיין ווילן, יתברך, זענען מיר אַלץ בעסער פון אַנדערע פעלקער, ווייל דער שורש איז אַן אַנדערער — אַ שורש פון גערלייטערטקייט, פון הימלישקייט...

מענטשלעכע נייגונג צו שלעכטס איז געקומען פון אדם הראשון, די נחש־זוהמא האָט אים באַהערשט, ביז אברהם אָבינו וואָס האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג פון מתקן זיין די וועלט. ווי עס ווערט געשילדערט אין תנ״ך, אין די מדרשים און ביי פאַרשערס, האָט ער, דער ערשטער, אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אַרויסגעבראַכט די מאָראַלישע אימפּעראַטיוון, נאָך איידער די תורה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויפן באַרג סיני.

די סוביעקטיווע אינערלעך־מענטשלעכע וועלט איז פאַרשיידנאַרטיק און קאָמפּליצירט. דער מענטש איז באַהויכט פון אינטעלעקט, געפיל, און איז בכוח צו סינטעזירן אין האַרמאָנישער גאַנצקייט די ביידע עלעמענטן אינעם מענטש.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר יחידי־סגולה איז דאָס אַ לייכטערער פּראָצעס, אָבער פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטש, מיט זיינע באַשרענקטע כוחות, קומט עס אָן שווערער. אָבער שטרעבן און קעמפן ביי זיך האָט יעדער מענטש, פון בראשית אָן, די מעגלעכקייט.

אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — ווי מיר זעען עס אין תנ״ך און אין די היסטאָרישע שריפטן, וואָס שייך דעם אַלטערטום און אויך אין די ווערק וועגן דער נייער צייט — האָבן גייסטמענטשן, שעפערישע מענטשן אויף אַלע געביטן, געזוכט צו שאַפן פאָרמען וועלכע זאָלן העלפן אין דער האַרמאָנישער באַציִונג צווישן מענטשן און פעלקער. אויסנאַמען זענען תמיד געווען און נישט איין פילאָזאָף און דענקער האָט געשטערט דעם פּראָצעס פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג. בדרך־כלל האָבן אינטעלעקטואַלן מיט זייער פאַרנונפט געהאָלפן די אַנטוויקלונג פון דער קולטור און ציוויליזאַציע ביי אַלע פעלקער; אַרויסגעהויבן דעם אידעאַל פון פרייהייט, פריינדשאַפט און דעם אַלגעמיינעם ווױלזיין. גאָר באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן ייִדישע בעלי־מחשבה, וועלנדיק אַרויסהייבן די לעבנסצילן פון ייִד און מענטש צו אַ העכערן באַוווּסטזיין. וועגן דעם וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אין די ווייטערדיקע פּרקים.

**ב. דער מיין פון בחירה. — אייגנאַרטיקייט פון ייִדישן פאָלק. — מאָראַל וואָס היילִיקט מענטשלעכער לעבן.**

בחירה, אויסדערוויילטקייט ביי ייִדן, איז תמיד געשטאַנען — און שטייט עד היום — אויף אַ העכערער רעליגיעז־מאָראַלישער פלאַך. ווי געזאָגט אין די פריערדיקע פּרקים, איז דאָס נישט געמיינט אויסנאַמיק צוליב ראַסע, עטניק, נאָר

התחייבות — בחירה, מיטן פאַרלאַנג: "קדושים תהיו, כי קדוש אני" — הייליק זאָלט איר זיין, ווייל איך, אייער גאָט, בין הייליק [1]. אַ מענטשלעך לעבן, אָבער ריין און הייליק, לויט דער געטלעכער בחירה.

דער ייִדישער "אתה בחרתנואיזם" איז באַזירט אויף אַ סינטעז פון סאָציאַל־נאַציאָנאַלער און אוניווערסאַלער גערעכטיקייט: קעגן ראַסן־דיסקרימינאַציעס, קעגן שאָוויניזם, קעגן רציחה.

דער מענטש, אינעם אמונהדיק־ייִדישן באַנעם, איז די קרוין פון באַשאַף, באַזונדערס צווישן די בעלי־חי, דעם לעבעדיקן באַשאַף. ער באַזיצט נשמה, באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט און ער האָט אַ גוף, ווי אַ לבוש פאַר דער נשמה; ער דאַרף זיך באַמיען אייַנהיטן גוף און נשמה צו אַן אייַנהייט, וואָס זאָל דעם מענטשן געבן די רעכט אויף זיין טיטל. ווען ער קאָן דאָס באַווייזן, איז ער גרעסער פון אַ מלאַך. דער מדרש דערציילט, אַז, ווען דער רבונו של עולם האָט זיך באַראָטן מיט די מלאכי־השרת וועגן מענטש־באַשאַף, האָט ער זיי געזאָגט, אַז די חכמה פון דעם מענטשן וואָס ער וויל באַשאַפן וועט זיין גרעסער פון דער חכמה פון די מלאָכים: "אדם שאני רוצה לבראות, תהא חכמתו מרובה משלכם" [2] — ער וועט האָבן אַ געראַנגל צווישן צוויי כּוחות: יצר־טוב און יצר־רע — און ער וועט דאַרפן מיט זיין חכמה און בחירה זיך קענען דערהויבן צו דער הויכער מענטש־מדרגה.

די ייִדישע קאָנצעפּציע פון מענטשבאַשאַף איז אַ מאָניסטישע, "אדם יחידי נברא" [3]; ערשט נאָכן געבורט איז ער געטיילט געוואָרן אויף זכר און נקבה. דער באַשאַף איז געווען איין מענטש וואָס זאָל באַזיצן: גוף, נפש, רוח, נשמה — און די נשמה איז דאָס ליכט פון גאָט: "נר ד' נשמת אדם" [4].

דאָס וואָרט גוף ווערט אין תּנ"ך פאַרביטן מיטן וואָרט בשר, ווי עס ווערט געזאָגט: "לשחת כל בשר אשר בו רוח חיים" — אומברענגען יעטוועדער לייב וואָס אין אים איז דאָ אָטעם פון לעבן [5]. דאָס ווייזט, אַז אין צייט פון מענטשלעכער ירידה, ווערט גוף בלויז בשר, אַ שטיק פלייש. רוח האָט עטלעכע טייטשן, פּשוט: אָטעם; אַ צווייטער טייטש — ווינט [6] און אַ דריטער — גייסט, ווי דער פּסוק זאָגט: "לא בחייל ולא בכח, כי אם ברוחי" — נישט מיט חייל און נישט מיט כּוח, נאָר מיט מיין גייסט, זאָגט גאָט [7]. די תּורה פאַרלאַנגט גייסט, קדושה, וואָס דערהייבט דעם מענטשן, דאָס פאָלק, צו ווערן "סגולהדיק": "והייתם לי סגולה מכל העמים" — איר וועט זיין צו מיר אַ באַזונדער אייגנס־געליבט פאָלק צווישן פעלקער [8].

דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז געקומען פאַר מתּן־תּורה, ווי אַ הכנה צו קבלת־התּורה — אַ פאַרלאַנג פון קדושה פאַר דעם יחיד און פאַר דעם ציבור. די קדושה פונעם יחיד דאַרף משפּיע זיין אויף דעם ציבור, אויף דער געזעלשאַפט: "ונקדשתי בתוך בני ישראל". קדושה דאַרף האָבן אַ מנין ייִדן: "כל דבר שבקדושה לא יהיה

פחות מעשרה" [9]. ווען צען ייִדן צוזאַמען ווערן באַהערשט פון קדושת־ישראל געהערן זיי צום "עם הנבחר", ווערן זיי באַטראַכט פאַר אַן אויסדערוויילט פאָלק.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פונעם אויסדערוויילטן פאָלק ווערן אויך אָנגעגעבן דריי סימנים: "שלושה סימנים יש באומה זו, רחמנים, ביישנים וגומלי חסדים" [10], דאָס זענען די עיקר־סימנים פאַר "זרע־אברהם", ווייל אַזוי האָט זיך געפירט אברהם אָבינו און ער האָט דאָס איבערגעגעבן — ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט — צו די, פון אים אָפּשטאַמיקע.

דער מהרש"א [11] גיט דערויף אַ לענגערע דערקלערונג, ברענגנדיק דעם מאמר: "כל המרחם על הבריות, בידוע שהוא מזרעו של אברהם אבינו..." [12]. ס'איז דאָ נאָך אַן ענלעכער מאמר [13], מיטן צוגאָב פון אַ פאַרזיכערטן שׂכר: "כל המרחם על הבריות — מרחמין עליו מן השמים".

ישראל ווערט כאַראַקטעריזירט ווי דער "עז באומות", אַ קעמפעריש פאָלק מיט עזותדיקייט — אָבער, ווי דאָס ווערט אויסגעטייטשט, איז עס געמיינט געוואָרן אַן "עזות־דקדושה" [14]. לויט אַנדערע מאמרי חז"ל, זענען ייִדן אויסדערוויילט געוואָרן ביי מתּן־תּורה: "כל מי שאין לו בושה, בידוע שלא עמדו אבותיו על הר סיני" [15]. מיר וואָלטן געקענט ברענגען נאָך אַ צאָל מאמרים אין וועלכע ס'ווערט געגעבן אַ כאַראַקטעריזאַציע פון ייִדן. אָבער צוליב וואָס אַן אריכות־דברים? דער פאַקט איז, אַז זה וזה גורם: ביידע, ירושה פון אורעלטערן צוזאַמען מיט תּורה, באַפעסטיקן דעם כאַראַקטער פון ייִדן.

אין דעם זין, קאָן מען פאַרשטיין דעם זאָג: "יש חכמה בגויים — תאמין; יש תורה בגויים — אל תאמין" [16]: תּורה, מידות ווי אַן עם־סגולה, אַ ממלכת־כּהנים, האָבן חז"ל געהאַלטן, געפינט מען בלויז ביי "זרע־אברהם", ביי די וועלכע האָבן מקבל געווען די תּורה ביים באַרג סיני און זענען געלייטערט געוואָרן אַ דאַנק דער תּורה צו די געהויבענע מידות פון "עם־קדוש" און "עם־סגולה", ווי חז"ל באַהויפּטן: "לא נתנו המצוות אלא לצרף בהן את הבריות" [17].

דאָס אויפפירן זיך דאַרף אויך זיין — נישט זעלטן — לויט דער מידה פון "לפנים משורת־הדין" [18], אַ דאַנק וועלכער ישראל ווערט דערהויבן צו דער מדרגה פון ווערן גערופן: "ישראל אשר בך אתפאר" [19]. דער, וואָס איז זיך נוהג צו טאָן מער ווי דער דין פאַרלאַנגט פון אים, ברענגט כּבוד פאַר זיך, פאַר זיין פאָלק און ליבשאַפט דעם באַשעפער, ווי חז"ל דריקן זיך אויס: "כדי שיהא שם שמים מתאהב על ידך" [20]. אין אָבות, ווערט געזאָגט וועגן אַזאַ מענטש: "אוהב את המקום, אוהב את הבריות" — האָט ליב דעם באַשעפער; האָט ליב מענטשן [21].

אָדם־הראשון, געבוירן מיט אָט די פאָטענצן, איז צוליב חוה־און־נחש־זוהמא אַראָפּ פון דער דאָזיקער מדרגה. ווי מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן, איז קין — דער רוצח — געווען דער פּראָדוקט פון אָט דער "זוהמא" און דער רעזולטאַט:

דער באשעפער זאגט, "נחמתי כי עשיתים" — ווארום איך האב חרטה וואס איך האב זיי (דעם מענטשן מיט אלע לעבעדיקע) געמאכט [22].

פריער: "כל העולם כולו לא נברא אלא בשביל זה" — די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן צוליב אים, צוליב דעם מענטשן [23]. און ווען דער מענטש זינדיקט, ווערט דורך אים באשטראפט די גאנצע יצירה, קומט דער גזר פון "אמחה" — אפמעקן דעם מענטש, אלץ לעבעדיקס, פון דעם געזיכט פון דער ערד. נח געפינט חן, לייטזעליקייט, אבער ער ראטעוועט נישט די וועלט; ס'קומט דער מבול און עס איז אומגעקומען "יעטוועדער לייב וואס באוועגט זיך אויף דער ערד...".

אברהם־אבינו ווייזט א מוסטער פון א מאמין וואס שאפט כבוד דעם באשעפער און ער פארפלאנצט אמונה ביי זיינע קינדער, "למען אשר יצוה את בניו... ושמרו דרך השם" — ווארום איך האב אים דערקענט, כדי ער זאל באפעלן זיינע קינדער... זיי זאלן היטן דעם וועג פון גאט... [24] און זיינע קינדער האבן אים נאכגעפאלגט, געהיט מענטשלעך לעבן, ביזן הייליקן מאמענט, ווען מענטשלעך לעבן איז געהייליקט געווארן מיטן באפעל: לא תרצח!

רציחה האט זיך אנגעהויבן ביי קינען: ער האט געטויט זיין ברודער הבל. דאן איז געזאגט געווארן: "דאס שלעכטס פון דעם מענטשן איז גרויס אויף דער ערד". ווייל מענטשלעך בלוט איז הייליק. דאס בלוט פון יעדן מענטשן איז הייליק, ווייל, ווי חז"ל באהויפטן: "מאי חזית דדמא דידך סומק טפי" — פון וואנען ווייסטו אז דיין בלוט איז רויטער... [25].

וואס פארלאנגט גאט פונעם מענטשן? — ער פארלאנגט פון אים צו טאן גוטס און דאס איז געזאגט געווארן, אפילו צום רוצח: "אויב דו וועסט טאן גוטס, וועסטו אויפגענומען ווערן..." [26].

די יידישע אמונה, אנהייבנדיק פון אברהם־אבינו און באפעסטיקט דורך משה רבנו, אריענטירט זיך אויף דער מאראל און עטישן לעבן פונעם יחיד, אויף שלימותדיקייט צום פאלק, צום קאלעקטיוו, לויט דער מערקווירדיקער דעפיניציע: "עשה אדם מצוה אחת, הרי קידש את עצמו, מוסרין לו מלאך אחד". מיט איין מצוה,ביים יחיד, האט ער א מעגלעכקייט איבערצוּוועגן די גאנצע וועלט צום גוטן: "אשריו שהכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות" [27], ווייל איז אים, אז ער האט איבערגעוויגן זיך און די גאנצע וועלט צום גוטן און נאך מער: "מטיבין לו ומאריכין את ימיו ונוחל את הארץ" — ער פארדינט זיך ביידע וועלטן [28].

ווי ווייט די חכמי־התלמוד האבן ארויסגעהויבן די ירושה פון די אבות, וואס שייך מידות, איז צו זען דערפון וואס אפילו דער פושע־ישראל, נישט געקוקט אויף זיין פארדארבנקייט, קען מען אלץ געפינען ביי אים גוטסקייט, ווייל ס'איז אין

אים פאַרוואָרצלט קדושה, זינט דעם מעמד הר סיני: "פושעי ישראל מלאים מצוות כרמון" [29] — די וועלכע טוען אַ מאָל פאַרברעכערישע מעשים, זענען פול מיט מצוות.

די מפרשי־התלמוד באַמיִען זיך אויסצוטייטשן דעם דאָזיקן מאמר, אַז דאָ רעדט זיך נישט וועגן פושעי־ישראל "בגופן", דאָס מיינט פאַרדאָרבענע אויף אַ סך קרימינעלע פאַרברעכנס, נאָר אין לשון פון תוספות: "בפושעי קצת" [30]. דער מהרש"א אין חגיגה [31] פאַרנעמט זיך מיטן דאָזיקן ענין: "כבר כתבנו בו בשם הירושלמי שהיה גרע טפי משאר תלמידי חכמים פושעי ישראל, שהיה יודע רבונו ומרד בו..." ס'רעדט זיך וועגן אלישע־אחר, פון וועמענס קבר ס'האָט זיך געריסן אַ רויך, ווי אַן אָנווייז, אַז דאָס גיהנום ברענט מיט פייער איבער דעם דאָזיקן גרויסן געלערנטן, וואָס האָט געזינדיקט קעגן רבונו־של־עולם, פאַרשוועכט די מצוות פון דער תורה. זיין תלמיד רבי מאיר האָט זיך פאַרמאָסטן אים אַרויסצונעמען פונעם גיהנום. עס איז אַן אומאויסשעפּלעכע טעמע און מיר מוזן זיך באַגרענעצן.

אויף דעם פסוק "קול ד' יחיל מדבר, יחיל ד' מדבר קדש" — דער קול פון השם מאַכט ציטערן דעם מדבר; ד' מאַכט ציטערן דעם מדבר פון קדש [32] קאָמענטירט רש"י, פאַר וואָס עפּעס ק ד ש? "קדש" — האַלט רש"י — איז סיני; גערופן קדש, ווייל ייִדן זענען דאָרט געהייליקט געוואָרן: "על שם שנתקדשו ישראל עליו... ומדבר קדש הוא סיני..." און ווייטער: "ישראל נמי אקרי קדש, כמו שנאמר קודש ישראל לד' ראשית תבואתו" — הייליק ביי גאָט איז ישראל; דאָס ערשטע פון זיין תבואה, געפינס פון זיין שניט... פון זיין באַשאַף... [33].

קדושת־ישראל, ווי מיר זעען, איז אַ רעזולטאַט פון צוויי געשעענישן: קדושת־האָבות און קדושת־מעמד־הר־סיני — נאָכן דורכמאַכן דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט געקענט קומען דער פאַרלאַנג: "קדושים תהיו" — הייליק זאָלט איר זיין [34]. ווי עס ווערט געזאָגט, איז די קדושה פון מענטש נישט צו פאַרגלייכן צו דער קדושה פון הקדוש־ברוך־הוא: "יכול כמוני, ת"ל כי קדוש אני — קדושתי למעלה מקדושתכם" [35]. די קדושה פון השם יתברך איז העכער. קיין בשר ודם קען זיך נישט דערהויבן צו אַזאַ קדושה; דער מענטש קען דערגרייכן מ ע נ ט ש ל ע כ ע קדושה, מענטשלעך־הייליק לויטן קאָצקער טייטש. ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס מענטשלעך־הייליקע? דורך גוטע מעשים: לעבן לויט פּרינציפּן, תורה־פּרינציפּן און דאָן איז חל דער זאָג: "מה אני — אף אתה".

אדמו"ר רבי צדוק הכהן ווידמעט דער טעמע קדושת־ישראל אַ ספר מיטן נאָמען "ישראל קדושים". אין גרויסע טיילן פון זיינע ספרים "פרי צדיק", "צדקת הצדיק" און אין אַנדערע קלענערע אָבער נישט ווייניקער אינהאַלטסרייכע ספרים, באַהאַנדלט ער אויף אַ חסידיש־לומדישן שטייגער דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד און ווי אַזוי מ'קען אַרויף אויף דער לייטער פון גיין אויף די מדרגות ביזן העכסטן הויך, צום "ראש־הפסגה" פון קדושה, ווי כּדומה נאָכצופאָלגן די "מילי דחסידותא"

ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין אָבות און וואָס שליסט אויך איין די "מילי דנזיקין" [36] און ווי זיי ווערן אויסגערעכנט אין דער ברייתא: "פרישות מביאה לידי זהירות; זהירות מביאה לידי זריזות; זריזות מביאה לידי נקיות ונקיות לידי טהרה וטהרה לידי חסידות וחסידות לידי ענוה... לידי קדושה... לידי רוח הקודש" [37]. אין דער גמרא איז עס אַ מאמר פון רבי פינחס בן יאיר: "תורה מביאה לידי זהירות, זהירות מביאה לידי זריזות, זריזות מביאה לידי נקיות, נקיות מביאה לידי פרישות, פרישות מביאה לידי טהרה, טהרה מביאה לידי חסידות, חסידות (אַן אַנדער גירסא: קדושה, קדושה) מביאה לידי ענוה... וחסידות גדולה מכולם" און ווי אַ ראיה, ברענגט ער דעם פסוק: "אָז דברת בחזון לחסידיך" — האָסט אַ מאָל אין זעונג גערעדט צו דיינע פרומע... [38].

אין משניות (סוף סוטה): "רבי פינחס בן יאיר אומר, זריזות מביאה לידי נקיות, ונקיות מביאה לידי טהרה, וטהרה מביאה לידי פרישות, ופרישות מביאה לידי קדושה, וקדושה מביאה לידי ענוה, וענוה מביאה לידי יראת חטא, ויראת חטא מביאה לידי חסידות, וחסידות מביאה לידי רוח הקודש..."

צוליב דער וויכטיקייט פון דער דאָזיקער עליה־לייטער, זעט אויס, האָט מען אַריינגענומען די ברייתא, צו פאַרענדיקן מסכת סוטה, אין וועלכער ס׳רעדט זיך וועגן די גרויסע ליידן פון חבלי־משיח וואָס לערנט, ווי אַזוי מ׳וועט אפילו אין אַזאַ שלעכטער צייט זיך קענען דערהויבן דורך זריזות, וואָס האָט אַ צאָל טייטשן, אָבער פשוט מיינט עס: צו זיין פאַרזיכטיק נישט צו טאָן קיין עבירות: נקיות — זאָל אויך מיינען ריינקייט אין מחשבה און אַז דאָס פירט צו קדושה, הייליקייט; צו עניוות, צו חסידות און רוח־הקודש וואָס ברענגט תּחית־המתים, וואָס אליהו הנביא וועט זיין דער מבשׂר.

די חשיבות פון מענטש, די מידות דורך וועלכע דער מענטש ווערט דערהויבן, האָבן יידן איבערגענומען, ווי געזאָגט, פונעם מוסטערמענטש, דעם פּאַטריאַרכאַלן אברהם אָבינו, דעם באַקעמפער פון געצנדינעריי, פון די מיאוסע מעשים ביי די געצנדינערס און וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר גערעכטיקייט, פאַדערנדיק גערעכטיקייט ביים רבונו־של־עולם [39]. ער האָט דורכגעמאַכט צען שווערע נסיונות, געווען גרייט מקריב צו זיין דעם איינציקן זון פון זיין ווייב שרה — און בלויז די רייד פון מלאך האָבן אָפּגעראַטעוועט זיין באַליבטן זון [39*]. ער האָט געוויזן דעם וועג פון אמונה און דעם יסוד פונעם מאָנאָטעיִזם.

דער רבי פון פאָלק, משה רבנו, אויף וועמעס נאָמען די תורה ווערט גערופן: "זכרו תורת משה" [40] — געדענקט די תורה פון מיין קנעכט משה, וואָס איך האָב אים באַפוילן אין חורב פאַר גאַנץ ישראל און "ויזכור ימי עולם משה" — און ער האָט געדענקט די טעג פון משה [41], ער האָט געלערנט זיין פאָלק די תורה־פּרינציפּן און ווי אַזוי מענטש־עקזיסטענץ קאָן ווערן געזיכערט — פּרינציפּן פאַר דעם יחיד,

פאַר דעם ציבור, פאַר דעם יידישן קאָלעקטיוו און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, אָן אונטערשייד פון קלאַס, ראַסע און קאָליר.

די נביאים, זיינע נאָכפאָלגערס, האָבן נישט אויפגעהערט צו מאָנען זייער פאָלק צו האַלטן זיך ביי די דאָזיקע פּרינציפּן.

דער פאַרלאַנג פונעם נביא איז אמת און שלום — "והאמת והשלום אהבו" — ליב צו האָבן אמת און שלום [42]; ליב צו האָבן גענאַד און גערעכטיקייט — "עשות משפט ואהבת חסד" [43] — ווי אַ המשך צום געבאָט "ואהבת לרעך כמוך"; אויס־צובריייטערן די דאָזיקע ליבשאַפט, אויך צום גר [44]. הלל הנשיא, ביים בית־שני, האָט די דאָזיקע אהבות געגעבן אַ קאָנקרעטן אויסטייטש: "נישט צו טאָן צו אַנדערע דאָס, וואָס דו וואָלסט נישט וועלן מ'זאָל דיר טאָן...".

די נביאים האָבן געבראַכט דעם געדאַנק פון שטרעבן צו אַן "אחרית־הימים".

וואָס זאָגט אונדז דער אחרית־הימים? דער אחרית־הימים דאַרף ברענגען גאולה פאַר אַלע מענטשן און פעלקער; דער אחרית־הימים דאַרף מיט זיך ברענגען די סאָציאַלע גערעכטיקייט פאַר אַלעמען; דער אחרית־הימים דאַרף ברענגען אַ "נייעם הימל און אַ נייע ערד" — די אידעע פון ייִד־מענטש מיט זיינע קאָלאָסאַלע גייסטיקע כּוחות.

אַ דאַנק דער דאָזיקער אמונה האָבן ייִדן געקענט דורכמאַכן טויזנטער יאָרן גלות. אַ דאַנק דער דאָזיקער אמונה האָט רבי עקיבא מיט זיינע חברים געקענט שטיין ביים הר־הבית נאָכן חורבן און זיך טרייסטן מיט דער גאולה וואָס וועט קומען. מיטן דאָזיקן כּוח האָט ער געקענט באַווייזן דעם קידוש־השם־אַקט.

די ייִדישע מאָראַל האָט, ווי געזאָגט, שטאַרק באַטאָנט און געמאַכט זיכער די הייליקייט פון אַ מענטשלעך לעבן. אין דעם אייגנטלעך באַשטייט אין אַ געוויסן זין די ספּעציפישקייט, מיט וועלכער ייִדן אונטערשיידן זיך פון די אַנדערע, די היידנישע פעלקער. די שטרעבונג פאַר שלום און סאָציאַלער גערעכטיקייט איז, זינט די אָבות, איינגעוואָרצלט געוואָרן אין ייִדישע הערצער.

ווען די שבטים זענען אַריין אין כּנען, נאָך דער איבערלעבעניש פון מצרישער שקלאַפעריי און עמלקישער אכזריות, האָבן זיי געלאָזט וויסן די כּנענים וועגן זייער גרייטקייט אויף שלום און דער פאַקט איז, אַז אַ צאָל כּנענים־שבטים זענען געבליבן אין לאַנד און האָבן שפּעטער געגעבן גענוג צרות די ייִדישע תּושבים.

דער ערשטער גאולה־מאָמענט וואָס באַשיינט די ייִדישע געשיכטע איז יציאת־מצרים. ייִדן זענען אַרויס "ביד רמה" — מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט — אָבער חלילה נישט אָנצופאַלן אויף מענטשן, פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער, אויסער דאָס לאַנד, וואָס איז זיי צוגעזאָגט געוואָרן. די נביאים, זייענדיק אויפן הייליקן באָדן, האָבן געפּריידיקט אוניווערסאַלע גאולה, אַלע פעלקער זאָלן לעבן בשלום, ס'זאָלן מער נישט זיין קיין מלחמות.

זיי האָבן געוווּסט, אַז פאַקטועל איז "יצר לב האדם רע מנעוריו" — דאָס האַרץ פון מענטשן איז שלעכט פון זיין יוגנט [45], אָבער ס'איז אים געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט זיך צו דערהויבן און קריגן אַ נייעם גייסט, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין די מעדיטאַציעס פונעם נעים זמירות-ישראל: "לב טהור ברא לי אלקים ורוח נכון חדש בקרבי" — אַ ריין האַרץ באַשאַף מיר, גאָט; און אַ פעסט געמיט באַניי אין מיר [46]. דער נביא יחזקאל זאָגט נביאות: "השליכו מעליכם את כל פשעיכם ועשו לכם לב חדש ורוח חדשה..." וואַרפט אַראָפּ פון אייך אַלע אייערע פאַרברעכנס... און מאַכט אייך אַ ניי האַרץ, און אַ ניי געמיט... [47]. די דאָזיקע געדאַנקען, מחשבות, האָפענונג און שטרעבונג זענען פאַרפלאַנצט געוואָרן אין ייִדנטום פון די אבות און פון די גייסטמענטשן ביים ייִדישן פאָלק.

די אידעע פון פיזישער און גייסטיקער גאולה איז געקומען צום אויסדרוק אין פאַרשיידענע זעונגען און פאָרמען און האָט אימפּאָנירט אַלע פרייהייט-ליבנדיקע, דענקנדיקע מענטשן. דער גאולה-געדאַנק איז געוואָרן אוניווערסאַל, האָט געהאַט השפּעה אויסער די אייגענע גרענעצן. די תּורה פון סיני, וואָס האָט פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פון סאָציאַלן יושר, פון הומאַניסטישע אידעאַלן, האָט באַווירקט גרויסע טיילן פון דער מענטשהייט.

תּורה-פּרינציפּן זענען, ווי געזאָגט, סיי פאַרן יחיד און סיי פאַרן ציבור. דער פאַרלאַנג פונעם נביא איז אמת און שלום: די הייליקייט פון מענטשלעך לעבן, נאָך גערעכטיקייט זיך צו יאָגן [48] און ווי דער בעל-התהלים זאָגט: "בקש שלום ורודפהו" — קער זיך אָפּ פון שלעכטס, און טו גוטס, זוך שלום און יאָג זיך נאָך אים [49]. נאָך מער: דער פאַרלאַנג איז, מ'זאָל טאָן מער ווי די גערעכטיקייט, "לפנים משורת הדין".

די דאָזיקע עטישע פּרינציפּן נעמען אַרום יהדות אַלע זייטן, זינט דעם באַגין פון די שבטי-ישראל, ווי די וועלכע היטן דעם וועג פון אברהם אָבינו, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט מקבל זיין אורחים. הכנסת-אורחים איז אַריין אין דער ייִדישער טראַדיציע, ווי אַ זייער וויכטיקער פּרינציפּ: "שקולה הכנסת אורחים ככל הקרבנות — שולחנו של אדם מכפר עליו", וואָס רש"י לערנט: "בהכנסת אורחים" [50]. וואָס הייסט דער טיש איז מכפּר? — דער טיש איז מכפּר, ווען ס'זיצן ביים טיש אורחים, אָרעמע מענטשן, נויטבאַדערפטיקע — כּדי דער מענטש זאָל זיך אויסלערנען און זיך צוגעווינען זיך צו טיילן מיט אַנדערע.

נאָכן שער הכנסת אורחים קומט דער "שער הצדקה וגמילות חסד" און מ'קען דורכגיין אַ דאַנק דער דאָזיקער מצוה, אַלע טויערן ביזן "מלכו של עולם" [51]. די תּורה איז "תחילתה גמילת חסדים", אמצעיתה גמילות חסדים און "סופה גמילות חסדים" — ווייל חסד פירט צו שלום, צו פריינדשאַפט און צווישן-מענטשלעכע באַציִונגען. מיטן געבן צדקה דערנענטערט מען די גאולה, ווייל גאולה איז אָפּהענגיק

אין די צווישן־מענטשלעכע באַציִונגען, דעריבער זאָגן חז״ל: ״גדולה הצדקה שמקרבת את הגאולה״ [52]. די גאולה ברענגט שלום און דער ״שער השלום״, ווי ר׳ אברהם הירחי, אין זיין ספר ״המנהיג״ דריקט זיך אויס, לויט תלמודישע מקורות, אַז אַ דאַנק שלום האַלט זיך די וועלט: ״וגדול השלום שאפילו ישראל עובדים ע״ז וביניהם שלום הקב״ה מוותר, כביכול אין השטן נוגע בהם...״ [53].

דאָס איז די אייגנאַרטיקייט פון ״זרע אברהם״, די צענטראַלקייט פון אונדזער פעלקערלעכער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג וואָס איז פּאַרפּיקסירט געוואָרן דורך די אָבות פון פאָלק: אהבת הבריות, אהבת המשפט והצדק און איבער אַלץ — אהבת האמת און אמונת השם.

סאָציאַלע פּאַרברידערטקייט זעען מיר ביי די אָבות, באַציִונג צו שכנים, מיטלייד מיט שכנים, העלפן שכנים און דאָס איז געוואָרן אַ פּרינציפּ אין יהדות, מיטן באַדינג איינצוהיטן די אייגענע עטנישע אידענטיטעט און נאַציאָנאַליטעט.

די הייליקייט פון לעבן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן באַלד ביים בראשית־פּראָצעס. דאָס איז דער מאָטיוו, פון דעם פאַרבאָט נישט צו עסן קיין בלוט, ווייל דאָס בלוט איז דער נפש, דאָס חיות ״כי הדם הוא הנפש״ [54] און דאָ רעדט זיך וועגן בלוט פון בהמה און עוף... פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַ מענטש — זאָגט אונדז די תורה נאָך פאַר מתן תורה, פאַר דעם געבאָט ״לא תרצח״ — אַז ״שופך דם האדם — באדם דמו ישפך״ [55].

ווי אַ פאַרהיט־מיטל, ס׳זאָלן זיך נישט מערן קיין רוצחים האָבן מיר די וואָרענונג וועגן אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. ווען מע ווייס נישט ווער דער רוצח איז געווען, ליגט די אחריות אויף קהל; דער ״עגלה ערופה״־ריטואַל איז צו ווייזן, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אויף די זקני־הדור, זיי דאַרפן מתפלל זיין און זיך מתוודה זיין: ״ידינו לא שפכו את הדם... כפר לעמך ישראל... ואתה תבער דם הנקי... כי תעשה הישר בעיני ד׳״ — אונדזערע הענט האָבן נישט פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט און אונדזערע אויגן האָבן נישט געזען. פאַרגיב דיין פאָלק ישראל... זאָלסט אויסראָמען אומשולדיק בלוט... טאָן דאָס וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט [56].

דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן כּדי צו מאַכן זיכער, אַז ס׳וועט מער נישט פאַרגאָסן ווערן קיין אומשולדיק בלוט. ווי אַזוי קען מען עס זיכערן? — דורך גערעכטן משפּט און דורך ליבע צום מענטש, ווי עס האָבן געטאָן די נביאים און זייערע נאָכפאָלגערס, די וועלכע האָבן באַוויזן זיך צו דערהויבן צו געטלעכער התגלות, מיט זייער רצון צו האַרמאָניזירן דאָס ערדישע מיט דאָס הימלישע, דאָס עמאָציאָנעלע מיט דעם אינטעלעקט אינעם מענטשנס באַוווסטזיין.

**ג. בחירה און ברירה. — מצוות און מידות. — זיכערן אַ יושרדיקע געזעלשאַפט.**

דער ייִדישער "בחרתּנואיזם" האָט דערצערנט די נישט-ייִדישע וועלט און נישט ווייניק די ייִדישע אויפגעקלערטע: משׂכּילים און ראַדיקאַלן. דער פאַקט איז, אַז די אויסדערוויילטקייט איז גאָר ווייט פון וועלכער נישט איז נאַציאָנאַליסטיש-שאָוויניס־טישער סופּעריאָריטעט.

די ייִדישע אויסדערוויילטקייט, ווי מיר זעען עס אין תּנ"ך און אין תּלמוד, איז נישט געצילט צו האַלטן ייִדן פאַר דער "סופּער-עליטע" פון דער מענטשהייט, סתּם אַזוי, צוליב ראַסע און קאָליר, נייערט צוליב דעם, וואָס ייִדן האָבן זכות־אָבות: מידות, איינגעוואָרצלטע פון די אורעלטערן און מצוות, גענומענע אויף זיך, זינט קבלת־התּורה ביים באַרג סיני. דער זאָג "ישראל שנקראו ראשית" איז באַזירט אויפן תּורה־קאָנצעפּט פון התחייבות.

ביים מעמד־הר־סיני איז פאַרגעקומען אַט די דערהויבנקייט, געטלעכע התגלות צו אַ פאָלק וואָס האָט גענומען אויף זיך "נעשה ונשמע" — אָנצונעמען אַ תּורה געקייטלט ווי אַ "חוט המשולש" צוזאַמען מיט אַ געקייטלטן שנור פון דריי אייגנשאַפטן: יראת השם — גאָטפאַרכטיקייט; אמונה און בטחון; אהבת הבריות — ליב האָבן מענטשן, ווי עס ווערט געזאָגט: "און איצט, אויב איר וועט זיך צוהערן צו מיין קול און איר וועט אָפּהיטן מיין בונד, וועט איר זיין מיין געליבט פאָלק פון אַלע פעלקער... איר וועט מיר זיין אַ קעניגרייך פון כּהנים, אַ הייליק פאָלק"[1].

דער ציל: צו דערהויבן דעם ייִד — און יעדן וואָס וויל אויף זיך נעמען די תּורה־פּרינציפּן — צו אויסדערוויילטקייט, צו מאָראַליש־גייסטיקער דערהויבנקייט: "זייט הייליק, וואָרעם איך, אייער גאָט, בין הייליק"[2]. אין דעם באַשטייט די בחירה. די ברירה בלייבט ביים מענטש, יחיד און ציבור. די געטלעכע ליבשאַפט איז געקומען צוליב דער בחירה, צוליב דעם וואָס די אָבות און זייערע נאָכפאָלגערס האָבן אויסדערוויילט דאָס גוטע, דאָס יושרדיקע: "גאָט האָט אייך ליב; און ווייל ער היט די שבועה וואָס ער האָט געגעבן אייערע אָבות"[3].

דער רמב"ם, דער גרויסער אויטאָריטעט אויףביידע געביטן, הלכה און אגדה, שוין אָפּגערעדט וואָס שייך מחשבה־פילאָזאָפיע, האָט קאָנדענסירט די עיקרים פון יהדות אין דרייצן "אני מאמינס". ער האָט דאָס געטאָן, ווי פאָרשערס באַהויפּטן, צוליבן דרוק פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, וואָס האָט געקראָגן אַ השפּעה אין די ייִדישע קרייזן. ס'קאָן אָבער אויך זיין, אַז ער האָט געהאַלטן, אַז אפילו פאַר תּורה־ייִדן, איז וויכטיק צו שטעלן אַ יסוד פאַר דער ייִדישער אמונה; די תּרי"ג מצוות צוזאַמען מיט די תּלמודישע אויסטייטשן זאָלן באַקומען אַ רעם פון "ודע מה שתשיב" און נאָך דעם זיך פאַרנעמען מיט דער אויסברייטערונג און פאַרטיפונג פון די תּרי"ג מצוות.

דעם רמב״ם האָט געגעבן דער ידישער אמונה אַ פילאָזאָפישן אונטערגרונט — ווי ער זאָגט אין דער הקדמה צום מורה נבוכים [4] — פאַר די תּלמידים און אַנדערע וועלכע האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין דער גריכישער פילאָזאָפיע און ס׳איז געווען אַ געפאַר, זיי זאָלן האָבן אַ פאַרפּירערישן בליק וועגן תּורת משה. דעריבער האָט ער אויף אַ מאָדערנעם פילאָזאָפישן אופן דערקלערט לאָגיש די עיקרים פון יהדות, די פונדאַמענטאַל־סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע, ווי אײַן אייגנהייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם פאַרבינדונג־פאָדעם פון די מצוות און דער האָפענונג אויף אַ מלכות־שדי פאַר ייִדן און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

צו דער זעלביקער צייט, האָט ער געשאַפן דאָס גרויסע הלכה־ווערק, דעם קאָדעקס פון מצוות אין תּורה שבכתב און תּורה שבעל פּה. ער האָט מיט אַלע זיינע שאַפונגען געזוכט דעם וועג, ווי צו שטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן קיום פון ייִדן, נישט צו פאַרלירן זיך, — באַזונדערס נאָכן חורבן, מיט די גלות־צרות, ווען שפּעטערדיקע צרות האָבן געמאַכט פאַרגעסן פריערדיקע — צו וועלן ווערן ״ככל הגויים״. האָט ער דעריבער געגעבן יהדות אַ מחשבהדיקן און אַ מצוותדיקן יסוד פון אמונה, געטלעכער השגחה. ער האָט אַרויסגעבראַכט די עלעמענטן ביים פאָלק, וועלכע שטאַרקן אים, פירן אים צו דער וויזיע פון אחרית־הימים, וואָס וועט נאַציאָנאַל און אוניווערסאַל ברענגען די גאולה שלימה.

רעדט מען וועגן משיחישער בענקשאַפט [5], איז כּדאַי צו דערמאָנען — אפילו דאָס זאָל זיין אַן איבערחזרונג פון דאָס שוין געזאָגטע — אַז די ייִדישע אויפ־פאַסונג איז צוריקצוברענגען דעם מענטש צום ״צלם־אלקים״ אין זיין יצירה, דאָס וועזנטלעכע פון זיין אַרט אינעם קאָסמאָס, אָבער נישט צו ענדערן זיין ספּעציפישקייט ווי אַ יחיד צווישן מולטי־מיליאָנען יחידים, לויטן זאָג: ״כּשם שפּרצופיהם משונים, כּך דעותיהם...״ [6].

דער תּכלית פון מענטשלעכן לעבן איז, לויט דער תּורה, דינען דעם באַשעפער און זיך דערהויבן איבער די בעלי־חי: קאָנטראָלירן תּאווה, רייניקן דעם גוף און דעם נפש, אויסלעבן זיך אידעיש־מאָראַליש, לויטן רמב״מס אינטערפּרעטאַציע — ״שלטון השכל״. די גייסטיקע טעטיקייט שטייט אין צענטער פון יהדות, באַזירט אויף תּורה־גערעכטיקייט: ״וואָרום ער האָט אויפגעשטעלט אַ געזעץ אין יעקב און אַ תּורה אין ישראל״ [7] זיך צו דערהויבן צו דער מדרגה פון ״דע את אלקיך״, וואָס אין דער חסידישער אינטערפּרעטאַציע איז דער פאַרלאַנג: ״דע את עצמך״ — אליין זיך צו קענען.

ווי אַזוי טוט מען דאָס? אויף דערויף האָבן אונדזערע חכמים געלערנט: ״בּראתי יצר הרע, בּראתי תּורה תּבלין ואם אתם עוסקים בתורה אין אתם נמסרים בידו״ [8]. תּורה איז די מעדיצין אויסצוהיילן דעם מענטש פון שלעכטע נייגונגען, פון אומווירדיקע מעשים.

"וואָס איז דער מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען? און אַ מענטשנקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען?" און ווייטער: "מאַכסט אים געוועלטיקן איבער די ווערק פון דיינע הענט, אַלצדינג האָסטו געלייגט אונטער זיינע פיס" [9].

אַלץ איז אָפּהענגיק אין דעם מענטש: ער קען זינקען אַזוי טיף, אַז ס'זאָל זיך נישט לוינען אים געדענקען און ער קען זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון כּבוד, שיינקייט און הייליקייט — "והייתם קדושים — כי קדוש אני" [10].

פּרעגן מפרשים, ווי קען דער מענטש זיך פאַרגלייכן אין קדושה מיטן באַשעפער? — "קדושתו למעלה מקדושתכם" און ס'ווערט געבראַכט אַ מאמר פון רבי יהודה ב"ר סימון, אויפן פּסוק "אחרי ד' אלקיכם תלכו — וכי אפשר לבשר ודם להלוך אחרי הקב"ה" — איז עס מעגלעך פאַר אַ מענטשן נאָכצוגיין גאָט? נאָר דאָס מיינט צו לערנען, דער מענטש זאָל זיך נעמען פאַר אַ מוסטער די הנהגה פון הקב"ה: באַלד ביים וועלטבאַשאַף האָט דער רבונו של עולם זיך פאַרנומען מיט פלאַנצןביימער, אַזוי דאַרפט איר טאָן [11]. מפרשים זענען מסביר, אַז ר' סימון האָט דאָ געמיינט ישוב ארץ־ישראל. איינער פון די מפרשים שרייבט: "וכל זה משום ישובו של עולם" [12] ד"ה, נישט בלויז ישוב ארץ־ישראל, נאָר בכלל: וועלט־עקזיסטענץ.

מ. א. מירקין, איינער פון די היינטצייטיקע מפרשים פון מדרש, האַלט דווקא, אַז חז"ל האָבן דערמיט געוואָלט שטאַרקן דעם רצון ביי ייִדן צו פלאַנצן און קולטיווירן ארץ־ישראל: "...חז"ל שדאגו מאד לישוב היהודי בארץ ישראל, שעשו כל מה שבכוחם, לחזק את רוחו של הישוב היהודי בארץ־ישראל להחזיק מעמד, הרבו בכלל בשבח העיסוק בחקלאות...".

דער אמת איז, אַז מ'דאַרף גאָרנישט אַריינגיין אין די אַלע פּשטים. דאָ איז אָן ספק געמיינט געוואָרן "להדבק במדותיו"... ווי דער מהרש"א קאָמענטירט דעם מאמר: "המשיא בתו לתלמיד חכם... המהנה תלמידי חכמים... מעלה עליו הכתוב כאלו מדבק בשכינה..." [13].

די גריכישע פילאָזאָפן אין אַלטערטום (פּלאַטאָ, 347—427 פק"ע, אַריסטאָטל, 322—383 פק"ע) און זייערע נאָכפאָלגערס און אַזוי אויך די פילאָזאָפן נאָכן רענעסאַנס פאַרנעמען זיך מיט דער טעמע מענטש [14]. פאַר אונדז איז גענוג דער ייִדישער באַנעם, אַז דער מענטש איז פון דער יצירה געטיילט געוואָרן אויף גוף און נשמה, אַ באַשעפעניש צווישן חיה און מלאך. דער גוף דאַרף זיך באַפרידיקן מיט פיזישע בויטן און די נשמה מיט גייסטיקע. ביידע מוזן האַרמאָניזירן, די נשמה זאָל נישט בלייבן אין אַ תּפיסה און דער גוף זאָל בלויז זיין אַ לבוש צו דער נשמה. דאָס איז דער מענטשלעכער באַגריף פון זיין תּכלית. די תּורה פון סיני האָט דאָס געוואָלט ביים פאָלק וואָס איז געשטאַנען ביים תּורה־באַרג: "ואנשי קודש תהיון לי" [15] אַ הכנה צו קבלת־התּורה.

דאָס ייִדישע פאָלק ווערט באַצייכנט מיט אַ צאָל נעמען, דער עיקר די דריי

אַטריבוטן: "עם סגולה", "עם קדוש" און "עם הספר" — דאָס אויסדערוויילטקייט, די הייליקייט קומט פונעם ספר וואָס מאַכט ייִדן פאַר אַ הייליק פאָלק. משה רבנו, אין נאָמען פון נותן התורה, פאַרלאַנגט "והתקדשתם והייתם קדושים" [16], "ולהיותך עם קדוש לד׳ אלקיך" [17] — איר זאָלט אייך הייליקן און איר וועט זיין א הייליק פאָלק.

ווי אַזוי ווערט מען אַ הייליק פאָלק? דער לייכטסטער ענטפער: ווען מען פייניקט זיך, מען ווערט אַ פרוש — אָפּגעזונדערט פאַמיליאַריש און אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. אַזאַ אויפפאַסונג איז ק ע ג ן יהדות, איז קעגן דעם ייִדישן באַגריף פון הייליקייט. הייליקייט, לויט דער ייִדישער אויפפאַסונג, מיינט הייליקן דאָס ייִדישע לעבן, לויט די מידות פון "רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים" [18], רחמנות וואָס זאָל האָבן אין זיך אַ שטאַרקייט צו קאָנקרעטיזירן די דאָזיקע מידות. מ׳דאַרף זיין "עז כנמר" [19] אין דער געהעריקער מאָס.

די פרשה "קדושים" איז געזאָגט געוואָרן ב ה ק ה ל [20], ווייל — ווי עס ווערט קאָמענטירט — "מפני שרוב גופי תורה תלויין בה". דער מאָטיוו איז געווען צו ווייזן, אַז יעדער ייִד קאָן זיך דערהויבן צו קדושה. נזירות, אָפּגעזונדערטקייט קאָן זיין פאַר יחידים; אָבער קדושה, אַ הייליק לעבן, איז פאַר אַלעמען.

אין וואָס באַשטייט די הייליקייט? די הייליקייט באַשטייט אין אַ לעבן לויט "חוקים ומשפטים ישרים", לויט סאָציאַלער גערעכטיקייט, מיט ליבשאַפט צום מענטש, ווי מיר האָבן פריער ציטירט די פסוקים: "ואהבת לרעך כמוך" [21] און "ואהבת את הגר" [22].

דער חסידישער רבי אדמו״ר מהרי״ל איגר זצ״ל, זאָגט אויף אַן אָרט, אַז אַלע ייִדן זענען אין כלל פון "קדושים", דעריבער ווערט געזאָגט: "דבר אל כ ל עדת בני ישראל". אין זיין לשון: "הכל בכלל, ואין גם אחד מבחוץ ואף מי שהי׳ עד כה רחוק מהקדושה ח״ו, הוא גם כן בכלל, כי שלום, שלום לרחוק ולקרוב אמר ד׳".

זאָל זיך קיינעם נישט דאַכטן, אַז ער איז צו קליין, איז נישט גענוג שטאַרק גובר צו זיין תאוות און זיך דערהויבן צו קדושה... יעדער קען זיך דערהויבן צו קדושה און ייִדן, ווי אַ פאָלק, קענען זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון "גוי קדוש" און ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם זאָג פון קאָצקער רבי, אדמו״ר ר׳ מנחם מנדל זצ״ל אויפן פאַרלאַנג "ואנשי קודש תהיון לי" — מ ע נ ט ש ל ע ך הייליק זאָלט איר זיין.

דעם מענטשנס לעבן איז טייער; די תורה איז געגעבן געוואָרן צום לעבן — "וחי בהם, ולא שימות בהם" [23] און: "המצער עצמו מכל דבר נקרא חוטא" [24], דער וואָס פייניקט זיין קערפּער אומזיסט, איז א זינדיקער מענטש. אויב ער האָט נישט טועם געווען פון דעם וואָס גאָט האָט געגעבן פאַר דעם מענטש צו געניסן אויף דער וועלט, וועט ער דאַרפן אָפּגעבן אַ דין וחשבון אויף דער קומענדיקער

וועלט: "עתיד אדם ליתן וחשבון על כל מה שראתה עינו ולא אכל", ווייל תורה איז לעבנספרייד: "עבדו את ד' ביראה וגילו ברעדה" — דינט גאָט מיט מורא און פרייד זיך מיט ציטערניש [25], און "פקודי ד' ישרים — משמחי לב" — די באַפעלן פון גאָט זענען רעכטפאַרטיק, זיי דערפרייען דאָס האַרץ [26].

די קדושה באַשטייט אין טאָן מעשים פאַר יעדן מענטשן, באַזונדערס פאַר גרים וועלכע קומען אין יידישן מיט. "וגר לא תונה ולא תלחצנו" — און אַ פרעמדן זאָלסטו נישט קריוודען און זאָלסט אים נישט דריקן [27], "ואוהב גר לתת לו לחם ושמלה" — ער טוט גערעכטיקייט דעם יתום און דער אַלמנה און האָט ליב דעם פרעמדן, אים צו געבן ברויט און קלייד [28].

ווי חז"ל זאָגן, דער וואָס פייניקט, אָדער נאַרט דעם גר איז עובר אויף דריי געבאָטן: "המאנה את הגר, עובר בשלשה לאוין" [29] און נישט בלויז גרים, אויך אַנדערע פעלקער, וואָס לעבן אַ ציוויליזירט לעבן, דאַרף מען באַהאַנדלען מיט ליבשאַפט — "אף חובב עמים" [30] — טייטשן אייניקע מפרשים, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן אַלע פעלקער, ווי עס ווערט געזאָגט אין ספר יונה: "...ואני לא אחוס על נינוה העיר הגדולה?" — און מיר זאָל נישט זיין אַ שאָד אויף דער גרויסער שטאָט נינוה, וואָס אין איר זענען דאָ מער ווי צוועלף מאָל צען טויזנט מענטשן? [31].

די שבעים פרים וואָס יידן האָבן מקריב געווען אינעם יום־טוב פון פרייד, סוכות, זמן שמחתנו, דאָס איז געווען אַ געבעט פאַרן וווילזיין פון די פעלקער, "שירדו גשמים בכל העולם", ווייל סוכות ווערט די וועלט געמשפט אויף וואַסער [32].

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט מען באַלד אין באַגין פון מענטשבאַשאַף געוואָרנט: אויב מ'וועט לעבן לויט די תורה־פּרינציפּן, וועט הערשן שלום, וועט זיין גוט אויף דער וועלט: חלילה פאַרקערט...

"תניא בשם רבי אליעזר: הסייף והספר ניתנו מכורכים מן השמים. אמר להם הקב"ה, אם שמרתם מה שכתוב בספר הרי אתם ניצולים מן הסייף... והיכן משמען של דברים, שנאמר: ויגרש את האדם לשמור את דרך עץ החיים [33], דרך — זו דרך־ארץ".

אויף אַן אַנדער אָרט ווערט געזאָגט אין נאָמען פון תנא רבי שמעון בן יוחאי:

"תני בשם ר' שמעון בן יוחאי, הככר והמקל ניתנו מכורכין מן השמים, ואמר להם, אם שמרתם את התורה, הרי ככר לאכול ואם לאו — הרי מקל ללקות" [34].

רבי שמעון בן יוחאי, זעט אויס, האָט געוואָלט אויסמיידן די וואָרענונג פון שווערד, האָט ער געוואָרנט נאָר מיט פרנסה... דער טיקטינער רב, ר' יהושע אייזיק, דער מחבר פון ספר "עמק יהושע" (און אַנדערע ספרים) פרעגט [35]: פאַר וואָס ווערט פריער געזאָגט "הסייף והספר" און נאָך דעם "הככר והמקל", און ער גיט דערויף אַ הסבר: רבי אליעזר, וואָס זאָגט הסייף והספר, רעדט וועגן די זיבן מצוות וואָס די בני־נח זענען געבאָטן געוואָרן, ד"ה פאַר מתן־תורה; דאָן איז דער

מענטש געווען געבאָטן צו היטן די פּרינציפּן פון מענטשלעכקייט, צו זיכערן דעם תּיקון־העולם; זיין געהיט פון גלוי־עריות, פון גזל, פון שפיכות־דמים — אויף אַזעלכע עבירות דאַרף מען וואָרענען מיט דער שווערד.

איך וואָלט זיך דערלויבט צוצוגעבן, אַז מיר האָבן דערויף אַ רמז, וואָס ביים טויער פון גן־עדן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן נאָכן חטא עץ־הדעת, די כּרובים, דער "להט החרב המתהפכת לשמור את דרך עץ החיים" — די פלאַמיקע שווערד וואָס דרייט זיך צו היטן דעם וועג צום בוים פון לעבן [36].

רבי שמעון בן יוחאי רעדט שוין וועגן דער תּקופה נאָך מתּן־תּורה, וועגן דער העכערקייט אין מדרגות, וועגן חיות פון מענטשנס גייסט. דעמאָלט איז חל דער בייער כּלל פון "ככר" און "מקל". איך וואָלט אויך דאָ צוגעגעבן, אַז דער ככר איז סימבאָליש: אויב מ'לעבט לויט די תּורה־פּרינציפּן, מען איז געהיט אין די תּרי"ג מצוות, די מצוות שבין אדם למקום און מצוות שבין אדם לחברו, איז במילא געזיכערט דער ככר, שלום און גוטע באַציונגען צווישן מענטשן און פעלקער. אין אַ געזעלשאַפט אין וועלכער עס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן די סיבות וואָס ברענגען קנאה, תּאווה און אַלץ וואָס איז גורם קאָנפליקטן, הערשט שלום.

די טראַגעדיע פון דער מענטשהייט איז די שנאה־קנאה וואָס פאַרגיפט די לופט מער ווי אַלע כעמיקאַלן. דער מענטש מיט זיין גאַנצער קולטור און ציווילי־זאַציע האָט צוליב קנאה־שנאה נישט דערגרייכט קיין מנוחת הנפש. די קנאה־שנאה איז געבליבן ביי אים זינט דעם נחש הקדמוני און ער איז עד היום אויסגעשטעלט צו די געפאַרן נישט בלויז פון אַ וואַסער־מבול, נאָר צו אַ געפאַר פון אַ בלוט־מבול.

דער מענטש, ווי די קרוין פון דער יצירה, קאָן ווערן ווי שטויב, ווי אַ שאָטן, ווי אַ ווינטל — "כי עפר אתה ואל עפר תשוב" — פון שטויב ביסטו און צו שטויב וועסטו זיך אומקערן [37]. מ'האָט אָדמען אַריינגענומען אין גן־עדן; ווען ער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון, איז ער פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן און ביים טויער פון גן־עדן האָט דער באַשעפער אַוועקגעשטעלט אַ שווערד וואָס דרייט זיך און לאָזט אים נישט אַריין.

"זאת תורת האדם" — דאָס איז די לערע פון און פאַר דעם מענטש [38]. גרויס איז דער מענטש, ווען ער זוכט דעם וועג צום גן־עדן, ווען ער שטרעבט צו דערגרייכן אַ גן־עדן פאַר דער מענטשהייט, ווייל ער איז דאָך באַשאַפן געוואָרן מיטן צלם־אלקים. ער איז נישט בלויז אַ ביאָלאָגיש באַשעפעניש.

ווען ער פאַלט אַראָפּ פון זיין פּיעדעסטאַל, ווערט ער, ווי דער בעל־התהלים דריקט זיך אויס: "זכר אני מה חלד על מה שהוא בראת כל בני אדם" — געדענק, וואָס איז מיין באַשאַף, מיין געדויער... [39] און ווי איוב דריקט זיך אויס "הלא צבא לאנוש על ארץ" — באַשטימט איז די צייט פון מענטש אויף דער ערד... [40]

און ווייטער: "מה אנוש כי תגדלנו... מה אנוש כי יזכה וכי יצדק ילוד אשה" — וואָס איז דער מענטש זאָלסט אים גרויסן... וואָס איז דער פון פרוי־געבוירענער זאָלסט אים גערעכטפאַרטיקן, ריין מאַכן? [41].

דעם מענטשן זענען אָבער געגעבן געוואָרן מעגלעכקייטן צו שטייגן העכער און העכער אין די שאַפונגס־ספערען אַזוי אַז ער זאָל ווערן אַ שותף אין יצירה־פּראָצעס.

דער מבול אין נחס צייטן איז געקומען צוליב דער פאַרדאַרבנקייט, צוליב רשעות פון מענטש [42]: אַ מאָראַלישע דעגראַדאַציע, וואָס האָט געפירט צו אַ תוהו־ובוהו־געזעלשאַפט, נעגרירנדיק די מינימאַלסטע פּרינציפּן פון אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט.

הרב משה אביגדור עמיאל (תרמ"ג—1882; תש"ה—1945) קאָמענטירט פאַר וואָס די עשרת־הדברות הייבן זיך אָן מיט "אנכי ד' אלקיך" און נאָך דעם "לא יהיה לך אלהים אחרים", אַז כּדי צו קומען צו דער מדרגה און השגות פון אנכי ד' אלקיך, מוז מען פריער זיך באַפרייען פון די אלהים אחרים און נאָך מער: נישט צו דינען גאָט, ווי די היידנישע פעלקער פלעגן דינען זייערע געטער, נישט זאָגן "איכה יעבדו הגויים... ואעשה כן גם אני — לא תעשון כן לד' אלקיך" — היט דיך, זאָלט נישט געשטרויכלט ווערן זיי נאָכצוטאָן... זאָלסט נישט נאָכפרעגן נאָך זייערע געטער, אַזוי צו זאָגן: ווי פלעגן די דאָזיקע פעלקער דינען זייערע געטער, וועל איך אַזוי טאָן... זאָלסט נישט טאָן אַזוי.

מ'דאַרף דינען גאָט לויט די באַגריפן פון "קדושים תהיו" — אַ קדושה וואָס שטימט מיטן פאַרלאַנג "להלוך בדרכיו" — צו גיין אין זיינע וועגן [43] און דערמיט ווערט מען אַן "עם־סגולה". אין די ווערטער פון רמב"ם:

"...שהוא יתברך הוא הראוי לעבדו ולגדלו ולהודיע גדולתו ולעשות מצוותיו ולא יעשו כזה למי שהוא תחתיו במציאות מן המלאכים והגלגלים והיסודות ומה שהורכב מהם... וכן אין ראוי לעבדם כדי להיותם אמצעים לקרבה אליו, אלא אליו בלבד יכונו המחשבות ויניחו כל מה שזולתו...".

ייִדן דאַרפן נישט קיין פאַרמיטלער, קיין שליח צו גאָט, די גוטע אויפפירונג פונעם מענטש ברענגט אים אין נאָענטקייט מיטן באַשעפער. אַ דאַנק די גוטע מעשים זענען ייִדן געוואָרן אַן אויסדערוויילט פאָלק, ווי דער אבן־עזרא באַטאָנט אין זיין פירוש אויפן פסוק: "ופן תשא עיניך השמימה וראית את השמש ואת הירח ואת הכוכבים כל צבא השמים..." און אַז דו וועסט אויפהייבן דיינע אויגן צום הימל און זען די זון און די לבנה און די שטערן, דעם גאַנצן חייל פון הימל, זאָלסטו נישט אַראָפּגעפירט ווערן און זיך בוקן צו זיי און דינען זיי און וואָס ד' האָט זיי צוגעטיילט צו אַלע פעלקער אונטערן גאַנצן הימל... [44]; "דבר מגונה הוא כי לכל עם ועם כוכב ידוע ומזל וג"כ לכל עיר ועיר והשם שם לישראל מעלה גדולה

להיות השם ועצם ולא כוכב להם והיה ישראל נחלתם השם״ — פאַר וואָס זענען מיר געוואָרן נחלת־השם ? — ווייל מיר האָבן מקבל געווען די תורה. דער תּנ״ך איז דער מקור פאַרן קיום פון ייִדן און פאַר דער אַנטוויקלונג פון ייִדישער שעפערישקייט.

אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין משה רבנוס זאָג : ״כי חלק ד׳ — עמו ; יעקב חבל נחלתו״ [45] — ווען מען דערווייטערט זיך פון עבודה־זרה, ווען מען פאָלגט דעם באַפעל : ״לא יהיה לך אלהים אחרים״ — ווערט מען מקושר צו השם יתברך.

מענטש איז נישט גאָט, ״ותחסרהו מעט מאלקים״ — וואָרום האָסט אים געמאַכט שיר נישט מינער פון גאָט...[46]. דער ״מעט״ מאַכט אים אָבער, ער זאָל בלייבן ווייט פון פולקאָמענקייט, פון פערפעקציע. אַזוי לאַנג ווי ער איז אויסגעשטעלט צו לעבן לויט די נאַטור־נויטיקייטן : עסן, שלאָפן, אאַ״וו, קאָן ער נישט דערגרייכן צו די העכסטע הויכן פון געטלעכקייט, צו דעם פופציקסטן טויער, ווי מקובלים באַהויפּטן, אַז דאָס איז דער טויער, וואָס אפילו משה רבנו האָט נישט געקענט אַריינגיין — ״ולא ישיגוהו משיגי הגוף״ איז פון די דרייצן עיקרים, לויטן רמב״מס פאָרמולירונג.

משה רבנו האָט דערגרייכט, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, צו די העכסטע הויכן פון וויסן : ״פה אל פה אדבר בו ומראה ולא בחידות״ — מויל צו מויל רעד איך מיט אים, באַשיימפּערלעך און נישט מיט רעטענישן [47] ; ולא קם נביא עוד בישראל כמשה אשר ידעו ד׳ פנים אל פנים״ — און עס איז נישט אויפגעשטאַנען אין ישראל נאָך אַזאַ נביא ווי משה, וואָס גאָט האָט זיך דערקענט צו אים פּנים אל פנים [48]. ווען משה פאַרלאַנגט פון הייליקן־געבענטשט־איז־ער : ״הראני נא את כבודך״ — לאָז מיך וויסן, איך בעט דיך, דיינע וועגן, לאָזט דער רבונו של עולם אים וויסן : ״אני אעביר כל טובי על פניך... לא תוכל לראות את פני, כי לא יראני האדם וחי... וראית את אחורי ופני לא יראו״ — קענסט נישט זען מיין פּנים, וואָרום אַ מענטש קען מיך נישט זען און בלייבן לעבן...[49].

דער מענטש קאָן געלייטערט ווערן, קען דערהויבן ווערן, קען דערגרייכן ביז די מ״ט שערי בינה און קדושה, ער איז דער בחיר־היצירה, און דאָך איז ער באַגרענעצט.

דער מענטש געוועלטיקט איבער דעם באַשאַף פון מעשי־בראשית ; ער ווערט פאַר אַ צייט אַ תושב אין גן־עדן. ווען ס׳פאַרגלוסט זיך אים אָבער צו פאַרזוכן דעם טעם פונעם עץ־הדעת און געניסן פונעם עץ־החיים, דעם בוים פון לעבן, פאַרשפאַרט מען פאַר אים דעם גן־עדן, וואָס בלייבט פאַר אים פאַרהוילן. דער גאָרטן ווערט אַן אַלעגאָרישער סימבאָל : ״העץ הזה — אדם, שנמשל כעץ ; ואין גן אלא האשה שנמשלה לגן״ [50] — דער בוים זאָל זיין דער מאַן און די פרוי — דער גאָרטן.

וואָס בלייבט פאַר דעם מענטש ?
מיכה הנביא לערנט אונדז :
"הגיד לך אדם מה טוב ומה ד' דורש ממך, כי־אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם ד' אלקיך" — מען האָט דיר אָנגעזאָגט, מענטש, וואָס איז גוט און וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון דיר : נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גענאָד, און אומגיין שטיל פאַר דיין גאָט [51].

**ד. מידות צו לייטערן דעם מענטשנס מחשבה. — מצוות "לצרף" — צו לייטערן. — די דריי אבות. — מענטש ווי דער צענטער פון דער יצירה.**

דער מענטש, ווי געזאָגט, איז דער צענטער פון דער יצירה. נישט בלויז וואָסער שטייט אין צענטער פון די אַנדערע באַשאַפענע אין די זעקס טעג פון באַשאַף. ס'אַז אין אים גופא דאָ אַזאַ צענטער : דאָס אינטים־הייליקע אינעם מענטשן, אין וועלכן ס'קומט פאַר אַן אומאויפהערלעכער געראַנגל, אַ ויתרוצצו פון אידעען און פון מעשים.

דער מענטש דאַרף באַזיצן דעם געהעריקן שׂכל, אַ שטאַרק געפיל, אַ טיפערן אינטעלעקט צוזאַמען מיט וויזיע, צו קענען באַהערשן די שלעכטע אינסטינקטן, דאָס חייִשקייט, און זיך צו דערהויבן, אויף אַ פענאָמאַלן אופן, איבער די בעלי־חי, צום באַוווסטזיין פון "מה הוא — אף אתה" [1].

ייִדן זענען געלייטערט געוואָרן דורך דער תּורה — די יהדות־לערע פון תּורה־שבכתב און תּורה־שבעל־פה — ווי חז"ל טייטשן דעם פסוק "כי על פי הדברים האלה כרתי אתך ברית ואת ישראל" — וואָרום לויט די דאָזיקע ווערטער האָב איך געשלאָסן אַ בונד מיט דיר און מיט ישראל [2] : ד ב ר י ם, שליסט איין ב י י ד ע תּורות, די געשריבענע און די איבערגעגעבענע פון דור צו דור, זינט קבלת־התּורה.

דער פסוק "כי טובים דודיך מיין" — וואָרום בעסער פון וויין איז דיין ליבשאַפט [3], ווערט געדרשנט [4] : "אמרה כנסת ישראל לפני הקב"ה, ערבים עלי דברי דודיך יותר מיינה של תורה", וואָס מיינט צו זאָגן, אַז די תּורה שבעל־פה וואָס טייטשט אויס די געשריבענע תּורה, איז אַזוי ליב און אַזוי וויכטיק, כּדי צו פאַרשטיין די תּורה־שבכתב. אַן ענלעכען מאמר האָבן מיר : "בני, הזהר מדברי סופרים, יותר מדברי תורה" — מיין זון, זאָלסט זיין געוואָרנט פון די רייד וואָס די חכמים האָבן געלערנט, מערער ווי פון די דברי־תּורה [5] און נאָך אַ מאמר [6] : "חכמים עשו חיזוק לדבריהם יותר משל תורה" — די חכמים, די שעפערס פון דער בעל־פה תּורה, האָבן געשטאַרקט זייערע ווערטער, דינים און מצוות, נאָך מער ווי תּורה [7].

"ואמר רבי לוי בר חמא אמר רשב"ל : מאי דכתיב, 'ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה אשר כתבתי להורותם' [8] — לוחות אלו עשרת הדברות ;

תורה זו מקרא; והמצוה — זו משנה; אשר כתבתי — אלו נביאים וכתובים; להורותם — זה גמרא, מלמד שכולם נתנו למשה מסיני" [9].

נישט בלויז דינים, הלכות, נאָר אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו תורה שבכתב און איז, ווי אַ צוגאָב און אויסטייטש, פון די חכמי־התלמוד בעל־פה איז געזאָגט געוואָרן אויפן באַרג סיני:

"ואמר ר׳ חייא בר אבא, א"ר יוחנן, מאי דכתיב ׳ועליהם ככל הדברים׳ [10], מלמד שהראהו הקב"ה למשה דקדוקי תורה ודקדוקי סופרים — ומה שהסופרים עתידים לחדש" [11]. דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען שטעלט מיט זיך פאַר יהדות און פאַרזיכערט דעם קיום היהדות. ס׳איז נישט אונדזער אויפגאַבע — און ס׳איז נישט וויכטיק אין אונדזער אַרבעט אַריינצוגיין אין די חילוקים צווישן דאָס געשריבענע וואָרט, הלכה למשה מסיני, תקנות רבנן אאַ"וו. וויכטיק איז, צו באַטאָנען אַז די תורה שבעל פה גייט צוזאַמען מיט תורה שבכתב און צוזאַמען ווערט עס איין תורה.

ר׳ צדוק הכהן מלובלין ווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיינע ספרים צו באַווייזן די געשלאָסנקייט פון דער תורה שבכתב מיט דער תורה שבעל פה און ער איז נישט דער איינציקער. אַלע מפרשים ווייזן אָן אויף דעם דאָזיקן פאַקט [12], אָבער דאָס געהערט צו אַ באַזונדער טעמע און מיר ווילן זיך האַלטן ביי דער טעמע מענטש.

דער רמב"ם, אין זיין "שמונה פרקים", קלערט אויף דעם אונטערשייד צווישן מענטש און חיה־בהמה. דער מענטש דאַרף שטעלן זיינע כּוחות, די גייסטיקע און די פיזישע, אין דינסט פון דער נשמה, וואָס האָט איר חיות פון דער געטלעכקייט וואָס געפינט זיך אין מענטש, לויט זיינע מדרגות און השגות:

"דע שנפש האדם אחת, ויש לה פעולות רבות חלוקות... ואתה יודע שתקן המדות היא רפואת הנפש... וכבר הקדמנו בזה הפרק, שדברינו אינם רק בנפש האדם... כן פועל, הרגשת האדם, הוא נפש האדם, ופועל הרגשת החמור, היא נפש החמור...".

און ווייטער: "...צריך האדם שישעבד כוחות נפשו לפי הדעת... וישים לנגד עיניו תמיד תכלית הבריאה"...

די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט איז אָפּהענגיק אין "פרו ורבו" — די ערשטע מצווה, אָבער נישט חייִשע תּאווה, אַ תּאווה וואָס זאָל דעם מענטשן פירן צום תּהום.

די תּורה שבעל פה — און נאָכפאָלגערס פון דער דאָזיקער תּורה — האָט צוזאַמענגעשטעלט "הלכות דרך ארץ" — אַזעלכע אויפפירונגען וועלכע זענען כּולל אַלץ וואָס איז מענטשלעך און קען דעם מענטש דערהויבן צו הימלדיקייט.

דער מענטש האָט בחירה. מען עצהט אים אָבער אויסצוקלייבן דאָס גוטע און

נישט בלויז האַלטן דאָס גוטע פאַר זיך; ער טאָר נישט זיין קיין פורש מן הציבור. ער איז אַ טייל פונעם ציבור און אַלס אַזעלכער דאַרף ער זיך אויסלעבן — אויס־בעסערן די געזעלשאַפט. דאָס געבאָט "ובחרת בחיים" [13] מיינט נישט בלויז זיין אייגן לעבן, נאָר דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט, פונעם ציבור. אַ "בחירה" וואָס ברענגט "ברכה", "אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" [14] — אַ פיזיש און חיותדיק לעבן אַלס מענטש וואָס הייליקט זיך און זיין סביבה. ווען ער האָט דעם באַגער, דעם ווילן, ווערט ער געהאָלפן ווי חז״ל דרשענען דעם פסוק "והתקדשתם והייתם קדושים" [15]: "אדם מקדש עצמו מעט — מקדשין אותו הרבה; מלמטה — מקדשין אותו מלמעלה; בעולם הזה — מקדשין אותו בעולם הבא", ווי חז״ל און רש״י קאָמענטירן: "הבא לטהר — מסייעין אותו" [16].

דער ייִד־מענטש וואָס היט זיין לעבן, זיין חיות, איז מקיים גאָטס פאַרלאַנג. ווי ווייט דעם מענטשנס לעבן איז טייער, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס שמואל הנביא האָט זיך דערלויבט צו באַהאַלטן און פאַרדעקן דעם אמת, כדי שאול זאָל אים נישט הרגענען, ווען ער וועט זיך דערוויסן אַז ער האָט געזאַלבט דודן פאַר אַ קעניג [17].

ווי ווייט דאָס געבאָט איז מקיים צו זיין די מצוות מיט מסירת־נפש, ווערט געפּסקנט אַז בלויז אויף דריי עבירות זאָל ער זיך נישט אונטערגעבן אפילו ווען ס'שטעלט אים אין סכנה צו פאַרלירן זיין לעבן:

אמר רבי יוחנן משום ר' שמעון בן יהוצדק: נמנו וגמרו בעליית בית נתזה בלוד — כל עבירות שבתורה, אם אומרים לאדם, עבור ואל תהרג, יעבור ואל יהרג, חוץ מעבודת כוכבים וגלוי עריות ושפיכות דמים" [18].

ביי קיין שום פאַלק האָט זיך נישט געקענט שטעלן די פראַגע, אַ הלכישע פּאָלעמיק, וועגן "חייך קודמין לחיי חברך". דאָס איז געווען ביי זיי אַ באַטירלעכע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ביי ייִדן איז דאָס געשטעלט געוואָרן ווי אַ פּראָבלעם און די דיסקוסיע איז פאָרגעקומען צווישן דעם גרויסן תנא, דעם באַרימטן רבי עקיבא, און זיין מיטצייטלער, בן פטורא.

ס'ווערט דערציילט [19]: רבי עקיבא און בן פטורא האָבן דיסקוסירט וועגן אַזאַ פאַל:

"שנים שהיו מהלכין בדרך וביד אחד מהן קיתון של מים; אם שותים שניהם — מתים; ואם שותה אחד מהם — מגיע לישוב", ווי רש״י טייטשט — וועט ער געפינען וואַסער.

האָט בן פטורא געדרשנט: "מוטב שישתו שניהם וימותו ואל יראה אחד מהם במיתתו של חברו". אַ מיינונג, וואָס לאָגיש איז דאָס אפשר אויסגעהאַלטן — און אפשר אויך עטיש. אָבער מ'דאַרף אַ טראַכט טאָן, צי צוליב אַזאַ סאָרט לאָגיק זאָלן צוויי מענטשן פאַרלירן דאָס לעבן, אָדער געפינען אַן אויסוועג — איינער זאָל בלייבן לעבן.

רבי עקיבא, דער וואָס האָט געהאַלטן וועגן דער וויכטיקייט ליב צו האָבן דעם מענטשן, ער האָט געדרשנט דעם פּסוק „וחי אחיך עמך" — כּדי דיין ברודער זאָל קענען לעבן ביי דיר [20], „חייך קודמין לחיי חברך". אין אַ פאַל ווען איינער קאָן זיך ראַטעווען, איז נישט ריכטיק צו פאַרלאַנגען פון אים דעם קרבן.

רבי עקיבא וואָס האָט געלערנט, אַז די מצווה „ואהבת לרעך כמוך" — זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אַזוי ווי זיך אַליין [21] — „זהו כלל גדול בתורה", און אומעטום איז דאָך הלכה כּמותו, די הלכה איז ווי רבי עקיבא „מחברו", אויב ער האָט אַ פּאָלעמיק מיט אַ חבר אין הלכישע ענינים, דער תּנאַ וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר זיין אמונה, געפאַלן אַ קרבן אין זיין קאַמף קעגן די רוימער — „יצאה נשמתו באחד" [22]; ער, דער גדול התנאים, האָט נישט געזען די אויסגעהאַלטנקייט, אַז אַ מענטש זאָל זיך אומברענגען, בעת ער קאָן זיך ראַטעווען מיטן קריגל וואַסער, כּדי נישט צוזען דעם אַנדערנס טויט... ביי אים איז לעבן געשטאַנען גאָר הויך און אַז מ'קען ראַטעווען אַ לעבן, זאָל זיין זיין א י י ג ן לעבן, טאָר מען נישט מוותּר זיין.

ייִדישער הומאַניזם — ווייזט אָן שלמה סוסקאָוויטש [23] — וואַקסט אַרויס פון דעם, וואָס גאָט קען נישט פאַרנעמען די זינד וואָס מענטשן באַגייען איינער קעגן אַנדערן... דער מבול איז געקומען נישט דערפאַר ווייל די מענטשן האָבן אויפגעהערט דינען צו גאָט, נאָר, דער עיקר, ווייל דאָס שלעכטס פון דער מענטשהייט איז געווען גרויס אויף דער ערד... דאָס אייגענע מיט סדום... די ייִדן האָבן זיך דערהויבן, אַ דאַנק זייער אמונה אין אחדות־אלקות, צו די לעבנס־פּרינציפּן פון אַן אידעאַלער געזעלשאַפט.

ייִדן האָבן באַקעמפט די כּנענישע מנהגים, גאָר באַזונדערס דעם כּנעניִשן מנהג צו ברענגען מענטשן־קרבנות צו די געטער. דאָס איז קעגן דעם גאַנצן קאָנצעפּט פון יהדות, קעגן דעם באַפעל „לא תרצח". די עשרת־הדברות, די עכסטע געבאָטן וואָס ייִדן האָבן געקראָגן אויפן באַרג סיני, הייבן זיך אָן מיט „אנכי ד' אלקיך"; ר' יוחנן דרשנט, אַז דאָס איז דער נוטריקון פונעם וואָרט: „אנא נפשי כּתיבת יהבית" און די רבנן דרשנען: אמירה, נעימה! כּיתבה, יהיבה [24].

מענטשלעכע קרבנות זענען דעריבער אויפן שטרענגסטן אופן פאַרבאָטן געוואָרן: „לא תעשה כן לד' אלקיך... כּי גם את בניהם ואת בנותיהם ישרפו באש לאלהיהם" — זאָלסט נישט טאָן אַזוי צו ד' דיין גאָט... וואָרום אפילו זייערע זין און זייערע טעכטער פאַרברענען זיי אין פייער צו זייערע (אָפּ)געטער [25].

און ווייטער: „לא ימצא בך מעביר בנו ובתו באש..." — עס זאָל זיך נישט געפינען ביי דיר איינער וואָס מאַכט דורכגיין זיין זון אָדער זיין טאָכטער דורכן פייער [26].

און נאָך אַ מאָל: "ולא תתן מזרעך להעביר למולך" — און פון דיינע קינדער זאָלסטו נישט געבן אויף מקריב זיין צום מולך [27].

וועגן קרבנות אין אַלגעמיין, האָט מען געוואָרנט קעגן וווּלגאַריזירן דעם קרבנות־ריטואַל. נישט ווייניק האָבן די נביאים און שפּעטער די חכמי־התלמוד און זייערע נאָכפאָלגערס, די בעלי־מוסר און חסידות־גרונטלייגערס, געוואָרנט קעגן מעכאַנישער יידישקייט.

דער תלמוד — די משנה און די גמרא — דאָס גרויסע ווערק פון די תנאים און אמוראים, האָט אָוועקגעשטעלט די רעליגיעזע, ציווילע און פאַמיליאַרע געזעצ־געבונג אויף אַ געהעריקער סיסטעמאַטישער באַזע (אין טעאָרעטיש־אידעאָלאָגישן און אין פּראַקטישן זין) און גלייכצייטיק באַפעסטיקט דעם פרייען מענטשלעכן ווילן: די ב ח י ר ה ביים ב ח י ר ה י צ י ר ה, באַהויפּטנדיק, אַז "הכל בידי שמים, חוץ מיראת שמים" — אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט, אויסער די מורא פאַר גאָט [28], דאָס איז אָפּהענגיק פון מענטש אַליין; ער ק אָ ן און ד אַ ר ף דעצידירן וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט, וואָס עס איז יושר און וואָס עס איז אומרעכט; וואָס עס איז פינצטערניש און וואָס עס איז ליכט.

תורה, וואָס נעמט אַרום שבכתב און שבעל־פּה, לערנט דעם מענטש וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז בייז; ווי צו באַנעמען זיך אין גייסטיקן און אין פּראַקטיש־פיזישן לעבן, די געביטן פון מצוות וועלכע געהערן צום "בין אדם למקום" און די, וועלכע געהערן צו די "מצוות שבין אדם לחברו". און ווי געזאָגט, האָט די תורה שבעל־פה, ווי אָן אויסטייטש פון דער תורה־שבכתב, פעסטגעשטעלט די פּרינציפּן פון דער תורה: "אמר רבי יוחנן, לא כרת הקב"ה ברית עם ישראל, אלא בשביל תורה שבעל פה" [29] און ווייטער: "תורה רוב על פה ומיעוט בכתב, שנאמר אכתוב להם רובי תורתי — כמו זר נחשבו" [30]. אָן דער תורה־שבעל־פּה, וואָלטן מיר פאַרפרעמדט געוואָרן. מיר וואָלטן געוואָרן אַ סעקטע, מיר וואָלטן נישט פאַרשטאַנען די תורה־שבכתב און נישט געוווּסט, ווי אַזוי מקיים צו זיין די מצוות.

תורה שבעל־פּה — משנה און גמרא — האָט מיט קלאָרן שׂכל, געבענטשט פון גאָט, פעסטגעשטעלט מחשבה און מצוות פון תורה שבכתב, לויט מסורה, לויט תורה הלכה למשה מסיני, לויט די שלוש עשרה מדות שהתורה נדרשת, לויט פאַרשטענדניש "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא" [31]. אַ דאַנק דער תורה שבעל־פּה פאַרשטייען מיר די תורה שבכתב. אויף טריט און שריט איז יהדות באַזירט אויף דער תורה שבעל־פּה וואָס איז אומצעטיילבאַר פון דער תורה שבכתב. ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען די אַלע פּסוקים אין דער תורה, וועלכע וואָלטן געבליבן אומפאַרשטענדלעך אָן דעם אויסטייטש פון די תנאים, אמוראים און זייערע נאָכ־פאָלגערס.

דער רמב"ם, ווי דער באַפעסטיקער פון דער הלכה און פון דער יהדות־מחשבה,

אַזוי ווי אויסגעדריקט אין תנ״ך, אין תלמוד, ביי די גאונים, ביי די מפרשים און פּוסקים ביז זיין צייט, שטעלט פעסט אין זיינע ספרים ״יסודי התורה״, מורה נבוכים״, אין זיינע ״אגרות״, אין דער הקדמה צו דער משנה, אין די ״שמונה פּרקים״ און אַנדערע ווערק, אַז דער פּרינציפּ פון פרייען אויסקלייב איז איבערגעגעבן צום מענטש. אויב ער וויל, טוט ער ווי מ׳לערנט אים און אויב ער וויל נישט, טוט ער נישט, פאָלגט ער נישט; עס איז די מענטשלעכע אומאָפּהענגיקייט פון בראשית אָן. מען לערנט אָבער דעם מענטש וואָס ער זאָל זיך אויסקלייבן: ״ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב... ובחרת בחיים״ — זע, איך האָב היינט געלייגט פאַר דיר לעבן און גוטס... זאָלסט אויסוויילן דאָס לעבן... [32].

נישט בלויז לערנט מען דעם מענטש געזעצן, געבאָטן. מ׳לרענט אים מידות, ווי אַזוי זיך צו באַנעמען. מ׳לערנט אים אַז גאוות, גרויסהאַלטן זיך, כּעס, זיין צאַרנדיק — דאָס זענען שלעכטע מידות. מ׳לערנט אים ער זאָל זיך אויסהיטן און דערווייטערן זיך פון די דאָזיקע געוווינהייטן. דער כּעסן פאַרלירט דעם גלייכגעוויכט, גרייזט אין זיין מחשבה: ״כל אדם שכועס, אם חכם הוא — חכמתו מסתלקת ממנו; אם נביא הוא נבואתו מסתלקת ממנו״ — דער צאַרנדיקער, בייזער מענטש, מעג ער זיין דער גרויסער חכם, ווערט די חכמה אָפּגעטאָן פון אים, און נאָך מער: ״אפילו פוסקים עליו גדולה מן השמים מורידין אותו״ — אפילו מ׳האָט פאַר אים באַשטימט גרויסקייט, נעמט מען עס אַוועק פון אים [33].

ווי אַזוי קען מען אויסרעכענען אַלע מאמרים וועגן דער שלעכטער מידה פון כּעס? לאָמיר בלויז ברענגען נאָך עטלעכע מאמרים: ״כל הכועס משכח תלמודו״ — דער וואָס איז אין כּעס, פאַרגעסט זיין לערנען [34] און מען איז זיכער, אַז זיינע עבירות וועגן איבער זיינע זכיות. דער גיהנום כאַפּט אים אַרום און ס׳ווערט פאַררעכנט ביי אים, ווי ער וואָלט געדינט עבודה־זרה [35]. פאַר וואָס אַזעלכע האַרבע אויסדרוקן? כּדי אָנצושרעקן דעם מענטשן, ער זאָל זיך אויסהיטן פון כּעס.

מיט דריי זאַכן דערקענט מען אַ מענטשן: ״בכוסו, בכיסו ובכעסו״ — ביים טרינקען, מיטן בייטל — צי ער גיט צדקה, און ביים כּעסן זיך [36]. דער וואָס כּעסט זיך, נישט בלויז ווערט ער גערופן רשע, נאָר ער ווערט באַטראַכט פאַר אַ שוטה, פאַר אַ כּסיל: ״כעס בחיק כסילים ינוח״ — כּעס רוט אין בוזעם פון נאַראָנים [37]. ער איז דער ״בן כסיל״ — דער נאַרישער זון [38].

אַז דער ״קפּדן״ פאַרלירט זיין חכמה, לערנט מען אַרויס פון דעם וואָס עס האָט פּאַסירט ביי משה רבנו, ביים גרעסטן נביא־מחוקק: ״לפי שהיה בכלל כעס, בא לכלל טעות״ און, ווי רש״י קאָמענטירט, איז עס געשען דריי מאָל, ביים דין פון ״גיעולי נכרים״, ביים געבייזער ״שמיני למלואים״ — ביים חנוכּת המשכּן, ביים שטיין: ״שמעו נא המורים..., על־ידי הכעס טעה״ [39]; סמא״ל — ווערט געזאָגט — האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אין מאָמענט, ווען משה איז געווען אין כּעס,

געוואַלט אכזריותדיק אים אַטאַקירן, אָבער משה רבנו האָט זיך אָן עצה געגעבן און אים באַזיגט [40].

די וועלכע שטעלן פעסט ייִדישע עטיק ווייזן אָן, אַז מיט כעס דערגרייכט מען גאָרנישט; עס ברענגט נישט קיין פּאָזיטיווס, און אויב עס ווירקט, איז דאָס פאַרקערט: "כי לאויל — יהרג כעש־(כעס)" — וואָרום דעם נאַר הרגעט אַוועק דער כעס [41]. דאָס ערגסטע איז דער כעס פון אַ נאַר [42].

אויב מיר געפינען אַ מאָל פּאָזיטיווס אין כעס, איז עס נאָר מעגלעך ביים היצן זיך אין לערנען תורה: "האי צורבא מרבנן דרתח, אורייתא היא דקא מרתחא ליה" — דער יונגער תלמיד־חכם וואָס היצט זיך, איז עס צוליבן תורה־פייער און די ראיה — אַ פּסוק אין ירמיה: "הלא כה דברי כאש נאם ד'" — מיין וואָרט איז ווי פייער [43].

ס'איז דאָ נאָך אַ סאָרט כעס — און דאָס ביים רבונו־של־עולם: ווען מענטשן זינדיקן, רופן זיי אַרויס כעס ביים באַשעפער. "בכעסו אשר הכעיס את ד'" — צוליבן צאָרן און כעס, וואָס ער האָט דערצערנט... [44]. חכמה רופט אויך אַ מאָל אַרויס כעס, אָבער אָן אַנדער סאָרט כעס, ווי קהלת דריקט זיך אויס "כי ברוב חכמה רב כעס" — וואָרום אין פיל חכמה איז פיל פאַרדראָס, "ויוסיף דעת יוסיף מכאוב" — און מערט מען קענטשאַפט, מערט מען ווייטיק [45]. חכמה און דעת איז אָבער וויכטיק פאַר דער מענטשן. דאָס פּאָזיטיווע פאַר דעם מענטשן, ווי דעם "בחיר היצירה" איז וויסן!

ס'איז אויך פאַראַן אַ כעס, וואָס קומט פון ווייטיק, פון זאָרג, ווי חנה האָט דערקלערט צו עלי הכהן: "כי מרב שיחי וכעסי דברתי עד הנה" — פון גרויס קלאָג און ערגעניש (כעס) האָב איך גערעדט ביז אַהער [46] — אַ נייער ניואַנס און אַ נייער באַגריף פון כעס. אַ באַרעכטיקטער כעס.

דאָס וואָרט כעס מיינט אַ מאָל עזות, חוצפה, אַראַגאַנץ; "לולא כעס אויב אגור" — ווען איך פורכט נישט פאַר דעם צאָרן פונעם שונא [47]. ריכטיק, דער תרגום לערנט "אגור — כניש" און רש"י גייט נאָך דעם דאָזיקן טייטש: כנוס, וואָס מיינט איינגעזאַמלט, איינגעפלאַנצט שנאה להשחית. עזות איז אַ שלעכטע, מיאוסע מידה — אָבער אין געוויסע מאָמענטן האָט עזות אַ פּאָזיטיוון ווערט. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז ייִדן זענען די "עזין באומות". דעריבער קאָנען ייִדן אויסהאַלטן אַזוי פיל גלות־לעבן און בלייבן דער "עם לבדד ישכון" — אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדערס און רעכנט זיך נישט צווישן די פעלקער [48]. אַזאַ "עזות" זיכערט די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק, מיט אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער.

פון די פיר מענטשן וואָס דער דעת קען נישט סובל זיין, איז דער גרויס־האַלטער, דער בעל־גאוה, דערצו נאָך, דער "דל־גאה" און צווישן די פיר איז אויך אַרייַנגערעכנט דער "פרנס המתגאה על הציבור" [49] ווי רש"י לערנט: "נוהג עליהם

שררה ואינו עומד עליהם בשעת דוחקן״, ער האַלט זיך גרויס, ער איז דער פּרנס, דער פירער, אָבער טוט נישט פאַר די וועלכע האָבן אים צוגעטיילט דעם כּבוד צו זיין אַ פּרנס.

גרויסקייט געהערט בלויז צום רבונו של עולם. ער מעג זיין דער ״מתגאה על כולן״ — גרויסן זיך איבער דעם, וואָס איז פון אים באַשאַפן געוואָרן: ״אין כאל ישורון... ובגאוותו שחקים״ — ניטאָ אַזאַ ווי גאָט, ישורון, און אין זיין גרויסקייט אויף די וואָלקן [50].

אויב ס'איז ייִדן דערלויבט געוואָרן אַ ביסל מער, ווי די ענִיוות פון אברהם אָבינו און פון משה רבנו, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן מקבל געווען אויף זיך דאָס היטן די תורה־פּרינציפּן. זיי, לויבט דער רבי, דער גרעסטער ״ענו״ [51]: ״אשריך ישראל, מי כמוך עם נושע בד׳ מגן עזרך ואשר חרב גאותיך ויכחשו אויביך לך ואתה על במותימו תדרוך״ — וויל דיר, ישראל, ווער איז דיין גלייכן? אַ פאָלק געהאָלפן דורך גאָט, דעם שילד פון דיין הילף און דעם וואָס איז די שווערד פון דיין גרויסקייט און דיינע פיינט וועלן אייגגיין פאַר דיר און דו וועסט אויף זייערע הייכן טרעטן [52].

די גרויסקייט פון פאָלק באַשטייט אין דעם, וואָס ער גיט איבער די שטאַרקייט, די גרויסקייט, צום רבונו של עולם. ער פירט פאַר זיי מלחמה; ער באַזיגט פאַר זיי די שונאים.

אין אַלגעמיין איז גרויסהאַלטעריי אַ מיאוסע מידה. דער רבונו של עולם קען נישט פאַרטראָגן דעם ״גס־רוח״, מענטשן וואָס האַלטן זיך גרויס [53]. ער ווערט געגליכן צו אַזעלכן וואָס פאַרנעמט זיך מיט זנות־אויסגעלאַסנקייט, צו אַזעלכן וואָס דינט עבודה זרה און מען מעג אים רופן ״רשע״ [54]. מען וואָרנט אים, דעם גרויסהאַלטער, אַז זיין סוף וועט זיין אַריינצופאַלן אין גיהנום [55] — די ״גאוות״ פון די ״עריצים״ — זאָגט דער נביא — אין נאָמען פון גאָט — וועל איך נידעריק מאַכן [56]. ישעיהו הנביא האָט די דאָזיקע וואָרענונג איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

כּעס פירט צו שקר, צו גאוות — אַלץ אומזיניקע און שלעכטע מידות.

דער נעים זמירות ישראל פאַרדאַמט די בעלי־גאה און דריקט זיך אויס: ״תאלמנה שפתי שקר הדוברות על צדיק בגאוה ובוז״ — זאָלן שטום ווערן די ליפּן פון ליגן, וואָס רעדן אויפן צדיק פאַרשייט מיט גאווה... [57].

כּעס איז דער מלאך־חבלה און דעריבער די וואָרענונג: ״אל תבהל ברוחך לכעוס והסר כעס מלבך״ — זאָלסט נישט זיין האַסטיק אין דיין געמיט צו ווערן אין כּעס, וואָרום כּעס רוט אין בוזעם פון די נאַראָנים [58].

דער וואָס צעברעכט כּלים אין זיין כּעס — זאָגן חז״ל — איז אַזוי ווי ער וואָלט געדינט צו די געצן — ״המשבר כלים בחמתו, כאלו עובד עבודה זרה״ [59].

כּעס ווערט פאַראורטיילט אין תנ״ך און אין תלמוד, פּונקט אַזוי ווי עס ווערט

פאַראורטיילט לשון הרע, רכילות. וועגן די לעצטע האָבן מיר די ספרים פון ר' ישראל מאיר הכהן (י"א שבט, תקצ"ט—1839; כ"ד אלול, תרצ"ג—1933): "חפץ חיים" — משנה ברורה, נדחי ישראל, בית ישראל און אַנדערע, אין וועלכע ס'ווערן אָנגעגעבן אַלע פּרטים וועגן די דאָזיקע שלעכטע געוווינהייטן, וואָס מען דאַרף אויסוואָרצלען.
דאָ, ווילן מיר ברענגען נאָך עטלעכע מאמרים אין שייכות מיט כעס:

פון די דריי וועלכע זענען געליבט ביי גאָט, איז דער, וואָס איז נישט שנעל צום כעסן זיך, ווי דער פסוק זאָגט: "טוב ארך אפים מגבור, ומושל ברוחו מלוכד עיר" — בעסער אַן איינגעהאַלטענער אין צאָרן, איידער אַ גיבור; און דער וואָס געוועלטיקט איבער זיין געמיט, איידער דער וואָס באַצווינגט אַ שטאָט [60].

אַ מאַמר חז"ל: "לא תרתח ולא תחטי" — זאָלסט זיך נישט כעסן, וועסטו נישט זינדיקן, נישט דורכפאַלן [61]. די שווערד און בויגן פון יעקבן — לערנען חז"ל — איז געווען תפילה, בקשה וחכמה [62]. ווען דאָס העלפט נישט, קומט מלחמה, ווי ביי יעקב אָבינו: "התקין עצמו לשלשה דברים: לדורון, לתפילה, ולמלחמה" [63].

אויף דריי ערטער, ווערט געזאָגט, האָט משה רבנו זיך געבייזערט — און ער איז זיכער געערעכט געווען — און דאָך "נתעלמה ממנו הלכה" — איז זיין עונש געווען צו פאַרגעסן די הלכה, זיך טועה צו זיין — "בא לכלל טעות..." [64].
אין לשון פון מדרש: "בשלשה מקומות כעס משה ונתעלמה ממנו הלכה: בשבת, בכלי מתכות ובאונן".

ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, ווערט דער מענטש וואָס איז לייכט זיך צו כעסן, גערופן מיטן נאָמען רשע [65] און ער ווערט באַהערשט פונעם גיהנום [66].
אפילו וועגן דעם רבונו של עולם וואָס אים איז דאָך דערלויבט כעס, האָבן מיר אַזאַ שאַרפן מאמר, אַז ווען ער זעט די מענטשהייט איז אַראָפּ פון גלייכן וועג, קאָנטראָלירט דער באַשעפער זיין כעס: "עכשיו יאמרו הרב בכעס ותלמיד בכעס — ישראל מה תהא עליהם" — איצט וועט מען זאָגן: דער רבי איז אין כעס, דער תלמיד איז אין כעס, וואָס וועט זיין מיט די ייִדן [67].

בלעם, ווערט געזאָגט, האָט געוווּסט גענוי די צייט, ווען דער רבונו של עולם איז אין כעס און ער האָט געוואָלט מכוון זיין יענע רגע, ווען ער איז בייז, וועט ער דעמאָלט שעלטן די ייִדן. האָט דער רבונו של עולם זיך אָפּגעהאַלטן פון ווערן אין כעס [68].

ווען, נאָך צען דורות פון וועלטבאַשאַף, די גאַנצע מענטשהייט איז געוואָרן פאַרדאָרבן, האָט דער באַשעפער נישט געקענט אָפּהאַלטן זיך פון כעס און געבראַכט אַ מבול. דער רבונו של עולם, אין פאַרטיידיקן זיין האַנדלונג, האָט געזאָגט: איך האָב זיי געגעבן שפע און זיי זינדיקן — "אמר הקב"ה, בטובה שהשפעתי להן בה מכעיסין אותו ובה אני דן אותם" [69]. דער פאַרדרוס פאַר אַ "כפוי טובה" ווערט אומצייליקע מאָל באַטאָנט אין מדרשים און אין אגדות חז"ל [70].

"כי האדם עץ השדה" — ווי אַ בוים אויפן פעלד, אַזוי דער מענטש [71]: ער וואַקסט און שטייגט אויף, אַזוי אויך פעלקער — זיי וואַקסן און שטייגן. ווען דער מענטש וויל אָבער באַהערשן דעם אַנדערן מיט כּעס און גרויסהאַלטעריי — דאַן ווערט ער געשלאָגן, דערנידעריקט, פיזיש און גייסטיק, ער ווערט געשלאָגן מיט אַ "צרעת" [72] וואָס פאַריאָגט אים פון דער געזעלשאַפט. אַזוי אויך פעלקער וואָס גרויסן זיך מיט זייער מאַכט און ווילן באַהערשן שוואַכערע.

דאָס גרויסהאַלטעריי פון ירבעם בן נבט האָט אים פאַרפירט, ער זאָל פּראָווען געצנדינעריי מיט ע ג ל י ם, אַ דערמאָנונג פונעם עגל הזהב אין מדבר? ער האָט אָפּגעהאַלטן ייִדן פון עולה רגל זיין קיין ירושלים צום בית־המקדש [73].

גסות הרוח — זאָגן חז"ל — האָט געניִדערט קיין בבל: פון די צען מאָסן גאווה, זענען ניין געווען אין בבל [74] און דאָס גרויסהאַלטעריי האַלט נאָך אַן אין בבל ביזן הייַנטיקן טאָג.

די ייִדישע עטיק האָט געזוכט מיטלען, ווי אויסצוואָרצלען דאָס גרויסהאַלטן זיך, רכילות, לשון הרע און קנאה, וואָס איז "מוציא את האדם מן העולם" — ברענגט דעם מענטשן אום פון דער וועלט [75]. די וועלט טייטשט אַז זיי ציִען אַרויס פון אים דאָס מענטשלעכקייט.

דער קאָצקער רבי, אדמו"ר ר' מנחם מענדל מאָרגנשטערן זצוק"ל (תקמ"ז — יום ד', כ"ב שבט, תרי"ט—1859), האָט אַ מאָל געזאָגט צו זיינע חסידים: "וואָס וויל איך דען פון אייך? — דריי זאַכן: פון זיך נישט אַרויסקוקן... אין יענעם נישט אַריינקוקן און זיך נישט מיינען". אַז מ'קען דאָס דערגרייכן, איז מען אויף אַ הויכער מדרגה. אין געוויסע צייטן איז דאָס גרויסהאַלטן זיך וויכטיק, מ'זאָל האָבן אין "איין קעשענע" דעם "בשבילי נברא העולם", כּדי צו שאַפן און האָבן דעם רצון צו פירן... אַ מאָל איז קנאה נויטיק, "קנאה", וועגן וועלכער ס'ווערט געזאָגט [76] "תרבה חכמה". נאָך מער: "אלמלא קנאה אין העולם מתקיים" [77] ענלעך צום מאמר: "אלמלא יצר הרע, לא בנה אדם בית ולא נשא אשה" [78].

ווי פאַרשערס ווייזן אַן, איז משה רבנו באַשטימט געוואָרן צו זיין דער גואל, ווייל ער איז אויפגעוואָקסן אין הויז פון מלכות און האָט נישט טאָלערירט קיין שפלות, שקלאַפעריי. ער האָט געוואָגט אומצוברענגען אַ מצרישן רוצח, אַ פאַר־דאָרבענעם סאַדיסט; ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן די שלעכטע פאַסטעכער וועלכע האָבן פאַרטריבן יתרוס טעכטער פונעם ברונעם [79].

די תורה האָט מבטל געמאַכט יעדע סאָרט באַהערשונג פון מענטש איבער מענטש. דיקטאַטור. דער ווילן פון אַ מענטשן צו באַהערשן אַ צווייטן איז פאַרדאַמט געוואָרן אין יהדות מיט די שאַרפסטע ווערטער; צו דער זעלביקער צייט, איז אויטאָריטעט, גייסט־דערהויבונג אָנערקענט געוואָרן.

אין דער תורה איז אָנגעזאָגט געוואָרן 36 אָדער 46 מאָל וועגן דער באַציִונג

צום גר, מ׳זאָל אים באַהאַנדלען ערלעך, מיט סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש [80]. פאַר וואָס אַזוי פיל מאָל וואָרענען? — ווייל ער איז דער שוואַכער אין אַ פרעמדער געזעלשאַפט, קען זיך עמעצן פאַרגלוסטן הערשן איבער אים. וואָרנט מען דעם ייִד קעגן אַזאַ באַציִונג.

אין דער דאָזיקער עניוותדיק־מענטשלעכער באַנעמונג ליגט קדושה, דעריבער — טייטשט דער רבנו בחיי — ווערט געזאָגט ״ואנשי קודש תהיו לי״ — דאָס זאָל מיינען מענטשן פון אַ הייליק פאָלק: דער יחיד דאַרף זיך פירן בקדושה ובטהרה, ווערט במילא דאָס פאָלק זיין אַן עם קדוש; יחיד און ציבור זאָלן זיין פאַראייניקט אין קדושה.

כדאי זיך צו באַנוצן מיט אַ חסידיש וואָרט, אויפן סיפור־המעשה: ״כי הוו קיימו רבנן ממתיבתא דרב הונא, ונפצי גלימייהו הווה סליק אבקא וכסי לי׳ ליומא״ [81], האָט דער קאָצקער רבי געפרעגט זיין תלמיד ר׳ הירש טאָמאַשאָווער: ״ווייסטו, וואָס דער טייטש איז אַז דער שטויב האָט פאַרדעקט פאַר אַ טאָג?״

— ״ס׳איז זיי פינצטער געוואָרן צו זען וואָס פאַר אַ שטויב קען זיך באַהאַלטן הינטער די מאַנטלען, אויב מע רייניקט זיי נישט פריער בעתן לערנען״ [82]. מ׳דאַרף האַלטן ריין דעם לבוש, סימבאָליש פאַר דעם גוף, פאַר דעם חומר, וואָס איז אַ לבוש צו דער נשמה.

די דאָזיקע יסודות זענען געשטעלט געוואָרן ביים באַגין פון אויפשטייג פון אַ מאמין אין אחדות אלקות, בעת אברהם אָבינו איז געקומען צום באַוווסטזיין, אַז עס איז אוממעגלעך אַ ״בירה״ אָן אַ מנהיג און אָנערקענט די השגחה איבער אַלץ און אַלעמען, באַהויפּטנדיק די אמונה אין ״ד׳ אלקי השמים... ואלקי הארץ״ [83], וואָס ווערט געטייטשט: אַז נישט בלויז הימלדיק, נאָר אויך אויף דער ערד דאַרף אָנערקענט ווערן די דאָזיקע השגחה און דער בטחון, ווי דער ווילנער גאון (הגר״א, א׳ פסח, ת״פ—1720; נפטר ג׳ חוהמ״ס, תקנ״ח—1797) דריקט זיך אויס, אַז מיט בטחון קען מען דעם ים דורכגיין [84].

אברהם אָבינו האָט אַריינגעבראַכט נפשות וועלכע זאָלן אָנערקענען די דאָזיקע אמונה און אָנערקענען גאָטס משפט. ער האָט זיך איינגעשטעלט אפילו פאַר די סדום־מענטשן, פאָדערנדיק גערעכטיקייט אפילו פאַר די דאָזיקע זינדיקע: ״השופט כל הארץ לא יעשה משפט?״ — זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער מענטשהייט פון דער גאַנצער ערד, נישט טאָן גערעכטיקייט? [85]. ער איז געווען איבערגעצייגט אין דער וויכטיקייט פון מענטשלעכן לעבן; דאָס לעבן וואָס איז אים געגעבן געוואָרן ביים פינאַלן טוב מאוד, ביים גמר פון מעשה בראשית; ער איז געווען איבערגעצייגט אין דער הייליקייט פון מענטשלעך לעבן און דעריבער זיך איינגעשטעלט אפילו פאַר די סדום־מענטשן.

ווי מפרשים זאָגן, איז עס גאָר שווער געווען פאַר אברהם אָבינו אויסצושטרעקן

זיין האָנט מיטן מעסער (די בני־נח, זענען דאָך געוואָרנט געוואָרן אויף שפיכת דם...), ער האָט אָבער מקבל געווען דעם געטלעכן באַפעל. ס׳איז געווען על־פי הדיבור און אין דעם איז באַשטאַנען דער גרויסער נסיון. ער שטעלט זיך איין פאַר די זינדיקע פון סדום, אָבער פאַר זיין בן־יחיד נעמט ער אויף זיך דעם גורל. דערמיט האָט ער זיך באַוויזן אַלס גרויסער מאַמין.

סומירנדיק, וועלן מיר ברענגען דעם פסוק: ״ואשבור מוטות עולכם ואולך אתכם קוממיות״ — און איך האָב צעבראָכן די שטאַנגען פון אייער יאָך, און האָב אייך געפירט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ [86] — אַ פסוק וואָס ווערט געדרשנט, דער מענטש זאָל אין געוויסע מאָמענטן גיין ״בקומה זקופה, שלא יהיו יראים מכל אדם״ — דער מענטש זאָל נישט מורא האָבן פאַר דעם אַנדערן מענטש. ״אדם אתם״ — וואָס ווערט געדרשנט: ״אתם קרויין אדם״ — פאַר וואָס האָבן ייִדן דערגרייכט דעם טיטל אדם? — קיין ספק נישט, אַז צוליבן מקבל זיין די תורה וואָס גיט לעבן, וואָס פאַרזיכערט אַ ציוויליזירטע מאָראַל און עטיק. דעם רבונו של עולם — זאָגן חז״ל — איז נישט קיין חילוק צי מע שעכט פונעם נאַקן, צי פון האַלדז, די מצוות זענען אָבער געגעבן געוואָרן צו לייטערן דעם מענטשן — ״לצרף בהן את הבריות״ [87].

דאָס איז די עטיק, געשאַפן דורך תורת משה, דורך די נביאים, דורך די מאָראַליסטן אין אַלע דורות. דאָס איז די עטיק וואָס באַצויבערט און איז משפיע. דאָס איז אַ וועלטבאַנעם, ווי צו דערהויבן דעם מענטשן צו די העכערע מדרגות, צום העכסטן עטיש־מאָראַלישן ניווא. דאָס איז די פילאָזאָפיע פון העכסטן הומאַניזם.

**ה. אָדם, אָדם... דרש פון רבי שמעון בן יוחאי. — באַהויפּטונג פון רבי מאיר.**

דאָס וואָרט אדם איז, לויט דעם דרש פון ר׳ שמעון בן יוחאי, געמיינט געוואָרן ישראל, אַ ייִד, אַן אָפּשטאַמיקער פון אברהם אָבינו, וועמעס עלטערן זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און מקבל געווען די תורה. ער דרשנט דעם פסוק אין יחזקאל: ״ואתן צאני, צאן מרעיתי, אדם אתם״ — איר זייט מיינע שאָף, מענטשנשאָף פון מיין פיטערונג און איך בין אייער גאָט, זאָגט גאָט דער האַר [1].

״אתם קרויים אדם ואין עכו״ם קרויים אדם״ [2]. ער זאָגט עס אין שייכות מיטן דין פון טומאת אדם, ״שאין קברי עכו״ם מטמאים באוהל״ — נישט־ייִדישע קברים זאָלן נישט מטמא זיין אין געצעלט...

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט די הלכות טומאה, פון די קאָמפּליצירטע דינים אין דער הלכה; וואָס שייך דעם דאָזיקן דרש, האָבן מיר אים שוין נישט איין מאָל באַרירט. מיר דאַרפן אָבער דאָ נאָך אַ מאָל באַהאַנדלען דעם דאָזיקן זאָג פון רבי עקיבאס תלמיד און שעפער פון זוהר, באַגרינדער פון קבלה־מיסטיציזם, כדי

צו פאַרשטיין דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן יסוד און דאָס אוניווערסאַלקייט אין יהדות.

רש״י [3] קאָמענטירט, אַז ר׳ שמעון האָט אַזוי גערדרשנט, ווייל ביי טומאת אוהל איז געשריבן ״אדם כי ימות באוהל״ — אַז אַ מענטש וועט שטאַרבן אין געצעלט, זאָל איטלעכער וואָס קומט אין געצעלט... זיין אומריין זיבן טעג[4]. אין זוהר [5] ווערן אויסגערעכנט די ״דרגות — דרגין דבר־נש: אדם, גבר, אנוש, איש״. דער גרעסטער, העכסטער אין דער מדרגה, איז אָדם. אויף אַן אַנדער אָרט אין אגדות חז״ל [6], ווערט געזאָגט, אַז אָדם איז אַ לשון ״אחוה, רעות...״ ברידערלעך, פריינד־שאַפט, ״וכן אמר הקב״ה ליחזקאל בן־אדם כלומר, בן אנשים כשרים וצדיקים וגומלי חסדים שמבזין את עצמם על כבודי...״.

אין מסכת כריתות [7] ווערט דער דין פון ״אדם אתם״, געבראַכט סתם־אַנאָנים, נישט אָנגעבנדיק אַז דאָס איז די שיטה פון ר׳ שמעון בן יוחאי. דאָרט ווערט געבראַכט אַ ברייתא וואָס לערנט, אַז אַן עובד כוכבים וואָס האָט זיך באַנוצט מיטן שמן המשחה — זאַלבבוימל, איז פטור, אַז בלויז אַ ייִד איז מחוייב צו זיין געהיט נישט צו שמירן זיך און נישט באַקקאַפירן די געווירצן פונעם שמן המשחה.

פרעגט די גמרא: פאַר וואָס זאָל דער נישט־ייִד זיין פטור: ״הא אדם נינהו״! און דער ענטפער: דכתיב ״ואתן צאני, צאן מרעיתי אדם אתם — אתם קרויין אדם ואין העובדי כוכבים קרויין אדם...״.

פרעגט ווידער די גמרא: ״ונפש אדם ששה עשר אלף״ — און נפשות פון מענטשן זעכצן טויזנט [8].

דער ענטפער איז: ״ההוא לאפוקי בהמה...״ און דער זעלביקער ענטפער אויף דעם פסוק אין ספר יונה [9]: ״ואני לא אחוס על נינוה העיר הגדולה אשר יש בה הרבה משתים עשרה רבו אדם״ — און מיר זאָל נישט זיין אַ שאָד אויף דער גרויסער שטאָט... צו אונטערשיידן צווישן מענטש און בהמה, אָבער ביי טומאה־טהרה בלייבט אַלץ, אַז בלויז דער ייִד איז נזהר אין טומאת אוהל.

דאָס וואָרט אָדם, דער טיטל מענטש איז נישט תמיד געמיינט געוואָרן ישראל־מענטש. אָדם הראשון, ״נעשה אדם בצלמנו״ [10] איז דאָך כולל אַ ל ע מענטשן, פאַר וואָס ר׳ שמעון האָט דווקא געזאָגט, אַז בלויז דער ייִד האָט דערגרייכט דעם דאָזיקן טיטל, באַמיען זיך די מפרשים צו געפינען אַ לאָגישן תירוץ. דער פאַקט איז דאָך, אַז אויפן פסוק ״אדם כי יקריב מכם קרבן״ [11] זאָגן חז״ל, אַז דאָס שליסט איין גרים [12]. אויף דעם פסוק ״וייצר ד׳ אלקים את האדם״ [13], האָבן מיר איין דרש, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן אַ ב ר ה ם און אַ צווייטן — אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן צדיקים [14].

ד״ר נחום צ. ברונזניק [15], ברענגענדיק אַ צאָל אגדות וועגן וואָרט אָדם, קומט צום אויספיר, אַז דאָס וואָרט ווערט אַ סך מאָל געניצט, ווי אַ לשון חיבה, אַן אויסדרוק פון ליבשאַפט: ״חביבים הגרים... הרבה הקב״ה אוהב את הגרים״ [16].

דער פאַקט איז אויך, אַז דער שורש פונעם וואָרט איז א ד מ ה ווי אַן אַנדייט, אַז דער מענטש איז באַשאַפן פון ערדשטויב: "עפר מן האדמה", וואָס איז אַ רמז אַז ער איז נישט פון דער העכסטער מדרגה. ווי ר׳ יוחנן האָט געדרשנט, איז דער נאָמען אָדם מרמז: אפר, דם, מרה. דאָס וואָרט אָדם, האָט, ווי מיר זעען פון די דרשות, אַ טאָפלטן, צווייִדייטיקן — און אפשר מערפאַכיקן אויסדרוק, ווי חשיבות און אומ־חשיבות. דער רמב"ם שרייבט [17]: "אדם שם משותף... ויהיה שם להמון, כלומר — לפחותים".

פאַר וואָס די אַלע דרשות?

ווייל דער מענטש איז אַ דואַליסטיש באַשעפעניש: ער איז צוזאַמענגעשטעלט "מן העליונים ומן התחתונים" — צ ל ם  א ל ק י ם און ע פ ר  מ ן  ה א ד מ ה. אין די ווערטער פונעם נעים זמירות ישראל: "אני אמרתי אלהים אתם ובני עליון כולכם, אכן כאדם תמותון" — איך וואָלט געזאָגט, געטער זייט איר און זין פון אייבערשטן... אָבער אַזוי ווי אַ מענטש וועט איר שטאַרבן און ווי איינער פון די האַרן וועט איר פאַלן [18].

נאָך אַ פאַקט: ר׳ שמעון דרשנט: "אדם אתם — ולא עכו"ם" און ר׳ מאיר — ביידע תלמידים פון רבי עקיבא — דרשנט: "גוי העוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול" [19], נאָכפאָלגנדיק די שיטה פון זיין רבין ר׳ עקיבא [20], וואָס זאָגט אַז "כותי ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול" — פאַר וואָס עפעס כותי, איז אַן אַנדער ענין [21]. רבי מאיר לערנט עס אַרויס פונעם וואָרט: "אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" — וואָס אַ מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי [22].

ווי מיר זעען, קען דער א ד ם זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה און זיך דערנידעריקן צו דער ערגסטער שפלות. דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן בלויז וועגן דעם יחיד — אָדם איז כולל דעם קאָלעקטיוו פון מענטשן: "וזאת תורת האדם" — איז דאָס דער שטייגער פון מענטש, איז געמיינט דעם יחיד, אָבער "אמחה את האדם" — איך וועל אָפּמעקן די מענטשן [23] — איז שוין געמיינט געוואָרן דער קאָלעקטיוו, דער רשעותדיקער קאָלעקטיוו [24].

אין שייכות מיטן דרש פון ר׳ שמעון בן יוחאי — "אתם קרויין אדם", דאַרף מען אויך ברענגען נאָך אַ באַהויפּטונג פון רבי שמעון: "טוב שבגויים הרוג" — דעם בעסטן פון די פעלקער — הרגע [25] און ווי מיר וועלן ווייטער זען, זענען דאָ אַ צאָל נוסחאות; לויט איין נוסחא דאַרף זיין "טוב שבמצריים" — און דאָס צוליב דעם, וואָס אפילו ביי די וואָס עס ווערט געזאָגט, "הירא את דבר ד׳" — דער וואָס האָט מורא געהאַט פאַר גאָטס וואָרט און אָפּגעראַטעוועט זיינע פי און פערד [26], האָט שפּעטער געגעבן די געראַטעוועטע פערד, נאָכצויאָגן די בני ישראל און זיי אַריינאָגן אין ים־סוף.

רבינו בחיי ציטירט אויך דעם מאמר פון רבי שמעון בן יוחאי און גיט צו,

אַז דאָ רעדט זיך אין צייט פון מלחמה, ווען דער שונא אַטאַקירט: "כי בשעת מלחמה בלבד הוא שמותר להרגו, כי מאחר שהוא נלחם עמך ובא כנגדך להרגך, אף אתה השכם להרגו, שלא בשעת מלחמה אסור, שהרי אף בשעת מלחמה נצטוינו לקרוא להם לשלום..." [27].

דער מהר"ל מפּראָג (ר' יהודה בן בצלאל ליוואַ, א' פּסח, רע"ב—1512; י"ח אלול, שס"ט—1609), נאָכפאָלגנדיק די שיטה פון רבנו בחיי [28] איז מסביר דעם דאָזיקן פּרינציפּ, אַז דאָס איז דורכויס געמיינט געוואָרן אַז אין אַ מלחמה מיט אַ שונא, וואָס ווייזט אַרויס אַן אכזריות קעגן ייִדן, זאָלן ייִדן זיך באַנוצן מיטן דעם זעלביקן מעטאָד.

אין זיין לשון:

"אין הפירוש דלהרוג הכשר... שזהו מעולם לא אמרו רז"ל... וח"ו לומר כן, אלא פירוש בכהאי גוונא במלחמה... אבל על הכותים (עכו"ם, מצריים — נ. ש.) שעשו טובה עם ישראל נצטוינו מפי הקב"ה שלא לעשות להם רע, שהרי המצריים שהרגו את בניהם ושעבוד הקשה שעשו להם... צוה הקב"ה לגמול חסד עם בניהם שנאמר לא תתעב מצרי כי גר היית בארצם... בירא דשתית מיני' אל תשדי בי' קלא...". דאָ רעדט זיך — פּירט אויס דער בעל גור אריה: "מאחר שבא עליך למלחמה, אנו רואים שיש בו שנאה עצמית ואם אח"כ נפל בידך אל תרחם עליו, על אחת כמה וכמה, טוב שבנחשים רצוץ מוחו... אל תסמוך על הנחש שהוא טוב, אחר שיש שנאה בעצמם... ויש לקיים מה שאמרה תורה... ואיבה אשית...".

היסטאָריש גענומען, איז מעגלעך אַז ר' שמעון בן יוחאי האָט דאָ געמיינט נישט בלויז די מצריים פון אַמאָל, נאָר אויך דאָס הײדנישע רוים, מיט זיין אכזריות קעגן די ייִדן; ער האָט צוגעזען דעם אומקום פון די עשרה הרוגי מלכות; ער האָט צוגעזען דעם קידוש־השם אַקט פון זיין רבין ר' עקיבא. האָט ער זיך אויס־געדריקט מיט די שאַרפסטע ווערטער, געוואָלט, ייִדן זאָלן נישט האָבן קיין פאַרקער מיט די רוימער [29].

באַלד אין באַגין, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ ייִדיש פאָלק, איז אינעם פּראָצעס פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג געשטעלט געוואָרן דער יסוד, ווי אַזוי צו האַלטן די אחדותביים פאָלק. אין צייט פון מלכות איז דאָס פאַרשטאַנען געוואָרן צו האַלטן צוזאַמען רעליגיעז־נאַציאָנאַל די צוויי צווייגן פון ייִדנטום, מלכות־אפרים און מלכות־יהודה, ווי דער נביא ווינטשט און האָפט, אַז ביידע זאָלן ווערן פאַראייניקט און מיט זיך פאַרשטעלן דעם "עץ אחד" — אַ בוים מיט צווייגן — אַריינגערעכנט די וועלכע ווילן ווערן אַ צווייג פונעם דאָזיקן בוים, וועמעס וואָרצלען ציען זיך ביז אברהם אָבינו, דעם וואָס האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט די געהעריקע אַטריבוטן פון אָ ד ם.

דערמיט איז די תּורה אוניווערסאַל. זי באַרעכטיקט דאָס אַריינגעמען מענטשן

פון אַנדערע פעלקער, פון אַנדערע ראַסן, אויב זיי נעמען אָן די ייִדישע אמונה, די מאָנאָטעיִסטישע, וואָס אברהם אָבינו האָט געבראַכט צו דער וועלט, אָן אמונה וואָס איז אוניווערסאַל שוין דערמיט, וואָס זי אָנערקענט אַז גאָט איז דער באַשעפער פון אַלץ אויף דער וועלט. דער יוצר פון דעם גאַנצן קאָסמאָס און פון אַלץ וואָס געפינט זיך אויף דער ערד און אין די הימלען.

אָדם הראשון איז, לויט דער אַגדה, געווען אַזוי הויך "מן הארץ עד לרקיע" [30] און דער מאַטעריאַל — דער עפר — איז גענומען געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט: "גופו מבבל, ראשו מארץ־ישראל, ואבריו משאר ארצות" [31]. ער איז פאַרקלענערט און געקירצט געוואָרן נאָכן חטא עץ־הדעת. זינט יענעם ירידה־מאָמענט דאַרף ער, דער אָדם — קדמון און אחרון — זוכן וועגן ווי זיך צוריק צו דערהויבן. די לייטער איז גרייט פאַר יעדן מענטשן, געבנדיק אים די מעגלעכקייט צו גרייכן צו די הויכע ספערן, צו די העכערע גייסטיקע אַרביטן.

דער מענטש איז די קרוין פון דער יצירה, געבוירן מיט דער בחירה זיך צו דערהויבן איבער דאָס גשמיותדיקע, וואָס איז אַ לבוש צו דאָס רוחניותדיקע און קען דערגרייכן צום "התרוממות היש", צו מאָראַלישער הייליקייט. ער קען אָבער אַראָפּפאַלן צו ווערן אַן "איש האדמה" און פאַרלירן זיין י ש אינעם קאָסמאָס: "מה אנוש כי תזכרנו" — וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען? [32].

דער רמב"ם באַהאַנדלט דעם קעגנשטאַנד אין זיינע מחשבה־ספרים און נישט ווייניקער אין זיינע הלכה־ספרים אויפן יסוד פון תנ"ך און תלמוד [33]. די דער־הויבונג פונעם מענטש איז לויט דעם קיום פון מצוות, ביז מען דערגרייכט צו דער מדרגה פון מקיים זיין די מצווה "ואהבת לרעך כמוך" [34] וואָס איז דער "כלל גדול בתורה" און וואָס איז פאַרלייכטערט געוואָרן דורך הלל הזקן און דעם תנא רבי עקיבא, אויף אַ נעגאַטיוון אופן, וואָס ברענגט פאָזיטיווס: "מה דעלך סני לחברך לא תעביד" — דאָס וואָס איז דיר פיינט, ווילסט נישט מ'זאָל עס דיר טאָן, זאָלסטו יענעם נישט טאָן [35]. און דאָס איז חל, אויף דער באַציִונג צו יעדן מענטשן, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים.

נאָך מער. די עטיק פון די אָבות גייט אַזוי ווייט, צו לערנען דעם מענטשן, ער זאָל אויף יעדן זוכן אַ זכות — "הוי דן את כל האדם לכף זכות" [36].

וועגן דעם פּרינציפּ פון זוכן אַ זכות אויף יעדן מענטשן, ווערט דערציילט אין דער גמרא וועגן אַזאַ מענטשן [37]: אַן אַרבעטער אין אויבערשטן גליל האָט זיך פאַרדונגען אויף דריי יאָר ביי אַ בעל־בית אין דרום ארץ־ישראל. ערב יום כפור, ביים פאַרענדיקן זיין "טערם" (צייט), האָט ער פאַרלאַנגט זיין לוין, אַהיימצוגיין צו זיין ווייב און קינדער. זאָגט אים דער בעל־הבית: ער האָט נישט קיין געלט, קיין פירות, קיין בהמות, קיין לאַנד — ער קען אים נישט באַצאָלן דעם חוב... דער אַרבעטער איז אַוועק אַ צעבראָכענער מענטש. מיט וואָס וועט ער אַהיימקומען?

נאָך סוכּות, איז דער בעל־הבית געקומען צו אים מיט אַ משא אויף דריי אייזלען און מיטן לוין, וואָס ער איז אים שולדיק געבליבן און ער האָט אים אויפגעקלערט די סיבה, פאַר וואָס ער האָט אים נישט באַצאָלט פאַר יום־כּפּור: ער האָט דעמאָלט נישט פאַרמאָגט קיין פּרוטה. ער האָט אים דערביי געווונטשן: ״כשם שדנתני לזכות, המקום ידין אותך לזכות״.

דער מוסר השׂכל: מ׳זאָל תּמיד דן זיין דעם מענטשן צום גוטן, סיידן מ׳ווייסט דאָס פאַרקערטע.

אהבת־הבריות און חסד, צוזאַמען מיט אהבת־האמת, איז פאַרלייגט געוואָרן פון די אָבות, נאָך איידער ייִדן האָבן גענומען די תּורה ביים באַרג סיני, און דאָס איז פאַרוואָרצלט געוואָרן אין ייִדנטום.

דער שׂכר פון גומלי חסדים איז נישט בלויז צו ייִדן, נאָר צו יעדן מענטשן וואָס טוט גוטע מעשׂים. אויב אפילו אַן אינדיווידועלער מענטש פון אַ רשעותדיקער סביבה רייסט זיך אַרויס און פירט זיך אויף מיט חסד, ווערט דאָס אָנערקענט און אָפּגעשאַצט.

פּרעהס טאָכטער — אַ מצרישע, דערצויגן אין מצרישן גייסט פון אויסגעלאַסנ־קייט און אכזריותדיקייט — זי האָט געהאַט האַרצגעפיל, געהאַט רחמנות אויף דעם קינד וואָס איז געלעגן אין אַ קעסטעלע אינעם יאור, אין געפאַר דערטרונקען צו ווערן, האָט זי געקראָגן רחמנות און אָפּגעראַטעוועט דאָס קינד. ווערט זי אין דער אגדה געלויבט מיט די העכסטע לויבגעזאַנגען.

אויפן פּסוק ״ויגדל הילד ותביאהו לבית פרעה ויהי לה לבן״ — און אַז דאָס קינד איז גרעסער געוואָרן, האָט זי אים געבראַכט אין פּרעהס הויז און ער איז איר געוואָרן פאַר אַ זון [38], האָבן מיר אַ מדרש וואָס שילדערט, ווי אַזוי זי האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד: ״והיתה בת פרעה מנשקת ומחבקת אותו כאלו הוא בנה, ולא היתה מוציאתו מפלטין של מלך״ [39] — זי האָט אים (משהן) געקושט, געהאַלדזט, אים אַרומגענומען מיט ליבשאַפט ווי אַן אייגן קינד און אים נישט געלאָזט אַרויסגיין פון קעניגלעכן פּאַלאַץ...

וואָס איז געווען איר שׂכר?

פון די אַלע נעמען, וואָס מ׳האָט אים געגעבן, רופט אים הקב״ה דעם נאָמען וואָס בתיה (ביסיא), די טאָכטער פון פּרעה, האָט אים געגעבן, ווי עס איז געשריבן ״ותקרא את שמו משה״ — זי האָט אים גערופן משה [40].

פאַר וואָס איז געבליבן איר נאָמען? — ווייל זי האָט אים געראַטעוועט פון טויט. נאָך מער: דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו בתיה, דער טאָכטער פון פּרעה: משה איז דאָך נישט געווען דיין זון און דו האָסט אים גערופן ״בנך״, דיין זון, וועל איך דיך רופן ״מיין טאָכטער״... ווי דער פּסוק זאָגט: ״ואלה בני בתיה — בת יה״ [41].

דערפון לערנט מען אַרויס וועגן דעם לוין פאַר די וועלכע באַנעמען זיך מיט חסד, ווי עס לויטעט דער תלמודישער זאָג: "דער וואָס איז מקיים — האַלט אויף — אַ נפש, דערהאַלט ביים לעבן איין נפש, איז פונקט ווי ער וואָלט דערהאַלטן ביים לעבן אַ פולע וועלט" [42].

ווי די אגדה גיט איבער, האָט בתיה זוכה געווען צו עולם הבא, צו ווערן באַהאַפטן צום יידישן פאָלק "אונטער די כנפי השכינה..." און זי איז פון די נ י י ן, וועלכע זענען ביים לעבן אַריין אין גן־עדן [43].

פאַר וואָס האָט דער רשע פרעה זוכה געווען צו אַזאַ טאָכטער? ווערט דערויף געזאָגט, אַז דאָס איז אים געקומען צוליב דער ברכה פון יעקב אָבינו: "ויברך יעקב את פרעה" [44]. יעקבס ברכה האָט געווירקט. לויט דער באַהויפּטונג פון חז"ל, האָט זי זיך מגייר געווען: "ותרד בת פרעה לרחוץ" — איז געמיינט געוואָרן "לרחוץ מגלולי בית אביה, שנתגיירה ונכנסה תחת כנפי השכינה", ווי רש"י גיט צו: "לטבול שם לשם גירות" [45].

ווי ווייט חז"ל האָבן זיך באַמיט צו באַוואָרענען, ס'זאָל הערשן ביי יידן אהבת־הבריות איז צו זען דערפון וואָס ביים באַשטימען דיינים, שופטים, האָט מען נישט אָנגענומען אַזעלכע, אויף וועלכע מ'האָט געקענט האָבן אַ פאַרדאַכט, אַז זיי באַזיצן נישט די מידה פון רחמנות. אַ מיטגליד פון סנהדרין האָט געדאַרפט זיין אַ מענטש מיט אַ רחמנות־געפיל, אַ דיין, וואָס האָט סימפאַטיע מיט מענטשן אאַ"וו.

דערפון איז אַרויסגעקומען דער דין: "אין מעמידין בכל סנהדרין זקן" — מען באַשטימט נישט אַן אַלטן מאַן צום סנהדרין, וואָס דאַרף זיך פאַרנעמען מיט דיני נפשות, ווייל ס'איז דאָ אַ געפאַר, אַז ער וועט נישט צוטרעטן צום משפט מיט רחמנות און ער, ווי אַ שליח פון רבונו של עולם, דאַרף משפטן מיט אמת, מיט צדק — און מיט חסד [46]. רש"י גיט צו דעם טעם: "זקן ששכח כבר צער גידול בנים ואינו רחמני...". דער רמב"ם גיט צו דאָס וואָרט "מופלג" — זייער אַלט. דאָס לשון פון רמב"ם [47]: "אין מעמידין בכל הסנהדרין לא זקן מופלג ב ש נ י ם ולא סריס... מפני שיש בהם אכזריות". באַמערקט דערויף דער "לחם משנה" (הגאון מו"ה אברהם די בוטן): "וכתב רבינו, זקן מופלג בשנים, מפני שלא יקשה על מימרא דרבי יוחנן שהזכיר בסמוך שצריך להשתדל אחר בעלי שיבה". ד"מ, מ'דאַרף זוכן אַ מיטליאַריקן — אָדער אַ גרייז־גרויען, וואָס האָט נאָך אַ פאַמיליע, וואָס איז אויסגעמישט אין דער געזעלשאַפט, אָבער נישט אַ מענטשן אין אַן עלטער, וואָס פאַרשטייט שוין נישט קיין פאַמיליע־פּראָבלעמען, קיין מענטשן־פּראָבלעמען, וואָס איז בייז אויף דער וועלט... אַזאַ מענטשן קען מען נישט אַנטרויען, אַז ער זאָל דן זיין מענטשן.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז דער יידישער משפט זאָל אין גאַנצן זיין באַהערשט

פון חסד און איגנאָרירן אָדער פאַרנאַכלעסיקן די פּרינציפּן פון אמת און צדק. דאָס געוויס נישט.

מיר האָבן אַ מאמר: ״האומר על קן ציפור יגיע רחמיך — משתקין אותו. פליגי בה תרי אמוראי במערבא: חד, אמר, מפני שהוא מטיל קנאה במעשה בראשית; וחד אמר — מפני שהוא עושה מדותיו של הקב״ה רחמים ואינם אלא גזירות״ [48]. דאָ, קען געוויס גילטיק זיין דער זאָג: ״אלו ואלו דברי אלקים חיים״ [49]. ווייל אַזאַ צוזאָגנג ווי בלויז חסד אָן צדק ברענגט אַרויס קנאה... שוואַכט אָפּ די לאָגיק, די גערעכטיקייט, מיט וועלכע דער רבונו של עולם פירט די וועלט. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין.

**ו. דער מענטש און זיין אויפגאַבע. — מצוות און אמונה. — משה רבנו און עזרא הסופר.**

דער תלמוד, די מינדלעכע תורה, ווי מיר האָבן צום וויפלטן מאָל באַטאָנט, איז אומצעטיילבאַר פון דער תורה שבכתב. די תלמודישע אגדה און די הלכה דערגאַנצן איינס דאָס צווייטע, שטעלן צוזאַמען דעם געזעצגעבערישן, דעם רעליגיעז־טעאָלאָגישן, סאָציאַל־עקאָנאָמישן און מאָראַליש־עטישן קאָדעקס. די מצוות אין דער תורה זענען פאַר דעם ווילזיין פונעם מענטשן: ״וכי מה איכפת לו להקב״ה למי ששוחט מן הצואר, או מי ששוחט מן העורף, הרי לא נתנו המצוות אלא לצרף בהן את הבריות״ [1] — וואָס אַרט עס דעם רבונו של לעום, צי מ׳שעכט פון האַלדז צי פון נאַקן; דאָס ווייזט, אַז די מצוות זענען געגעבן געוואָרן צו לייטערן — טייל טייטשן לצרף — אויסצופּרובירן דעם מענטשן, צי ער וועט אויספאָלגן אפילו אַזעלכע מצוות וועלכע ער קען נישט משיג זיין...

די מצוות ברענגען קדושה און אמונה און דעריבער מאַכט מען די ברכה, ״אשר קדשנו במצוותיו״. דער נביא חבקוק האָט געשטעלט דעם יסוד פון יהדות אויף אמונה: ״בא חבקוק והעמידן על אחת — וצדיק באמונתו יחיה״ [2] און ס׳איז נישט אַזוי לייכט צו דערגרייכן די אמונה שלימה.

אין דער אגדה ווערן שטאַרק באַטאָנט די וויכטיקייט און די שוועריקייט צו דערגרייכן אמונה שלימה. פּראָפ׳ אברהם יהושע העשל ז״ל ווייזט אָן אויף אָן אגדה, וואָס זאָגט, אַז אפילו ביי עזרא הסופר, דעם גרויסן מנהיג, וועגן וועמען ס׳ווערט געזאָגט, אַז ווען די תורה זאָל נישט געווען געגעבן ווערן דורך משה רבנו, איז עזרא הסופר געווען ראוי די תורה זאָל דורך אים ווערן געגעבן און אַז ער האָט צוריקגעבראַכט די תורה צו איר קרוין, ״ליושנה״, אפילו ביי אים, געפינט מען געוויסע ספקות, ווי אַ פּגם אין דער אמונה שלימה, ביז ער איז געוואָרן איבערגעצייגט און אַליין דאָס דערציילט.

מיר וועלן ציטירן דעם מאמר:

"ר' יוסי אומר: ראוי הי' עזרא שתינתן תורה על ידו לישראל, אילמלא קדמו משה..." און חז"ל רעכענען אויס די תקנות, וואָס עזרא האָט איינגעפירט צו ראַטעווען דעם פיזישן און גייסטיקן קיום פון יידן[3]. אפילו ער האָט נישט דערגרייכט צו דער אמונה וואָס הקב"ה האָט פאַרלאַנגט, בעת ער האָט געקראָגן די דערלויבעניש פון אַרתחשסתאַ, אויפצוגיין קיין ירושלים און באַנייען דעם ישוב: "ואקרא שם צום על הנהר אהוא להתענות לפני אלקינו לבקש ממנו דרך ישרה לנו ולטפנו ולכל רכושנו. כי בשתי לשאול מן המלך חיל ופרשים לעזרנו מאוייב בדרך, כי אמרנו למלך לאמור, יד אלקינו על כל מבקשיו לטובה, ועוזו ואפו על כל עוזביו" — און איך האָב פון דאָרטן אויסגערופן אַ תענית ביים טייך אַהוָא, זיך צו פייניקן פאַר אונדזער גאָט, כּדי צו בעטן ביי אים אַ גלייכן וועג פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קליינע קינדער, און פאַר אונדזער גאַנצן פאַרמעג. וואָרום איך האָב זיך געשעמט צו פאַרלאַנגען פון מלך חיילות, רייטער, אונדז צו העלפן קעגן פיינט אויפן וועג. מיר האָבן געזאָגט צום מלך, אַזוי צו זאָגן: די האַנט פון גאָט איז צום גוטן, צו אַלע וואָס זוכן אים און זיין מאַכט און זיין צאָרן אַקעגן אַלע וואָס פאַרלאָזן אים. מיר האָבן געפאַסט און געבעטן ביי אונדזער גאָט וועגן דעם און ער האָט זיך געלאָזט דערבעטן ביי אונדז...[4].

פון וואַנען פּראָפ' העשל דרינגט דערפון, אַז עזרא הסופר האָט נישט דער־גרייכט צו אמונה שלימה, וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון יעדן יידן, איז נישט צו פאַרשטיין. די גרויסקייט פון עזרא הסופר באַשטייט גאָר אין דעם וואָס ער, ווי משה רבנו, האָט מתפּלל געווען צום רבונו של עולם און זיך נישט פאַרלאָזט, אַז די ישועה וועט קומען אָן תפילות. ער האָט געהאַט די פ ו ל ס ט ע א מ ו נ ה און בטחון, אַז די תפילות וועלן העלפן.

צו דערגרייכן אמונה שלימה דאַרף מען אַ סך אַרבעטן אויף זיך: ביי אברהם אָבינו ווערט געזאָגט "והאמין בד'" — און ער האָט געגלויבט אין גאָט[5]; ביי די יוצאי מצרים — "ויאמינו בד' ובמשה עבדו" — און זיי האָבן געגלויבט אין גאָט און אין משהן זיין קנעכט[6]. די גרויסקייט פונעם ייִד באַשטייט אין זיין רצון זיך צו דערהויבן צו דער קדושה, צו האָבן די תשוקה פון אמונה שלימה, צו פאַרשטיין און באַגרייפן די פּערספּעקטיוון פון אמונה, ווי משה רבנוס באַהויפּטונג: "הצור תמים פעלו כי כל דרכיו משפט. אל אמונה ואין עול, צדיק וישר הוא" — דער פעלדז, זיין ווערק איז גאַנץ, ווייל אַלע זיינע וועגן זענען רעכט... גערעכטיקייט און רעכטפאַרטיק איז ער...[7].

מיט דער דאָזיקער אמונה האָט אברהם אָבינו אָנגעהויבן זיין גאַנג אויף דער וועלט, געוויזן דעם מוסטער פאַר די אָפּשטאַמיקע פון אים. דאָס גאַנצע רייכטום פון מענטשלעכן גייסט, זיין וויסן איז פאַרוואָרצלט — ווי בעלי־אגדה לערנען — אין אמונה.

די ברירה בלייבט ביים מענטשן. דאָס ייִדישע פאָלק האָט ביים באַרג סיני אויסגעקליבן זיין וועג, איז געוואָרן דאָס אויסדערוויילט פאָלק, געוואָרן אַן "עם סגולה" מיט אַ מיסיע צו ברענגען די אויסדערוויילטקייט צו דער גאַנצער מענטש־הייט, צו אַלע פעלקער [8].

דער הייליקסטער ספר ביי ייִדן איז די תּורה. די תּורה ווייזט אַן געגוי, אַז מענטשלעכער ווילן איז פריי, אַז די עטישע אויפפירונג פון מענטשן ווערט פון אים אַליין באַשטימט. מ'האָט אים, דעם מענטש, אָבער געגעבן אַ מעגלעכקייט, און אים אָנגעוויזן, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט. די דאָזיקע תּורה איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן ביי די נביאים, ביי דער כּנסת הגדולה, אין צייט פון צווייטן בית־המקדש; ביי די תּנאים און אמוראים, די שעפערס און גרונט־לייגערס פון תּלמוד בבלי, ירושלמי, אין דער אגדה און הלכה, אויסטייטשנדיק די תּורה שבכתב, די מסורה, וואָס שליסט איין דעם גאַנצן גייסטיקן פאַרמעג פון ייִדן, זינט זיין באַגין אויף דער פעלקער־מאַפּע.

די טיפקייט פון ייִדישן געדאַנק, ווי אויסגעדריקט ביי די תּלמוד־שעפערס, ביי די בעלי־אגדה, בעלי־מחשבה, האָט אפילו אַרויסגערופן באַוווּנדערונג ביי ערלעכע נישט־ייִדישע פאָרשערס, ביי ערלעכע גייסטמענטשן. די מדרש־ליטעראַטור איז ביי אומצייליקע נישט־ייִדישע ביכל־פאָרשערס באַנוצט געוואָרן פאַר זייערע שטודיעס. זיי האָבן אָנערקענט אַז ס'געפינט זיך אין דער ייִדישער אגדה "תּבונה גדולה", איינגעהילט אין אַלעגאָרישקייט, וואָס נישט יעדער איז מסוגל צו באַנעמען איר סודותדיקייט. אַזאַ ראַציאָנאַליסט ווי דער רמב"ם, דער באַגרינדער פון דער הלכה דורך זיין "יד החזקה" און פון דער מחשבה דורך זיין "מורה נבוכים" — ער איז באַגייסטערט און האַלט פאַר וויכטיק די אגדת חז"ל [9]. אָבער וועגן דעם באַזונדער.

מיר האָבן שוין אַ סך געשריבן וועגן בחירה און ס'וווילט זיך נישט איבערחזרן. מיר מוזן אָבער דערגאַנצן די טעזע און אָנווייזן — צום וויפלטן מאָל — אַז בחירה איז אַ יסוד אין יהדות און צו דער זעלביקער צייט ווייזט זי דעם גוטן און גערעכטן וועג, דער עיקר זי וואָרנט קעגן אַפּאַטיע, קעגן געזעלשאַפטלעכער גלייכגילטיקייט. דער ייִד דאַרף זיין פאַראינטערעסירט נישט בלויז אין זיין אייגענער און אין זיין פאָלקס זיכערקייט; דער ציל איז אַרומצונעמען דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן אין אַלע אַספּעקטן כּדי צו דערגרייכן מענטשלעכן פּראָגרעס און צווישנמענטשלעכע באַציונגען. און נאָך אַן עיקר: באַקעמפן געצנדינעריי, היידנישע גלויבנס.

די דאָזיקע אידעאַלן זענען געקומען צום מענטש נאָך איידער די תּורה איז געגעבן געוואָרן. דער אל אחד האָט זיך אַנטפּלעקט צו אָדם הראשון מיט אייניקע מצוות; דערנאָך צו נחן, צו אברהם אָבינו, צו יצחקן, צו יעקבן — אַלע האָבן געדאַרפט מקיים זיין די שבע מצוות בני נח. צו אברהם אָבינו און זיינע נאָכ־

פאַלגערס — די מצות מילה, אַ באַדינג פאַר ״ברית בין הבתרים״. לויט אַ צאָל בעלי־אגדה, איז שבת שוין אָנגעזאָגט געוואָרן צו אָדם הראשון [10].

וואָס שייך דאָס באַקעמפן געצנדינערריי איז דאָס אויך אָנגעגאַנגען נאָך איידער די תורה איז געגעבן געוואָרן, ווייל געצנדינערריי ברענגט צו אויסגעלאַסנקייט און פאַרברעכערישקייט. אויף נעמה, דער שוועסטער פון תובל קין, ווערט געזאָגט, אַז זי האָט מיט אין פייקל צוגעצויגן צו דינען די געטער, ״שהיתה מנעמת בתוף לעבודה זרה״ [11] און די שטראָף איז געווען: מבול, הפלגה אוא״וו.

ביי ייִדן ווערט געזאָגט די גרויסקייט: ״כי לא נחש ביעקב״ — נישטאָ קיין כישוף אין יעקב און קיין וואָרזאָגעניש אין ישראל [12], און ווער האָט דאָס געזאָגט ? — בלעם הרשע. ער האָט דאָס נישט געקענט פאַרגינען די ייִדן — אָבער געמוזט צוגעבן דעם דאָזיקן פאַקט. ער האָט אויך געמוזט צוגעבן, אַז אונדזער גאָט איז דער גאָט פון צדק און משפט און ער האָט געגעבן זיין פאָלק סאָציאַלע און מאָראַליש־עטישע געזעצן. דערמיט זענען מיר געוואָרן אויסדערווײלט.

מענטשן זענען פאַרשיידן, יעדער מיט זיינע אינטערעסן, יעדער מיט זיינע פעיִקייטן, יעדער לויט זיין וויסן און אויפפאַסונג. די תורה איז געגעבן געוואָרן צום פאָלק, מיטן בליק אויף דער אינדיווידואַליזאַציע. כדי צו פאַראייניקן און צונויפ־באַהעפטן דאָס פאָלק אין איין גאַנצקייט איז אומבאַדינגט נויטיק די יחידים זאָלן מיט צופרידנקייט אָננעמען פון אייגענעם ווילן די געזעצן, די מאָראַל, די אחריות. דאָס איז אייגנטלעך דער משיח־אידעאַל מיט ברייטערע האָריזאָנטן — די פאַר־אייניקונג פון דער גאַנצער מענטשהייט.

דער מדרש דערציילט: ״ווען די ייִדן זענען אַרויס פון מצרים, האָבן זיי אין אָנהייב געוואַנדערט אין מחלוקת און גערוט אין מחלוקת; יעדער האָט געוואָלט מ׳זאָל נאָכגיין זיין וועג, זיין שטייגער, זיינע געוווינהייטן. ווען זיי זענען געקומען צום באַרג סיני, זיך געגרייט און געקראָגן די תורה, זענען זיי געוואָרן איין פאָלק. ״כאיש אחד בלב אחד — נעשו כולם הומניא״ [13].

פון ״ויחנו״ איז געוואָרן ״ויחן״. אַ דאַנק יענער אייניקייט זענען מיר געוואָרן אַ תורה־פאָלק און די תורה האָט באַוויזן אויפצוהאַלטן דעם קיום פון פאָלק. די תורה איז געוואָרן דאָס ל ע ב ן פון פאָלק — ״כי היא חיינו ואורך ימינו״... יעדער ייִד האָט געקראָגן די מעגלעכקייט צו זיין נישט בלויז אַ תורה־קענער, נאָר אויך אַ תורה־שעפער, אויף אַזוי ווייט אַז ״כל מה שתלמיד ותיק עתיד ל ח ד ש״ זאָל איינגעלשאָסן ווערן אין דער תורה. דער יחיד ווי דער כלל טראָגט די אחריות פאַר דער תורה.

די חז״ל זענען געגאַנגען אַזוי ווייט אין באַהויפטן די וויכטיקייט פונעם יחיד, דערקלערנדיק, אַז ווען אַ ייִד גייט אַוועק פון דער וועלט, איז עס ווי אַ ספר־תורה

וואָלט חלילה פאַרברענט געוואָרן [14], אַז אַ צדיק פאַרלאָזט די וועלט, האָט דער גאַנצער דור פאַרלוירן; דער פאַרלוסט איז פאַרן גאַנצן עולם [15].

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן וועלכע מצווה איז די וויכטיקסטע. קיין קלאָרער, דעפיניטיווער ענטפער איז באמת נישטאָ, ווייל אַלע מצוות זענען וויכטיק — "והיה עקב תשמעון... המצוות שאתה דש בעקביו" [16], ס'זענען אָבער דאָך דאָ חילוקים צווישן מצוות קלות און מצוות חמורות, מצוות פון "יהרג ואל יעבור" און מצוות ביי וועלכע מ'מוז נישט איינשטעלן דאָס לעבן; מצוות וועגן וועלכע ס'ווערט געזאָגט: "שקולה כנגד כל המצוות", אַז זיי וועגן איבער אַלע אַנדערע מצוות און מצוות, וועגן וועלכע ס'איז נישטאָ אַזאַ דעפיניטיווער אויסדרוק.

מיר וועלן דערמאָנען אייניקע אַזעלכע מצוות:

אין מסכת נדרים [17] ווערט געזאָגט: "שקולה מצות ציצית כנגד כל מצוות שבתורה", און אויף אַן אַנדער אָרט [18] ווערט דאָס געזאָגט וועגן דער מצוה פון מילה.

אין מסכת בבא בתרא [19] ווערט דאָס געזאָגט וועגן דער מצוה פון צדקה און אין מסכת פאה [20] ווערט דאָס געזאָגט וועגן גמילת־חסדים. דער מהרש"א, ווילנדיק באַרעכטיקן דעם שאַרפן אויסדרוק, זאָגט אַז דער יעניקער וואָס גיט נישט קיין צדקה, איז אַ כופר, ער גלייבט נישט אַז גאָט האָט אים געגעבן און אַז גאָט וועט אים באַלוינען: "לב בליעל לאמור שאין מי שישלם לו והרי הוא ככופר בד' ומודה באלהי זהב וכסף". אין אַנדערע ווערטער, דער וואָס וויל נישט געבן קיין צדקה, איז זיין גלויבן אויפן זילבער און גאָלד וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט.

אין מכילתא [21], ווערט גענוצט דאָס וואָרט "שקולה" וועגן לערנען תורה; אין ספרי [22] וועגן וווינען אין ארץ־ישראל: "שקולה ישיבת ארץ־ישראל כנגד כל המצוות" און אין ירושלמי [23] ווערט דאָס געזאָגט וועגן שבת. מיר האָבן וועגן שבת, וועגן דער הייליקייט פון שבת אומצייליקע מאמרים, אומצייליקע ספרים, ספרי הלכה, ספרי אגדה, ספרי חסידות — ווער קאָן זיי אויסרעכענען? גענוג צו דערמאָנען די ספרים וועלכע זענען תמיד אויף מיין שרייבטיש [24], אָבער דאָס וואָרט "שקולה" איז באַרעכטיקט צו אַ באַזונדער באַהאַנדלונג. מיר וועלן ווייטער נאָך דערמאָנען קדושת־שבת אין שייכות מיט אונדזער טעזע.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ חקירה וועגן אויסדרוק "שקולה". ס'איז דאָ אַ מיינונג אַז די פריער אויסגערעכנטע מצוות זענען אַ באַדינג און פירן צום מקיים זיין אַ ל ע מצוות. דער ציל פון די דאָזיקע מצוות איז אַריינצוברענגען קדושה אינעם יידישן לעבן און וועגן די דאָזיקע און ענלעכע מצוות האָבן חז"ל פעסטגעשטעלט, אַז זיי ווערן קלאַסיפיצירט ע י ק ר י ם, נישט געקוקט וואָס דער רמב"ם, אין זיינע דרייצן עיקרים, האָט געשטעלט בלויז די אמונהדיקע.

די קדושה פון שבת איז געצילט אויף אַריינצוברענגען אמונה: אַז ס'איז דאָ אַ בורא; אַז דער בורא האָט באַשאַפן די וועלט אין די ששת ימי המעשה —

מעשה בראשית. ווי חז״ל באַהויפּטן, איז אַ ״מומר לחלל שבת״ אַ מומר לכל התורה — ער איז אַ כופר, אַ פאַרלייקענער פון תורה און אמונה [25].

ווי דער בעל התניא לערנט באַזיצט שבת צוויי קדושות: א) דאָס, וואָס דער רבונו של עולם האָט געהייליקט דעם שבת און ב) דאָס וואָס די בני־ישראל האָבן געהייליקט דעם זיבעטן טאָג. די קדושה האַלט זיך אויף אַ דאַנק די ייִדן, דער ״אש אוכלה״ מוז האָבן דאָס קנייטל, די פּתילה אויף וועלכער דאָס פייער זאָל זיך האַלטן. די דאָזיקע קדושה איז חל סיי אויף ״נפש האלקית״ און סיי אויף ״נפש הבהמית״ [26] און אויב מען פאַרשוועכט די קדושה, האָט מען פאַרשוועכט די גייסטי־קייט און די חומריותדיקייט פונעם מענטש; מ׳האָט פאַרלייקנט די מתּנה, ווי חז״ל זאָגן: ״אמר לו הקב״ה למשה, משה: מתנה טובה יש לי בבית גנזי, ושבת שמה, ואני מבקש ליתנה לישראל — לך והודיע אותם, וזהו לדעת כי אני ד׳ מקדישכם״ [27] — די דאָזיקע מתּנה האָבן ייִדן געקראָגן נאָך פאַר מתּן־תּורה, אין מרה. לויט אַ צאָל אגדות, האָבן ייִדן זינט דער צייט פון די אָבות געהיט שבת; אָבער אין מרה איז עס געוואָרן אַן אָפיציעלער רו־און־הייליקער טאָג, וואָס האָט געגעבן דעם ספּעציפישן כּוח, וואָס בלויז ייִדן באַזיצן דעם דאָזיקן כּוח, ״כי אות היא ביני וביניכם״ [28], דעריבער איז געזאָגט געוואָרן: ״עכו״ם ששבת חייב מיתה״, ווייל זיי האָבן דאָך נישט אָנגענומען די אמונה אין אל אחד, ״כי לישראל עמך נתתו באהבה לזרע יעקב אשר בו בחרת...״ און אויב דער ייִד איז מחלל דעם שבת, אפילו ער רוט, האַלט דעם טאָג פאַר אַ יום מנוחה, אָבער נישט פאַר אַ יום קדושה, האָט ער מורד געווען אין מלכות־שמים [29] אָבער וועגן דעם באַזונדער.

די דאָזיקע מצוות: מילה, שבת, ארץ־ישראל, ציצית אאַ״וו באַפעסטיקן דעם מאָנאָטעיִסטישן קאָנצעפּט, דעם גלויבן אין איין גאָט, וואָס איז אין דער צייט פון די אבות און אין די נאָכפאָלגנדיקע תּקופות נישט געווען פון די לייכטע ענינים. אין די תּקופות פון געצנדינערייַ, פון פּאָליטעיִזם, די כּלערליי אמונות אין פאַר־שיידענע געטער און אָבערגלייבערישקייט האָט דאָס ייִדישע פאָלק, אין באַגין פון זיין אויפשטייג אויף דער פעלקערלעכער אַרענע, זיך געשטעלט ווי אַ יסוד ״ד׳ אחד ושמו אחד״, וואָס גייט צוזאַמען מיט ״עם אחד״, ווי אַ לייטמאָטיוו אין דער ייִדישער אמונה און פאַר דעם ייִדישן קיום.

אָנגעהויבן מיט אברהם אָבינו, דורכגעגאַנגען דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג פון די אָבות, שבטים ביזן אָנקומען צום באַרג סיני, ווו ס׳איז דערהערט געוואָרן דער געטלעכער רוף: ״אנכי ד׳״. אונטער ״קולות וברקים״, דונערן און בליצן, ״גערויכערט פונעם געטלעכן פייער״ — אַ פייער וואָס איז געבליבן אייביק אין ייִדישע הערצער און אין ייִדישע מוחות, אַ פייער וואָס דער ייִדישער מחוקק, משה רבנו, האָט דערזען ביים סנה, אַ פייער וואָס ברענט און ברענט און ווערט נישט פאַרברענט.

משה רבנו, דער וואָס האָט געזען גאָט און גערעדט צו אים "פנים אל פנים", האָט אָנגעזאָגט זיין פאָלק צו געדענקען דעם טאָג ווען זיי זענען געשטאַנען פאַר גאָט ביים באַרג חורב־סיני. "צי האָט אַ פאָלק געהערט גאָטס קול רעדן פונעם פייער אַרויס, ווי דו האָסט געהערט ?" [30].

דער תנ"ך האָט געגעבן דער מענטשהייט די אידעע פון אחדות אלקות, די אידעע פון אוניווערסאַלן אײנציקן גאָט. אָנגעהויבן האָט אברהם אָבינו: "הכיר את בוראו" [31]. אברהם, דער פּאַטריאַך, האָט פּראָפּאַגירט די דאָזיקע אמונה אויף זיין וואַנדערוועג פון אור כשדים, חרן און ארץ כנען. די בני־ישראל האָבן זיך געהאַלטן ביי דער דאָזיקער אמונה אפילו אין מצרים, ווו גרויסע טיילן האָבן "געזונקען" אין טומאות מצרים. משה רבנו האָט זיי אויפגעלעבט און אויפגעוואַכט ביי זיי די אמונה אין "אהיה אשר אהיה" [32], אַז דער וואָס איז אייביק וועט זיי אויסלייזן.

אויפן וואַנדערוועג צווישן מצרים און כנען איז די אמונה געשטאַרקט געוואָרן דורך די תרי"ג מצוות, ווי צוגאָבן צו די שבע מצוות בני נח — און יידן זענען געוואָרן די טרעגערס פון די מצוות אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען, אין אַלע גלותן, אויף אַלע קאָנטינענטן און ביי אַלע ימים. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביים דעוויז, מ'זאָל זיין געוואָרנט אָפּצוהיטן אפילו די מצוות "שאדם דש בעקביו" [33], "והוה זהיר במצוה קלה כבחמורה", ווייל מ'ווייסט נישט דעם שכר פון טאָן מצוות, מ'ווייסט נישט וועלכע מצווה איז די האַרבערע, די וויכטיקערע [34].

דער יידישער לעבנסשטייגער איז געבליבן, אומעטום און אין אַלע צייטן, תוכיק ווי געלערנט ביי משה רבנו און נאָכגעפאָלגט ביי די שעפערס פון דער תורה שבעל פה: תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי, הלכה, מנהג, טראַדיציע — איינגעפירט דורך די הלכה־אויטאָריטעטן.

דורכן שולחן ערוך איז געשטעלט געוואָרן אי די סטרוקטור פון דער יידישער נשמה און אי דער פיזישער צוזאַמענשטעל און די צעמענטירטקייט פון יידן ווי אַ פאַראייניקט פאָלק. די חכמי־התלמוד האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע צו פאַרהיטן פון דער סכנה פון קולטור־פּלוראַליזם, פון אַריינברענגען פרעמדן לעבנס־שטייגער, פרעמדע געוווינהייטן, פרעמדן גייסט, וואָס קאָן פירן צו אַסימילאַציע, צו שמד.

מ'האָט זיך באַמיט, יידן זאָלן נישט ענדערן זייערע נעמען, זייער לשון, "בזכות שלשה דברים נגאלו אבותינו ממצרים ואחד מהם שלא שינו את לשונם"... [35]; אין אַן אַנדער מדרש: "שלא שינו את בגדיהם" — זיי האָבן נישט געענדערט זייערע מלבושים, זיי האָבן אויפגעהיט זייער אַרט קליידונג אַלס מיטל צו דערהאַלטן זייער אידענטיטעט.

אין דער תורה ווערט נישט דערמאָנט וועגן ספּעציפישער יידישע קליידונג, אָבער אין תנ"ך געפינט מען שוין אַן אָנדייט קעגן טראָגן פרעמדע קליידער: "ועל

כל הלובשים מלבוש נכרי" [36]. דער רמב"ם [37] זאָגט: "לא ילבש במלבוש המיוחד להם" — ד"ה, אַ ייִד זאָל זיך נישט קליידן אין ספּעציפישע גוייִשע מלבושים און אַזוי ווערט געפּסקנט להלכה [38]. אין דער גמרא סנהדרין [39], געפינט זיך אַ וואָרענונג, אַז אפילו די בענדלעך פון שיך, "ערקתא דמסאני", זאָל מען נישט טראָגן די זעלביקע, ווי די נכרים, כדי אָפּצוהיטן דעם ייִדישן צייכן און נישט מורא האָבן פאַר גזירות. די דאָזיקע וואָרענונג, ווי מפרשים [40] ווייזן אָן, איז געגעבן געוואָרן בעת גזירות אַרויפצוצווינגען אויף ייִדן געצנדינערישע מנהגים אויך אין קליידונג. דאַרפן ייִדן דאָס באַקעמפן, ווען דאָס קומט פאַר בפרהסיא, אין דער עפנטלעכקייט.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ טעמע, וואָס דאַרף באַזונדערס באַהאַנדלט ווערן. ס'איז אָבער וויכטיק צו דערמאָנען דעם פּסק ביי וועלכן מיר האַלטן זיך, אַז דאָס איז בלויז געזאָגט געוואָרן וועגן ספּעציפישע גוייִשע קליידער. דער מהרי"ק (ר' יוסף קולון, נפטר ר"מ—1480) שרייבט [41], אַז אויב די ייִדישע מלבושים צייכענען זיך נישט אויס מיט עטוואָס פּאָזיטיווס, ייִדישלעכס, איז נישטאָ קיין איסור צו טראָגן די מלבושים וועלכע די נישט-ייִדישע בירגער טראָגן: "אם אין מלבוש היהודי מורה על היהדות או על הצניעות יותר מאותו שהגויים נוהגים בו אין שום איסור לישראל ללבוש לבוש הנהוג בין הגויים". דעם מהרי"קס ראיה איז פון דער גמרא [42], וואָס דערציילט, אַז ווען די רוימער האָבן אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז ייִדן טאָרן נישט היטן שבת, טאָרן נישט מל זיין זייערע קינדער, טאָרן נישט לערנען תורה, איז געגאַנגען ר' ראובן, דער זון פון איסטרובלי, און זיך געלאָזט שערן זיינע האָר לויטן רוימישן סטיל, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַן עכטער רוימער, און ס'איז אים געלונגען צו ווערן אַ ראַטגעבער ביי דער מלכות און ער האָט באַאיינפלוסט מיט קלוגע רייד, זיי זאָלן אָפּשאַפן די גזירה. פאַר וואָס דערציילט די גמרא בלויז וועגן האָר און נישט וועגן קליידער? איז דערפון געדרונגען, אַז ייִדן האָבן נישט געטראָגן קיין באַזונדערע ייִדישע קליידער.

אין יענער תקופה, ווי מיר וועלן ווייטער זען, זענען ייִדן געווען שטאַרק פּאַרזיכטיק וואָס שייך מקבל זיין גרים. מ'האָט געוואָרנט נישט צו יאָגן זיך נאָך גרים: "רעה אחר רעה תבוא למקבלי גרים" [43], אָבער ווי תוספות קאָמענטירט, איז דאָס געמיינט געוואָרן, צורעדן צו גרות, אָנפירן מיסיאָנערישע טעטיקייטן צווישן געצנדינערס. מ'דאַרף פריער זיי באַקענען מיט ייִדישקייט און אויב זיי ווערן איבערגעצייגט און ווייזן אַרויס אַ שטאַרקן ווילן זיך מגייר צו זיין, ערשט דאַן איז מען זיי מקבל: "אבל אם הם מתאמצין להתגייר, יש לנו לקבלם, שהרי מצינו שנענשו אברהם יצחק ויעקב שלא קבלו לתמנע שבאתה להתגייר והלכה והיתה פלגש לאליפז בן עשו ונפק מינה עמלק דצעירינהו לישראל כדאמרן בהגדת חלק [44], וגם יהושע קבל רחב הזונה ונעמה רות המואביה, ובריש פרק מדליקין [45],

שגייר הלל אותו שאמר גיירני על מנת שתלמדני כל התורה כולה (על רגל אחת — נ.ש.), ואע״פ שלא היו מתאמצין להתגייר, יודע הלל בהן שסופם להיות גרים גמורים כמו שעשה לבסוף״ [46].

נאָך אַ פּאַל פון אַ מילדערער באַציִונג צו גרות.

לויט דער אגדה האָט תּמר, וועלכע איז געשטאַנען על פּרשת דרכים, ״ותשב בפתח עינים״ [47] און אַזוי אַרום געקראָגן איר שווער, יהודה, זיך מגייר געווען און מ׳האָט מקבל געווען איר גרות, ווייל זי איז געווען אויפּריכטיק, זי איז געווען איבערגעצייגט אין אמת פון דער ייִדישער אמונה.

מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם מאמר ״שקולה מצות מילה ככל התורה״. פאַר וואָס אַזוי? — ווייל אָן מילה איז מען נישט קיין ייִד. דער מהרש״א איז עס מסביר: ״ר״ל שכל מצות התורה תלוין במילה, וכיון שעדיין לא נימול, אינו בכלל מצות התורה, ואדרבה אסור ללמוד תורה ולשמור שבת, כדאמרינן פרק ד׳ דמנחות [48] ודו״ק״. וועגן ציצית עובד כוכבים פּסולה, ווייל ער קען נישט זאָגן ״אשר קדשנו. .״ מילה בעובד כוכבים פּסולה, צוליבן זעלביקן טעם, ווייל דער מוהל — המל קען נישט זאָגן ״אשר קדשנו...״.

וואָס שייך תּורה, דאַרף מען אָן ספק באַשטעטיקן דעם אויסדרוק ״שקולה״, ווייל אָן תּורה איז נישטאָ קיין ייִדנטום, איז נישטאָ קיין וועלט, ״אלמלא תורה... חוקות שמים וארץ לא שמתי״ [49].

די זעלביקע מאָטיוון זענען חל אויף אַלע מצוות, ביי וועלכע ס׳ווערט געזאָגט: ״שקולה״ — זיי זענען געוויכיג. צו דערמאָנען עבודה זרה. ״המודה בעבודה זרה״, איז ער אַ ״כופר בכל התורה״. אָבער דער וואָס לייקנט אין געצנדינערײ, שטעלט מען אים אַזוי הויך, ווי ער וואָלט מודה געווען אין דער גאַנצער תּורה, ״שכל הכופר בה כאלו מודה בתורה כולה״ — אַ באַווייז: ״וכי תשגו ולא תעשו את כל המצוות [50].

די קדושה פון שבת, ווי מיר האָבן פריער געזאָגט, איז בלויז ביי ייִדן, אָדער ביי גרי־צדק, וועלכע גלויבן אין מעשה־בראשית, ווי דער פּסוק זאָגט: ״ויברך אלקים את יום השביעי ויקדש אותו״ — און גאָט האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג, און אים געהייליקט, וואָרום אין אים האָט גאָט גערוט פון זיין גאַנצער אַרבעט וואָס גאָט האָט באַשאַפן [51].

ס׳זענען דאָ חילוקי דעות אי וועגן דער ברכה און אי וועגן דער קדושה אין יענער תּקופה; ס׳איז דאָך דעמאָלט נאָך נישט געווען קיין ייִדנטום. דער אויספיר צו וועלכן אַלע זענען מסכים איז, אַז די ברכה און קדושה זענען געמיינט געוואָרן לעתיד, אויף די פּאַסירונגען אין מרה און ביים הר סיני, ווען ייִדן זענען געבאָטן געוואָרן אויף שמירת שבת.

שבת איז געגעבן געוואָרן צו ייִדן, ווייל זיי זענען די טרעגערס פון אָט דער קדושה, ווי דער מסדר התפילות שטעלט פעסט: ״ולא נתתו ד׳ אלקינו לגויי הארצות

ולא הנחלתו מלכנו לעובדי אלילים... כי לישראל עמך נתתו באהבה, לזרע יעקב אשר בם בחרת" — צו די ייִדן, דיין פאָלק, האָסטו אים געגעבן מיט ליבשאַפט, צו די קינדער יעקבס וואָס דו האָסט אויסגעקליבן.

אַ גר־תושב וואָס נעמט אויף זיך נישט צו דינען עבודה זרה, אפילו ער עסט נבלות, טאָר ער שוין נישט מחלל שבת זיין [52], ער פאַרמאָגט שוין אין זיך קדושה... לויטן רמב"ם [53], אויב ער איז מקיים די שבע מצוות בני נח, ווערט ער פאַררעכנט פאַר אַ גר־תושב [54].

אין דער שבת־קדושה איז אַפּהענגיק די קדושה פונעם פאָלק. אויפן פּסוק "כי קודש היא לכם" — וואָרום ער איז הייליק פאַר אייך [55] דרשענען חז"ל: "מגיד שהשבת מוספת קדושה על ישראל", אַז שבת איז מוסיף, גיט צו, קדושה צום "קודש ישראל לד'" — הייליק ביי גאָט איז ישראל דאָס ערשטע פון זיין תבואה [56] — אָבער דאָס מינערט נישט פון דער ליבעראַלער, סימפּאַטישער באַציונג צום נישט־ייִד.

די נביאים, די חכמי־התלמוד, האָבן נישט בלויז געזאָגט מוסר צו ייִדן, ווען זיי האָבן זיך נישט ריכטיק אויפגעפירט; זיי האָבן געוואָלט זיי צוריקברענגען צו דער דערהויבנקייט סיי בנוגע מצוות שבין אָדם לחברו און סיי בנוגע מצוות שבין אָדם למקום. זיי האָבן זיך אויך נישט אָפּגעהאַלטן פון לערנען נישט־ייִדן, ווי זיי דאַרפן זיך אויפפירן, געפאָדערט פון זיי און ביי זיי, גערעכטיקייט, אָנשטענדיקייט, ערלעכקייט צו זייערע אייגענע מענטשן און לגבי מענטשן פון אַנדערע פעלקער, אַנדערע ראַסן, אַנדערע רעליגיעס.

דער חיוב פון אהבה באַגרענעצט זיך נישט בלויז צו ליבשאַפט פון ייִד צו ייִדן. ר' חיים וויטאַל (הש"ד—1543; הש"פ—1620), תלמיד פון האר"י הקדוש שרייבט, אַז אַ ייִד איז מחוייב ליב האָבן אַלע מענטשן [57] און אין די ספרי הפוסקים [58] ווערט געזאָגט אַז מ'טאָר נישט נאַרן קיין גוי, אפילו מיט גניבת דעת.

דער מהרש"א [59], שרייבט: "ורבים מדור הזה שמקבצין עושר שלהם שלא באמונה ובחילול השם, כגזילת עכו"ם ואחר כך מנדבים מאותו הממון להיות להם לכבוד ולתת להם ברכת מי שברך, להיות להם שם ותפארת ואין זה אלא מצוה הבאה בעבירה". ווי הויך מאָראַליש די בעלי־הלכה ואגדה זענען געווען; ווי אויסגעהיט זיי זענען געווען פון וועלכער נישט־איז פּגימה און פאַלשקייט.

די נביאים האָבן אַרויסגעבראַכט דעם גרעסטן שריט פאָרויס אין דער אויפ־קלערונג פון דער מענטשלעכער מאָראַל, נישט בלויז אינעם תחום פון ייִדן, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. זייער גלויבן אין דער העכערער גייסטיקער, געט־לעכער קראַפט האָט, ווי אַ פּועל־יוצא, געצילט צו ברענגען די גאַנצע מענטשהייט צום אַלהעכסטן, שענסטן אידעאַל, אי פאַר דעם יחיד און אי פאַר דעם כלל.

ר' יהושע בן לוי — ווערט דערציילט — איז אַ מאָל געווען אין דער רוימישער

מעטראָפּאָליע, האָט ער דאָרט געטראָפן הייזער פון גראַנדיעזער אַרכיטעקטור־קונסט: מאַרמאָרנע זײלן, אַרום און אַרום פון סופיט ביזן דיל גלאַנץ און פּראַכט, וואָס נאָר מענטשלעכע הענט און מוחות קאָנען שאַפן, אָבער לעבן די בנינים איז געשטאַנען אַן אָרעמאַן, נאַקעט און באָרוועס. האָט ער זיי געזאָגט: ״צדקתך כהררי אל, משפטיך תהום רבה״, געלויבט און געדאַנקט השי״ת פאַר לאָזן די רוימער אַזאַ סאָרט רייכקייט, בעת זיי באַגייען אַזעלכע עוולות. ער האָט געפאָדערט זיי זאָלן זיך בעסער אומקוקן אויף די נויטבאַדערפטיקע.

עס איז תמיד געווען אין דער ייִדישער טראַדיציע צו מאָנען גערעכטיקייט, צו שטעלן אין אָרדענונג דאָס סאָציאַלע לעבן און צו וואָרענען דערויף נישט בלויז ייִדן, נאָר אויך נישט־ייִדן, אַלעמען, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט בויען הייזער מיט אומרעכט, אויף פאַלשע יסודות, אויף עקספּלואַטאַציע.

אין ייִדנטום זענען די רעליגיעזע, סאָציאַלע און מאָראַלישע אידעען אויף אַ גאָר אינטימען אופן געקניפּט און געבונדן מיט די נאַציאָנאַלע סענטימענטן. עס איז איין קולטור־סיסטעם און אויב מ׳גייט אָוועק פון תורה, תורה שבכתב, אָדער תורה שבעל פה, גייט מען במילא אָוועק פון ייִדישן לעבן, ווי דער פסוק לערנט אונדז:

״ושמרת לעשות ככל אשר יורוך, על פי התורה אשר יורוך וגו׳ לא תסור מן הדבר אשר יגידו לך ימין ושמאל״ [60] — און זאָלסט טאָן לויט דעם וואָרט וואָס זיי וועלן דיר זאָגן פון יענעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן, און זאָלסט היטן צו טאָן ... אַלץ וואָס זיי וועלן דיך לערנען...

די חכמי־התלמוד האָבן געהאַט דעם כוח די תורה־אויטאָריטעט אויסצוטייטשן פסוקים. זייער אויסטייטש איז אָנערקענט געוואָרן אַלס תורה שבעל פה וואָס גייט צוזאַמען מיט תורה שבכתב.

מיר וועלן ברענגען אייניקע אויסטייטשן, וואָס שייך שפיכת־דם.

אויפן פסוק ״ויירא יעקב ויצר לו״ [61], פאַר וואָס האָט יעקב מורא געהאַט? פשוט, וואָלט מען געלערנט, יעקב האָט מורא געהאַט פאַר עשון... די חז״ל זענען געווען זיכער אַז יעקב האָט געהאַט אמונה און בטחון, אַז דער רבונו של עולם וועט אים מציל זיין. האָבן זיי געזען, אַז יעקב האָט געהאַט אַ טאָפּלטע מורא. ס׳איז דאָ אַ כלל: ״הבא להורגך, השכם להורגו״ [62] — דער וואָס קומט דיך הרגענען, מעגסטו זיך באַשיצן און אים הרגענען. דאָס איז אָבער אַ קנאַפּע נחמה. יעקב אָבינו האָט דעריבער געהאַט צוויי מוראס: טאָמער וועט עשו אים הרגענען, צוליב ״קטונתי מכל החסדים...״ ער האָט שוין געהאַט גענוג חסדים, און טאָמער וועט ער הרגענען עשון... יעקב אָבינו, ווי מיר ווייסן, האָט כסדר געוואָלט אויסמיידן שפיכת דמים [63] ווי מיר האָבן דאָס געזען ביים שכם־אַקט [64].

וועגן דעם ״געיעג״ צווישן שאול און דוד — זייער טרעפן זיך אין דער הייל — ווערט דאָרט געזאָגט, אַז דודס מענטשן האָבן געזאָגט צו דודן ״הנה היום אשר אמר

ד׳ אליך, הנה אנכי נותן את אויבך בידך, ועשית לו כאשר ייטב בעיניך. ויכרות דוד את כנף המעיל אשר לשאול בלט. ויהי אחרי כן, ויך לב דוד אותו על אשר כרת את כנף אשר לשאול״ — דאָס איז דער טאָג וואָס גאָט האָט דיר אָנגעזאָגט: זע, איך גיב דיין שונא אין דיין האַנט, און וועסט טאָן צו אים, אַזוי ווי עס וועט דיר געפעלן. איז דוד אויפגעשטאַנען און האָט אָפּגעשניטן דעם ברעג פון שאולס מאַנטל שטילערהייט. נאָך דעם האָט דודס האַרץ אים געקלאַפּט...[65].

דוד המלך איז געשטראָפט געוואָרן אפילו אויף דעם וואָס ער האָט ״אָפּגעריסן דעם עק פון שאול המלכס מאַנטל״. די קליידער האָבן אים נישט געוואַרעמט אויף דער עלטער, צוליבן בזיון הבגדים.

די פראַגע איז, פאַר וואָס האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ פון דוד? ר׳ שמואל ב״ר נחמיה זאָגט: דער יצר האָט צו אים געזאָגט: ״וואָס וואָלט געווען ווען דו פאַלסט אַריין אין שאולס הענט? וואָלט ער געהאַט אויף דיר רחמנות?״ לויט דער תורה, איז דערלויבט צו הרגענען אַ ״רודף״ וואָס יאָגט זיך נאָך דיר צו הרגענען דיך... נישט לייכט איז אים געווען צו קאָנטראָלירן זיך. איז ער געשפּרונגען און געשווירן צוויי מאָל: ״איך וועל אים נישט הרגענען״[66]. פאַר וואָס האָט ער געדאַרפט צוויי מאָל שפּרינגען און שווערן? וואָס פאַר אַ רמז איז דאָ, אין דער טאָפּלטקייט?

האָבן מיר דערויף אַ מדרש:

דוד המלך האָט געבעטן ״חנני״ — נישט אַריינצופאַלן אין שאולס הענט, ווייל ער וועט נישט האָבן קיין רחמנות אויף אים; און ״חנני״ — ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין מיינע הענט, כדי דער יצר־הרע זאָל מיך נישט באַהערשן.

דאָס איז דער יידישער צוגאַנג בנוגע שפיכת דם: אפילו ווען ס׳איז דערלויבט, לויטן דין: ״הבא להורגך השכם להורגו״, זאָל מען בעטן, נישט צו קומען צו אַזאַ נסיון, ס׳זאָל נישט בלייבן קיין פּגם. דוד האָט געהאַט אַן עונש פאַר אָפּרייסן דעם כּנף פון שאולס אויבערמאַנטל: זיין מלוכה איז צעריסן און צעטיילט געוואָרן נאָך זיין זון שלמה, ווען די מלוכה איז איבערגעגאַנגען צום אייניקל רחבעם.

אויפן פּסוק: ״כפר לעמך ישראל״[67] קאָמענטירן חז״ל: דו האָסט אונדז אויסגעלייזט ס׳זאָל ביי אונדז נישט זיין קיין שופכי דם[68].

דאָס איז יהדות. דאָס איז דער יידישער צוגאַנג.

## הערות

### א

1. אבות, ג׳, ב׳.
2. דאָרט, דאָרט, י״ט—כ׳.
3. תהלים, קל״ב, י״ג; קל״ה, ד׳.
4. ויקרא, כ׳, ז׳; י״א, מ״ד; זע, המאור, אב—אלול, תשל״ח, מאמר: ״קדושה ותשובה״.
5. פרקי דרבי אליעזר, י״ג.
6. מיכה, ו׳, ח׳.
7. יוצא לאור בספר כתר התורה, ע״י הצב״י יוסף בכה״ד אהרן חסיד הי״ו ומר שלמה בן בנימין סואני הי״ו, ירושלים, תש״ך.
8. זע, ש. סוסקאָוויטש, ״דווקא״, תמוז, תשל״ד — יולי, 1974, נומ׳ 77—78, ז׳ 4. זע, אויך, ז. ברושי, ״ר׳ סעדיה גאון, זיין לעבן און שאַפן״, ניו יאָרק, 1945.
9. ויקרא, א׳, ב׳.
10. דאָרט, י״ג, ב׳.
11. דאָרט, ד׳, ב׳; ה׳, א׳.
12. ש. סוסקאָוויטש, ״דווקא״, דאָרט, ז״ז 5—6.
13. בראשית, ב׳, ז׳; ג׳, י״ט.
14. תהלים, ל״ח, ד׳.
15. ברכות, ו׳, ע״א; ספרי ואתחנן, ג׳, כ״ו.
16. מיכה, ז׳, ח׳.
17. בראשית, י״ח, כ״ב.
18. קהלת, ג׳, כ׳.
19. בראשית, ג׳, י״ז—י״ח. אין מיינע דרוש־ספרים, באריכות.
20. מורה נבוכים, ח׳, ג׳, י״ב; דער רמב״ם ווידמעט עטלעכע פרקים אין מו״נ און שרייבט וועגן דעם אין אַנדערע מחשבה־ווערק; זע, ש. סוסקאָוויטש, ״דווקא״, דאָרט.
21. תהלים, פ״ב, ו׳—ז׳.
22. כתובות, ק״ג, ע״א; ק״ד, ע״א; ירושלמי, סנהדרין פ׳ הנחנקין, ג׳; אבות, ו׳, ט׳; ב״מ, פ״ה, ע״א. — באריכות: אהרן היימאן, תולדות תנאים ואמוראים, חלק שני, ז״ז 575—606.
23. בראשית, ח׳, כ״א.
24. זע, ש. ז. שרגאי, בנתיבי חסידות איזביצא—ראדזין, כרך ב׳, ג׳, ז״ז 32—40.
25. שמות רבה, ב׳, ב׳; מדרש שוח״ט, מזמור י״א, ב׳; זע, צדקת הצדיק, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, עמ׳ מ׳, אות נ״ד.
26. ״בהיכל איזביצא—לובלין״, ז״ז 20—22.
27. ויקרא, ט״ז, ט״ז.
28. כ״ג, ד׳; פרי צדיק, נשא, ל״ז, ב׳.
29. פסחים, פ״ז, ע״א; שמות רבה, ט״ו, ה׳.
30. זוהר, ג׳, צ״ג, ע״ב.
31. שבת, ק״ד, ע״א; יומא, ל״ח ע״ב א״א.
32. סוכה, ה׳, ע״א.

### ב

1. ויקרא, י״ט, ב׳.
2. תנחומא, חוקת ו׳ א״א — אין מיינע דרוש־ספרים אויספירלעכער.
3. סנהדרין, ל״ח, ע״א.
4. משלי, כ״ו, כ״ז.

5 בראשית, ו׳, י״ז; שלמה סוסקאָוויטש, ״דווקא״, נומ׳ 77—78, ז׳ 14.
6 אבן עזרא, אויפֿן פסוק ״ורוח אלקים מרחפת על פני המים״ — בראשית, א׳, ב׳: ״סמך הריח אל השם, בעבור היותו שליח בחפץ השם לייבש המים״. ספורנו: ״מניעי הגלגל שנקראו רוח, כאמרו עושה מלאכיו רוחות״.
7 זכריה, ד׳, ו׳.
8 שמות, י״ט, ה׳.
9 ברכות, כ״א, ע״ב; מגילה, כ״ג, ע״ב; ירושלמי, ברכות, ז׳, ג׳ א״אַ.
10 יבמות, ע״ט, ע״א. דער מהרש״א אין חדושי אגדות, גיט דערויף אַ לענגערער דערקלע־רונג, ברענגנדיק דעם מאמר: ״כל המרחם על הבריות, בידוע שהוא מזרעו של אברהם אבינו . . . ישראל ״עז באומות״ — צו קעמפֿן פֿאַר פּרינציפּן, אָבער צו דער עזותקיים — אַ דאַנק תורה — זענען יידן רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים, ווי עס ווערט געזאָגט: ״דכל מי שאין לו בושה, בידוע שלא עמדו אבותיו על הר סיני״.
11 יבמות, דאָרט.
12 ביצה, ל״ב, ע״א.
13 שבת, קנ״א, ע״ב.
14 ביצה, כ״ה, ע״ב — זע, מפרשים.
15 נדרים, כ׳, ע״א; במדבר רבה, ח׳, ט׳.
16 איכה רבה, ב׳, י״ז א״אַ.
17 שמות, י״ט, ו׳; כ״ב, ל׳; דברים, י״ד, כ״א; ויקרא רבה, י״ג, ג׳; ב״ר מ״ד, א׳.
18 ברכות, ז׳, ע״א; מ״ה, ע״ב; ב״ק, צ״ט, ע״ב—ק׳, ע״א; ב״ה, כ״ד, ע״ב; ל׳, ע״ב; ע״ז, ד׳, ע״ב; כתובות, צ״ז, ע״א.
19 ישעיה, מ״ט, ג׳; רמב״ם, יסודי התורה, ה׳, י׳—י״א; תשובה, י״ג, פרקים: ח׳—י׳.
20 יומא, פ״ו, ע״א; רבנו חננאל איז גורס: נאהב — זאָלסט טאָן מעשים, אַז דער שם שמים זאָל ווערן געליבט און געלויבט . . . אין תד״א איז די גירסא: ״תהא מאהב שם שמים . . .״
21 אבות, ו׳, א׳.
22 בראשית, ו׳, ז׳.
23 ברכות, י׳, ע״ב א״אַ.
24 בראשית, י״ח, י״ט.
25 פסחים, כ״ה, ע״ב.
26 בראשית, ד׳, ז׳; זכרי׳, ד׳, ו׳.
27 תנחומא, ויצא, ג׳; משפטים, י״ט; ויקהל ,א׳; וילך, ב׳; קהלת רבה, ו׳, א׳.
28 קדושין, מ׳, ע״ב; ירושלמי, קדושין, א׳, ט׳; זוהר, ג׳, ש״ג א״אַ.
29 עירובין, י״ט, ע״א; סוף חגיגה.
30 דאָרט, אָנהייב־וואָרט ״פושעי״.
31 דאָרט, און דף ט״ו, ע״ב.
32 תהלים, כ״ט, ח׳.
33 ירמיה, ב׳, ג׳.
34 ויקרא, י״ט, ב׳.
35 ויקרא רבה, כ״ד, ט׳; כ״ה, ג׳; תנחומא, מטות, א׳; ספרי, עקב, י״א, כ״ב; חגיגה, ז׳, ע״א; כתובות, קי״א, ע״ב; סוטה, י״ד, ע״א. די פֿילאָזאָפֿן מאַרטין בובער און יהושע העשל ווידמען אַ גרויסן טייל פֿון זייערע טעזן דעם באַגריף קדושה.
36 אבות, פונעם ערשטן ביזן לעצטן פרק; בבא קמא, ל׳, ע״א.
37 מסכת כלה, ב׳; ע״ז, כ׳, ע״ב; ירושלמי, שקלים, ט׳, ע״ב; תוס׳ ע״ז כ׳, ע״ב — ווייזט אָן אַז אין ירושלמי איז די גירסא אַ ביסל אַנדערש.
38 תהלים, פ״ט, כ׳.
39 בראשית, י״ח, כ״ג—כ״ו.
39* דאָרט, כ״ב, י״ב.
40 מלאכי, ג׳, כ״ב.

41 ישעיה, ס״ג, י״א.
42 זכריה, ח׳, ט׳.
43 מיכה, ו׳, ח׳.
44 ויקרא, י״ט, י״ח; י״ט, מ״ג א״אַ.
45 בראשית ח׳, כ״א.
46 תהלים, נ״א, י״ב.
47 יחזקאל, י״ח, ל״א; זע, שמות רבה, ל׳, ד׳; הרב אברהם קרול, בפקודיך אשיחה, משפטים, ז״ז קס״ז—קס״ח.
48 דברים, ט״ז, כ׳.
49 תהלים, ל״ד, ט״ז.
50 ברכות, נ״ה, ע״א; חגיגה, כ״ז, ע״א; מנחות, צ״ז, ע״א — רש״י אויפן אָרט.
51 בבא בתרא, י׳, ע״א; ספר המנהיג לר״א הירחי, מהדורת יצחק רפאל, ב׳, עמ׳ תשט״ו—תשט״ז.
52 דאָרט, דאָרט.
53 ספרי, נשא, מ״ב; זע, פירוש תולדות אדם; סוכה, נ״ג, ע״ב; מכות, י״א, ע״א; חולין, קמ״א, ע״א א״אַ.
54 בראשית, י״ט, ד׳; דברים, י״ב, כ״ג.
55 בראשית, ט׳, ה׳—ו׳.
56 דברים, כ״א, א׳, ט׳.

## ג

1 שמות, י״ט, ה׳—ו׳.
2 דאָרט, דאָרט; ויקרא, י״ט, ב׳ — אין מיינע דרשות באריכות.
3 דברים, ז׳, ז׳—ח׳.
4 מורה נבוכים, פתיחה און הקדמה, ר׳ שמואל בן ר׳ יהודה אבן תיבון, עמ׳ ג׳—ז׳.
5 אויספירלעכער אין מיין מאמר ״משיחישע בענקשאַפטן״, רעליג. אַרבעטער שטימע, טאָראָנטאָ, י״ט אדר ב׳, תש״ג—1943, מערץ, 26.
6 תנחומא, פינחס, א׳; במדבר רבה, כ״א, ב׳; ירושלמי, ברכות, ט׳, א׳; בבלי, ברכות, נ״ח, ע״א; סנהדרין, ל״ח, ע״א; רמב״ם, דעות, א׳, א—ב; ה׳, א׳; י׳, א׳; מורה נבוכים, א׳, א׳, עמ׳ י״ב—י״ג; שמונה פרקים להרמב״ם א״אַ.
7 תהלים, ע״ח, ה׳.
8 קדושין, ל׳, ע״ב.
9 תהלים, ח׳, ה׳—ז׳.
10 ויקרא, י״ט, א׳; כ׳, ז׳, כ״ו; ויקרא רבה, כ״ד, ט׳; כ״ה, ג׳.
11 דברים, י״ג, ה׳; ספרי, עקב, י׳, מ״ט; כתובות, קי״א, ע״ב א״אַ.
12 יפה תואר, אויפן אָרט.
13 כתובות, קי״א, ע״ב — מהרש״א אויפן אָרט.
14 זע, מיין ווערק ״באַציונג צום פרעמדן״.
15 שמות, כ״ב, ל׳.
16 ויקרא, כ׳, ז׳.
17 דברים, כ״ו, י״ט.
18 יבמות, ע״ט, ע״א.
19 ביצה, כ״ה, ע״ב; אבות, ה׳, כ״ה.
20 ויקרא רבה, כ״ד, ה׳, תו״כ — רש״י אויפן אָרט.
21 ויקרא, י״ט, י״ח.
22 זע, תורת אמת און אמרי אמת, קדושים, ז׳, נ״ח — אין מיינע דרוש־ספרים באריכות.
23 תו״כ, ויקרא, י״ח, קמ״ג—קמ״ד.

24 נדרים, י׳, ע״א; נזיר, י״ט, ע״א.
25 תהלים, ב׳, י״א; רש״י און מפרשים; ירושלמי, סוף קדושין.
26 תהלים, י״ט, ט״ו; ירושלמי, דאָרט.
27 שמות, כ״ב, כ׳—כ״ג.
28 דברים, י׳, י״ח; כ״ד, י״ד—כ״ב.
29 ב״מ, נ״ט, ע״ב.
30 דברים, ל״ג, ג׳. זע, רש״י, רמב״ן ספורנו, אור החיים, כלי יקר און אַנדערע מפרשים.
31 יונה, ד׳, י״א.
32 סוכה, נ״ה, ע״ב. רש״י — אויפן אָרט.
33 בראשית, ג׳, כ״ד.
34 ויקרא רבה, ל״ה, ו׳.
35 זע, הקדמה צו זיין ספר נחלת יהושע.
36 בראשית ג׳, כ״ד.
37 דאָרט, דאָרט, י״ט.
38 שמואל־ב׳, ז׳, י״ט; זוהר און קבלה ספרים.
39 תהלים, פ״ט, מ״ח.
40 איוב, ז׳, י׳.
41 דאָרט, ז׳, י״ז; ט״ו, י״ד.
42 בראשית, ו׳, י״א.
43 דברים, י״ב, ל׳—ל״א.
44 דברים, ד׳, י״ט.
45 דאָרט, ל״ב, ט׳.
46 תהלים, ח׳, ו׳.
47 במדבר, י״ב, ח׳.
48 דברים, ל״ד, י׳.
49 שמות, ל״ג, י״א—כ״ג, אין מיינע דרוש־ספרים אויספירלעכער.
50 זע, פרקי דרבי אליעזר, כ״א.
51 מיכה, ו׳, ח׳.

## ד

1 מאַרטין בובערס אַן אויסדרוק מיט וועלכן ס׳באַנוצן זיך פילאָזאָפן, בעלי־מחשבה.
2 שמות, ל״ד, כ״ז; גיטין, ט׳, ע״ב — רש״י אויפן אָרט.
3 שיר השירים, א׳, ב׳.
4 עבודה זרה, ל״ה, ע״א. זע, רש״י און מהרש״א.
5 עירובין, כ״א, ע״ב.
6 דאָרט, ע״ז, ע״א.
7 די מאָטיוון זענען פאַרשטענדלעך — נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די צדוקים, אסיים, קראים און אַנדערע סעקטעס.
8 שמות, כ״ד, י״ב.
9 ברכות, ה׳, ע״א; אין ירושלמי, פאה, ב׳, ה. אַן אַנדער ווערסיע: ״מרובין הן הדברים הנדרשים מן הכתב״. זע, פני משה.
10 דברים, ט׳, י׳.
11 מגילה, י״ט, ע״ב; רש״י — דקדוקי תורה.
12 ר׳ יהושע העליר ווידמעט זיין ספר ״מעוז הדת״ דער וויכטיקייט פון תורה שבעל פה פאַרן קיום היהדות.
13 דברים, ל׳, י״ט.
14 ויקרא, י״ח, ה׳.

15 דאַרט, י״א, מ״ד; כ׳, ז׳.
16 שבת, ק״ד, ע״א; יומא, ל״ח ע״ב; רש״י, ויקרא, כ׳ א״אַ.
17 יבמות, ס״ה, ע״ב; ב״ר, ק׳, ט׳.
18 סנהדרין, ע״ד, ע״א.
19 בבא מציעא, מ״ב, ע״א.
20 ויקרא, כ״ה, ל״ו.
21 דאַרט, י״ט, י״ח.
22 ברכות, ס״א, ע״ב.
23 "דווקא", נומ׳ 77—78, ז״ז 86—92.
24 שבת, ק״ה, ע״א.
25 דברים, י״ב, ל״א.
26 דאַרט, י״ח, י׳.
27 ויקרא, י״ח, כ״א; כ׳, ב׳—ה׳; מלכים־ב׳, כ״ג, י׳; ירמיה, ל״ב, ל״ג.
28 ברכות, ל״ג, ע״ב; זוהר, א׳, נ״ט.
29 גיטין, ס׳, ע״ב.
30 הושע, ח׳, י״ב — זע, רש״י.
31 יומא, כ״ו, ע״א.
32 דברים, ל׳, ט״ו—כ׳.
33 פסחים, ט״ו, ע״ב.
34 דאַרט, דאַרט, דאַרט; נדרים, כ״ב, ע״ב.
35 זע, רמב״ם, דעות, ב׳, ב׳, ד׳; פירוש המשניות, אבות, ב׳, ו׳, און מדרשים.
36 עירובין, ס״ה, ע״ב.
37 תהלים, קי״ב, ו׳; קהלת, ז׳, ט׳; נדרים, ט׳, ע״ב; מדרשים.
38 משלי, י״ז, כ״ה.
39 במדבר, ל״א, כ״א; ספרי, במדבר, קנ״ז; פרקי דרבי אליעזר, מ״ז א״א.
40 דברים רבה, י״א, י׳.
41 איוב, ה׳, ב׳; קהלת, ז׳, ט׳.
42 משלי, כ״ז, ג׳.
43 ירמיה, כ״ג, כ״ט; תענית, ד׳, ע״א.
44 דברים, ב׳, כ״ה; ט׳, י״ח; ל״א, כ״ט; ל״ב, י״ט; מלכים־א׳, ט״ו, ל׳ א״אַ.
45 קהלת, א׳, י״ח.
46 שמואל־א׳, א׳, ט״ז.
47 דברים, ל״ב, כ״ו—כ״ז; זע, רש״י און מפרשים. יידיש: יהואַש איבערז.
48 במדבר, כ״ג, ט׳.
49 פסחים, קי״ג, ע״ב.
50 דברים, ל״ג, כ״ו; חגיגה, ה׳, ע״ב; תפלת נשמת.
51 במדבר, י״ב, ג׳.
52 דברים, ל״ג, כ״ט.
53 סוטה, ה׳, ע״א.
54 דאַרט, ד׳, ע״ב — ה׳, ע״א.
55 תענית, ג׳, ע״ב; נדרים, כ׳, ע״א; ב״ב, ע״ה, ע״ב.
56 ישעיה, י״ג, י״א.
57 תהלים, ל״א, י״ט; ל״ו, י״ב.
58 קהלת, ז׳, ט׳.
59 אבות דרבי נתן, ג׳, ב׳.
60 משלי, ט״ז, ל״ב; שבת, ק״ה, ע״ב; פסחים, קי״ג, ע״ב; רמב״ם, דעות, ב׳, ג׳.
61 ברכות, כ״ט, ע״ב.
62 בבא בתרא, קכ״ג, ע״א.
63 רש״י, פ׳ וישלח.

64 ספרי, מטות, מ״ח, ל״א; רש״י — אויפן אָרט; ויקרא רבה, י״א, י״ג א״אַ.
65 אבות, ה׳, י״א.
66 נדרים, כ״ב, ע״א.
67 ברכות, ס״ג, ע״ב.
68 דאָרט, ז׳, ע״א.
69 אבות, ה׳, ב׳.
70 אבות, ד׳, ז׳; סנהדרין ק״ח, ע״א; עבודה זרה, ה׳, ע״א.
71 דברים, כ׳, י״ט.
72 פסיקתא דרב כהנא, פ פרה; אבות דרבי נתן, ס׳, ג׳; סוף מסכת כלה; סוכה, כ״ט, ע״ב א״אַ; מסכת דרך ארץ, מ״א; ירושלמי, פסחים, ה׳, ג׳. א״אַ.
73 סנהדרין, ק״א, ע״ב; ירושלמי, ע״ז, א׳, א׳.
74 קדושין, מ״ט, ע״ב; סנהדרין, כ״ד, ע״א.
75 אבות, ד׳, כ״ח.
76 ב״ב, כ״א, ע״א; זע, תדא״ר, כ״א; זהר, ב׳, קכ״ו; זע, האיש על החומה, מרן הגאון רבי יוסף חיים זוננפלד, ליקט וערך שלמה זלמן זוננפלד, ירושלים, תשל״ג., כרך ב׳, ז״ז 32—33.
77 מדרש תנחומא, ל״ז, א׳.
78 ב״ר, ט׳, ט׳, א״אַ.
79 זע, אבן עזרא, שמות, ב׳, ג׳.
80 בבא מציעא, נ״ט, ע״ב.
81 כתובות, ק״ו, ע״א.
82 יהודה לייב לווין, ״האדמו״רים מאיזביצה״.
83 בראשית, כ״ד, ג׳.
84 זע, האיש על החומה, ב׳, ז״ז 35—36.
85 בראשית, י״ח, כ״ה.
86 ויקרא, כ״ו, י״ג; ספרא, אויפן אָרט.
87 תנחומא, שמיני, ה׳; בראשית רבה, אָנהייב פ׳ מ״ד; שבת, קכ״ג, ע״א; מגילה, כ״ד, ע״א.

## ה

1 יחזקאל, ל״ד, ל״א.
2 בבא מציעא, קי״ד, ע״ב; יבמות, ס״א, ע״א א״אַ.
3 אויפן אָרט.
4 במדבר, י״ט, י״ד.
5 תזריע, מ״ח, ע״ב.
6 תנא דבי אליהו רבה, פרק ו׳.
7 ו׳, ע״ב.
8 במדבר, ל״א, מ״ו.
9 יונה, ד׳, י״א.
10 בראשית, א׳, כ״ו.
11 ויקרא, א׳, י״ב.
12 ספרא, אויפן אָרט.
13 בראשית, ב׳, ז׳.
14 בראשית רבה, י״ד, ו׳; תנחומא, וזאת המרכה א״אַ.
15 אור המזרח, כרך כ״ז, חוב׳ א׳, תשרי, תשל״ט, ז״ז 62—63.
16 במדבר רבה, ח׳, ב׳; חגיגה, ג׳, ע״א; זע, אור המזרח, דאָרט, ז״ז 64—68.
17 מורה נבוכים, א׳, י״ד.
18 תהלים, פ״ב, ו׳—ז׳ — יהואָש איבערז.

19 יבמות, ס״א, ע״א; סנהדרין, נ״ט, ע״א — תוספות, אויפן אָרט.
20 בבא קמא, ל״ח ע״א.
21 זע, תוס׳ יבמות, ס׳, ע״א; תוס׳, ב״ק, ל״ח, ע״א, אָנהייב־האָרט אלא; תוס׳ יבמות, מפרשים.
22 ויקרא, י״ח, ה׳.
23 בראשית, ו׳, ז׳. שמואל־ב, ז׳, י״ט.
24 זע, נ. ברונזניק, אור המזרח — באריכות.
25 מכילתא — רש״י, בשלח, י״ד, ז׳; פסיקתא זעירא — טוב שבגויים; מס׳ סופרים, ט׳ — טוב שבעכו״ם; זע, תוס׳ ע״ז, כ״ו, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״ולא״.
26 שמות, ט׳, כ׳; רש״י, שמות י״ד, ז׳ — ״וכל רכב מצרים... משל מי היו? מהירא את דבר ד׳, מכאן היה ר׳ שמעון אומר, כשר שבמצרים, הרוג, טוב שבנחשים רצוץ את מוחו״.
27 זע, דאָרט — באריכות.
28 גור אריה, פירוש אויף רש״י. דער כלל איז: ״הבא להרגך — השכם להורגו״ — סנהדרין ע״ב, ע״א—ע״ב; פסחים, ב׳, ע״ב א״א.
29 אין מיין ווערק באַציונג צום פרעמדן — אויספירלעכער.
30 חגיגה, י״ג, ע״א; בראשית רבה, ו׳, ט׳; תנחומא, תרומה, ט׳.
31 סנהדרין, ל״ח, ע״ב.
32 תהלים, ח׳, ה׳; איוב, פרקים: ו׳, י״ד, ט״ו, כ״ה.
33 זע, מורה נבוכים, ג׳, י״ג; ח׳, ג׳, י״ב.
34 ויקרא, י״ט, י״ח.
35 שבת, ל״א, ע״א.
36 אבות, א׳, ו׳.
37 שבת, קכ״ז, ע״ב — מהרש״א אויפן אָרט.
38 שמות, ב׳, י׳.
39 שמות רבה, א׳, ל״א.
40 דאָרט, דאָרט.
41 ויקרא רבה, א׳, ג׳.
42 סנהדרין, ד׳, ה׳: ״כל המקיים נפש אחת מישראל (אין טייל נוסחאות: נפש אחת — אַ ל ע נפשות) כאלו קיים עולם מלא״.
43 פרקי דרבי אליעזר, מ״ח.
44 בראשית, מ״ז, י׳.
45 סוטה, י״ב, ע״ב; דרך ארץ זוטא, סוף פרק א׳; רמ״מ כשר, הגדה של פסח, אין נאָמען פון שפת אמת — אדמו״ר הגאון והצדיק ר׳ יהודה ארי׳ ליב מגור.
46 סנהדרין, ל״ו, ע״ב — רש״י.
47 סנהדרין, ב׳, ג׳.
48 עירובין, י״ג, ע״ב; גיטין, ו׳, ע״ב; ירושלמי, ברכות, א׳, ד׳; קדושין, א׳, א׳.
49 ברכות, ל״ג, ע״ב; מגילה, כ״ח, ע״א.

## ו

1 בראשית רבה, מ״ד, א׳.
2 חבקוק, ב׳, ד׳; מכות, כ״ד, ע״א.
3 ברכות, ד׳, ע״א; יומא, ט׳, ע״ב; סוכה, כ׳, ע״א; סנהדרין, כ״א, ע״ב — אין מיינע ווערק ווערן באַהאַנדלט די תקנות עזרא.
4 עזרא, ח׳, כ״א—כ״ב. נאָכקוקן מפרשים וועגן דער וויכטיקייט פון תפילה — ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.
5 בראשית, ט״ו, ו׳.

6 שמות, י״ד, ל״א.
7 דברים, ל״ב, ד׳.
8 אין מיינע דרוש־ספרים — באַריכות.
9 זע, הקדמה פירוש המשניות. כדאי אַריינבליקן אין דער הקדמה צום ״ספר האגדה״ פון ח. נ. ביאַליק און אברהם רבניצקי.
10 בראשית רבה, א׳, כ״ה—כ״ט.
11 בראשית רבה, כ״ג, ד׳.
12 במדבר, כ״ג, כ״ג.
13 איכה רבתי, פתיחתא, כ׳.
14 מועד קטן, כ״ה, ע״א; סנהדרין, קי״ב, ע״ב, א״א.
15 מגילה, ט״ו, ע״א.
16 דברים, ז׳, י״ב; רש״י אויפן אָרט. דאָס לשון אין ספרי (ראה, פיסקא ע״ט) ״שתהא מצוה קלה חביבה עליך כמצוה חמורה״ (זע, פירוש תולדות אדם).
17 כ״ה, ע״א; שבועות, כ״ט, ע״א; מנחות, מ״ג, ע״ב.
18 דאָרט, ל״ב, ע״א.
19 בבא בתרא, ט׳, ע״א.
20 פרק א׳.
21 סוף פ׳ בא.
22 ראה, י׳, כ״ט; ספרי, פסיקא פ׳; זע, תולדות אדם, אויסן אָרט.
23 ברכות, א׳, ה׳; נדרים, סוף פרק ג׳.
24 גענוג אויסצורעכענען אייניקע: תורת־אמת, אמרי־אמת, שפת־אמת, פרי־צדיק, נאת הדשא און פיל אַנדערע.
הלכה ספרים, גענוג צו דערמאָנען: ״אגלי טל״ פון מרן אדמו״ר הגאון והצדיק ר׳ אברהם באָרענשטיין, אדמו״ר מסאָכאַטשאָוו. פון די לעצטע ספרים געווידמעט הלכות שבת: די ספרים פון הרב הגאון רא״א פרייס שליט״א; די ספרי ישרון פון הרב גדליה פעלדער שליט״א, און פיל אַנדערע.
25 זע, אגדות חז״ל אויפן פסוק ״עד מתי מאנתם לשמור מצותי ותורותי״ — שמות, ט״ז, כ״ח.
26 ליקוטי אמרים, פרק ט״ו.
27 ביצה, ט״ז, ע״א; תורה אור, זכור ושמור, א׳.
28 שמות, ל״א, י״ג; רש״י און אבן עזרא — אויפן אָרט.
29 תניא, באריכות.
30 דברים, ד׳, ל״ג.
31 נדרים, ל״ב, ע״א — בן שלש שנים... רש״י און ר״ן — אויפן אָרט. אין בראשית רבה, ס״ד, ד׳ — ר׳ יוחנן ור״ח — בן מ״ח; ר״ל — בן ג׳; רמב״ם, הלכות עכו״ם, בן מ׳ חלוקי דעות אין מדרשים
32 שמות, ג׳, י״ד, ט״ו—י״ח.
33 דברים, ז׳, י״ב — רש״י און מפרשים.
34 אבות, ב׳, א׳.
35 פדר״א, מ״ח און אַנד. מדרשים: ״בזכות ד׳ דברים... ולא גילו מסתורין שלהם ולא היו פרוצין בעריות...״; ויקרא רבה, ל״ב, ה׳; שיר השירים רבה, ד׳, כ״ד א״א. הגדה של פסח — ״מלמד שהיו ישראל מצוינים״ — מפרשים.
36 צפניה, א׳, ט׳.
37 יד החזקה, הלכות עכו״ם וחוקותיהם, י״א, א׳.
38 שולחן ערוך, סימן קנ״ז — נושאי כלים און ספרי הפוסקים פרטים וועגן די דאָזיקע דינים.
39 ע״ד, ע״ב. אין דער גמרא, אויך אין הלכה, ווערט געזאָגט, ווי רש״י טייטשט; ״וכגון שיש צד יהודית. זע, תוספות — אויפן אָרט; שו״ע, יו״ד קנ״ז, ה׳—ז׳: מחבר און הגהה־רמ״א. דער ש״ך האָלט אפילו אויף ״מנהג בעלמא״.

40 ס׳רעדט זיך, ווי געזאָגט, בשעת גזירה, ווען די עכו״ם צילן אָראָפּצופירן יידן פון זייער אמונה און לעבנסשטייגער.
41 שאלות־ותשובות מהרי״ק, סימן פ״ח.
42 מעילה, י״ז, ע״א.
43 יבמות, ק״ט, ע״ב.
44 סנהדרין, צ״ט, ע״ב.
45 שבת, ל״א, ע״א.
46 יבמות, ק״ט און תוספות אָנהייב־וואָרט דעה.
47 בראשית, ל״א, י״ד. זע, הרב ר׳ אברהם אהרן פּריין, משנת אברהם, סמ״ג, חלק ב׳, עמ׳ רנ״ט—רפ״ג; דאָרט, ווערט אויך באַהאַנדלט דער ענין "בעילת עכו״ם" און דער זאָג: "וזרמת סוסים זרמתם".
48 מ״א—מ״ב; נדרים, כ״ה, ע״א; ל״ב, ע״א.
49 פסחים, ס״ח, ע״ב.
50 במדבר, ט״ו כ״ב; נדרים, כ״ה, ע״א; רמב״ם, הלכות עכו״ם, ב׳, ה׳.
51 בראשית, ב׳, ג׳; בראשית רבה, י״א; מכילתא, יתרו.
52 רש״י, יבמות, מ״ח, ע״ב.
53 הלכות עבודת כוכבים, י׳, ו׳.
54 זע, ר׳ חיים צימערמאַן, תורה לישראל, ז״ז 42—43.
55 שמות, ל״א, י״ד; יומא, פ״ה, ע״ב; שמות רבה, ל״א און אַנד. מדרשים.
56 ירמיה, ב׳, ג׳.
57 שערי קדושה, א׳, ה׳.
58 זע, ספר חסידים, סימן תתרע״ג; ר׳ צבי אשכנזי, חכם צבי, שו״ת סימן כ״ו; ר׳ משה רבקש, באר הגולה, חושן משפט, שמ״ח; ר׳ חיים בלאָך, "ודע מה שתשיב", ז׳ 49; אין מיין ווערק "באַציונג צום פרעמדן".
59 חידושי אגדות, כתובות, ס״ז, ע״ב.
60 דברים, י״ז, י׳—י״א.
61 בראשית, ל״ב, ח׳.
62 ברכות, נ״ה, ע״א; יומא, פ״ה, ע״ב; סנהדרין, נ״ב, ע״א; במדבר רבה, כ״א, ה׳ און נאָך און נאָך.
63 זע, בראשית רבה, ע״ו, ב׳ א״א.
64 בראשית, ל״ה, ל׳—ל״א; מ״ט, ה׳—ז׳.
65 שמואל־א׳, כ״ד, ג׳—ה׳.
66 תנחומא, בהעלותך, י׳; ילקוט שמעוני, ב׳, תתפ״ח און אַנד. מדרשים.
67 דברים, כ״א, ח׳.
68 ספרי, שופטים, כ״ט; תנחומא, לך לך, י״ט; בראשית רבה, מ״ד, ד׳. זע, ברכות, ס״ב, ע״ב — וועגן דעם באַזונדער.

## קאַפּיטל דריי

# יהדות אַ הומאַניסטישער לעבנס־באַנעם

**א. אוניווערסאַליזם און הומאַניזאַציע. — הימלישער יושר און הימלישע עטיק. — אחרית הימים. — אהבה צו אַלע מענטשן.**

ייִדן זענען געוואָרן אַן "עם הנבחר" צוליב זייער בחירה — אויסקלייבן פאַר זיך צו לעבן לויט די תורה־פּרינציפּן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, ייִדן זאָלן ווערן אַן "עם לבדד ישכון" — אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער און רעכנט זיך נישט צווישן פעלקער [1], ווי בלעם הרשע האָט געזען דאָס פאָלק וואָס איז אַרויס פון מצרים און געוואָנדערט אין דער מדבר. דאָס איז געבליבן אויף אייביק.

דאָס אָפּגעזונדערטקייט האָט נישט געמיינט, אַז ייִדן זאָלן האָבן אַ האַס צו אַנדערע פעלקער, אַז זיי זאָלן זיין באַהערשט פון מענטש־פאָביע. אדרבה, ייִדן ווי נאָכפאָלגערס פון אברהם אָבינוס טראַדיציע, האָבן תּמיד אַרויסגעוויזן אַ התקרבות צו יעדן, וואָס האָט נאָר געוואָלט אַריינגענומען ווערן אונטער די "כנפי השכינה". דאָס איז געקומען צום אויסדרוק, ביים אַרויסגיין פון מצרים, ווען די יוצאי מצרים זענען אָנגעזאָגט געוואָרן: "תורה אחת יהיה לאזרח ולגר הגר בתוככם" — דאָס איז דער דין פון קרבן פסח... אַ נישט־געמלטער טאָר פון אים נישט עסן. איין געזעץ זאָל זיין פאַר דעם איינגעבוירענעם, און פאַר דעם פרעמדן וואָס האָלט זיך אויף צווישן אייך [2], וואָס ווערט אויסגעטייטשט: "שאין הקב״ה פוסל לשום בריה — לכל הוא מקבל, השערים נפתחים בכל עת ובכל שעה, וכל מי שהוא מבקש לכנס — יכנס" — די טויערן זענען ברייט אָפן פאַר יעדן [3].

מיר האָבן נאָך אַ צאָל מאמרים וואָס ווייזן אָן אויף דער אוניווערסאַלקייט פון יהדות, אָדער ווי פאַרשערס רופן עס יודאַיזם. אויף דעם פּסוק "איש, איש" [4] דרשנען חז״ל: "לרבות את הגרים". די טאָפּלטקייט פונעם וואָרט **א י ש** ביי קרבנות איז צו ווייזן, אַז אויך אַנדערע, וועלכע נעמען אויף זיך תּורה־פּרינציפּן זענען אין כּלל איש־מענטש, וואָס איז ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַן אויסדרוק פון מענטש־חשיבות. ווי חז״ל באַהויפּטן, לויטן דאָזיקן דרש: "עכו״ם נודרים נדרים ונדבות כישראל" — נישט־ייִדן האָבן רעכט צו ברענגען קרבנות און די כּהנים זענען מקריב די קרבנות אויפן הייליקן מזבח [5].

אויפן פּסוק "עולת איש" [6], פרעגן חז״ל: "אָטו גר לאוו איש הוא? [7], ס'איז

ביי חז"ל, געווען אַ זיכערקייט, אַז דער גר, וואָס נעמט אויף זיך צו לעבן אַ מאָראַליש־עטיש לעבן, פאַרדינט ער זיך דעם טיטל א י ש.

מיר וועלן אין אַ ווייטערן פּרק באַהאַנדלען די טעזע גרות, דעם ריטואַל און פּראָצעס פון גרות. דער גר וואָס איז זיך מגייר אויס איבערצייגונג, "לשמו של הקב"ה", איז ער אויפן "וואָגשאָל", אין פאַרגלייך מיט יעדן ייִדן. נאָך מער: ער איז חשוב, ווי דער לוי... ווי די "ששים רבוא" וואָס זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני. יענע האָבן געהערט די קולות וברקים, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך עול מלכות שמים, אָבער דער גר, ער האָט גענומען אויף זיך עול מלכות שמים אָן די קולות; ער האָט עס געטאָן פון אַן אינערלעכן רוף [8].

כאַראַקטעריסטיש איז דער מאמר [9], אַז ווען שאול האָט געזען, ווי דוד האָט באַזיגט גליתן, האָט ער אים געהייסן זיך שטעלן פאַר אים און זיך נאָכגעפרעגט אויף זיין ייִחוס: איז ער פון פּרצן, דאַרף ער זיין אַ מלך; איז ער פון זרחן — דאַרף ער באַשטימט ווערן אַלס שופט. איז דאָרט געווען דואג האדומי (דער שטענדיקער שונא פון דודן) און דערקלערט, אַז אפילו ער איז פון פּרצן, איז ער אַלץ פּסול צו זיין מלך: ער איז פּסול ווייל ער שטאַמט פון מואבים, פון רות המואביה און פון מואָב נעמט מען נישט אַריין אין ייִדישן קהל — "לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ד'" — אַן עמוני און אַ מואבי זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט... ביז אייביק. דערפאַר, וואָס זיי זענען אייך נישט אַקעגנגעקומען מיט ברויט און מיט וואַסער... און וואָס ער האָט געדונגען אויף דיר בלעמען דיך צו שילטן [10].

אין יענעם מאָמענט, האָט זיך אבנר אַריינגעמישט. ער האָט געלאָזט וויסן, אַז אין בית־דין פון שמואל הנביא איז באַשלאָסן געוואָרן די הלכה: "עמוני ולא עמונית..." אויף מענער איז געזאָגט געוואָרן "לא יבוא", נישט אַריינצונעמען אין קהל ישראל, אין ייִדנטום, אָבער פרויען האָט מען רעכט אַריינצונעמען אַלס גרטעס.

אַלע האָבן מסכּים געווען צום דאָזיקן פּסק: רות, די גרטע, איז אָנערקענט געוואָרן אַלס ייִדישע און דוד המלך איז מער נישט געווען קיין אָפּשטאַמיקער פון אַ פּסולער משפּחה און האָט געהאַט רעכט צו העכערע אַמטן אין ייִדנטום.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל באַהאַנדלט די דאָזיקע טעמע און מיר וועלן ווייטער זיך דאַרפן אָפּשטעלן אין שייכות מיט גרות, וועגן אָט דער רות, ווי דער תנ"ך שילדערט איר גרויסקייט און דערהויבנקייט — די גרויסקייט פון די צוויי פרויען, גייסטיקע העלדינס: נעמי און רות, שוויגער און שנור: ווי אַזוי די טאָכטער פון מואָב זאָל ווערן אַזוי איבערגעגעבן, אַרויסווייזן אַזוי פיל איידלקייט און געטריישאַפט, אַז זי זאָל ווערן דערהויבן צו די העכסטע הויכן אין דער ייִדישער געשיכטע — און דאָס אַ דאַנק איר באַנעמונג, איר איידעלער נשמה, איר איבער־געצייגטקייט אין דער ייִדישער אמונה.

נישט אומזיסט האָט בועז, שופט און גואל, געזאָגט צו איר: "מ'האָט מיר דערציילט, אַז דו האָסט פאַרלאָזט דיין פאָטער און דיין מוטער און דאָס לאַנד פון דיין געבוירנשאַפט... זאָל גאָט באַצאָלן דיין טוונג... וואָס דו ביסט געקומען אונטער זיינע פליגלען".

איר שכר איז געקומען, "אין הקב"ה מקפח שכר כל בריה" [11]. זי איז געוואָרן פאַמיליאַריש פאַרבונדן מיטן מאַן פון גרויס־יידישן יחוס; זי איז געוואָרן די באָבע פון דוד מלך ישראל. ווי חז"ל זעען, איז איר אויך בייגעשטאַנען דער זכות פון איר פאָטער, עגלון, דער קעניג פון מואב. ער איז געווען אַ קעמפער קעגן די שבטי בני ישראל און איז אומגעקומען דורך דער שווערד פון אַ ייד, וואָס האָט געוואָלט אים צו ליקווידירן ביי אים אין פּאַלאַץ. ער האָט אָבער אַרויסגעוויזן דרך־ארץ פאַרן גאָט פון ישראל [12] און דעריבער האָט ער זוכה געווען צו האָבן אַזאַ טאָכטער: "עגלון מלך מואב חלק כבוד להקב"ה, ויקם מעל הכסא... יצאה ממנו רות המואביה". אויף אַן אַנדער אָרט ווערט צוגעגעבן נאָך אַ זכות פאַר די מואבים, צו האָבן אַ טאָכטער וואָס זאָל ווערן פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק: "בשכר מ"ב קרבנות שהקריב בלק... זכה ויצאה ממנו רות"... [13].

ווען רות איז געקומען אין יהודה, איז זי שוין נישט געווען קיין יונג מיידל. ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דער אגדה, איז זי שוין געווען אַריבער די פערציק. דאָך האָט זי באַוויזן צו געווינען דאָס האַרץ פון בועז און אים געגעבן אַ זון, עובד, פאָטער פון ישי, זיידע פון דוד מלך ישראל חי וקיים!

נישט איין מאָל האָבן מיר געשריבן און גערעדט וועגן דער העלדין אין מגילת רות, די מגילה וואָס לערנט [14], אַז די תורה באַקומט מען נאָר דורך יסורים, דורך ליידן: "אמר זעירא, מגילה זו, אין בה לא טומאה ולא טהרה, ולמה נכתבה? ללמדך כמה שכר טוב לגומלי חסדים". צוליב איר גוטסקייט, האָט זי געקראָגן איר שכר פאַר גוטס־טאָן, פאַר חסד, זי איז אויף דעם שענסטן אופן אַריינגענומען געוואָרן אין קהל־ישראל און אַ דאַנק איר און צוליב איר, איז באַנייט געוואָרן דער דין "עמוני ולא עמונית; מואבי ולא מואבית" [15], זי איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אייגענע און ס'האָט נישט געהאָלפן דער קטרוג פון דואג האדומי, דער אייביקער שונא פון דוד המלך.

מיר וועלן ווייטער ווידמען אַ באַזונדערן פרק "ג ר ו ת". דאָ ווילן מיר איבערגעבן בקיצור די שטעלונג פון חז"ל וועגן אַריינגעמען גרים.

יידן זענען קיין מאָל נישט געווען קיין מיסיאָנערן. מיר האָבן שאַרפע אויסדרוקן וועגן גרים. געבוג צו דערמאָנען: "אין מקבלין גרים לימות המשיח" [16]. נאָך אַן אויסדרוק, וואָס קען חלילה אויסגעטייטשט ווערן ראַסיסטיש: "אין השכינה שורה, אלא על המשפחות המיוחסות בישראל" [17]. דאָס האָט אָבער נישט קיין שייכות וועגן

מקבל זיין גרי־צדק איבערגעצייגטע אין דער יִדישער אמונה, האָט מען מקבל געווען מיט דער פולער העפלעכקייט.

דער בעגאַטיווער מאָטיוו פון זיין פּאַרזיכטיק און נישט געאיילט מקבל צו זיין גרים, האָט צו טאָן מיט דער מורא פון געמישטקייט, פרעמדע זאָלן נישט מאַיאָריזירן און אַריינבערענגען אין יִדנטום זייער קולטור, זייער לעבנס־שטייגער. די מורא איז אויך געווען, אַז זיי טוען עס צוליב באַקוועמלעכקייט און נישט צוליב איבערצייגונג.

דאָרט, ווו אַזאַ מורא איז נישט געווען, ווי למשל ביי דער מוסטערהאַפטער גרטע פון מואָב, האָט מען גרים אַריינגענומען מיט אָפענע אָרעמס. דער נביא זאָגט וועגן דער צוקונפט: "ונלוו גויים רבים אל ד׳ ביום ההוא — והיו לי לעם" — און פיל פעלקער וועלן זיך באַהעפטן צו גאָט אין יענעם טאָג און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק... און פרעמדע וועלן זיך באַהעפטן צו זיי, און וועלן צושטיין צום הויז פון יעקב...[18].

מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם דין נישט אַריינצונעמען קיין גרים פונעם עמלק־פאָלק. איז וויכטיק צו הערן די מיינונג פון רבי אליעזר, אין שייכות מיטן דין "לא יבוא עמוני ומואבי"... לא יבוא עמלק איז נישט געשריבן, אָבער ס׳איז געשריבן תמחה את זכר עמלק — געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אונטער־וועגנס, ווען איר זייט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים... זאָלסט אויסמעקן דעם זכר פון עמלק פון אונטערן הימל; זאָלסט נישט פאַרגעסן [19], האָבן מיר אַ מאמר: "רבי אליעזר אומר, נשבע המקום בכסא הכבוד שלו, שאם יבוא מכל האומות שיקבלוהו ולעמלק ולביתו לא יקבלוהו, שנאמר: "ויאמר אל הנער המגיד לו, אי מזה אתה, ויאמר בן איש גר עמלקי אנכי", נזכר דוד באותה שעה מה שאמר למשה רבינו... שלא יקבלוהו, מיד ויאמר אליו דוד, דמך על ראשך" — און דוד האָט צו אים געזאָגט: דיין בלוט אויף דיין קאָפּ, וואָרום, דיין מויל האָט עדות געזאָגט: איך האָב געטויט דעם געזאַלבטן פון גאָט [20].

די נושאי־כלים אָרום דעם רמב"ם און אויך נאָכפאָלגנדיקע פוסקים־מפרשים ווייזן אָן, אַז דער רמב"ם דערמאָנט נישט דעם דאָזיקן דין. ס׳איז אויך שווער פון אָן אַנדער שטעל אין דער גמרא: "מבני בניו של המן, למדו תורה בבני־ברק" — אַז פון המנס אָפּשטאַמיקע האָבן געלערנט תורה אין בני־ברק, דאָס אָרט פון רבי עקיבא, דעם גרויסן תלמיד פון רבי אליעזר; המן, ווערט דאָך געזאָגט, איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון עמלק [21] — און אויף דעם וועלן מיר זיך אין אַ ווייטערן פרק אָפּשטעלן.

אין זיין ספר "ימין ושמאל" [22], פאַרנעמט זיך מיין רבי הרב ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט זצ"ל, מיט באַווייזן אויף דער אוניווערסאַלקייט פון תנ"ך און תלמוד, אין באַצוג צום מענטש און אַז אפילו צו אַזעלכע וועלכע זענען באַגאַנגען

פאַרברעכנס און מ'האָט זיי דערפאַר באַשטראָפט, האָט מען עס געטאָן מיט איינזע־ניש, מיט מיטלייד און געהאַפט אויף דעם מאָמענט ווען ס'וועט זיין "יתמו חטאים מן הארץ" — זאָל דאָס זינדיקע פאַרלענדט ווערן פון דער ערד.

אין דער תּורה ווערט איבערגעגעבן וועגן געטלעכן משפּט און שטראָף, איבער דעם דור־המבול. אַלץ איז אומגעקומען, בלויז נח מיט זיין משפּחה איז געבליבן — "וישאר אך נח"...[24]. נאָך דעם איז געקומען דער דור־הפּלגה, מיט זייער וועלן צעשטערן די אמונה; זייער חטא און זייער עונש געהערט צו די מיסטישע געשעענישן. סדום ועמורה זענען אומגעקומען צוליב זייערע זינד. די מצריים וועלכע האָבן נאָכגעיאָגט די ייִדן און געוואָלט זיי וואַרפן אין ים־סוף זענען דערטרונקען געוואָרן אין רויטן ים. די אַלע שטראָפן זענען געקומען דירעקט פון הימלישן בית־דין, געאורטיילט דורכן באַשעפער.

די ייִדן איז אָנגעזאָגט געוואָרן וועגן די כּנענים־פעלקער: "לא תחיה כל נשמה"[25]. די שטראָף אויף די דאָזיקע פעלקער איז געקומען צוליב זייער פאַר־ברעכערישקייט, צוליב זייער פאַרדאָרבנקייט און צוליב דער מורא, ייִדן זאָלן זיך נישט אָפּלערנען, באַאיינפלוסט ווערן פון זייערע אוממאָראַלישע מעשׂים. ייִדן האָבן געדאַרפט ווערן אַן "עם־סגולה", אַן "עם חכם ונבון" — אַ גרויס פאָלק, באַהויכט פון עטישע און מאָראַלישע פּרינציפּן, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין תּורת־משה[26]. ס'איז געווען אַ געפאַר, ייִדן זאָלן נישט באַאיינפלוסט ווערן פון די כּנענים.

די פעלקער, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דער תּורה, האָבן זיך פאַרדינט זייער שטראָף. פון דעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דעם שטרענגן אָנזאָג, האָבן ייִדן געזוכט שלום מיט די דאָזיקע פעלקער. דאָס געבאָט "לא תחיה כל נשמה" איז נישט אויסגעפירט געוואָרן: דריי בריוו האָט יהושע געשיקט צו די כּנענים און זיי פאַרגעשלאָגן: "מי שרוצה להשלים־ישלים", דער וואָס וויל מאַכן שלום, זענען מיר גרייט צו פאַרהאַנדלען אַ שלום[27].

ייִדן האָבן דאָך געהאַט די טראַדיציע פון אברהם אבינו, וואָס האָט זיך איינ־געשטעלט פאַר דער זינדיקער סדום: מתפּלל געווען, געבעטן פאַר סדום, געזוכט צען צדיקים כּדי צו ראַטעווען די שטעט פון אומקום.

און וועגן די מצריים: ייִדן האָבן זיך געגנוג אָנגעליטן אין מצרים. פּרעה האָט זיך געבאָדן אין ייִדיש בלוט; אפילו די כּשרע פון מצרים, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָבן נאָכגעיאָגט די ייִדן און געוואָלט זיי ליקווידירן אין די כוואַליעס פונעם ים־סוף, זיי זענען אַלע געווען פול מיט גיפטיקער שׂנאה אויף די בני ישראל. איז געקומען אויף זיי דער געטלעכער עונש: "לא נשאר בהם עד אחד" — נישט געבליבן פון זיי קיין איינציקער (לויטן מדרש: דער איינציקער פּרעה)[28]. קיין פרייד איז דאָס נישט געווען. ווען די מלאכים האָבן געוואָלט זינגען שירה, האָט

זיי הקדוש־ברוך־הוא געזאָגט: "מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה" — מיינע ווערק טרינקען זיך אין ים, וועט איר זאָגן שירה?[29]. דער שפּעטערדיקער אָנזאָג איז געווען: "לא תתעב מצרי" — זאָלסט נישט פאַראומווירדיקן קיין מצרי[30]. זיי האָבן דאָך געעפנט די טויערן פאַר די זיבעציק נפשות, וואָס זענען געקומען קיין מצרים מיט יעקב אבינו און יוסף איז געווען דער "שני למלך".

ביים חנוכת־הבית פון בית־המקדש, האָט שלמה המלך מתפלל געווען, אַז אויך דער פרעמדער וועלכער וועט קומען תפילה טאָן, זאָלן אין הימל געהערט ווערן זיינע געבעטן: "וגם אל הנכרי... ובא והתפלל... אתה תשמע השמים"[31].

ישעיה הנביא זעט דעם "אחרית הימים" אין שלום פאַר אַלע פעלקער, דאָס הייליקע הויז זאָל ווערן דאָס הויז פאַר אַלע פעלקער: "ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים"[32].

יונה הנביא וויל זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל נישט גיין צו דער זינדיקער נינוה, זיי צו וועקן אויף תשובה, ווערט ער דערפאַר באַשטראָפט. דער וואַלפיש שלינגט אים איין און "מבטן שאול" — פון דעם בויך־אונטערערד בעט ער זיך, ער זאָל זיך באַפרייען. זיין תפילה ווערט געהערט און ער מוז דורכפירן זיין שליחות צו ראַטעווען נינוה מיט אירע "שתים־עשרה רבו אדם"[33]. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז דער פסוק "אף חובב עמים" — ער האָט אויך ליב די פעלקער[34], איז געמיינט געוואָרן די פעלקער פון נינוה, אַדער אַזעלכע ווי נינוה.

אין פרקי־אָבות לערנט מען אונדז: "חביב אדם שנברא בצלם"[35] — געליבט איז דער מענטש, באַשאַפן אין גאָטס פורעם. דאָס שליסט איין אַ ל ע מענטשן. דער דאָזיקער געדאַנק גייט דורך, ווי אַ גאָלדענער שנור, אין תנ"ך, תלמוד און ביי די נאָכפאָלגערס אין באַגרינדן יהדות, ווי ס'ווערט געזאָגט אין מדרש[36]: "לא בניכם ולא קרבניכם אני מבקש... במה אני חפץ? — בתפילה", ד"ה, אַז דער ווילן פון הקדוש ברוך הוא איז, די וועלט, די פעלקער, זאָלן מקבל זיין עול מלכותו, וואָס דאָס מיינט, לעבן לויט די תורה־פּרינציפּן.

מיר האָבן שאַרפע אויסדרוקן וועגן אומציוויליזירטע געצנדינערס:

יחזקאל הנביא דריקט זיך אויס וועגן די פעלקער אין זיין צייט: "אשר בשר חמורים — בשרם" — וואָס פלייש פון אייזלען איז זייער פלייש[37], דאָס האָט ער געמיינט די היידן צוליב זייער הפקרדיק לעבן, ווי די חיות, וועלכע לעבן ווי די אייזלען, האָבן נישט קיין קולטור, קיין ליטעראַטור — אָבער געוויס נישט די פעלקער וועלכע האָבן אַ קולטור, האַלטן זיך ביי מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן — אַזעלכע דאַרף מען מכבד זיין מיט כל מיני כיבודים, צוליב זייער מענטשלעכער באַנעמונג.

דער פסוק "חסד לאומים חטאת" — גערעכטיקייט דערהייבט אַ פאָלק און חסד פון די פעלקער איז זינד[38] ווערט אויסגעטייטשט אויף פאַרשיידענע אופנים.

אין תּלמוד ווערט געטייטשט: דער חסד פון די פעלקער איז אַ זינד פאַר זיי...
נאָך אַ טייטש: צדקה דערהויבט זיי; די וואָס נייגן אָפּ פון הילף, מעגן זיי פאַרמאָגן
חכמה, נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, איז זייער שאַנד און זינד... דער כּלל איז אָבער,
אַז די פעלקער וועלכע האַלטן זיך ביי פּרינציפּן, דאַרף מען זיך באַנעמען מיט זיי
איידל און אַנשטענדיק. דער גייסטיקער פירער אין דער צייט פון בית שני, דער
הויפּט פון סנהדרין, רבן יוחנן בן זכאי, האָט זיך נוהג געווען (און אין זיין צייט
איז פאָרגעקומען דער חורבן) צו באַגעגענען יעדן מיט דער ברכה פון שלום [39]
און אַזוי האָבן זיך נוהג געווען תּנאים, אמוראים און גייסטיקע פירערס אַלע צייטן.

די זיבעציק פּרים וואָס יִידן האָבן מקריב געווען סוכּות, זמן שמחתנו, געבראַכט
קרבנות אויפן מזבח מיטן ציל צו פאַרגעבן די זינד ביי די זיבעציק פעלקער,
וויזן דאָך, ווי ווייל יִידן האָבן געוואָלט ס׳זאָל הערשן ווווילזיין און שלום ביי אַלע
פעלקער [40].

נאָכן חורבן־הבית, ווען מ׳קען שוין קיין קרבנות נישט מקריב זיין נישט
לטובת יִידן און נישט לטובת די פעלקער, גיט מען אַלץ זכות פאַר די פעלקער, ווי
יִידן: צדקה וואָס פעלקער גיבן צו העלפן נויטליידנדיקע — ברענגט זיי פאַרגעבונג,
ברענגט זיי אַנערקענונג.

וועלכע פעלקער זענען פאַרדאַמט געוואָרן? — דאָס זענען געווען פאַר־
דאָרבענע פעלקער, ווי עמלק וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוברענגען די יִידן;
פעלקער וועלכע האָבן פּלאַנירט אויף אַן אכזריותדיקן אופן צו מאַכן אַ סוף צו די
זרע אברהם יצחק ויעקב — די אוממאָראַלישע מערדערלעכע פעלקער אין אַלע
צייטן, ווען זיי איז אַנגעזאָגט געוואָרן: ״לא תדרוש שלומם וטובתם״ — זאָלסט
נישט זוכן זייער חברשאַפט, זייער גוטסקייט, זאָלסט נישט זיין מיט זיי אין
קאָנטאַקט, זאָלסט דיך נישט אָנלערנען פון זייערע מעשים: ״ולא תלכו בחוקות
הגוי אשר אני משלח מפניכם״ — אין זייערע געזעצן זאָלט איר נישט גיין...
און איר זאָלט נישט גיין אין די איינפירן פון דעם פאָלק וואָס איך פאַרטרייב פון
פאַר אייך... [41].

און די אגדה קאָמענטירט: ״בחוקים החקוקים להם״ — היידנישע מנהגים [42].

די מורא אַז יִידן קענען אַ מאָל נאָכפאָלגן די דאָזיקע היידנישע מנהגים, ווערט
אויסגעדריקט ביי די נביאים און באַזונדערס ביים נביא, וועלכער האָט זיך געפונען
בעתן חורבן בית־ראשון, ביים טייך כבר אין בבל, און דאָרט געזען די וויזיע פון די
״גרויסע טעג״ וואָס וועלן קומען. יחזקאל הנביא רעדט שאַרפע ווערטער ווען זיין
אייגן פאָלק: ״בחוקותי לא הלכתם... וכמשפטי הגויים אשר סביבותיכם לא
עשיתם״ — אין מיינע חוקים זייט איר נישט געגאַנגען, און מיינע געזעצן האָט
איר ניט געטאָן... די געזעצן פון די פעלקער אַרום אייך האָט איר ניט
געטאָן... [43]. ווי ס׳ווערט קאָמענטירט, האָט דער נביא געמיינט ״כמתוקנים שבהם

לא עשיתם" [44], אַז די גוטע מידות, זיטן און מנהגים פון די ציוויליזירטע, האָט איר נישט געגומען. דאָ זעט מען שוין אַ רמז, אַז "יפיפותו של יפת" דאַרף און אַן ספק מעג אַריינקומען אין דער ייִדישער היים.

הרב גרויבאַרט, שרייבט צוו"אַ: "מ'וואַרפט פאַר ייִדן דעם תּלמודישן מאמר: "גוי ששבת חייב מיתה" [45] און ער באַמיט זיך צו פאַרענטפערן דעם דאָזיקן שאַרפן זאָג.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אַז די ווערטער חייב מיתה, ווי אַ שאַרפער אויסדרוק, זענען נישט געמיינט געוואָרן ווי אַ דין, מ'זאָל דעם נישט־ייִדן וואָס רוט אום שבת, אורטיילן מיט טויטשטראָף; אוודאי נישט, דער בית־דין זאָל אויספירן אַזאַ סאָרט שטראָף.

די שטרענגקייט צום "שבת־גוי", וואָס נעמט אויף זיך צו היטן שבת — דערקלערט הרב גרויבאַרט ז"ל — איז געקומען צוליב דעם, וואָס מ'האָט געוואָלט אויסהיטן ייִדן פון געמישטקייט. אויב אַ נישט־ייִד האַלט, אַז ער דאַרף היטן שבת, דעם ייִדישן שבת, פאַר וואָס זאָל ער זיך נישט מגייר זיין? אַ צוזאַמענמיש פון רעליגיעס — האַלט ער — איז בכלל שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט [46]. ער ציטירט פונעם רמב"ם: "...כללו של דבר, אין מניחים אותם לחדש דת ולעשות מצוות לעצמם, מדעתם, אלא, או יהי' גר צדק ויקבל כל המצוות, או יעמוד בתורתו... וסוף־סוף אין ממיתים אותו בידי אדם".

צוליבן זעלביקן טעם האָט מען געזאָגט: "גוי העוסק בתורה חיים מיתה" [47], אָדער "אין מוסרים דברי תורה לנכרים" [48], מ'האָט מורא געהאַט אַז אַזעלכע חידושים קאָנען גאָר ברענגען צרות אויף ייִדן. ווי מפרשים טייטשן, איז דער פאַרבאָט צו לערנען תּורה מיט נישט־ייִדן געמיינט געוואָרן תּורה שבעל פּה. תּורה שבכתב, די געשריבענע תּורה, דעם תּנ"ך, מעג מען לערנען מיט גויים און אַזוי האָבן זיך נוהג געווען גדולי־ישראל אין אַלע צייטן. נאָך מער: דברי חכמה האָט מען מקבל געווען פון נישט ייִדן, ווי חז"ל זאָגן: "אם יאמר לך אדם, יש חכמה בגויים — תאמין" [49] און וועגן דעם וועלן מיר ווייטער זיך אָפּשטעלן.

די אונטערשיידן ביי משפּטים צווישן ייִד און נישט־ייִד ווערן דערקלערט און פאַרענטפערט יעדער פּרט באַזונדער, יעדער געביט ווערט באַהאַנדלט לויט זיין אָרט, צייט און שטעלונג אין דער אַלגעמיינער יורידישער קאָנצעפּציע און לע־גאַליטעט [50].

מיר וועלן ווייטער באַהאַנדלען דעם ענין נשך־פּראָצענטער אויף הלוואות ביי נישט־ייִדן, וואָס מיר האָבן שוין באַהאַנדלט אין אַ פריערדיק ווערק [51] אָבער ווייט נישט אויסגעשעפּט. דעם פּסוק "לנכרי תשיך" — דעם פרעמדן מעגסטו לייען אויף צינזן... [52], האַלט אַ צאָל פּוסקים, אַז דאָס איז אַ רשות, זיכער נישט קיין מצווה. אפילו די פּוסקים וואָס האַלטן, אַז מ'דאַרף נעמען ריבית פון נכרים, ווערט דאָס

דערקלערט, אַז עס איז געמיינט געוואָרן ביי די פעלקער וועלכע האָבן זיך אַזוי געפירט אויף אַ נאָרמאַלן, נאַטירלעכן שטייגער. אויב ביי זיי איז דאָס נישט קיין עבירה, זיי נעמען פּראַצענטער ביי ייִדן, האָבן ייִדן אַ רעכט צו טאָן דאָס זעלביקע. ייִדן, ווי מיר ווייסן, זענען נישט ווייניק דיסקרימינירט געוואָרן אפילו ביי די פעלקער, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ געזעץ און געהאַט אַ רעליגיע.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז אין אַ צאָל לענדער זענען פאַר ייִדן געווען פאַרבאָטן וועלכע נישט איז לאַנד־קניות, מלאכה פון אַ בעסערן סאָרט, ווייס־קאָלנערדיקע פּראָפעסיעס, רעגירונג־באַאַמטע. ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי זיך פאַרנעמען מיט וווכעריי, כּדי צו דערהאַלטן זייער קיום. נישט געקוקט אויף אַט די אַלע דערלויבענישן, לויבט דער נעים זמירות ישראל, די וועלכע האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט פּראָצענט־הלוואות: "כספו לא נתן בנשך"[53] — זיין געלט האָט ער ניט געגעבן אויף צינזן... דער וואָס טוט דאָס וועט ניט אומפאַלן. און אין תּלמוד, ווערט צוגעגעבן: "אפילו רבית דנכרי"[54].

וועגן דעם שאַרפן זאָג: "אתם קרויים אדם"[55], וואָס מיר האָבן פריער באַהאַנדלט, קאָמענטירן מפרשים, אַז דאָס איז גאָר געווען אַזאַ וואָרטשפּיל, ווי עס ווערט געזאָגט: "כל יהודי שאין לו אשה, אינו אדם"[56] אָדער אַזאַ זאָג: "כל מי שאינו עוסק בפריה ורביה — חייב מיתה"[57].

הרב ר' יהודה לייב גרויבאַרט איז מיט דער מיינונג, אַז דער זאָג: "ואין אומות העולם קרויים אדם", האָט צו טאָן מיט טומאה־טהרה, אָבער נישט מיט אָוועקנעמען רעכט פונעם נישט־ייִד, צו דיסקרימינירן קעגן נכרים.

הרב גרויבאַרט ווייזט אויך אָן, אַז דער ריכטיקער מיין אין דער באַהויפּטונג: "טוב שבגויים הרוג" דאַרף אומבאַדינגט זיין "ב ש ע ת מ ל ח מ ה".

מיר האָבן פריער דערמאָנט, אַז ס'רעדט זיך דאָרט וועגן די מצריים, פּרעהס מצריים, די וועלכע האָבן פריער, בעת סכּנה, זיך באַוויזן צו זיין "הירא את דבר ד'"[58] און אָפּגעראַטעוועט זייער פי, אָבער, נישט געקוקט אויף זייער יראה, ווען פּרעה האָט גערופן, האָבן זיי געכאַפּט די געראַטעוועטע פערד און נאָכגעיאָגט די ייִדן ביים ים־סוף. ""מכאן הי' ר' שמעון אומר, טוב שבמצריים (אַזוי איז דער נוסח) בשעת מלחמה הרוג", ווייל אויך די ג ו ט ע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין געיעג צו מאַכן אַ סוף (חלילה) צו די בני ישראל, אַרייניאָגן זיי אין ים־סוף.

דער ליובאַוויטשער רבי אדמו"ר ר' מנחם מנדל שניאורסאָן שליט"א, אין זיין טעזע וועגן דעם זאָג "טוב שבגויים..." ברענגט די דערמאָנטע ווערסיעס און שטעלט די פראַגע: ווי קען מען זאָגן, די תּורה זאָל דערלויבן הרגענען אפילו אַ "גוטן גוי", אָדער מצרי, בעת מיר האָבן דאָך אַ מצווה "לא תתעב מצרי", אַז מ'טאָר נישט אפילו פאַראומווירדיקן אַ מצרי, ...דער רבי שליט"א ברענגט אַ צאָל תּירוצים, אָנווייזנדיק אויף מדרשים[59], אָבער, ווי עס איז צו זען, האָבן אים די

תירוצים נישט צופרידנגעשטעלט און ער קומט אַרויס מיט אַ חידוש, טייטשט עס אַריין אין רש״י און אין די מפרשי התורה, אַז ס'רעדט זיך וועגן די אַמאָליקע מצריים, וועלכע האָבן מיט זייער אַקט געוויזן, ווי ווייט ס'איז געווען זייער גיפטיקע שׂנאה צו ייִדן. זיי זענען געווען ווי דער נ ח ש מיט זיין גיפט און דעריבער איז געקומען אויף זיי דער עונש פון מיתה — די שטראָף: ״לא נשאר בהם עד אחד״ [60].

צו די עגיפּטער האָבן ייִדן, די גרונטלייגערס פון יהדות, זיך באַצויגן גאָר מילד, נישט געקוקט אויף דעם וואָס די אַמאָליקע עגיפּטער האָבן פאַרשקלאַפט ייִדן איבער צוויי הונדערט יאָר און נישט געקוקט אויף די אכזריות און דער גיפטיקער שׂנאה מצד די ערשטע פּרעהס. דער מאָטיוו פאַר דער מילדער באַציונג צו די שפּעטערע עגיפּטער: ״כי גר היית בארצו״ — וואָרום דו ביסט געווען אַ פרעמדער אין זיין לאַנד... דער דריטער דור מעג קומען אין דער עדה פון גאָט. צוליב דעם מאָטיוו, האָט אַ צאָל פּוסקים געהאַלטן, אַז אַן עגיפּטער האָט רעכט אַריינצוקומען אין קהל־ישראל באַלד נאָך דעם, ווי ער איז זיך מגייר. די דאָזיקע פּוסקים האָבן זיך סומך געווען אויף דער באַהויפּטונג פון רבי עקיבא, אַז די שפּעטערדיקע עגיפּטער, אין דער צייט פון בית שני און נאָך דער דאָזיקער תּקופה, זענען נישט די עגיפּטער וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין דער תּורה און ביי די נביאים [61].

אויפן סמך פון דעם היתּר האָט מען אויך דערלויבט אַריינקומען אין קהל־ישראל די עמונים און מואבים, ווייל סנחריב האָט אויסגעמישט די פעלקער און ראַסן.

וואָס שייך די מצריים, איז כּדאַי צו ברענגען דעם פאַקט, וואָס אין לעצטן מאָמענט, ביים אַרויסגיין פון מצרים, ווערט געזאָגט ״ובני ישראל עשו כדבר משה, וישאלו ממצרים כלי כסף... וד׳ נתן את חן העם בעיני מצרים״ [62] — גאָט האָט געגעבן דעם פאָלק חן אין די אויגן פון די מצריים און זיי האָבן זיי געליִען. קאָמענטירט רש״י: ״כדבר משה שאמר להם במצרים וישאלו איש מאת רעהו״ — רעד אין די אויערן פון פאָלק, זיי זאָלן אַנטלייען איטלעכער פון זיין פריינד... זילבערנע זאַכן און גילדערנע זאַכן... [63].

שטעלן זיך מפרשים, ווי רופט מען עכו״ם, היידן, ״רעהו״. לויט חז״ל [64] און אַזוי פּסקנט דעם רמב״ם [65], אַז ״עמיתו״ קאָן נאָר מיינען ייִדן: ״עם שאתך בתורה ובמצוות״ און אַז דער וואָס היט נישט די תּורה־לערעס, וואָס פאָלגט נאָך זיין היידנישע אמונה, קען ער נישט גערופן ווערן ע מ י ת ו, די רעליגיע טיילט זיי אַרויס פון דער דאָזיקער התחברות.

פון דעם, וואָס אַ מצרי האָט געקענט גערופן ווערן ״רעהו״, ווייזן אַן מפרשים, קען מען דרינגען, אַז אפילו נישט־ייִדן, ווען זיי זענען גוטע שכנים, ווערן זיי יאָ גערופן רעים. דאַרף מען זיי רעספּעקטירן, מ'דאַרף זיי זען גערן און האָבן מיט זיי גוטע באַציונגען [66].

**ב. שנאה צו יידן אין אַלטערטום. — פאַלשע באַהויפּטונגען. — מקור פון שנאה. — יידישער ליבעראַליזם.**

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן [1], אַז די ברכה וואָס דער ייִד מאַכט יעדן פרימאָרגן "שלא עשני גוי" איז, אָן ספק, נישט געמיינט געוואָרן צו דעגראַדירן דעם נישט־ייִד. מ'האָט געוואָלט געבן שבח צו הקדוש ברוך הוא, וואָס מיר זענען ייִדן און האָבן ספּעציעלע פליכטן, מצוות.

דאָס וואָרט "גוי" אין תּלמוד און מדרשים מיינט דעם היידנישן גוי. אין תּנ"ך ווערן אויך בני ישראל גערופן גוי, וואָס מיינט פּשוט — פאָלק. אין אַ צאָל נוסחאות, איז דאָ: "שלא עשני נכרי", "שעשני ישראל" און דאָס מיינט געוויס — די דערהויבנקייט פונעם ייִד, וואָס איז מקיים מצוות [2].

עס דערמאָנט זיך מיר אין שייכות מיטן וואָרט "גוי", אַ פאָלקסלידל, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געזונגען געוואָרן און יידן, סענסיטיוו צום שאָוויניזם, האָבן נישט גורס געווען אַזאַ מין סאָרט ליד.

אינעם דאָזיקן ליד ווערט געשילדערט דער ייִד: "הייליק איז אַ ייִד, דאַווענען מוז ער... גייט אַ ייִד אין בית־מדרש אַריין... שיכּור איז אַ גוי, שיכּור איז ער, טרינקען מוז ער..." עס איז אַ הומאָריסטיש לידל צו באַווייזן דעם חילוק צווישן ייִד און נישט־ייִד, וואָס איז אָבער זיכער נישט געמיינט געוואָרן צו פאַרשפּרייטן שׂנאה צום גוי, נאָר גיכער צו וועקן דעם ייִד, ער זאָל זיך נישט אַריינלאָזן אין שיכּרות.

דאָס ליד האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן ביי ייִדן, און מ'האָט עס אויפגעהערט צו זינגען. יעקב גלאַטשטיין האָט דעם ענין געווידמעט עטלעכע פעליעטאָנען, ווייזנדיק די נישט־אויסגעהאַלטנקייט פונעם לידל, און זיך אַרויסגעזאָגט אַז מ'זאָל עס אַראָפּנעמען פונעם רעפּערטואַר [3].

ייִדן זענען סענסיטיוו צו שאָוויניזם פון יעדן סאָרט. די גייסטיקע מנהיגים ביי ייִדן האָבן געזוכט צו דערהויבן זייער פאָלק, עס זאָל ווערט זיין דעם טיטל אדם־מענטש, אַזוי אין אַלטערטום, אַזוי אין מיטל־עלטער און אַזוי אין דער נייער צייט. אַלע, צי ראַציאָנאַליסטן, צי קבליסטן־מיסטיקערס, האָבן געהאַט פאַר זיך דעם איינציקן ציל: צו זיכערן די אמונה אין אחדות־האלקים און אין צלם־האלקים. דאָס האָבן די דאָזיקע מנהיגים באַוויזן נישט בלויז אין די אייגענע רייען, נאָר אויך פאַר דער וועלט.

רבנו משה בן נחמן (רמב"ן, 1194—1270), דער מוטיקער קעמפער פאַרן אמת פון דער ייִדישער אמונה, האָט אין זיינע וויכּוחים מיט קריסטלעכע מאָנאַכן, טעאָלאָגן, משומדים, מיט אַלע כּוחות זיך אָנגעשטרענגט צו באַווייזן די דער־הויבנקייט פון דער ייִדישער אמונה און ייִדישער מאָראַל.

ס׳זענען דאָ אין דער תורה און אין תּלמוד שטרענגע דינים אין באַצוג צו געמישעשטקייט מיט נכרים צו דינען עבודה־זרה און ענלעכע שווערע פאַרברעכנס. דער דין איז, אַז דער וואָס קומט אויף א נכרית איז זיין און אויך איר שטראָף: ״קנאין פוגעין בו״ [4], ווי ס׳האָט פּאַסירט ביי זמרי בן סלוא און דער מדינית כזבי בת צור [5], וואָס פּינחס האָט גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און גאָט האָט אים ״באַשאַנקען״ מיט ״ברית־שלום״ און ״כהונת עולם״. מפרשים פאַרנעמען זיך מיטן דאָזיקן ענין קנאת־פּינחס [6]. דעם מאָטיוו פאַר וואָס פּינחס האָט געהאָט רעכט אויך זי צו אורטיילן מיט קאַפּיטאַלער שטראָף, האָבן מיר קלאָר אין במדבר: ווייל זי האָט זיך מפקיר געווען אויף זנות־אויסגעלאַסנקייט, כּדי צו ברענגען אומגליק אויף ייִדן [7] און ווי דאָס ווערט צוגעגעבן: ״מפני שבאה תקלה על ידה כבהמה״ [8].

דאָס איז געווען אַ שווערער משפּט און די מפרשים פאַרנעמען זיך צו פאַר־ענטפערן, פאַר וואָס אַזאַ שטרענגקייט. ייִדן־שׂונאים האָבן אַנשטאָט ״נכרית״ געשריבן ״נוצרית״, צו ווייזן, אַז דער פּסק איז חל אויף אַ קריסטלעכער פרוי. ס׳איז אָבער נישט קיין ספק, אַז דאָס איז אַן אויסגעטראַכטער בלבול. די ייִדישע הלכה רעספּעקטירט אַלע פעלקער וועלכע פּראַקטיצירן די שבע מצוות. דער שטרענ־גער ״ווערדיקט״ (אורטייל) איז געמיינט געוואָרן קעגן די מדינים און זייערס גלייכן, וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט הפקרדיק. די מדין־און־מואב־טעכטער האָבן, דורך תאווה, אַריינגענאַרט ייִדן צו דינען דעם בעל פּעור.

אין דער פּרשה פון עריות [9], וועגן פאַרווערטן געשלעכטלעכן פאַרקער, האָבן מיר אַ פּסוק: ״ומזרעך לא תתן להעביר למולך״ — און פון דיינע זאָמען זאָלסטו נישט געבן צום מולך, פאַרברענט צו ווערן אויפן שייטער, ווי עס האָבן געטאָן די געצנדינערס [10]. אויב איינעם וועט איינפאַלן צו טייטשן אַנדערש, ער וועט טייטשן: ״לא תתן בארמיותא — משתקין אותו בנזיפה״ — זאָלסטו נישט געבן דיין זאָמען צו אַ נישט־ייִדישער, מאַכט מען אים שטיל מיט אָנשרייען אויף אים. אין לשון פון רש״י: ״לא תבוא על הכותית ותוליד בן לע״א״ — אַזאַ טייטש איז פאַרבאָטן, ווייל ער איז עוקר דעם פּסוק פון זיין פּשוטן טייטש, ער פאַרענדערט דעם פּסוק ״ממשמעו, שהוא עבודת חוק לאמוריים להעביר בניהן לאש ונותן כרת לבא על הכותית, ומחייב חטאת על השוגג ומיתת בית דין על המזיד בהתראה״ [11]. די תּורה — האַלטן חז״ל — האָט דאָס נישט געמיינט. ווי רש״י לערנט תּמיד, האָט קיינער נישט קיין רעכט אָוועקצונעמען דעם פּשט, דעם איינפאַכן טייטש.

ווי מיר זעען, רעדט זיך דאָ נישט וועגן אַ פאַרברעך, וואָס אַ ייִד לעבט מיט אַ גויה — ווי גרויס און ווי האַרב דאָס זאָל נישט זיין. דאָרט — אין אַזאַ פאַל — פאַרנעמען זיך די פּוסקים, וועגן דער שטראָף און וועגן דער שטרענגקייט, צי ס׳קומט אים מלקות און אַנדערע סאָרטן שטראָף. דעם מענטשנס לעבן איז הייליק:

"שופך דם האדם באדם דמו ישפך" — דער וואָס פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ מענטשן זאָל דורך אַ מענטשן זיין בלוט פאַרגאָסן ווערן, — "כי בצלם אלקים עשה את האדם" — וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטשן [12]. רש"י און די מפרשים גיבן צו: אויב ס'זענען דאָ עדות, זאָל דער רוצח געמשפט און געאורטיילט ווערן מיט טויטשטראָף; אויב ס'איז ניטאָ קיין עדות, קומט אים מיתה בידי שמים, כרת, אָבער נישט קיין טויטשטראָף דורך דעם בית־דין.

מיר האָבן אַ פסוק — שוין רעדנדיק צו די וועלכע האָבן מקבל געווען די תורה — "מכה איש ומת, מות יומת" — דער וואָס שלאָגט אַ מענטשן און ער שטאַרבט, זאָל ער געטויט ווערן [13] און ווייטער: "וכי יזיד איש אל רעהו להרגו בערמה, מעם מזבחי תקחנו למות" — און אַז אַ מאַן וועט מוטוויליק קומען אויף זיין חבר, אים צו הרגנען מיט כיטרעקייט, זאָלסטו אים פון מזבח אַראָפּנעמען צו ווערן געטויט [14] און אַז מענער וועלן זיך ראַנגלען און וועלן אָנשטויסן אַ טראָגעדיקע פרוי און אירע קינדער וועלן אַרויסגיין, אָבער קיין אומגליק צו איר איז נישט געשען... זאָל ער באַצאָלן שטראָף... אויב אָבער אַן אומגליק וועט געשען, זאָלסטו געבן אַ נפש פאַר אַ נפש. ס'זענען דאָ חילוקי־דעות [15], צי אין דעם פאַל, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוונה צו הרגנען די פרוי, ס'איז געווען אַ רציחה בשוגג, צי איז דער זאָג "נפש תחת נפש" אין יעדן פאַל געמיינט טויטשטראָף, אָדער צי אין אַזאַ פאַל, זאָל זיין אַ געלטשטראָף צו די יורשים, צוליב די ליידן וואָס זיי מאַכן דורך און צוליב דעם פאַרלוסט וואָס זיי האָבן דערליטן צוליב אָט דער ראַנגלעניש און שטויסעריי. דאָס אַלץ כדי צו פאַרהיטן און איינהאַלטן רציחה ביי ייִדן, כדי צוריקהאַלטן עמאָציעס און צעלאָזנעם כעס.

מיר האָבן נאָך אַ פסוק וועגן רציחה־פאַרבאָט: "ואיש כי יכה כל נפש אדם מות יומת" — און אַז אַ מאַן וועט דערשלאָגן עמעצן צום טויט, זאָל ער געטויט ווערן [16]. ס'זאָגט זיך, י ע ד ע ר מענטש. וואָרענונג און שטראָף אויף רציחה, איז פון אדם הראשון אָן, איז דאָך אָן ספק געמיינט י ע ד ן מענטשן.

ס'איז אויפן אָרט, אין שייכות מיט די מצריים און אין שייכות מיט האָבן געשלעכטלעכע באַציונגען מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי, צו רעדן וועגן אַן ענין וואָס האָט געטראָפן בזמן התלמוד:

רבי שילה — ווערט דערציילט — איז געווען זייער שטרענג צו אַ ייִדן, וואָס האָט געהאַט געשלעכטלעכע באַציונגען מיט אַ מצרישער פרוי. דער ייִד איז געווען חוצפּהדיק און זיך אויסגעדריקט: "עביד רחמנא ניסא לשקרי" — וועט דער רבונו של עולם באַווייזן נסים, צו די וועלכע זענען פאַלש... איך האָב געלעבט מיט אַן אייזל ?...

האָט ר' שילה אים געענטפערט: יאָ, די מצריים, די געצנדינערס, ווערן אָנגערופן ביים נביא יחזקאל — "בשר חמורים" — אייזלפלייש [17].

ר׳ שילה האָט געזען, אַז דער ייִד גייט אים מסרן — וואָס דאָס האָט געמיינט אַ זיכערן טויט מצד די רוימער — האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן און אים דער־לאַנגט. דער זינדיקער איז געשטאָרבן און דאָס האָט מסתּמא ווייַ געטאָן ר׳ שילהן. האָט ער דאָס דערקלערט, אַז ער האָט געהאַט רעכט, זיך האַלטנדיק ביים כּלל: ״הבא להורגך — השכם להורגו״ — אויב דו זעסט און ביסט זיכער, אַז יענער איז געקומען אויף דייַן לעבן, מעגסטו זיך פאַרטיידיקן אפילו אַזוי ווייט, יענעם צו הרגענען.

די פראַגע איז: פאַר וואָס האָט ער געהאַט רעכט אָנצורופן די געצנדינערישע פרוי אייזל? — ווייל, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, דער וואָס לעבט הפקר, האַלט זיך נישט ביי פאַמיליע־לעבן און דאָס ברענגט דאָך אָן ספק צו ווענערישע קראַנקייטן, צו פאַרדאָרבנקייט און רציחה — איז זיין לעבן, ווי אַ בהמה. דעריבער: ״הבועל ארמית קנאין פוגעין בו״... און אין יעדן פאַל, קומט אים מכּת מרדות [18].

די וועלכע זעען אין יהדות, אין תּורת משה והנביאים, אכזריות, מענטשן־פאַביע, זענען אָן ספק באַאיינפלוסט פון די אַמאַליקע אַנטיסעמיטישע יעזויִטן, רעאַקציאָנערע קאַרדינאַלן, ווי מיר האָבן דאָס לעצטנס געזען, ווי די אָנפירערס פון דעם אַנטי־ישראל־לאָבי ביים וואַטיקאַן האָבן געקענט משפּיע זיין אויפן שמייכלדיקן ליבעראַלן אַרציבישאָף אַנדזשעי וואָיטילאַ פון קראָקע, דעם היינטיקן פּויפּסט דזשאָן פּאָול דעם צווייטן, צו באַהויפּטן, אַז ייִדן האַלטן זיך ביים פּרינציפּ פון ״אויג פאַר אויג, צאָן פאַר צאָן״, נישט זוכנדיק דעם תּלמודישן אויסטייטש — אָדער מיט כּוונה איגנאָרירנדיק דעם אויסטייטש — אַז דאָס איז נישט געמיינט געוואָרן פיזישע שטראָף: אויסהאַקן אַן אויג. ס׳איז נישט מעגלעך קיין עקזאַקטער עקוויוואַלענט פאַר אַרויסהאַקן יענעמס אויג. דער איינציקער מעגלעכער עונש איז געלט.

די שׂנאה וואָס געוויסע גייסטלעכע אין דער קריסטלעכער היעראַרכיע ווייזן אַרויס האָט איר מקור אין טייל שריפטן פון דער ״נייעם טעסטאַמענט״, פון די פאַטערס פון דער קריסטלעכער רעליגיע, וואָס וועגן דעם וועלן מיר רעדן אין די ווייטערדיקע פּרקים.

מיט דעם וואָרט ״גוי״, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, און ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז בשום אופן נישט געמיינט געוואָרן, צו דעגראַדירן דעם ניט־ייִד.

דער מלבי״ם (תקס״ט—1809; תר״מ—1879 — ר״ת ליב בן יחיאל מיכל) שרייבט [19] וועגן די דריי ווערטער: גוי, עם, לאום דעם אונטערשייד צווישן ״גוי״ וואָס מיינט באמת פאָלק און ״לאום״ וואָס מיינט נאַציע (פאָלק). מיר ציטירן: ״יש הבדל בין גוי ובין לאום, שהלאום היא האומה שיש לה דת מיוחד והעם יש לה מלך והגוי הוא הקיבוץ לבד, שאין להם לא מלך ולא דת מיוחד — ובכל זה הצדקה תרומם אותו. כשהולכים בדרך הצדקה יתרוממו משפלותם וינחלו כבוד,

וגם דת. וגם הלאומים, הגם שיש להם דת, החטאת שהוא הנטיה מדרך החכמה והצדקה הוא להם חסד שהיא החרפה היותר גדולה..." נישט דאָס וואָרט, נישט דער טיטל דערהויבט דעם מענטש. די דערהויבונג קומט פון מעשים, פון העלפן דעם מיטמענטש.

אַלע פאָרשערס זענען מודה, אַז יודאַיזם, ווי זיי רופן יהדות, יידישקייט, די אוראַלטע מאָנאָטעיסטישע רעליגיע פון יידן, האָט געהאַט די גרעסטע השפעה אין דער ציוויליזירטער וועלט און האָט זיך אויסגעברייטערט אויף אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער מחשבה. דאָס קריסטנטום, ווי אויך דער איסלאַם זענען געבוירן געוואָרן אויף דער באַזע פון תורת היהדות, נאָר האָבן געמאַכט אַזעלכע ענדע־רונגען, אַז זיי האָבן זיך אויסגעשלאָסן פון דער ביבלישער אמונה, מבטל געווען מצוות און זיך געבויגן פאַר דער היידנישער השפעה, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין זייער טראַדיציע און דאָגמאַטישקייט.

וואָס שייך דער עטיק אין יהדות, האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף אַזאַ עטישן געבאָט: "איר זאָלט נישט אָפּנאַרן איינער דעם אַנדערן", וואָס אין ברייטערן פאַרנעם נעמט עס אַריין נישט בלויז אָפּנאַרעריי אין געלט־עסקים, נאָר אפילו אָפּנאַרעריי מיט ווערטער, באַנוץ פון באַליידיקנדיקע ווערטער [20].

ביי יידן הערשט דער פּרינציפּ: "כל המאבד נפש אחת (אין טייל גירסאות — מישראל) — כאילו איבד עולם מלא; כל המקיים נפש אחת כאילו קיים עולם מלא" — ווער עס לאָזט אומקומען איין נפש, איז גלייך, ווי ער וואָלט אומגעבראַכט אַ גאַנצע וועלט און ווער עס האַלט אויף איין מענטש, איז גלייך ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע וועלט [21].

דער יחיד — דריקט זיך אויס חיים גרינבערג — איז נישט בלויז אַ טייל פון דער געזעלשאַפט און נישט בלויז אַ פראַגמענט פונעם אוניווערס, נאָר אין זיין העכערער בחינה איז ער אַליין אַן אוניווערסום.

די חשיבות פונעם יחיד ווערט אומצייליקע מאָל באַטאָנט ווי אַ פּרינציפּ אין יהדות, דער יחיד איז נישט אַ טייל פון אַ מאַשין; ער איז נישט בלויז אַ קעמערל אין דעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, דעריבער "ואהבת לרעך כמוך", דעריבער דאַרף געשיצט ווערן זיין פרייהייט, זיין ווערטיקייט [22].

מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן אויף דעם שׂכר פאַר גומלי־חסדים, ווי מיר זעען דאָס אין מגילת־רות און ווי חז"ל ברייטערן אויס דעם דאָזיקן שׂכר, אַז דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן דווקא וועגן יידן. אפילו נישט־יידן קריגן זייער לוין פאַר חסד און נישט בלויז ביי פעלקער וועלכע האָבן אַ טראַדיציע פון גוטס טאָן, נאָר אפילו ביי רשעותדיקע פעלקער. אויב ס'כאַפּט זיך ביי זיי אַרויס אַ יחיד און פירט זיך אויף מיט חסד, אָנערקענט מען דאָס און מען שאַצט עס אָפּ זייער הויך, ווי מיר

האָבן פריער אָנגעוויזן וועגן פרעהס טאַכטער, וועלכע ווערט אין דער אגדה באַזונגען מיט די העכסטע לויבגעזאַנגען.

אין כאַראַקטעריזירן דאָס ייִדישע פאָלק גיבן חז״ל דריי סימנים: ״ביישנים, רחמנים, ג ו מ ל י ח ס ד י ם״ [23].

די דאָזיקע מידות, די דאָזיקע אייגנשאַפטן, ווייזט אָן דער סאַכאַטשעווער רב און רבי, אדמו״ר הגאון ר׳ אברהם באָרענשטיין זצ״ל [24] האָבן ייִדן געקראָגן פון די אבות: פון אברהם אבינו — די מידה פון חסד; פון יצחק אבינו — די מידה פון ביישנים; פון יעקב אבינו — רחמנים.

דער נביא גיט די מידה פון אמת צו יעקב אבינו [25] און די מידה פון חסד — צו אברהם אבינו — ביידע מידות שטעלן מיט זיך פאָר דעם ״תפארת״ — די עטיש־מאָראַלישע דערהויבונג און נישט בלויז צו ייִדן, נאָר צו יעדן וואָס וויל נעמען אויף זיך די תורה־פּרינציפּן: ״עכו״ם שבא להתגייר, פושטין לו יד להכניסו תחת כנפי השכינה״ [26].

די חכמי־התלמוד האָבן געזוכט אַ פּאַראַלעל צווישן אברהם אבינו און איובן — ביידע האָבן דורכגעמאַכט נסיונות, ביידע האָבן זיך אָנגעליטן אין זייער לעבן. ס׳איז אָבער אַ גרויסער חילוק צווישן זייער אויפנעמען זייערע ליידן.

אברהם אבינו איז געפּרוווט געוואָרן מיט צען נסיונות, ביזן לעצטן אַקט, צו ברענגען זיין איינציקן זון אויף דער עקדה. ער האָט אָבער גענומען אויף זיך דעם גורל און זיך באַצויגן מיט חסד צו אַלעמען.

איוב — ווערט געזאָגט — האָט זיך, ווי אברהם אבינו, פאַרנומען מיט הכנסת־אורחים. ער האָט געהאַט פיר טירן אַריינצוקומען אין זיין הויז כדי אורחים זאָלן זיך נישט דאַרפן מאַטערן, ווי אַזוי, דורך וועלכער טיר אַריינצוקומען:

״איוב עשה ארבעה פתחים לביתו כדי שלא יהיו עניים מצטערים להקיף את כל הבית... וכשבאו עליו היסורים, טען לפני הקב״ה, רבש״ע לא הייתי מאכיל רעבים, משקה צמאים ומלביש ערומים?... והשיב לו הקב״ה: איוב עדיין לא הגעת לחצי שיעור של אברהם... אתה שוהה בביתך ואורחים נכנסים אצלך... אבל אברהם מהדר בעולם אחרי אורחים, להכניסם לביתו ומאכילם יותר מדרכם״ [27].

אברהם אבינו האָט פאַרוואַנדלט זיין הויז אין אַ ״פונדק״. זיין הויז איז געוואָרן אַ גאַסטהויז. ער האָט אָבער נישט געוואַרט די געסט זאָלן קומען. ער האָט געזוכט ליידנדיקע און הונגעריקע און זיי געבראַכט צו זיך. ער האָט דערביי פאַרשפּרייט די ריכטיקע אמונה און זיי אָוועקגענומען פון די היידנישע קולטן.

איוב האָט אַריינגענומען אורחים. ער האָט פּראָקלאַמירט: ״בחוץ לא ילין גר״ — אויף דער גאַס וועט נישט נעכטיקן אַ פרעמדער, מיינע טירן צום וועג פלעג איך עפענען [28] אָבער נישט נאָכגעלאָפן נאָך געסט, נישט געווען אַקטיוו אין העלפן

ליידנדיקע, נישט געהאַט אין זיך די דינאַמישקייט, די קעמפערישקייט, דעם רצון צו העלפן, אַז די וועלט זאָל געפירט ווערן מיט דער מידה פון חסד און רחמים.

אברהם שטעלט זיך איין אפילו פאַר די סדום־מענטשן; ער זוכט צו ראַטעווען דאָס זינדיקע סדום. איוב רעדט בלויז פון זיך, וועגן זיך און באַקלאָגט זיך אויף זיינע ליידן. ער איז אָבער דאָך געהאָלפן געוואָרן, געבענטשט געוואָרן, געקראָגן שׂכר פאַר זיין גוטסקייט און פאַר זיינע ליידן: "מלמד שהטעימו הקב"ה לאיוב מעין עולם הבא" [29].

צו זען ווי גרויס און וויכטיק הכנסת־אורחים איז ביי ייִדן, איז גענוג דער מאמר: "גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה" — אַריינגעמען אורחים, באַזאָרגן מענטשן זיי זאָלן נישט הונגערן איז גרעסער פון אויפנעמען די שכינה [30] און דאָס לערנט מען אַרויס פון אברהם אבינוס התנהגות [31]. ער האָט געהייסן וואַרטן די שכינה, ביז ער וועט האָבן אויפגענומען די אורחים־מלאכים.

נח און יוסף ווערן גערופן צדיקים. פאַר וואָס ווערן פּונקט זיי טיטולירט אין תּנ"ך און אין תּלמוד מיטן דאָזיקן הויכן טיטל? ווערט געזאָגט, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געשפּייזט מענטשן און באַשעפענישן: נח אין דער תּיבה; יוסף אין מצרים — "למה נקרא שמו צדיק, הואיל וזן את בריותיו של הקב"ה... מי שהוא מכלכל רבים נקרא צדיק [32].

חז"ל האָבן שטאַרק געליבט דעם מענטשן וואָס פאַרנעמט זיך געזעלשאַפטלעך, העלפט מענטשן "העוסק בצרכי צבור — כעוסק בתורה" [33] — און דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אַלע מענטשן. דער ווונטש פונעם נביא איז געווען: "כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ד' לעבדו שכם אחד" — וואָרום דענסטמאָל, וועל איך איבערמאַכן די פעלקער, אַ ליפּ אַ ריינע, אַ קלאָרע, זיי זאָלן אַלע רופן צום נאָמען פון גאָט [34]. דאָס קאָן מען נאָר דערגרייכן דורך התקרבות, דורך העלפן מענטשן, דורך אַרויסווייזן סימפּאַטיע צום ליידנדיקן מענטשן. דער אידעאַל פון "אחרית הימים" איז דאָך געווען, ס'זאָל הערשן שלום צווישן אַלע פעלקער, אַלע זאָלן אָנערקענען די געטלעכע תּורה: "והיה ד' למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה ד' אחד ושמו אחד" [35].

מיט אָט דעם בטחון אין אַ ליכטיקער צוקונפט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט האָבן ייִדן געהאַט דעם כּוח אויסצוהאַלטן אַלע נסיונות און אין די פינצטערסטע צייטן געזען דאָס ליכט וואָס וועט לייכטן פאַר אַלעמען, דאָס ליכט פון גאולה, ווען מענטשלעך לעבן וועט זיך אַנטוויקלען לויט די געהעריקע וואַלאָרן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, געבויט אויף יושר און צדק.

**ג. אהבה כּנגד שׂנאה. — אוניווערסאַליזם כּנגד איזאָלאַציע. — נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אידענטיפיקאַציע.**

ייִדן האָבן אין אַלע צייטן געטאָן מעשׂים, צו פאַרהיטן ייִדן — און נישט־ייִדן — פון ווערן באַעוולט, אָפּגענאַרט און נישט בלויז יחיד צו יחיד, נאָר נאָך מער און שטרענגער, צו פאַרהיטן דעם ציבור צו באַגיין מעשׂים, וועלכע קענען גורם זיין חילול־השם, אַ פאַרשוועכונג פון דער ייִדישער אמונה.

די הלכה — די שאַפונג פון דורות געזעצגעבונג — לויט תּורה, נביאים און מסורה — האָט פאַרמירט אַ רעליגיעז־זיטלעכע איינשטעלונג און פאַרוואָרצלט אין ייִדנטום אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַל געפיל פון דער בעסטער באַציונג צווישן מענטש און מענטש.

דער ייִדישער קאָדעקס האָט פאָרמולירט קאָנקרעטע רעגולאַציעס אויף צו פאַרזיכערן די אויפהיטונג פון די דאָזיקע פרינציפּן, נישט בלויז לגבי ייִדן, נאָר לגבי יעדן מענטש. דאָס הייליקע געזעץ שליסט איין דאָס פריוואַטע און געזעל־שאַפטלעכע לעבן פון ייִדן, נישט אָפּווייכנדיק פון דער פאַרפליכטנדיקער אויפ־פירונג וואָס שייך אמונה, ריטואַל און טראַדיציע — כּדי צו פאַרהיטן פון פרעמדע, שעדלעכע איינפלוסן.

אין די הימלישע הויכן פאַרנעמט מען זיך נישט בלויז מיט ייִדישע ליידן, נאָר מיט אַ ל ע מענטשלעכע ליידן.

איוב, וואָס ברענגט אַרויס אויפן שאַרפסטן אופן דעם פּראָטעסט — און מ'קען זאָגן — דעם רעוואָלט פונעם בן־אדם פאַר זיינע ליידן און פּיינען, איז אַריינ־גענומען געוואָרן אין די הייליקע שריפטן. איוב שרייט אויס אין אַנגסט און צער, פאַר וואָס אים איז באַשערט אַזאַ גורל. עס איז אַ ווייגעשריי צום בית־דין של מעלה, אַ ווייגעשריי צום רבונו של עולם, אַ סאָרט קאָנפראָנטאַציע צווישן מענטש און גאָט און דער סוף־דבר: ער איז פאַרגיטיקט געוואָרן פאַר זיינע ליידן און מ'האָט אים מוחל געווען די שאַרפע אויסדרוקן [1].

אויסדרוקן פון פּראָטעסט קעגן עוולות געפינט מען אויך אין תּהלים און נאָך מער, אין קהלת. איז עס נישט קיין שטאַרקער אויסדרוק: "פאַר וואָס, גאָט, שטייסטו פון דער וויטנס, פאַרהוילסט אין צייטן פון צרה ? . . ." [2], אָדער די פראַגע, אויף וועלכער קיין ענטפער איז נישט געקומען: "מדוע דרך רשעים צלחה" — פאַר וואָס איז דער וועג פון די רשעים מצליח, פאַר וואָס לעבן רויִק אַלע פעלשערס ? . . . [3]. אָדער די פראַגע, ביים פאַרזיכערן אויף אַ צאָל מצוות, ווי כיבוד־אב־ואם, שילוח־הקן, אריכת־ימים [4]: "הרי שאמר לו אביו, עלה לבירה והבא לי גוזלות, ועלה לבירה ושלח האם ונטל את הבנים ובחזירתו נפל ומת, היכן טובת ימיו ואריכות ימיו של

זה, אלא למען ייטב לך — לעולם שכולו טוב, ולמען יאריכון ימיך — לעולם שכולו ארוך" [5].

אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין דעם הומאַניטאַרישן וועלטבאַנעם ביים יידנטום, דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם, אין וועלכן מיר האָבן אַ קאָנ־צעפּציע פון יושר פאַר אַלעמען, אַ יושר וואָס מען פאַרלאַנגט כּביכול, ביים בורא־עולם.

אין דעם קאָנטעקסט איז כּדאי צו ברענגען די באַהויפּטונג פון חז"ל, אַז מיכה וואָס האָט געמאַכט דעם "פּסל" — אַן עבודה־זרה — איז נישט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון עולם־הבא, ווייל סאָציאַל איז ער געווען אַ גוטער מענטש, געהאָלפן מענטשן: "מפני שפּתו מצויה לעוברי דרכים" [6].

אין אַ ווייטערן פּרק וועלן מיר באַהאַנדלען דעם ענין גרים — אַ טעמע וואָס מיר האָבן שוין נישט איין מאָל באַהאַנדלט און ס'איז אַלץ דאָ וואָס צוצוגעבן. דאָ ווילן מיר בלויז באַהאַנדלען די סאָציאַלע ענינים; די, צווישן־מענטשלעכע באַ־ציונגען.

די תּורה איז געגעבן געוואָרן בפרהסיא, נישט בלויז צו ייִדן, נאָר צו אַלע פעלקער [7], כּדי זיי זאָלן נישט קענען זאָגן, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט פון תּורה־פּרינציפּן. די פעלקער האָבן זיך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן צוריקגעוויזן, ווייל ס'איז זיי לייכטער געווען זיך צו האַלטן ביי זייער היידנישקייט.

צי האָט מען צוליב דעם געדאַרפט מרחק זיין געצנדינערס וועלכע וועלן יאָ וועלן לערנען תּורה? מיר האָבן צוויי מאמרים, וואָס ווייזן, ווי ווייט מיר דאַרפן מקרב זיין די רחוקים:

רבי יוחנן זאָגט "עכו"ם שעוסק בתורה חייב מיתה" [8], וואָס דאָס וואָלט געמיינט, מ'זאָל דעם געצנדינער נישט צולאָזן צו תּורה־לערנען. דער זעלביקער ר' יוחנן זאָגט אָבער אויך: "נכרים שבחוצה לארץ לאו עובדי עבודת כוכבים הן, אלא מנהג אבותיהן בידיהן" [9] און אויך ווערט געזאָגט: "אפילו עכו"ם ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול" [10] — אַ מאמר פון ר' מאיר!

די סתּירה ווערט פון מפרשים און פּוסקים אויפגעקלערט און פאַרענטפערט.

לויטן רמב"ם [11], איז עס געמיינט געוואָרן, אַז דער עכו"ם לערנט די דינים פון "שבע מצוות" — די זיבן מצוות, וואָס ער דאַרף לערנען און וויסן פאַר דעם קיום פון אַ ציוויליזירט לעבן.

הרב אברהם אהרן פּרייס שליט"א ברענגט אַ נייע ווערסיע, מיטן צוגאָב "לאחר שנתגייר", אַז דער געוועזענער עכו"ם לערנט תּורה, דערמאָנט מען אים נישט זיין פאַרגאַנגנהייט, נאָר מ'האַלט אים מיט חשיבות, ווי ער וואָלט געווען אַ כּהן־גדול און במילא ווערן אויסגעמיטן חילוקי־דעות צווישן ר' שמעון בן יוחאי און ר' מאיר: צווישן ר' יוחנן און ר' ירמיה [12].

דער כּלל איז דאָך: "יש חכמה בגויים" [13] און מ׳קען און מען מעג פון זיי לערנען חכמה. צווישן נישט־ייִדן זענען דאָ חסידי אומות העולם, וואָס האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום פּראָגרעס און צו דער ציוויליזאַציע; זיי האָבן אַריינגעבראַכט הומאַניסטישע אידעאַלן און פּראַקטיק צווישן פעלקער.

וואָס שייך היידנישקייט, שוינט מען נישט, צי דער עובד עבודה זרה איז אַ נישט־ייִדישער, צי אַ ייִדישער. אַ "מין ישראל" איז נאָך ערגער, לויט דער הלכה, פון דער נישט־ייִדישן. דער מומר לעבודת כוכבים פאַרלירט דעם צוטרוי און מ׳האָט אַ רעכט אים צו באַהאַנדלען, לויטן פּסק פון "מורידין ולא מעלין" — ער גייט אין גיהנום און ווערט דאָרט געאורטיילט אויף אייביק.

די ייִדישע מאָראַל באַטאָנט זייער שטאַרק די בייטיקייט זיך אָפּצוהיטן און אויס־צוהיטן פון רמאות, אי מיט ייִדן און אי מיט נישט־ייִדן. דער מאָטיוו איז נישט בלויז "משום דרכי שלום". עס איז דאָ דערביי דער פּרינציפּ פון הומאַניזם.

דער רמב"ם [14], נאָכגעפאָלגט פון שולחן ערוך [15], פּסקנט: "אבדת עובד כוכבים — מותרת, שנאמר: "אבדת אחיך" [16] — די אבדה פון דיין ברודער, און ווייטער: "ואם החזירה לקדש את השם, כדי שיפארו את ישראל וידעו שהם בעלי אמונה, הרי זה משובח. ובמקום שיש חילול השם, אבדתו אסורה וחייב להחזירה". די אבדה פון אַ געצנדינער איז מען נישט מחוייב אומצוקערן, ווייל עס שטייט געשריבן אין דער תּורה: דו מוזסט אָפּגעבן צוריק די אבדה פון דיין ברודער... אויב אַ ייִד קערט אום די אבדה פון אַ געצנדינער צוליב קידוש השם, איז ער געלויבט. ווו עס קאָן זיין אַ חילול השם... איז דעם נישט־ייִדנס אבדה פאַרבאָטן, און מען איז מחוייב אים אָפּצוגעבן.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער מי פון אויפזוכן און צוריקגעבן די פאַרלוירענע זאַך און ס׳רעדט זיך וועגן געצנדינערס.

ס׳ווערט ווייטער געזאָגט: אומעטום נעמט מען אַריין זייערע כּלים, ווי די כּלים פון אַ ייִד, צו פאַרהיטן פון גנבים — און נישט ווייניקער וויכטיק — כּדי עס זאָל זיין שלום צווישן ייִדן און נישט־ייִדן.

וואָס שייך גנבה, גזלה, אָפּנאַרעריי איז ניטאָ קיין חילוק צווישן ייִד און נישט־ייִד, אַזוי אויך אין פּרט פון הילף פאַר אָרעמע און קראַנקע. ס׳איז די מצווה צו העלפן אַלעמען, אָן אונטערשייד צווישן ייִד און נישט־ייִד. די גייסטיקע פירערס ביי ייִדן האָבן שטאַרק רעאַגירט קעגן די וועלכע מיינען, אַז פון אַ נישט־ייִד מעג מען גנבענען. אַז אַ נישט־ייִד מעג מען אָפּנאַרן.

"איך האָב געזען — שרייבט ר׳ יצחק לאמפּרונטי (תל"ט—1679; תקי"ז—1756) — ייִדן, וועלכע זענען רייך געוואָרן דערפון, וואָס זיי האָבן אָפּגענאַרט גויים. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין הצלחה פון זייער עשירות. ס׳איז גאָרנישט געוואָרן פון זייער רייכטום. די וועלכע האָבן מקדש־השם געווען, צוריקגעגעבן טעותן פון

נישט־ייִדן, די זענען געוואָרן גרויס און רייך, געהאַט הצלחה, איבערגעלאָזן עשירות פאַר זייערע קינדער״ [17].

די בעלי־הלכה, ווי די בעלי־אגדה, האָבן געזאָגט מוסר די יעניקע, וועלכע האָבן זיך נישט אויפגעפירט ווי געהעריק. מיר האָבן שוין דערמאָנט [18] די שאַרפע ווערטער פון מהרש״א. ער באַקלאָגט זיך וועגן די גבירים פון זיין דור:

״...ורבים בדור הזה שמקבצין עושר שלהם שלא באמונה ובחילול השם, כגזלת עכו״ם ואח״כ מתנדבים מאותו ממון להיות להם כבוד בכל שנה ולתת להם ברכת מי שברך, להיות להם שם ותפארת ואין זה אלא מצוה הבאה בעבירה ואין לעושר הזה מלח וקיום״ — עס זענען פאַראַן אַ סך אין אונדזער דור, וואָס קלייבן אויף זייער עשירות נישט אויף קיין אָרנטלעכן וועג און דורך חילול־השם, דורך באַגזלען נישט־ייִדן, און שפּעטער, גיבן זיי נדבות, זיי זאָלן האָבן כּבוד אַ גאַנץ יאָר און מען זאָל זיי בענטשן מיט אַ ״מי שברך״, זיי זאָלן האָבן אַ נאָמען און כּבוד. דאָס איז אָבער נישט מער, ווי אַ מצווה וואָס קומט דורך אַן עבירה, אַזאַ עשירות קען נישט האָבן קיין האַפט, קיין קיום [19].

לאָמיר הערן, וואָס אַ פּוסק שרייבט:

דער ״באר הגולה״ — ר׳ משה רבקש (נפטר תל״א אָדער תל״ב) איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן מין עוולה, אַפּנאַרן נישט־ייִדן. אפילו אבדת עכו״ם, וואָס, לויטן קאָנקרעטן דין, איז דאָס דערלויבט, האַלט ער, אַז ״היינטיקע צייטן״ איז דאָס נישט דערלויבט. אין זיין קאָמענטירן דעם פריער דערמאָנטן דין [20], אַז בלויז ווו עס איז דאָ די מורא פאַר חילול־השם, איז די אבדה פון אַ נישט־ייִד פאַרבאָטן, גיט ער צו:

״...ובכל מקום מכניסין כליהם מפני הגנבים ככלי ישראל מפני דרכי שלום״ — און אומעטום, נעמט מען אַריין זייערע כּלים, ווי כּלים פון ייִדן, אָפּצוהיטן פון גנבים, כּדי עס זאָל הערשן שלום צווישן ייִדן און נישט־ייִדן...

אויף אַזעלכע און ענלעכע מצוות ווערט געזאָגט אין תּלמוד, אַז ״מפני דרכי שלום, מפרנסין עניי עכו״ם עם עניי ישראל ומבקרין חוליהן עם חולי ישראל וקוברין מתיהן עם מתי ישראל — לא בקברי ישראל, אלא מתעסקין בהם אם מצאום הרוגים״ — רש״י... ביים העלפן קראַנקע און אָרעמע, מאַכט מען נישט קיין חילוק צווישן ייִדן און נישט־ייִדן [21]. אוודאי איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן ייִד און נישט־ייִד וועגן גנבה און גזלה. דער וואָס גנבעט, אפילו ווען דער ווערט איז נישט מער ווי אַ פּרוטה, איז ער עובר אויף אַ ״לאוו״ (פאַרבאָט פון ״לא תגנוב״), סיי ער גנבעט ביי אַ ייִדן, סיי ביי אַ נישט־ייִדן. און נישט בלויז טאָר מען נישט גנבענען, ס׳איז אויך שטרענג פאַרווערט אָפּצונאַרן אַ נישט־ייִד, אי וואָס שייך פּרייז, קוואַליטעט, אי וואָס שייך מאָס און וואָג [22].

אין ספר־חסידים [23] ווערט געזאָגט, אַז פּונקט ווי מ׳דאַרף זיך אויפפירן אָרנטלעך

און ערלעך מיט ייִדן, אַזוי דאַרף מען זיך אויפפירן מיט נישט־ייִדן: אויב דער נישט־ייִד האָט געמאַכט אַ טעות, זאָל מען אים אויפמערקזאַם מאַכן אויף דעם טעות און אים צוריקגעבן וואָס אים קומט. גאָט נעמט זיך אָן פאַר אַ באַעוולטן, סיי ער איז אַ ייִד און סיי ער איז אַ נישט־ייִד. זאָל קיינער נישט וואָגן גנבענען אַפילו ביי אַ נכרי. כּדי גאָטס נאָמען זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן.

און ווייטער:

„אויב מ׳זעט אַ נישט־ייִד פירט זיך אויף נישט אָרנטלעך און דער ייִד קאָן אים ברענגען צו חרטה און תשובה אויף זיינע זינד, זאָל ער דאָס טאָן; ער איז מחויב מחזיר למוטב זיין אויך דעם נישט־ייִד... גאָט האָט געשיקט דעם נביא יונה קיין נינוה, די זינדיקע נינוה וועגן וועלכער ס׳ווערט געזאָגט: „כּי עלתה רעתם לפני" — וואָרום זייער שלעכטס איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר [24], יונה זאָל זיי רופן צו טאָן תשובה און ווען זיי האָבן זיך צוגעהערט צום נביאס רוף, געטאָן תשובה, זענען זיי געראַטעוועט געוואָרן: „וירא האלקים את מעשיהם כּי שבו מדרכם הרעה וינחם האלקים על הרעה אשר דבר לעשות...".

הרב א. א. פּרייס שליט״א, אין זיין „משנת אברהם", פּירוש אויפן ספר חסידים [25], באַהאַנדלט די דאָזיקע ענינים הלכהדיק און אויך לויט אגדה־מקורים.

דער אויספּיר: מ׳טאָר נישט באַגזלען קיין גוי, מ׳טאָר נישט אָפּנאַרן, אויסנאַרן אַ נישט־ייִד [26]. ער ווייזט אָן אויף דעם מאמר אין מסכת חולין [27], קאָמענטירנדיק דעם פּסוק „אדם כּי יקריב קרבן" — אַז אַ מענטש פון אייך וועט ברענגען אַ קרבן צו גאָט [28]: „אפילו נכרי" און אַז „גוי ששומר שבע מצוות יש לו חלק בגן־עדן" — אַ נישט־ייִד וואָס היט די זיבן מצוות, האָט ער זיך פאַרדינט אַ חלק עולם־הבא [29].

דאָס לשון פון ספר־חסידים:

„...וכשם שצריך אתה להתנהג באמנות עם ישראל, כּך עם הגויים. ואם טעה הגוי את עצמו, תיזהר שמא ידע אחר־כּך ויתחלל שם שמים על ידך" [30].

הרב פּרייס באַפעסטיקט דעם דאָזיקן מאמר און ציטירט פון מדרש: „מאמונתו של בשר ודם אתה יודע אמונתו של הקב״ה... ענינים שהם נוהגים באמונה, עלינו להחזיק באמונה יתירה לגבם כּמו לגבי ישראל" [31].

אין ספר־חסידים ווערט צענדליקער מאָל געוואָרנט קעגן חילול שם שמים און ס׳ווערט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט זיך צו האַלטן ביים פּרינציפּ פון דרכי־שלום און אין דעם גייט אויך אַריין דער ענין פון ריבית [32], מ׳זאָל זיין געהיט און געוואָרנט נישט איבערצוטרייבן מיט פּראָצענטער: „אפילו לגוי אסור להלוות ברבית שלא כּדרך חייו" און הרב פּרייס גיט צו, אַז עס איז נישט בלויז חילול השם, נאָר אַ ריכטיקער איסור־פּאַרבאָט. ווייל ס׳ליגט אויף אונדז דער טיטל פון „עם קדוש", דאַרף יעדער ייִד זיך אויפפירן בקדושה ובטהרה.

דער קאָצקער רבי, ר׳ מנחם מענדל זצ״ל (תקמ״ז—1787; תרי״ט—1859),

ווערט דערציילט, איז אַ מאָל אַרויס פון זיין התבודדות־שטיבל און אַריין אין בית־מדרש, וואָס איז תּמיד געווען געפּאַקט מיט חסידים און ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— וועלכע סדרה גייט היינט?

— היינט — האָבן חסידים געענטפערט — גייט פרשת קדושים.

— אַזוי? — האָט דער קאָצקער געזאָגט — די סדרה הייבט זיך אָן מיט "קדושים תהיו" און ענדיקט זיך מיט "דמיהם בם" — וואָס איז דאָס שייכות?

— יאָ, רופט אויס דער קאָצקער: בלוט זאָל עס קאָסטן און הייליק זאָלט איר זיין!

אַ חסידיש וואָרט פון גרויס באַטייט. די קדושה וואָס אַ ייִד באַווייזט ביים "דמיהם" אין זיין טאָפּלטן באַגריף: בלוט און געלט, איז קידוש־השם. מ'דאַרף אַרבעטן אויף זיך, איינהאַלטן די תּאווה און מקדש השם זיין ביים רייניקן זיך אין די דיני־ממונות. עס איז דאָ דערביי דער דעוויז: "הדבק במדותיו" — באַהעפט זיך אין די געטלעכע אַטריבוטן, מ'דאַרף העלפן דעם "העני עמך", ווייל הקב"ה העלפט דעם אָרעמאַן ו"אל זה אביט אל עני"...[34] — אויף אַזעלכן טו איך קוקן: אויף דעם אָרעמאַן און דערשלאָגענעם אין געמיט, ווי ישעיהו הנביא דריקט זיך אויס און דער בעל התהלים זעט: "כי אתה עם עני תושיע" — וואָרום דאָס אָרעמע פאָלק טוסטו העלפן[35].

יעדער ייִד איז מחוייב צו טאָן מעשׂים, מקדש זיין שם שמים און אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין דעם נביאס אויסדרוק: "אדם אתם"[36], אָבער געוויס נישט אין שייכות מיט אַ מאָטיוו פון ראַסן־ריינקייט.

דער רמב"ם[37] לערנט אונדז, ווי אַזוי מען דערגרייכט קדושה — קאָנטראָלירן דעם יצר "לאהבה וליראה, בשני יצריך..." ווען מען לעבט זיך אויס לויט די דאָזיקע פאַרשריפטן, קען מען פאַרשטיין, פאַר וואָס קדושת־שבת איז בלויז פאַר ייִדן. ווייל עס דאַרף זיין אַ קדושה לויטן פּרינציפּ פון "קדש עצמך במותר לך", וואָס דאָס איז אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו[38]. ס'ווערן פאַרשטענדלעך די פריער דערמאָנטע פּסוקים "ואתן צאני, צאן מרעיתי אדם אתם" און "אדם כי ימות באהל" — די דרשה "ולא עכו"ם" און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט קדושה[39].

וואָס שייך דעם דרש אויף דעם וואָרט "אדם — אתם", איז ר' ישראל ליפשיץ (1782—1860) איבערגעצייגט, אַז דאָ רעדט זיך בלויז וועגן "טומאת אהל"[40] און לגמרי נישט אין שייכות מיט ראַסן־אונטערשיידן.

די בחירה און קדושה פון ייִדן איז באַזירט אויף גייסטיקע יסודות, אויף תּורה־פּרינציפּן. נאָך מער: ווי ש. ז. שרגאי ברענגט אין זיין ווערק "במעייני החסידות", איז נישט מעגלעך צו דערגרייכן קדושה, סיידן דורך נסיונות, אויף אַזוי ווייט צו זיין געהיט אפילו אין די ענינים וועלכע זענען דערלויבט, לויטן רמב"ן, צו זיין געהיט פון אַזעלכעס וואָס קען מאַכן דעם מענטשן אַ "נבל ברשות

התורה״ [41]. דערהויבן זיך צו העכערע מדרגות, קאָן אפילו דער נכרי וואָס איז מקיים די זיבן מצוות און איז עוסק אין תּורה, ווי רבי מאיר זאָגט: ״נכרי ועוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול״ [42]. ער לערנט דאָס אַרויס פונעם פסוק [43] ״אשר יעשה אותם האדם וחי בהם״... וואָס, אַז אַ מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי.

מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן אויף די צוויי דעות וועגן ״עכו״ם העוסק בתורה חיים מיתה״ [44] — און דאָ זאָגט מען, אַז ער איז אין דער מדרגה פון כהן גדול. די מפרשים באַמיען זיך צו פאַרענטפערן דיביידע מאמרים, ס׳זאָל זיין ״אלו ואלו דברי אלקים חיים״. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז לויט דער גירסא וואָס הרב פרייס גיט אָן, איז נישטאָ קיין פלוגתא, קיין חילוקי־דעות, ווייל דאָ רעדט זיך, ״לאחר שנתגייר״. נאָך דעם ווי דער נכרי האָט זיך מגייר געווען און זיצט מיט התמדה ביים לערנען תּורה, קאָן ער דערגרייכן צו דער מדרגה פון העכסטער רעליגיעזער אויטאָריטעט. ער קאָן זיך דערהויבן צו דער סאָרט ידיעה, וואָס דער רמב״ם שטעלט פאַר אונדז דעם דעוויז: ״תכלית הידיעה שלא נדע״. דער נכרי לערנט תּורה שלמה, וויסנדיק אַז ער איז ווייט פון דערגרונטשעווען זיך צו שלימות אין וויסן ״סתרי תורה״, אַז ער דאַרף זיך צופרידנשטעלן מיטן רצון צו דערגרייכן דעם וויסן; דער מענטש דאַרף שטרעבן, האָבן אמונה אין דער השגחה עליונה, אָבער ווי׳סן, אַז עס איז ווייט פון מענטשלעכער השׂגה צו פאַרשטיין די מיסטעריע פון דער השגחה: ״ולא ישיגוהו משיגי הגוף״ [45]. עס איז דער קלאַסישער אויסדרוק פון רמב״ם: ״תכלית הידיעה שלא נדע״... דער נכרי וואָס איז אַריינגעקומען אין יידישן קהל און באַנעמט אָט דעם זאַג, וועט במילא לערנען מיט התמדה און אַרבעטן אויף זיך צו האַלטן זיך ביי מצוות מעשיות, אפילו ווען ס׳זענען פאַר אים נישט קלאָר די מאָטיוון פון די מצוות.

נישט אומזיסט האָט הלל הזקן געשטעלט דעם יסוד פון ייִדישקייט פאַר דעם נכרי, וואָס איז געקומען צו אים, ער זאָל אים מגייר זיין מיטן באַדינג, ער זאָל אים לערנען די גאַנצע תּורה אין ציים ווען ער וועט שטיין ״אויף איין פוס״. הלל האָט אים מקבל געווען און אים געלערנט: ״דעלך סני לחבריך לא תעביד... ואידך פירושה, זיל גמור״ [46].

די ווייסנשאַפט האָט באַוויזן דעם גרעסטן פאַרשריט אין באַנעמען דעם הילוך פון די פּלאַנעטן, די רעלאַטיוויקייט פונעם גאַנג, ווי צו קאָנטראָלירן די ענערגיע אינעם קאָסמאָס, ווי אַזוי צו שאַפן די אַטאָמישע כּוחות, אָבער אפילו דער שעפער פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, אַלבערט איינשטיין (1879—1955), איז געבליבן שטיין פאַר דעם וואונדער־סוד פון דער בריאה און צוגעגעבן, אַז עס איז דאָ אַ העכערע מאַכט, צו וועלכער דער מענטשלעכער אינטעלעקט איז נישט דערגאַנגען.

וואָס פאַרלאַנגט די תּורה פונעם מענטש?

כּדאַי צו ברענגען אַ דעפעניטיוון אָנווייז פון אַ גדול בתורה ובמדע, ר׳ ישראל

זאַמאָשטשער (געב. אין זאַמאָשטש, געשטאָרבן אין בראָד, די משכילים־שטאָט אין יאָר תקלב—1772), ווי עס ציטירט ר׳ חיים ליבערמאַן [47] פון זיין ספר ״נזד הדמע״ [48], אַ רשימה פון 43 מצוות עשה און 7 מצוות לא תעשה — די ״בין אדם לחברו״ אין די תרי״ג מצוות, אָנגעבנדיק סימנים: ״גם בכנפיך נמצא דם נפשות אביונים, ולעלוקה שתי בנות ה״ב — ה״ב״... אַז דער עיקר אמונה ליגט אינעם ״ואהבת לרעך כמוך״ [49].

ר׳ חיים ליבערמאַן איז מסביר:

״ר׳ ישראל [50] שרייבט וועגן אַ מענטשן, וואָס פירט זיך נישט אויף ווי געהעריק אין די צווישן־מענטשלעכע באַציונגען, און זוכט בלויז זיך רעכטפאַרטיקן מיט די מצוות שבין אדם למקום, אַז אַזעלכער איז ווייט פון זיין דורכגעדרונגען מיט תורה־לעבן. וועגן אַזעלכע האָט דער דאָזיקער גרויסער בעל־מחשבה געשריבן: ״אין הטבילות והתפילות בהתלהבות מכפרות על עוונות שבין אדם לחברו, שהרי זה כטובל ושרץ בידו...״.

ער דערמאָנט די ווערטער פונעם נביא: ״ובפרישכם כפיכם אעלים עיני מכם, גם כי תרבו תפלה אינני שומע ידיכם דמים מלאו״ — און אַז איר שפּרייט אויס אייערע הענט, וועל איך פאַרהוילן מיינע אויגן פון אייך, וויפיל איר זאָלט נישט תפילה טאָן, הער איך נישט צו; אייערע הענט זענען פול מיט בלוט. וואָשט אייך, רייניקט אייך... [51] ווייל ״חסד חפצתי ולא זבח״ — וואָרום גוטסקייט האָב איך באַגערט און נישט שלאַכטאָפּפער [52].

די ליבשאַפט וואָס הקב״ה ווייזט אַרויס צו די בני־ישראל איז צוליב זייער אויפנעמען אָט די מידות, דעריבער ״כי נער ישראל ואוהבהו, וממצרים קראתי לבני״ — אַז ישראל איז יונג געווען, האָב איך אים ליב געהאַט און פון מצרים האָב איך גערופן מיין זון [53]. ווייל זייער אָנהייב, אברהם אָבינו, האָט זיך אויס־געצייכנט מיט דער מידה פון חסד, דעריבער: ״ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ?״ — ווער איז נאָך ווי דיין איינציקע אומה אויף דער ערד, ישראל, וואָס גאָט איז געגאַנגען אויסלייזן פאַר זיך צו ווערן אַ פאָלק? [54], דעריבער ״זרע אברהם אוהבי״ [55] און אָט דער אברהם האָט גענומען אויף זיך די שליחות צו פאַרשפּרייטן די אידעע פון ד׳ אחד צו דער גאַנצער וועלט: ״למען דעת כל עמי הארץ את יד ד׳ כי חזקה היא״ — כדי אַלע פעלקער פון דער ערד זאָלן וויסן די האַנט פון ד׳ אַז זי איז שטאַרק, כדי איר זאָלט מורא האָבן פאַר ד׳ אייער גאָט אַלע טעג [56]. און די זרע אברהם האָבן גענומען אויף זיך די מיסיע צו שאַפן מלכות־שדי אויף דער וועלט, וואָס איז דער העכסטער אידעאַל פון אוניווערסאַליזם.

דער וואָס נעמט אויף זיך די עיקרי־אמונה, דער דאָזיקער האָט שוין די הימלישע הילף זיך צו קענען אָנהאַלטן אין דער דאָזיקער אמונה, אפילו אין אַ צייט פון ירידה, פון אַנטוישונגען. דער מחבר פון ספר ״מי השלוח״ אדמו״ר ר׳ מרדכי

יוסף זצוק"ל (תקס"א—1801; ז' טבת, תרי"ד—1854) האָט געזאָגט, אַז יעדער ייִדישער נפש, ווו ער זאָל נישט פאַלן, פאַלט ער אַריין אינעם שויס פון רבונו־של־עולם, ווי דער פסוק זאָגט: "ער רוט צווישן זיי, אפילו אין זייער אומריינקייט..." ווען איך וועל אפילו זיין אינעם טויטן טאָל, וואָס לויט דער קבלה, מיינט עס נפילה, גייסטיקע ירידה, האָב איך אַלץ נישט קיין מורא פאַר דאָס שלעכטס, פאַר דאָס בייז, וואָרום דו ביסט מיט מיר... [57].

יידישע בחירה מיינט פרייהייט פון געדאַנק און אויסדרוק — פולשטענדיקער ליבעראַליזם. אפילו אַ בחירה וואָס איז קעגן שכל. תנ"ך און תלמוד גיבן ייִדן די בחירה — אויסדערוויילטקייט. ווען זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס וואָס איז גוט פאַר גאָט און מענטש האָבן די ייִדן געקראָגן דעם פאַרגלייך צום זית — איילבירט: "למה נמשלו ישראל לזית? — מה השמן הזה אין מתערב בשאר משקין, כך ישראל אין מתערבין באומות העולם" [58].

ייִדן זענען געוואָרן אַן "עם הנבחר", ווייל זיי האָבן גענומען אויף זיך דעם דרך־השם, ווי עס ווערט געדרשנט דער פסוק "אחרי ד' תלכו" [59] — להלוך אחר מדותיו של הקב"ה: מה הוא מלביש ערומים אף אתה" [60].

ווען מ'טוט אָן אַ מלבוש, דאַרף מען מאַכן די ברכה "מלביש ערומים" [61]. ווו געפינט מען, אַז הקב"ה איז מלבוש ערומים, גיט אָן דער אבודרהם דעם פסוק [62] "ויעש ד' אלקים לאדם ולאשתו כתנות עור וילבישם" — און גאָט האָט געמאַכט פאַר אָדמען און זיין ווייב העמדלעך פון פעל און האָט זיי באַקליידט.

צו וואָס דאָס אַלץ? כּדי דער מענטש זאָל זיך נעמען אַ מוסר־השׂכל, אויב דער רבונו של עולם גיט זיך אָפּ מיט אַזעלכע נויטן פאַרן מענטשן, דאַרף דאָך דער מענטש אוודאי זיך אָפּגעבן מיט העלפן דעם מיטמענטש מיט דאָס נויטיקסטע, איינפאַכסטע.

הרב ר' גדליה פעלדער [63] ברענגט אין שייכות דערמיט, אַז "חז"ל כבדו מאד את הבגדים. ר' יוחנן קרא למאני מכבדותי" [64] און געוואָרנט מ'זאָל נישט מבזה זיין קליידער [65]. דער וואָס באַציט זיך מיט גרינגשעצונג צו קליידונג ווערט ער דערפאַר באַשטראָפט.

דוד המלך, ווערט געזאָגט, האָט אָפּגעשניטן דעם "כנף" — דעם ברעג פון שאול המלכס אויבערמאַנטל, האָבן אים אויף דער עלטער די קליידער נישט געוואָרעמט... [66].

דאָס אַלץ איז כּדי צו ווייזן, אַז אַפילו אין די איינפאַכסטע מענטשלעכע נויטווענדיקייטן זענען ייִדן געלערנט געוואָרן ווי זיך צו באַנעמען — און דערמיט ווערט מען אַן "עם חכם ונבון, הגוי הגדול הזה".

מיר האָבן באַהאַנדלט דעם ענין פון תּורה־לערנען אַ נכרי. וואָס איז מכּוח לערנען חכמה פון נישט־ייִדן?

מיר האָבן וועגן דעם מיינונג־פאַרשיידנהייטן — און מיר וועלן אין אַ ווייטערן פּרק זיך דערויף אָפּשטעלן פּרטימדיק. דאָ וועלן מיר בלויז ברענגען אַ צאָל פון די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען ביי גדולי־הוראה, מחשבה, מדע וחכמה.

דער וויכּוח צי מ'זאָל זיך באַנוצן מיט די ווערק פון גריכישע און אַנדערע פילאָזאָפן איז אָנגעגאַנגען אין מיטל־עלטער און איז נאָך אַלץ אויפן סדר־היום פון ייִדישע גדולים.

אַ גרויסע צאָל ייִדישע געלערנטע האָט פאַרטיידיקט דעם רמב"מס שיטה, אַז מ'קען באַגרינדן אמונה, תּורה אויף אַ האַרמאָנישן אופן מיט לאָגיק פון פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט, אויף סעקולערע לערעס. דעם רמב"מס ווערק זענען דערשינען אין לשון־הקודש און אין אַראַביש, איבערגעזעצט פון ר' שמואל אבן תיבון, זיין זון משה און איידעם ר' יעקב אנטולי, די איבערזעצערס פון אבן ראַשידס ווערק, דעם פּראָגרעסיוו־אַראַבישן דענקער אין מיטל־עלטער (אבן ראשיד, 1126—1198), וואָס מיר האָבן ביי אַ געלעגנהייט געשריבן וועגן זיין איינפלוס אויף אַ צאָל ייִדישע פילאָזאָפן אין זיין צייט.

ס'זענען אָבער געווען אַנדערע וועלכע האָבן שטאַרק באַקעמפט דעם מיימאָניזם, געהאַלטן אַז עס איז פאַרפירעריש זיך אָפּצוגעבן מיט פילאָזאָפיע בכלל, מיט פילאָזאָפישער דיאַלעקטיק בפרט — און אוודאי קען דאָס פאַרפירן דעם ייִדישן אינטעלעקט, ווען ער פאַרלאָזט זיך אויף די פילאָזאָפיעס פון די חכמי אומות העולם. זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם סאָרט מעטאַפיזם, ווי דער רמב"ם האָט עס פאָרמולירט, מיטן באַהעלפן זיך מיט די טעאָריעס פון אַריסטאָטל און אַנדערע אָנגעזעענע גריכישע פילאָזאָפן. ווי טייל ווייזן אָן, האָט זיך דער רמב"ם אויך באַנוצט מיט טעאָריעס פון אַראַבישע פילאָזאָפן.

דער גרעסטער טייל פון די חכמי־ספרד — אין דער גאָלדענער תּקופת שפּאַניע — האָבן אָבער יאָ געהאַלטן פון רמב"מס דרך, פאַרבינדן תּורה, חכמה, ייִדישע מחשבה מיט דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע.

אין דער תּקופת אשכנז־פּוילן האָט, פון צייט צו צייט, אַ ברויז געטאָן מיט דער שיטה פון מורה נבוכים. דער רמ"א, און די וועלכע האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט זיין שיטה, האָבן נאָכגעפאָלגט, דעם רמב"ם און דערמיט האָבן זיי באַפעסטיקט די יסודות פון יהדות. זיי האָבן פריער באַפעסטיקט די הלכה, די דינים, באַזירט אויף תּרי"ג מצוות, באַפעסטיקט די תּורה שבעל פּה, דעם תּלמוד מיט אַלע מנהגים און נאָך דעם ווי דער הלכהדיקער בנין איז געווען געזיכערט, האָבן זיי זיך גענומען צו פילאָזאָפיע, צו באַגרינדן יהדות־מחשבה אויף דער לאָגיק פון פילאָזאָפישן דענקען.

דער רמ״א און אַ צאָל פון די גדולי־הפוסקים אין יענער תּקופה האָבן געוואָלט מ׳זאָל פאַרשטיין די תּורה בדרך ״הפרדס״, לויט רמז, סוד און פּשט — און זיי האָבן אַ סך דערגרייכט אויף דעם געביט.

אין דער דאָזיקער תּקופה געפינען מיר דער באַרימטן לעגענדאַרישן פּראַגער רב, ר׳ יהודה ברבי בצלאל ליוואַ (רע״ב—1512 ; שס״ט—1609) באַקאַנט ווי דער מהר״ל מפּראַג, גרויסער בעל־מחשבה, מקובל, מיסטיקער, דער באַשעפער פון פּראַגער גולם, אַרום וועלכן עס קורסירן אומצייליקע לעגענדעס. דער מהר״ל פאָלגט נאָך דעם רמ״אַס שיטה. זייענדיק דער גרויסער קענער פון קבלה, אַנערקענט ער אָבער אויך ״חכמת הגויים״, לויטן דעוויז : ״אם יאמר לך אדם, יש חכמה בגויים — תאמין״ — אויב אַ מענטש וועט דיר זאָגן, ס׳איז דאָ חכמה ביי נישט־ייִדן זאָלסטו גלויבן [67]. ער אַנערקענט דעם ראַציאָנאַליזם און אַנאַליטישן צוגאַנג וואָס שייך אמונה און אין באַגרינדן הלכה.

דער מהר״ל טייטשט דעם מאמר : ״הרואה חכמי אומות העולם, אומר ברוך שנתן מחכמתו לבשר ודם, והרואה חכמי ישראל, אומר ברוך שחלק מחכמתו ליראיו״ [68], אַז דאָס איז אַ באַוויַיז, אַז די חכמי־התלמוד האָבן געהאַלטן, אַז חכמה איז פאַראַן ביי נישט־ייִדן, ביי די אומות העולם. ס׳פעלט זיי חכמת־התורה, ווייל די תּורה־חכמה איז געקומען צו ייִדן ביים באַרג סיני, דירעקט מפּי הגבורה — און די אומות העולם האָבן די תּורה נישט מקבל געווען.

דער מהר״ל, ווי דער רמב״ם, רמ״א און אַנדערע בעלי־מחשבה, האָבן געזוכט אין דער אַלגעמיינער חכמה דאָס לויטערע און העכערע, וואָס איז נישט אין סתּירה צו דער תּורה. ער האָט געזוכט די געטלעכער הכּרה אויך ביי נישט־ייִדישע בעלי־מחשבה, יעדנפאַלס זיך צו באַנוצן מיט זייער דערקענטניש וואָס קען העלפן דעם ייִדישן אינטעלעקט צו באַגרינדן זיינע אייגענע דערקענטנישן אין די ראַמען פון זיין אַחריות פאַר דער חשיבות פון מענטש און זיין באַוווסטזיניקייט.

דער רמ״א — שרייבט זיין תּלמיד, דער היסטאָריקער דוד גאַנז (ש״א—1551 ; שע״ג—1613) — האָט אַנערקענט די וויטאַלקייט פון שעפערישע מענטשן ביי אַנדערע פעלקער.

אין דער הקדמה צו זיין ספר ״נחמד ונעים״, שרייבט ער : ״...והחסיד מורי ורבי אשר אמנני וגדלני מוהר״ר משה איסרלש ז״ל, מביא כמה דברים בספרו תורת העולה מדברי הז״ל אשר בתחילת העיון יראה נגד התכונה המפורסמת הנגלית לנו לעינים, והוא ז״ל כתב עליהם ישוב נאה כתפוחי זהב משכיות כסף״ [69].

אין מיין ווערק ״לובלין״ ברענג איך די פּאָלעמיק צווישן מהרש״ל און רמ״א, בנוגע דאָס לערנען פילאָזאָפיע [70].

געווען אויך גדולי המחשבה וועלכע האָבן נעגירט דאָס אַריינברענגען געדאַנקען און פילאָזאָפיעס פון נישט־ייִדישע דענקערס אָדער דאָס פאַרלאָזן זיך אויף זיי.

איינער פון די שאַרפסטע קעגנערס איז געווען דער גרויסער בעל־מחשבה, בקי בנגלה ונסתר, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין זצ״ל. ער האָט געזען אין לערנען די פרעמדע לשונות און פילאָזאָפיעס אַ געפאַר פאַרן ייִדנטום.

פאַר וואָס איז דער כּהן און זיינע נאָכפאָלגערס געווען אַזוי שאַרף קאַטעגאָריש קעגן די חכמות פון אַנדערע פעלקער ?

ס׳איז נישט קיין ספק, אַז די סיבה פון אָט דער שאַרפער שטעלונג איז געווען, צוליב דער געפאַר, אַז דאָס פאַרנעמען זיך מיט די וועלטלעכע לימודים וועט פירן צו אויסמישונג, צו אַסימילאַציע, צו שמד, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט דער אינ־טעלעקטועלער השׂכּלה־כוואַליע אין דייטשלאַנד, וואָס האָט אין אַ געוויסן זין צעשטערט די יסודות אויף וועלכע ס׳איז געשטעלט געוואָרן דער ייִדישער בנין. דער פאַקט איז דאָך געווען, אַז די דייטשישע בערלינער השׂכּלה, האָט זיך אַריינ־געריסן דורך די פאַרמאַכטע פענצטער אין מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדישע ישובים. די גדולי הדור פון רעליגיעזן ייִדנטום האָבן מיט אַלע כּוחות געוואָלט צוימען און אָפּהאַלטן דעם דאָזיקן שטראָם.

זיי האָבן געזען וואָס משה מענדעלסאָן (געב. סעפּט. 6, 1729 — געשט. 1786) האָט אָפּגעטאָן אין דייטשלאַנד מיט זיינע טעאָריעס און פילאָזאָפיעס.

געבוירן ביי אַן אָרעמען סופר און מלמד, מנחם מענדל פון שטעטל דעסאַו, דערצויגן אין אַ דורכויס ייִדישן גייסט, אין דער ייִדישער טראַדיציע, האָט ער אויך אין זיינע רייפערע יאָרן זיך געהאַלטן ביי די דאָזיקע טראַדיציעס, ער האָט זיך אפילו אָנגעפרעגט אַ שאלה ביי ר׳ יעקב עמדין, דעם קנאי. מיט זיין נאָמען מענעדלסאָן — ז ו ן מ ע נ ד ל — האָט ער אָנגעהאַלטן ייִחוס־אב. זיין רבי איז געווען ר׳ ישראל זאַמאָשטש, אַ משׂכּיל, מחבר און למדן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ נאָכפאָלגער פון רמב״ם — אָבער ער, מענדעלסאָן, אַזוי גיך ווי ער איז געקומען אין די נישט־ייִדישע קרייזן און געוואָלט זיך פאַרנעמען מיטן אויסקעמפן די פולע עמאַנציפּאַציע פאַר ייִדן אין דייטשלאַנד, און געקראָגן הילף פון דער דייטשישער אויפקלערונג־אינטעליגענציע, איז ער באַהערשט געוואָרן פון דער דייטשישער קולטור און דער פּועל־יוצא דערפון איז דאָך גוט באַקאַנט.

ווען מענדעלסאָן האָט זיך ביי זיינע וויסנשאַפטלעכע דערקענטענישן, וואָלט ער און זיינע אָנהענגער געבליבן ביי ייִדישקייט, ווי געלערנט ביי זיין פאָטער און רביים. ער איז אָבער אַוועק ווייט פון אָט דעם ייִדישן וועג, ער איז געוואָרן דער אידעאָלאָג פון אַ סאָרט אויפקלערונג וואָס האָט געפירט צו אַסימילאַציע, צו געמישטע חתונות, צו שמד, אויך אין זיין אייגענער פאַמיליע.

מענדעלסאָן אַליין, ווי מיר זעען אין זיין ״ביאור״, איז געווען ווייט פון דעם בונטאַריש־רעוואָלוציאָנערן ראַדיקאַליזם; ער איז אויך געווען ווייט פון די אַטעיִס־טישע אינטערפּרעטאַציעס; ער איז אָבער געווען סופער באַגייסטערט פון דער

דייטשישער קולטור און געזוכט אריינצופּאַסן דעם דייטשישן רעפאָרמיזם אין יידישן לעבן. און וואָס זענען געוועזן די קאָנסעקווענצן?

אין זיין ווערק ״ירושלים״ שרייבט ער, אַז ער אַנערקענט נישט קיין זאַך, נאָר בלויז דאָס וואָס דער מענטשלעכער שׂכל איז בכּוח צו באַנעמען און צו באַגרייפן. נאָך מער: די מצוות אין תּורת־משה מוזן זיין באַזירט אויף דער מענטשלעכער לאָגיק — אַז נישט, קען מען זיי נישט אַקצעפּטירן. דאָס איז קעגן דעם יידישן קאָנצעפּט, וואָס לערנט, אַז מ׳קען זיך נישט פאַרלאָזן אויפן מענטשלעכן שׂכל.

יידן מאמינים זענען איבערצייגט, אַז תּורת־משה איז מסיני, עס איז הימלישער יושר, הימלישער סאָציאַל־עטישער סיסטעם און ווי דער רמב״ם שטעלט עס אין די דרייצן עיקרים: ״שזאת התורה לא תהא מוחלפת״ — אַז די תּורה קען נישט אויס־געטוישט ווערן און וואָס שייך אמונה אין ד׳ אחד: ״ולא ישיגוהו משיגי הגוף״.

דער תּנ״ך איז דאָס פּאָפּולערסטע ספר און איז אַנערקענט ביי דער וועלט ווי דער ״ספר הספרים״ — און איז דערשינען זינט דער סעפּטואַגינטאַ אין אומצייליקע איבערזעצונגען און אויפלאַגעס [71] — און צווישן די טויזנטער רעליגיעס — איז דער יידישער דת אַנערקענט אַלס העכסט־מאָראַלישער און עטישער. ס׳איז אָבער תּמיד, הייגט, ווי אַ מאָל, די געפאַר ס׳זאָלן זיך אַריינכאַפּן אַפּטריניקעס. גדולי ישראל האָבן געזוכט מיט אַלע כּוחות אָפּצוהאַלטן פון ברעכן חלילה דעם נצח־ישראל; דעריבער די שטרענגקייט זיך אַריינצולאָזן אין אַ סאָרט השׂכּלה וואָס איז פאַר־פירעריש, אָבער הייסט בשום אופן נישט זיך אָפּהאַלטן פון לערנען לימודים, נויטיקע צו פאַרשטיין תּורה, הלכה און אפילו קבלה־מיסטיציזם.

דער רמ״א, ווי עס שרייבט זיין תּלמיד ר׳ דוד גאַנז, אַנערקענענדיק חכמה ביי אַנדערע פעלקער, האָט אָבער דערביי זיך געווידמעט פעסטצושטעלן די דיס־ציפּלין אין יידישן לעבנס־שטייגער. ער האָט זיך געהאַלטן ביי די ווערטער פון משה רבנו: ״בהנחל עליון גויים, בהפרידו בני אדם״ — ווען ער האָט צעשיידט די קינדער פון פעלקער... פון מענטשן [72] האָט ער דעם חלק יעקב געהאַלטן באַזונדער, וואָרום ער איז די נחלה פון ״גאָט צבאות״ [73].

אין וואָס באַשטייט די אַנדערשקייט?

די יידישע אַנדערשקייט באַשטייט אין האַלטן זיך ביי דער תּורה־דיסציפּלין, וואָס דעטערמינירט און דאָמינירט; דער גייסט וואָס ברענגט דעם ייד צו קדושה, צו די העכערע ספערן פון עטישקייט, צו ווערן אינספּירירט פון הימלישע אידעאַלן. דערמיט איז ער געבליבן ״עם לבדד ישכון״.

**ד. נישט נאָכצוגיין די וועגן פון גויים. — דער אַלגעמיינער פאַרבאָט. — אַ הלכישע פּאָלעמיק. — דער ציל פון דעם פאַרבאָט.**

מ׳טאָר נישט — לערנט אונדז די תורה — ״נאָכגיין די וועגן פון גויים״ און מ׳טאָר נישט זיין גלייך מיט זיי, נישט מיט זייערע ספּעציפישע מלבושים און נישט מיטן אופן, ווי זיי שערן זיך די האָר. אַזוי לערנען חז״ל אין אויסטייטשן דעם תורה־פאַרבאָט. דער מאָטיוו, אפילו ווען מ׳האַלט זיך ביים פּרינציפּ, אַז מ׳גיט נישט קיין ״טעם למצוות״, איז: כדי צו פאַרהיטן און פאַרמיידן פון אויסמישן זיך, אָדער אָפּלערנען זיך פון זייערע אומווירדיקע מעשׂים.

דער פאַרבאָט אין דער תורה: ״ולא תלכו בחוקות הגוי״ — און איר זאָלט ניט גיין אין איינפירן (אויפפירן) פון דעם פאָלק וואָס איך פאַרטרייב פון פאַר אייך; וואָרום דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן און איך האָב מיך פאַרעקלט (ס׳איז מיר נמאס געוואָרן) מיט זיי...״ [1].

נאָך אַ פּסוק: ״ובחוקותיהם לא תלכו״ — און אין זייערע חוקים זאָלט איר ניט גיין... [2].

דער אַלגעמיינער פאַרבאָט, ווי ער ווערט איבערגעגעבן אין ספר דברים [3], זאָגט אונדז קלאָר און ספּעציפיש וואָס עס זענען געווען די ״תועבות הגויים״ — זייערע געצנדינערישע אויפפירונגען: ״לא ימצא בך מעביר בנו ובתו באש, קוסם קסמים, מעונן ומנחם ומכשף...״ זאָלסט זיך ניט אָפּלערנען צו טאָן אַזוי ווי די אומווירדיקייטן פון יענע פעלקער. עס זאָל זיך ניט געפינען ביי דיר איינער, וואָס מאַכט דורכגיין זיין זון אָדער זיין טאָכטער דורכן פייער (פאַרברענען צום גאָט מולך), אַ וואָרזאָגער פון וואָרזאָגענישן, אַ צייכנזעער, אָדער אַ טרעפער, אָדער אַ מכשף. אָדער אַ צויבערשפּרעכער... וואָרום אַן אומווירדיקייט ביי גאָט איז יעטווידער וואָס טוט דאָס...

ס׳זענען דאָ חילוקי דעות, אַ הלכישע פּאָלעמיק צווישן די ראשוני הפּוסקים, צי דער פאַרבאָט איז בלויז געמיינט געוואָרן — לויטן גאַנג פון די פּסוקים — אויף נאָכטאָן די מעשׂים פון די זיבן פעלקער און די מנהגים פון מצרים, אָדער דער פאַרבאָט נעמט אַרום אַלע שלעכטע געוווינהייטן ביי יענע פעלקער. די פראַגע איז אויך, צי דער פאַרבאָט איז געצילט בלויז קעגן יענע אַמאָליקע געצנ־דינערישע פעלקער, אָדער דער פאַרבאָט שליסט אויך איין די הפקר־פירעכצן פון נישט־געצנדינערישע פעלקער. געוויס איז דער פאַרבאָט חל אויף הפקרדיקייט וואָס גרענעצט זיך מיט זנות, מיט אויסגעלאַסנקייט [4].

די חילוקי־דעות זענען געווען אַ פאַקטאָר ביי די ראשונים, באַזונדערס ביי די גאונים, די נאָכפאָלגערס פון דער תלמודישער מאָראַל און עטיק, די גרונט־לייגערס פונעם יידישן שטייגער־לעבן. די דאָזיקע חילוקי־דעות זענען אויך גילטיק

ביי די היינטיקע בעלי־הוראה, בעלי־מוסר, חסידישע מנהיגים. ס׳רעדט זיך וועגן סתם־מנהגים ביי נישט־ייִדן: צי איז דער תורה־און־תלמוד־פאַרבאָט בלויז אויף נאָכטאָן מעשׂים פון גויִים — רעליגיעזע מנהגים; אויפפירונגען, וואָס זיי טוען עס ביי זייערע גאָטעס־דינסטן און אַזעלכע וועלכע האָבן אַ רעליגיעזן הינטערשלאַק, אָדער צי איז דער פאַרבאָט חל אויף אַלצדינג וואָס מ׳זעט ביים גוי.

ס׳גייט אויך אָן אַ שטענדיקער וויכּוח וועגן אַזעלכע ענינים, ווי ״סתם יינם״ [5] אין אונדזער צייט און אין אונדזערע מקומות. די הלכה־אויטאָריטעטן פאַרנעמען זיך אויך מיטן באַהאַנדלען די פאַרבאָטן אויף ״נאָכגיין״ די וועגן פון גויִים. צי איז דאָס חל בלויז אויף אַזעלכע מנהגים וועלכע ווערן דערמאָנט אין תנ״ך, אין תלמוד, אין ״דברי קבלה״, אין דער דורותדיקער מסורה, אָדער דער פאַרבאָט איז חל אויך אויף אַזעלכע מנהגים, וועלכע זענען אויפגעקומען אין די שפּעטערדיקע עפּאָכעס, מנהגים וועלכע האָבן בלויז אַ ניצוץ פון ״דרכי האמורי״, ווי למשל הלבשה, וואָס דער נביא צפניה וואָרנט: ״והיה ביום זבח ד׳ ופקדתי על השרים ועל בני המלך ועל כל הלובשים מלבוש נכרי״ — און עס וועט זיין אין דעם טאָג פון גאָטס שלאַכטונג, וועל איך זיך רעכענען מיט די האַרן, און מיט דעם מלכס זין, און מיט אַלע וואָס קליידן זיך אין פרעמדלענדישע קליידער... [6].

קליידונג, קאָן זיין, איז מאָטיווירט צו פאַרהיטן פון פאַרשייטקייט, נאַקעטקייט וואָס קען דערוועקן תאווה. פאַרשייטקייט אין קליידונג איז פאַרבאָטן נישט בלויז צוליב נאָכטאָן נישט־ייִדן, צי געצנדינערס. צניעות איז יסודותדיק אין יהדות און מ׳דאַרף קעמפן קעגן ״פריצי דיהודאי״ [7] און די אָפּגעהיטקייט ווערט שטאַרק געלויבט ביי די גרונטלייגערס פון דער ייִדישער מאָראַל [8]. די דאָזיקע מידה ווערט געלויבט אפילו ווען מ׳געפינט זי ביי געצנדינערס, ווי די פּרסיים [9].

וואָס שייך דעם פאַרבאָט אויף גלוי הראש, האָבן מיר שוין אויף אַן אַנדער אָרט [10] אָנגעוויזן, אַז דאָס איז באַזירט אויך דעם ״לאוו״־פאַרבאָט נאָכצוגיין די חוקות הגוי און במילא זיך צו דערווייטערן, דער עיקר, נישט באַאיינפלוסט צו ווערן פון זייער פאַרדאַרבנקייט. אין דער תורה ווערט דאָך געזאָגט אויסדריקלעך: ״כמעשה ארץ מצרים אשר ישבתם בה וכמעשה ארץ כנען אשר אני מביא אתכם שמה לא תעשו״ — אַזוי ווי די מעשׂים פון לאַנד מצרים ווו איר זייט געזעסן זאָלט איר ניט טאָן; און אַזוי ווי די מעשׂים פון לאַנד כּנען, וואָס איך ברענג אייך אַהין, זאָלט איר ניט טאָן; און אין זייערע חוקים זאָלט איר ניט גיין [11]: צוויי ״לאוון״, טאָפּלטער פאַרבאָט — דער מאָטיוו איז דער זעלביקער — זיך צו דערווייטערן פון די געצנדינערס און פון אַלע פעלקער, וועמעס מעשׂים זענען ווייט פון דער תורהדיקער מאָראַל.

נאָך מער; די פאַרבאָטן זענען אינעם קאָנטעקסט פונעם עריות־פאַרבאָט,

וואָס דער ציל זיינער איז איינצוהיטן די ריינקייט אינעם ייִדישן משפּחה־לעבן, פאַרהיטן פון אויסגעלאַסנקייט, פאַרהיטן פון פאַמיליע־פּאַרראַט.

חז״ל דרשנען:

״יכול לא יבנו בנינים כמותם, תלמוד לומר ובחוקותיהם לא תלכו, לא אמרתי אלא בחוקות הגויים — בחוקים החקוקים להם ולאבותיהם ולאבות אבותיהם, ומה היו עושים ? — האיש נושא לאיש (משכב זכר — האָמאָסעקסואַליסטישע פּראַקטיק) והאשה נושאת לאשה (לעסביאַניזם), האיש נושא אשה ובתה והאשה נישאת לשנים...״ [12].

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, רעכנט די תּורה אויס די תּועבות מצרים וכנען, זייערע אומווירדיקע מעשׂים, וועלכע פירן צו צעשטערן די ציוויליזאַציע. מעשׂים, ווי פאַרברענען קינדער ; היפּנאָטיזירן מענטשן און זיי פאַרוואַנדלען אין אויטאָמאַטן, גולמדיקע אָביעקטן, כּישוף־משוגעת און ענלעכס — מעשׂים דורך וועלכע דער מענטש פאַרלירט דעם צלם אלקים און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ חיה, וואָס ווערט דיקטירט פון אינסטינקטן און נישט פון שׂכל.

דער ציל פון אָט די אַלע פאַרבאָטן איז געווען צו דערוויטערן דעם ייִד פון פאַרדאָרבנקייט ; היטן זיין באַשיידנקייט אינדיווידועל און ווי קאָלעקטיוו, דעם יחיד און די געזעלשאַפט.

דאָס יסודותדיקע, דאָס קערנדיקע וועגן דער אָפּגעהיטנקייט פון ייִדישן גייסט איז אין דער תּורה, מיט צוגאָבן אין נביאים און כּתובים. די אויסברייטערונג און פאַרטיפונג איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די בעלי־מוסר, צו די מאָראַליסטן, צו די גייסט־מענטשן, צו די געהעריקע אויטאָריטעטן, זיי זאָלן באַשטימען וואָס עס הייסט חוקות הגוי, וועלכע גוייִם זענען געמיינט געוואָרן, מיט וואָס און ווי אַזוי זיך צו דערוויטערן, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון אויסגעלאַסנקייט.

דער כּלל ״חוקות הגוי״ איז אויסגעברייטערט געוואָרן דורך די גייסטיקע פירערס און הלכה־עקספּערטן, וועלכע האָבן געאורטיילט לויט דער צייט און אומשטאַנדן ווי צו זיכערן דעם ייִדישן גייסט לויט זייער איינזעעניש און לויטן כּלל פון ״משמרת למשמרת״... אין דעם כּלל איז אַריינגענומען געוואָרן דער פאַרבאָט ״לא ילמד אדם חכמת יוונית״ [13], די רעכט איז איבערגעגעבן צו הלכה־מאָראַליסטן, באַרופן צו באַשטימען וואָס עס הייסט ״חוקות הגוי״.

**ה. דאָס געבאָט "לא תתחתן" — מיט וועלכע פעלקער? — דער נכרי וואָס לערנט תּורה, — פון וועמען זיך דערווייטערן און צו וועמען זיך דערנענטערן.**

דער רמב"ם, אין "ספר המצוות", גיט אָן אַ "מנין" מצוות אין שייכות מיט די באַציונגען מיט פעלקער: מצרים, עמון, מואב, אדום, די זיבן פעלקער — די כּנענים.

דריי מאָל ווערט אָנגעזאָגט דער פאַרבאָט צו די בני־ישראל זיך צו באַזעצן אין מצרים, האַנדלען מיט מצרים; פאַרן צוליב געשעפט איז, לויט די גדולי־הפּוסקים, דערלויבט. ר׳ חיים העליר, גאון אין תּורה, הלכה און מדע, דער באַרימטער חוקר און שפּראַכן־קענער, גיט אָן תּורה־און־תּלמודישע מקורים אויף דער דאָזיקער הלכה־פּסוקה [1]. די שיטה פון רש"י — ברענגט ער — איז אַז אפילו אויף האַנדל און געשעפט טאָר מען נישט צוריקגיין קיין מצרים, ווי דער פּסוק זאָגט: "לא תוסיפו לראותם עוד עד עולם" — איר זאָלט מער ניט צוריקגיין, זיי צו זען — ביז אייביק [2].

מיט די זיבן כּנענישע פעלקער איז געווען פאַרבאָטן צו שליסן אַ בונד פון פריינדשאַפט; אין דער מלחמה מיט זיי איז דאָס געבאָט געווען: "לא תחיה כל נשמה" — פון די שטעט (כּנענישע — נ.ש.) פון די היגע אומות, וואָס ד׳, דיין גאָט, גיט דיר פאַר אַ נחלה, זאָלסטו ניט לאָזן לעבן קיין אָטעם [3]. יהושע האָט דאָס נישט אויסגעפירט, ווי מיר וועלן ווייטער זען. פון די דריי ברירות, וואָס ער האָט זיי געגעבן איז געווען איין ברירה: שלום!

מ׳טאָר נישט זיין נאָענט מיט זיי; מ׳טאָר זיי נישט געבן קיין ווינקעלכל אין ארץ־ישראל [4].

די אָנגעגעבענע טעמים זענען: צוליב דער מורא פון חתונות, פון אויסמישן זיך מיט זיי און במילא איבערנעמען זייערע עקלדיקע מנהגים, דינען צו אָפּגעטער. מ׳זאָל פאַרהיטן יידן פון דער תּאווה צו דינען עבודה־זרה.

אַלע באַוואָרענישן קעגן לעבן צוזאַמען אין שכנות מיט די כּנענישע פעלקער זענען מאָטיווירט צו פאַרהיטן נישט עובר צו זיין אויפן געבאָט "לא תתחתן" — זאָלסט דיך נישט מתחתן זיין, פאַרבינדן זיך מיט זיי: דיין טאָכטער זאָלסטו נישט געבן צו זיין זון און זיין טאָכטער זאָלסטו נישט נעמען פאַר דיין זון. פאַרהיטן פון געמישטקייט מיט פאַרדאָרבענע פעלקער, ווייל דאָס וועט גורם זיין די צעשטערונג פון דער זרע אברהם־ריינקייט.

דעריבער אַזוי פיל מאָל די אָנזאָגן וועגן דערווייטערן די דאָזיקע פעלקער. וואָס שייך עמון ומואב, שוין נישט פון די כּנענים־פעלקער, איז דער חתונות־פאַרבאָט גאָר אַ שטרענגער. אפילו ווען זיי ווילן זיך מגייר זיין, קענען זיי אַלץ נישט אַריינקומען אין "קהל ד׳" — אין יידישן קהל. ס׳זענען געווען צוויי אָדער

דריי מאָטיוון פאַר אָט דער שטרענגקייט — און לויט אַ צאָל פּוסקים, זאָלן זיי נישט האָבן קיין ווינרעכט אין ייִדישן לאַנד. איין מאָטיוו: נישט באַאיינפלוסט ווערן פון זייער מענטשנקולט; זיי וועלן אַריינברענגען זייערע פאַרברעכערישע, געצנ־דינערישע, הפקרדיקע מנהגים און דעם מענטשנקולט, וואָס איז שטרענג פאַרבאָטן און ווי די תּורה גיט אָן דעם מאָטיוו צוליב זייער אכזריותדיקער באַציונג צו די יוצאי־מצרים. זיי האָבן געהאַנדלט ווי די עמלקים [6].

וועגן די פאַרדאַרבענע כּנענים־פעלקער זאָגט אונדז דער פּסוק: "לא ישבו בארצך פן יחטיאו אותך לי" — זיי זאָלן ניט זיצן אין דיין לאַנד, כּדי זיי זאָלן דיך ניט מאַכן זינדיקן [7] און דער מאָטיוו: "ולא תחניפו את הארץ בטמאכם אותה" [8], איר זאָלט איינהיטן די ריינקייט און הייליקייט פונעם פאָלק אויף אייער באָדן.

ווען שלמה המלך האָט גענומען די בת־פּרעה, איז אַ ציטערניש געקומען אויף דער ייִדישער וועלט. אַזוי שילדערן די חכמי־התּלמוד די דאָזיקע טראַגישע געשעעניש פונעם קליגסטן קעניג. ס'איז נישט געווען בלויז די מורא, אַז זי ברענגט אַריין מצרישע אויסגעלאַסנקייט אין קעניגלעכן הויף, נאָר אַ סך מער דערפון: די מורא אַז דאָס וועט אַריינברענגען אויסגעלאַסנקייט אין גאַנצן לאַנד, ווי עס ווערט באַהויפּט אין מגילת־אסתּר, אַז די פרויען וועלן נאָכפאָלגן די קעניגין: "אשר שמעו את דבר המלכה — לכל שרי המלך" — די וואָס האָבן געהערט די אויפפירונג פון דער קעניגין (ושתי — ב.ש.) וועלן דאָס טאָן צו זייערע מענער [9].

די תּורה וואָרנט: "ולא תחניפו את הארץ אשר אתם יושבים בה" — און איר זאָלט ניט זינדיק מאַכן דאָס לאַנד... און זאָלסט ניט פאַראומרייניקן דאָס לאַנד וווּ איר זיצט [10] און נאָך אַ מאָל: "כמעשה ארץ מצרים אשר ישבתם בה לא תעשו וכמעשה ארץ כנען אשר אני מביא אתכם שמה לא תעשו" — אַזוי ווי די מעשׂים פון מצרים וואָס איר זייט דאָרט געזעסן זאָלט איר ניט טאָן; און אַזוי ווי די מעשׂים פון לאַנד כּנען, וואָס איך ברענג אייך אַהין, זאָלט איר ניט טאָן און אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט גיין [11].

אין תּורת־כּהנים (אויף דעם פּסוק) ווערט געזאָגט: "אי כמעשה — יכול לא יבנו בנינים ולא יטעו כרמים כמותם, ת"ל ובחוקותיהם לא תלכו, לא אמרתי לך אלא בחוקים החקוקים להם ולאבותיהם ולאבות־אבותיהם..." און ווי מיר האָבן פריער שוין דערמאָנט, ווערט געשטעלט די פראַגע:

"מה היו עושים? — האיש נושא איש (האָמאָסעקסואַליזם) והאשה — אשה (לעסביאַנישקייט); ואיש נושא אשה ובתה ואשה נישאת לשנים"... און אין צוגאָב, פאַרשיידענע עבודה־זרה'ס. רש"י זאָגט עס אין זיין סטיליסטיש־קלאַסישן קיצור: "מגיד שמעשיהם של מצריים ושל כנענים מקולקלין מכל האומות".

דער "בית־יוסף" (ר' יוסף קאַרו, רמ"ח—1488; י"ג ניסן, של"ה—1575), ווייזט אָן [12], אַז דערפאַר זענען די פּרטים פון זייער פאַרברעכערישקייט און פון

דעם וואָס עס מיינט "חוקותיהם", נישט אָנגעגעבן אין דער תורה, ווייל די זאַכן זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו די חכמים, די גייסטיקע מנהיגים, צו דערקלערן, וואָס עס הייסט "חוק עכו"ם" און וואָס עס גייט נישט אַריין אינעם תחום פון חוקות הגוי.

דער פסוק וווייטער זאָגט אָן די בני־ישראל: "ושמרתם את חוקותי ואת משפטי אשר יעשה אותם האדם וחי בהם, אני ד'" — און איר זאָלט היטן מיינע חוקים און מיינע געזעצן, וואָס אַ מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי; איך בין השם[13]. אין אויסטייטשן דעם פסוק, לערנט אונדז רבי מאיר[14]:

"תניא, היה רבי מאיר אומר, מנין שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה, שהוא ככהן גדול, ת"ל, אשר יעשה אותם האדם, כהנים, לויים וישראלים לא נאמר, אלא אדם, הא למדת, שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול". רבי מאיר לערנט אַרויס פונעם וואָרט אדם, אַז דאָס וויל די תורה אונדז לערנען, אַז יעדער מענטש איז אינעם דאָזיקן כלל, אַז יעדער מענטש קאָן זיך אויסאיידלען דורך לערנען תורה.

פאַר וואָס עפּעס ככהן גדול? וואָס איז די אַנאַלאָגיע?

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט דעם הסבר פון ר' ברוך עפּשטיין, וואָס ער האַלט עס פאַר זיין חידוש און דעם אמת געזאָגט, געפינט מען דאָס אין תוספות, אויפן אָרט, פאַר וואָס ער דערמאָנט נישט, אַז ער נעמט עס פון תוספות מקרב צו זיין די גאולה, לויטן כלל: "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם[15]", איז אַ באַזונדער ענין. דער חידוש פון וועלכן דער בעל־תורה תמימה איז אַזוי באַגייסטערט איז דאָס געפינען אַ מקור אינעם פסוק אין וועלכן ס'רעדט זיך וועגן שבח פון תורה: "יקרה היא מפנינים" — זי איז טייערער פון פּערל, און אַלע דיינע חפצים זענען ניט גלייך צו איר[16] וואָס חז"ל טייטשט: "יקרה היא מכהן גדול שנכנס לפני ולפנים..."[17].

מען זעט דערפון, אַז די גרויסקייט פון כהן גדול איז באַשטאַנען אין זיין תורה־וויסן. דער כהן גדול וואָס האָט געטראָגן די קרוין פון קדושה, פון אהבה, וואָס האָט געהאַט דעם רשות אַריינצוגיין אין קדשי־קדשים, וואָס קיינער האָט די דערלויבעניש נישט געהאַט, איז זיין עיקר־דערהויבנקייט אים געקומען צוליב זיין דערהויבנקייט אין תורה. לערנט מען דערפון, אַז יעדער וואָס פאַרטיפט זיך אין תורה קאָן דערגרייכן צו דער גרויסקייט פונעם כהן־גדול.

דער רמב"ם שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו, אַז יעדער מענטש וואָס דערהויבט זיך פיזיש און גייסטיק צו די מידות פון דער תורה און באַזיצט אַ געהעריקע מאָס פון תורה־וויסן און איז דורכגעדרונגען מיט דער אמונה אין אחדות־הבורא, אַזאַ מענטש איז "מבני עולם הבא".

אין זיינע ווערטער:

״...ולכן אמרו חכמי האמת, אפילו נכרי ועוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול, וכל עצמו של דבר ומגמת תורת משה, הוא תיקון הגוף והנפש לבורא יתברך, ולא נשתבח משה רבנו אלא בזה, כמ״ש והאיש משה עניו מאד״.

דאָס עוסק זיין אין תּורה ביי די אומות־העולם איז, לויט מפרשים און פּוסקים, געמיינט געוואָרן זייער עוסק זיין און זיך פאַרפולקאָמען אין די געזעצן פון די שבע מצוות — כּדי זיי זאָלן וויסן ווי זיי מקיים זיין. וואָס שייך די גאַנצע תּורה — האַלט אַ צאָל פּוסקים — איז פאַרבאָטן, סיידן ווען ער, אָדער זי, קומען זיך מגייר זיין. דער טעם: ס׳איז געשריבן, ״תורה צוה לנו משה מורשה״ — אַ תּורה האָט אונדז משה באַפוילן, אַ ירושה פאַר דער איינזאַמלונג פון יעקב [18], ווי חז״ל דרשנען: ״לנו מורשה ולא להם״, ד״ה, אַז די תּורה געהערט בלויז צו ייִדן, ס׳איז אַ ירושה צו ייִדן.

דער מאמר פון רבי מאיר, אַז דער נכרי וואָס לערנט תּורה איז אַזוי גרויס ווי דער כּהן גדול, ווערט געבראַכט אַנאָנים און דאָרט ווערט צוגעגעבן דאָס וואָרט ״המתגייר״ [19]. אַזוי, אַז דער ענין איז נישט אַזוי פּשוט.

נאָך מער: נישט בלויז ווערט עס באַהאַנדלט ביי די תּנאים, ווי אַ חילוקי־דעות. נאָר מיר האָבן די זעלביקע מיינונגס־פאַרשיידנקייט, אָדער דעם זעלביקן מיינונגס־אויסטויש ביי די אמוראים.

מיר לערנען אין מסכת חגיגה [20]: ר׳ אמי זאָגט, ״אין מוסרים דברי תורה לעכו״ם, שנאמר: לא עשה כן לכל גוי ומשפטים בל ידעום״ — ער זאָגט זיינע ווערטער צו יעקב, זיינע חוקים און זיינע געזעצן צו ישראל, ער האָט אַזוי ניט געטאָן צו קיין פאָלק און געזעצן, דערפון ווייסן זיי ניט [21].

דער מהרש״א [22] קאָמענטירט, אַז דאָס וואָס ר׳ אמי זאָגט איז געמיינט ״סתרי־תורה״ — סודות פון דער תּורה — ווי ייִדן פאַרשטייען דאָס פאַרטיפן זיך אין תּורה, ווייל ס׳איז דאָ די געפאַר, דער נכרי זאָל נישט קענען באַנעמען די ״סתרי־תּורה״ און במילא וועלן אַרויסקומען מכשולים.

ווי עס זעט אויס לויטן קאָנטעקסט פון דעם מאמר צוזאַמען מיט אַנדערע מאמרים, רעדט זיך דאָרט וועגן די שבע מצוות. וואָס פאַר אַ סודות קאָנען דאָ זיין, מ׳זאָל מורא האָבן, אַז נישט־ייִדן קענען געבן שלעכטע אויסטייטשונגען און ס׳זאָל דערפון אַרויסקומען אַ מכשול?

דער רמב״ם ברענגט נישט ר׳ אמיס פאַרבאָט. דאָס קאָן זיין די סיבה וואָס אין שולחן־ערוך איז אויך נישט דערמאָנט ר׳ אמיס פאַרבאָט אויף סתרי־תורה צו נישט־ייִדן.

דער רמב״ם, ווי מיר זעען אויף אַן אַנדער אָרט, פּסקנט ווי ר׳ יוחנן: ״עכו״ם שעוסק בתורה חייב מיתה״ [23]. ס׳איז — מיינען מיר — לאָגיש און גאָר אויסגעהאַלטן אָנצונעמען דעם אויסטייטש פון תּוספות, כּדי צו פאַרמיידן חילוקי־דעות, אַז רבי מאיר און אויך די נאָכפאָלגערס פון רבי מאיר רעדן וועגן לערנען מיט

נישט־ייִדן די דינים אין שייכות מיט די זיבן מצוות בני נח, אויף וועלכע ס׳האַלט זיך דער קיום פון דער וועלט. אויב ער דערלערנט זיי גרינטלעך און איז זיי מקיים פּינקטלעך, איז ער ווי אַ כהן־גדול, ווייל ער ראַטעוועט ציוויליזאַציע. דאָס וואָס ר׳ יוחנן זאָגט אַז ס׳קומט מיתה רעדט זיך דאָ וועגן לערנען מיט אים די גאַנצע תורה, בעת ער איז נישט גרייט מקיים צו זיין די תורה־געזעצן.

דער נצי״ב (ר׳ נפתלי צבי יהודה ברלין, תקע״ז—1817 ; תרנ״ג—1893), פון די אָנגעזעענסטע תורה־אויטאָריטעטן אין 19טן י״ה, באַווייזט לויט מקורים, אַז דער פאַרבאָט — אין רבנישן לשון דער איסור — צו לערנען תורה מיט נישט־ייִדן, איז געמיינט געוואָרן בלויז אויף תורה שבעל פה. אָבער תורה שבכתב, תנ״ך, די געשריבענע תורה, מעג מען לערנען מיט נישט־ייִדן.

די דאָזיקע שטעלונג איז אָנגענומען ביי אַ צאָל גדולי הפוסקים. אַ פאַקט איז אויך אַז פון צייט צו צייט זענען געווען גדולי־ישראל וועלכע האָבן געלערנט תורה צו נישט־ייִדן, אַזוי אין דער שפּאַנישער תקופה און אַזוי אין דער איטאַליענישער תקופה — און צוזאַמען געלערנט כל־מיני חכמות, אַריינגערעכנט חכמת־ישראל.

אין אַ צאָל ספרים ווערט ציטירט פון ״שדי חמד״ (ר׳ חיים חזקיהו מדיני, באַרימטער ספרדישער מחבר, תקצ״ג—1833 ; תרס״ה—1905), אַז יהושע האָט געהייסן איבערזעצן די תורה אין זיבעציק לשונות [25].

דער איסור פון ר׳ אמי, ווערט אָנגעוויזן פון פוסקים, איז אַ שוואַכער פאַרבאָט און דעריבער ווערט ער נישט דערמאָנט אין שולחן ערוך. דער רמב״ם האָט בלויז געבראַכט ווי אַ פסק דעם זאָג פון ר׳ יוחנן: ״עכו״ם שעוסק בתורה חייב מיתה״.

ווי די נושאי־כלים און אויסטייטשערס פון רמב״ם האַלטן, איז דאָס אָנווייזן ווי אַ מקור דעם פסוק אין דער תורה בלויז אַן אסמכתא און במילא קען מען מאַכן אויסנאַמען, ס׳זאָל זיין דערלויבט לערנען מיט נישט־ייִדן, ווען דאָס לערנען קען ברענגען צו אַ בעסערער פאַרשטענדניש, אָדער ווען ס׳איז דאָ אַ געפאַר פון שׂנאה און מסביר זיין צו זיי תורה, די הויכע תורה־מאָראַל, וועט די שׂנאה אויסמיידן. אַ פאַקט איז, אַז צוליב ״איבה״ און ״דרכי־שלום״ האָט מען אַ סך זאַכן דערלויבט. איז געוויס דערלויבט צו באַקענען די נישט־ייִדישע וועלט מיט דער ייִדישער אמונה, מיט דער ייִדישער עטיק און מאָראַל, מיט ייִדישע אָנשויונגען, מיט די ליכטיקע תורה־פּרינציפּן. דאַקעגן די פעלקער וועלכע איגנאָרירן און זענען מזלזל די זיבן געבאָטן, זיי ווילן לעבן הפקרדיק, באַרבאַריש — האָט מען רעכט צו באַציען זיך צו זיי און זיי באַהאַנדלען ווי אַזעלכע.

ר׳ אבהו לערנט עס אַרויס פונעם פסוק: ״עמד וימודד ארץ, ראה ויתר גויים״ — ער שטייט אויף און צעטרייסלט די ערד, ער גיט אַ קוק און מאַכט שפּרינגען פעלקער [26] — ראה שבע מצוות שקיבלו עליהם בני נח, כיון שלא קיימו, עמד והתיר ממונן של ישראל — ער האָט געזען, אַז די פעלקער זענען נישט מקיים די זיבן

געבאָטן, זיי רצחנען, זיי גזלען, זיי פאַרגוואַלטיקן אא״וו, האָט ער, דער רבונו של עולם, דערלויבט מיט אַזעלכע זאָל מען זיך באַנעמען מיט שטרענגקייט, נישט האָבן קיין פאַרבינדונג מיט זיי.

דאָס מיינט נישט, חלילה, אַז מען מעג ביי זיי גזלען, גנבנען. ווי תוספות קאָמענטירט [27], איז דאָ געמיינט געוואָרן בלויז אין די דינים פון ״שור שנגח״, כדי אויסצוהיטן זיך פון שאַדענען אַנדערע. דער מאירי גיט צו, אַז אויב זיי זענען יאָ מקיים די זיבן מצוות (בלויז די זיבן!), האָבן זיי שוין דעם דין ווי ביי אונדז יידן, אַזוי דאַרף מען זיי באַהאַנדלען: ״משמע דכל שמקיימין שבע מצוות, דינם אצלנו כדיננו אצלם; ומעתה אין צריך לומר, באומות הגדורות בדרכי דתות ונימוסים״, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף אָט דעם עטישן צוגאַנג צו פעלקער וועלכע האַלטן זיך ביי ציוויליזירטע געזעצן [28].

און דאָ קומען מיר נאָך אַ מאָל צום מאמר פון ר׳ שמעון בן יוחאי: ״קברי עכו״ם אין מטמאים באהל, שנאמר [29] אדם כי ימות באהל״ — אַז אַ מענטש וועט שטאַרבן אין אַ געצעלט, ״אתם קרויים אדם ואין העובד כוכבים קרוי אדם״ — איר האָט דעם טיטל מענטש, אָבער נישט די געצנדינערס.

רבי מאיר לערנט, אַז דאָס וואָרט אָדם איז מרבה, שליסט איין יעדן מענטש און רבי שמעון בן יוחאי האַלט, אַז דאָס וואָרט שליסט אויס דעם עובד כוכבים, ווייל דער וואָס דינט צו די געצן איז קיין מענטש נישט.

דער רבנו תם (ר׳ יעקב מרומרוג, פראַנקרייך, תת״ס—1100; דתתקל״א—1171), מאַכט אַ חילוק פון אדם און האדם: אדם — זאָל מיינען בלויז דעם יידישן מענטש, צו ווען די דינים פון טהרה זענען געגעבן געוואָרן און אַז דאָס אויס־שליסן דעם עובד כוכבים איז נאָר וואָס שייך טומאת אוהל. האדם — האַלט דער רבנו תם איז כולל יעדן בן אדם, נעמט אַריין אַלע מענטשן, ווייל אַלע שטאַמען פון אדם הראשון.

דער שיטה מקובצת (ר׳ בצלאל אשכנזי, נפטר, ירושלים, שנ״ב—1592) ברענגט פאַרן רא״ש (רבנו אשר, ה״א, י׳ — 1250; ה״א, פ״ח — 1327) נאָך אַ געדאַנק צו באַפעסטיקן ר׳ מאירס שיטה: האדם איז כולל, לויטן תלמודישן כלל, ״אין מיעוט אחר מיעוט אלא לרבות״ — ד״מ, אויב ס׳איז דאָ אַ טאָפּלטער מינוס מאַכט עס אַ פּלוס, אַ צוגאָב, ווייל אַז נישט, צו וואָס די טאָפּלטקייט? ווי מיר האָבן פריער אָנגעמערקט, איז גאָר אַ פראַגע, צי ס׳איז בכלל דאָ אַ מיינונגס־פאַרשיידנהייט צווישן רבי מאיר און רבי שמעון. לויט רש״י [30] איז יאָ דאָ אַ חילוקי־דעות און אַז רבי מאיר, אין בבא קמא, האַלט ווי די רבנן אין יבמות [31] וועלכע זענען מחולק אויף רבי שמעון בן יוחאי. דאָס גייט אָבער שוין אַריין אין אַ ברייטערן דיאַלעקטישן פלפול.

נאָכפאָלגנדיק די דעות פון די צוויי תנאים, זעט מען, אַז רבי שמעון האָט

געהאַט אַ שטרענגערע, בעת רבי מאיר האָט געהאַט אַ מילדערע באַציונג צו די פעלקער פון זייער צייט [32]. רבי שמעון בן יוחאי, דער תּלמיד פון רבי עקיבא, וואָס איז אכזריותדיק אומגעקומען דורך די רוימער און ער אַליין, רבי שמעון, האָט זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן, כּדי זיך צו ראַטעווען, ער האָט געהאַלטן, אַז "טוב שבגויים — הרוג", וואָס אַלע שׂונאי־ישׂראל שטעכן דערמיט יידן [33] — ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט איז די גירסא: "טוב שבמצרים הרוג" און "בשעת מלחמה" [34], צוליב זייער פאַרדאַרבנקייט און מאָראַלישער געפאַלנקייט [35].

ווי ר׳ חיים בלאָך ווייזט אָן [36], איז די סיבה פון ר׳ שמעונס שטרענגקייט געווען אַ רעזולטאַט פון די צרות, וואָס יידן האָבן זיך אָנגעליטן פון רוימישן לעגיאָן וואָס האָט אָקופּירט יהודה.

ס׳איז אויך כּדאי זיך אָפּצושטעלן וועגן משפּחה־ייחוס. איינע פון די סיבות, פאַר וואָס ביי יידן גייט דער ייחוס לויטן פאָטער און ביי עכו״ם דאָמינירט דער מוטערלעכער צד איז, ווייל ביי די עכו״ם, האָם מען נישט געוווסט ווער דער פאָטער איז. ביי יידן: "למשפחותם לבית אבותם" — לויט זייערע משפחות, לויט זייערע פאָטערהייזער. . [37]. ביי נישט־יידן אין געבן דעם אָפּשטאַם: "לכנה שבנה אשה לבית אמה" — גייט, קערט אייך אום איטלעכע צו איר מוטערס הויז [38] — "אמר רבי באיר", דער ליבעראַלער און טאָלעראַנטער רבי מאיר, "מכאן שאין אב לעכו״ם". הלכהדיק, ווערט דאָס אויסגעטייטשט, אַזוי ווי ס׳איז ביי יעדן קינד אַ ספק, "דלמא לאו אביו הוא" [39]. ביי יידן גייט אָן דער דין פון רוב — מערהייט, אָבער נישט ביי געצנדינערס [40], דעריבער איז "אין אבות לגוי", געמיינט דעם געצנדינער אָדער דעם אוממאָראַלישע מענטשן, ביי וועלכע מ׳קען נישט זיין זיכער, אפילו זיך צו האַלטן ביים דין פון "רוב", אַז די מערסטע שוואַנגערשאַפטן זענען פון דעם מאַן, מיט וועלכן מ׳האָט חתונה געהאַט... ביי זיי, קען מען נישט זאָגן: "רוב בעילות אחר הבעל".

דער רמב״ן, ווי באַקאַנט, רעכנט די מצוות כּיבוד אב ואם, ווי צוויי באַזונדערע מצוות. פרעגן מפרשי הרמב״ן, אַז לויט דער גמרא [41] ווייזט אויס, אַז דאָס איז איין מצוה. די גמרא זאָגט: "עשר מצוות נצטוו ישראל במרה, שבע שקבלו עליהם בני נח, והוסיפו עליהם: דינין, שבת, כיבוד אב ואם". אויב כּיבוד אב ואם זאָל זיין צוויי מצוות, וואָלט דאָך דער חשבון געדאַרפט זיין עלף און נישט צען. ווי אַזוי פאַרענטפערט מען דעם רמב״ן?

די נאָכפאָלגערס פון רמב״נס שיטה האַלטן דעריבער, אַז לויטן רמב״ן איז דער געצנדינער געווען געבאָטן בלויז אויף כּיבוד־אם, און נישט אויף כּיבוד־אב, ווייל ער האָט נישט געקענט וויסן ווער דער פאָטער איז. דער רוב איז געווען פאַרקערט, נישט "אחר הבעל".

ווי אַזוי צו באַהאַנדלען געצנדינערס האָבן מיר אין תּלמוד גענויע יורידישע

און סאָציאַלע געזעצן אין די ספרי הפוסקים, אָנהייבנדיק ביים רמב״ם, טור, שולחן ערוך, ווערן די דינים אויסגעברייטערט.

מיר וועלן ציטירן פון רמב״ם אין פירוש המשניות, וואָס גיט אונדז אַן אַריינבליק אין רמב״מס סומירן די דאָזיקע דינים:

״... כשאירע דין ישראל עם כנעני, ענין הדין ביניהם כך היה, אם היה לנו בדיניהם זכות, נדון להם כדיניהם ונאמר להם, כך דינכם; ואם היה טוב לנו בדינינו, נדון להם כפי דיננו, ונאמר לו, כך דיננו״.

״ואל תתמה על דבר זה, ואל יקשה בעיניך, לפי שאין בו שליחות המדות האנשיות...״. דער רמב״ם פאַרענטפערט און וויל מ׳זאָל זיך נישט וווּנדערן אויף דעם געזעץ, וואָס מאַכט אַן אונטערשייד צווישן ייִדן און געצנדינערס, ווייל זיי האַלטן זיך נישט ביי געזעצן; זיי ווייסן נישט פון קיין מענטשלעכע באַציונגען; דעריבער זענען זיי נישט אין ״כלל האדם״, צו ווערן באַהאַנדלט ווי געהעריק מענטשלעך.

דאָס פירט אונדז צוריק צום ענין ״ולא תתחתן... ולא תחנם״ [42], אַ ״לאוו״־פאַרבאָט, וואָס פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין תלמוד אין אויסטייטשן און אויסברייטערן דעם פאַרבאָט — ״לא תתן להם חן״ — מ׳זאָל זיי נישט אַרויסווייזן קיין חן, נישט באַנעמען זיך מיט זיי מיט גראַציע; מ׳זאָל זיי נישט געבן ״מתנת חנם״ — געשאַנקען אאַ״וו.

אין דער תּורה רעדט זיך בלויז וועגן די זיבן כּנענישע פעלקער. אין תּלמוד, ווי מיר זעען, ווערן אַריינגערעכנט אַלע געצנדינערישע פעלקער.

אין קאָנקרעטיזירן דאָס געבאָט איז דאָ אַ צאָל פּוסקים, וואָס האַלטן אַז דער פאַרבאָט איז נאָר חל אין ארץ־ישראל. דער רמב״ן איז מיט דער מיינונג, אַז דער פאַרבאָט איז אויך חל אין חוץ־לארץ, ווייל — זאָגט ער — דער טעם פון ״כי יסור...״ אַז דער געצנדינער קאָן נאָך ווירקן, אַז ייִדישע קינדער זאָלן אָוועק אויף שלעכטע וועגן. דער דאָזיקער מאָטיוו גייט אָן אומעטום. אין חוץ־לארץ — האַלט ער — איז די אַסימילאַציע גרעסער און שעדלעכער. ווייל די תּורה פאַרהיטן און באַוואָרענען, ס׳זאָלן נישט פאָרקומען קיין געמישטע חתונות, ייִדן זאָלן אָוועקגעריסן ווערן פון זייער שטאַם, זאָלן איבערגיין צום היידנישן, צו די קולטן פון אַנדערע — די מורא ״ויתערבו בגויים וילמדו מעשיהם״ — און זיי האָבן זיך געמישט מיט די פעלקער, און זיך אָפּגעלערנט זייערע מעשים... און די מורא פון ״כמקולקלין שבהם עשיתם״ [43].

דער רמב״ם, אין ספר־המצוות, לערנט אַז דער פאַרבאָט, די מצווה ״לא תעשה״ פון ״לא תחנם״ איז געמיינט געוואָרן ״חמלה״ — רחמנות, אַרויסווייזן חן לעכו״ם, אָבער וואָס שייך חניה, געבן זיי רעכט צו וווינען צווישן ייִדן, איז עס דערלויבט.

אַזאַ סאָרט דערווייטערונג איז נישט געמיינט געוואָרן און גייט נישט אַריין אינעם פאַרבאָט.

נאָך מער: אין "יד החזקה", דאָס מאָנומענטאַלע הלכה־ווערק, וואָס איז דער יסוד פאַרן שולחן ערוך, דעם קאָדעקס פון יהדות, דאָרט ווערט געזאָגט אויס־דריקלעך, אַז ס'רעדט זיך אויסשליסלעך וועגן עובדי עבודה זרה — געצנדינערס.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ הלכישע טענה. אדמו"ר ר' צדוק הכהן מלובלין, דער גאון אין נגלה און נסתר, פאַרנעמט זיך מיטן דאָזיקן ענין אויף אַ ברייטערן אופן אין זיין ספר "אוצר המלך" [45].

אינעם דאָזיקן ספר איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיין שו"ת "בדין טומאת אהל", אַן ענטפער צו איינעם וואָס האָט אים געפרעגט וועגן "כהנים אין טומאת אוהל" און כדרכו בקודש, אין ער מאריך ווי אויסשעפלעך וועגן טומאת אוהל (די תשובה פאַרנעמט איבער פופציק (50) דפים, 105 גרויסע זייטן). עד פאַרנעמט זיך דאָרט קלאָר צו מאַכן: וואָס מיינט מען מיטן וואָרט "אהל"? ווי אַזוי אוהל? ווען וועט עס באַטראַכט ווי אַן אוהל — געצעלט? פענצטער צום אוהל, טירן צום אוהל, גרויס און הויך פון אַן אוהל אא"וו — און וויפיל איז דער שיעור פון דער טומאה אינעם אוהל, דער כהן זאָל נישט טאָרן אַריינגיין וכד'?... אַ חידוש איז, וואָס ער נעמט נישט אַריין, און איז אפילו נישט מעורר, וועגן דעם מאמר פון ר' שמעון בן יוחאי, אַז "עכו"ם אין מטמאין באוהל...".

דער ענין פון טומאת קברי עכו"ם, איז נישט אַזוי פשוט.

אין אַן אָפּשאַצונג וועגן דעם ספר פון הרב הראשי ר' יצחק אייזיק הלוי הערצאָג זצ"ל [46] שרייבט זיין ממלא מקום הרב הראשי לישראל, הגאון מרן ר' איסר יהודה אונטערמאַן זצ"ל, אַז נישט אַלע תנאים זענען מסכים צו ר' שמעון בן יוחאיס באַהויפּטונג, אַז "קברי עכו"ם אין מטמאין באוהל". ער ווייזט אָן, אַז אַ צאָל תנאים און אמוראים האַלטן, "יש טומאת אוהל גם למתים מאומות העולם". ער ברענגט אויך פון אבני נזר [47], הגאון והצדיק ר' אברהם באָרענשטיין זצ"ל (תקצ"ט—1839; תר"ע—1910) אַז ס'זענען דאָ חילוקי דעות צווישן די גדולי הפוסקים: רמב"ם, רמב"ן, רשב"א זענען מקיל — לויט דער שיטה פון רבי שמעון בן יוחאי; דאַקעגן רבנו תם, סמ"ג און אַנדערע זענען מחמיר. הרב אונטערמאַן באַמיט זיך איינצושטעלן אַ טעאָריע, אַז ס'זאָל נישט זיין קיין חילוקי־דעות, אַז אויך אין דער דאָזיקער הלכה זאָל גילטיק זיין דער כלל "אלו ואלו דברי אלקים חיים" [48].

ווי איז דער דין, אַ "ישראל שנשא נוכריה" — מעג אַ מוהל מל זיין דאָס קינד? צי איז ניטאָ קיין מורא, אַז מ'וועט באַטראַכטן דאָס קינד אַלס אַ ייִדיש קינד, ווען פאַקטיש גייט דער ייִחוס אין אַזאַ געמישטקייט נאָך דער מוטערס צד — און דאָס קינד דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ נישט־ייִדיש?

מרן המהרי"ל גרויבאַרט זצ"ל באַהאַנדלט די שאלה [49]. ער ברענגט די מעשה

פון יעקב איש כפר נבורה [50], וואָס האָט געפּסקנט, אַז מען מעג מל זיין אַזאַ ייִנגל אפילו אום שבת. ר׳ חגי האָט אים געוויזן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות און ר׳ יעקב האָט מודה געווען אויף דעם טעות.

״יעקב איש כפר נבורה הורה בצור למול בן זה גם בשבת, משום דכתיב ויתילדו על משפחותם — ואביו ישראל״.

ר׳ חגי האָט אים געוויזן: ״דבנך הבא מן הנכרית אינו בנך אלא בנה״ [51], ווי מיר זעען דאָס פונעם פּסוק ״כי יסיר את בנך״... אַז דאָס קינד פוי אַ געמישטער חתונה געהערט צו דער מוטער. אויך פון עזרא [52] קען מען זען, פּ אַ ק ט ו ע ל, אַז ער האָט געהאַלטן די קינדער פון די נישט־יידישע מוטערס, ווי נישט־ייִדן: ער האָט באַפוילן אַרויסצוטרייבן די קינדער געבוירענע פון נשים נכריות.

די פראַגע ווערט געשטעלט, פאַר וואָס האָט ר׳ שמעון בן יוחאי דאָס אַרויס־געלערנט פונעם פּסוק ״כי יסיר את בנך״ — וואָרום ער וועט אָפּקערן דיין זון פון היגטער מיר, און זיי וועלן דינען פרעמדע געטער... [53]? בעת ער האָט געקענט אָנווייזן, אויף אַ געשעענעם פאַקט ביי עזראן; אויב די קינדער וואָלטן אָנערקענט געוואָרן ווי ייִדן, וואָלט עזרא הסופר, זיי נישט אַרויסגעשיקט צו דינען עבודה זרה.

הרב גרויבאַרט גיט אָן אַ תּירוץ, וואָס איז — לויט אונדזער מיינונג — אַ דוחק: עזראס האַנדלונג זאָל געווען זיין אַ ״הוראת שעה״ — אַ מאָמענטאַלער באַשלוס. דער דאָזיקער ״ענגער תּירוץ״ איז אָבער אָנגענומען געוואָרן ביי אַלע פאַרשערס און מפרשים. זיי האַלטן אַז דאָס איז נישט געווען בלויז ״למגדר מילתא״ [54], נאָר צוליב דער מורא פון די פרעמדע איינפלוסן, וואָס די קינדער מיט זייערע מוטערס קענען אַריינברענגען אין לאַנד אַריין.

אין מדרש [55] ווערט איבערגעגעבן, אַז דער ר׳ יעקב האָט געטענהט, אַז דאָס קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ ״יליד בית״, וואָס ווערט אָנערקענט אַלס ייִד; אויך אויף דעם האָט ר׳ חגי געענטפערט: אַ ״יליד בית״ איז חל בלויז אויף אַ קינד פון אַ שפחה כנענית, וואָס אויך זי גייט איבער צו ייִדישקייט [56].

הרב גרויבאַרט ווייזט אָן, אַז לויטן ירושלמי רעדט זיך דאָרט בלויז וועגן דערלויבן מילה בשבת, מל צו זיין דאָס קינד אום שבת, וואָס איז דערלויבט און ס׳איז אַ מצווה וואָס איז דוחה שבת, יום־כּפּור — אָבער בלויז ביי אַ ייִדיש קינד, ביי וועלכן די מצווה איז ״וביום השמיני ימול— ״ די ערשטע מצווה צו אברהם אבינו, דעם אַכטן טאָג זאָל מען דאָס קינד מל זיין [57]. אין דער וואָכן — איז די מיינונג פון הרב גרויבאַרט — זאָל מען אפשר יאָ מעגן מל זיין אַ ייִנגל, געבוירן פון אַ נישט־ייִדישער מוטער. ער ברענגט אָבער דעות, אַז אפילו אין דער וואָכן טאָר מען נישט מל זיין אַ קינד, סיידן פון אַ ייִדישער מוטער, אָדער לשם גרות [58] ווען ס׳איז דאָ דערביי די הסכמה פון די עלטערן.

די פּוסקים וועלכע פאַרווערן מילה צו נישט־ייִדן, אויב נישט לשם גרות, שטיצן

זיך אויף דעם מאמר אין דער גמרא, אַז מילה איז געזאָגט געוואָרן צו אברהם אבינו און בלויז צו „זרע אברהם" — אָדער אַזעלכע וועלכע ווילן ווערן אַריינגענומען, דורך מגייר זיין, צו די „זרע־אברהם": „ואתה את בריתי תשמור אתה וזרעך" — און גאָט האָט געזאָגט צו אברהם: דו אָבער, זאָלסט היטן מיין בונד, דו און דיין זאָמען נאָך דיר, אויף דור־דורות — „אינש אחרינא לא" [59].

אין זיין סומירן, נאָכן ברענגען אַלע דעות, שטיצט זיך הרב גרויבאַרט אויף רבניש־אויטאָריטאַרע מיינונגען, אַז ס'איז נישט פאַרוועהרט מל צו זיין נישט־יידישע קינדער, בפרט אין אַ פאַל, ווען דער פאָטער איז אַ ייד און ער וויל מ'זאָל זיין קינד מל זיין, אפילו ווען ער זאָגט נישט אַז זיין כוונה איז צוליב גרות, ווייל ס'קאָן זיין, אַז ער האָט אַ כוונה דערביי, אַז דער דאָזיקער מילה־ריטואַל זאָל שפּעטער קענען גערעכנט ווערן פאַר גרות — און דאָס קאָן געטאָן ווערן נאָך אַ געהעריקער טבילה און קיום־המצוות, לויטן דין „גר שמל ולא טבל"... איז ער נישט קיין ייד [60], וואָס אין דעם פאַל קאָן די מילה גאַנץ גוט פאַררעכנט ווערן צו קאָמפּלעטירן די גרות־פּראָצעדור, לויט דער הלכה.

האָבן מיר שוין באַהאַנדלט דעם ענין גרות, איז כדאי אָנצווייזן אויף אַ צאָל פּריווילעגיעס, וואָס זענען הלכהדיק פאַרבאָטן פאַר יידן און אויך דער גר איז פּריווילעגירט צו אָט די פאַרבאָטן: דער גר־תושב וואָס נעמט אויף זיך נישט צו דינען עבודה זרה, דאַרף היטן שבת [61]. האָט ער זיך מל געווען, איז ער שוין נענטער צו יידישקייט, איז אפילו ער איז זיך נישט מגייר פולשטענדיק, מעג מען — לויט אַלע מיינונגען — לערנען מיט אים תורה און מ'טאָר אים נישט געבן צו עסן טרפה, אָדער נבלות [62]. ער ווערט שוין באַטראַכט ווי אַ „שטיקל ייד" און ער פאַרלירט די פּריווילעגיע פון עסן טרפות און נבלות. עס איז אַ פּריווילעגיע צו זיין אַ ייד אָבער דערביי פאַרלירט מען די אַנדערע פּריווילעגיעס...

ביים באַהאַנדלען דעם ענין מילה פון אַ קינד פון אַ נישט־יידישע מוטער, אַז די אידענטיטעט פונעם קינד ביי אַ געמישטער חתונה ווערט באַשטימט לויט דער מוטער [63] און אַז מ'זאָל נישט מל זיין אַן עכו"ם, סיידן ער קומט זיך מגייר זיין, איז אַרויפגעשוווּמען די פראַגע, צי דער מילה־ריטואַל קען געטאָן ווערן דורך אַ נישט־ייד, אָדער דורך אַ כותי (ער האָט אַ ספּעציעלער קלאַסיפיקאַציע). איז דער אויספיר: די מילה מוז געטאָן ווערן דורך אַ ייד, ווייל ער איז מחוייב אין דער מצוה.

מיר לערנען [64]: „אמר ר' יהודה, כותי לא ימול ישראל, מפני שמל לשם הר גריזים; אמר לו ר' יוסי, וכי היכן מצינו מילה מן התורה לשמה?"

מיר האָבן אויך אין דעם חילוקי־דעות צווישן אמוראים, צי מילה דאַרף זיין לשמה, מיט כוונה לשם מצות מילה [65], אָדער בלויז די מעשה פון מילה איז גענוג. די דאָזיקע מיינונגס־פאַרשיידנקייט ווערט פאַרגעזעצט ביי די גדולי־הפוסקים. אַלע זענען מודה, אַז דער וואָס באַשליסט ביי זיך איבערצוגיין צום יידנטום, מוז

ער דורכגיין דעם מילה־ריטואַל מיט כּוונה און גוטן ווילן, מיט באַוווּסטזיניקייט ״לשם הכנסת דת״[66], דאָס סתּם דורכפירן דעם מילה־ריטואַל ווי אַ שפּיל, אָדער אַנדערע סיבות, מאַכט אים נישט פאַר קיין גר.

אין אַ ווייטערן פּרק באַהאַנדלען מיר די ענינים פון גרות, אַריינגערעכנט די כּותים־סעקטע בנוגע זייער סאָרט ייִדישקייט.

מיר וועלן דאָ בלויז לשם סיום ברענגען אַ צאָל עפּיזאָדן און דינים, דורך וועלכע מ׳קען זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן דער פאַרברעכערישקייט פון די היידנישע פעלקער און די עטישקייט פון ייִדן, אַזוי אַז ס׳זאָל אונדז נישט וווּנדערן אויף די דינים מיט שטרענגקייט קעגן די געצנדינערס, ווי מיר געפינען דאָס ביים רמב״ם[67]: ״ספרים רבים חברו העכו״ם... צונו הקב״ה שלא לקרות בהם״. זיין שטרענגקייט צו מוסרים, מומרים, אַפּיקורסים, ווי געשטעלט ביי חז״ל, איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס זיי האָבן איבערגענומען די היידנישע אוממאָראַלישקייטן, פאַרברעכעריש־קייטן. יהדות האָט אָוועקגעשטעלט אַ געזעלשאַפט, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, געלייטערט עטיש און מאָראַליש.

אויסצורעכענען פאַקטן אויף צו באַווייזן די דאָזיקע הנחה, פאָדערט זיך אַן ענציקלאָפּעדיש ווערק און מיר וועלן אין אַ ווייטערן פּרק ברענגען אַ צאָל פאַקטן. דאָ וועלן מיר בלויז ברענגען צוויי דערציילונגען, ווי אַזוי די גייסטיקע פירערס האָבן זיך נוהג געווען אין זייער באַנעמונג מיט אַנדערע מענטשן.

ר׳ יוחנן — ווערט דערציילט — איז קראַנק געוואָרן אויף ״צפינדא״ און קיינער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי און מיט וואָס אים צו היילן. האָט זיך דערפון דערוווּסט אַ ״מטרוניתא״ (אַ רוימישע געלערנטע פרוי) און זי האָט אים איבערגעגעבן די רפואה, מיטן תּנאי, ער זאָל קיינעם נישט אויסזאָגן דעם סוד.

ר׳ יוחנן איז געהיילט געוואָרן. האָט ער געפילט, אַז ער דאַרף אויסזאָגן דעם סוד, כּדי אַנדערע מענטשן זאָלן זיך קענען היילן. די גמרא פאַרנעמט זיך מיטן דאָזיקן ענין, צו פאַרענטפערן ר׳ יוחנען, אַז ער האָט געמעגט עובר זיין אויף זיין צוזאָג מיט דער שבועה. אָבער נישט דאָס איז אונדז וויכטיק. פאַר אונדז איז וויכטיק צו וויסן וואָס האָט די מטרוניתא געטאָן, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז איר ״פּאַציִענט״ האָט אויסגעזאָגט דעם סוד.

אין ירושלמי ווערט איבערגעגעבן אַז טייל זאָגן, זי האָט זיך דערוואָרגן, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און טייל זאָגן, אַז זי האָט זיך מגייר געווען, זעענדיק די עטישקייט פון רבי יוחנן, זיין ליבע צום מענטש, ״אית דאמרין, חנקה נפשה (צוליב דעם צער, אַז מ׳ווייסט שוין דעם סוד פון איר מעדיצין) ואית דאמרין, דאתגיירה...״ זי האָט זיך מגייר געווען, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ר׳ יוחנן האָט דאָס געטאָן אָן באַצאָלונג, נאָר בלויז צו העלפן קראַנקע. זי האָט געזען אַן עטישן אַקט, אַז עס איז די טבע פונעם ייִד צו טאָן גוטס, צו ראַטעווען, צו היילן מענטשן[68].

אין אויסטייטשן דעם פסוק "הולך תמים ופועל צדק ודבר אמת בלבבו" — דער וואָס גייט ערלעך און טוט גערעכטיקייט און רעדט אמת אין זיין הארצן[69], ווערט געזאָגט אַז דער דובר אמת בלבבו — איז געווען רב ספרא.

רב ספרא — ווערט דערציילט — האָט געהאַט אַ חפץ צו פאַרקויפן. איז געקומען אַ קונה, בעת ער האָט געהאַלטן אין זאָגן "שמע" — "בשעה שהיה קורא קריאת שמע" און אים געזאָגט אַ פּרייז. אַזוי ווי ער האָט נישט געענטפערט, האָט דער קונה געמיינט אַז ער וויל מערער, האָט ער אים צוגעזאָגט אַ העכערן פּרייז.

ווען רב ספרא האָט געענדיקט קריאת־שמע, האָט ער געזאָגט צום קונה: דו וועסט עס קריגן לויט דעם ערשטן פּרייז, וואָס האָסט צוגעזאָגט, ווייל אַזוי איז געווען אין מיין מחשבה. ווייזן די חז"ל, אַז רב ספרא, ווי דער מוסטערמענטש, אַז אַפילו דאָס וואָס מ'האָט אין מחשבה, בלויז אין האַרץ אַזוי אין זינען געהאַט, דאַרף מען מקיים זיין[70].

ייִדן לאָזן זיך אָבער נישט באַליידיקן, זענען שאַרף קעגן שונאים. ייִדן שטעלן נישט אונטער די באַק, יענער זאָל קענען פּאַטשן. אַ באַוווסטזיניקער ייִד איז שטאָלץ אויף זיין אָפּשטאַם. ער וועט טאָן, וואָס ער קאָן, נישט צו לאָזן זיך דער־נידעריקן.

ס'ווערט דערציילט, אַז רבי יהושע בן חנניה, וועלכער פלעגט מאַכן נסיעות קיין רוים און דאָרט שטאַרק פאַרערט געווען ביי מלכות, צוליב זיין חכמה — האָט אַ מאָל געזען, ווי אַ געצנדינער זאָגט צו זיין קנעכט: שפּיי זיבן מאָל אין פּנים פון אַ ייִד, ווייל דער ייִד האָט אַ תורה, וואָס לערנט אים צו פאַרשקלאַפן די זיבן פעלקער.

ר' יהושע האָט געטאָן ווי משה רבנו, ווען ער האָט געזען, ווי אַ מצרי שלאָגט אַ ייִד; נאָר ער האָט דעם דאָזיקן מענטשן נישט געשלאָגן. ער האָט אים געשאָלטן און אַזוי ווי די קללה איז אַרויס פון ר' יהושעס מויל, איז דער געצנדינער איינ־געזונקען געוואָרן אין דער ערד. ביי משה רבנו איז געווען "ויך את המצרי ויטמנהו בחול" — ער האָט דערשלאָגן דעם מצרי און האָט אים באַהאַלטן אין זאַמד"[71].

ייִדן האָבן זיך גענוג אָנגעליטן אין מצרים. משה, אין שליחות פון הקדוש ברוך הוא, האָט באַקעמפט פּרעהן מיט זיין חייל, באַפרייט די ייִדן און ביים ים־סוף געהאַט דעם גרויסן נצחון. די הילף פון גאָט איז געקומען אין צייט, און דאָס וואָס די מצריים האָבן געוואָלט זען ביי די ייִדן איז געפאַלן אויף זיי.

זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן אין מצרים צו דערטרינקען אַלע ניי־געבוירענע זכרים; די דערוואַקסענע — זיי צו דערמאַטערן מיט "עבודת פרך". פּרעה איז געווען אַ "כפוי טובה", "אשר לא ידע את יוסף" — אַ נייער קעניג איז אויפגע־שטאַנען איבער מצרים וואָס האָט נישט געקענט יוספן[72]. צי ס'איז געווען אַ נייער קעניג, צי עס איז געווען דער זעלביקער וואָס האָט אַרויסגעגעבן נייע גזירות און זיך געמאַכט אַז ער קען נישט יוספן, ווייל אפילו אַ נייער קעניג האָט געדאַרפט

וויסן וואָס יוסף האָט אויפגעטאָן פאַר די מצרים — און יוסף איז געווען שני למלך אַרום אַכציק יאָר [73]. ווי אַזוי האָט דער פּרעה געקענט מיט אַ לייכט געוויסן פּלאַנירן אומצוברענגען דאָס פאָלק פון יוספן? דאָס ווײַזט אויף דער רשעות פון פּרעהן מיט זיינע געהילפן.

אָבער אפילו מיט זיי האָט דער רבונו של עולם אַרויסגעוויזן מיטלייד און זייער אומקום, דער אומקום פון אַ ברוטאַלער מאַכט, באַטראַכט ווי אַ מענטשלעכע טראַגעדיע.

אפילו מיט זיי — און אין צייט פון קריג ווען זיי האָבן געוואָלט אַריינציאָגן די יִדן אין ים סוף, צו ליקווידירן, חלילה, די יידן אויף אייביק און דער נס איז געשען: דאָס פאַרקערטע איז געשען... האָבן די מלאכי השרת געוואָלט זאָגן שירה, האָט הקב״ה געזאָגט צו זיי: ״מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה?״ [74] — מיינע ווערק טרינקען זיך אין ים, וועט איר זאָגן שירה?

לויטן מדרש [75], האָט דער רבונו של עולם זיי נישט געלאָזט זאָגן שירה צוליב די צרות, וואָס יִדן זענען דאָן דורכגעגאַנגען אין יענער גורלדיקער נאַכט:

״אמר ר׳ יוחנן, בקשו המלאכים לומר שירה לפני הקב״ה באותו הלילה שעברו ישראל את הים, ולא הניחן הקב״ה. אמר להם: לגיונותי נתונין בצרה ואתם אומרים לפני שירה?״ [76]

די יִדן האָבן געזונגען, ווייל זיי זענען די געראַטעוועטע, די געליטענע — זיי האָבן רעכט צו זינגען, זיך צו פרייען, זאָגן שירה ושבחים צום רבונו של עולם וואָס האָט זיי געראַטעוועט.

ס׳פעלן נישט קיין מדרשים אין פאַרענטפערן די סתירה, וואָס אין איין אָרט ווערט געזאָגט, אַז אין הימל איז מען צופרידן מיט דער מפלה פון רשעים און אויף אַ צווייט אָרט, אַז הקב״ה איז נישט אין שמחה, אַפילו מיטן אומקום פון רשעים.

מיר האָבן אַ מדרש [77] אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן לקיש (ריש לקיש, שוואָגער פון ר׳ יוחנן): ״בשלשה מקומות בקשו מלאכי השרת לומר שירה לפני הקב״ה ולא הניחן... בים כתיב, ולא קרב זה אל זה כל הלילה״ און ביי דער שירה פון מלאכים ווערט געזאָגט: ״וקרא זה אל זה״.

ווי מפרשים קאָמענטירן, איז דאָ געמיינט די געוויינטלעכע טאָג־טעגלעכע שירה פון די מלאכים [78] און דער רבונו של עולם האָט זיי אָפּגעהאַלטן, ווייל: ״אין הקב״ה שמח במפלתן של רשעים״.

די פראַגע איז: מיר געפינען דאָך אַ טייטש אויפן פּסוק ״ורשעים עוד אינם״ [79] אַז ״יש שמחה לפני הקב״ה במפלתן של רשעים״ [80]. דער ענטפער איז: דער רבונו של עולם פרייט זיך ווען רשעות ווערט אָפּגעווישט, אָבער נישט אויף אַ נקמהדיקן אופן.

אין זוהר הקדוש [81] ווערן אויסגעטייטשט די פּסוקים: ״ובאבוד רשעים רנה״ —

אַז די רשעים גייען אונטער איז אַ געזאַנג [82]; "החפוץ אחפוץ מות רשע" טו איך דען באַגערן דעם טויט פון דעם שלעכטן, זאָגט גאָט, און ניט אַז ער זאָל זיך אומקערן פון זיינע וועגן און לעבן [83].

אין לשון פון זוהר: "והא לית נייחא קמי קוב"ה כד אתעבד דינא ברשיעייא, אלא כאן קודם דאשתלים קיסטא (איידער ס'איז אָנגעפילט זייער מאָס), איז קיין שׂמחה ניטאָ, ווען זיי ווערן שטרענג באַשטראָפט; כאן לבתר דאשתלים קיסטא" (ווען דאָס מעסטל פון זינד איז שוין אָנגעפילט) איז אַ שׂמחה, ווען אַזאַ רשע, אָדער רשעים ווערן פאַרלוירן [84].

ס'איז אַן אומאויסשעפּלעכע טעמע. דער הומאַניזם אין שייכות מיט דער באַציונג צו די אַרומיקע פעלקער דאַרף זיין אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער און פאַר אַלע דורות.

אין די געזעצן וועגן פעלקער נישט אַריינצונעמען אין קהל-ישראל און עס ווערן אָנגעגעבן די מאָטיוון פאַר אָט דעם צוריקווייז אין אַקצעפּטירן זייערע מענער, ווערט געזאָגט וועגן אֱדומען: "לא תתעב אדומי כי אחיך הוא" — זאָלסט נישט פאַראומווערדיקן אַן אדומי, וואָרום, ער איז דיין ברודער. און וועגן דעם מצרי: "ולא תתעב מצרי כי גר היית בארצו" — זאָלסט נישט פאַראומווערדיקן אַ מצרי, וואָרום דו ביסט געווען אַ פרעמדער אין זיין לאַנד [85], און חז"ל לערנען דערפון, ווי רבא האָט געזאָגט צו רבה בר מרי: מנא הא מילתא דאמרי אינשי "בירא דשתית מיני' לא תשדי בי' קלא" — אינעם ברונעם פון וועלכן דו האָסט געטרונקען, זאָלסטו נישט אַריינוואַרפן קיין שטיינער [86], לערנט מען דאָס אַרויס פון דעם אָנזאָג, ווי זיך צו באַנעמען מיט מצרים.

משה רבנו האָט נישט געשלאָגן דעם יאור-נילוס, ווייל דער טייך האָט אים געשטיצט, ווען ער איז דאָרט אַריינגעשליידערט געוואָרן.

אין דער מלחמה מיט די מדינים, ווען דער רבונו של עולם זאָגט אים: "נקום נקמת המדינים... כי צוררים הם לכם"... אַרומרינגלען די מדינים, זיי שלאָגן, נעמען נקמה, צוליב דעם וואָס זיי האָבן אייך געטאָן [87], האָט משה געשיקט אַנדערע.

די פראַגע ווערט געשטעלט: דער רבונו של עולם שיקט אים מיט דער דאָזיקער שליחות און ער שיקט אַנדערע? דער זעלביקער ענטפער. משה רבנו פאַרענטפערט זיך, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש: "אינו כדין שאני מיצר למי שעשה לי טובה". המשל אומר: "בור ששתית ממנו מים, אל תזרוק בו אבן" [88]. ס'איז דאָרט געווען דער היתר פון "הבא להרגך — השכם להרגו" [89] — און דאָך האָט משה געוואָלט אַנדערע זאָלן דורכפירן די דאָזיקע שליחות.

מיר וועלן ווייטער באַהאַנדלען דעם צוגאַנג צום אַריינעמען גרים, אַ טעמע, וועלכער מיר האָבן שוין געווידמעט פּרקים אין פריערדיקע ווערק. צום סיום פון

דעם פּרק איז כּדאַי אָנצווייזן אויף דעם פאַקט, אַז ייִדן זענען נישט קיין מיסיאָנערן, אָבער די וועלכע ווילן אַריינקומען אין קהל־ישראל, דאַרף מען זיי מקרב זיין. מ'נעמט זיי אַריין מיט אָפענע אָרעמס [90]. אין משיחס צייטן, איז דאָ אַ מאַמר [91], וועט מען נישט מקבל זיין קיין גרים, ווייל ס'וועט זיין דער חשד, אַז זיי טוען דאָס צוליב מורא, אָדער צוליב באַקוועמלעכקייט. די גרים וועלכע קומען צוליב איבערצייגונג, זיי זענען איבערגעצייגט אין דער דערהויבנקייט פון דער ייִדישער תּורה, זיי קומען באַוווסטזיניק "תחת כנפי השכינה". אַזעלכע איז מען מקבל באהבה, ווי דער נביא זאָגט אָן דעם לעתיד: "ונלוו גויים רבים אל ד' ביום ההוא והיו לי לעם" — און פיל פעלקער וועלן זיך באַהעפטן אָן גאָט אין יענעם טאָג, און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק..." [92].

ווי אַ מאָל, ביים באַגין: אברהם און שׂרה האָבן מגייר געווען מענער און פרויען און זיי אַריינגעבראַכט אונטער די פליגלען פון דער שכינה, אַזוי וועט זיין אין די צוקונפטיקע גליקלעכע טעג.

## הערות

### א

1 במדבר, כ"ג, ט'.
2 שמות, י"ב, מ"ג—מ"ט.
3 שמות רבה, י"ט, ד' א"אַ.
4 ויקרא, כ"ב, י"ח.
5 חולין, י"ג ע"ב; נזיר, ס"ב, ע"א; מנחות, ע"ג, ע"ב; תמורה, ב', ע"ב.
6 ויקרא, ז', ח'.
7 זבחים, ק"ג, ע"א.
8 במדבר רבה, ח', ב'.
9 יבמות, ע"ו, ע"ב; ע"ז, ס"ט, ע"א.
10 דברים, כ"ג, ד'; יבמות, דאָרט.
11 ב"ק, ל"ח, ע"ב; נזיר, כ"ג, ע"ב; פסחים, קי"ח, ע"א; רש"י, משפטים, כ"ב, ל' א"אַ;
12 תנחומא, ויחי, י"ד; סוטה, מ"ז, ע"א; רש"י, שופטים, ג', כ'.
13 סוטה, מ"ז, ע"א; בראשית רבה, צ"ט ג'; רות רבה, ד'; אבות, ו', ד'; ברכות, מ"ג, ע"ב; שבת, פ"ג, ע"ב; עירובין, כ"א, ע"ב; זוהר, ב', קנ"ח.
14 רות רבה, ב', ט"ו. אין מיינע דרוש־ספרים — באריכות.
15 יבמות, ע"ו, ע"ב; זע, הרב י. ל. מימון, חגים ומועדים, ז"ז רע"א—רע"ב.
16 יבמות, כ"ד, ע"ב, א"אַ.
17 קדושין, ע', ע"ב; יומא י', ע"א.
18 ישעיה, נ"ו, ג'; ו'—ז; י"ד, א', ל'.
19 דברים כ"ג, ד'—ח'.
20 שמואל־ב', א', ט"ז; מכילתא, בשלח, י"ז; תנחומא, תצא, י"א; ספרי, דברים, כ"ו, י"ט א"אַ.
21 מגילה, י"ב, ע"ב — י"ג, ע"א; גיטין, נ"ז, ע"ב.

22 הוצ. מסורה, לודז, תר״ץ, ז״ז קכ״א—ר״ו.
23 תהלים, ק״ד, ל״ה.
24 בראשית, ז׳, כ״ג.
25 דברים, כ׳, ט״ז.
26 בראשית, י״ח, י״ח; שמות, י״ט ה׳—ו׳; ויקרא, י״ח, א׳, כ״ה; כ׳, כ״ד; כ״ה, מ״ב—מ״ד; דברים, ד׳, ז׳; י״ב, ל״א; י״ד, ב׳; י״ח, י״ב א״א.
27 ירושלמי, שביעית, ו׳, ה׳; ימין ושמאל, ז״ז קצ״ד—קצ״ו.
28 שמות, י״ד, כ״ח.
29 מגילה, י״ז, ע״ב; סנהדרין, ל״ט, ע״ב; זהר, בראשית, נ״ז, ע״ב; תרומה, ק״ע, ע״ב.
30 דברים, כ״ג, ח׳.
31 מלכים־א׳, ח׳, מ״א—מ״ג.
32 ישעיה, נ״ו, ז׳.
33 יונה, פרקים, ב׳ און ג׳.
34 דברים, ל״ג, ג׳.
35 אבות, ג׳, י״ד.
36 תנחומא, בחוקותי; מדרש תהלים, י״ז, א׳; סנהדרין, נ״ו, ע״ב.
37 יחזקאל, כ״ג, כ׳; ברכות, נ״ח, ע״ב.
38 משלי, י״ד, ל״ד; בבא בתרא, י׳, ע״ב; תנחומא, תשא, ה׳; רש״י, מצודות, מלבי״ם יהואש: ״און זינד איז די שאנד פון די פעלקער״.
39 ברכות, י״ז, ע״א.
40 סוכה, נ״ה, ע״ב; בבא בתרא, י׳, ע״ב.
41 ויקרא, י״ח, ג׳; י״ז, ז׳; כ׳, כ״ב.
42 ספרא, אחרי, ימין ושמאל — אויספירלעכער.
43 יחזקאל, ה׳, ז׳.
44 סנהדרין, ל״ט, ע״ב.
45 סנהדרין, נ״ח, ע״ב.
46 ימין ושמאל — באריכות.
47 סנהדרין, נ״ט, ע״א.
48 חגיגה, י״ב, ע״א.
49 איכה רבתי, ב׳, י״ז.
50 זע, ימין ושמאל, ז׳ ר״א, הערה ה׳; חבלים בנעימים, ב׳, סימנים: ס״ג—ס״ד.
51 באציונג צום פרעמדן — אויספירלעכער.
52 דברים, כ״ג, כ׳—כ״א.
53 תהלים, ט״ו, ה׳; מכות, כ״ד, ע״א.
54 יבמות, ס״א, ע״א.
55 דארט, ס״ג, ע״ב.
56 דארט, ס״ד, ע״א.
57 מסכת סופרים, ט״ו, י׳.
58 שמות, ט׳, כ׳. רש״י און רבינו בחיי — אויפן ארט; תנחומא, בשלח; תוספות עבודה זרה, כ״ו, ע״ב, אנהייב־ווארט ״ולא״; ימין ושמאל, ז״ז ר״ד—ר״ו.
59 שמות, י״ד, ז׳; מכילתא און רש״י אויפן ארט; דברים, כ״ג, ה׳; תנחומא, באבער; מסכת סופרים גירסא: ״הטוב שבעכו״ם בשעת מלחמה״.
60 שמות, י״ד, כ״ח; אויספירלעך אין טיפזיניקן מאמר אין ״אלגעמיינער זשורנאל״, פרייטיק, 20טן יוני, 1978.
61 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ב, כ״ה.
62 שמות, י״ב, ל״ה—ל״ו.
63 דארט, י״א, ב׳.
64 בבא קמא, ל״ה, ע״א—ע״ב וועגן די אונטערשיידן אין משפט צווישן ישראל ועכו״ם.
65 רמב״ם, ריש פרק ב׳ מהלכות גניבה; פירוש המשניות, דמאי, ו׳, ט׳.

66 זע, שבתי סג״ל, ציוני ש״ס, תל־אביב, תשי״ד, ז׳ 19. לויטן מלבי״ם, קאָן מען אַזוי טייטשן.

## ב

1 אין מיינע פריערדיקע ווערק.
2 די נוסחא ״שעשני ישראל״ געפינט זיך אין תוספתא, מהדורת ר״ש ליבערמאַן, ברכות פרק ו׳, י״ח; אַזוי איז אויך די נוסחא אין סדר רב עמרם, רמב״ם, אבודרהם און אַזוי אין אַ צאָל ״נוסח התפלות״. זע, יהודה ראָזענטאַל, הדואר, ה׳ אלול, תשכ״ט, גליונות ל״ג און ל״ו; דאָרט, אָנמערקונגען פון פלטיאל בירנבוים.
3 דאָס לידל, איז געזונגען געוואָרן אין אַ צאָל וואַריאַנטן. יעקב גלאַטשטיין ע״ה, אין זיין ״פראָסט און פשוט״, האָט געווידמעט צוויי פעליעטאָנען אין ״דער טאָג — מאָרגן־זשורנאַל״, דעצ. 25 און יאַנ. 11, 1969 און 1970, אַרויסזאָגנדיק זיך קעגן זינגען אַזאַ שאָוויניסטיש לידל.
4 סנהדרין, פ״א, ע״ב א״אַ.
5 במדבר, כ״ה, ו׳—ט״ו.
6 אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
7 במדבר, דאָרט, דאָרט און די פסוקים ט״ז—י״ט.
8 סנהדרין, נ״ד, ע״א; ויקרא רבה, כ״ז, ג׳; תנחומא, אמור, ח׳.
9 ויקרא, י״ח.
10 דאָרט, דאָרט, כ״א.
11 משנה, מגילה, ד׳, ט׳; גמרא, כ״ה, ע״א.
12 בראשית, ט׳, ו׳.
13 שמות, כ״א, י״ב.
14 דאָרט, דאָרט, י״ד; כ״ב—כ״ג — יהואש איבערז.
15 מכילתא, אויפן אָרט.
16 ויקרא, כ״ד, י״ז.
17 יחזקאל, כ״ב, כ׳.
18 משנה, סנהדרין, ט׳, ו׳; גמרא, פ״א, ע״ב — פ״ב, ע״א; ע״ז, ה׳, ע״א; במדבר רבה, כ׳, כ״ה; תנחומא, וישב, ח׳ א״אַ. רש״י, סנהדרין: ״בני אדם כשרין המתקנאין קנאתו של מקום פוגעין (ממיתין) בו בשעה שרואין את המעשה, אבל לאחר מכן אין מתתו מסורה לבית־דין והלכה למשה מסיני הוא״.
19 משלי, י״ד, כ״ח און ל״ד.
20 ״ולא תונו איש עמיתו״ — טייטשט דער תרגום יונתן, לויט מדרשים: ״ולא תונון גבר ית חברי׳ במילין קשין״. זע, באַציונג צום פרעמדן.
21 במדבר רבה, כ״ג, ז׳; סנהדרין, ל״ז, ע״א.
22 זע, חיים גרינבערג, מענטשן און ווערטן, בוענאָס איירעס, תשכ״א, ז״ז 16—17; 27—28; 271—276.
23 בראשית רבה, ע״ח, י״א; שמות רבה, א׳, כ״ג; יבמות, ע״ט, ע״א.
24 מחבר פון באַרימטע הלכה־ספרים: שו״ת ״אבני נזר״; ״אגלי טל״ און גאונישע ספרים אין תורת הנגלה, אין חסידות און אין תורת הנסתר — קבלה.
25 מיכה, ז׳, כ׳.
26 תדא״ר, ו׳ א״אַ.
27 אבדר״נ, פרק ז׳, א׳.
28 איוב, ל״א, ל״ב.
29 ב״ב, ט״ו, ע״ב.
30 שבת, קכ״ז, ע״א; שבועות, ל״ה, ע״ב.
31 בראשית, אָנהייב פ׳ וירא, רש״י — אויפן אָרט; זע, תוספות, בבא מציעא, פ״ו, ע״ב, אָנהייב־וואָרט חזייה.

32 "פשוטו של מקרא" פון הרב שמעון כשר, ציטירט פון תנחומא ישן.
33 ירושלמי, ברכות, ה׳, א׳.
34 צפניה, ג׳, ט׳.
35 זכריה, ט׳, ט׳; י"ד, ט׳.

## ג

1 זע, מפרשי איוב: אין צוגאָב צו די אָפּיציעלע מפרשים — מלבי"ם; חקר שדי פון שמואל זיינוויל שטערנבערג (זיטאָמיר, תרל"ג); מישר נבוכים פון אדם שטראַשון (ווילנא, תרנ"ח); ספר איוב, עם באור חדש פון ש. ל. גורדון (של"ג); ספר איוב מיטן פירוש פון עמוס חכם, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תש"ל, מיט אַ "מבוא" — אַריינפיר (ז"ז 9—32) — אַ וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע. דאָס לעצטע — ספר איוב, איבערגעזעצט אין יידיש מיט הערות און פירוש פון זאב וואָלף סאַלעס, לאָס אַנדזשעלעס תשמ"ג.
2 תהלים, י׳, א׳: למה ד׳ תעמוד ברחוק תעלים לעתות בצרה.
3 ירמיה, י"ב, א׳. ר׳ ישראל סאַלאַנטער, זאָגט מען, האָט געזאָגט: ווייל זיי אמתדיק פאַר דער שקר.
4 קדושין, ל"ט, ע"ב. זע, תורה תמימה, ואתחנן, ט"ז, אות ח׳.
5 קדושין, ל"ט, ע"ב; סוף חולין; מהרש"א, חידושי אגדות, קדושין און חולין.
6 סנהדרין, ק"ג, ע"ב.
7 פסיקתא, ל"ג, א"אַ.
8 סנהדרין, נ"ט, ע"א.
9 חולין, י"ג, ע"ב — רש"י און מפרשים.
10 בבא קמא, ל"ח, ע"א.
11 רמב"ם, מלכים, י׳, ט׳.
12 זע, משנת אברהם, ספר חסידים, סימן תתרכ"א.
13 איכה רבתי, ב׳, י"ז. וועגן אַ "מומר" און "מין" — זע, עירובין, ס"ט, ע"ב; ר"ה, י"ז, ע"א; ע"ז, כ"ו, ע"ב; חולין, ח׳, ע"א.
14 גזלה ואבדה, י"א, ג׳. מקור: ב"ק, קי"ג, ע"א—ע"ב; סנהדרין, ע"ז, ע"ב.
15 חו"מ, סימן רס"ז, י"א. דעם טעם: "שנוהגים הפקר בעניני אחרים".
16 דברים, כ"ב, ג׳.
17 פחד יצחק, טעות גוי.
18 אין מיין ווערק באַציונג צום פרעמדן — אויספירלעכער.
19 חידושי אגדות: כתובות, ס"ז, ע"א. זע אויך, מהרש"א, שבת, קי"ט, ע"א; סוטה, מ׳, ע"א; סנהדרין, ז׳, ע"א; י"ד, ע"א.
20 חושן משפט, סימנים: רל"א, רס"ו—רס"ז, שמ"ח. אין אַ צאָל אויפלאַגעס, איז דאָס צענזורירט.
21 גיטין, ס"א, ע"א.
22 חושן משפט, דאָרט, דאָרט.
23 זע, סימנים: תרס"א, תתרפ"א, תתש"ל.
24 יונה, פרק א׳, ב׳; פרק ג׳.
25 על פי נוסח כ"י אשר בפאַרמא, מיטן פירוש "משנת אברהם", הערות און ביאורים. נאָכקוקן די סימנים וועלכע באַהאַנדלען הלכהדיק ייד און גוי באַציונגען.
26 זע, סימנים: כ"ג, קל"ג, תתר"ג.
27 ה׳, ע"א: תוספות, יבמות, ס"א, אָנהייב-וואָרט "ואין הכותים".
28 ויקרא, א׳, ב׳.
29 זע, משנת אברהם, ספר חסידים, תתקל"ג, תתר"ד א"אַ.
30 סימן תתתט"ו, משנת אברהם אות ג׳.

31 דברים רבה, עקב פרשה ג׳, סימן ג׳ ״שנאמן לשלם לישראל שכר המצוות...״.
32 אין אַ ווייטערן פרק — באַריכות.
33 זע, סימנים: תתמ״ז, תתתתנ״ו, תתתתנ״ז, תתתתשנ״ח; מסכת כותים, פרק א׳. מקור: יבמות, ע״ח, ע״ב — ע״ט, ע״א. מאָטיוו: ״מוטב שתעקר אות אחת מן התורה ואל יתחלל שם שמים בפרהסיא״.
34 ישעיה, ס״ו, ב׳, איינס פון צענדליקע פסוקים.
35 תהלים, י״ח, כ״ח.
36 יחזקאל, ל״ד, ל״א.
37 שמונה פרקים, ז״ז מ״ב—מ״ט.
38 זע, תורת אמת, מהרי״ל איגר, תשא, עמ׳ 50; אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן, ישראל קדושים, לובלין, תרפ״ח; צדקת הצדיק, לובלין, תרס״ב; ניו יורק, תש״ז; ירושלים, תשכ״ח.
39 ויקרא, י״ט, א׳; במדבר, י״ט, י״ד; ספרי, ראה, י״ד, כ״א; יבמות, כ׳, ע״א; מ״א, ע״א; ב״מ, קי״ד, ע״ב.
40 תפארת ישראל, אבות, ג׳, י״ד; זע, אור המזרח, תשל״ט, ז״ז 62—71.
41 אין מיינע דרוש־ספרים — באריכות.
42 בבא קמא, ל״ח, ע״א; סנהדרין, נ״ט, ע״א; ע״ז, ג׳, ע״א.
43 ויקרא, י״ח, ב׳.
44 סנהדרין, נ״ט, ע״א.
45 אין די דרייצן עיקרים — אני מאמין...
46 שבת, ל״א, ע״א.
47 אהל רח״ל, א׳, ז״ז 14—32, הערה 8.
48 לויט דער משנה, נזיד הדמע, טהרות, ב׳, ג׳.
49 ויקרא, י״ט, ב׳; כ׳, כ״ז.
50 ער איז געווען דער רבי פון משה מענדעלסאָן, דעם פילאָזאָף און השכלה־באַגרינדער.
51 ישעיה, א׳, ט״ו—ט״ז.
52 הושע, ו׳, ו׳.
53 דאָרט, י״א, א׳.
54 שמואל־ב׳, ז׳, כ״ג; דברי הימים א׳, י״ז, כ״א.
55 ישעיה, מ״א, ח׳.
56 יהושע, ד׳, כ״ד.
57 שמות רבה, ל״ו, א׳. זע, שו״ש, בנתיבי החסידות איזביצא־ראַדזין — באריכות.
58 שמות רבה, ל״ו, א׳. זע, משה כרמלי־וינברגר, סייף וספר ; דר. ז. מ. פלאוט, האמנם, עם נבחר, ז״ז, 74—84, 116.
59 דברים, י״ג, ה׳.
60 סוטה, י״ד, ע״א.
61 ברכות, ס׳, ע״ב; טור און בית יוסף, סימן מ״ו.
62 בראשית, ג׳, כ״א.
63 אין זיין פירוש ״פרי ישרון״, אויפן תניא רבתי, א׳, ז״ז 95—97.
64 שבת, קי״ג, ע״א׳
65 ברכות, ס״ב, ע״ב.
66 שמואל־א׳, כ״ד, ד׳; מלכים־א׳,
67 איכה רבתי, ב׳, י״ז.
68 ברכות, נ״ח, ע״א.
69 זע, רמ״אס ספרים: שו״ת הרמ״א; תורת העולה; מחיר יין און אַנד. זע אויך, הרב אשר זיו, ״הרמ״א כפילוסוף״.
70 אין מיינע ווערק, באַזונדערס אין ספר לובלין — אויספירלעכער.
71 דזש. גאָרדאָן, די ענציקלאָפּעדיע פון די אַמעריקאַנער רעליגיעס — ער גיט אָן די צאָל רעליגיעס אין אַמעריקע צוועלף הונדערט (1200).

72 דברים, ל״ב, ח׳—ט׳.
73 ירמיה, ו׳, ט,,ז.

## ד

1 ויקרא, כ׳, כ״ג — יהואָש איבערזעצונג.
2 דאָרט, י״ח, ג׳.
3 דברים, י״ח, ט׳—י״ד. וועגן ״מולך״ — ויקרא, י״ח, כ״א; כ׳, ב׳—ה׳; ירמיה, ל״ד, ל״ה. אין תלמוד — סנהדרין, ס״ד, ע״ב; רש״י, שופטים, אויפן אָרט און אומצייליקע מאָל אויף פאַרשיידענע ערטער ביי מפרשים און פוסקים.
4 זע, אנציקלופדיה תלמודית, כרך שבעה עשר, ירושלים תשמ״ג, ערך חוקות הגויים, ז״ז ש״ה—שכ״ה.
5 ע״ז, כ״ט—ל׳; שו״ע יו״ד, הלכות יין נסך, סימן קכ״ג, רמ״א, ט״ז און ש״ך. אומות העולם שבחוצה לארץ, לאו עובדי עבודה זרה הן, אלא מנהג אבותיהם בידיהן, חולין, י״ג, ע״ב — רש״י און תוספות אויפן אָרט. מחשבת עכו״ם, לע״ז: גיטין, מ״ה, ע״ב; חולין, ל״ח, ע״ב. אין מיינס אַ ווערק — באריכות.
6 צפניה, א׳, ח׳. זע, מרן ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט, ״ימין ושמאל״, ז״ז רט״ז—רי״ט; נחום סאָקאָלאָוו, ״האני הקבוצי״, ניו־יורק, תר״ץ; נ. שמן, ״באַציאונג צום פרעמדן״, ז״ז 47—48.
7 זוהר, שמות ז׳, ע״ב.
8 ברכות, ס״ב, ע״ב; עירובין, ק., ע״ב; מגילה, י״ג, ע״ב.
9 ברכות, ח׳, ע״ב.
10 זע, נ. שמן, ״לובלין״, ז״ז 323—329; יצחק ריבקינד, ״תשובת הרב יהודה ארי׳ מודינה על גלוי הראש״, תדפיס מתוך ספר היובל לכבוד לוי גינצבורג, ניו יורק, תש״ו; נחמני (נ. שמן), דער אידישער זשורנאַל, טאָראָנטאָ, אויגוסט, 1946, ז׳ 4.
11 ויקרא, י״ח, ג׳ און כ״ז; ספר המצוות להרמב״ם, הוצ׳ ר״ח העליר, ל״ת שנ״ג. ר׳ חיים ווייזט אָן אויף די ביי אונדז דערמאָנטע־מקורים, מיטן צוגאָב פון ילקוט, ספר יראים און אַנדערע. ער ווייזט אויך אָן, אין ״פירוש המשניות בפ״ז וברמב״ם פכ״א מאס״ב ה״ח כמ״ש בכאן״.
12 ציטירט פון תו״כ פ׳ אמור. אין אונדזער תו״כ־ספרא, געפינט זיך דער מאמר אין פ׳ אחרי, פרשה ט׳, קל״ב.
13 סוטה, מ״ט, ע״א; אנציקלופדיה תלמודית, כרך ו׳, כרך ט״ו, ז׳ נ״ט; אין מיין ווערק, באַציונג צום פרעמדן, ז״ז 81—108.

## ה

1 ספר המצוות, מהד׳ ר״ח העליר, מצוה נ״ו און הערות אות 2־ח׳.
2 שמות, י״ד, י״ג; דברים, כ״ח, ס״ח.
3 דברים, כ׳, ט״ז — יהואָש איבערזעצונג.
4 דברים, ז׳, ג׳.
5 דאָרט, דאָרט, כ״ג, ד׳; סנהדרין, פ״ב, ע״א; ע״ז, כ׳, ע״א. זע, ר״ח העליר, הערות.
6 דברים, כ״ג, ד׳—ז׳; זע, הדואר, גליון י״ב, כ״ז טבת, תשל״ט. אין יהדות איז ״פולחן האישות״ — מענטשקולט, שטרענג פאַרבאָטן.
7 שמות, כ״ג, ל״ג.
8 במדבר, ל״ה, ל״ג.
9 מגילת אסתר, א׳, י״ח.
10 במדבר, ל״ה, ל״ג־ל״ד. זע, שנה בשנה, תש״מ, ז״ז 388—391.
11 ויקרא, י״ח, ג׳.
12 טור, יו״ד, סימן קע״ח.

13 ויקרא, י״ח, ה׳ — יהואָש איבערזעצונג.
14 ב״ק, ל״ח, ע״א.
15 אבות, ו׳, ו׳; מגילה, ט״ו, ע״א א״אַ.
16 משלי, ג׳, ט״ו.
17 סוטה, ד׳, ע״א. זע, תוספות דאָרט. פאַר וואָס דער בעל תורה תמימה גיט נישט אָן דעם מקור — נישט צו פאַרשטיין.
18 דברים, ל״ג, ד׳; סנהדרין, נ״ט, ע״א.
19 במדבר רבה, י״ג, ט״ו. זע: חדושי הרש״ש און חידושי הרד״ל — ווילנער אויסגאַבע; פירוש משה אריה מירקין, ער האַלט, אַז דערפאַר וואָס עס רעדט זיך וועגן מעמד הר סיני, דעריבער, דער צוגאָב פון וואָרט ״המתגייר״ — אָבער די נוסחא אין תלמוד, ב״ק, ל״ח, ע״א און סנהדרין, נ״ט, ע״א און ע״ז, ג׳, ע״א איז ריכטיק — אָן דעם צוגאָב ״המתגייר״. ר״ב עפשטיין, אין תורה תמימה האַלט, אַז ס׳איז צו זען אַ חילוקי דעות צווישן מדרש און תלמוד בבלי. לויט הרב פרייס, איז ניטאָ קיין חילוקי־דעות — און מ׳דאַרף צוגעבן דאָס וואָרט וועגן גרות — און ער ברענגט דערויף געגוג ראיות.
20 י״ג, ע״א.
21 תהלים, קמ״ז, כ׳.
22 דאָרט — באריכות.
23 סנהדרין, נ״ט, ע״א; רמב״ם, הלכות מלכים, י׳, ט׳.
24 סנהדרין, דאָרט; ע״ז, ג׳, ע״א; מהרש״א און אַנד. מפרשים.
25 זיי גיבן אָן דעם ״דברי חכמים״, אין ״שדי חמד״. אין דער נייער אויפלאַגע (ניו יאָרק, תשכ״ז) געפינט זיך דאָס נישט. דאָרט ווערט באַהאַנדלט דאָס וואָס עס ווערט איבער־געגעבן אין ירושלמי (סוף פאה), אַז רבינו הקדוש האָט געשיקט אַ מזוזה צו אַרטבן און אַז דער אַרטבן איז געווען אָן עכו״ם. ס׳איז אָבער דאָ אַ מיינונג, אַז אַרטבן איז געווען אַ ייד, ווי עס ווערט איבערגעגעבן (יומא, י״א, ע״א) אַז אַרטבן האָט בודק געווען מזוזות. ס׳קאָן אויך זיין, אַז ס׳זענען געווען צוויי מענטשן מיטן זעלביקן נאָמען: איינער אַ ייד און דער צווייטער — אַן עכו״ם.
26 חבקוק, ג׳, ו׳ — יהואָש איבערז. זע, רש״י, אַז ס׳רעדט זיך וועגן דור המבול און דור הפלגה.
27 ב״ק, ל״ח, ע״א. דאָרט, גרסאות מהרש״ל, מהרש״א, מהר״ם און אַנד. מפרשי התלמוד.
28 זע, ״באַציאונג צום פרעמדן״ — באריכות.
29 במדבר, י״ט, י״ד. אין בבא מציעא, ווערט אָנגעגעבן דער פסוק אין יחזקאל (ל״ד, ל״א) ״ואתן צאני, צאן מרעיתי, אדם אתם״ און אויף דעם קומט דער קאָמענטאַר: ״אתם קרויים אדם ואין עובדי כוכבים קרויין אדם״; זע, יבמות, ס״א, ע״א; בבא מציעא, קי״ד, ע״ב, רש״י און תוספות, אָנהייב־וואָרט ״ואין״.
30 סנהדרין, נ״ט, ע״א.
31 ס״א, ע״א.
32 זע, עבודה זרה, י״ח, ע״ב — רש״י: ״ר׳ מאיר טבל אחת מאצבעותיו״.
33 צו דערמאָנען איינעם פון אומצייליקע — פראָפ׳ אויגוסט ראהלינג, פראגער אוני־ווערסיטעט, זיין ווערק: ״דער תלמוד יודע״.

ר׳ חיים בלאָך, אין זיין ווערק ״ודע מה שתשיב״ (ניו־יורק, תש״ב, ז״ז 58—73; 102—105), גיט איבער וועגן זיין באַזוך און פאַלעמיק מיטן דאָזיקן פראָפעסאָר, דעם פאָטער פונעם נייעם אַנטיסעמיטיזם אין מערב־אייראָפּע. ער רופט אים, דער היטלער פ אַ ר היטלערן (פראָפ׳ ראהלינג איז געשט. יאַנ. 5, 1931, אין זאַלצבורג).
34 מכילתא, שמות פ׳ בשלח; תלמוד ירושלמי, סוף מסכת קדושין; מסכת סופרים, ט״ו, ו׳.
35 קדושין, מ״ט, ע״ב; אין מיין ווערק ״באַציונג צום פרעמדן — אויספירלעכער.
36 אין זיין דערמאָנט ווערק ז״ז 31—35. ער ברענגט אויך דעם טייטש פון חידושי הרי״ף (ר׳ יאשיהו פּיגטו, שכ״ה—1565; הת״ח—1648) אויפן זאָג: ״אדם אתם״.
37 במדבר, א׳, ב׳; אַזוי אומעטום ווו מ׳גיט אָן יחוס.
38 רות, א׳, ח׳; רות רבה, א׳, י״ד. זע, ״עץ יוסף״ — אויפן אָרט.

39 חולין, י״א, ע״ב.
40 זע, פרי מגדים, יו״ד, סימן ס״ב.
41 ב״ק, ד׳, ג׳; סנהדרין, נ״ו, ע״ב.
42 דברים, ז׳, ב׳—ד׳; ע״ז, כ׳, ע״א; זע, רא״ש, טור יו״ד סימן קנ״א און אַנד.
43 תהלים, ק״ו, ל״ה; סנהדרין, ל״ט, ע״ב.
44 מצוה נ׳. זע, ר״ח העליר, הערות וביאורים. דאָס איז אַ טעזע, וואָס ווערט גרינטלעך באַהאַנדלט ביי פוסקים און מפרשים, באַזונדערס אין ״מנחת חינוך״, אין משנת אברהם פון ר׳ אברהם אהרן פרייס, סמ״ג קי״ב, און אין זיין ביאור און פירוש אויפן ספר חסידים.
45 זע, אוצר המלך, לודז, תרצ״ט, און בני ברק, תשכ״ט, ז״ז 92—93. דעם ״אוצר המלך״ האָט דער כהן געשריבן אין עלטער פון 16 יאָר און די תשובה ״טומאת אהל״ — אויף זיינע עלטערע יאָרן, אין יאָר תרנ״א — איןביידן: גאונות, חריפות און בקיאות.
46 צום חלק אורח חיים, ירושלים, תשל״ב.
47 יו״ד, ג׳, סימן ס״ו, הרב א. א. פרייס, ווי געזאָגט, באַהאַנדלט דעם ענין אויספירלעך.
48 ירושלמי, ברכות, א׳, ד׳; קדושין, א׳, א׳; בבלי, עירובין, י״ג, ע״ב; גיטין, ו׳, ע״ב.
49 חבלים בנעימים, ד׳, סימן ל׳, ז״ז 50—52. אין ״הפרדס״ באַהאַנדלט ער וועגן ברית מילה ״לבן גיורת שנתגיירה ע״י רעפורם־ראביי״.
50 ירושלמי, יבמות, ב׳, ו׳; מדרשים.
51 רשב״י, דאָרט, און אין יבמות, כ״ג, ע״א; משנה, קדושין, ג׳, י״ב; גמרא, ס״ו, ע״ב.
52 ו׳, ג׳.
53 דברים, ז׳, ד׳.
54 יבמות, צ׳, ע״ב. זע, תוספות, דאָרט, אָנהייב־וואָרט ״וליגמר מיני׳״.
55 קהלת רבה, פ״ז, מ״ד — באריכות.
56 ב״י און אין שלחן ערוך, יו״ד, סימן רס״ו. זע, אבני זכרון פון ר׳ אלטר שאול פעפער, חלק ב׳, סימן נ״ח.
57 ויקרא, י״ב, ג׳; ״ובן שמונת ימים ימול לכם כל זכר״ — בראשית, י״ז, י״ב; מילה דוחה את השבת — שבת, קל״א ע״א — קל״ב ע״ב.
58 יבמות, מ״ו, ע״ב; רש״י, דאָרט, מ״ח, ע״ב. זע אויך: ברכות, מ״ז, ע״ב; רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ו׳; שו״ע יו״ד רס״ה, ב׳ א״אַ.
59 בראשית, י״ז, ט׳; סנהדרין, נ״ט, ע״ב. אַ דאַנק דער מצוה פון מילה, ווערט אברהם אבינו גערופן ש ל ם — דער גאַנצער מענטש און ער ווערט גערופן ״תחילה לגרים״ — סוכה, מ״ט, ע״ב; נדרים, ל״א, ע״ב.
60 חבלים בנעימים, ד׳, סימן נ״ד.
61 ספר חסידים, תר״צ; זע, הרב א. א. פרייס — דאָרט אויפירלעכער.
62 מהרש״א, שבת, ל״א און אַנד. מפרשים. זע, הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, שאילת ישרון א״אַ.
63 ע״ז, כ״ז, ע״א.
64 זע, שאילת יעב״ץ, חלק ב׳, סימן קס״ד; חתם סופר, יו״ר, סימן א׳; חבלים בנעימים, ד׳, אהע״ז, סימן נ״ד.
65 זע, חתם סופר — דאָרט.
66 הלכות עכו״ם, ב׳, ב׳. זע, ספר הזכרונות לרבינו צדוק הכהן מלובלין, חיבור נפלא על איזהו מצוות מתרי״ג מצוות עפ״י סדר וסגנון של הרמב״ם, מהדורא שני׳, תל־אביב, תשט״ז; מהדורא שלישית, ברוקלין, ניו יורק, תשל״ט ״ובסופו קונטרס מ ש י ב ה ט ע נ ה על חשבון העבור והתקופות והמולדות המסור בידינו״. זע אויך; ״אוצר המלך, מאת מרן אדמו״ר הכהן מלובלין זצ״ל, הגהות על הרמב״ם״ — ער גיט צו אין די הגהות: ״נ״ב, עי׳ תו״כ ריש קדושים פסקא יו״ד ובקו״א שם בשם הרא״ם״.
67 רמב״ם, עכו״ם, י׳, א׳ — זע, הגהות ר״צ הכהן.
68 יומא, פ״ד, ע״א; ע״ז, כ״ח, ע״א; ירושלמי, שבת, י״ד, ד׳.
69 תהלים, ט״ו, ב׳.
70 מכות, כ״ד, ע״א. רש״י אויפן אָרט, ברענגט די מעשה, ווי איבערגעגעבן אין שאלתות דרב אחא, ל״ו, פ׳ ויחי.

71 שמות, ב׳, י״ב.
72 שמות, א׳, ח׳.
73 זע, רש״י און אברבנאל.
74 סנהדרין, ל״ט, ע״ב; מגילה, י׳, ע״ב.
75 שמות רבה, כ״ג, ז׳.
76 הרב מירקין, אין זיין מדרש־פירוש גיט איבער, אַז אין די חידושים והגהות ר׳ שמואל שמעלקע טויבש, ווערט צוגעגעבן : ״נ״ב, צ״ל ר׳ יונתן, כי ר׳ יוחנן לא ס״ל כן, כמ״ש בשמות רבה, כ״ג ויפ״ת, וגם בסנהדרין נקיט ר׳ יונתן ע״ש דף ל״ט. וסרה תמיהת הצל״ח ברכות דף יו״ד עלה דראה מפלתן של רשעים אמר שירה עי״ש והבן״.
77 איכה רבתי, כ״ד.
78 זע, ״יפה עינים״ — אויפן אָרט, אַז דאָ רעדט זיך וועגן דער טעגלעכער שירה פון די מלאכים.
79 תהלים, ק״ד, ל״ה.
80 זע, מגילה, י׳, ע״ב; ספרי פ׳ קרח; נאָך מדרשים.
81 פ׳ חיי שרה.
82 משלי, י״א, י׳.
83 יחזקאל, י״ח, כ״ג.
84 זע, ״דרך אמת״ להאר״י זצוק״ל. אַן ענלעכן געדאַנק אין זוהר, פ׳ נח, דף ס״א, ע״ב.
85 דברים, כ״ו, ח׳.
86 בבא קמא, צ״ב, ע״ב.
87 במדבר, כ״ה, י״ז—י״ח; ל״א, ב׳.
88 זע, דעת זקנים מבעלי התוספות, במדבר ל״א, י׳.
89 ברכות, נ״ח, ע״א; ס״ב, ע״ב; סנהדרין, ע״ב, ע״א; במדבר רבה, כ״א, ד׳—ה׳.
90 אין די ספרים פון רבי נחמן בראַצלאַווער, ליקוטי מוהר״ן, ח׳, ע״ב; כ״ג, ע״א; ס״א, ע״ב און אין אַנד. ספרי חסידות — ווערט אַ סך גערעדט וועגן התקרבות פון גרים, נשמות פון גרים וכד׳.
91 יבמות, כ״ד, ע״ב.
92 זכרי׳, ב׳, ט״ו; ישעי׳, נ״ו, ג׳, ו׳—ז׳; שיר השירים רבה, א׳, כ״ב. אין מיינע ווערק באַציונג צום פרעמדן, קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן און אין אַנדערע — באַהאַנדלט אויספירלעכער.

## קאַפּיטל פיר

# קאַמף קעגן געצן־דינעריי

**א. שאַרפע שטעלונג צו געצן־דינעריי. — ערשטע קאַמפן קעגן די ייִדישע נוצרים. — די מורא אַז פּאָליטעיִזם זאָל אַרײַנדרינגען אין ייִדישע קרייזן.**

מיר געפינען ביי די תנאים און אמוראים, די גרונטלייגערס און שעפערס פון דער תורה־שבעל־פה, אַ שאַרפע שטעלונג קעגן די נוצרים. אין זייער צייט, איז דאָס געווען נישט בלויז קעגן נישט־ייִדישע נוצרים, נאָר אויך — און אפשר מערער און שאַרפער — קעגן די ייִדישע נוצרים, אַ קעגנערשאַפט קעגן די איסיים. דאָס איז במילא נישט געווען קיין ראַסישער אורטייל אָדער אַ וועלכע נישט איז פאָרם פון דיסקרימינאַציע, נאָר, דער עיקר, אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע, די געפאַר פון כפירה אין "ד׳ אחד", די מורא פון לאָזן ייִדן גיין אין אַן אַנדער רעליגיעזער ריכטונג, אין קעגנזאַץ צו תורת משה והנביאים.

די נעגאַטיווע אויסדרוקן קעגן נישט־ייִדן זענען נישט געווען אַן אויסדרוק פון ראַסן־פאַראורטייל, פון קעגנערשאַפט צו אַנדערע פעלקער, צו גנאָסטיקערס אָדער אפילו צו היידן. דער מאָטיוו איז געווען: פאַרהיטן ייִדן, די זרע אברהם, פון פרעמדע געצן־דינערישע קולטן, דאָס היידנישקייט זאָל נישט אַרײַנדרינגען אין ייִדישן תחום. די תנאים, ווי די נאָכפאָלגערס פון די "אנשי כנסת הגדולה" — די מענטשן פון גרויסן ראַט, האָבן געוואָלט פאַרהיטן דאָס ייִדנטום פון די געמיינהייטן, וואָס דאָס היידנישקייט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט: רציחה, אויסגעלאַסנקייט אדג״ל. זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו שטאַרקן דאָס ייִדנטום דורך פאַרהיטן אַז דער פּאָליטעיִזם זאָל נישט צעשטערן די ייִדישע אמונה, זאָל נישט ענדערן דאָס ייִדישע אָרט לעבן, זאָל נישט מבטל מאַכן די תורה־פּרינציפּן — זאָל נישט צע־שטערן די גאַנצקייט פון ייִדנטום.

די תנאים, ביים סוף בית שני, האָבן געקעמפט קעגן די נוצרים. ווי פאַרשערס באַהויפּטן, זענען דאָס געווען די "מינים". צוליב זיי האָט שמואל הקטן מתקן געווען די צוגאָב־ברכה אין דער שמונה עשרה, גערופן ברכת המינים — "ולמלשינים אל תהי תקוה וכל המינים כרגע יאבדו". דאָס איז געווען אַן אינערלעכער קאַמף, לאָמיר זאָגן, אַ רעליגיעז־אידעאָלאָגישער קאַמף[1] אין דער ייִדישער עדה.

די תנאים האָבן געקעמפט קעגן די ייִדן וועלכע האָבן אָנגענומען די נייע

תורה קעגן דער כ״ת פון וועלכער ס׳איז אַרויסגעוואַקסן די גרעסערע גרופּע מיטן נאַמען איסיים. די פּרושים האָבן דאַן געדאַרפט קעמפן קעגן צוויי לאַגערן: קעגן די וועלכע האָבן זיך פאַרנומען צו מאָדערניזירן, אַסימילירן יהדות מיט דעם געצן־דינערישן רוים, מיט די רוימיש־גריכישע קולטן און געצן־דינערישע מנהגים פון איין זייט; און קעגן דעם פאַנאַטיזם און נייעם גלויבן, אַז ישו הנוצרי איז דער משיח־דערלייזער, אַז ער האָט דאָס רעכט אָפּצושאַפן די חוקים, דינים און מצוות פון תורת־משה, די תורה מסיני.

דער דאַזיקער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריער. שוין אין דער צייט פון די נביאים, איז אָנגעגאַנגען דער דאָזיקער האַמף — אַ קאַמף קעגן דעם ווילן אַריינצוברענגען דעם גייסט פון די אַרומיקע היידנישע פעלקער, במילא דאָס רשעות פון יענע פעלקער [2].

די נביאים האָבן געוואָרנט קעגן די פאַלשע אמונות און גלייכצייטיק געבראַכט די אידעע פון אוניווערסאַלן ״קץ״. זיי האָבן געקלאָגט אויף דער רשעות וואָס האָט אַזוי פיל הצלחה און געבראַכט די אמונה, אַז די השגחה העליונה וועט סוף־כל־סוף באַשטראָפן די זינדיקע אַזוי ווייט, אַז די שטראָף וועט פאַלן אויף די קינדער: ״ומשלם עון אבות אל חיק בניהם״ [3]. זיי האָבן געוואָרנט די פעלקער ״אשר לא ידעו את ד׳ ולא קראו בשמו״ און געהאָפט אויף תשובה און אויף אַן ״אחרית הימימדיקער״ וועלט [4].

יחזקאל הנביא, וואָס זאָגט נביאות ביים טייך כבר, רעדט שאַרפע ווערטער קעגן די וועלכע צעשטערן דעם אייביקן בונד צווישן ישראל און הקב״ה. ער זאָגט וועגן זיי: איר האָט געבראַכט אומגליק אויף ירושלים; איר האָט פאַרוואַנדלט די שטאָט אין אַן ״עיר הדמים״, ״טומאת השם״, ״חלל רשע״ און נאָך אַזעלכע אויסדרוקן [5]. ער זעט אָבער אויך דעם חזון פון ״עצמות היבשות״; דעם חזון פון בית־המקדש לעתיד לבא, צום צוקונפטיקן בית־המקדש, און אַז אַלע פעלקער וועלן אָנערקענען אונדזער גאָט: דער אלקי ישראל וועט אָנערקענט ווערן ביי אַלעמען אַלס אלקי העולם, בורא שמים וארץ... נאָך מער: דער גורל פון די פעלקער וועט ווערן באַשטימט ביים בית־דין של מעלה; גוג, עמלק, וועט האָבן די מפּלה — רשעות וועט אָפּגעווישט ווערן [6].

ירמיהו הנביא, דער וואָס האָט דורכגעמאַכט, מיטגעמאַכט דעם חורבן בית־ראשון, דער נביא פון ״איכה״־לאַמענטאַציע, ער האָט אין גרויס צער זיך אויסגעדריקט: ״תרדוף באף ותשמידם מתחת שמי ד׳״ — זאָלסט זיי יאָגן מיט צאָרן און זיי פאַרטיליקן פון אונטער די הימלען... [7]. ער האָט אויך געזען די זינדיקייט וואָס האָט באַהערשט טיילן פון יהודה: ״חטאת יהודה כתובה בעט ברזל״ — די זינד פון יהודה איז אויפגעשריבן מיט אַן אייזערנער פען [8], ער האָט זיך אויך אויסגעדריקט: ״ארור הגבר אשר יבטח באדם״ — פאַרשאָלטן דער מאַן וואָס

פאַרזיכערט זיך אויף אַ מענטש און "ברוך הגבר אשר יבטח בד'" — געבענטשט דער מאַן וואָס פאַרזיכערט זיך אויף גאָט און גאָט איז זיין פאַרזיכערונג [9]. גבר, מיינט מענטש — אַלע מענטשן און פאַר אַלע מענטשן זעט ער, אַז אויב זיי וועלן תשובה טאָן, וועלן זיי גרייכן דעם גוטן שׂכר ווייל זיי וועלן ראַטעווען די מענטשהייט.

ישעיה הנביא, אין זיין אַנטוישונג, דריקט זיך אויס "חדלו לכם מן האדם" — פאַרמיידט אייך פון דעם מענטש [10]. ער זעט דעם גרויסן טאָג, "ונהרו אליו כל הגויים" — און ס'וועט זיין אין סוף פון די טעג... אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען... זיי וועלן זאָגן: קומט לאָמיר אַרויפגיין צו גאָטס באַרג. און ווייטער דער הערלעכער אָנזאָג: "ויצא חוטר מגזע ישי... ונחה עליו רוח ד', רוח חכמה ובינה, רוח עצה וגבורה, רוח דעת ויראת ה'" — און אַ ריטל וועט אַרויס פון דעם שטאַם פון ישי, און אַ צווייג פון זיינע וואָרצלען וועט שפּראָצן און רוען וועט אויף אים דער גייסט פון גאָט, דער גייסט פון חכמה און פאַרשטאַנדיקייט... דער גייסט פון דערקענונג און גאָטספאָרכטיקייט [11].

דער נביא מיכה זעט ווי ישעיה, דער אדון הנביאים, די ליכטיקע צוקונפט פונעם "אחרית הימים" און נאָך מער: "כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם ד' אלקינו לעולם ועד" — וואָרום אַלע פעלקער מעגן גיין איטלעכער אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון ד' אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק... [12].

מ'וועט אויף קיינעם נישט אַרויפצווינגען אונדזער אמונה. זיי וועלן אָבער, נישט געקוקט דערויף, געניסן פון רו און שלום: "לא ישאו גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה".

וואָס זאָגט אונדז דער נעים זמירות ישראל? "טוב לחסות בד'" — בעסער זיך באַשיצן מיט גאָט, איידער זיך פאַרזיכערן אויף אַ מענטשן און נאָך אַ מאָל: "בטח בד'" — פאַרזיכער זיך אויף גאָט [13], ווייל "חסדי ד' כי לא תמנו, כי לא כלו רחמיו" — גאָטס גענאָד וועט זיך קיין מאָל ניט אָפּטאָן.

דריי סימנים כאַראַקטעריזירן יי'דן: רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים [14]. די דאָזיקע סימנים שטאַמען פון אברהם אָבינו. טעאָלאָגיש, ווי די מאָדערנע פאָרשערס רופן רעליגיעזע פאָרשונג, האָט דאָס אַ שייכות צו דער לאָזונג: "מה הוא רחום — אף אתה..." [15].

פאַר וואָס איז געקומען דער חורבן?

דער בית ראשון, ווערט געזאָגט, איז חרוב געוואָרן צוליב דריי זינד: עבודה־זרה, עריות און שפיכות דמים... [16]. דער צווייטער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן צוליב שנאת־חינם; בירגערקריג — די ברידער־קאַמפן ביי די חשמונאים־יורשים; צוליבן אַנטשטיין פון פּאַרטייען און סעקטעס.

די נביאים פריער, ביים ערשטן בית־המקדש, און די פּרושים־תּנאים, ביים צווייטן בית המקדש, האָבן געזוכט אַלע מיטלען אָפּצוראַטעווען דאָס ייִדנטום, נישט צו לאָזן די שליטה פון שלעכטן פרעמדן גייסט, צו פאַרהיטן פון די פאַלשע אמונות, פון די אויסגעלאַסענע קולטן און פאַרברעכערישקייט. ס׳איז זיי נישט געלונגען און דער חורבן איז געקומען.

די ברידער־קאַמפן האָבן געבראַכט אין יהודה כאַאָטישקייט. נישט געקוקט אויף דער אָנשטרענגונג מצד די פּרושים, די גייסטיקע פירערס פון ייִדנטום, איינ־צוהאַלטן און צוימען דאָס יהדות, דעם ייִדישן ישוב קעגן גריכישן איינפלוס; זען, אַז דאָס קליינע יהודה זאָל נישט צעטרייסלט ווערן צוליב די כּל מיני גרופּעס און אמונות וועלכע זענען געוואַקסן ווי שוואָמען אין וואַלד און געשטעלט אין געפאַר דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער.

ווי פאַרשערס פון יענער תּקופה ווייזן אָן, האָט די גרופּע, וואָס איז אַרויס־געוואַקסן פונעם נוצרי, די איסיים, מיט אירע פאַנטאַסטישע מנהגים, געשטעלט אין געפאַר, אפשר נאָך מער ווי די צדוקים, דעם ישוב. זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן נישט בלויז קעגן דער תּורה־שבעל־פּה, נאָר ממש קעגן דער תּורה־שבכתב און געוואָלט איבערצייגן ייִדן, אַז נאָר און בלויז די נייע נוצרישע תּורה ברענגט אַריין הומאַניזם.

נאָך מער איז פאַרשאַרפט געוואָרן דער קאַמף צווישן די איסיים און די פּרושים, ווען זיי האָבן, נאָכן חורבן, זיך גענומען צו באַאיינפלוסן די רוימער און די גריכן מיט זייערע אַפּאָסטאָלישע לערעס, מיט דער עוואַנגעליע, אַז זייער תּורה איז גייסט־הומאַניסטיש — א ״נייער טעסטאַמענט״ — און תּורת־משה, זאָל גאָר זיין אכזריותדיק. די חכמי הדור, די גייסטיקע פירערס פון ייִדנטום, האָבן דאָס געדאַרפט קאַטעגאָריש אָפּוואַרפן.

מיר וועלן אילוסטרירן, ווי אַזוי קריסטן האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן אכזריות־דיקייט אין תּורת־משה. זיי האָבן געבראַכט דעם פאַקט פון ייִדישן געזעץ: ״עין תחת עין״, און געטענהט אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן ממש, בעת די חכמי־התּלמוד, די שעפערס פון דער תּורה־שבעל־פּה, האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן געלט־אויסלייזונג פאַר די ליידן וואָס דער קרבן וועט דאַרפן דורכגיין דאָס גאַנצע לעבן, אַז עס איז אוממעגלעך, די שטראָף זאָל זיין אַרויסהאַקן יענעמס אויג, ווייל מ׳קען נישט אויסאַרבעטן אַזאַ סאָרט שטראָף, אַז דער וואָס האָט אויסגעהאַקט יענעמס אויג, זאָל פּינקטלעך אַזוי ליידן, ווי דער ביי וועמען ער האָט אויסגעהאַקט דאָס אויג.

מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו אָט דעם ענין ״עין תחת עין״ [17], ווי ר׳ חזקיה קאָמענטירט, אַז ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די תּורה האָט נישט געמיינט ממש אויס־האַקן אַן אויג, ווייל ביים שלעגער קען עס אַ מאָל גורם זיין ״עין ונפש״ — ער זאָל אויסגיין ביים אויסהאַקן זיין אויג, וואָלט דאָך דאָס געמיינט טויטשטראָף [18].

דער אופן ווי אַזוי קריסטלעכע טעאָלאָגן טייטשן אויס תּורת־משה, וואָס זיי רופן "אַלטער טעסטאַמענט", איז אין גאַנצן אַן אַנדערער ווי די ייִדישע אויס־טייטשונג. ס'איז דאָ צווישן זיי אַ גרינטלעכער אונטערשייד, נישט געקוקט דערויף, וואָס די נביאישע וויזיע האָט געהאַט אַ השפּעה אויף קריסטלעכע גייסטלעכע און אַ סך איבערגענומען, האָבן זיי געגעבן אַ נייעם לבוש און מער ווי אַ לבוש...

די ערשטע קריסטן האָבן פֿאַרשפּרייט דעם גלויבן — און דאָס איז געוואָרן דער יסוד אין דער קריסטלעכער אמונה — אַז משיח דער "אויסלייזער" איז שוין געקומען, בעת ביי ייִדן איז אָנגענומען, אַז משיח דאַרף ערשט קומען, מיט דער אמונה פֿון "בכל יום אחכה לו", מיר האָפֿן, אַז ער קאָן קומען יעדן טאָג און ער וועט ברענגען שלום אויף דער וועלט: די מענטשהייט וועט תּשובה טאָן; די וועלט וועט אָנגעפֿילט ווערן מיט תּורה־וויסן, "מלאה הארץ דעה" — און די וועלט וועט מקיים זיין די מצוות פֿון דער תּורה. די קריסטן — פֿון דעם באַגין ביז היינט — האָבן דאָס נעגירט, זיי האָבן אָפּגעשאַפֿט די מצוות מעשׂיות. ווען קריסטנטום איז געוואָרן אָרגאַניזירט אין קירכנטום — דאָס קאַטוילישע, אָדער פּראָטעסטאַנטישע — האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפֿות אויף ייִדן, ווי אויף אַנדערש־גלויביקע.

די קירכע האָט זיך, ווי געזאָגט, גענומען צו באַווייזן, אַז דאָס ביבלישע געזעץ איז אכזריותדיק, אַז ייִדן וואָס פֿאָלגן נאָך דעם תּורה־הומאַניזם זענען שעדלעך פֿאַר דער מענטשהייט; אַז נאָר דער "נייער טעסטאַמענט" איז געבויט אויף רחמנות און דאַרף פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿונעם אַלטן.

נאָך טויזנטער יאָרן באַווייזן די נישט־ריכטיקייט פֿון אָט דער באַשולדיקונג און אַז, יהדות, תּורה און הומאַניזם, זענען איינס־און־דאָסזעלביקע, אַז תּורה איז צדק, משפּט, צוזאַמען מיט יושר און חסד, האָט דאָס אַלץ נישט אָפּגעהאַלטן, אַז די שרייבערס און רעדאַקטאָרן פֿון דעם פּויפּסטלעכן צירקולאַר, גערופֿן "ענציקליקע", זאָל אַרויסקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז תּורת משה פֿאַרלאַנגט "אַן אויג פֿאַר אַן אויג" (דעצ., 1980) און גיט צו: אַז דאָס איז אַ פֿאַרקריפּלונג פֿון יושר־געזעץ און אַז דאָס ווערט נאָך היינט פּראַקטיצירט ביי ייִדן. אַז דאָס איז פֿאַלש, ווייסן זיכער די שרייבערס, אָבער דאָס האַלט זיי נישט צוריק פֿון אַזאַ עלילה, אַ בלבול וואָס דערמאָנט דעם אַמאָליקן עלילת־דם אין צאַרישן רוסלאַנד.

דאָס אַליין, אַרויסצוקומען מיט אַזאַ דערקלערונג — און פֿון דער העכסטער אינסטאַנץ ביים קאַטוליציזם — איז אַ באַווייז אַז משיח איז נאָך נישט געקומען, אַז שׂנאה איז נאָך אַלץ אין די הערצער ביי די וועלכע ווערן פֿאַרגעשטעלט ווי די טרעגערס פֿון דער הויכער קריסטלעכער מאָראַל. זיי וועלן פֿאַלסיפֿיצירן פֿאַקטן, כּדי צו באַווייזן זייער אמת און באַווייזן אַז נאָר דער "אותו האיש" האָט געבראַכט די רעליגיע פֿון אמת; אַז זיין נייע תּורה, ווי זי ווערט איבערגעגעבן דורך די אַפּאָסטאָלן, איז די אמתדיקע תּורה און די ריכטיקע אמונה.

מיר ווילן נישט אַריינגיין אין אַ פּאָלעמיק וועגן די באַציִונגען צווישן די אָ פ י צ י ע ל ע פּירערס פון קירכעס און ייִדן אין אונדזער צייט. אַוודאי האָט מען אַ סך פּראָגרעסירט. דער פּאָרשריט מערקט זיך אויף טריט און שריט. ס'הערשט אַ בעסערע פאַרשטענדעניש צווישן ייִדן און קריסטן און ס'איז נישט קיין חידוש, אַז ס'זענען דאָ — זייער צאָל איז אומצייליק — חסידי אומות העולם צווישן די קריסטן פון יעדער דענאָמינאַציע. ווי מיר וועלן ווייטער אָנווייזן, האָבן זיי "חלק עולם הבא". ס'זענען אָבער נאָך אַלץ דאָ אַזעלכע, וועלכע זענען אינטערעסירט אין אַרויסהייבן זייער אמונה דורך דערנידעריקן די ייִדישע אמונה און באַזונדערס דעם תּלמוד, די תּורה־שבעל־פּה, וואָס איז אין ייִדנטום אָנערקענט צוזאַמען מיט דער תּורה־שבכתב ווי א י י ן תּורה: די מינדלעכע תּורה איז דער פּירוש אויף דער געשריבענער — און ביידנס וואָרצלען שטעקן אין סיני.

מיר האָבן פריער דערמאָנט, ווי אַזוי די תּורה־שבעל־פּה האָט אויפגעפּאַסט דאָס געבאָט "עין תחת עין", וואָס חז"ל טייטשן: ממון — געלטשטראָף פאַר דעם צער און פעלער, וואָס דער שלעגער האָט גורם געווען [19], אַזוי טייטשט רש"י [20] און אַזוי פּסקנט דער רמב"ם [21], צוגעבנדיק די ווערטער: "כולם הלכה למשה מסיני...".

ווער זענען געווען די וועלכע האָבן אויך געטייטשט, אַז די ווערטער, "אויג פאַר אויג", זענען געמיינט בוכשטעבלעך? דאָס זענען געווען די קראים, די קאַראַיִמער, מיט וועלכע ייִדן האָבן געפירט אַ קאַמף. דער הויפּט־באַקעמפער פון זייער אויסטייטשן די תּורה און זייער נעגירן די לערעס פון חז"ל איז געווען ר' סעדיה גאון (דתרנ"ב—882; דתש"ב—942). צוליב זייער פאַרקריפּלען די תּורה, זענען זיי געשטעלט געוואָרן מחוץ למחנה ישראל. דער כּלל איז געוואָרן "הקראים (אַ שפּילוואָרט פון "הקרעים") — אינם מתאחים" — ווערן נישט פאַראייניקט.

פאַרלייקענערס פון דער תּורה־שבעל־פּה ווערן אַרויסגענומען פון כּלל־ישראל, אפילו ווען זיי זענען ייִדן־אָפּשטאַמיקע. ווייל די תּורה־שבעל־פּה איז דער יסוד פון יהדות, די וועלכע האָט באַפעסטיקט די תּורה־שבכתב [22].

די קראים זענען געוואָרן אַ פּראָבלעם פאַר ייִדן און גאָר באַזונדערס איצט, אין ישראל. זיי ווערן באַטראַכט פאַר אַ "כּת" (אַ סעקטע) און די רבנות הראשית פאַרנעמט זיך מיטן פּראָבלעם וואָס פאַר אַ סאָרט גרות זיי דאַרפן דורכמאַכן, כּדי אַריינגענומען צו ווערן אין דער ייִדישער עדה. דער קאַמף מיט די קראים איז גוט באַקאַנט [23]. זיי האָבן געטייטשט: "לא תבערו אש בכל מושבותיכם ביום השבת" — איר זאָלט ניט אָנצינדן קיין פייער אין אַלע אייערע וווינערטער אין טאָג פון שבת[24], אַז שבת טאָר מען נישט האָבן קיין פייער, קיין ליכט אין הויז און מ'טאָר נישט עסן קיין וואַרעמס אום שבת, אַזוי, אַז זיי האָבן אַוועקגענומען דעם עונג־שבת:

זיצן אין דער פינצטער און עסן קאַלטס... די בעלי־הלכה זענען שאַרף אַרויס קעגן דער דאָזיקער שטעלונג זייערער:

דער רמ״א פסקנט, אין נאָמען פון בעל המאור, אַז ״מצוה להטמין אוכל חמין לשבת, כדי שיאכל חמין בשבת, כי זהו מכבוד ועונג שבת...״

און נאָך מער:

״וכל מי שאינו מאמין בדברי חכמים ואוסר אכילת חמין בשבת, חיישינן שמא אפיקורוס הוא...״.

דאָס דערווייטערן זיך פון די קראים, פון קריסטן, מוזולמענער, האָט נישט צו טאָן מיט ראַסן־פּאַראורטייל, נאָר איז אַ רעזולטאַט פון זייער פאַרלייקענען די תּורה מסיני, ווי געלערנט און איבערגעגעבן לויט דער מסורה און תּורה־שבעל־פה, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תּורה: ״ובאת אל הכהנים הלויים ואל השופט אשר יהיה בימים ההם״ — און זאָלסט קומען צו די כהנים פון שבט לוי, און צו דעם ריכטער וואָס וועט זיין אין יענע טעג...[25] וואָס ווערט געטייטשט: ״אין לך אלא שופט שבימיך״ — אויסצופאָלגן דעם שופט, דעם גייסטיקן מנהיג וואָס פּסקנט לויט דער תורה[26].

כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף די קראים, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן מחוץ דעם קהל־ישראל, נישט בלויז צוליב זייער נעגירן די מסורה, וואָס דאָס אַליין וואָלט געווען גענוג ווי אַ סיבה, זיי אויסצושליסן, נאָר — ווי אַ צאָל פאָרשערס גיבן אָן — דערפאַר וואָס זיי האָבן איבערגענומען איסלאַמישע מנהגים.

דר. רפאל מאַהלער, אין זיין קראים־ווערק[27] האַלט זיך שטאַרק ביי דער מיינונג, אַז די קאַראַיִמישער תּורה איז נישט געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער איסלאַמישער אמונה און מנהגים, דאָקעגן אַ צאָל היסטאָריקערס[28] זענען איבער־געצייגט, אַז דאָס דערווייטערן זיי פון קהל־ישראל איז דער עיקר געווען צוליב זייער איבערנעמען זיך מיט פרעמדע, צו ייִדן, מנהגים.

דר. מאַהלער שטיצט זיך אויף דער פאָרשאַרבעט פון דר. ישראל פריד־לענדער[29] — אַ מומחה אויפן דאָזיקן געביט און אויף אייגענע אויסגעפונענע, אויטענטישע מקורים. אָבער ווייט נישט אַלע פאָרשערס זענען מסכים צו זיין מיינונג, וואָס איז, ווי זיי האַלטן, געבויט אויף השערות. זיי פרעגן אָפּ די מקורים אויף וועלכע ער שטיצט זיין באַהויפּטונג.

דר. יהודה ראָזנטאַל, איינער פון די באַדייטנדיקע און ערנסטע פאָרשערס, ברענגט מקורים פון וועלכע ס׳איז קלאָר, אַז די קראים זענען געווען באַאיינפלוסט פון איסלאַם און אַלס רעזולטאַט דערפון איז אַ גרויסע מערהייט פון זיי אַריבער צום איסלאַם.

מאַהלער, ווי אַ היסטאָריקער און פאָרשער, לויט דער סאָציאַליסטיש־מאַרקסיס־טישער דיאַלעקטיק, זעט אויך אין קאַראַיִזם אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קעגן

דער הערשאַפט פון די גאונים, די נשיאים־עקסילאַרכן. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ סך פאַרשטענדניש און נישט ווייניק קלאָרקייט אין דער מחלוקת צווישן די קראים און די היטערס־נאָכפאָלגערס פון די בעלי־התלמוד.

זיין שיטה האָבן געוויסע פאָרשערס נאָכגעפאָלגט. ז. ברושי, איז איינער פון די דאָזיקע וואָס זוכט אַ באַרעכטיקונג פאַר ענגס אויפברויז און רעוואָלט. די פאַרטיידיקערס זענען אָבער [30] נישט פריי פון אומזיסטער אַפּאָלאָגעטיק און איבערי־קער באַגייסטערונג.

מאַהלערס ווערק איז אַ וויכטיקער בייטראַג צו דער פאָרשונג, אָבער ווייט פון אָביעקטיוויטעט, אפשר צוליב זיין נעגאַטיווער באַציונג צום תּלמוד, צו די פּרושים, די חכמי התּלמוד — און אין אַזעלכע פאַלן איז גילטיק דער אַפאָריזם: ״אהבה מקלקלת את השורה״ [31]. דער פאַקט בלייבט, אַז די קראים זענען פאַרפרעמדט געוואָרן פון ייִדישן לעבן און ווייט געווען צו זיין די טרוימערס און קעמפערס פאַר ייִדישער גאולה, ווי מאַהלער וויל האָבן [32]. פאַרמעסטנדיק זיך קעגן דער מסורהדיקער תּורה, זענען זיי אָפּגעריסן געוואָרן פון שטראָם און המשך פון ייִדנטום, זיי זענען געוואָרן אַ ״כּת״, אַ סעקטע אָן אַן עבר און אָן אַן עתיד.

דער קעמפער קעגן די קראים, ר׳ סעדיה גאון, האָט אין זיין ״האמונות והדעות״ פעסטגעשטעלט די יהדות־דאָקטרין, אַז ייִדישקייט איז אַ פּאָזיטיווע רעליגיע פאַר־פלאָכטן מיט די היסטאָריש־נאַציאָנאַלע אידעען.

די ייִדישע רעליגיע, האָט ער געלערנט, פאַרשפּאַרט נישט דעם וועג פאַרן מענטשלעכן געדאַנק. נאָך מער, ס׳איז אַ פליכט צו באַשטעטיקן די ייִדישע אמונה דורך די אמתן פון פאָרשן און לאָגישן דענקען. בלויז די געטלעכקייט קאָן נישט זיין קיין אָביעקט פון חקירה, ווייל — ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן — ״ולא ישיגוהו משיגי הגוף״. דאָס איז אַן אַבסאָלוטער פאַקט, וואָס קען נישט און טאָר נישט איבערגעלאָזט ווערן פאַר דעם מענטש, ער זאָל האָבן דעם מינדסטן סקעפּטי־ציזם... [33] און דערמיט פאַרנעמט זיך דער גאון המחשבה והשירה, מפרש און מחבר, אין אַלע זיינע ווערק, צו באַווייזן אַז ״משה אמת ותורתו אמת״ און אַז אין ייִדישן מנהג איז דאָ תּורה, טראַדיציע.

אין דער הקדמה צום תּלמוד בבלי, דערמאָנט הרב נסים גאון (געלעבט אין 11טן י״ה, נפטר ד״א, תנ״ו—1050) דעם מנהג פון אכילת הטמון — וואָרעם טשאָלנט — אום שבת: ״...ואכילת הטמון... לא נעלם אפילו מהנשים... ולא סרה האומה מזה המנהג מימות משה ועד אחר חורבן בית שני בק״ב שנה, בימי רבי יהודה הנשיא... וקיבץ העיקרים... וקראה משנה...״.

אפילו שבתדיקע מאכלים זענען אין ייִדישן מנהג. ליכט זאָלן לייכטן אין ייִדישע היימען, איז מער ווי מנהג, איז מצווה. און ווי עס ווערט געזאָגט אין תּלמוד: ״הדלקת נר בשבת חובה״ [34] און עיקר מצוות עונג שבת [35].

הדלקת הנר בשבת איז אַ מצוה. אָנהייבנדיק פון מאמרי חז"ל, אין אגדה און הלכה, אין קבלה און חסידות — אומעטום ווערט באַטאָנט די וויכטיקייט פון אָט דער מצווה נר־שבת. ס'איז דאָ אַ צאָל טעמים. דער הויפּטמאָטיוו, איינס וואָס איז כּולל צוויי: שלום־בית און עונג־שבת [36].

גראָד אויף דער מצווה האָבן זיך די קראים פאַרלייגט, זי מבטל צו מאַכן, ווי עס וואָלט זיי געגאַנגען אין לעבן, יידן זאָלן "פינצטערן" אום שבת און עסן קאַלטס. גראָד דאָ האָבן זיי געוואָלט טייטשן דעם לא תבערו אש [37] — ס'זאָל נישט זיין קיין פייער, קיין ליכט, קיין וואַרעמס — אָבער ווען זיי ווילן, פאַרנעמען זיך זייערע טעאָרעטיקערס אין נייע פשטים, פרעמד אי צו דער תּורה־שבכתב, אי צו דער תּורה־שבעל־פּה.

רבנים, הלכה־אויטאָריטעטן האָבן געקעמפט קעגן די קראים, ווייל זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דער תּורה־שבעל־פּה, ווי געלערנט ביי די חכמי־התּלמוד. זיי האָבן איינגערעדט און פּראָפּאַגירט זייערע טעאָריעס, ווילנדיק איבערצייגן, אַז זיי האַלטן זיך ביי דער תּורה־שבכתב, אַז זיי לערנען חומש "כּפשוטו", ווען אין דער אמתן, האָבן זיי געשאַפן אַן אייגענע תּורה־שבעל־פּה, אייגענע טייטשן קעגן דער מסורה, קעגן די לערעס פון די חכמי־ישראל — און אַלס פּועל־יוצא, האָבן זיי דערפירט צום ריס אין יידנטום, זענען געוואָרן אַ סעקטע און זיך געפירט ווי אַ פרעמדער שבט, מיט פרעמדע מנהגים.

דער ערשטער וואָס איז אַרויס אין קאַמף קעגן די קראים, באַזונדערס קעגן זייער פירער ענן, איז געווען ר' סעדיה גאון (882—942). ער האָט באַוויזן, ווי פאַלש ס'זענען זיינע אויסטייטשן פון תּורה־שבכתב, ווי ווייט ער איז אַוועק פון דער מסורה, פון דער תּורה־שבעל־פּה, פון הלכה למשה מסיני און ווי ווייט ער נעגירט די תּקנות פון די אנשי כּנסת הגדולה. ער האָט באַוויזן ווי דער ענן פאַרנעמט זיך מיטן שאַפן אַן אייגענע תּורה, וואָס איז ערגער פון דער תּורה, ווי עס האָבן געוואָלט די צדוקים און ביתוסים — אַז זיין רעליגיע איז לגמרי אַנדערש און במילא וועט עס פירן, זיי זאָלן אָפּגעטיילט ווערן פון יידנטום.

ר' סעדיה גאון האָט צוליב דעם זיך באַמיט פעסטצושטעלן מחשבהדיק און הלכהדיק די פאַרבינדונג — ווי איין תּורה — די געשריבענע און מינדלעכע, זינט "משה קיבל תורה מסיני" [38].

כּדאי אָנצווייזן, אַז ענן איז נישט געווען דער ערשטער צו נעגירן די תּורה־שבעל־פּה. ער האָט אין אַ געוויסן זין נאָכגעפאָלגט די צדוקים, ביתוסים, איסיים — די גרופּעס און סעקטעס ביים בית שני, וועלכע האָבן זיך געשטעלט קעגן דער תּורה־שבעל־פּה, ממש געפירט אַ קאַמף קעגן די פּרושים, די אויטאָריטאַרישע אויסטייטשערס פון דער תּורה־שבכתב. ער איז געגאַנגען אַ סך ווייטער און ער איז נישט געווען דער לעצטער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַן אייגענעם פּירוש

אויף תורת־משה. ער האָט אויך זיך נישט אָפּגעהאַלטן מיט אַן אייגענער בעל־פּה־תורה, קעגן דער אָפיציעלער מסורה וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור — אַ מסורה, וואָס האָט געזיכערט דעם קיום פון יהדות און פון ייִדן, ווי אַ פאָלק.

ס'האָבן אים נאָכגעפאָלגט די קראים אלי' אפירא, דניה רוסי, דניאל און פיל אַנדערע [39].

אין אָנהייב איז די קראים־באַוועגונג געווען גאָר קליין און נישט געשטעלט אין געפאַר די גאַנצקייט פון ייִדנטום. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 8טן יאָרהונדערט האָט זיך די באַוועגונג פאַרגרעסערט, פאַרשפרייט און געשטעלט אין געפאַר די גאַנצקייט פון ייִדנטום; אוודאי, געשטעלט אין געפאַר אַ צאָל ייִדישע ישובים מיט זייער פאַרמעסט קעגן תלמוד, קעגן דער משנה, ווי דאָס אויסשליסלעכע געזעצבוך, ווי דער רעכטלעכער קאָדעקס, ווי די אַבסאָלוטע אידעאָלאָגיע פון דער ייִדישער אמונה. זיי האָבן אויך געקראָגן די שטיצע פון דער נישט־ייִדישער סביבה, וואָס האָט זיי געהאַלטן פאַר וויכטיק ביים באַקעמפן דאָס רבנות־ייִדנטום.

די באַוועגונג איז דעריבער באַקעמפט געוואָרן פון די גאונים און זייערע נאָכפאָלגערס. דער הויפט אין דעם פאַרמעסט איז, ווי געזאָגט, געווען רבנו סעדיה גאון, דער תלמודישער גאון, פוסק און פילאָזאָף. ס'איז אים געלונגען, אויב נישט זיי אָפּווישן, לכל הפחות, פאַרהיטן, זיי זאָלן נישט באַהערשן די טאָטאַליטעט פון ייִדנטום אין די לענדער, ווו זיי זענען געשטיצט געוואָרן פון מלכות, וואָס האָט אויסגענוצט זייער שׂנאה ווי ייִדן קעגן ייִדן.

אינטערעסאַנט איז, אַז דער רמב"ם, דער באַקעמפער פון מינות, פון אַפּיקורסות, פון קריסטנטום, פון מאַכמעדאַניזם און אַנדערע אמונות, וואָס ער באַטראַכט פאַר פאַלש און קלאַסיפיצירט זיי ווי עבודה־זרה און דערצו, דער באַגייסטערטער אָנהענגער פון די פילאָזאָפישע אַנשויונגען פון ר' סעדיה גאון — ער באַציט זיך זייער מילד צו די קראים.

דער רמב"ם שרייבט:

"אלה הקראים, השוכנים פה בנוא אמון ובארץ מצרים ובדמשק ובשאר מקומות... ראויים הם לחלקם מחלקי הכבוד, להתקרב אצלם במעשה יושר ולהתנהג עמהם במדת הענוה ובדרך האמת והשלום — כל זמן שגם הם ינהגו בתמימות... ובזאת יכון לנו לכבדם וללכת לשאול בשלומם אפילו בבתיהם, ולמול את בניהם ואפילו בשבת... אך אם מחללים בגלוי ראש מועדי ד' המקודשים בימים הקבועים לנו, אסור לבר ישראל לבקרם ליום הקבוע להם, במה שבדו מלבם וכו'" [40].

ווי באַקאַנט, האָבן די קראים שפּעטער איבערגענומען מנהגים נישט־ייִדישע: געוואָרן באַאיינפלוסט פון דער קריסטלעכער און פון דער מוזולמענישער סביבה

און במילא, איז חל דער אויספיר פון רמב״ם, מ׳זאָל זיי צוליב דעם דערוויטערן. דער ריס איז צו גרויס און צו לאַנג, מ׳זאָל אים אַזוי לייכט קענען פאַרנייען.

כּדאַי אויך זיך צו באַקענען מיטן רמב״מס שטעלונג צו דעם איסלאַם, ווי ער רופט עס, די אמונה פון די ישמעאלים:

״אלו הישמעאלים, אינם עובדי עבודה זרה כלל וכבר נכרתה מפיהם ומלבם, והם מיחדים לאל יתעלה יחוד כראוי, יחוד שאין בו דופי... התורה העידה עליהם: ׳אשר פיהם דבר שוא וימינם ימין שקר׳ [41] והיא העידה עלינו: ׳שארית ישראל לא יעשו עולה ולא ידברו כזב ולא ימצא בפיהם לשון תרמית׳״ — דער איבערבלייב פון ישראל, וועט נישט טאָן קיין אומרעכט און נישט רעדן קיין ליגן, און אין זייער מויל וועט זיך ניט געפינען אַ צונג פון באַטרוג... [42].

דאָס קראים־פּראָבלעם איז נאָך אַלץ נישט געלייזט, באַזונדערס אין מדינת־ישראל. באַלד ביים עטאַבלירן און איינשטעלן די מדינה ווי אַ קיבוץ־גלויות איז דאָס פּראָבלעם געווען אויפן סדר־היום פון די רבנים־ראַשיים. די סעקולערע מנהיגים אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן געוואָלט זען דאָס פּראָבלעם ווי געלייזט דורך אַריינגעמען זיי אין קהל־ישראל. די רבנים האָבן נישט געקענט מסכּים זיין צו אָט דעם אַריינקום, אָן וועלכע נישט איז רעזערוואַציעס און אָן גרות־פּראָצעדור.

כּדאַי צו דערמאָנען, אַז אין אייראָפּע — און מסתּמא אויך אין אַנדערע לענדער פון אַזיע און אַפריקע — האָבן זיך געפונען געבילדעטע מענטשן אין דער קראים־סעקטע און אויך פון זיי האָבן יידן געהאַט געגוג אויסצושטיין.

איינער פון די באַרימטע אייראָפּעישע קראים איז געווען דער פאָרשער און שרייבער, אברהם בן שמואל פירקאָוויטש [43] — פּערקאָוויטש, באַוווּסט מיטן נאָמען ״אבן רשף״ (געב. לוצק, וואָלינער געגנט אין דער אוקראַינע, 1784—1874). ער איז אַ צייט געווען דער ״רב חכם״ ביי די קאַראַימער, געקעמפט מיט די ״רבנישע״ קהלות און געבראַכט אַ סך שאָדן יידישע ישובים. ער איז נאָך דעם געוואָרן אַ רייזנדער־פאָרשער, באַזוכט ירושלים און זיך באַקענט מיטן אַרטיקן קראישן הויפּט־חכם שמחה באַבאָוויטש, אַ צייט געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווו ער האָט פאַר־שפּרייט זיין קראישע תורה.

פירקאָוויטש האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אויסזוכן כּתב־ידן, דער עיקר אַזעלכע וואָס האָבן אַ שייכות צו דער געשיכטע פון די קראים און זייערע שריפטן; דערביי אָנגעזאַמלט אַן אוצר פון כּתב־ידן, וועלכע געפינען זיך אין די לענינגראַדער און מאָסקווער ביבליאָטעק־אַרכיוון.

לייב ווילסקער, אין אַן אָפּהאַנדלונג ״יהודה הלויס 198 לידער פון אַן אומ־באַוווּסטער רעדאַקציע״ [44], שרייבט וועגן ״די ערשטע פירקאָוויטשער כּתב־ידן־זאַמלונג...״ איבערגעבנדיק די רשימה פון די אומבאַקאַנטע לידער, שרייבט ער:

״די מערהייט טעקסטן פון די רעגיסטרירטע אָנהייבן איז אונדז געלונגען צו

געפינען אין 39 כתב־ידן...״, אַזוי, אַז די זאַמלונג איז אָן ספק אַ וויכטיקער צושטייער צו דער פאָרשונג פון דער העברעיִשער פּאָעזיע אין מיטל־עלטער.

פּראָפעסאָר ד. כוואָלסאָן (1819—1911), דער באַרימטער אָריענטאַליסט און יודאַיִזם־פאָרשער, אַ ייִדן־פריינד וואָס האָט זיך געשמדט, ווי ער האָט זיך אויס־געדריקט ווייל ״עס איז בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין פּעטערבורגער אוניווער־סיטעט, ווי אַ מלמד אין שניפּישאָק״ — האָט זיך איינגעשטעלט פאַר פירקאָוויטשן און מיט זיין הילף האָט ער געקראָגן די שטיצע פון דער צאַרישער מלוכה און באַרייכערט די רוסישע אַרכיוו־ביבליאָטעק מיט גאַר אַ גרויסער צאָל שריפטן און צוו״א, ווי מומחים באַהויפּטן — יקר המציאותן.

אַ צאָל היסטאָריקערס, ווי גרעץ, יאָסט, הרכבי און אַנדערע האָבן זיך פאַרלאָזט אויף זיינע שריפטן, ווי אויף אַנטדעקונגען, בעת אַנדערע פאָרשערס האָבן גע־צווייפלט אין זייער אויטענטישקייט, האָבן אָנגעוויזן אויף אַ סך פעלשונגען אין זיינע ווערק ״אבני זכרון״, ״חותם תבנית״, ״בני רשף״ און אַנדערע. — עס איז קיין ספק נישט, אַז ס׳געפינען זיך אין זיינע ספרים פאַלסיפיצירונגען און נטיות, און דאָך זענען זיינע געפינסן וויכטיק פאַר פאָרשערס.

אַ צאָל פון זיינע פאָרשונגען, נישט געקוקט אויף דער קריטיק קעגן אים און זיינע באַרימערייען, פאַרמאָגן חשיבות פון קולטור־געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט, נישט בלויז פאַר קראים, נאָר בכלל פאַר דער ייִדישער און אַלגעמיינער געשיכטע. זיי זענען אָבער געשריבן אין קראישן גייסט. אַ טייל פון זיינע פאָרשונגען וועט געוויס נוצלעך זיין פאַר סטודענטן פון מיטל־מזרח־און מיטל־עלטער־געשיכטע. די קאָלעקציע וועט געוויס ברענגען נוצן די וועלכע דאַרפן פאַרענדיקן אַ דיסער־טאַציע אָדער אַ דאָקטאָראַט.

וואָס שייך דער שׂנאה צו ייִדן און וואָס שייך דאָס אויסטייטשן די תורה־שבכתב, האָט פירקאָוויטש ממשיך געווען זיינע פאָרגייערס, נאָכגעפאָלגט דעם פאָטער פון די קראים, ענן בן דוד (ד״א, ת״ע־תע״ד — 714), וועלכער האָט מיט זיינע מעשׂים גורם געווען דעם ריס, נישט געבנדיק די רבנים די מעגלעכקייט צו פאַרנייען דעם ריס און זיין סעקטע אַריינגעמען אין קהל־ישׂראל. די קראים מוזן דורכגיין דאָס גרות על־פּי הלכה.

דאָס קראים־פּראָבלעם איז נאָך אַלץ נישט פולשטענדיק געלייזט געוואָרן.

דער טעאָרעטיקער און אידעאָלאָג פון פּועלי ציוניזם, חיים גרינבערג ע״ה, האָט, באַהאַנדלענדיק דאָס אַנגעווייטיקטע פּראָבלעם געשריבן צוו״א:

״...איך זע נישט, ווי אַזוי מען קען צוריקווייזן זייער בקשה: די בקשה פון די וואָס ווילן זיך צו אונז טוליען און צוזאַמען מיט אונז דערפילן דעם טעם פון גאולה. אויך פאַר זיי, בין איך זיכער, ווילן זיך עפענען די טויערן פון ישׂראל״ [45].

שווער צו עפענען די טויערן פאַר די, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון ייִדנטום,

זיך געשטעלט מחוץ למחנה, גייסטיק און פיזיש. ס׳איז נישט אזוי לייכט, ווי גרינבערג האָט געמיינט, צו עפענען טויערן, וועלכע זענען געשלאָסן געוואָרן מיט איבער טויזנט יאָר צוריק און די קראים זענען געבליבן, ווי אַ פּאַרלוירענע סעקטע, וואָס האָט געבלאָנדזשעט צווישן פאַרשיידענע אמונות און קולטן.

מיר ווייסן ווי מילד און ליבעראַל דער רמב״ם איז געווען צו די אַנוסים, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען געווען אָנצונעמען דעם איסלאַם אָדער דאָס קריסטנטום, די מאַראַנען אין שפּאַניע און אין לענדער פון נאָענטן מזרח.

אין די אגרות הרמב״ם [46], באַזונדערס אין דער אגרת השמד, קדוש השם, וואָס ווערט דערמאָנט ביי די גדולי הפוסקים [47] ווערט קלאָר אויסגעדריקט די מיינונג, אַז מינות, די צוגאָב־אמונות, די וועלכע האָבן געשאַפן אַ נייע תורה, וואָס איז קעגן דער תורה־שבעל־פה, קעגן דער מסורה, קעגן תורת־משה — די נייע תורה, ווערט ביים רמב״ם באַטראַכט, ווי עבודה־זרה. ער ווייזט אָבער אַרויס אַ התקרבות צו די אַנוסים און פאָדערט מ׳זאָל זיי נישט מרחק זיין, ווייל זיי זענען ״געצוווּנגען עפנטלעך נאָכצוטאָן די מעשים פון דער מערהייט, אָבער אין געהיים היטן זיי יידישקייט״.

אין דער ״אגרת״, ברענגט דעם רמב״ם דעם פאַקט, וואָס עס ווערט דערציילט אַז רבי אליעזר נתפס למינות — מ׳האָט אים געוואָלט צווינגען אָנצונעמען די אמונה פון די מינים־נוצרים און ווי ער האָט זיך באַפרייט... ער ציטירט דעם פסוק ״כל הדברים יגעים״ — אַלע ווערטער ווערן מיד... פּוסטע רייד פאַרמאַטערן אַ מענטשן [48], ווי דער מדרש טייטשט: ״דברי מינות מיגעין״ — און דערביי ווייזט ער אָן, מ׳זאָל נישט מרחק זיין די אנוסים, מ׳זאָל זיי נישט פאַרטרייבן פון נחלת־ישראל... ווייל זיי האָבן דאָס געטאָן אונטער צוואַנג און אינקוויזיציע, אָבער די קראים וואָס זענען אַליין אַוועק אויף פרעמדע וועגן, צו זיי דאַרף מען זיך באַציען מיט דער פולער שטרענגקייט, ווי די שטרענגקייט צו פאַלשע משיחים, ווי צו די קריסטלעכע און מוזולמעניש־מאַכמעדאַנישע דאָגמעס, ווייל זייער תורה, זייער אמונה, זייער עבודה איז קעגן דער יידישער אמונה, קעגן דער יידישער מאָראַל און זיי פאַרשפּרייטן שנאה צו יידן.

מיר ווועלן זיך דערלויבן ציטירן עטלעכע שטעלן אין דעם דערמאָנטן ספר ״אגרות הרמב״ם״, די ״אגרת״ צו די בני תימן [49], אין וועלכער ער איז מרמז אויף דער כת נוצרי און כת מוחמד און דערביי דריקט ער אויס זיין מיינונג, אַז די שכינה קאָן רוען אויף ערלעכע נישט־יידן, חסידי אומות העולם, זיי קענען אפילו ווערן אָנגערופן נביאים:

״...שהרי איוב וצופר ואליפז ואליהו כלם אצלנו נביאים [50], אף־על־פי שאינם מישראל וכן חנניה בן עזור [51], נביא שקר, ואף־על־פי שהוא מישראל אבל נאמין בנביא או נכחישהו מצד נבואתן... ולא מצד יחוסו (לא מצד הגזעי או הלאומי)״.

ניטאָ ביי ייִדן — לערנט דער רמב"ם — קיין ראַסן־ אָדער נאַציאָנאַלער יחוס. אויב איינער — ווער ער זאָל נישט זיין — וועט דערקלערן, אַז איינע פון די מצוות איז בטל געוואָרן — איז עס דעם רמב"מס אימפּעראַטיוו און פעסטקייט, אַז ער זאָגט ליגן, אַז ער איז אַ מסית ומדיח, אַז עס קומט אים טויטשטראָף, אויב ס'איז געווען עדות, התראה און אַלע רעגולאַציעס, וואָס שייך באַשטראָפן אַזאַ מענטש.

די קראים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער תורה־שבעל־פה, האָבן זיי זיך פאַר־מאָסטן מבטל צו מאַכן עיקרים אין יהדות און דעריבער האָט מען באַשלאָסן, לויט די גדולי הפוסקים והמחשבה, זיי צו באַטראַכטן מחוץ למחנה; זיי האָבן זיך אַליין אויסגעשלאָסן פון ייִדנטום; זיי האָבן געוואָלט מאַכן פינצטער נישט בלויז דעם ייִדישן שבת, נאָר, בכלל ייִדיש לעבן.

פאַר וואָס האָבן די אויטאָריטעטן פון יהדות דווקא אָנגעזאָגט וועגן ליכט פאַר שבת? כּדי דאָס ייִדישע הויז זאָל זיין ליכטיק; ייִדן זאָלן געניסן פון עונג־שבת...

אין אונדזער צייט האָט עס געטאָן מיט דער פולער שטאַרקייט, דער ליובאַ־וויטשער רבי אדמו"ר ר' מנחם מענדל שניאורסאָן שליט"א, אַרויסקומענדיק מיט אַ רוף וועגן דער מצווה פון הדלקת נרות ערב שבת, די מצווה "נ ש "ק" [52], נישט צו דערלאָזן "פאַרפינצטערן" דעם הייליקן שבת.

דאָס באַקעמפן קריסטנטום־איסיים־נוצרים איז, ווי מיר זעען, געווען געצילט נישט בלויז קעגן נישט־ייִדן, נאָר אַ סך מער קעגן ייִדן, וועלכע האָבן אַריינ־געבראַכט פאַלשע אויסטייטשונגען; קעגן ייִדן וועלכע האָבן מבטל געווען מצוות־התורה, לויט מסורה; קעגן ייִדן ועמעס מעשׂים האָבן געקענט גורם זיין צו צעשטערן דעם בית־ישראל וואָס לעבט און עקזיסטירט אַ דאַנק דער מסורה. ייִדן האָבן באַקעמפט עבודה־זרה פון אַלע מינים און דאָס האָט אָנגעהויבן אברהם אבינו וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אין קאַלכאויוון פאַר זיין קאַמף קעגן עבודה־זרה פון זיין צייט.

דער רמב"ם אין "היד החזקה" [53], אויסטייטשנדיק דעם פסוק: "וכי תשגו ולא תעשו את כל המצוות" — אַז איר וועט גרייזן און ניט טאָן די אַלע דאָזיקע מצוות [54], גיט צו: "...ומפי השמועה למדו שבעבודת כוכבים הכתוב מדבר. הא למדת: שכל המודה בעבודת כוכבים — כופר בכל התורה כולה ובכל הנביאים ובכל מה שנצטוו הנביאים מאדם ועד סוף העולם, שנאמר: 'מן היום אשר צוה ד' והלאה לדורותיכם'" — פון דעם טאָג וואָס גאָט האָט באַפוילן און ווייטער אויף דור־דורות[55], "וכל הכופר בעבודת כוכבים — מודה בכל התורה כולה ובכל הנביאים, ובכל מה שנצטוו הנביאים מאדם ועד סוף העולם...".

דער דאָזיקער פּסק־הלכה, האָט זיין מקור אין פאַרשיידענע שטעלן אין תלמוד [56] און אין מדרשים; ציטירן די אַלע שטעלן איז אַן אוממעגלעכקייט, און

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט הלכה־טעזן. מיר האָבן געבראַכט דעם פּסק־הלכה אויף צו באַגרינדן אונדזערע טעמאַטישע אויספירן, די הלכות ווי אויסצוהיטן זיך פון עבודה זרה, מיר זאָלן פאַרשטיין דאָס פּראָבלעם פון נצרות, וואָס איז געווען אויפן סדר־היום ביי די פּרושים אין דער צייט פון בית־שני — די מורא, אַז דאָס קען ברענגען אַן "ערבוביה" אין ייִדנטום. די חכמים־פּרושים האָבן דעריבער געמוזט אָננעמען שטרענגע מיטלען צו באַפעסטיקן די חומות פון ייִדנטום. האָבן זיי באַקעמפט די "מינים" אינערלעך און אויסערלעך. עס איז דעמאָלט געווען די תקופה פון גזירות מצד דער רוימישער מאַכט; עס איז געווען די מורא פאַר אויפרייצן די רוימער — און דאָ שאַפט זיך אַ באַוועגונג, וואָס קען חלילה אָוועקרייסן טיילן פון דעם אַזוי געפּלאָגטן באַגרענעצטן ייִדישן ישוב, אונטער דער הערשאַפט פון רוימישן לעגיאָן. די חכמים פון יענעם דור האָבן דעריבער איינגעשטעלט תקנות דורך וועלכע ס'זאָל געשטאַרקט ווערן די מחיצה צווישן ישׂראל־תורה־יהדות און עכו"ם־היידנישקייט, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו צעברעכן די מחיצה.

אין די לעצטע יאָרן פון בית שני, אונטער דער רוימישער הערשאַפט, האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן פרעמדע איינפלוסן: הורדוס, אַ נישט־ייִד, אַ קנעכט ביי די חשמונאים, איז געוואָרן דער הערשער. ער האָט אויסגעהרגעט אַלע חכמים־פּרושים און איבערגעלאָזט בלויז איינעם, בבא בן בוטא, בכדי זיך שואל־עצה זיין מיט אים וועגן בנין בית־המקדש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם שענסטן, פּרעכטיקסטן בנין — "מי שלא ראה בנין הורדוס, לא ראה בנין נאה מימיו" — ווער ס'האָט נישט געזען דעם בנין בית המקדש וואָס הורדוס האָט געבויט האָט קיין שיינעם, פּרעכטיקן בנין נישט געזען [57] — אַ שיינער בנין און דער בויער: הורדוס!

אַזוי האָט דאַן אויסגעזען דער מצב אין יהודה.

אין יענער תקופה האָט מען געדרשנט דעם פּסוק: "החרש והמסגר אלף, הכל גבורים, עושי מלחמה" — די מייסטערס, די שלעסערס, טויזנט, אַלע גבורים... געקענט פירן מלחמה [58]: "וכי מה גבורה עושים בני אדם המהלכין בגולה... אלא הכל גבורים במלחמתה של תורה" [59]. די גבורה איז געווען נישט בלויז ביי די, וועלכע זענען געגאַנגען אין גלות, נאָר אויך אין דער דעמאָלטיקער יהודה, ווו פריער די גריכן און נאָך דעם די רוימער האָבן מיט זייערע גזירות זיך פאַרמאָסטן אַריינצוברענגען זייערע קולטן, זייערע מנהגים, זייער הפקרדיקע מאָראַל — און צו דעם אַלעמען האָבן זיך געשאַפן דער ברידערקריג, די פּאַרטיי־קאָנפליקטן, נייע שטרעמונגען און — די נייע גליליער־באַוועגונג פון איסיים־מינים־נוצרים.

די חכמים־פּרושים האָבן זיי דערקלערט פאַר עובדי עבודה־זרה, פאַר אַזאַ פרעמדקייט אין ייִדנטום, ווי אָנערקענען אַ מענטש, אַ בשׂר ודם אַלס "גאָטס זון" —

אַז גאָט האָט אַ זון, געקומען פון אַ פרויס טראַכט... דאָס איז געווען שוידערלעך פאַר די געטרייע ייִדן און בשום אופן נישט געקענט אַקצעפּטירט ווערן [60].

אין ייִדנטום — דאַרף מען וויסן — האָט מען זיך בכלל דערוויטערט פון וועלכער נישט איז אמונה אין מענטשהערשאַפט. גלויבן אינעם מענטש?... דער "לא תעשה לך פסל" [61] אין די עשרת הדברות, איז געמיינט — און שליסט איין — מ'זאָל נישט מאַכן דעם מענטש פאַר אַ "פסל", אַ סאָרט גאָט...

דער אידעאַל פון אַבסאָלוטער שלימות איז בלויז גאָט, "ולא ישיגוהו משיגי הגוף", ווי עס ווערט געזאָגט אין די דרייצן עיקרים. אפילו משה רבנו, דער גרעסטער פון די נביאים, וואָס איז געווען אַמנאָענטסטן צו גאָט, "אשר ידעו ד' פנים אל פנים" [62]; אפילו ער איז נישט געווען אין גאַנצן פריי פון טעותים, צוליב וועלכע ער האָט נישט זוכה געווען אַריינצוקומען אין זיין אַזוי געגאַרטן לאַנד. ער איז געווען דער שליח פון גאָט אויסצולייזן די ייִדן, דער עבד ד' [63] דורכצופירן די שליחות, אָבער אַלץ אַ "ילוד אשה" [64]. ווען מען רעכנט אויס די גדולי ישראל, פאַרגלייכט מען עזרא הסופר אין זיין עפּאָכע און רבי עקיבא בן יוסף אין זיין עפּאָכע, צו דעם מחוקק, צו דעם, וואָס האָט מקבל געווען די תורה מסיני: "ראוי היה עזרא שתנתן תורה על ידו לישראל אלמלא קדמו משה" — עזרא הסופר איז געווען ראוי, די תורה זאָל געגעבן ווערן דורך אים, ווען נישט דאָס וואָס משה רבנו האָט אים געפּעדערט [65].

ווען די ייִדן האָבן געזינדיקט מיט אַן "עגל הזהב" און דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו משה רבנו "לך רד" [66], דרשענען חז"ל: "אמר לו הקב"ה, לך רד מגדולתך, כלום נתתי לך גדולה אלא בשביל ישראל, עכשיו שישראל חטא — אתה למה לי" [67] — די גאַנצע גרויסקייט פון משהן, הייסט עס, איז צוליב די ייִדן.

ווען משה קריגט די ברירה, ער זאָל מסכים זיין, אַז פון אים זאָל אַרויסקומען דאָס פאָלק ישראל און ייִדן זאָלן אומקומען צוליבן פאַרברעך פון דינען עבודה־זרה, זאָגט משה רבנו: "יאבד משה ואלף כמוהו, ואל יאבד אחד מישראל" [68]. אַזוי רעדט אַ געטרייער מנהיג, אַזוי רעדט דער "עבד נאמן" צו הקב"ה און צו זיין פאָלק ישראל. ער איז נישט דער אַבסאָלוטער הערשער, ער איז נישט דער געקרוינטער דיקטאַטאָר, ער איז נישט מענטש־גאָט... ער איז דער "ענו מאד" [69] וואָס לאָזט נישט צו דעם געדאַנק אַ מעגלעכקייט, פון מענטשנקולט, און אַזוי איז עס געבליבן אין יהדות צו באַקעמפן יעדן סאָרט פערזאָנען־קולט, מענטש־גאָט.

מלכות־יהודה, אַזוי ווי מלכות־ישראל, האָט נאָך אין צייט פון די נביאים, געדאַרפט אומאויפהערלעך קעמפן קעגן די פרעמדע קולטן, קעגן די פאַלשע נביאים, צו פאַרשטאַרקן דעם גלויבן אין אחדות־אלהות און צו באַווייזן די גרויסקייט פונעם עטישן מאָנאָטעיִזם.

ישעיהו הנביא פלאַסטערט אויס דעם וועג צו אַ סאָציאַל־יושרדיקער וועלט. ער נעמט דעם עולם מיט זיינע באַגייסטערטע געטלעכע וויזיעס. אַ דאַנק דעם פּרינץ פון די נביאים, פירט דורך חזקיהו המלך די געהעריקע רעפאַרמען, צו באַזייטיקן דעם צומיש פון געצנדינערישע פאַרמען, וואָס האָבן זיך געריסן אין די יהודישע געצעלטן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו רעסטאַווירן דעם ריינעם יהדות־קולט, ווי עס האָבן געלערנט די אמתע נביאים און גאַר באַזונדערס, ווי עס האָט געלערנט זיין נביא ישעיהו.

דאָס איז געווען אַ הויכפּונקט אין דער געשיכטע פון מלכות־יהודה.

דאָס האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ווען חזקיהוס זון מנשה האָט איבער־גענומען דעם מלוכה־רודער, האָט ער געמאַכט אַ פולקאָמע איבערקערניש: ער האָט אָפּגעשאַפט די רעפאַרמען פון זיין פאָטער; ער האָט "אַריינגעבראַכט דעם צלם אין היכל"; אַריינגעבראַכט דעם קולט פון פרעמדע געטער.

ישעיהו און די אַנדערע נביאי־אמת, זיינע נאָכפאָלגערס, האָבן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש געקעמפט קעגן געצנדינעריי און פאַר דעם אויפהאַלט פון ריינעם ייִדישן גייסט, דעם אויפהאַלט פון תורת־משה אין גייסט פון די נביאים.

ביים בית־שני איז דער קאַמף אַ סך שווערער געווען: פריער — די העלעניס־טישע תקופה פ א ר און נ א ך דער תורה־איבערזעצונג, די גריכישע סעפּטואַגינטאַ־איבערזעצונג לויט דער איניציאַטיוו פון קעניג פּטאָלאָמעוס פילאַדעלפוס, האָט געמיינט אַ צוניפטערעף פון יודאַיִזם מיטן העלעניזם, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער ייִדישער וועלט. די גריכיש־עגיפּטישע וועלט האָט זיך באַקענט מיט יהודהס תורה; צו דער זעלביקער צייט האָבן זיך געשאַפן גרופּעס, וועלכע האָבן איבערגענומען דעם גריכישן לעבנס־שטייגער, אַ סאָרט צופּאַסונג צום גריכנטום. די העלענער מכל המינים האָבן געפירט צו קולטור־אַסימילאַציע, אויב נישט צו נאַציאָנאַלן פאַרראַט.

אין אַ שפּעטערדיקער תקופה, אין די לעצטע יאָרן פון בית־שני, איז יהודה געבליבן — נישט געקוקט אויפן אייגענעם מלוכה־וועזן — אונטער דער רוימישער הערשאַפט, אָפּהענגיק פון רוימס ווילן און גזירות. די רוימישע מאַכט איז געווען פול מיט שׂנאה, מיט האַס אויף ייִדן און דער ייִדישער אמונה. סענעקאַ, דער גרויסער אָראַטאָר און שרייבער, זעט אין ייִדן אַ פאַרברעכעריש פאָלק. אַנדערע האָבן געזען אין ייִדן קעגנערס פון זייער געצנדינעריי, ווי אַ גאַטלאָז פאָלק. די רוימישע גזירות זענען געווען אומדערטרעגלעך. די רעגירנדיקע אין יהודה האָבן זיך געחנפעט צו די רוימער, געזוכט זייער שטיצע אין פאַרזיכערן זייער מאַכט. דאָס האָט געוויס גורם געווען צו דעם בירגערקריג, צו דעם מערן זיך פון באַוועגונגען און סעקטעס — און אַלע צוזאַמען האָבן געשטעלט אין געפאַר די אמונה, ווי געלערנט אין תורת־משה, ביי די נביאים און ביי די אויטאָריטעטן פון תורה ומסורה.

צווישן די סעקטעס האָט זיך באַוויזן די סעקטע וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן אַ נייע תורה.

די אַפּאָסטאָלן האָבן געוואָלט באַגייסטערן מיט זייערע נייע אידעען און דערהויבן דעם מענטשן. זיי האָבן געלערנט אַז אין דער געשטאַלט פון ישו הנוצרי איז דאָ די דערהויבנקייט, אַז ער איז דער געטלעכער שליח, דער משיח־דערלייזער און אַז ער האָט מיטן כּוח פון הימל געענדערט די תורה מיט אַ נייער דימענסיע אין אמונה.

די נייע תורה — האָבן די פּרושים געזען — איז, אין פולשטענדיקן קאָנטראַסט צו דער ייִדישער.

די גייסטיקע פירערס האָבן געזען, אַז זיי מוזן קעמפן קעגן אָט דער נייער קאָנאָגיזאַציע און באַווייזן, אַז נאָר דורך תורה, ווי געלערנט דורך משה רבנו, איז מעגלעך צו דערהויבן דעם מענטש; אַז נאָר דורך תורה זענען מעגלעך די מאָראַליזירנדיק־עטיש־ריינע מענטשלעכע אידעען; אַז נאָר דורך תורה איז מעגלעך איינצושטעלן און איינשטילן די קאָמפּליצירטע עלעמענטן אין דעם מענטשנס נשמה, איינשטילן זיין געראַנגל און זיינע אינערלעכע קאָנפליקטן.

מיר וועלן ווייטער רעדן וועגן דער דערהויבנקייט פון דער ייִדישער עטיק. דאָ ווילן מיר בלויז אָנווייזן אויף די מאָטיוון פון דעם קאַמף, וואָס די וואָרטזאָגערס פון געטרייען ישוב אין דער תקופה פון בית שני האָבן געפירט, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די באַוועגונגען פון ליבעראַליזאַציע און רעפאָרמאַציע, קעגן דער מסורה; זיי האָבן געפירט דעם שאַרפסטן קאַמף קעגן דער איסיִיש־נוצרישער תורה, וואָס האָט נעגירט מצוות מעשיות און פּראָפּאַגירט די אידעע פון מענטש־גאָט.

**ב. קאַמף קעגן היידן. — מינים־נוצרים. — פאַרהיטן ייִדיש לעבן און תורה־פּרינציפּן.**

די קעגנערשאַפט צו די ערשטע ידן־נוצרים איז געווען, אָן ספק, מאָטיווירט דערמיט וואָס מ'האָט געוואָלט פאַרהיטן ייִדן קעגן פרעמדע אמונות, פאַרהיטן די זרע־אברהם פון געצנדינערישע קולטן. די גייסטיקע פירערס אין דער צייט פון בית שני האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע, אַז דאָס היידנישקייט, אָדער כּמו היידנישקייט, זאָל נישט אַריינדרינגען אינעם ייִדישן תחום; דער פּאָליטעיִזם זאָל נישט צעשטערן דאָס ייִדישע אַרט לעבן, וואָס איז באַזירט אויף תורה־פּרינציפּן און אמונת־השם.

דער רמב"ם [1] רעכנט אויס די פינף וועלכע ווערן גערופן מינים: האומר שאין שם אלקי ואין לעולם מנהיג והאומר שיש שם מנהיג אבל הם שנים או יותר והאומר שיש שם רבון אחד אבל שהוא גוף ובעל תמונה... [2].

אין אַלע זיינע ספרים און מאמרים, באַקעמפט דער רמב"ם דאָס פאַרשטעלן

זיך גאָט, ווי אַ פיזיש־קערפּערלעך וועזן. דער דאָזיקער אמונה־יסוד איז אַריין אין די דרייצן אני מאמינס: "...שהבורא יתברך שמו אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף ואין לו שום דמיון כלל..." גאָט קען נישט פּערזאָניפיצירט ווערן לויט מענטשלעכע שטריכן און אויב ס'רעדט זיך אין דער תורה אויף דעם אופן, איז דאָ דער כּלל: "דברה תורה בלשון בני אדם" — כּדי מענטשן זאָלן פאַרשטיין.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ פילאָזאָפישן טראַקטאַט. אונדז אינטעט־רעסירט צו זען, ווי אַזוי די תּנאים ביים בית שני האָבן באַקעמפט אַלץ וואָס איז געווען קעגן דער יידישער אמונה און פאַר וואָס די קעגנערשאַפט צו די נוצרים־אסיים. דאָס איז געווען אַן אינערלעכער קאַמף, אַ קאַמף קעגן יידן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ברענגען אַ נייע תּורה און מבטל מאַכן תּורת־משה, די מסורה, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דעם ערשטן רבין משה רבנו, וועלכער האָט אַלץ מקבל געווען אויפן באַרג סיני און איבערגעגעבן צו זייע נאָכפאָלגערס.

ס'זענען דאָן געוואַקסן פּאַרטייעלעך און גרופּעס ווי שוואָמען אין וואַלד, יעדער מיט זיין אידעע און מיט זיינע פאַנטאַזיעס. זיי האָבן געשטעלט אין געפאַר דעם פאַרוואָרצלטן יידישן לעבנס־שטייגער, וואָס איז באַנייט געוואָרן מיט דער עליה פון בבל דורך עזרא הסופר און וואָס איז געשטאַרקט געוואָרן דורך די ערשטע חשמונאים־קעמפערס.

הרב דר. מאיר הערשקאָוויץ, באַהאַנדלענדיק דעם "הכנס בבני ברק"[3] — די מעשה פון די פינף גדולי הדור, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט פּסח צום סדר, געזעסן בהסבה אַ גאַנצע נאַכט, ביז די תּלמידים זענען געקומען און זיי געלאָזט וויסן, אַז ס'איז שוין טאָג, "הגיע זמן קריאת שמע של שחרית". אין יענער היסטאָרישער נאַכט — האַלט ער — האָבן די גייסטיקע פירערס באַטראַכט פּלענער, ווי צו באַקעמפן די "מינים"־נוצרים.

די דאָזיקע סברה, אָדער השערה, איז אַ חידוש און צו באַנוצן זיך מיט דער מיינונג פון מרן הראי"ה הכהן קוק זצ"ל, מוז אַ סברה האָבן אַ מקור, אַ ראיה.

הרב קוק ברענגט פאַר זיין רבין, דעם דווינסקער רב ר' ראובן הלוי: "כל סברא שבעולם היא חשודה. צריכה להיות מפורשת או כמו מפורשת"[4].

דער בעל החידוש שטעלט אַ צאָל פראַגעס וועגן דער "מעשה ברבי אליעזר ורבי יהושע ורבי אלעזר בן עזריה ורבי עקיבא ורבי טרפון שהיו מסובין בבני ברק והיו מספרים ביציאת מצרים כל אותו הלילה..." איינע פון די פראַגעס: פאַר וואָס איז רבן גמליאל, דער נשיא, דאָרט נישט געווען. ס'ווערט אויך דערציילט[5], אַז רבן גמליאל האָט געהאַט אַן אסיפה אין לוד פּסח ביי נאַכט, ביים פראַווען דעם סדר. מעגלעך, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין דער זעלביקער פּסח־נאַכט. הרב הערשקאָוויץ ברענגט די מיינונג פון הרב ראובן מרגליות[6], אַז ס'קאָן זיין אַז די סיבה פון רבן גמליאלס אָפּוועזנהייט אין בני ברק איז געווען ווייל מען האָט דאָרט באַהאַנדלט

דאָס פּראָבלעם: ר ב ן ג מ ל י א ל. מ'האָט געטראַכט וועגן אַ שטעלונג צום נשיא, וואָס האָט דריי מאָל מבייש געווען זייער חבר רבי יהושע.

הרב הערשקאָוויץ איז מסופּק אין דער דאָזיקער השערה, ווייל פאַר וואָס האָבן זיי אויסגעקליבן די סדר־נאַכט פאַר אַזאַ ענין?

קיין ספק, אַז מיר האָבן רעכט צו צווייפלען אין מרגליותעס באַהויפּטונג. מיר געפינען נישט קיין רמז אויף דער דאָזיקער אויטענטישקייט, נישט אין תּלמוד, נישט אין מדרשים, ווו עס ווערט איבערגעגעבן וועגן די חילוקי־דעות צווישן רבן גמליאל און רבי יהושע בן חנניה. פאַר וואָס וואָלטן די חכמים אויסגעקליבן די סדר־נאַכט צו באַהאַנדלען די שטעלונג קעגן נשיא? אָנצווייזן אויף דעם פאַקט פונעם המשך וואָס רבי אלעזר בן עזריה גיט איבער "הרי אני כבן שבעים שנה..." און ווי באַקאַנט, איז ער געוואָרן פאַר אַ צייט דער הויפּט פון סנהדרין, צוליב די חילוקי־דעות מיטן נשיא, איז אַ קנאַפּער באַווייז.

שבח קנעביל אין זיין "מבוא" צו דער הגדה של פסח [7], שרייבט צוו"אַ:

"אחר שבית המקדש השני ג"כ נחרב... ושארית האומה הלכה בגולה... והחכמים הגדולים... יראו לנפשם אשר עם הריסת הבית... חגי האומה יבוטלו... לכן הוסיפו כעת והרחיבו סיפור יציאת מצרים... לזכרון המעשים... ויש לשער שזאת היתה כוונת רבי עקיבא שהזמין חבריו... לעירו בני ברק והיו מספרים ביציאת מצרים... עד שבאו תלמידיהם..." [8].

שבח קנעביל ברענגט אַ השערה [9], אַז די פאַרזאַמלונג פּסח ביי נאַכט, צו וועלכער עס איז אויך געקומען רבי עקיבאס רבי — רבי אליעזר בן הרקנוס (הגדול) — וואָס איז דאַן שוין געווען אין טיפן עלטער, "שהיה כבר זקן מופלג", האָט געהאַט צו טאָן מיט רבי עקיבאס שטיצע פאַר דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין בית־רמון, נישט ווייט פון בני ברק.

ווי באַוווּסט, איז די מיינונג פון רמב"ם, לויט חז"ל [10] און אַ צאָל היסטאָ־ריקערס, אַז רבי עקיבא האָט געשטיצט מיט אַלע מעגלעכקייטן בר־כוכבאס אויפ־שטאַנד און אַז שפּעטער איז ער אַנטוישט געוואָרן פון דעם ב ר כ ו ז י ב א.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז יוחנן תורתא [11] געווען קעגן און אים געזאָגט מיט דער פולער שאַרפקייט: "עקיבא, יעלו עשבים בלחייך ועדיין אין בן דוד בא". מיר ווייסן אָבער פון מאמרים, אַז יוחנן איז נישט געווען דער איינציקער. אויך די אַנדערע תּנאים, חברים פון רבי עקיבא, זענען געווען קעגן שטעלן זיך אין קאַמף קעגן דער רוימישער מאַכט. רבי יוחנן בן זכאי, מיט אַ דור פריער, האָט בלויז געבעטן "תן לי יבנה וחכמיה", און נישט געגאַנגען מיט דער שיטה פון יוחנן מגוש חלב [12]. ס'איז דעריבער מעגלעך, אַז די היסטאָרישע אסיפה איז פאַרגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון די חילוקי־דעות ביי די גדולי־הדור און זיי האָבן געטראַכט, אַז ר'

אליעזר בן הורקנוס — גראַד דער שוואָגער פון רבן גמליאל — וועט האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זיין באַליבטן תּלמיד.

מיר וועלן ציטירן פון שבח קנעביל:

״...ובכן יכול להיות שחכמי הדור התאספו אז אצל ר״ע לדון ולהתיעץ בשאלה החשובה והקשה הזאת, ואולי גם הטריחו א״ע לבוא אל ר״ע אל מקומו, בכדי לעכבו מלהשתתף במרד. ומובן מאד שהענין הנכבד הזה היה קרוב אל ענין יציאת מצרים, כי גם פה היתה השאלה אם ללחום או לצפות לישועה ולנסי הקב״ה, ובכן מובן שהיו שקועים בסיפור יצ״מ ׳כל אותו הלילה׳ עד שאפילו ל א ז כ ר ו זמן קר״ש״.

ס׳איז אַ ביסל אַ צו שאַרפער אויסדרוק — די חכמי־הדור זאָלן פאַרגעסן דעם זמן ?... די גדולי הדור זאָלן דאַרפן ווערן דערמאָנט פון זייערע תּלמידים, אַז ס׳איז שוין דער זמן פון קריאת שמע ? מ׳קען שטעלן נאָך אַ צאָל פראַגעס צו באַווייזן אַז מער ווי אַ סתם השערה איז דאָס נישט.

כּדאַי אויך צו דערמאָנען די מיינונג פון מיין רבין, הרב ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט זצ״ל. ער האָט בכלל געצווייפלט, צי רבי עקיבא האָט געהאַלטן בר־כּוכבאַן פאַר דעם משיח און צי רבי עקיבא איז אַרומגעפאָרן זאַמלען געלט צו שטיצן בר־כּוכבאס לעגיאָן. ער האָט דאָס מיר געזאָגט בעל־פּה; און וועגן דעם געשריבן אין זיינע ספרים־מאמרים.

הרב גרויבאַרט [13], ברענגט דעם רמב״ם [14], ״שר׳ עקיבא היה נושא כלי בן כוזיבא והיה אומר עליו שהוא מלך המשיח, וכיון שנהרג נודע להם שאינו משיח״. ער גיט צו: ״ואף שמקורו הוא מירושלמי [15]: ׳ר׳ עקיבא כד הוה חמי בר כוזיבא הוי אומר: דין הוא מלכא משיחא׳ בכל זאת יש לומר שאמר בדרך מליצה וחשב שהוא ראוי והגון למשול בישראל, מפני גבורתו ומעלותיו. גם מתלמוד בבלי [16] ראיה, שלא חשבוהו למשיח״.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין דער דאָזיקער דיסקוסיע. אונדז אינטעע־רעסירט — אין שייכות מיט אונדזער טעמע — דער חידוש פון הרב הערשקאָוויץ, וואָס זעט אויס צו האָבן אַ ממשותדיקע פאַרשטענדלעכקייט, אַז דער ״כּנס״ אין בני ברק, איז געווען צו באַטראַכטן פּלענער ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ מיטלען, צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער פאַרשפּרייטונג פון דער מינים־סעקטע אין לאַנד. די גייסטיקע פירערס פון פאָלק האָבן געזען אין דער דאָזיקער סעקטע אַ געפאַר פאַר דער גאַנצקייט פון ייִדנטום.

מיר וועלן בקיצור אָנווייזן, פאַר וואָס די דאָזיקע השערה האָט אַ ממשות.

עס איז דאַן געווען אַ קריטישער מאָמענט פאַרן ייִדנטום, הן כּלפּי חוץ און הן כּלפּי פּנים: די רוימישע גזירות — גזירות קעגן לערנען תּורה, היטן מצות מילה, שבת [17]. אויף אַזוי ווייט איז געגאַנגען דער רוימישער מאַכט, אַז ס׳זאָל וואָס שנעלער

פאַרענדיקט ווערן דאָס קאַפּיטל ייִדנטום: "מכאן ועד שלושים יום, לא יהיה בכל העולם, יהודי" [18].

הרב גרויבאַרט ברענגט אויך דאָ אַ ראיה, אַז ר' עקיבא איז נישט אומגעקומען צוליב זיין העלפן בר־כוכבאן אין זיין אויפשטאַנד, נאָר צוליב זיין פאַרשפּרייטן תּורה: "אשריך רבי עקיבא שנתפסת על דברי תורה..." [19]. די רוימער האָבן געוואָלט באַהערשן יהודה פינאַנציעל און קולטורעל, אַריינברענגענדיק כל מיני עבודה זרה'ס.

די פּרושים, די פאָלקספירערס, האָבן געדאַרפט האָבן כּוחות אַנצופירן דעם אינערלעכן קאַמף קעגן די צדוקים און אַנדערע אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן; און דאָ קומט די נייע געפאַר, די ישו־אַפּאָסטאָלן, מוז מען זען זיי זאָלן נישט האָבן קיין אחיזה אין יהודה, זיי זאָלן נישט זיין בכוח אַראָפּצופירן ייִדן פון זייער אמונה און אידענטיטעט. די חכמי־הדור האָבן פאַראויסגעזען, וואָס פאַר אַ צרות מ'קען האָבן פון די נייע אויסלייזערס...

ווען מ'ר נעמען אין באַטראַכט די צרות וואָס ייִדן האָבן — אין די שפּעטער־דיקע דורות — געהאַט אויסצושטיין פון דער שפּעטער אַנטוויקלטער וועלט־באַוועגונג, וואָס האָט זיי באַשולדיקט אַז זיי האָבן געקרייציקט ישון, האָבן די חכמי הדור געהאַט אַ סיבה זיך צו שרעקן פאַר אָט דער דעמאָלטדיקער סעקטע — אָבער וועגן דעם באַזונדער [20].

הרב הערשקאָוויץ שטעלט פעסט, אויפן סמך פון פאַקטן, אַז די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין צייט פון גמליאל דיבנה, וואָס האָט געקעמפט מיט אַלע כּוחות צו דערהאַלטן און אָפּהיטן די אחדות־האומה, די גאַנצקייט פונעם פאָלק, נישט צו דערלאָזן, די מינים זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט אַריינצוברענגען אין דער ייִדישער עדה זייערע נייע תּורות מיטן פּראָקלאַמירן "גאָטס זון", געשיקט פון הימל, אויס־צולייזן די מענטשן.

די מינים־סעקטע איז באַקעמפט געוואָרן פון די צדוקים פאַר אירע פאַנטאַסטישע מעשׂיות און פאַר איר פּרימיטיווקייט; די רוימער האָבן זיי געראָדפט מיט די אכזריותדיקע רדיפות, ווייל זיי זענען געווען אַ געפאַר פאַר דער געצנדינערײי פון רוימישן לעגיאָן און פאַר די הפקרדיקע אָרגיעס און עשירות־געיעג. די פּרושים, די גייסטיקע פירערס פון פאָלק, האָבן אָבער מער ווי די אַנדערע געמוזט אָנגעמען שטרענגע מיטלען קעגן זייער מי' אַריינצוכאַפּן די פאָלקסמאַסן וועלכע ס'איז לייכטער געווען איבערצורעדן צוליבן באַווייזן די "מופתים" פון ישו; צוליב דאָס קאָמונאַלע לעבן, דאָס אָפּלאַכן פון די אָפיציעלע פירערס און באַהערשערס — און מ'קען זאָגן צוליב דער אַגיטאַציע מבטל צו מאַכן די מצוות אין דער תּורה.

רבן גמליאל דיבנה [21] האָט גענומען די איניציאַטיוו, נישט געקוקט אויף זיינע פּראָבלעמען אינערהאַלב דעם סנהדרין און די גדולי חכמי ישראל, אָפּצושטעלן די

דאָזיקע מגיפה... אַנצושרעקן די ייִדישע געטרייע מאַסן, זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן.

אין יענער צייט איז אַריינגענומען געוואָרן די ברכת־המינים אין דער שמונה־עשרה. די גדולי הדור — האַלט הרב הערשקאָוויץ — האָבן באַשטימט פסח ביי נאַכט, ביי יענער מסיבה, (בעת די מינים האָבן געפּראַוועט די "סעודה האחרונה", ווי זיי רופן עס, לויטן "ברית חדשה" [22]), מען זאָל דאָ, ביים דורכפירן דעם סדר ווי געהעריק, לויט תורת משה ואנשי כנסת הגדולה, באַהאַנדלען פלענער ווי אַזוי צו שטאַרקן די מחיצה, וואָס זאָל צוימען דאָס אַריינדרינגען פון פרעמדן גייסט.

די גמרא [23] גיט איבער, אַז שמעון הפקולי [24] האָט מסדר געווען די אַכצן (י"ח) ברכות פאַר רבן גמליאל הנשיא אין יבנה. האָט רבן גמליאל געזאָגט צו די חכמים: "כלום יש אדם שיודע לתקן ברכת הצדוקים, מיד עמד שמואל הקטן ותקנה" [25]. און אין דער דאָזיקער ברכה איז איינגעשלאָסן געוואָרן די ברכה קעגן די מינים: "וכל המינים כרגע יאבדו", ווייל, ווי געזאָגט, איז די מורא פאַר די מינים געווען גרעסער ווי די מורא פאַר די צדוקים. מ'האָט געמוזט אָננעמען פאַרשיידענע תקנות, נישט צו דערלאָזן זייער אַריינדרינגען אין ייִדנטום.

די זיצונגען פסח ביי נאַכט אין בני ברק ביי רבי עקיבא און די זיצונג אין לוד ביים נשיא רבן גמליאל, האָבן געהאַט, לויט הרב הערשקאָוויץ, דעם איינציקן ציל צו באַטראַכטן פלענער ווי אַזוי צו לייזן דעם קריזיס וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב די סעקטעס.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָבן די חכמי וגדולי הדור געהאַט נישט איין פּראָבלעם, און צו זאָגן אַז דאָס איז געווען די איינציקע, אָדער אַפילו די הויפּט־מורא, קאָן בלויז זיין אַ השערה, אָבער אַ השערה וואָס האָט אַ ממשות. די "נוצרים"־סעקטע האָט זיך דאַן אָנגעהויבן פאַרוואָרצלען אין לאַנד, ווי אַן אַרויסשפּראָץ פון די גליליייער אסיים און בלויז אַ דאַנק די סנהדרין־אָנפירערס, האָבן זיי נישט מצליח געווען; בלויז אַ טייל פונעם פאָלק איז געוואָרן באַאיינפלוסט פון די עוואַנגעלישע מופתים.

אין הרב הערשקאָוויצעס סומירונג:

"...הנחתי היא שהכנס בבני ברק, התקיים בסימן המלחמה נגד המינים או הנוצרים החדשים..." "בליל התקדש חג" — ביי דער סדר־נאַכט, האָבן די פינף גדולי הדור געהאַלטן פאַר אַ פאַסיקן מאָמענט זיך צוזאַמענצוקומען, בכדי ס'זאָל נישט פאַלן אויף זיי קיין חשד מצד דער רוימישער מאַכט, אַז זיי גרייטן אַ רעוואָלט.

ווי דערמאָנט, איז רבי עקיבא געווען באַוווסט — נישט בלויז צווישן ייִדן — אויך ביי די רוימער, ווי אַ קעמפער קעגן זייערע גזירות. די רוימער וועלן נישט טראַכטן אַז ביים סדר רעדט מען וועגן אַזעלכע ענינים. מ'קאָן זיין זיכער, אַז נישט

איין פּראָבלעם איז דאָ באַהאַנדלט געוואָרן און צוליבן קריטישן מאָמענט, האָבן זיי זיך דערלויבט, אין דער הייליקער און פריידיקער נאַכט, צו רעדן וועגן אַלע ענינים אויפן סדר־היום.

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז אויך די הסבה אין לוד מיט רבן גמליאל בראש, פאָרגעקומען און דער זעלביקער צייט. אין בני ברק זענען געזעסן די פינף גדולי הדור אין דער אָפּוועזנהייט פונעם נשיא; און אין לוד, מיט דער אָנוועזנהייט פונעם סנהדרין־הויפּט. פאַר וואָס דער בעל־הגדה גיט איבער וועגן דער זיצונג אין בני ברק און נישט וועגן דער זיצונג אין לוד, בלייבט אַ קשיא.

וועגן דער לוד־זיצונג ווערט איבערגעגעבן אין דער תוספתא [26]:

"חייב אדם לעסוק בהלכות פסח כל הלילה, אפילו בינו לבין בנו, ואפילו בינו לבין עצמו, אפילו בינו לבין תלמידו. מעשה ברבן גמליאל וזקנים שהיו מסובין בבית ביתות בן זונין בלוד, והיו עסוקין בהלכות פסח כל הלילה עד קריאת הגבר, הגביהו מלפניהם ונועדו והלכו להן לבית המדרש". שבח קנעביל קאָמענטירט: "ויש לשער שרבן גמליאל והזקנים נועדו ותקנו מה שאמר: 'כל שלא אמר שלשה דברים אלו בפסח לא יצא ידי חובתו'" — ווער עס האָט נישט געזאָגט וועגן די דאָזיקע דריי זאַכן אום פּסח, דער האָט נישט יוצא געוועזן זיין חוב און דאָס זענען זיי: פּסח, מצה און מרור.

דער סוף איז געווען — ווי באַקאַנט — די רוימער האָבן געזוכט און געכאַפּט ר' עקיבאן און אים פאַרמשפּט. רבי עקיבא — ווערט איבערגעגעבן — האָט אויס־געהויכט זיין נשמה באחד — מיט דער אמונה אין אחדות־אלקות ווי אַ סימבאָל סיי קעגן דאָס היידנישע רוים און סיי קעגן די מינים, מיט זייער שותּפות פון גאָט־זון־אמונה.

ווי היסטאָריקערס באַהויפּטן, איז ר' עקיבא געאורטיילט געוואָרן צוליב זיין רעוואָלט־באַטייליקונג; אָבער ווי דערמאָנט, מיין רבי, מהרי"ל גרויבאַרט מיינט, אַז עס איז געווען צוליב זיין פאַרשפּרייטן תּורה — ס'איז קיין ספק, מיינען מיר, אַז ס'איז געווען "זה וזה גורם" — צוליב דער תּורה און צוליב דער שאַרפער שטעלונג צו די רוימישע גזירות.

רבי עקיבא איז געווען אַ גר־אָפּשטאַמיקער. דער רמב"ם, אין זיין הקדמה צום יד החזקה, שרייבט, אַז דער פאָטער, יוסף, איז געווען אַ גר צדק [27]. ער האָט מקיים געווען די מצווה "בכל לבבך ובכל נפשך" אין פולן זין פון די ווערטער — אַן אומפאַרגלייכלעכער קידוש־השם. ווי עס ווערט דערציילט: "היו סורקין את בשרו במסרקות של ברזל" [28] און ער האָט דאָס מקבל געווען באהבה (נסתלק אין יאָר ב"א וח' מאות וצ"ו לב"ע).

אין די ספרי הרמב"ם, אַריינגערעכנט די "אגרת תימן", ווערט געפּסקנט מיט דער פולער קלאָרקייט, אַז מען איז מחוייב אין אַזאַ פאַל מקדש השם צו זיין.

רבי עקיבא איז געווען דער העכסטער און שענסטער מוסטער מקדש השם צו זיין מיט ליבשאַפט. מיט זיין טאַט האָט ער באַזיגט דאָס געצנדינערישע, הײדנישע רוים און נישט ווייניקער די מכל המינים סעקטעס, אַנהענגערס פֿון מענטשקולט, פֿון מענטש־פאַרגעטערונג, ווי עס האָבן געפּריידיקט די אַפּאָסטאָלן.

שמואל הקטן האָט מתקן געווען די ברכת המינים, די נײַנצנטע ברכה אין דער שמונה עשרה און ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, האָט דאָס אַ סך געהאָלפֿן צוריקצוהאַלטן ייִדן פֿון ווערן פאַרפֿירט דורך די ערשטע ייִדן־קריסטן [29]. די געטרײַע פֿאָלקסמאַסן האָבן דערזען די געפֿאַר און זענען געוואָרן איבערגעצײַגט אין דער ריכטיקייט פֿון די פּרושים און אין דער תורה שבעל פה.

מיר וועלן ווײַטער נאָך אַמאָל זיך אָפּשטעלן אויף דער היסטאָרישער סדר־נאַכט.

דאָ, ווילן מיר באַרירן דעם ענין נוצרים אין תלמוד. מיר האָבן רמזים — אָבער בלויז רמזים — קיין קלאָרקייט איז נישטאָ, ווי אַזוי ע ר איז געמשפּט געוואָרן, ווע ר ס'האָט אים געמשפּט, ווע ן ער איז געמשפּט געוואָרן.

די ברייתא [30], וואָס דערציילט וועגן משפּט־ישו, איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פֿון אַ ל ע ש"ס־אויפֿלאַגעס, אַרײַנגערעכנט די פּרעכטיקע אויסגאַבעס לעצטע יאָרן. נישט אין די ווילנער, נישט אין דער מאַנטועאַלער (אַרויסג. אין צײַט פֿון ערשטן וועלטקריג) און נישט אין דער שולזינגער־אויסגאַבע ווערט איבערגעגעבן וועגן דעם משפּט.

אין די לעצטע ירושלים־אויסגאַבעס, אַרײַנגערעכנט די עדין שטיינזאַלץ־גמרא, ווערט שוין די ברייתא געגעבן אינעם טעקסט. מיר האָבן אויך אין די "השמטות" — צו דעם אײַנבאַנד תלמוד בבלי — דעם צוגאָב [31]. מיר וועלן ציטירן אַ טייל פֿון דער ברייתא:

"תניא, בערב פסח תלאוהו לישו, והכרוז יוצא לפניו ארבעים יום קודם שהוא יוצא ליסקל על שכישף והסית והדיח את ישראל. כל מי שיודע לו זכות יבוא וילמד עליו, ולא מצאו לו זכות ותלאוהו בערב...". מיר האָבן געלערנט, ערב פּסח האָט מען אויפֿגעהאַנגען ישון (הנוצרי). פערציק טעג פֿריער האָט מען אויסגערופֿן, ווער ס'האָט עפּעס אַ זכות, זאָל ער קומען צו זיין פאַרטיידיקונג... קיינער איז נישט געקומען... מ'האָט קיין זכות נישט געפֿונען... האָט מען אים פֿאַרמשפּט.

ענלעכס צו דער מעשה געפֿינען מיר אין דער וואַנגעליע — אין דעם "נײַעם טעסטאַמענט" [32]. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז דער משפּט איז דורכגעפֿירט געוואָרן דעם ערשטן טאָג פּסח; און אויף אַן אַנדער אָרט, אַז דאָס איז פֿאַרגעקומען ערב פּסח [33].

היסטאָריקערס, נישט בלויז ייִדישע, צווייפֿלען אין דער אויטענטישקייט פֿון דער דאָזיקער מעשה. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז דאָס האָבן קריסטלעכע טעאָלאָגן

צוגעשטעלט צום תלמוד. מיר ווייסן, אַז לויטן דין, משפט מען נישט יום־טוב און נישט בלויז יום־טוב, נאָר אַפילו ערב־יוב־טוב, "אין דנין דיני נפשות" [34], דערצו נאָך ערב פסח... אַ פאַקט איז אויך, אַז ביי ייִדן איז גאָר נישט געווען אַזאַ סאָרט "צליבה" — תליה — קרייצונגען. קרוציפיקאַציע איז געווען אַ רוימישע מיתה. די רוימער האָבן דורכגעפירט אַזעלכע טויטאורטיילן.

ווי געזאָגט, געפינען מיר אין די לעצטע ש"ס־אויסגאַבעס דעם דאָזיקן צוגאָב. אַזוי אין דעם איינבאַנדיקן ש"ס־כללי אין די השמטות[35] און אַזוי אין אַנדערע אויסגאַבעס. אין דער דאָזיקער ברייתא ווערט דערציילט וועגן "חמשה תלמידים היו לישו..." אין אַנדערע וועגן צוועלף. פאַר וואָס אין דעם עדין שטיינזאַלץ־תלמוד [36], ביים אַריינגעמען די דאָזיקע מעשה, דערמאָנט מען גאָרנישט וועגן דער אויטענטישקייט און פאַר וואָס אין אַנדערע ש"סן דאָס איז אַרויסגענומען געוואָרן, איז אַ חידוש.

חיים ה. כהן, אין זיין ווערק "משפטו ומותו של ישו הנוצרי" [37], שרייבט, אַז שוין אין אָנהייב פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, איז געשריבן געוואָרן, און ס׳זענען דערשינען זעכציק טויזנט ביכער, וועגן דעם לעבן און משפט פונעם נוצרי און ער ציטירט פון אַ צאָל אָביעקטיווע ערלעכע — נישט־ייִדישע — פאָרשערס, אַז די "צליבה־קרוציפיקאַציע" האָט נישט געקענט געטאָן ווערן דורך ייִדן, נאָר דאָס האָט געקענט געטאָן ווערן דורך דעם רוימישן קאָמיסאַר פּאָנטיוס פּילאַטוס. די מעשיות אין די אַפּאָסטאָליש־עוואַנגעלישע שריפטן וועגן ייִדישן משפט און אורטייל, האַלט ער, זענען פון זיי אויסגעטראַכט געוואָרן; זיי האָבן געצווונגען, ס׳זאָל אַזוי איבערגעגעבן ווערן צו ייִדן אין ייִדישע פאַרהייליקטע שריפטן.

חיים הכהן באַנוצט זיך מיטן פריער דערמאָנטן אַרגומענט, אַז שוין פערציק יאָר פאַרן חורבן האָט דאָס סנהדרין נישט געהאַט קיין רעכט צו משפטן דיני־נפשות. איז ווי אַזוי האָט די ברייתא [38] געקענט איבערגעבן איינצלהייטן פונעם משפט? ער טראַכט אויך, אַז ס׳זענען געווען צוויי פערזאָנען מיטן נאָמען ישו, און אַז דאָרט אין דער ברייתא רעדט זיך וועגן ישו, דעם תלמיד פון יהושע בן פרחיה, דריי דורות פאַר דעם נוצרי — און יענעם האָט מען געמשפט, צוליב זיין אַרויסגיין "לתרבות רעה"; יענעם ישו האָט ר׳ יהושע בן פרחיה אַוועקגעשטויסן, "דחפו בשתי ידיו" און דאָס וואָרט נוצרי — לויטן ספר "דקדוקי סופרים" — איז נישט געווען אין אָריגינאַל [39].

חיים ליבערמאַן, אין זיין ווערק "שלום אש און קריסטנטום", ברענגט אַ צאָל ראיות אויף דער אוממעגלעכקייט, אַז ייִדן זאָלן האָבן געמשפט קריסטוס. איינע פון די ראיות איז, ווי מיר האָבן דערמאָנט, אַז פערציק יאָר פאַרן חורבן בית שני, האָט די רוימישע מאַכט צוגענומען פונעם סנהדרין דאָס רעכט צו משפטן אין טויטאורטיילן [40]. ער ברענגט פון רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס, אַז קריסטוס,

דער באַגרינדער פון דעם נאָמען, האָט באַקומען טויטשטראָף אויפן פסק פון פּאָנטיוס פּילאַטוס [41].

דער אַפּאָסטאָל שאול התרשיש, פּאַולוס, דער "שליח צו די גויים", ער האָט געשפּריצט מיט שׂנאה קעגן ייִדן. ער האָט דאָס געשריבן, אַז ייִדן האָבן געהרגעט ישון און אַז ייִדן זענען די שׂונאים פון דער גאַנצער מענטשהייט.

חיים ליבערמאַן זאָגט ווייטער: "אַפילו אַזאַ שרייבער און גרויסער היסטאָריקער ווי ערנעסט רענאַן (1823—1892), האָט וועגן אים געשריבן: "פּאַולוסעס שריפטן זענען געוואָרן אַ סכּנה... זיי זענען די סיבה פון די וויכטיקע חסרונות פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע..." ער האַלט זיי אין "דער שפּיץ פון טראַנסצענדעטאַלן אומזין".

ס'איז אויסער יעדן ספק, אַז ישו איז געאורטיילט געוואָרן דורך די רוימער און קיין איבעריקע אַפּאָלעגעטיק איז נישט נויטיק.

מיר וועלן ווייטער באַהאַנדלען דעם ענין וואָס האָט געפירט צו דער דער־ווייטערונג און צו דער שטאַרקער קעגנערשאַפט צום קריסטנטום מצד די פּרושים. דאָ, האָבן מיר בלויז איבערגעגעבן ווו דער נאָמען פונעם נוצרי ווערט דערמאָנט אין תּלמוד אָפן און ברמיזה. מעגלעך אַז צוליב דעם האָט דער תּלמוד — ווי דאָס ייִדישע פאָלק — געהאַט אויסצושטיין אַזוי פיל רדיפות, שׂריפות און קאָנפיסקירונג, און איז דאָך געבליבן, אַזוי ווי דאָס ייִדישע פאָלק, אַ לעבעדיק ווערק. דאָס גיגאַנטישע ווערק איז געבליבן צוזאַמענגעבונדן, געוואָרן אַן אינ־טעגראַלער באַשטאַנד פון דער ייִדישער פאָלקס־נשמה.

צוליב די רדיפות זענען אָבער צום באַדויערן, נישט געבליבן קיין כּתבי־יד פון תּלמוד, וואָס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין יאָר ד' אלפים, ר"ס [43], 500 יאָר לויט דער אַלגעמיינער ערא. ייִדן האָבן איבער טויזנט יאָר געלערנט תּלמוד פון העתּקות — קאָפּירטע מאַנוסקריפּטן— ביז דער ווענעציאַנער דרוקער דניאל באָמבערג (געשט. 1549) האָט אין יאָר 1520 אָפּגעדרוקט ש"ס.

ווי פאָרשערס באַהויפּטן, איז דורך אַ נס געבליבן אַ כּתב־יד פון תּלמוד וואָס האָט זיך געפונען אין דער מלוכה־ביבליאָטעק פון מינכען. ס'ווערט אָנגעגעבן אַז דער נאָמען פונעם בעל־המעתּיק איז געווען שלמה בן שמשון און ער האָט דאָס מעתּיק געווען דעם תּלמוד אויף פּאַרמעט אין יאָר דק"ג (1342). אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר מומחים און פאָרשערס וועגן דעם אוצר צו וועלכן אונדזערע גאונים, די מפרשי התּלמוד, האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט און בלויז אַ דאַנק זייער גאונישער בקיאות און חריפות, פעסטגעשטעלט נוסחאות און מיט פּלפּולים פאַר־ענטפערט שווערע תּלמודישע שטעלן. די סיבה איז, וואָס יעדער מעתּיק האָט מסתּמא געמאַכט פעלערן [44]. ערשט אין יאָר תּרכ"ח האָט איינער פון די גרעסטע תּלמוד־בקיאים וועלכער האָט געהאַט אַ צוטריט צום דערמאָנטן כּתב־יד, ר' רפאל

נטע ראַבינאָוויטש (תקצ"ה—1835; תרמ"ח—1888), באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ גרע־סערע צאָל מסכתות לויטן דאַזיקן כתב־יד א.ג. "דקדוקי סופרים" (16 בענד) — אָבער אַלץ נישט קיין פולן "סעט" — אַ קאָמפּלעט פון די 20 מסכתות מיט אַלע געהעריקע שינויים, איז נישט דערשינען. אינעם מינכענער קאָמפּלעטן כתב־יד, געפינט זיך יאָ דאָס וואָס איז אין ווילנער ש"ס, געדרוקט אַרום נײַנציק (90) יאָר צוריק, אַרויסגענומען געוואָרן מחמת דער שטרענגער צענזור [45] — אָבער אריכות וועגן דעם ענין איז עלול צו פאַרפירן. דאָס מסורהדיקע ייִדנטום האָט גוט געטאָן דערמיט, וואָס עס האָט פאַרשוויגן דעם גאַנצן וויכוח. עס איז געבליבן אַ "פאַר־שלאָסענער פּרדס", ווי אייניקע האָבן זיך אויסגעדריקט.

אין "אַן אָפענעם בריוו צו חיים גרינבערג" [46], שרײַבט בנימין ברעסלער:

"...איך באַדויער זייער, למאי אין אייער אייפערדיקער פאַרטיידיקונג פון יואל ענטינען... קעגן אַנגריף פון יצחק וואַרשאַווסקי (יצחק באַשעוויס־זינגער, נאָבעל־פּרייז געווינער — נ.ש.) אין "פאָרווערטס" זענט איר אַראָפּ פון וועג. מסתמא בהיסח הדעת... איך קאָן זיך ניט העלפן: יואל ענטינס אַרטיקל וועגן שלום אַשן... האָט מיך געפּלעפט, געקרענקט און ביי מיר אַרויסגערופן אַ פּאַר־ביטערונג...".

ברעסלער זאָגט צווי־אַ: "...פאַר מיר פערזענלעך [איז ישו] אַן "אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל..." יאָ, אַזוי איז עס אָנגענומען געוואָרן ניט בלויז "פערזענלעך" נאָר פאַרן גאַנצן כלל — אָבער וואָס שייך זיך צו דערגרונטעוועז צו דער שטעלונג און די מאָטיוון, פאַר וואָס די גייסטיקע פירערסביים סוף פון בית שני האָבן געדאַרפט און געמוזט באַקעמפן די נייע שיטה, איז שוין אַן אַנדער ענין.

ווי האָבן ייִדן געקענט פאַרשווייגן דאָס וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער עוואַנגעליע, אַז דער נוצרי איז "גאָטס זון" און אַז ער איז אַראָפּגעקומען פון הימל אויסצולייזן די ייִדן און די גאַנצע וועלט, ווען מיר האָבן עס קלאָר אין דער הלכה, ווי עס פּסקנט דער גדול הפּוסקים, דער רמב"ם: "אין בין עולם הזה לימות המשיח אלא שיעבוד מלכיות בלבד... ואינו בא מלך המשיח לא לטמא הטהור ולא לטהר הטמא" — דער מלך המשיח קומט נישט אומריין־מאַכן דאָס ריינע און נישט ריין־מאַכן דאָס אומרייניגע" [47] און אין הלכות תשובה [48] זאָגט ער: "שלשה המה כופרים... האומר, הבורא החליף מצוה זו או מצוה אחרת וכבר בטלה תורה אף־על־פּי שהיתה מעם הד'" — איינער פון די כופרים איז דער, וואָס זאָגט, אַז דער באַשעפער האָט פאַרביטן איין מצוה אויף אַ צווייטער, און אַז די תורה איז שוין בטל געוואָרן, כאָטש זי איז פון גאָט...

די גייסטיקע פירערס האָבן געזען אין דער נייער "כת" אַ סכנה פאַרן ייִדנטום, אַז דאָס איז נישט בלויז אַ טראַגישער קוריאָז, אַ היסטאָרישער עפּיזאָד, וואָס וועט שנעל פאַרשווינדן; זיי האָבן מורא געהאַט אַז זיי וועלן צעטרייסלען חלילה דעם

ישוב, וואָס האָט אויסצושטיין אַזוי פיל צרות און גזירות מצד דער רוימישער מאַכט; אַז דאָס קאָן ווירקן, אַז טיילן פונעם פאָלק זאָלן זיך אָפּרייסן און ווערן אַ באַזונדערע אומה. זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט, צו באַפעסטיקן די ייִדישע חומה און אָפּהאַלטן פון נאָכגיין דעם דאָזיקן קולט.

דער רמב״ם אין זיינע צוויי באַרימטע בריוו: אגרת תימן און אגרת השמד; ר׳ יהודה הלוי אין כוזרי און אַזוי אַנדערע ייִדישע דענקערס אין מיטל־עלטער, האָבן קלאָר געמאַכט דעם אמת פון דער ייִדישער אמונה און די פאַלשקייט פון די היידנישע; און דערביי אָנגעוויזן, אַז יעדער אמונה וואָס גיט דעם באַשעפער קערפּערלעך־פיזישע עלעמענטן איז פאַלש און פאַרפירעריש. דער רמב״ם האָט פעסטגעשטעלט: ״אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף״... כדי אָפּצוווענדן די וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער אמונה מיט פאַלשע פאַרשטעלונגען וועגן גאָטהייט, מבטל געווען מצוות אין תורת משה והמסורה.

### ג. די סכנה פון דער ערשטער ייִדישער קריסטן־סעקטע. — די ״מינים״־געפאַר. — פרעמדע השקפות.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָבן די גדולי הדור ביים בית שני, געזען די געפאַר פון פאַרשפרייטן קריסטלעכקייט, די לערע פון די ייִדישע ישואיטן, און געטאָן דאָס מעגלעכסטע זיך אָפּצוגרענעצן פון די ״מינים״: נישט צו האָבן קיין קאָנטאַקט מיט זיי; נישט צוהערן זיך צו זייער תורה; נישט האָבן אַפילו קיין וויכוחים מיט די ״מינים״.

אין שייכות דערמיט איז וויכטיק די מעשה, וואָס ווערט איבערגעגעבן [1] וועגן אַ שמועס פון רבי אליעזר בן הורקנוס מיט אַ מ י ן:

״תנו רבנן, כשנתפס ר׳ אליעזר ל מ י נ ו ת, העלוהו לגרדום לידון. אמר לו אותו הגמון, זקן שכמותך יעסוק בדברים בטלים? אמר לו: נאמן עלי הדיין. כסבור אותו הגמון, עליו הוא אומר, והוא לא אמר אלא כנגד אביו שבשמים. א״ל הואיל והאמנתי עליך דימוס פטור אתה. כשבא לביתו נכנסו תלמידיו אצלו לנחמו, ולא קיבל אליו תנחומין. אמר לו רבי עקיבא: רבי, תרשני לומר דבר אחד ממה שלימדתני? אמר לו, אמור. אמר לו, רבי שמא מינות בא לידך והנאך, ועליו נתפסת? אמר לו: עקיבא הזכרתני, פעם אחת הייתי מהלך בשוק העליון של צפורי ומצאתי אחד, ויעקב איש כפר סכניא שמו, אמר לי, כתיב בתורתכם [2] ״לא תביא אתנן זונה״ וגו׳ [3] מהו לעשות הימנו? בית הכסא לכהן גדול? [4] ולא אמרתי לו כלום [5]. אמר לי כך לימדנו [6] — די גמרא וויל נישט דערמאָנען פון וועמען ער האָט אַזוי געלערנט — ״כי מאתנן זונה קבצה ועד אתנן זונה ישובו״ [7] — ממקום הטינופות באו למקום הטינופות ילכו, והנאני הדבר, על ידי זה נתפסתי למינות

ועברתי על מה שכתוב בתורה(?) הרחק מעליך דרכך [8] — זו מינות...״. מיר ווען זיך נישט פאַרנעמען מיט די וואַריאַנטן אין איבערגעבן די מעשׂה. פאַר אונדז איז וויכטיק די שטעלונג פון יענע גייסטיקע פירערס ביים בית שני בנוגע מינים און מינות.

רבי אליעזר הגדול האָט געלערנט זיינע תּלמידים, אַז אפילו בלויז הנאה האָבן פון אַ וואָרט וואָס קומט אַרויס פונעם מינס מויל איז פאַרבאָטן. ער, און נישט ווייניקער די אַנדערע פרושים, די באַגרינדערס פון דער תּורה־שבעל־פּה, האָבן געזען אין דער דאָזיקער כּת אַ גרויסע סכּנה פאַרן יידנטום [9]. אין דער אמונה פון די מינים־יידישע קריסטן, האָבן זיי געזען גענצן־דינערישקייט, דאָס אַריינברענגען פרעמדע השקפות, ווי דער אויסדרוק איז: ״שלא יהיו המינים אומרים הרבה רשויות בשמים״ [10] און דאָס איז נישט דאָס איינציקע מאָל, ווו עס רעדט זיך וועגן דער געפאַר פון מינות. נישט אומזיסט האָט מען מתקן געווען אַ באַזונדערע ברכה קעגן די מינים [11].

מ׳קען דעריבער אָננעמען, ווי הרב הערשקאָוויץ באַווייזט, אַז די אסיפה אין בני־ברק איז געווען, צו באַטראַכטן פלענער ווי צו פאַרהיטן יידן פון ווערן באַאיינפלוסט פון די מינים. אין לוד איז געווען אַ געפאַר צו פאַררופן אַ פאַר־זאַמלונג, ביי וועלכער מ׳זאָל באַהאַנדלען די דרינגענדיקע קריטישע ענינים. לוד איז געווען דער צענטער פון דעמאָלטיקער יידישער פירערשאַפט; דאָרט איז, אין יענער צייט, געזעסן בקביעות דאָס סנהדרין, די העכסטע אויטאָריטעט פון גייסטיקן און פּאָליטישן לעבן; דאָרט האָט זיך געפונען די היים פונעם נשיא. די זיצונג איז דעריבער געהאַלטן געוואָרן אין אַ פּריוואַטן הויז, ביים חשובן תּושב ביתוס בן זונין, ווו מ׳האָט געקענט באַהאַנדלען די ענינים אויף אַ גאַר געהיימען אופן.

די פאַרזאַמלונג אין לוד — האַלט הרב הערשקאָוויץ — איז געווען, אויסצו־פלאַנירן די וועגן, ווי צו פאַרהיטן יידן זאָלן נישט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון די מינים. זיי האָבן אויך מורא געהאַט די רוימער זאָלן זיך נישט דערוויסן, ווייל דאָס וואָלט געבראַכט שווערע קאָנסעקווענצן פאַרן ישוב.

מאָדנע איז דער צופאַל, וואָס די ״לעצטע סעודה״ וואָס האָט שפּעטער פאַרשאַפט אַזוי פיל צרות, זאָל אויך געווען פאַרקומען אום פּסח, בעת אין בני־ברק זענען געזעסן די פינף גדולי־הדור און געטראַכט, ווי אַזוי צו פאַרהיטן, יידן זאָלן נישט ווערן באַאיינפלוסט פון דער נייער אמונה, יידן זאָלן נישט ווערן פאַרכאַפּט פון זייער פּראָפּאַגירן די אידעע פון משיח, וואָס איז לויטן יהדות אין קעגנזאַץ צו דער משיח־האָפענונג. זיי האָבן מורא געהאַט אַז יידישע מאַסן, פאַלקסמענטשן, זאָלן נישט ווערן באַגייסטערט פון די מופתים, וואָס די אַפּאָסטאָלן דערציילן און דאָס וואָלט דאַך פּוגם געווען אין דער אמונה פון אחדות־הבורא, פון דער יסוד ״אחד ואין יחיד כיחודו״.

אין שייכות מיטן ענין מינים, וועלן מיר פרובירן אריינפירן דעם לייענער צו אַ שייכותדיקן קעגנשטאַנד, ווי אַזוי חז"ל האָבן גערעדט "ברמיזא" און ווי אַזוי ס'ווערט אויסגעטייטשט א משנה און א תלמודישע דערקלערונג.

די משנה [12] רעכנט אויס דריי מלכים און פיר הדיוטות, וועלכע וועלן נישט האָבן קיין עולם־הבא: ירבעם, אחאב און מנשה; בלעם, דואג, גיחזי און אחיתופל — זעקס ייִדן און איינער, בלעם, אַ נישט־ייִד.

די גמרא [13] פרעגט, בלעם וועט נישט קריגן קיין חלק עולם־הבא — און אַנדערע יאָ?

דער ענטפער: דאָס איז די מיינונג פון רבי יהושע און דער תנא פון דער משנה לערנט ווי רבי יהושע, אַז אַנדערע וועלן יאָ קריגן אַ חלק עולם־הבא, אויב זיי האָבן זיך אויף דעם עולם אויפגעפירט ווי געהעריק. ער באַגרינדעט זיין מיינונג אויפן יסוד פונעם פסוק: "ישובו רשעים לשאולה, כל גויים שכחי אלקים" — די רשעים וועלן זיך אומקערן צו דעם ערד־גיהנום (אונטערערד) אַלע פעלקער וואָס פאַרגעסן אַן גאָט [14].

בלויז די וועלכע פאַרגעסן אין גאָט וועלן גיין אין גיהנום־גרוב, אָבער נישט די גוטע, די חסידי אומות העולם — "דרק אלו שהם שכחי אלקים ישובו לשאולה".

מיר וועלן ציטירן דאָס לשון און דעם הסבר פון רש"י:

"...כל גויים שכחי אלקים לא משמע אלא אותן השוכחים אלוקי, כגון בלעם ושכמותו, אבל אחריני אתו, כדאמרינן בריש פרקין (דף צ"א, ע"ב) 'ועמדו זרים צאנכם ובני נכר סוכריכם לעולם הבא'..." און פרעמדע וועלן שטיין און פיטערן אייערע שאָף, און פרעמד־געבוירענע וועלן זיין אייערע אַקערלייט...

און ווייטער: "דמשום הכי בורר הקב"ה הרשעים שבהם ונותן אותם בגיהנום ואין להם חלק לעתיד, אבל השאר יש להם חלק..." ווי די גמרא זאָגט ווייטער: ישובו רשעים לשאולה — אלו פושעי ישראל; כל גויים שכחי אלקים — אלו פושעי עובדי כוכבים...

פאַר וואָס דווקא בלעם, דער וואָס האָט דווקא באַזונגען ייִדן, פאַר וואָס זאָל ער אַזוי הארב באַשטראָפט ווערן? ווייזט אויס, אַז אונדזערע גייסטיקע פירערס האָבן פיינט געהאַט היפּאָקריטן. באַהאַלטענע שונאים, זענען ערגער פון די אָפענע...

די גמרא דרשנט, מברכתו, פון זיינע ברכות, ווייסט מען, וואָס ער האָט אין זינען געהאַט. איז די פראַגע: צוליב מחשבה, אַזאַ שווערע שטראָף? האָבן מיר ווידער דעם דרש אין דער גמרא: "ס'איז געווען ביי אים מעשים צום שלעכטן. בלעם — צעטייל דאָס וואָרט: "בלא עם... שבלע עם" און נאָך דרשות, ווי רש"י קאָמענטירט "שאין לו חלק עם עם" און "שבלה עם" — ער האָט צעמישט דאָס פאָלק, אַריינגעבראַכט קאָנפוזיע, צעשטערט דורך תאווה־רייץ אַ טייל פונעם

דור־המדבר ביים בעל־פּעור, "והפּיל מהם כ"ד אלפים" — צוליב זיין עצה צו די בנות מואב ומדין, זענען ייִדן אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ און האָבן פאַרלוירן פיר־און־צוואַנציק טויזנט נפשות. צוליב דעם, די שווערע שטראָף און משה רבנו האָט אים געדאַרפט אומברענגען.

דער רמב"ם [15] דערקלערט: "וזכר בלעם והוא אינו מישראל, לפי שחסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא, והודיעו כי בלעם מרשעי אומות העולם ואין לו חלק לעוה"ב" — די משנה, הייסט עס, לאָזט אונדז וויסן, אַז נישט געקוקט אויף בלעמס ברכות, ווערט ער דאָך באַטראַכט פאַר אַ רשע, ווייל באמת האָט ער געוואָלט שילטן, נאָר פון הימל האָט מען אים אָפּגעהאַלטן.

דער רמב"ם, ווי באַקאַנט, פּסקנט: "עכו"ם שקיבל עליו ז' מצוות בני נח, הרי זה גר תושב" [16].

הרב הערשקאָוויץ קומט דאָ אַרויס מיט אַ נייעם געדאַנק און ער שטיצט זיך אויף דער מיינונג פון אַ צאָל חוקרים, אַז חז"ל האָבן דאָ געראַדט פאַרשטעלט, אונטערן נאָמען בלעם, האָבן זיי געמיינט ישו הנוצרי. זיי, בלעם און ישו, זענען די פּראָטאָטיפּן וועלכע האָבן געוואָלט, מיטן ברענגען לויב און ברכות, אַריינצונאַרן ייִדן. זייער מחשבה — און אויך מעשים — איז געווען איבערצורייסן די אמונה וואָס איז פאַרוואָרצלט געוואָרן אין דער זרע אברהם דורכן פּאַטריאַך אברהם אבינו, דעם איבערצייגטן מאמין אין אחדות־אלקות, אין מאָנאָטעיִזם, אַז ס'איז דאָ איין גאָט, ווי דאָס איז געלערנט געוואָרן דורכן מחוקק משה רבנו.

דרך אגב, איז כּדאַי אָנצוּווייזן אויף די חילוקי־דעות אין וואָס פאַר אַן עלטער אברהם אָבינו האָט געקראָגן די גאָט־דערקענטניש. איין מיינונג — אין עלטער פון דריי יאָר; אַ צווייטע מיינונג — אין עלטער פון פערציק; אַ דריטע מיינונג — אין עלטער פון אַכט־און־פערציק און אַ פערטע — אין עלטער פון פופציק, ווי אונדזערע אבות לערנען: "בן חמשים לעצה..." [17].

דער נוצרי — אין די ווערטער פון הרב הערשקאָוויץ — איז געקומען "לקצץ בנטיעות", אונטערצושניידן די פלאַנצונגען, צו שאַפן אַ נייע תורה און ביידע, בלעם און דער נוצרי, האָבן געהאַט דעם זעלביקן ציל: "לעקור את הכל" [18], אַ פאַרמעסט צו צעשפּאַלטן און במילא צו פאַרניכטן דאָס ייִדישע פאָלק.

דער נאָמען בלעם, ווי געזאָגט, ווערט אויסגעטייטשט "בלא עם", אַ מענטש וואָס האָט נישט געהאַט די באַזע פון אַ פאָלק, נאָר געשאַפן אַ סעקטע, היפּנאָטיזירט מענטשן און געוואָרן דער "בלע — עם", געוואָלט איינשלינגען מענטשן.

בלעם איז געווען אַ "פילאָזאָף" און דערביי — אַ פאַרדאַרבענער כאַראַקטער:

"לא עמדו פילוסופין לאומות העולם כבלעם בן בעור וכאבנימוס הגרדי. אמרו להן, לכו והזרו על בתי כנסיות שלהם, אם התינוקות מצפצפין בקולן אי אתם

יכולים להם, שכן הבטיחם אביהם ואמר להם "הקול, קול יעקב" [19] — כל זמן שקולו של יעקב בבתי כנסיות ובבתי מדרשות, אין הידים ידי עשו..." [20].

בלעם האָט געזאָגט: "מה טובו אהליך יעקב", ער האָט באַוווּנדערט ייִדישע געצעלטן, אָבער די ברכות, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער געמוזט זאָגן, זיי זענען אויף אים אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן. אויף אים, און אַזעלכע ווי ער, איז געזאָגט געוואָרן "נעתרות נשיקות שונא" — צו לאַסט זענען די קושן פון אַ שונא [21]. ווערגן אַזאַ בענטשער זאָגן חז"ל: "טובה קללתו של אחיה השלוני מברכתו של בלעם"... בעסער און ליבער זענען די קללות פון דעם נביא אחיה פון שילה, ווי די ברכות פון בלעם... [22].

בלעם איז געווען אַ געבילדעטער מענטש, אַן אינטעלעקט, לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן, אָבער אַ ווילדער מענטש, מעגלעך, ווי אַ "ספּליט פּערסאָנאַליטי", ווי מען זאָגט אין ענגליש, און צו דעם: אַ בעל־גאוה, אַ גרויסהאַלטער: "עין רעה ורוח גבוהה ונפש רחבה" [23].

דער אבן עזרא, ווי אַ ראַציאָנאַליסטישער מפרש, זעט אין בלעמען אַ שטערן־זעער, אַ חוזה בכוכבים, אַן אַסטראָלאָג, וואָס האָט זיך אויסגעקענט מיטן גאַנג פון די מזלות, אָבער אַ "רמאי", וואָס האָט פאַרבלענדט און פאַרפירט מענטשן. נישט אומזיסט ווערט ער גערופן "קוסם" — "ואת בלעם בן בעור הקוסם הרגו בחרב" [24].

דער רמב"ן איז מחולק און האַלט, אַז ס'זענען געווען צייטן ווען ער האָט פאַרמאָגט רוח נבואה. ענלעכס געפינט מען ביים רמב"ם. ער רופט עס רוח הקודש אָבער וואָס שייך מידות, איז ער געווען אַ בעל־קנאה, זיך געיאָגט נאָך תאווה און כבוד — און דאָס האָט אים אַראָפּגעפירט פונעם גלייכן וועג [25].

ווי ער ווערט געשילדערט אין דער אגדה, האָט ער געהאַט עליות און ירידות. צוליב ייִדן־שׂנאה, אַליין געשפּאַנט דאָס אייזל; זיך געיאָגט צו העלפן בלקן — "שבא ללוק דמן של ישראל" [26]. ער האָט געזען אַ גרויסע צוקונפט פאַר ייִדן, און דאָך געוואָלט זיי שילטן, און זיי פאַרנאַרט צו זנות און עבודה־זרה, כדי צו ברענגען אויף זיי אומגליק.

בלעם און דער נוצרי ווערן, ווי געזאָגט, פאַרגעשטעלט ווי פּראָטאָטיפּן אַראָפּצופירן ייִדן פון ריכטיקן וועג — "לקצץ בנטיעות", צו שאַפן אַ נייע תורה.

בלעם וואָס האָט געוווּסט מכוון צו זיין די רגע פון כעס ביים רבונו־של־עולם, האָט זיך געאיילט און געמיינט אַז עס וועט אים געלינגען, "ויחבוש את חמורו" — אָבער געווען געצוווּנגען צו ענדערן זיין מחשבה און רצון און גאָר בענטשן. "אמר רבי יוחנן מברכתו של אותו רשע אתה למד מה הי' בלבו; בקש לומר, שלא יהיה להם בתי כנסיות ובתי מדרשות..." איז ער געווען געצוווּנגען צו זאָגן: "מה טובו אהליך יעקב משכנותיך ישראל" — דאָס לשון פון דער שכינה. ער האָט געוואָלט זאָגן, ס'זאָל נישט זיין קיין המשך פאַר מלוכהשאַפט, די טייכן זאָלן

זיך נישט ציען — איז ער געווען געצווונגען צו זאָגן: "כנחלים נטיו, כגנות עלי נהר" — ווי טייכן (יהואש: טייטלביימער) אויסגעשטרעקט ווי גערטנער ביים טייך [27].

וואָס איז געווען מיט די ערשטע קריסטן? ווי אַזוי האָבן זיי זיך באַצויגן און ווי אַזוי האָבן זיי געוואָלט אַריינדרינגען אין ייִדנטום? אויף דערויף האָבן מיר גאָר אַ סך לעגענדעס און נישט ווייניק פאַקטן: געווען צווישן זיי אַזעלכע וועלכע האָבן נישט געוואָלט אין גאַנצן אַוועק פון ייִדן; אַ סך וועלכע זענען צוריק־געקומען און דער רוב איז אַוועק און געוואָרן אַנגעשטעקט מיט די היידנישע קולטן.

שמעון כיפאַ — באַוווסט אין דער קריסטלעכער וועלט מיטן נאָמען פּעטרוס (אין גריכיש מיינט עס אַ שטיין) — איז געווען דער הויפּט פון די "שליחים־מיסיאָנערן־אַפּאָסטאָלן" און אַרום אים האָבן זיך געוועבט צענדליקע לעגענדעס. איינע פון די לעגענדעס איז, אַז ער האָט זיך צוריקגעקערט צום ייִדנטום, אַז ער האָט אויפגעגעבן די קריסטלעכע אמונה וואָס ער האָט געפּריידיקט און געוואָרן אַן אמתער ייִד.

לויט דער מסורה, איז ער, דער שמעון כיפא דער פּייטן, דער מחבר פון אַ צאָל פּיוטים, וואָס זענען אַריין אין סידור און אין מחזור. דער עבודה־פּיוט: "אתה כוננת עולם" און "אתן תהלה" וואָס ווערט געזאָגט יום־כיפּור, "נשמת כל חי", וואָס ווערט געזאָגט שבת און יום־טובים ווי עס ווערט ציטירט אין "אוצר ישראל" פון "אגדתא דשמעון כיפא": "ויעבוד את אלקי אבותינו, אברהם יצחק ויעקב, ויעש פיוטים לרוב מאד וישלחם בכל גבול ישראל, למען יהי' לו לזכרון בכל דור ודור [28].

שמואל דוד לוצאַטאָ (שד"ל, תק"ס—1800; תרכ"ה—1865) ברענגט, אַז אין מחזור וויטרי (אַ כתב־יד) ווערט איבערגעגעבן אין נאָמען פון רבנו תם (ר' יעקב תם), אַז שמעון כיפא איז דער מחבר פון "סדר יום הכפורים" און אַז ער האָט תשובה געטאָן, זיך באַזעצט אין אַ רוימישן טורעמשלאָס, ווו ער האָט געלעבט אין נויט און אין דחקות, "בלחם צר ומים לחץ".

אין ספר חסידים [29], ווערט ער גערופן צדיק [30].

ווי היסטאָריקערס גיבן איבער, איז שמעון כיפא געווען אַ מסית ומדיח און ער איז געווען דער "שליח ליהודים", בעת שאול התרשיש (פּאולוס) איז געווען דער "שליח לגויים". שמעון כיפא, ווי זיי ווייזן אָן, האָט אויסגענוצט די צעמישעניש ביי ייִדן אין יהודה. זיין סעקטע האָט געהאַט אַן איינפלוס, ווייל זי האָט זיך נישט פאַרנומען מיט מבטל מאַכן די מצוות, מיט מבטל מאַכן מצוות מילה, בעת פּאולוס האָט זיך פאַרנומען מיט מבטל מאַכן די עיקרים אין יהדות; ער האָט אָפּגעשאַפט מילה און מיט דער נייער אמונה אַרויס צו די רוימער. צוליב די חילוקי־דעות איז צווישן זיי אַנגעגאַנגען אַ שאַרפער קאָנפליקט.

דער רמב״ם [31] באַטראַכט די נייע אמונות, ווי כפירה און עבודה־זרה: ״...והאומר שהבורא החליף מצוה זו, אף־על־פי שהיא היתה מעם ד׳ כגון הנוצרים וההגרים כל אחד משלשה אלו כופר בתורה״.

הרב הערשקאָוויץ ציטירט פון דער ערשטער רמב״ם־אויסגאַבע: ״ודע שזאת האומה הנוצרית הטועים אחרי ישו״ו, אפילו שדתותיהם משונות, כולם עובדי עבודה זרה״. אין אונדזערע אויפלאַגעס, ווי דערמאַנט, געפינט זיך דאָס נישט.

ווי עס זאָל נישט זיין, איז דער פסק פון רמב״ם קלאָר — און דאָס האָט געפסקנט דער פוסק וואָס איז ליבעראַל, וואָס אויף איין אָרט קאָמענטירט ער, אין אַ גאָר מילדן אופן, וועגן אָט דער באַוועגונג און אויך וועגן דער מאַכמעדאַנישער — אַז דאָס פּאָזיטיווע ביי זיי — זאָגט ער — איז דאָס ברענגען צו דער וועלט דעם משיח־אידעאַל.

אויף דעם פסוק ״לא איש אל״ [32], ווערט געזאָגט, מ׳זאָל נישט פאַרפירט ווערן פון אַ מענטשן וואָס וועט זיך דערקלערן אַלס אַ גאָט: ״לפי שצפה בלעם שעתיד איש אחד להטעות את הבריות ואומר שהוא אל״.

רבי אליעזר — ווי מיר האָבן פריער געזען — האָט געהאַלטן, אַז בלויז צוליב דער הנאה פון הערן אַ וואָרט פון אַ ״מין״, איז ער נענש געוואָרן. יהושע בן פרחיה האָט זיך באַצויגן זייער שטרענג צו די יעניקע וועלכע האָבן אָפּגענייגט פון תורת־משה [33] און שמעון כיפא האָט חרטה געהאַט, תשובה געטאָן פאַר אַרויסווייזן סימפּאַטיע און באַגייסטערונג פאַר דער נייער תורה.

ווי מיר זעען, האָט אין תלמוד געהאַט שליטה אַ געהיימע האַנט, ווען ס׳האָט זיך גערעדט וועגן ישו הנוצרי. במילא איז נישטאָ קיין קלאָרקייט וועגן זיין געבורט, אויפשטייג, לערע און אויך נישט וועגן זיין אומקום. שוין אין דער צייט פון תלמוד, איז נישט געווען קלאָר ווער ס׳איז געווען זיין פאָטער [34], ווער ס׳איז געווען זיין מוטער, צי דאָס איז דער ישו וואָס איז געווען אין דער צייט פון ר׳ יהושע בן פרחיה [35], וואָס דאָס איז ווי געזאָגט, אַן אוממעגלעכקייט, ווייל ר׳ יהושע בן פרחיה האָט געלעבט צוויי דורות פריער. ס׳איז אויך נישט קלאָר, צי ער האָט געהאַט פינף אָדער צוועלף תלמידים [36], ביי אייניקע ווערט ער גערופן בן סטדאָ און ביי אַנדערע בן פנדיראָ.

די אַפּאָסטאָלן, די שעפערס פון דער ״מינים־באַוועגונג, אַ צייט פאַרן חורבן, זיי האָבן דאָס געשאַפן די לעגענדעס, אי וועגן דעם געבורט — גאָטס זון — אי וועגן זיין געקרייציקט ווערן און אי וועגן זיינע לערעס — און ווען עס איז זיי נישט געלונגען אַריינצודרינגען און אַריינברענגען די נייע תורה אין יידנטום, האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן אַ וועלט־באַוועגונג [37].

אין יידנטום האָבן זיי נישט געקענט מצליח זיין, ווייל גרויס איז דער אונטערשייד צווישן יהדות און ישואיזם. דער אונטערשייד איז נישט בלויז וועגן קיום

המצוות און נישט בלויז וועגן דער משיח־אויפפאַסונג. די ייִדישע מאָראַל איז אַנדערש; די ייִדישע עטיק איז אַנדערש. ייִדן זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם, כּדי זיך צו האַלטן ביי זייער אמונה און געהאָפט אויפן טאָג, ווען אַלע וועלן קומען "לעבוד את ד׳ ביחד".

די תורה פאַרלאַנגט גוטסקייט, "רחמנא לבא בעי" [38]; דער וואָס ברענגט אום איין נפש, איז ווי ער וואָלט אומגעבראַכט די גאַנצע וועלט און דער, וואָס ראַטעוועט איין מענטש, איז, ווי ער וואָלט געראַטעוועט אַ וועלט. דערמיט ווערט דערהויבן די ווערט, די וויכטיקייט פונעם יחיד.

ס׳זענען דאָ דעות, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן בלויז וועגן אַ ייִדישן נפש, אַ ייִדישע נשמה. אָנגענומען איז, אַז דאָס איז כּולל יעדן נפש — די נשמה פון יעדן מענטש — באַשאַפן "בצלם אלקים". דער זאָג פון רבי עקיבא: "חביבים ישראל שנקראו בנים למקום", ווי דער פּסוק פאַרזיכערט ייִדן: "בנים אתם לד׳ אלקיכם" [39], אָבער פריער זאָגט דער זעלביקער רבי עקיבא: "חביב אדם שנברא בצלם" — יעדער מענטש! און דאָס זאָגט דער מאַן וואָס האָט אַזוי פיל געליטן פון די רוימער.

פאַר וואָס האָט ער אויסגעטיילט די ייִדן צו האָבן אַ באַזונדערן אויסדרוק ישראל? דאָס איז צוליב תּורה, ווייל ייִדן האָבן מקבל געווען די תּורה, ווי עס ווערט געזאָגט: "כי לקח טוב נתתי לכם, תורתי אל תעזובו" — אַ גוטע לערע גיב איך אייך, איר זאָלט מיין תּורה ניט פאַרלאָזן [40], און ווער גאָר מער, ווי רבי עקיבא האָט זיך געהאַלטן אין תּורה, ביז מסירת־נפש.

אַ דאַנק דעם וואָס ייִדן האָבן גענומען אויף זיך די תּורה, זענען זיי גרעסער און דערהויבענער ווי מלאכים אין הימל [41]. אַ דאַנק דער תּורה, ווערן ייִדן גערופן "בני מלאכים" [42].

ייִדן, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, זענען אַן "עם לבדד ישכון" [43], ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש [44] זענען ייִדן דער "הן" צווישן די אותיות און דאָס האָט אַ וויכטיקן באַטייט אין קבלה. ווי חז״ל באַהויפּטן זענען די ששים רבוא יוצאי מצרים אַ פּאַראַלעל צו די ששים רבוא אותיות פון דער תּורה: יעדער ייִד אַן אות אין דער תּורה.

הן — די אותיות ה און נ פאַר "עם לבדד", האָבן נישט קיין בן־זוג, פּאָרן זיך נישט. למשל: אַן א׳ מיט אַ ט׳ שטעלט צוזאַמען די צאָל י׳ — 10; ב׳ מיט ח׳ — ווידער י׳ — 10 אאַ״וו. י׳ מיט צ׳ — ק׳, 100; כ׳—פ׳ — ק׳, 100; ל׳—ע׳ — ק׳, 100. די ה׳ האָט נישט קיין פּאָר, אויסער מיט ה׳; נ׳ האָט נישט קיין פּאָר סיידן מיט נ׳ און אַזוי מיט די ייִדן: זיי בלייבן אַליין אין זייער עקשנות אָנצוהאַלטן די תּורה־פּרינציפּן. זיי וועלן גיין אויף קידוש־השם און נישט אויפגעבן זייער ייִדיש לעבן: "הם נהרגים ואין מתערבין"... און דערמיט, זענען ייִדן דער "עז שבאומות" [45],

אַרויסווייזנדיק אַן אומפאַרגלייכלעכע געוואַגטקייט נישט צו בייגן זיך פאַר די וועלכע פאַרמעסטן זיך זיי אַראָפּצופירן פון וועג.

מיר וועלן ווייטער אָנווייזן אויף דער אַנדערשקייט און די אונטערשיידן צווישן ייִדן און אַנדערע, אפילו וואָס שייך זיצן ביים טיש, ביים פראַוועון אַ סעודה: ייִדן זעצן זיך צום טיש מיט אַ דבר־תורה און ווי חז"ל באַהויפּטן זעען אין דעם די פעלקער, אַ משונהדיק פאָלק [46].

וועלן מיר דאָ נישט באַרירן דעם ענין פון "מאכלות אסורות", וואָס איז נישטאָ ביי אַנדערע פעלקער און דעריבער ליידן ייִדן גלות, ווען זיי דאַרפן לעבן צווישן אַנדערע: "ישראל שאין אוכלים מפתם ואין שותים מיינם — גלותן גלות" און אפילו ווען דאָס קאָן אַ מאָל מיינען טויטשטראָף, נעמען ייִדן אויף זיך דעם גורל: "הם נהרגים ואין מתערבין עמהם" [47]. זיצנדיק ביים טיש, פירן זיי זיך אויך אויף אַנדערש: "ישראל כשהם אוכלים ושותים הם עוסקים במקרא, במשנה... מתחילין בדברי תורה ובדברי תשבחות" [48].

אויך אין דעם, ווי אַזוי מיר פירן זיך אויף ביים טיש, ביים עסן, איז דאָ אַנדערשקייט, און אויך דערמיט זענען ייִדן געוואָרן אַ "גוי אחד בארץ" [49] און ס'איז גאָר נישטאָ קיין שאָוויניזם אין דעם דאָזיקן לויב. ווען ייִדן בייגן אָפּ פון אָט דער וועג, ווערן זיי געוואָרנט אין דער תורה און געשטראָפט פון די נביאים; ווען זיי פירן זיך אויף, ווי געהעריק, ווערן ייִדן אַן "עם סגולה" [50] און אַן "אור לגויים" [51]. די דערהויבנקייט פון ייִדן איז צוליב תורה, צוליב מסירת־נפש פאַר אַ תורה־לעבן און אין דעם באַשטייט דער "אשר בחר בנו מכל העמים" און די אמונה "שזאת התורה ניתנה למשה רבנו ולא תהא מחולפת", אַז די תורה וועט קיין מאָל נישט געענדערט ווערן, נישט אויסגעטויטשט ווערן. עס איז די תורה וואָס זיכערט דעם קיום פון ייִדן און פון דער וועלט: "עץ חיים היא למחזיקים בה" — אַ בוים פון לעבן איז זי פאַר די וואָס האַלטן זי פעסט, און דער וואָס האַלט זיך אָן איר, זײַז באַגליקט [52].

די מינים, די ייִדישע קריסטן, האָבן גאָר אַ סך אָפּגענויגט פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ, און דעריבער נישט געהאַט קיין אָרט אין ייִדנטום און ס'איז פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס שמעון כיפא האָט חרטה געהאַט, געלעבט אין איינזאַמקייט, ווי אַ פולשטענדיקער בעל־תשובה און ווי אַ פאַרגעבונג אויף זיינע מעשים און טעאָריעס, זיך גענומען צו פאַרפאַסן פיוטים, אויסדריקן שבח צום באַשעפער און צו זיין פאָלק.

די נוצרים, ווי אַן אָפּצווייג פון די איסיים, האָבן געפּריידיקט אַסקעטיזם. און ייִדנטום — דאָס פאַרקערטע: "כל הקץ בחיים טובים — סימן רע לו" [53] — דער וואָס איז ממאס דאָס גוטע לעבן אויף דער וועלט, איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר אים, זיין שטראָף איז גרויס; ער איז אַ כופר אין דער גוטסקייט פון השי"ת און איז מבזה די מתנות פון גאָט... די ייִדישע קאָנצעפּציע זעט דעם מלכות שדי "אויף

דער וועלט״ [54]. מ׳האָט דערלויבט, טאָלערירט, דעם אַסקעט, דעם נזיר; ער האָט אָבער געדאַרפט ברענגען אַ קרבן, ווייל ער האָט געזינדיקט אויפן נפש — ״חטא על הנפש״ [55]. ״ייִדנטום איז אַ תורת־חיים״.

די אַפּאָסטאָלן, איבערהויפּט שאול התרסי (פּאַולוס), האָבן אַריינגעבראַכט סכּנותדיקע געדאַנקען אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע. ווען ער האָט געזען, אַז ער וועט נישט שלאָגן קיין וואָרצלען אין ייִדנטום, איז ער אַוועק צו אַנדערע פעלקער און דערביי פאַרשפרייט שׂנאה צו ייִדן.

די נוצרים האָבן בלויז געוואָלט זען דעם הימל, אָבער פאַרנאַכלעסיקט די ערד, דעם מענטשנס לעבן איז אויף דער ערד. ביי ייִדן דאַרפן הימל און ערד, מחשבה און מעשׂים האַרמאָניזירן; ״עד שלא ניתנה תורה, השמים — שמים לד׳ והארץ נתן לבני אדם — משנתנה תורה — שמים וארץ״ [56] אין האַרמאָנישן צוזאַמענבונד.

אין די שפּעטערדיקע תּקופות, מיטן אויפקום פון די קריסטן ווי אַ רעליגיעזע וועלט־באַוועגונג און נאָך שפּעטער, ווען די קריסטלעכע רעליגיע איז געוואָרן די אָפיציעלע, מלוכישע, הערשנדיקע אין די אייראָפּעיִשע לענדער, האָבן די קריסטן זיך גענומען צו די ייִדן. זיי האָבן געזען אין די ייִדן אַ רעליגיעז־פאַרעקשנט פאָלק, אָן עלעמענט וואָס גיט זיי אַ מאָראַלישן און גייסטיקן ווידערשטאַנד־כּוח. האָבן זיי זיך גענומען פאַרפאָלגן ייִדן, פּאָגראָמירן ייִדן; אַרויסיאָגן ייִדן פון זייערע לענדער ווייל זיי ווילן נישט אָנערקענען זייער משיח־גאָט און זיינע צוועלף אַפּאָסטאָלן.

דער משיח־געדאַנק האָט זיין אָנהייב אין דער תּנ״כישער עפּאָכע. אין דער תּקופה פון צווייטן בית־המקדש. נאָכן חורבן־הבית איז די האָפענונג אויף משיח פאַרשטאַרקט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ טרייסט, אַז קומען וועט דער גואל און ברענגען אַ לייזונג צו אַלע פּראָבלעמען, צו אַלע צרות. משיח וועט ברענגען שלום און ווױלזיין.

דער ״אחרית־הימים״, די ימות־המשיח נאָך די חבלי־גאולה, ווערן געשילדערט אין די אגדות, אין תּלמוד און מדרשים. דאָס איז דער טרוים פון וועלט־שלום, פון אייביקן, מענטשלעכן גליק. די משיח־אידעע איז אָבער פאַרבונדן מיט דער שטאַרקער אמונה, מיט תּורה־פּרינציפּן, מיט יסודות פון ייִדישקייט. אויף אַזאַ טאָג האָבן ייִדן געהאָפט, אויף אַזאַ טאָג האָבן ייִדן געוואַרט, געטרוימט — ״בכל יום אחכה לו שיבוא״.

ס׳זענען אויפגעשטאַנען משיחים און דערקלערט, אַז זיי ברענגען דעם דאָזיקן גליקלעכן טאָג — און געווען ייִדן, וועלכע האָבן זיי געגלויבט; שפּעטער האָט מען איינגעזען, אַז זיי זענען געווען פאַלשע משיחים. זיי זענען אַראָפּ פון דער הויכער אַרענע — אָבער דערביי זענען פאַרלוירן געוואָרן אַ צאָל ייִדן און ס׳איז נישט

לייכט געווען זיי צוריקצוברענגען צו דער אמונה, אַז מען דאַרף וואַרטן, האָפן און שטרעבן ביזן טאָג פון גאולה שלימה.

בר־כוכבא איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם משיח. ר׳ עקיבא, ווי היסטאָ־ריקערס באַהויפּטן, האָט געהאָפט און געגלויבט, אַז ער איז משיח [57], אַז ער וועט ברענגען די גאולה. נאָך דעם האָט ער איינגעזען דעם טעות. ס׳זענען געווען אַנדערע, וועלכע האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף אויסדערוויילטע און מאַסן יידן זענען דורך זיי פאַרפירט געוואָרן. דער נוצרי, אפשר גאָר זיינע שליחים, האָבן אים דערקלערט פאַר אַ משיח, אָבער דאָ האָט פּאַסירט, אַז די גייסטיקע פירערס פון יידנטום האָבן באַלד דערזען די פאַרפירערישקייט; זיי האָבן באַלד זיך גענומען מיט אַלע כוחות אָפּהאַלטן פון ווערן אַריינגעשלעפּט אין דער דאָזיקער נעץ פון עקסטאַז, זיי האָבן געזען יידן זאָלן נישט ווערן באַגייסטערט פון די נייע, פרעמדע — פאַר יידן — מנהגים. די גייסטיקע פירערס ביים יידנטום האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע צו באַקעמפן דעם גלויבן אין מענטש־גאָט, אַזוי אַרום האָבן זיי אָפּגעהאַלטן יידישע פאָלקס־מענטשן פון ווערן אַריינגעצויגן אין דער קריסטלעכער באַוועגונג.

נישט געקוקט אויף אַלע צוימען, נישט געקוקט אויף אַלע לערעס, איז דער אָפּפאַל געווען אַ גאָר גרויסער. נישט וויניק יידן האָבן זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע דורך שמד. אַזוי איז עס געשען אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער, און נאָך דער רענעסאַנס־תקופה.

יידן האָבן אין אַלע צייטן געקעמפט פאַר עמאַנציפּאַציע, פאַר רעכט און פרייהייט, וואָס האָט אויך געמיינט די רעכט זיך נישט אונטערצוגעבן דעם דרוק פון די קריסטלעכע פאַנאַטיקערס, יעזויטן, קריסטלעכע טעאָלאָגן. אַ דאַנק די גייסטיקע פירערס ביים יידנטום אין אַלע צייטן האָבן יידן אויסגעהאַלטן דעם דרוק און נישט געלאָזט זיך פאַרפירן פון די קריסטלעכע דאָגמעס, אמונות, משיח־אידאַלן — זיי האָבן זיך אויך נישט געלאָזט באַאיינפלוסן פון פאַלשן אוניווערסאַליזם, פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אַסימילאַציע וואָס וויל איינשלינגען די מינדערהייטן, וואָס וויל באַגרענעצן די רעכט פונעם יחיד.

יידן האָבן באַוויזן, נישט געקוקט אויף די קאַטאַסטראָפאַלע פּאַסירונגען, אויף די שווידערלעכע גזירות און הריגות, צו באַשיצן און איינהיטן זייערע וווּנדערלעכע קולטורעלע, נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אַספּיראַציעס. נאָך יעדן חורבן איז געקומען אַ נייע אויפלעבונג; נאָך יעדער קאַטאַסטראָפע איז געקומען אַ פאַרשטאַרקונג פון יידישן תחום, אַ פאַרשטאַרקונג פון די יסודות פון יידישן לעבן, אַ פאַרשטאַרקונג אין דער משיח־אמונה, ווי די נביאים האָבן דאָס פאַרויסגעזען.

די נביאים זענען געווען די, וועלכע האָבן פאַרזיכערט דעם קיום פון דער יידישער אומה; זיי האָבן געלייגט די יסודות פון אַ ווירטשאַפטלעכן ווילזיין פאַר

ייִדן און פאַר דער וועלט. די חכמי־התלמוד, די באַגרינדערס פון דער תורה־שבעל־פה, האָבן קאָנסאָלידירט ייִדישקייט, ווי געלערנט אין תנ״ך; זיי האָבן באַפרוכפּערט און באַרייכערט דעם ייִדישן באַוווסטזיין, די ייִדישע קולטור, דעם ייִדישן לעבנס־גאַנג.

דער חילוק צווישן קריסטנטום, מאַכמעדאַניזם און דער ייִדישער אמונה, איז אי אין מחשבה, אי אין מעשׂים, אין גייסט און אין עמפּינדלעכקייט צום אמת. דער ייִדישער באַנעם איז באַזירט אויף שׂכל און געפיל, ראַציאָ און אמונה — בדרך פּרד״ס. דער עיקר: אמונה אין אל אחד — מאָנאָטעיִזם, ווי דאָס ווערט גערופן אין מאָדערנע לשונות. די אָנערקענונג פון אַ ״הייליקן דרייליִנג״ איז אין יהדות פרעמד און פאַלש.

די הייליקע אינקוויזיציע אין מיטל־עלטער האָט אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן. ייִדן האָבן געמוזט לעבן ווי מאַראַנען, פאַרשטעלט ווי קריסטן און אין געהיים געהאַלטן זיך ווי ייִדן, אָפּגעהיט תורת־משה והמסורה. דאָס איז געווען אַ העראָיִשקייט מצד די פאַרבאָרגענע — אין הארץ — ייִדן; אָבער נאָך מער איז עס געווען אַ העראָיִזם פון ייִדן וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די ייִדישע רעליגיע, די ייִדישע מאָראַל און עטיק, געגאַנגען אויף קידוש־השם מיט דער פולער גרייטקייט צו שאַפן פאַר זיך אַ געטאָ־לעבן און נישט לאָזן זיך באַהערשן פון דער מערהייט.

די ייִדישע רעליגיע צווינגט קיינעם נישט אָנצונעמען דעם ייִדישן גלויבן. די ייִדישע רעליגיע ווייסט נישט פון קיין אינקוויזיציעס, אויטאָדאָפעס. יהדות איז טאָלעראַנט און פריי פון גוואַלדטאַטן. זי פאַרזאָגט דעם ערלעכן ייִד, ער זאָל נישט באַגיין קיין רמאות, נישט צווישן ייִדן און נישט צווישן נישט־ייִדן. ס׳פאָדערט זיך דערויף אַ שטאַרקע דיסציפּלין און די הלכה־אויטאָריטעטן האָבן אַזוי איינגעשטעלט דאָס ייִדישע לעבן.

די פאָרמולירערס פון דער הלכה, אויפן יסוד פון תלמוד און תנ״ך, האָבן אָנשטאָט צו זידלען און באַליידיקן די נישט־ייִדן, וועלכע האַלטן זיך ביי זייער אמונה וואָס איז אין קעגנזאַץ צו דער ייִדישער, זיך פאַרנומען מיט תפילה, דער רבונו של עולם זאָל אויסשפּרייטן זיין ממשלה איבער דער וועלט, אַלע באַשעפענישן זאָלן רופן אין זיין נאָמען... אַלע מענטשן זאָלן ווערן איין אגודה צו טאָן גאָטס ווילן: ״ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם״.

בחירה, פרייער אויסוואַל איז אַ יסוד אין יהדות. דער מענטש פאַרמאָגט פולע פרייהייט פון אויסוואַל; נישטאָ קיין פאַרויסבאַשטימטקייט, נישטאָ קיין פאַטאַליזם, נישטאָ קיין פאַרויסדיקע דעטערמינאַציע. מען לערנט אָבער דעם ייִד, ער זאָל אויסקלייבן דאָס גוטע, ער זאָל אויסקלייבן לעבן, ברכה — און דאָס, נישט בלויז צום ייִד, נאָר צו יעדן מענטשן, ווי עס זאָגט זיך אין די ימים־נוראים תפילות:

״...און איבער אַלע מדינות ווערט אין אים געזאָגט: וועלכע צו שווערד און

וועלכע צו שלום; וועלכע צו הונגער און וועלכע צו זעט... ווער ווערט נישט דערמאָנט אינעם היינטיקן טאָג?..." "וכל באי עולם יעברון לפניך כבני מרון... ותפקוד נפש כל חי".

דער רמב"ם זעט דעם מלך־המשיח, אַז ער וועט צוריקברענגען די הערלעכקייט פון מלכות בית דוד און ס'וועט זיין "כי מלאה הארץ דעה" — די גאַנצע וועלט וועט ווערן אָנגעפילט מיט געטלעכן באַוווסטזיין [58].

מיר האָפן און שטרעבן — זאָגט דער איזביצער־ראַדזינער רבי, אדמו"ר ר' מרדכי יוסף אלעזר ליינער זצ"ל (תרכ"ה—1865; כ"ז שבט, תרפ"ט—1929) — אויף דעם טאָג, ווען די גאַנצע וועלט וועט אָנערקענען און דערזען, אַז גאָט איז דער איינציקער, "כי ד' הוא האלקים... אין עוד" און "לית אתר פנוי מיני" — ניטאָ קיין אָרט אָן גאָט... ער איז אומעטום. אין יענעם טאָג וועלן אַלע זען: "ד' אחד ושמו אחד", נישט בלויז צו ייִדן, נאָר צו אַלע פעלקער.

דאָס איז די וויזיע פון אחרית־הימים, ווי רש"י טייטשט "שמע ישראל [59] ד' אלקינו, שהוא אלקינו עתה ולא אלקי אומות העולם, עובדי אלילים, הוא עתיד להיות ד' אחד" און ווי דער נביא זאָגט [60]: "כי אז אהפך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ד'" און דער נביא זכריה זעט דעם דאָזיקן טאָג: "ביום ההוא יהיה ד' אחד ושמו אחד" — אין יענעם טאָג וועט ה' זיין איינער, און זיין נאָמען איינער [61] — און ביזן דערוואַרטן טאָג? בלייבן ייִדן אַלץ אַן "עם לבדד ישכון" [62], די שכינה רוט אין אונדזער פאָלק, וואָס לעבט מיט נסיונות און האָפט אויף דעם גליקלעכן אחרית־הימים.

**ד. סעקטע פון וועלכער ס'האָט אַרויסגעשפּראָצט דאָס קריסטנטום. — דער ערשטער וואָס האָט געגעבן אַן אַנטי־ייִדישע ריכטונג. — רדיפות אויף ייִדן. — דער משפט איבער דעם נוצרי.**

פון די אַלע סעקטעס ביים בית שני האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן די שטאַרקסטע די פון די אסיים־מינים־נוצרים, די סעקטע פון וועלכער ס'האָט אַרויס־געשפּראָצט דאָס קריסטנטום, ווי אַ נייע רעליגיע און נאָך שפּעטער מיט אַן אַנטי־ייִדישער ריכטונג.

דער ערשטער פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָר פון קריסטנטום איז געווען שאול הטרסי (פּאַולוס פון תרשיש). ער האָט געגעבן די נייע ווענדונג דער דאָזיקער סעקטע און באַוויזן צו קריגן אַ גרעסערער צאָל אָנהענגערס. ער האָט דאָס פאַרוואַנדלט די דאָזיקע סעקטע אין אַ נייע רעליגיע, אין סתירה צו די יסודות פון דער ייִדישער אמונה.

אויב אין נאָמען פונעם נוצרי, איז געזאָגט געוואָרן: "איך בין נישט געקומען

מבטל צו זיין די תורה״ [1], האָט ער זיך שוין גאָר פאַרנומען מבטל צו מאַכן: 1) מצוות פון דער תורה; 2) דעם גייסט פון יהדות; 3) די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון ייִדנטום. ער האָט אויך אויסגעטוישט די וויזיע פון ״אחרית־הימים״, די הערלעכקייט פון ייִדישן עתיד, דעם אידעאַל פון שלום צווישן פעלקער, אויף דעם יסוד, אַז משיח איז שוין געקומען און אַז דער וואָס גלויבט אין דעם, ווערט ער געהיילט און אויסגעלייזט פון אַלע זינד.

אין יענער תקופה פון צעטרייסלטקייט מחוץ ומפנים, אינערלעכער צעשפּליטערטקייט און רוימישער הערשאַפט איז אים געלונגען צו פאַנגען ייִדישע נשמות. מאַסן ייִדן האָבן זיך פאַרלוירן און זיך איבערגעגעבן צו דער נייער רעליגיע.

דאָס פאָלק האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי די לערעס פון די פּרושים, זיך מוסר נפש געווען פאַר זייער אמונה, געפאַלן אויף קידוש־השם און זיך נישט אונטערגעגעבן, נישט צו רוימישע גזירות און נישט צו דער מיסיאָנערישקייט פון די ״נייע״ קריסטן מיט זייער ״נייעם טעסטאַמענט״.

ייִדן האָבן ממשיך געווען דעם דאָזיקן געראַנגל אין די גלות־לענדער, געבליבן געטריי זייער אמונה, נישט געקוקט אויפן שטאַרקן דרוק מצד דער קריסטלעכער קירכע. נישט געקוקט אויף די אומאויפהערלעכע גזירות און רדיפות, זענען ייִדן געבליבן אין זייער גאַנצקייט. ייִדן האָבן צוריקגעוויזן די שטעלונג פון די טעאָלאָגן, וועלכע זענען ממשיך דאָס קלאַסישע קריסטנטום, אַז דער נייער טעסטאַמענט איז דער יסוד פון אמונה. ייִדן האָבן זיך געהאַלטן ביי תורת־משה והנביאים — און לויטן אויסטייטש אין תורה שבעל פה — נישט וועלנדיק נאָכגעבן דעם דרוק מצד די קריסטן.

די יעזויִטן האָבן צוגעגרייט אינקוויזיציעס, געברענט און געבראָטן די ייִדן אין זייערע לענדער, אויסגעטראַכט אויף ייִדן כל־מיני באַשולדיקונגען קעגן די ״נישט גלויביקע״, ווי זיי האָבן גערופן די ייִדן.

זיי האָבן באַשולדיקט ייִדן — אַזוי ווי עס האָבן געטאָן די אַמאָליקע געצנדינערישע עמון ומואב — אַז זיי דינען צו עבורה זרה [2]; זיי האָבן באַשולדיקט ייִדן, אַז זיי באַנוצן זיך מיט בלוט אין די מצות — אַן עלילת דם, וואָס איז אַ באַשולדיקונג, גענוצט ביי די אַלטע געצן־דינערס [3].

די בלבולים אויף ייִדן, באַזונדערס די עלילות־דם (ניצן בלוט אין די מצות), האָבן אָפט געהאַט אַ טראַגי־קאָמישן מאָמענט. כּדאַי צו ברענגען אַ פאָלקסשילדערונג, ווי עס גיט איבער דער פאָלקלאָריסט א. דרויאַנאָוו [4]: ״אַ וואָך פאַר פּסח האָט מען געפונען אַ טויט קינד ליגנדיק ביים בית־הכנסת. אַ פּינצטערע שרעק איז געפאַלן אויף די אָרטיקע ייִדן, איצט וועלן די גויִים זאָגן, אַז די ייִדן האָבן אומגעבראַכט דאָס קינד, כּדי צו האָבן בלוט פאַר די מצות און זיי וועלן אַרויסרופן דעם המון און מאַכן אַ פּאָגראָם.

די פּרנסים פון דער קהילה זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין אַן אָוונט צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן, אָפּצוהאַלטן דעם צעווילדעוועטען עולם און אויסמיידן אַן אומגליק אויפן ייִשוב. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר, דער שמש לויפט אַריין מיט שמחה: מזל טוב, מזל טוב... ברוך השם, ס'איז אַ ייִדיש קינד".

אחד העם האָט אַ מאָל געשריבן אַז נישט איין מאָל האָט ער געטראַכט "וכי כל העולם רשעים ואנחנו זכאים..." אפשר איז דאָ אַ שטיקל אמת אין די באַשול־דיקונגען קעגן ייִדן? דער עלילת־דם־פּראָצעס אין צאַרישן רוסלאַנד האָט אים איבערצייגט, וואָס מ'קען אַלץ אויסטראַכטן.

ייִדן, ווי אַ ציבור, ווי אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזער קאָלעקטיוו, האָבן זיך נישט געבויגן. בלויז יחידים האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן, זענען אַריבער צו שמד — און צו די משומדים, האָבן חז"ל און די נאָכפאָלגנדיקע פּוסקים זיך באַצויגן שטרענג — שטרענגער ווי צו געבוירענע קריסטן. די סיבות פאַר אָט דער שטרענגקייט זענען פאַרשטענדלעך.

מיט די נוצרים, אָדער מינים, האָט פּאַסירט דאָס וואָס עס האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן מיט די קראים; זיי זענען אָבער געגאַנגען ווייטער, ווייל פּאַולוס האָט אַזוי געוואָלט.

די ערשטע קראים האָבן זיכער נישט געמיינט צו ווערן "קרעים" — אָפּגעריסענע פונעם וואָרצל; זייערע מעשים, זייערע טעאָריעס האָבן זיי אָוועקגעריסן — אָבער נישט אין גאַנצן. געוועזן צווישן זיי מלומדים אַלע צייטן, ביז דעם גוט באַקאַנטן, פריער דערמאָנטן פירקאָוויטש (1787—1874), וועמעס זאַמלונג, וואָס ציילט קרוב צו 4 טויזנט כּתב־ידן, איז, ווי מבינים זאָגן, פון אַ גרויסער וויסנ־שאַפטלעכער באַדייטונג [5]. אין דער זאַמלונג זענען פאַראַן, אויסער די אָריענטאַ־לישע, מיטל־מזרחדיקע, אויך מאַנוסקריפּטן פון קאַראַימער מחברים אין ליטע, אין אוקראַיִנע און אין קרים, ווו ס'האָבן זיך געפונען קאַראַימישע ישובים.

די מינים־קריסטן זענען שוין אָוועק גאָר ווייט פון ייִדנטום. זייער תּורה — די תּורה פון די אַפּאָסטאָלן — האָט זיי לגמרי דערווייטערט און אין דעם איז אָן ספק די שולד פון אָט דער פּאַולוס, ווי מיר האָבן שוין דאָס ביי פריערדיקע געלעגנהייטן אָנגעוויזן.

אינטערעסאַנט איז, וואָס דער נאָמען קראים ווערט בלויז דערמאָנט איין מאָל אין דער משנה [6]: "נתנו על גבי אונקלי הרי זה דרך קראים" — אָבער וועגן די מינים, רעדט זיך אַ סך מאָל אין תּלמוד בבלי און אין ירושלמי. אַ באַווייז, אַז די מינים־נוצרים זענען דאָן שוין געווען אַ כּוח און אַ געפאַר פאַר דעם ייִדישן ישוב.

דורך פאַרשיידענע אופנים האָבן די חכמי־התּלמוד אָפּגעהאַלטן דאָס אַריינ־דרינגען און אַריינרייסן זיך פון די "מינים" ווי אַ סעקטע מיט נייע אידעען, אין ייִדישן לעבן.

מיר וועלן נעמען צוויי עלעמענטאַרע שטריכן: די אָנהענגערס פון דעם "אותו האיש" האָבן פראַפּאַגירט דאָס נעגירן פון קליידן זיך שיין, עסן ווי געוויינלעך און די שׂנאה צו עשירים, בלויז צוליב דעם וואָס זיי האָבן איינגעזאַמלט עשירות.

די תּלמוד־שעפּערס, די גרונטלייגערס פון אַ יידיש לעבן, לויט דער תּורה־אויפפאַסונג, האָבן געלערנט וועגן דער וויכטיקייט פון בכבודיקע מלבושים; וועגן עשירות, וואָס קאָן ברענגען נוצן און האָבן ווייניק געהאַלטן פון אַסקעטיזם, ווי אָן אידעאַל.

ר׳ משה לייטער [7] ברענגט אייניקע ביישפּילן, וואָס באַווייזן ווי אַזוי חז״ל האָבן רעאַגירט קעגן די אַפּאָסטאָלישע לערעס און אַגיטאַציעס קעגן הלבשה, קעגן רייכקייט, קעגן לעבן אין לוקסוס...

ס׳ווערט דערציילט [8] אַז ווען בנייס בן בונייס איז געקומען צו רבין, האָט רבנו הקדוש אויסגערופן "פּנו מקום לבן מאה מנה" — מאַכט אַ וואָרע פאַר דעם וואָס פאַרמאָגט הונדערט גילדן.

אויף אַן אַנדער אָרט ווערט דערציילט, אַז רבי האָט מכבד געווען עשירים. רבי עקיבא האָט אויך מכבד געווען עשירים [9]. רבי וואָס האָט נישט קיין הנאה געהאַט פון זיין פאַרמעגן "כאצבע קטנה" [10] זאָל פלוצלינג זיך אויסדריקן מיט באַגייסטערונג וועגן עשירות?

ס׳איז קיין ספק נישט, האַלט ר״מ לייטער, אַז רבי האָט געוואָלט אויסדריקן זיין קעגנערשאַפט צו דעם עקסטרעמיזם פון די מינים־איסיים און זייערע נאָכפאָלגערס, געוואָלט ווייזן דעם פּראַקטישן וועג פון "וחי בהם", אַז אונדזער תּורה איז אַ תּורה פון לעבן, אַז אַ מענטש דאַרף יאָ טאָן אַרבעט, זיין באַשעפטיקט, כּדי צו קענען זיך באַזאָרגן, לויטן זיין יגיעה, מיט קליידונג, באַשפּייזונג, לעבנס־מיטלען און אַלע נויטווענדיקייטן — אַז עשירות איז נישט קיין חסרון, אויב מ׳נוצט די רייכקייט אויף גוטע צוועקן.

רבי אַליין, פ א ר ז י ך, האָט לגמרי נישט געהאַט קיין הנאה פון זיין עשירות, אָבער פון זיינע תּלמידים האָט ער פאַרלאַנגט זיי זאָלן זיין ווי געהעריק געקליידט. דער וואָס קען זיך פאַרגינען שיינע מלבושים, אָבער קליידט זיך ווי אַן אָרעמאַן, איז ער ז י ך מבזה [12]. די איסיים האָבן געפּריידיקט אָרעמקייט, צו גיין באָרוועס און נאַקעט, ווייל נאָר אַזוי, און נאָר דערמיט, גרייכט מען צו מלכות־שמים, צו הימלישער דערהויבנקייט. דער רייכער, ווי דער אָרעמער, קאָן באַזיצן די העכסטע מידה פון יראת־שמים. דער צדק צדק תּרדוף [13] איז חל אי אויף דעם רייכן און אי אויף דעם אָרעמאַן און בייביידע איז דאָ די געפאַר פון ווערן פאַרפירט און נידערן צום גרונט, "מעבירין על דעת קונם" [14].

אין דעם "נייעם טעסטאַמענט" זאָגן זיך אַרויס די אַפּאָסטאָלן, אַז פאַר דעם רייכן איז שווער צוצוקומען צו מלכות־שמים, אַז פאַר אים איז אָפן די טיר פון

גיהנום. אין יהדות: סיי פאַר דעם רייכן און סיי פאַר דעם אָרעמאַן, זענען אָפן די טויערן פון גן־עדן און פון גיהנום און זיי קענען זיך אויסקלייבן! — "ובחרת" איז אַן אַרויסרוף צו אַלעמען. עשירות איז נישט קיין חסרון: "עטרת חכמים עשרם" [15] און נאָך מער: "ואין השכינה שורה אלא על חכם, גבור ועשיר" [16], ווייל אַז מען באַזיצט די דריי אַטריבוטן, קען מען זיך אויסהיטן פון זינד, פון שוחד און ענלעכע איבלען.

אמת, לויטן רמב"ם און אַ צאָל אַנדערע מפרשים, ווערט דאָ נישט געמיינט פיזישע גבורה, ווערט נישט געמייט עשירות — געלטער, רייכטימער, נאָר גבורה, לויטן באַגריף פון קאָנטראָלירן דעם יצר און עשירות, מיינט רייך אין וויסן, אין אינטעלעקט [17].

מ'קען אָבער נישט אַוועקגיין פונעם פשוטן טייטש: פיזישע גבורה און פאַרמעגן.

אין יהדות זעט מען אפילו אינעם יצר פונעם מענטש אַ פּאָזיטיוון מאָמענט. אויף דעם זאָג ביים וועלטבאַשאַף, אַז גאָט האָט געזען "והנה טוב מאד", אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן דער יצר הרע, ווייל ער טרייבט צום לעבן, צום אויפ־בויען די וועלט און די מענטשהייט. דער דאָזיקער מענטשלעכער טריב, לויטן מדרש [18] איז נישט שלעכט פאַר זיך אַליין: דער מענטש קען אים מאַכן גוט און קען אים מאַכן שלעכט — און שוין אין דעם, וואָס עס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן די בחירה, איז טוב מאד — איז זייער גוט.

ווער קען דאָס מאַכן? דער מענטש.

אין "נייעם טעסטאַמענט", נישט געקוקט אויף דעם וואָס די אַפּאָסטאָלן דערקלערן, אַז דער נוצרי איז נישט געקומען אָראָפּצונעמען, נאָר צוצוגעבן צו תורת משה. איז אַ פאַקט, אַז נישט בלויז וואָס שייך מצוות מעשיות, האָבן זיי מבטל געמאַכט, נאָר אפילו מחשבה האָבן זיי קאַטעגאָריש געענדערט, שוין דערמיט אַליין, וואָס זיי לערנען זייערע גלויביקע, אַז מיט זיין טויט האָט ער אויסגעלייזט די מענטשן פון זינד, בעת אין יידנטום איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך, אַז דער מענטש זאָל קענען קריגן אַ תיקון־הנפש דורך אַן אַנדערן. דער זינדיקער מוז אַליין מתקן זיין דאָס וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט.

באַלד ביים באַשאַף האָט דער רבונו של עולם געוויזן אדם הראשונען די שיינע וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן: די בלומען, די גערטנער, די פעלדער, די בערג און טאָלן — אַ וועלט וואָס איז לויטער געזאַנג און האָט אים געוואָרנט, ער זאָל נישט באַגיין קיין מעשים, צוליב וועלכע די וועלט קאָן חרוב ווערן: "תן דעתך שלא תקלקל ותחריב את עולמי, שאם תקלקל אין מי שיתקן אחריך" — גיב אַכטונג, אַז דו זאָלסט נישט קאַליע מאַכן און חרוב מאַכן מיין וועלט: אויב דו וועסט האָבן קאַליע געמאַכט, וועט נישט זיין ווער עס זאָל פאַרריכטן נאָך דיר ... [19].

יעדער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשׂים און ע ר דאַרף עס מתקן זיין. קיינער קען עס נישט טאָן פאַר אים.

דער הויפּט פון די אַפּאָסטאָלן, פּאַולוס, דער ייִדישער שאול התּרסי, נישט קענענדיק באַזיגן די פּרושים, האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן שׂנאה און נאָך אים האָבן קריסטן זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַ באַשולדיקונג, אַז ייִדן האָבן אומגעבראַכט דעם מאַן פון נצרת.

דער פּראָצעס פון שׂנאה קעגן ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן באַלד ביים באַגין פון דער נוצרישער באַוועגונג, ווען פונעם איסיים־אַרויסשפּראָץ האָט זיך געשאַפן אַ סעקטע און פון דער סעקטע — אַ באַוועגונג.

שוין אין די ערשטע יאָרן געפינען מיר דאָס פאַרשפּרייטן די ידיעה, אַז ייִדן האָבן געמשפּט און דורכגעפירט דעם טויט־פּסק איבער ישו מנצרת. פאַרשערס, ייִדן און נישט־ייִדן, האַלטן, אַז ייִדן האָבן שוין דאַן נישט געהאַט קיין רעכט דורכצופירן טויטשטראָפן און אַז דאָס וואָס אין דער גמרא סנהדרין [20] געפינט זיך די מעשׂה וועגן אַן ערב־פּסח, אַז נאָכן האָבן „די לעצטע סעודה", איז דער משפּט דורכגעפירט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ גרויסער ספק. ס'לאָזט זיך גלויבן אַז אימעצער האָט דאָס צוגעגעבן, אַז ישוע — ישו — איז געמשפּט געוואָרן פערציק טעג פאַר פּסח און דער אורטייל איז דורכגעפירט געוואָרן פריטיק ערב־פּסח. ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דאָס אַן אוממעגלעכקייט, ווי עס איז אוממעגלעך, אַז יוסף בן מתּתיהו — יאָזעפוס פלאַוויוס — זאָל געווען זיין אַן אָנהענגער פון דער קריסטלעכער סעקטע.

ס'איז דעריבער נישט קיין וווּנדער די גזירה פון חז"ל, נישט צו לייענען־לערנען „ספרים חצונים", אַפּאָקריפישע און אַנדערע סאָרטן ליטעראַטור, ווייל מ'ווייסט נישט וואָס עס איז פאַלש און וואָס עס איז אמת; וואָס עס איז אויסגעטראַכט און וואָס עס איז אין די ראַמען פון דער תּורת־משה והנביאים. דורך די ספרים חצונים האָבן זיי געזען אַ געפאַר דאָס אַריינגנבענען פ ר ע מ ד ע נישט־ייִדישע געדאַנקען. צוליב אַט דעם טעם און מאָטיוו, האָט רבי עקיבא געזאָגט: „הקורא בספרים חצונים אין לו חלק לעולם הבא". אין דער גמרא: „תּנא — בספרי מינים" [21].

אהרן זאב אשכולי, אין זיין ווערק „התּנועות המשיחיות בישראל" [22], באַהאַנדלט דעם משפּט ישו און ווייזט אָן אויף דער פאַלשער באַשולדיקונג — ווי עס זאָגט זיך אין תּלמודישן לשון „יגעתּי ומצאתי תאמין" [23], געפונען דאָס וואָס איז מיר געווען אין זכּרון.

אשכולי גיט אָן „מקורות" וועגן די ערשטע שפּראָצן פון רעוואָלט קעגן די רוימער [24] און דעם „סוד הגאולה — ישו הנוצרי", ווי ער רופט עס. ער ברענגט די חילוקי־דעות צווישן היסטאָריקערס, פאַרשערס וועגן דעם געבורט פונעם נוצרי

און די דאַטע פון זיין קרייציקונג. די מערהייט פאַרשערס פון תקופת בית שני האַלט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן 139 יאָר פאַרן חורבן בית שני און אַז ער איז געקרייציקט געוואָרן אין עלטער פון 34 יאָר, בשנת ג״א תשכ״ד, מעגלעך מיט אַכט יאָר שפּעטער, אין יאָר תקל״ב.

אשכולי ברענגט טעקסטן פון תלמוד אין שייכות מיטן משפט, צווישן אַנדערן די גירסא[25] אַז ישוס רבי, ר׳ יהושע בן פרחיה האָט אים געלייגט אין חרם, ווייל, ״ישו כישף והסית והדיח את ישראל״. ער פרעגט אָפּ דעם דאָזיקן טעקסט, ווי די קריסטלעכע טעאָלאָגן האַלטן, אַז דער משפט איז דורכגעפירט געוואָרן דורך ר׳ יהושע בן פרחיה און די גוטהייסונג פונעם סנהדרין[26]. ער ציטירט אויך פון רמב״ם[27]: ״אף ישוע הנוצרי דימה שהיה משיח ונהרג בבית־דין, והוא גרם לאבד ישראל בחרב ולפזר שאריתם ולהשפילם״, ער שטעלט אין ספק דעם דאָזיקן נוסח און ברענגט דערויף ראיות.

נאָכן ציטירן פון דער עוואַנגעליע, די לעגענדעס וואָס די אַפּאָסטאָלן גיבן איבער, ציטירט אשכולי אויך פון פלאַוויוסן, יוסף בן מתתיהו[28], אַז ישוע זאָל זיין דער משיח...

אשכולי איז איבערגעצייגט, אַז דער טעקסט איז פאַלסיפיצירט: ״הטכסט מזויף... החוקרים שלא דנו מתוך משוא פנים הגיעו לידי הכרה, שהפיסקה אצל יוסף בן מתתיהו היא אינטרפולציה נוצרית בתוך הטכסט...״[29].

אשכולי ברענגט אויך די מעשה וואָס איז ניטאָ אין אונדזערע ש״ס־אויסגאַבעס, נאָר אין די ערשטע אויסגאַבעס[30] — אין די לעצטע ישראל־אויפלאַגעס, געפינט זיך יאָ די מעשה — ״בערב פסח תלאוהו לישו והכרוז יוצא לפניו מ׳ יום קודם שהוא יוצא ליסקל על שכישף והסית והדיח את ישראל — כל מי שיודע לו זכות, יבוא וילמד עליו — ולא מצאו לו זכות, ותלאוהו בערב־פסח״. ווידער דאָס זעלביקע: אשכולי ווייזט אָן די אוממעגלעכקייט, דער יידישער בית־דין זאָל געווען משפטן און דורכפירן דאָס קרייציקן:

״כל הסיפור מאוחר, והוא מעורב מפרטי הסיפור המסורתי הנוצרי... לפי המסורת הנוצרית נצלב ישו בערב פסח סמוך ללילה שבו נתפס בגי שמנים, ואת דינו למיתה הוציא פונטיוס פילאטוס — ממילא לא היה מקום לבירור הדין בסנהדרין, ולא להכרזת מ׳ יום קודם למיתתו, וישו לא נסקל כהתאמת הסיפור כאן לדיני ישראל, אלא נצלב, לפי מנהגי מיתת בית־דין אצל הרומאים״.

וועגן נאָך איינעם ווערט געזאָגט, אַז מ׳האָט אים אויפגעהאָנגען ערב־פסח: ״וכן עשו לבן סטדא בלוד, ותלאוהו בערב פסח״[31]. ס׳איז אָבער נישט קלאָר ווער דער בן סטדאַ איז געווען. אייניקע מפרשים אידענטיפיצירן אים מיט ישו הנוצרי און אַנדערע מישן דאָס צונויף מיט דער מעשה פפוס ולילייגוס, וועגן וועלכער מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז אויך וואָס שייך די דאָזיקע ברידער איז נישט קלאָר.

אין זיינע "מחקרים במקורות הנצרות"[32], ווידמעט מיכה יוסף בן גריון (בערדיטשעווסקי, 1865—1921), אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג דעם פאַקט און דער לעגענדע אין שייכות מיט דער פּערזאָן פון נצרת, א.נ. "ישו בן חנן". דער מחבר, אַ פאָרשער בחסד עליון, באַהאַנדלט אַ צאָל היסטאָרישע פאַרפּלאָנטערטקייטן אין דער געשיכטע פון בית שני און גאָר באַזונדערס, וועגן דעם אַרויסשפּראָץ פון קריסטן, וועגן דער טויטשטראָף, פאָרם פון טויטשטראָף: סקילה אָדער צליבה[33]. ווי אשכולי, איז אויך ער איבערגעצייגט, אַז יידן האָבן נישט דורכגעפירט דעם משפט, דעם טויטאורטייל, אפילו ווען מ'זאָל אָננעמען, אַז זיי האָבן איין מאָל אָדער מער געוואָרפן שטיינער אויף אים.

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט זיין טעזע וועגן די "דיני סקילה ומעשי סקילה". מיר ווילן בלויז ברענגען זיין באַהויפּטונג אין מאַכן דעם פאַראַלעל פון דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט ביי זכריה הנביא, וואָס איז אומגעקומען אין צייט פון בית ראשון[34]. די נוצרישע שליחים, די אַפּאָסטאָלן, שעפערס פון דער עוואַנגעליע, דעם "נייעם טעסטאַמענט", האָבן דאָס צוגעשריבן צו דער טויטשטראָף פונעם נוצרי, און אַז דאָס סנהדרין האָט אַזוי געמשפט.

מיכה יוסף בן גריון באַווייזט — אויפן סמך פון פאַקטן — אַז זכריה איז נישט געמשפט געוואָרן דורכן בית־דין, ער איז אומגעקומען אויף דער תליה און סקילה, אויפן באַפעל פון קעניג יואש[35], ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט דאָס בית־דין, די סנהדרין, אין דער צייט פון דער רוימישער אָקופּאַציע, נישט געהאָט קיין רעכט צו אורטיילן מיט טויטשטראָף.

מיכה יוסף בן גריון איז איינער פון די גרעסטע פאַרערערס פון יוסף בן מתתיהו (פון פלאַוויוסן) און ער ציטירט כסדר פון אים. ער ווייזט אָבער אָן, ווי אשכולי טוט עס, אַז אַ געהיימע האַנט האָט געשריבן, וואָס פלאַוויוס האָט נישט געשריבן.

צוזאַמענגעמענדיק די אַלע מקומות, אין וועלכע פלאַוויוס דערמאָנט די משפטים און געשעענישן, קומט ער צום אויספיר, אַז זיין ריכטיקער נאָמען (דעם נוצריס), איז גאָר געווען ישוע בן חנניה, דער אָנזאָגער פון שלעכטע בשורות אויף ירושלים און אַז מ'האָט אים געפירט צו אלבינוס, צו פּאָנטיוס פּילאָטוס[36] און זיי האָבן דורכגעפירט די משפטים.

מיר וועלן ציטירן זיין אויספיר:

"...לרקע האיסיי של דמות ישו בן חנן, ראה את המובא אצל יוסיפוס (מלחמת היהודים, ספר שני, פרק ח', י'). הם (האיסיים) בזו לכל צרה ומתגברים בעוז־רוחם על כל מכאוב... וגם לא התחננו אל מעניהם ולא שפכו דמעות לפניהם, רק נשאו את יסוריהם באור עיניים"...

ער נעמט דאָס אָן ווי אַ היסטאָרישן אמת. מיר מיינען, אַז פלאַוויוס האָט דאָ אַ ביסל איבערגעטריבן — און אפשר איז אויך דאָס "אויסגעבעסערט" געוואָרן פון

אַ געהיימער האַנט, אָבער דאָס וואָס ער שרייבט וועגן ישון[37], איז ער זיכער, אַז דאָס איז אַ פאַלסיפיצירונג: "הוכרה והוגדרה על־ידי מרבית החוקרים כאינ־טרפולציה..."[38].

ס'לאָזט זיך נישט גלויבן, שוין נאָך אַלע מיינונגען וועגן פלאַוויוסן, קעגנערס און פאַרטיידיקערס, אַז ער זאָל געווען שרייבן:

"...באותו פרק זמן, קם ישו, איש חכם, אם אמנם מותר לקרוא לו בשם "איש", שכן עשה מעשים מופלאים, היה מורה לאנשים המקבלים ברצון את האמת, ומושך אחריו רבים ,הן מהיהודים והן מהיונים: הוא הוא כריסטוס (=המשיח). אנשים מראשי עמנו האשימוהו בפני פילטוס, והוא דן אותו לצליבה; אך אלה שהיו אוהביו לא בגדו בו, ואליהם הופיע ביום השלישי (אחרי מותו) כחי, כאשר גם ניבאו עליו נביאים אנשי אלהים — זאת ועוד פלאות רבים (סיפרו עליו) המתקראים על שמו — כריסטיאנים (=משיחיים).

מיכה יוסף בן גריון קאָמענטירט:

"הפיסקה מוכחת באינטרפולציה, לא רק על פי תפישת הנצרות המובהקת אלא גם על יסוד טעמים שבסגנון... בעבור פיסקה זו זכה יוסיפוס, שלא הוא כתב אותה, להערכה בקרב הנוצרים כאחד מאבות הכנסיה...".

דער "פולמוס פלאַוויוס", דער וויכוח אַרום דער פערזאָן פלאַוויוס און זיינע היסטאָרישע שריפטן איז נאָך אַלץ נישט אַראָפּ פונעם סדר־היום ביי פאַרשערס, היסטאָריקערס און לומדים־רבנים[39]. ער ווערט באַשולדיקט — זעט אויס מיט רעכט — אין שׂנאה צו די ראשי־התורה; אַז ער שטעלט הויך די צדוקים, ווייל ער אַליין איז געווען אַ צדוקי און דעריבער האָט ער זיך גוט אריינגעפּאַסט אין דער רוימיש־גריכישער געזעלשאַפט.

ס' זענען אָבער דאָ רבנישע פאַרשערס וואָס פאַרטיידיקן פלאַוויוסן, דעם יוסף בן מתתיהו הכהן; זיי ווייזן אַן אויף דער וויכטיקייט פון זיינע היסטאָרישע שריפטן און זיין איבערגעגעבנקייט צו די ייִדן, ווילנדיק פאַרמיידן ייִדישע קרבנות, אין דער מלחמה מיט דער שטאַרקער רוים.

איינער פון די דאָזיקע רבנישע פאַרשערס, הרב ר' יקותיאל יהודה גרינ־וואַלד. אַ קנאותדיקער קעמפער קעגן רעפאָרם, איז זיין גרעסטער פאַרטיידיקער. אין זיין ווערק "לתולדות הסנהדרין בישראל"[40]ווידמעט ער צוויי פרקים צו "תולדות יוסף" און שרייבט אַז ער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון די חשמונאים; אַז ער איז געווען אַן אָנהענגער פון די פּרושים. ער האָט אָפּגעשאַצט בלויז דאָס גוטע ביי די צדוקים[41].

ווי אַ גענעראַל און סטראַטעג, האָט פלאַוויוס — לויט גרינוואַלדן — נישט געהאַלטן פון פירן מלחמה, דעריבער איז ער געווען קעגן די קנאים, האָט ער זיך געהאַלטן ביי דער שיטה פון רבן יוחנן בן זכאי. ווי אַ פאַקט פון זיין איבערגע־

געבנקייט צום ייִדישן פֿאָלק, ווייזט ער אָן, אַז ער האָט אין רוים מקדיש געווען זיין לעבן פֿאַר ייִדן און באַקעמפֿט די רוימישע רשעים:

"...ברומא הקדיש כל ימיו ללחום באנשי רשע אשר דברו על ד' ועל תורתו... רחוק מארצו מת (נהרג בחרב דומיטינוס בעד אמונתו לאלקי ישראל) אבל עד רגעו האחרון, היה לבו ונפשו בירושלים. יהי זכרו ברוך".

גרינוואַלד פֿאַרנעמט זיך נישט צופֿיל מיט דעם פּריער דערמאָנטן פּאַראַגראַף וועגן דעם נוצרי. ער דערמאָנט בלויז: "הלא נודע גם בחוגי הנוצרים והודו בפה מלא, כי יש זיוף בספרי יוסף בנוגע לישו הנוצרי" און ער פֿאַרענדיקט אַ ביסל סאַרקאַסטיש: "כמדומה שיוסף יצא זכאי בדינו ושפתי כהן ישמרו דעת".

ס'איז אָבער אויסער יעדן ספֿק, אַז ס'זענען געווען סיבות, פֿאַר וואָס ער ווערט נישט דערמאָנט ביי חז"ל, אי ביי די שעפֿערס פֿון תּלמוד ירושלמי, אי ביי די שעפֿערס פֿון תּלמוד בבלי. בלויז ביי אייניקע מפֿרשי־התּלמוד, ווערט ער דער־מאָנט [42].

מיכה יוסף בן גריון ברענגט דאָס עדות זאָגן פֿון אַ צאָל נישט־ייִדישע פֿאַר־שערס, וועלכע צווייפֿלען איבעם עדות־זאָגן פֿון פֿלאַוויוסן וועגן דעם נוצרי און האַלטן, אַז ער, יאָזעפֿוס, ווי טייל רופֿן אים, האָט ווי די שעפֿערס פֿון דער עוואַנ־געליע, צוזאַמענגעמישט לעגענדע מיט געשיכטע; פֿאַנטאַזיע מיט רעאַליזם — אָבער דאָס געהערט שוין צו אַ פֿיל־ברייטערער פֿאָרשונג. אונדז אינטערעסירט צו ווייזן, ווי ווייט די קריסטלעכע טעאָלאָגן איז געגאַנגען אין לעבן, צו באַשולדיקן די סנהדרין, אַז זיי האָבן דאָס דורכגעפֿירט דעם משפּט, און אַזוי אַרום האַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך דאָס ייִדנטום, פֿאַר דער דאָזיקער שולד, ביז זיי נעמען אָן די קריסטלעכע אמונה.

דער פֿאַקט איז, אַז זיי שטיצן זיך אויף השערות, לעגענדעס און אַליין געשאַפֿענע — מיט כּוונה און אַנטי־ייִדישע טענדענצן, ממש מיט שׂנאה — אָבער זייער באַשולדיקונג איז ווייט פֿון היסטאָרישן אמת.

אין דעם "מבוא" (אַריינפֿיר) צו זיין העברעיִשער איבערזעצונג פֿון "מלחמות היהודים" ("מתורגמים מן המקור היווני"), שרייבט דר. י. נ. שמחוני וועגן "יוסף בן מתתיהו הכהן, איש ירושלים", אַז די גייסטיקע פֿירערס פֿון זיין פֿאָלק האָבן זיך דערווייטערט פֿון אים... די גואלים פֿון זיינע ליטעראַריש־היסטאָרישע ווערק זענען געוואָרן די נוצרים [43]. ער ברענגט אָבער, אַז דער ווילנער גאון (הגר"א זצ"ל) האָט געהאַפּט און געוואָלט זען די ספֿרי יוסף בן מתתיהו איבערגעזעצט אין עברית. קיין גרעסערע אויטאָריטעט ווי דער הגר"א דאַרף מען נישט זוכן. דאָס איז אַ באַווייז, אַז זיינע ווערק זענען וויכטיק פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. די סיבות פֿון זיין דערווייטערונג, קען נאָר זיין, זענען פֿלאַוויוסעס באַגייסטערונג פֿאַר די צדוקים, זיינע מעשׂים אין מסדה, זיין חנדלען זיך צו די רוימער. און וועגן

דעם איז נויטיק אַ ברייטערע און טיפערע פאָרשונג, וואָס זאָל אַרומנעמען די תּקופת בית שני, פאַר און נאָכן חורבן.

אגב באַמערקט שמחוני, אַז דער ספר "יוסיפון" וואָס ייִדן האָבן זיך באַנוצט און באַנוצן זיך מיט אים, ווי מיט אַ היסטאָריש ווערק, איז בלויז אַ קיצור פון פלאַוויוסעס ספרים, אַז דער מחבר האָט צעמישט פּרשיות און איז ווייט פון אַ היסטאָרישן ווערט.

מיר מיינען, אַז דער פּסק פון שמחוני איז געטאָן געוואָרן בחפזון. אַ פאַקט איז די נייע אויפלאַגע פון "ספר יוסיפון"[44] פון דעם פאָרשער און פּעדאַגאָג דוד פלוסר, מיט אַן אַריינפיר, ביאור און קאָרעגירונג לויט כּתבי יד. פּראָפ' פלוסר האַלט, אַז דער מחבר פון "יוסיפון" איז געווען: "אמן גדול והיסטוריון אמיתי מבטן ומלידה... היה יהודי גאה בעל גישה לאומית מובהקת והרגיש געגועים לעברו הגדול של עמו, שעה שישב במדינתו העצמאית בארץ ישראל...".

און נאָך מער:

"מסתבר, שספר יוסיפון הוא החיבור החשוב ביותר, וכנראה היחיד, שחיברו היסטוריון יהודי עברי, בימי הבינים... והוא יכול להתמודד בכבוד עם כל החיבורים ההיסטוריים של ימי הבינים האירופיים"[45].

וועגן משפּט ישו הנוצרי האָבן אַ סך געשריבן. מיר וועלן ברענגען די מיינונג פון אַ יוריסט.

אין זיין ווערק "משפטו ומותו של ישו הנוצרי"[46], פאַרנעמט זיך חיים ה. כּהן, אַ יוריסט און פאָרשער, אויף אַ גאַר ברייטן אופן, באַנוצנדיק זיך מיט די מעגלעכסטע מקורים, מיט באַגרינדן זיין איבערצייגונג, אַז נישט ייִדן האָבן אים פאַרמשפּט און אַוודאי נישט געקענט דורכפירן דעם משפּט[47]. ער ברענגט, ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר זיין מיינונג, די דערקלערונג פון היסטאָריקער טאַקיטוס (אָדער טאַציטוס, געלעבט אין די יאָרן 55 ביז 115 ק"ע), אַז דער פאָטער פון קריסטנטום, איז געטויט געוואָרן דורכן רוימישן נציב, גובערנאַטאָר פּאָנטיוס פּילאַטוס, אין צייט פונעם צעזאַר טיבעריוס. טאַציטוס דערמאָנט דאָס דרך־אגב, וואָס ווייזט, אַז דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער פאַקט.

חיים כּהן פאַרלאָזט זיך נישט אין גאַנצן אויף דעם דרך־אַגבדיקן זאָג פון אַ רוימישן שרייבער, נאָר ער פאַרנעמט זיך מיט דורכשטודירן די עוואַנגעליע, די שריפטן פון די אַפּאָסטאָלן און נאָכן אַנאַליזירן אַלץ וואָס עס ווערט דאָרט געזאָגט, ווייזט ער אָן אויף די סתּירות און אומקלאָרקייט אין זייער איבערגעבן די לעצטע טעג פון זייער משיח־אויסלייזער און די — לויט אים — דאָרטיקע אומבאַגרינדעטע באַהויפּטונגען[48].

לויט פאַרלאָזלעכע פאָרשערס און באַרופענע היסטאָריקערס איז ישו אומגע־קומען פערציק יאָר פאַרן חורבן און דאָ, איז — ווי מיר האָבן שוין פריער

אַנגעוויזן — שוין נישט געוועזן קיין מעגלעכקייט דאָס סנהדרין זאָל אַרויסגעבן אַ טויטאורטייל. דער רוימישער לעגיאָן האָט באַגרענעצט די רעכט פון ייִדישן בית־דין. דאָס סנהדרין האָט שוין נישט געהאַט קיין רעכט צו משפּטן דיני־נפשות.

חיים כּהן ציטירט פון ירושלמי [49]

"קודם לארבעים שנה עד שלא חרב הבית, ניטלו דיני נפשות, ובימי שמעון בן שטח ניטלו דיני ממונות. אמר רבי שמעון בן יוחאי, בריך רחמנא דלינא חכים מידין" — געבענטשט (געלויבט) איז השם יתברך, וואָס איך בין נישט באַשטימט צו משפּטן [50]. ס'זענען דאָ עטלעכע ווערסיעס וועגן דער דאַזיקער באַהויפּטונג. פאַקטועל איז נישט קיין אונטערשייד; לויט אַלע תּלמודישע מקורים האָט דאָס סנהדרין אין צייט פון דער רוימישער אָקופּאַציע, נישט געהאַט קיין רעכט צו משפּטן דיני נפשות.

אין תּלמוד בבלי [51], ווערט איבערגעגעבן: "ארבעים שנה עד שלא חרב הבית, גלתה סנהדרין וישבה לה בחנות..." די פראַגע ווערט געשטעלט: "למאי הלכתא?" צוליב וואָס דאַרף מען עס וויסן? און דער ענטפער: "שלא דנו דיני נפשות..." מ'זאָל וויסן, אַז פערציק יאָר פאַרן חורבן האָט מען שוין נישט געמשפּט קיין דיני נפשות, צו וואָס האָבן זיי געדאַרפט וואַנדערן? דער ענטפער: "מאי טעמא, כיון דחזו דנפישי להו רוצחים ולא יכלו למידן, אמרו מוטב נגלי ממקום למקום, כי היכי דלא ליהייבו, דכתיב 'ועשית על פי הדבר אשר יגידו לך מן המקום ההוא'" — און זאָלסט טאָן, לויט דעם וואָרט, וואָס זיי וועלן דיר זאָגן פון יענעם אָרט, וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן [52].

ווי די מפרשים ווייזן אָן, איז דער מקום געמיינט דעם לשכת הגזית [53]. דער מקור: ירושלמי "...לבית הדין הגדול שבלישכת הגזית, שמשם תורה יוצאת לכל ישראל...".

חיים כּהן ברענגט אויך דעם מאמר [54], וואָס אויבנאויפיק זעט עס אויס ווי אַ סתּירה, צו דאָס פריערדיקע:

"תני רבי חייא, מיום שחרב בית המקדש, אף־על־פי שבטלו סנהדרין, ארבע מיתות לא בטלו..." פרעגט מען, אַז ס'איז דאָך אַ פאַקט, אַז די ארבע מיתות זענען בטל געוואָרן, ווייל דאָס סנהדרין האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו משפּטן דיני נפשות. דער ענטפער: "דין ארבע מיתות לא בטלו...", ד"ה: דער וואָס איז מחוייב געוואָרן מיתה, האָט ער נישט געקענט ווערן געמשפּט ביים בית דין של מטה, איז ער געמשפּט געוואָרן ביים בית־דין של מעלה, ער האָט געקראָגן זיין עונש בידי שמים.

יעדנפאַלס, לויט דער דאַזיקער ברייתא קומט אויס, אַז ערשט נאָכן חורבן איז אָוועקגענומען געוואָרן ביים בית־דין דאָס רעכט צו אורטיילן מיט טויטשטראָף.

די מפרשים פאַרנעמען זיך מיט פאַרענטפערן די סתּירה צווישן די ברייתות.

ס׳איז אָבער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ווען די רוימער האָבן געקראָגן די מאַכט איבער מלכות יהודה, האָבן זיי אַזוי באַגרענעצט די ייִדישע אומאָפּהענגיקייט, אַז דעם משפט איבער ישו האָבן ייִדן נישט געפירט און דער לאָקאַל פון דעם סנהדרין איז כּסדר געטוישט געוואָרן, איבערגעטראָגן פון איין אָרט צו אַ צווייט אָרט.

רב יהודה בר אידי גיט איבער אין נאָמען פון רבי יוחנן, אַז דאָס סנהדרין איז אַוועק פון לשכת הגזית און געוואַנדערט פון לאָקאַל צו לאָקאַל — און דאָס איז פאָרגעקומען אין צייט פון חורבן. זיי האָבן איבערגעטראָגן דאָס זיצאָרט פון ״לשכת הגזית צו אַ חנות״, פון חנות צו אַן אַנדער אָרט אין ירושלים, פון ירושלים קיין יבנה — די צענטע סטאַנציע איז געווען: טבריה — ״וטבריה עמוקה מכולן. ואמר ר׳ יוחנן, משם עתידין להגאל, שנאמר ׳התנערי מעפר קומי שבי׳״ — שאָקל דיך אָפּ פון שטויב, הייב דיך אויף, זעץ דיך ירושלים [55] און פון דאָרט, פון טבריה, פון דער נידער, וועט קומען די גאולה־דערהויבונג.

כּדאי צו ברענגען רש״יס פּירוש וועגן אַט די נסיעות, אַז די לעצטע דריי נסיעות, אָדער מסעות, זענען געווען אין דער צייט פון רבי (ר׳ יהודה הנשיא, אָדער רבינו הקדוש — געב. ג׳ אלפים, תתפ״ב — 52 יאָר נאָכן חורבן; נסתלק בקדושה ובטהרה אין עלטער פון שבעים [56]): בית שערים, צפורי און טבריה — און דאָס איז געווען אין דער צייט פון קעניג אַנטונינוס — מיט וועמען רבי האָט אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציונגען. רש״י זאָגט ווייטער: ״וטבריה עמוקה מכולן — שפלים הי׳ אז מכל המסעות שגלו״ — סימבאָליש פאַר דער שפלות, צוליב דער הערשאָפט פון אַ פרעמדער מאַכט און פון דאָרט וועט קומען די גאולה, די דער־הויבונג פונעם שטויב [57].

רבי יעקב עמדין ווייזט אָן [58], אַז אַלע ערטער זענען געווען אין דער הייך: ״וצפורי כצפור בראש ההר כדאיתא בפ״ק דמגילה [59] וכן כולן בראש ההרים היו כדאיתא בפ״ק דסנהדרין [60]: ״בין ב׳ הרים גדולים, בין אושא לשפרעם...״, טבריה איז אין דער נידער: ״כי יושבת בעמק...״ [61], זעט אויס, אַז אויך יעב״ץ, האָט דאָ געוואָלט אָנווייזן אויף דער סימבאָלישקייט, אַז ייִדן וועלן זיך דערהויבן פון אַט דער נידעריקייט.

אויף אַן אַנדער אָרט [62] ווערן אויסגערעכנט די ״עשר מסעות״, די צען מאָל אַריבערציען זיך פון לאָקאַל צו לאָקאַל אין ירושלים, די לעצטע סטאַנציע — אין ירושלים — איז געווען אויפן הר הזיתים — אויך סימבאָליש, ווייל לויט אגדות חז״ל, וועט אליהו הנביא אָנזאָגן די בשורת הגאולה פונעם הר הזיתים [63].

חיים כּהן ברענגט אויך דאָס וואָס עס ווערט איבערגעגעבן דורך פלאַוויוסן, אויך וועגן יעקבן, ישוס ברודער [64]. ער ווייזט אָן, לויט היסטאָריקערס און פאָרשערס, אַז דאָס האָט נישט קיין היסטאָרישן יסוד און האָט גאָרניט קיין שייכות צום משפט איבער ישוס מעשים, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן לויטן רוימישן געזעץ.

דער נאָמען סטדאַ, וואָס ווערט דערמאָנט אויף אַ צאָל מקומות, האָט אויך נישט קיין שייכות צום ענין ישו. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז קריסטלעכע שרייבערס־טעאָלאָגן האָבן באַאַרבעט און צענזורירט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, צוגעגעבן אָדער אַראָפּגענומען דאָס וואָס עס האָט זיך זיי געלוינט אויף צו באַשולדיקן ייִדן, אויך דאָס וואָס עס ווערט איבערגעגעבן אין סנהדרין[65], ווי מיר האָבן שוין פריער איבערגעגעבן די מיינונג פון אַנדערע פאָרשערס, אַז דאָס איז צוגעשריבן געוואָרן.

אין סומירונג:

"...יוצא שאין בנמצא כל מקור תלמודי המעיד על משפטו של ישו הנוצרי... לא לעצם קיומו של המשפט נגד ישו ולהוציאתו להורג, ולא לענין טיב ההאשמות וההוכחות שהובאו נגדו...".

לויט אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג, קומט מען צום אויספיר, אַז מ׳קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף די מעשיות אין דער עוואַנגעליע. ס׳זענען דאָרט פאַראַן אומצייליקע סתירות, און דעריבער קענען זיי נישט באַטראַכט ווערן ווי היסטאָרישע פאַרלאָזלעכקייט: "...ישו נשפט בבית משפטו של פונטיוס פילטוס, הנציב הרומי, והוא אשר גזר דינו לצליבה. זאת היא עובדת יסוד, המשותפת לכל ארבעת האבנגליונים, ואין מהרהרים אחריה עוד"[66].

ס׳זענען דאָ חילוקי־דעות ווער ס׳האָט אים איבערגעגעבן צו די רוימער. געוויס נישט די מיטגלידער פון סנהדרין, נישט די רעליגיעזע גייסטיקע פירערס ביים ייִדנטום, וועלכע האָבן זיך געבעטן, אַפּעלירט און אפילו געוואָרנט נישט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די נייע אידעען פון די איסיים, פון די צדוקים — געוואָרנט קעגן פאַרשפּרייטן ישוס תורה, וואָס איז אַ ראַדיקאַלער אָפּנויג פון דער ייִדישער אמונה, פון תורת־משה והנביאים, אָבער נישט ווי עס ווערט איבערגעגעבן אַז פּעטרוס האָט געזאָגט צום כהן גדול: "עלינו לשמוע בקול אלקים ולא בקול בני אדם; אלקי אבותינו נתן לנו את ישו, ואתם שלחתם בו ידיכם ו ת ל י ת ם אותו על עץ"[67].

דאָס איז אַן אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונג, וואָס קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן דאָס אויסגעטראַכט, כּדי צו נעמען נקמה אין ייִדן פאַר זייער נישט אָננעמען די אמונה אין זייער דערלייזער.

ביי ייִדן האָט נישט געקענט פאָרקומען קיין משפט ערב יום־טוב; מ׳האָט נישט געמשפט ביי נאַכט און, בכלל, האָבן ייִדן שוין נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַר־משפטן צו טויטשטראָף, ווי ח. כהן פירט אויס:

"ישו היהודי נאסר והואשם ונשפט והוצא להורג בירושלים... נשפט ונענש לפי חוקי רומי... והתוצאות הטרגיות שצמחו מן המשפט הזה לדורי דורות של יהודים בכל תפוצות נותנות לענין שיש לנו במשפט, אקטואליות מיוחדת במינה"[68].

מחמת דעם וואָס קריסטלעכע פונדאַמענטאַליסטן ווילן נישט אויפגעבן זייער

באַשולדיקן ייִדן איז דאָס שטודירן דעם דאָזיקן משפט אַקטועל אפילו אין אונדזער תקופה.

ס׳האָט געגומען ביי צוויי טויזנט יאָר ביז ס׳איז אַראָפּגענומען געוואָרן ביי די קאַטוילּיקן דאָס באַשולדיקן ייִדן אינעם נוצריס משפט און טויטאורטייל.

דאָס איז געשען אַ דאַנק דעם ליבעראַלן פּויפּס דזשאָן (יוחנן), דעם 23סטן. ער ווערט גערופן „דער גוטער פּויפּס". ער האָט צוגעגרייט אין די פינף יאָר וואָס ער איז געווען פּויפּס, די באַשלוסן אַראָפּצונעמען די דאָזיקע באַשולדיקונג. אין די פינף יאָר (1958—1963), וואָס ער איז געווען די העכסטע אויטאָריטעט אינעם וואַטיקאַן, האָט ער זיך באַמיט אויסצוואָרצלען די שׂנאה צו ייִדן און ענדערן דעם צוגאַנג פון קאַטויליציזם צו דער ייִדישער אמונה, צום ייִדישן לעבנס-שטייגער.

דער וואַטיקאַן-קאונסיל (העכסטער ראַט פון קאַרדינאַלן און בישאָפן), האָט אַ דאַנק זיינע אינסטרוקציעס און איינפלוס באַשלאָסן אַרויסצוקומען מיט אַ „דעקלאַראַציע וועגן ייִדן" בטל צו מאַכן די באַשולדיקונג, ענדערן דעם טעקסט אין זייערע געבעט-ביכער און אַז די גלחים זאָלן מער זיך נישט באַנוצן מיט אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן.

יוחנן דער 23טער, ווי אַ נאָבעלער מענטש, האָט זיך באַלד פאַרנומען מיטן ליבעראַליזירן די קאַטוילישע דאָקטרין — און די ערשטע זאַך: פאַרווערן צו האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך ייִדן פאַר טויטן ישון, בעת פאַקטועל האָט דער רוימישער לעגיאָן געקרייציקט יעזוסן.

נישט לייכט איז געווען די דאָזיקע יסודותדיקע ענדערונג דורכצופירן. דער פאַקט איז, אַז ביי דער זיצונג פונעם ראַט זענען נאָך אַלץ געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געשטימט קעגן.

ווי באַריס סמאָלאַר, באַרימטער זשורנאַליסט, דערציילט אין זיינע מעמואַרן, האָט יוחנס נאָכפאָלגער דורכגעפירט אַן אָפּשטימונג. די גרויסע מערהייט (221) האָט געשטימט לויט די ווונטשן פונעם פאַרשטאָרבענעם פּויפּס. דער פּויפּס פּאָול דער זעקסטער, האָט במילא געמוזט אַרויסקומען מיט דער דאָזיקער ליבעראַלער דעקלאַראַציע. דאָס איז פאַרגעקומען דעם 20טן אָקטאָבער, 1965. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ נייער דאָקטרין פאַרן קאַטויליציזם.

ווי סמאָלאַר גיט איבער האָבן ייִדן אַ סך געהאָלפן דעם ליבעראַלן פּויפּס יוחנן דעם 23סטן מיט וויכטיקע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן. אַ דעלעגאַציע פון „אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט" האָט פאַר דעם צוועק געהאַט אַן אוידיענץ ביים פּויפּס. אין דער דעלעגאַציע האָט זיך אויך באַטייליקט פּראָפ׳ אברהם העשל. דער פּויפּס — שרייבט ער — האָט געמאַכט אויף זיי אַ געוואַלטיקן איינדרוק, ווי איינער פון „די גרעסטע הומאַניסטן פון אַלע צייטן".

**ה. וויכּוחים צווישן ייִדן און נישט־ייִדן. — אין צייט פון תּלמוד און אין אַלע תּקופות. — דיאַלאָגן האָבן נישט געלייזט פּראָבלעמען.**

וויכּוחים צווישן ייִדן און אָנהענגערס פון קריסטנטום, אָנהייבנדיק מיט די מינים, זענען אָנגעגאַנגען אַלע צייטן און ס'זענען דערשינען צענדליקע ווערק אויפן דאָזיקן געביט. מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן אויף די וויכּוחים מיט די מינים, וויכּוחים מיט די אָפיציעלע קריסטן אין די שפּעטערדיקע צייטן, וויכּוחים אין מיטל־עלטער און וויכּוחים נאָכן רענעסאַנס, ווי דאָס ווערט היינט גערופן דיאַלאָגן.

אין זיין וויכּוח מיט די טעאָלאָגן פון קריסטנטום, דריקט זיך אויס ר׳ דוד קמחי (רד״ק, 1160—1235), אַז נישט געקוקט אויף דער לאָגישקייט פון זיין אויסטייטשן פּסוקים אין תּנ״ך, האָבן זיינע ראַציאָנאַלע תּנ״ך־טייטשן נישט געבראַכט די געהעריקע נוצן, אין זיינע וויכּוחים מיט קריסטן [1], פּונקט אַזוי ווי עס האָבן נישט געהאָלפן דעם רמב״ס ענטפערס און אויך נישט די דערקלערונגען פון אַנדערע חכמי־ישראל. ס'איז שווער — שרייבט ער — צו ענדערן איבער־געצייגטע. ס'האָבן אויך נישט געהאָלפן די שׂכלדיקע אויפקלערונגען און די אָפּאָ־לעגעטיק פון ר׳ יעקב בן ראובן אין זיין ״מלחמות השם״.

זיין מיינונג איז, אַז די וויכּוחים ברענגען נישט קיין גינסטיקע רעזולטאַטן.

בדרך־כּלל דאַרף מען מסכּים זיין מיט זיין אַנשויונג. פאַקטן באַווייזן, אַז ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון דיאַלאָגן. ס'זענען אָבער דאָך געווען — דאַרף מען צוגעבן — געציילטע ביי די אומות־העולם, וועלכע האָבן אָנגענומען די לאָגיש־ראַציאָנאַלע אויסטייטשן פון תּנ״ך און תּלמוד און במילא באַוויזן אָפּצו־ווישן, אויסצוואָרצלען, יעדנפאַלס אָפּצושוואַכן אין זייער קרייז די שׂנאה מצד קריסטן צו ייִדן.

די ערשטע נוצרים־קריסטן פון ייִדישן אָפּשטאַם רופט דער רד״ק ״פּריצי בני עמנו״ [2]. די עיקר־דיסקוסיע מיט זיי איז געגאַנגען, צי מיר געפינען אין תּנ״ך אַ רמז אויף דער דריי־אייניקייט (״טריניטי״).

דער רד״ק אַנאַליזירט עטימאָלאָגיש אַ צאָל תּנ״ך־אויסדרוקן וועגן באַשעפער און ווייזט אָן אויף דער פאַלשער אויסטייטשונג, אַז ישעיה הנביא זאָל געווען מיינען מיט זיין נביאות: ״כּי ילד יולד לנו — בן נתן לנו... ויקרא שמו פּלא יועץ״... וואָרום אַ קינד איז אונדז געבוירן געוואָרן, אַ זון איז אונדז געגעבן געוואָרן און די הערשאַפט איז אויף זיין אַקסל... זיין נאָמען פּלא יועץ... אבי עד שר שלום... וווּנדער טוט ער באַראָטן, גאָט דער מאַכטיקער, אייביקער פאָטער, האַר פון פרידן [3]; וואָס העראָנימוס (340—420), דער מחבר פון דער וווּלגאַטאַ־איבערזעצונג, האָט דאָ אַריינגעטייטשט, אַז דאָס זאָל געווען זיין נביאות אויף ישו

הנוצרי. דער רד״ק האַלט, אַז ישעיה הנביא האָט געמיינט חזקיה המלך הצדיק, דעם שר שלום, ווייל אין זיין צייט האָט געהערשט שלום[4].

אַרגומענטירנדיק אַז ישעיה הנביא האָט נישט געקענט זאָגן נביאות וועגן אַ צוקונפטיקן גואל, וועלכער האָט פּראָפּאַגירט דאָס אָװעקגיין פון תּורת־משה, קאָנסטאַטירט דער רד״ק דעם פאַקט, אַז ייִדן זענען די איינציקע וועלכע האַלטן זיך ביי די פּרינציפּן פון די עשרת־הדברות; ייִדן זענען די איינציקע וואָס האַלטן זיך ביי דער אָריגינעלער אמונה פון אחדות־השם, ביים שטדענגן מאָנאָטעיִזם, בעת די מינים — און זייערע נאָכפאָלגערס, די קריסטן — האָבן אַריינגעבראַכט די אמונה פון ״גאָט־זון״, פון אומנאַטירלעכן געבורט אאַ״וו, געענדערט דעם שבת־טאָג, מבטל געווען מילה און עיקר פּרינציפּן, שוין נישט רעדנדיק וועגן דער תּורה־שבעל־פּה, די מנהגים און מסורה־דינים.

פאַקטן באַווייזן, אַז די נוצרים, זייערע טעאָלאָגן, האָבן באַלד פון אָנהייב, ווען קריסטנטום איז געוואָרן אַ וועלט־באַוועגונג, אַרויסגעוויזן אַ נעגירונג צו תּורה־פּרינציפּן און נישט פאַרטראָגן די יהדות־מאָראַל, די יהדות־דיסציפּלין, ווייל לויט דער תּורה איז די מענטשלעכע נאַטור ״רע מנעוריו״[5], און דעריבער דאַרף מען האָבן געזעצן פון מאָראַל און עטיק צו קאָנטראָלירן די שוואַכקייטן ביים מענטש, דעם ״יצר לב האדם״, דורך מצוות ״עשה״ און ״לא תעשה״ צוזאַמענגעשטעלט לויט דער צאָל פון זעקס־הונדערט־דרייצן (613) תרי״ג, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע לעבן פונעם מענטש, אַלע זיינע לעבנס־אינסטינקטן און גיבן דעם מענטש אַ לעבן, באַזירט אויפן שׂכל צו דערזען די אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס.

דאָס קריסטנטום האָט נעגירט אָט די פּאָסטולאָטן, זיך געלאָזט אויפן וועג פון דאָגמעס, פון איראַציאָנאַלע מנהגים, פון אַן אוניווערסאַליזם, וואָס איז בלויז געהיט געוואָרן אין די ראַמען פון קירכע־תּפילות, פון אַ מאָראַל וואָס איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן צו זיין רעלאַטיוו, ווייל די מחילה קומט אָן זייער לייכט... צו לייכט אויף זינד און פאַרברעכערישקייט, וואָס איז אפילו ביי קריסטן אָפּגעפרעגט געוואָרן. די שטרענגקייט איז תּמיד געווען בלויז צו ייִדן, ווייל זיי האָבן נישט אָנגענומען די נייע אמונה.

אין יהדות שטייט דער מענטש גאָר הויך: ער איז די באַשאַפונג ״בצלם אלקים״; דער יצר קאָן אָבער פאַרפירן און דעריבער דאַרף מען האָבן מצוות מעשיות, צו קאָנטראָלירן דעם יצר.

אין קריסטנטום איז דער מענטש נישט קיין חיה, ווי שפּענגלער און אַנדערע פון זיינע חברים־פילאָזאָפן האָבן אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן. די שפּענגלערס האָבן געוואָלט באַפרייען דעם מענטש פון מאָראַל, פון עטיק. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער מענטש דאַרף בלייבן אַ ח י ה. קריסטנטום, די גייסטלעכע, דאָקעגן, פּראָ־

פּאַגירן אידעאַליזם, די דערהויבונג פונעם מענטש — ס׳פעלט אָבער די פּראַקטיש־קייט אין אָט דעם אידעאַליזם; ס׳פעלן מצוות צו פאַרזיכערן און באַפעסטיקן די דאָזיקע אידעאַלן און פרינציפּן.

די נוצרים — שרייבט דער רד״ק — טאַדלען די ייִדן פאַר זייער באַרגן געלט אויף פּראָצענט און זיי ווייזן אָן, אַז די תורה זאָגט ״לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך״ [6], און אַז ייִדן היטן די דאָזיקע מצווה, בעת אַנדערע מצוות לאָזן זיי דורך. דער רד״ק גיט דערויף אַ פּשוטן ענטפער: אַזוי ווי זיי, די נוצרים, זענען נישט נזהר אין ענין ריבית, האָבן ייִדן אַ רעכט אָנצוגיין מיט דער דאָזיקער פּראַקטיק [7].

דער רד״ק פאַרנעמט זיך מיט די ענינים פון אמונה. מיר וועלן דאָס דורכלאָזן, ווייל אין אונדזער צייט איז דאָס מער נישט באַטייטיק. די הויפּטפּונקטן אין יהדות זענען אחדות הבורא און ״שהבורא יתברך, אינו גוף...״. נישטאָ אַזאַ זאַך, ווי גאָט זאָל האָבן אַ זון פון אַ פרוי... נישטאָ אַזאַ זאַך, ווי אַ פרוי זאָל ווערן שוואַנגער פון זיך אַליין... דער נאָמען ״עמנואל״, איז ביים רד״ק און אבן עזרא געמיינט געוואָרן חזקיהו המלך, דעם זון פון אָחז, אין וועמעס תקופה ס׳האָט געהערשט שפע, גייסטיקע דערהויבנקייט, שלום אין לאַנד, אַלע זענען געווען בקי אין די שווערע הלכות טומאה־טהרה: ״בדקו מדן ועד באר שבע ולא מצאו עם הארץ בימי המלך חזקיהו״, אין צייט פון קעניג חזקיהו האָט מען געזוכט און געפאָרשט (געמאַכט אַן אַנקעטע) פון דן ביז באר שבע, פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן, פון צפון ביזן דרום און מ׳האָט נישט געפונען קיין עם הארץ [8].

ער האָט געהייסן חזקיה — ווי חז״ל זאָגן — ״שחזקו י־ה — שחיזק את ישראל לאביהם שבשמים״, גאָט האָט אים געשטאַרקט, ווייל ער האָט געשטאַרקט ייִדן צום פאָטער אין הימל [9].

דער רד״ק פאַרנעמט זיך אויך צו באַווייזן די נוצרים, אַז משיח איז נאָך נישט געקומען, ווייל, ווי ישעיה הנביא זעט משיחס קומען, איז אַזאַ מאָמענט נאָך נישט מקויים געוואָרן. ס׳דאַרף זיין: ״ונשא נס לגויים ואסף נדחי ישראל... מארבע כנפות הארץ״ [10] און דאָס איז נישט געקומען. משיח דאַרף אויפבויען דעם בית־המקדש, לויט דאָס נביאות־זאָגן פון ישעיה־הנביא, יחזקאל און זכריה — דאָס איז נישט געקומען. משיח דאַרף ברענגען שלום אויף דער וועלט ״למרבה המשרה ולשלום אין קץ — על כסא דוד ועל ממלכתו״ — ס׳איז נאָך גאַנץ ווייט פון דער רעאַליזירונג, דערגרייכונג פון אָט די וויזיעס.

אַזוי אויף אַ סך ערטער, אָבער בשום אופן נישט צו פאַרוואַנדלען דעם מענטש, דעם בשר ודם אין אַ גאָט, אַ ״פליישיקן״ גאָט, אָדער גאָטס זון אינעם גופניותדיקן זין... דאָס איז אַ געדאַנק, וואָס איז שוין אויסגעדריקט געוואָרן ביי חז״ל: ״אני בריה וחברי בריה״ — איך, דער תורה־לערנער, בין בלויז אַ ״בריה״ — אַ באַשאַף פון גאָט און אַזוי מיין חבר... [11] — מענטשבאַשאַף, אָבער נישט מער. מ׳דאַרף

זיין געווארענט צו היטן דעם כבוד פון מענטש: "הרואה חכמי אומות העולם אומר: 'ברוך שנתן מחכמתו לבריותיו'" — געלויבט איז דער, וואס האט געגעבן פון זיין חכמה צו מענטשן, זייבע באשאפענע... [12]. און, ארויסקומענדיק פון דער דאזיקער הנחה, לערנט מען דעם יידן, אז "דרך־ארץ קדמה לתורה" — אז די זעקס־און־צוואנציק דורות, איידער די תורה איז געגעבן געווארן, האט די וועלט עקזיסטירט לויט די פארשטענדלעכע פרינציפן, וואס זענען נויטיק אויפצוהאלטן די מענטשהייט... [13]

די וויכוחים, ווי געזאגט, זענען אנגעגאנגען אין אלטערטום, אין מיטל־עלטער און אין דער נייער צייט.

אין מיטל־עלטער זענען דאס געווען פארשארפטע וויכוחים. נאכן נצחון האט מען ערשט אויף ס'ניי אטאקירט יידן. די יידישע גייסטיקע פירערס זענען תמיד ארויסגעקומען מיט א נצחון איבער די וועלכע האבן געפעלשט הלכה און מאראל — און נאכן זיג האבן זיך אנגעהויבן רדיפות אויף זיי. איינער פון די בעלי־התוספות, ר' יחיאל מפאריז, האט געדארפט דורכגיין אזעלכע וויכוחים מיט משומדים, מיט קריסטלעכע פארשטייערס, מיט פויפסן און תמיד האט ער זיי באזיגט, ווייל ער איז געגאנגען מיטן אמת, און דאך געמוזט פארלאזן פראנקרייך [14].

אין אונדזער צייט האבן מיר דעם דיאלאג מיט קריסטן. מיר וועלן דא דערמאנען איינעם, וואס האט געוואגט זיך שטעלן קעגן די פעלשערס, וואס זייער אנטיסעמיטיזם האט דערפירט צום נאציזם.

ר' חיים בלאך האט געוואגט אנצופירן אזא וויכוח, ווי ער גיט עס איבער אין זיין ספר [15], סיי מיטן אנטיסעמיט עריך בישאף, סיי מיט דעם אנדערן, נישט בעסערן אנטיסעמיט, אויגוסט ראהלינג און וועלכע אנדערע וועלכע האבן געהעצט קעגן יידן, טענהנדיק, דער עיקר, אז יידן פאלגן נאך דעם תלמוד, דיסקרימינירן קעגן נישט־יידן, האלטן קריסטן פאר נידעריקע מענטשן, דערלויבן זיך ראסנהאס.

מיר וועלן נישט אריינגיין אין די פראגעס און ענטפערס. פון די פערצן (י"ד) פראגעס — וועלן מיר דערמאנען בלויז איין ענין, צי די נוצרים ווערן קלאסיפיצירט ווי עובדי־אלילים און צי די היינטיקע נישט־יידן ווערן באטראכט און באהאנדלט ווי געצן־דינערס.

ר' חיים בלאך ציטירט דעם מאמר פון ר' חייא בר אבא, אין נאמען פון ר' יוחנן: "נכרים שבחוצה לארץ לאו עובדי עבודה זרה הם, אלא מנהג אבותיהם בידיהם", די נכרים אין אנדערע לענדער האלטן זיך בלויז ביי דער טראדיציע פון זייערע עלטערן, אבער זענען נישט קיין איבערגעגעבענע, ערנסטע געצן־דינערס [16].

דער רמב"ן (אויף תורה) קאמענטירט דעם פסוק "כי תקרב אל עיר להלחם" [17]: "דכל אלה שקבלו עליהם שבע מצוות בני נח היו מותרים לישב בארץ ולכרות

עמהם ברית" — די וועלכע היטן די זיבן מצוות, האָבן רעכט צו וווינען אין ארץ־ישראל.

מיר ווייסן אויך, אַז די חכמי־התלמוד האָבן אָנערקענט חכמה ביי נישט־ייִדן. ס'ווערט געבראַכט אין מדרש [18] פון איינעם פון די תּנאים: "אפילו אומות העולם מכירין בחכמה, בבינה ובדעה והשכל ומגיעים לגופה של תורה".

דער דאָזיקער מאמר איז אַ ביסל מער, ווי דער תּלמודישער זאָג: "אם יאמר לך אדם יש חכמה בגויים — תאמין; אם יאמר לך אדם יש תורה בגויים — אל תאמין" און ווי עס ווערט ווייטער געזאָגט: "כל האומר דבר חכמה אפילו באומות העולם נקרא חכם" — ווער ס'זאָגט אַ חכמה, אפילו אַ נישט־ייִד, ווערט ער אָנגערופן חכם. ס'קאָן זיין חכמה ביי אַנדערע פעלקער, זיי קענען דערגרייכן צו די הויכע מדרגות פון חכמה און וויסנשאַפט [19]. צו חכמת יוונית האָבן ייִדן געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג: "ארור אדם שיגדל חזירים וארור אדם שילמד לבנו חכמת יוונית" — פאַרשאָלטן זאָל ווערן דער וואָס לערנט זיין זון גריכישער חכמה... [20], ווייל דורך זייער חכמה, מיט דער הילף פון זייער חכמה, האָבן זיי געוואָלט אַריינ־ברענגען דאָס היידנישקייט, די אוממאָראַלישקייט אין יהודה און דאָס האָבן די חכמים פון בית־שני באַקעמפט, ווי די חשמונאים אין אָנהייב פון דער דאָזיקער תּקופה, נאָך שיבת־ציון בימי עזרא.

מיר וועלן ווייטער זיך אָפּשטעלן וועגן בלאָכס אויספירן — און בכלל, אויף די באַציונגען צו קריסטן, צו נישט־ייִדן, צי זיי זענען עובדי עבודה זרה. דאָ ווילן מיר בלויז באַטאָנען, אַז דער וויכּוח און דער זיג איבער די פעלשערס האָבן נישט געהאָלפן איצט, ווי עס האָט נישט געהאָלפן אַ מאָל.

ס'האָבן נישט געהאָלפן די איבערצייגנדיקע ווערטער פון ר' חיים בלאָך, אַז דער תּלמוד באַציט זיך פּאָזיטיוו און מיט רחמנות צו אַ ל ע מענטשן; אַז די היינטיקע קריסטן זענען נישט קלאַסיפיצירט ווי געצן־דינערס, פּונקט ווי עס האָט אים נישט געהאָלפן דאָס ציטירן פון די גדולי־הפּוסקים אין די לעצטע דורות, אַז מיט די אַלע שאַרפע אויסדרוקן זענען געמיינט די אַמאָליקע עובדי־עבודה־זרה; אַז דאָס וואָס די פעלקער האָבן אמונה אין בריאת העולם און אין דער געטלעכער השגחה לויט תּורת־משה, דאַרף מען האַלטן פאַר אַ גוטסקייט און ברענגען זיי אַ ברכה.

ר' חיים בלאָך האָט פאַר די דייטשישע און עסטרייכישע אַנטיסעמיטן געבראַכט ציטאַטן פון דער הקדמה צו ספר "כרתי ופליתי" פון ר' יונתן אייבעשיץ (קראָקע, 1690 — אַלטאָנאַ, 1764) און פון ר' יעקב עמדין (1697—1776) וואָס שרייבט אין זיין ספר "לחם שמים" [21]: "ודע וראה, כי חכמי הנוצרים הפקחים לא לבד שחוקרין ודורשין בתורה שבכתב ומפרסמין כבודה בכל העולם... אכן גם לתורה שבעל פה היו למגן ולמחסה... בעת שחשבו אנשי רעים וחטאים משלנו לכלות התלמוד

וכמה חכמים גדולים ונשגבים היו מליצים טובים לישראל ולאמונתם ולתלמוד תורתם...״ [22].

ר׳ חיים בלאַך באַמיט זיך צו באַווייזן אַז די ״נכרים מתוקנים״ זענען געליבט אַלע צייטן [23], אָדער אַזאַ מאמר: ״אם מבקש אדם להיות כהן או לוי, אינו יכול, אבל להיות צדיק אפילו גוי — יכול הוא...״ אַ צדיק קאָן דער נישט־ייִד ווערן דורך זיין איבערגיין צו דער אמונה אין ד׳ אחד, ווערן אַ גר־צדק, ווי דאָס ווערט אויסגעברייטערט אין מדרש וועגן מקרב זיין, ליב האָבן גרים — אַן אַנטי־ראַסיזם אין ברייטערן זין [24].

דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. די אַנטיסעמיטן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פון פאַרשפּרייטן זייער אַנטיסעמיטישן האַס און דערפירט צום חייִשן אַנטיסעמיטיזם, צום באַרעכטיקן דאָס אומברענגען ייִדן גייסטיק און פיזיש.

מאַרטין בובער און אַנדערע זענען געווען איבערגעצייגט, אַז דיאַלאָגן מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן וועלן העלפן אָפּשוואַכן, אפשר אין גאַנצן אָפּשאַפן און באַזייטיקן די שׂנאָה צו ייִדן. דער אַנטיסעמיטיזם — האָבן זיי געהאָפט — וועט לגמרי ליקווידירט ווערן.

די געשיכטע האָט באַוויזן — און ווייזט נאָך — אַז די דיאַלאָגן האָבן געווירקט פונקט פאַרקערט; די קאָנסעקווענצן אין די אַמאָליקע צייטן זענען געווען: העצערייען, פּאָגראָמען, אָנפאַלן און רציחות אויף ייִדן יחידים און אויף ישובים. אין אונדזער צייט: די שׂנאָה איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די אמונה איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ייִדן זענען געוואָרן נאָענט צו דער קירכע, נאָענט צו נישט־ייִדן. גערעכט זענען געווען די אָרטאָדאָקסישע גייסטיקע פירערס, וועלכע האָבן פאָרויסגעזען די געפאַר פון אַזעלכע דיאַלאָגן, וואָס ענדיקן זיך מיט חניפה און נאָכגיביקייט.

אַז מ׳דאַרף זיך באַציִען גוט צו יעדן מענטש, אָן אונטערשייד פון ראַסע און נאַציע, אָן אונטערשייד פון עטנישקייט און רעליגיע — דאָס איז קלאָר. אהבת הבריות איז פונדאַמענטאַל אין ייִדנטום. דאָס מיינט אָבער נישט אויפגעבן, אָדער אָפּשוואַכן די ייִדישע אמונה...

דאָס ייִדנטום איז געשטעלט אויפן פּרינציפּ פון ״הלא אב אחד לכולנו״... צי איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען?... פאַר וואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אָן אַנדערן?... [25].

אָבער דערביי איז נישט צו פאַרגעסן אינעם זאָג: ״כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם אלקינו״ — וואָרום אַלע פעלקער מעגן גיין איטלעכס אין נאָמען פון זיין גאָט אָבער מיר אין נאָמען פון השם אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק״ [26].

**ו. פּאָמילאַרע און יורידישע אונטערשיידן. — פּאַרהיטן פון אויסמישן זיך מיט געצן-דינערס. — פריינדשאַפט צו נישט-ייִדן אָבער פּאַרהיטן קעגן פאַלשע אמונות.**

מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן, אַז די שטרענגקייט אין די באַציונגען מיט נישט־ייִדן האָט געהאַט דעם ציל — נישט אַפּצולערנען זיך פון די פּאַרדאָרבענע פעלקער, ווי דער פסוק באַטאָנט: "כמעשה ארץ מצרים... וכמעשה ארץ כנען..." איר זאָלט נישט טאָן די מעשׂים פון לאַנד מצרים און נישט די מעשׂים פון לאַנד כנען [1]. צו ציוויליזירטע, מאָראַליש־עטישע נישט־ייִדן, איז די באַציונג געווען אַ ביז גאַר מילדע און ליבעראַלע. פון אַזעלכע האָט מען גענומען קרבנות מקריב צו זיין אויפן מזבח; פאַר אַזעלכע האָט מען מתפלל געווען אינעם הייליקסטן אָרט. גויִים וועלכע זענען געווען פריינד האָט מען מקרב געווען.

געננוג צו דערמאָנען די פריינדשאַפט וואָס האָט געהערשט צווישן רבין און אַנטונינוסן, דעם רוימישן מושל, אויף וואָס מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן.

רבי יהודה הנשיא — גערופן רבי, רבנו הקדוש — איז געווען דער גדול־הדור מיט תורה וגדולה, פון גרעסטן יחוס און אַ הייליקע פּערזענלעכקייט. ער האָט אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיטן רוימישן קיסר.

אויף דעם פסוק "שני גויים בבטנך" [2] קאָמענטירט רש"י גיים כתיב, כמו המו גאים, אלו אנטונינוס ורבי שלא פסקו מעל שלחנם לא צנון ולא חזרת, לא בימות החמה ולא בימות הגשמים [3]. אַ דאַנק זיין פריינדשאַפט מיטן רוימישן קיסר האָט רבי אויסגעפועלט, מ'זאָל אָפּשאַפן אַ סך גזירות אויף ייִדן, גזירות, וואָס די יורשים האָבן איבערגענומען פונעם גרויזאַמען האַדריאַן.

גרויס איז די צאָל מעשׂיות וועגן דער נאָענטקייט צווישן רבי און אַנטונינוס, אַז זיי האָבן זיך אַ סך מאָל געטראָפן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און דיסקוטירט פאַרשיידענע ענינים [4], נישט געקוקט דערויף וואָס רבי האָט נישט מבטל געווען קיין רגע פון תורה, געווען דער מסדר המשנה און געפירט אַ ישיבה פון די שאַרפסטע תלמידים. ער האָט איינגעזען די וויכטיקייט אָנצוהאַלטן אַזאַ פריינדשאַפט וואָס ברענגט גוטס אויף ייִדן.

מיר האָבן אויך אויף אַן אַנדער אָרט דערמאָנט זיין אָנגעזעענסטן תלמיד רב, אבא אריכא (ג' תתקט"ו — 155 מק"ע), אויך אַן אָפּשטאַמיקער פון גרויסן יחוס, פון מלכות בית־דוד; ער איז געווען דער לעצטער פונעם דור תנאים און דער ערשטער פון די אמוראים. ער האָט געלערנט אין ארץ־ישראל און געוווינט אין בבל, (אַ צייט אין ארץ־ישראל), געווען דער גרינדער פון דער ישיבה אין סורא, וואָס האָט עקזיסטירט איבער זיבן הונדערט יאָר, דער גדול־הדור אין בבל און אין

ארץ־ישראל — ער, אַזוי ווי זיין פעטער ר׳ חייא, דער מסדר פון דער תוספתא, האָבן געהאַט פריינד צווישן נישט־ייִדן [5] און די פריינדשאַפט אָנגעהאַלטן.

די פריינדשאַפט מיט די נישט־ייִדן, געוויינטלעך ליבעראַלע און אָנשטענדיקע, האָט געבראַכט טובות דעם ייִדישן ישוב אין דער דעמאָלטיקער בבל, ווו ייִדן האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו לעבן אונטער בעסערע באַדינגונגען ווי אין דער דעמאָל־טיקער ארץ־ישראל אונטער רוימישער הערשאַפט [6].

אינעם קאַמף צווישן פעסצעניוס און סעפּטימוס סעווערוס, האָט רב אַרויסגעוויזן שטיצע פאַר דעם צווייטן, אים געהאַלטן פאַר אַ בעסערן מענטשן. דאָס ווייזט, אַז רב האָט גענומען אַ שטעלונג אין פּאָליטישע סיטואַציעס און זיך אויסגעדריקט אַז ״עס איז בעסער צו זיין אונטער ישמעאל, ווי אונטער אדום״ — געמיינט רוים [7].

רב איז געווען צופרידן פון בבלישן קעניג אַרטאַבאַן. ער האָט געהאַט גרויס שטיצע אין קעניג אַרטאַבאַן, וועלכער איז געווען זיינער אַ פריינד. אַ דאַנק דער דאָזיקער פריינדשאַפט איז אים דערמעגלעכט געוואָרן צו גרינדן די ישיבה אין סורא. ווען דער קעניג אַרטאַבאַן איז געשטאָרבן, האָט רב געזאָגט: ״נתפרדה החבילה״ — דער פריינדשאַפט־בונד איז פונאַנדערגעשיידט געוואָרן, ווי עס איז פאַרגעקומען ביי זיין רבין, רבי יהודה הנשיא, ווען דער קיסר אַנטונינוס איז געשטאָרבן [8]. די ״נתפרדה״ האָט געבראַכט צרות אויף ייִדן אין בבל.

נאָכן טויט פון דאָזיקן ליבעראַלן קעניג האָבן די אַלטע בבלישע אַרמיים־בבליים צוריקגענומען דעם מלוכה־רודער און די שׂנאה צו ייִדן איז געווען נישט אויסצוהאַלטן.

אין דער דאָזיקער תקופה איז רב אַרויסגעקומען מיט שטרענגע ווערטער וועגן די נייע מושלים, נישט צו האָבן קיין צוטרוי צו די פּערסער: ״ווער ס׳וויל בלינד ווערן זאָל זיך היילן ביי אַן אַראַמישן רופא״ [9] און געוואָרנט נישט צו גיין אין די וועגן פון די ״אמגושים״ און ״חאַבאַרים״, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט כּישוף און גלייבן אַז די מתים אויף יענער וועלט האָבן חתונה, האָבן קינדער, עסן און טרינקען... אויף יענער וועלט — האַלט רב — איז נישט פאַראַן קיין עסן און טרינקען, קיין קנאה־שׂנאה — די צדיקים זעטיקן זיך מיט דער הערלעכקייט פון דער שכינה [10].

ס׳האָבן זיך אָבער גלייכצייטיק באַוויזן מאַסן גרים וועלכע האָבן גראַד געפונען אין דער ייִדישער אמונה אַ מנוחת הנפש. רב האָט געוואָרנט מ׳זאָל זיך נישט באַציען לייכט צו זייער גרות, ווייל דאָס שנעלע אומפאַרזיכטיקע אויסמישן זיך מיט אַזעלכע קאָן ברענגען דאָס פאַרקערטע — אַ צעמישעניש ביי ייִדן, אָנצוהייבן גלייבן אין די שטערן, מאַכן כּישוף אדג״ל [11].

אין דעם אַריינפיר צו זיין ווערק ״כלי זכוכית בספרות התלמוד״ [12], שרייבט יהושע בראַנד, אַז דאָס וואָס דער רבונו של עולם האָט געוואָלט פון די ייִדן,

איז זיי זאָלן זיך מיט די געצן־דינערס נישט אויסמישן, און דערביי ברענגט ער בן גוריונס טעזע [13], איינטיילנדיק די ייִדן, לויט דריי נעמען, לויט דריי היסטאָרישע תּקופות: פריער עברים (אין דער צייט פון די אבות); נאָך דעם ישראלים — בני ישראל; לסוף יהודים. צו די בני ישראל און צו די יהודים איז געקומען דער אָנזאָג: ״כמעשה ארץ־מצרים אשר ישבתם בה לא תעשו וכמעשה ארץ כנען אשר אני מביא אתכם שמה לא תעשו ובחוקותיהם לא תלכו״ [14]. דער ציל איז געווען און איז עד היום, אָפּצוזייסן ייִדן פון עבודה־זרה, נישט לאָזן אַריינברענגען קיין היידנישע פירעכצן אין ייִדישן לעבן.

די אידעע פון ברענגען מענטשן אונטער די פליגלען פון דער מאָנאָטעיִסטישער אמונה, ווי ס׳האָט געטאָן אברהם אבינו, פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין יהדות, אָבער נאָר, און בתנאי, דאָס זאָל נישט צעשטערן די ריינקייט און גאַנצקייט פון ייִדנטום.

דער חזון־הנביאים איז געווען ״שכל העמים יכנסו תחת כנפי השכינה״ [15], פון דעסטוועגן זעט מען, אַז זכריה הנביא האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן כּאַפּן פרעמדע...און זיי אַריינברענגען אין בית־המקדש: ״ולא יהי כנעני עוד בבית ד׳ צבאות ביום ההוא״ — און עס וועט מער נישט זיין קיין כּנעני אין הויז פון גאָט צבאות אין יענעם טאָג״ [16]. יחזקאל הנביא דריקט זיך אויס קעגן די ״בני נכר ערלי לב וערלי בשר״ [17]. דער נביא ישעיה האַפט אויפן טאָג, ווען ס׳וועט זיין: אַלע פעלקער וועלן קומען קיין ירושלים... [18]. ס׳מוז נישט זיין קיין סתּירה אין דער נביאישער אויפפאַסונג; ס׳ווענדט זיך וואָס פאַר אַ גרים ס׳קומען אַריין אין ייִדנטום. גרים וועלכע זענען איבערגעצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער ייִדישער אמונה — אַזעלכע דאַרף מען מקרב זיין; דאַקעגן גרים וועלכע זענען ווייט פון די עיקר־פּרינציפּן פון דער ייִדישער אמונה און זייער אַריינקום איז בלויז געצילט צו האָבן געוויסע פּריווילעגיעס, און זיי מיינען אַז ביי ייִדן וועט זיי זיין בעסער, אַזעלכע זענען שעדלעך, מען דאַרף זיי דערווייטערן, יעדנפאַלס מאַכן שוועריקייטן ״מלהסתפח בנחלת ישראל״.

י. בראַנד שטעלט זיך אָפּ אויף אַ גאַר אַנדער׳ער פראַגע: ווי אַזוי קומען כּנענים אין גאָטס הויז? — ער ענטפערט דערויף לויט זיין שטודיע, אַז זיי זענען געקומען קיין ירושלים זיך באַקענען מיטן ייִדישן מסחר, זיי האָבן געהאַט אַ געשעפטלעכן אינטערעס. זייער קומען האָט געהאַט אַן עקאָנאָמישן הינטערגרונט צוליב דער קאָנקורענץ צווישן ירושלים און די אַרומיקע נישט־ייִדישע אינדוסטריעלע צענטערס, ווי צור און די אַנדערע אַנטוויקלטע שטעט.

אין משך פון דער צייט, ביים פעסטשטעלן די דיסציפּלינירטקייט ביים ייִדנטום, האָט מען געמאַכט פאַרשיידענע תּקנות. די עיקר־תּקנות זענען געווען זיך דערווייטערן פון טרינקען וויין מיט נישט־ייִדן; די גזירה איז פאַרשטאַרקט געוואָרן: וויין וואָס איז געקומען אין באַריר פון אַ נישט־ייִד זאָל מען נישט נוצן. די דאָזיקע

משקה וואָס ברענגט צו שיכּרות איז גורם צו אַ געוויסער הפקרות, צו דעמאָראַלי־זירטקייט, באַזונדערס די משקה, וואָס איז גענוצט געוואָרן ביי די היידנישע פעלקער און איז תּמיד געוואָרן אַ סאָרט קולט אין די פאַרשיידענע גאָטעס־דינסטן. מ׳האָט אויך גוזר געווען אויף דעם וויין, צוגעגרייט און פּראָדוצירט דורך נישט־ייִדן ווי עס וואָלט געהערשט איבער דער משקה אַ מין טומאה — און דאָס נישט בלויז ביי נישט־ייִדן. אַפילו ביי ייִדן, עמי הארץ, וועלכע וויסן נישט ווי אויסצוהיטן זיך פון טומאה, אָדער ביי ייִדן מחללי שבת — זאָל מען זייער וויין נישט טרינקען.

צוליב כּמה טעמים האָט מען פאַרבאָטן וויין וואָס איז געמאַכט, פּראָדוצירט, גענוצט, אָדער אַפילו אָנגערירט פון אַ נישט־ייִדן. דער הויפּט־טעם: דער עובד־כּוכבים וועט האָבן היידנישע מחשבות ביי דער דאָזיקער משקה, לערנט אונדז די משנה. אויב אָבער דאָס פעסל אָדער פלעשל וועט זיין ווי געהעריק געחתמעט, וועט דער וויין זיין דערלויבט:

״המשלח חבית של יין ביד כותי... ושל שמן ושל דבש ביד הגוי, אם היה מכיר חותמו... מותר״ [19].

פעלקער וועלכע זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר ציוויליזירטע, אויפגעפירט זיך מאָראַליש, האָט מען זיי מקרב געווען, זיי געהאַלטן פאַר ״גרי תושב״. אַזעלכע זענען געווען די ״נבטים״, דאָס טייעאַ־פאָלק. זיי האָבן פאַרערט און רעספּעקטירט ייִדן, האָט מען זיי געהאַלטן פאַר ״גרים טועים״ [20] און זיי האָבן גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס.

דאַקעגן, אויף דעם כּהן גדול יהושע בן יהוצדק, אין צייט פון דער ערשטער עליה אונטער זרובבל, האָט מען געקוקט קרום צוליב זיינע קינדער, וועלכע האָבן פּראַקטיצירט געמישטקייט. דער נביא זכריה זעט אים אין ״בגדים צואים״ [21]. יאָזעפוס פלאַוויוס (יוסף בן מתּתיהו הכּהן) ברענגט אַז די זקני ירושלים זענען געווען קעגן דעם, אַז זיין ברודער מנשה זאָל טיילן די כּהונה מיט אים — ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ נכרית. עזרא הסופר — ביי דער צווייטער עליה פון בבל — האָט שוין אָנגענומען עקסטרעם־שטרענגע מיטלען קעגן דער געמישט־קייט, ווייל דאָס קאָן גורם זיין אַ שטערונג אינעם גאַנצן צוזאַמענשטעל פון דער עליה. ער האָט געוואָלט אָנהאַלטן די אידענטיטעט און געמוזט דעריבער אָננעמען עקסטרעמע מיטלען.

״חסידי אומות העולם״ האָבן מיר געהאַט אַלע צייטן — ווער קען זיי אויס־רעכענען? עטלעכע פון זיי וועלן מיר דאָך דערמאָנען:

דער פריינד פון אליהו בחור (אליה הלוי בן אשר אשכנזי, 1469—1549), דער העברעיִשער גראַמאַטיקער, קאָפּיסט און ראָמאַניסט אין ייִדיש, וועלכע האָט אין די ערשטע יאָרן פאַרשפּרייט זיין וויסן אין איטאַליע, מערסטנס אין ווענעציע און

אין רוים, ווו ער איז באַפריינדט געוואָרן מיטן גייסטלעכן עדזשודיא דא וויטערבאָ, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ קאַרדינאַל און אַ וויכטיקע קאַטוילישע פּערזענלעכקייט ביים פּויפּס לעאָ דעם צענטן.

דער דאָזיקער הויך געבילדעטער קאַרדינאַל האָט געהאַט אַ טיפן אינטערעס פאַר דעם ייִדישן קבלה־מיסטיציזם און אליהו בחור איז געוואָרן זיין אַרויסהעלפער. ער האָט פאַר אים קאָפּירט קבלה־ספרים און דער קאַרדינאַל איז אים זייער דאַנקבאַר געווען. ער שרייבט וועגן אים:

"געלויבט איז גאָט וואָס האָט דיך צו מיר געבראַכט און איצט וועסטו שוין ביי מיר בלייבן און וועסט פאַר מיר זיין אַ לערער און איך דיר אַ פאָטער, כ'וועל אויסהאַלטן דיך און דיין הויזגעזינד" [22].

דער קאַרדינאַל האָט דעם דאָזיקן צוזאָג דערפילט און אליהו בחור איז ביי אים געזעסן דרייצן יאָר בכבוד גדול. אין יענער תקופה האָט ער זיך פאַרנומען מיט טיפע שטודיעס, מיט פאַרפאַסן ווערק אין דקדוק און אין פילאָלאָגיע.

דער קאַרדינאַל, ווי פאָרשערס גיבן איבער, איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט, געהאַט שטאַרקע סימפּאַטיעס פאַר ייִדן, געהאָלפן ייִדישע מלומדים.

אפילו אין ארץ הדמים, אינעם בלוטיקן גערמאַניע, דאָס פאַרשאָלטענע דייטשלאַנד, אויך דאָרט האָבן זיך געפינען גרויסע פערזענלעכקייטן וועלכע געהערן צו דער קאַטעגאָריע "חסידי אומות העולם", געגנוג צו דערמאָנען גאָטהאָלד אפרים לעסינג (1729—1782). זיין ווערק "נאַטאַן דער חכם" שטעלט פאַר זיין גרויסן פריינד, דעם ייִדישן פילאָזאָף משה מענדעלסאָן. ער איז געווען דער פאַרויסזאָגער פון דער גרויסער תקופה וואָס האָט נאָך אים אַרויסגעגעבן אַזעלכע שריפטשטעלערס ווי געטע (1749—1832), שילער און אַנדערע קלאַסיקערס פון דער דייטשישער ליטעראַטור.

געבוירן ווי דער צענטער זון, ביי אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח, האָט לעסינג פאַרלאָזט די טעאָלאָגיע און זיך פאַרנומען מיט שטודיעס פון סאָציאַלן הומאַניסטישן כאַראַקטער. ער האָט פאַרערט ייִדן, זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן, געזען אין ייִדנטום דאָס שיינע, ליבראַלע און יושרדיקע.

פרידריך ניטשע (1844—1900), האָבן די נאַציס געהאַלטן פאַר דעם אבי־אבות פון זייער ברוטאַליטעט. זיין "אויבערמענטש" זאָל געווען זיין די אידעאַליזירונג פון דעם שטאַרקן איבער דעם פיזישן און די אַריערס, די אויבערשטע ראַסע. זיי באַהויפּטן אויך — און פאַר זיי איז עס געווען אָנגענומען — אַז ער האָט געהאַסט ייִדן.

ווי די לעצטע פאָרשונגען ווייזן, איז ער גאָר געווען אַ גרויסער ליבעראַל און נאָענט צו ייִדן.

משה אַברבך (אָווערבאַך) אין אַ מאַמר א.נ. "יתמותו של ניצשה והיהודים" [23]

באַווייזט גאָר אַז ער איז געווען דער שׂונא פון דייטשישן פּאַטריאָטיזם, געהאַלטן טייער און פאַרערט ייִדן און די ייִדישע קולטור.

ניטשע, אַזוי ווי לייבניץ, האָט זיך געגוג אַנגעליטן אין לעבן. זיין פאָטער אַ לוטעראַנישער גלח, איז געשטאָרבן ווען פרידריך ניטשע איז געווען אַ קינד פון פינף יאָר. די מוטער, אַ שטרענג קריסטלעכע פרומע פרוי, האָט אים געוואָלט האַלטן אין צוים; ער האָט אָבער רעבעלירט, געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג צום קריסטנטום און געשאַפן זיינע ווערק "זאַראַטוסטראַ" און אַנדערע, אין וועלכע ער באַמיט זיך צו ברענגען צום אויסדרוק זיינע אויבערמענטש־העלדן. ער האָט נישט איין מאָל אויסגעדריקט באַגייסטערונג פאַר ייִדן, פאַר דער ייִדישער מאָראַל, פאַר דעם ייִדישן בייטראַג צו דער וועלטקולטור און ציוויליזאַציע, דאָך געבליבן דער אבי־אבות פון דער דייטשישער שׂנאה צו ייִדן.

דר. יצחק קאַנטער שרייבט וועגן ניטשע: "דער דייטשישער פילאָזאָף פרידריך ניטשע, וועמעס פילאָזאָפיע די נאַציס האָבן אויסגענוצט אין זייער ליגנערישער פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע מענטשן־פרעסערישע צילן, איז אין דער אמתן גאָר געווען אַן אוהב ישׂראל און אַ באַוווּנדערער פון ייִדישן פאָלק, אָבער מען האָט דאָך נישט געקענט דערוואַרטן, אַז די דייטשישע געלערנטע און פילאָזאָפן, וואָס האָבן בימי היטלער (ימ"ש — נ.ש.) פאַרקויפט זייערע נשמות צו היטלערן, זאָלן אַרויס־קומען מיט עפּעס אַ דאָקומענט, אַנווייזנדיק אַז דר. געבעלס (ימ"ש — נ.ש.) פאַל־סיפיצירט ניטשעס פילאָזאָפיע" [24].

אין היינטיקן באַלשעוויסטישן סאָוועט־רוסלאַנד זיצט אַ רוס מיטן נאָמען אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו און שרייבט לידער אין ייִדיש.

געבוירן און דערצויגן אונטערן קאָמוניסטישן רעזשים, לעבט ער אין קווישעוו, לערנט העברעיִש, ייִדיש און האָט זיך אַריינגעלעבט אין דער ייִדישער געשיכטע, אינעם ייִדישן גייסט.

א. פאַרשער (י. מלאָטעק) האָט שוין פאַרעפנטלעכט אין "פאָרווערטס" אַ צאָל לידער פון דעם דאָזיקן נישט־ייִדישן דיכטער אין ייִדיש. אין איין ליד, אונטערן טיטל "לא אמות כי אחיה" [25] רעדט ער צו ייִדן: "ווי צו דיר, אויב ווערסט די קייט ניט היטן, וואָס דיינע אבות האָבן דיר געלאָזט בירושה, כּדי זאָלסט קענען זאָגן, ווי זיי: ניש שטאַרבן כ'וועל, נאָר לעבן".

זיינע לידער פאַרמאָגן — ווי א. פאַרשער דריקט זיך אויס — אַ טיף ייִדישן אינהאַלט. ס'איז צו באַוווּנדערן אָט די פענאָמענאַלע דערשיינונג.

אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו האָט שוין פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע צאָל לידער און האָט שטאַרק אויסגענומען ווי אַ דיכטער.

אויסרעכענען די "חסידי אומות העולם"? — אַן אוממעגלעכקייט. מיר געפינען אַזעלכע צווישן פּרעזידענטן. געגוג צו דערמאָנען אייבערעהעם לינקאָלן (1809—1865)

דעם שקלאַפן־באַפרייער. מיר האָבן אַזעלכע צווישן די באַרימטע שעפערס אין די וויסנשאַפטן, צווישן די וועלכע האָבן באַלויכטן און פאַרלייכטערט דאָס לעבן פונעם מענטש אויף אונדזער עולם. מיר האָבן זיי צווישן די גרויסע מעדיקערס, באַרימטע קלאַסיקערס אין ליטעראַרישן שאַפן, וועמעס שעפערישקייט האָט באַ־רייכערט דעם מענטשנס וויסן און רעוואָלוציאָנירט די סאָציאַלע סיסטעמען פאַר דעם מענטשנס ווילזיין און באַקוועמלעכקייט. מיר האָבן אַזעלכע צווישן יוריסטן, ריכטערס פון אַ העכערן פאַרנעם און מיט ליבעראַלע אַנשויונגען, ווי עס איז געווען דער אַמעריקאַנער ריכטער וויליאַם א. דאַגלעס (1898—1970), באַקאַנט מיט זיין נאַבלקייט אין שייכות מיט הילף פאַר דעם אָרעמען און געליטענעם און וואָס האָט געהאַלטן, אַז דאָס געזעץ דאַרף זיין סענסיטיוו צו מענטשלעכע רעכט און באַשיצן דעם אינדיווידועלן בירגער.

אין אַן אַרבעט וועגן דעם באַרימטן פראַנצויזישן פאָרשער ערנעסט רענאַן האָב איך איבערגעגעבן, אַז נישט געקוקט אויף זיין באַגייסטערונג פאַר "חכמה יוונית", פאַר דער גריכישער קונסט, און נישט געקוקט אויף זיין איבערגעגעבנקייט צום ראַציאָנאַליזם און צו דער וויסנשאַפט, האָט ער תּמיד אַרויסגעוויזן ליבע צו העברעיִש, צום תּנ"ך און נישט גערעכנט זיך מיט דער סביבה וואָס האָט געקוקט קרום אויף דער דאַזיקער באַגייסטערונג. רענאַן האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ העגעליאַנער און איז געווען היפּשלעך באַאיינפלוסט פון ניטשעס "זאַראַטוסטראַ". ער האָט זיך אָבער נישט געקענט אין גאַנצן באַפרייען פון געוויסע אַנטי־ייִדישע טענדענצן. ער האַלט למשל אַז כּדי ייִדן זאָלן געניסן פון פולשטענדיקער גלייכ־באַרעכטיקונג, דאַרפן זיי זיך אַסימילירן און אינטעגרירן אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט.

ס'זענען תּמיד געווען קינסטלערס, שרייבערס און מאָלערס וועלכע האָבן אַרויס־געוויזן ליבשאַפט דעם ייִד, געגנוג צו דערמאָנען דזשאָרדזש עליאָט (1819—1880) וועלכע האָט אין איר ווערק "דניאל דעראָנדאַ", אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פאַר־שטענדניש פאַר ייִדן. דאָס איז אַ ווערק מיט אַ זעלטענעם סטיל און פילאָזאָפישער אויסגעהאַלטנקייט.

פון לאָרד בייראָן (1788—1824) איז דאָך אָפּגערעדט. זיינע פאַרדינסטן פאַרן ייִדישן פאָלק, זיין אהבת־ישראל, זיין האַרץ איז געווען פול מיט ליבע צו ייִדן. אָט דער ענגלישער פּאָעט דריקט זיך אויס אין איינעם פון זיינע לידער:

"... אויף דיין הייליקער ערד
לעסטערן זיי דיין נאָמען, דעם ריינעם.
וועסטו שווייגן גאָט..."

בייראָן באַקלאָגט דעם גורל פון ייִדן:

"...געיאָגט און געפּלאָגט פאָלק אין יעדן לאַנד...
מיטן יאָך אויף דיין האַלדז גייסטו כּסדר,
אויף דיינע שולטערן טראָגסטו דיינע וואַנדער־קליידער..."

צווישן די "חסידי אומות העולם" קאָן אין אַ געוויסן זין אַריינגערעכנט ווערן דער גרויסער קלאַסיקער פון דער דייטשישער ליטעראַטור, דער דיכטער גע טע. ער האָט געשעפּט זיינע קענטענישן איבער ייִדן און ייִדנטום פון תּנ״ך און פון ייִדישן געטאָ. ווי ער שרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, האָט ער געלערנט תּנ״ך אין אָריגינאַל. ארץ־ישראל — שרייבט ער — איז דאָס "וויגעלע פון מענטשלעכער קולטור און מאָראַל". אין זיין געבורטשטאָט פראַנקפורט אַם מיין האָט ער זיך באַקענט מיט ייִדישער נויט און אָרעמקייט אויף דער "יודענגאַססע". ער איז באַגייסטערט פון ייִדישער פעסטקייט און געדולד און דער עיקר, ווייל זיי האָבן געהאַט נביאים, זענען די שעפערס פון תּנ״ך.

רענאַן, געטע האָבן נישט אַזוי ווי דזשאָרדזש עליאָט געזען אין די ייִדן דאָס דערהויבנסטע און העכסטע און געוואָלט זען דעם המשך פון ייִדן, ווי דאָס "אויסדערוויילט פאָלק". דער אַנטיסעמיטיזם אין זייערע לענדער האָט געהאַט אויף זיי אַ ווירקונג, אָבער ווי הומאַניסטן, האָבן זיי געזען אין תּנ״ך און אינעם פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט דעם תּנ״ך, אַ גרויס פאָלק, מיט גרויסע אַספּיראַציעס, אינטעלעקט און מאָראַל מיט די געהעריקע פּאָסטולאַטן אָפּצושאַפן דעם טראַגיזם אין מענטשלעכן לעבן. זיי האָבן געזען אין דעם ייִד דעם טרעגער פון דער גרויסער וויזיע "ומלאה הארץ דעה" (די וועלט וועט ווערן פול מיט וויסן).

ס'זענען געווען אַזעלכע "חסידי אומות העולם", ווי גראַף קודענהאָווע (פאַרפאַסער פון אַ בוך א.ב. "דאָס וועזן פון אַנטיסעמיטיזם"); גראַף מיראַבאָ וועלכער האָט אָנגעפירט אַ העפטיקן קאַמף אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט צו געבן ייִדן גלייכהייט און פרייהייט. ווי געזאָגט, האָבן מיר בלויז אויפן זכרון די דאָזיקע באַוווסטע יחידים.

דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער אַנטאָן טשעכאָוו, זייענדיק נאָענט מיט ייִדן, האָבנדיק פריינד, מיטשילערס ייִדישע, האָט זיך אַ מאָל איינגעשטעלט פאַר זיינס אַ ייִדישן חבר אין דער גימנאַזיע (וואָס האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש אַ לערער וואָס האָט אים באַליידיקט און אָנגערופן ווי אַ זידל־וואָרט "זשיד" און איז דערפאַר אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער גימנאַזיע).

טשעכאָוו האָט גראָד נישט געזען דעם ייִד אין זיין אמתן, קלאָרן ליכט. ער מאָלט זיי, די ייִדן, אין קאָמישע שטריכן, עפּעס אַ נעבעכדיק פאָלק... און אין אייניקע ווערק זיינע זעט ער דעם ייִד, ווי דעם פאַרשפּרייטער פונעם קאַפּיטאַליזם. ער שילדערט די ייִדישע גבירים גאָר־גאָר נעגאַטיוו. ער זעט זיי, ווי אַ צאָל רוסישע שרייבערס, ווי אַזעלכע וואָס אַנטוויקלען דעם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד און שטאַרקן

די בורזשואַזיע. ייִדן ווערן געשילדערט ווי "קריכערס" אין דער הויכער געזעלשאַפט וואָס ווילן אָפּטרייסלען פון זיך זייער נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט און אָפּשטאַם. די הויפּט־העלדין אין טשעכאָווס דערציילונג "טינאַ" — סוסאַנאַ מאַיסעיעוונאַ, די פאַרשטייערין פון דער פירמע "ראָטשטיינס יורשים", איז אַ גיריקע, וואולגאַרע פרוי, אַ טיפּישע פאַרשטייערין פון אַ ייִדישער משפּחה וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום נידעריקייטן, אַבי צו פאַרגרעסערן איר קאַפּיטאַל.

די קריטיק — ייִדן און נישט־ייִדן — האָט נישט פאַרשוויגן טשעכאָווס אַרויספירן אַזאַ העסלעכן טיפּ פון אַ ייִדישע פרוי, ווען ער האָט געקענט געפינען געוויס הערלעכע טיפּן, ליכטיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן.

ס'איז אויך אַ פאַקט, אַז טשעכאָוו, דער וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט קעגן דיסקרימינירן אַ ייִדישן שילער, האָט נישט איין מאָל אויסגעקליבן צו שילדערן ייִדן אין אַ נעגאַטיוון, שוואַרצן ראַם... ביים שילדערן אַ משומד, אַן אָפּטע דערשיינונג צוליב די רדיפות אויף ייִדן אין רוסלאַנד, זעט ער אים אין גאַר שוואַרצע קאָלירן. ער זעט אים ווי אַ נעבעכדיק־טראַגיש באַשעפעניש וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין שטאַם און קען זיך נישט איינגלידערן אין דער סביבה.

מיר וועלן ווייטער ווידמען אַ פּרק "חסידי אומות העולם".

אינעם איצטיקן פּרק, ווילן מיר אָנווייזן אויף דעם ליבעראַליזם־אוניווערסאַליזם וואָס באַהערשט דאָס ייִדישע געזעץ און די ייִדישע מחשבה, נישט געקוקט דערויף וואָס עס זענען איינגעפירט געוואָרן געזעצן וואָס אונטערשיידן די באַציונגען צווישן ייִד און נישט־ייִד: יורידישע, סאָציאַלע, פאַמיליאַרע.

מיר האָבן ספּעציעלע דינים וועגן "שור שנגח עכו"ם, אָדער שור של ישראל שנגח שור של עכו"ם" — לויט די דינים, יורידיש, איז דער ישראל פריי און חז"ל שטעלן די פראַגע: פאַר וואָס? מיט וואָס פאַר אַ רעכט — באַפרייט מען דעם ייִדן, וואָס זיין אָקס האָט געבראַכט שאָדן דעם געצנדינער?

ר' אבהו זוכט דעם תּירוץ מיט אַן אַסמכתּא פונעם פּסוק: "עמד וימודד ארץ ראה ויתר גויים" — ער שטייט אויף און צעטרייסלט די ערד; ער גיט אַ קוק און מאַכט שפּרינגען די פעלקער [26] און ער טייטשט: "ראה שבע מצוות שקיבלו עליהם בני נח, כיון שלא קיימו עמד והתיר ממונם לישראל" [27].

ס'זענען דאָרט דאָ נאָך אַ צאָל תּירוצים אין באַרעכטיקן דעם דאָזיקן היתּר, ווי אַ באַזונדער געזעץ פאַר היידן [28], געבויט אויפן מאָטיוו, וואָס ביי די היידן איז נישטאָ אַזאַ געזעץ ווי זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר שאָדנס, אָפּגעטאָענע אין אַ מענטשנס אייגנטום, ווי אַן אָקס אָדער אַנדערע סאָרטן שאָדנס. אַ צאָל מפרשים האַלטן, אַז אַט דאָס דיסקרימינאַציע־געזעץ איז ווי אַ קנס פאַר די בני נח, ווייל זיי זענען נישט מקיים די שבע מצות [29].

וואָס שייך גזילה איז זי פאַרבאָטן אפילו פון אַ געצנדינער. וואָס שייך השבת אבידה, האָבן מיר אַ שקלא וטריא אין תּלמוד, ביי די מפרשי התלמוד און אין די הלכה־ספרים און דערביי ווערט באַטראַכט, צי דאָס וואָרט "רעהו" נעמט אַריין דעם נישט־ייִד וואָס איז מקיים די זיבן מצוות. אָבער אַפילו ווען לויטן יורידישן געזעץ, וואָלט מען דערלויבט די דאָזיקע אונטערשיידן, ווייל אויך דער נישט־ייִד אין דער היידנישער וועלט איז זיך אַזוי נוהג קעגן אַנדערע, איז אָבער די עטיק פון יהדות מחייב צו באַהאַנדלען דעם נישט־ייִד מיט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג, פּונקט ווי ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער דין, מ'זאָל נעמען קרבנות פון עובדי־כּוכבים, וואָס דאָס מיינט — פאַרגעבונג אויף זייערע זינד:

"תניא, איש, מה תלמוד לומר: איש־איש, לרבות את העובדי כוכבים שנודרים נדרים ונדבות כישראל" [30]. נאָך די חילוקי־דעות אין תּלמוד [31], צי אַ נכרי מעג לערנען תּורה, קומט דער רמב"ם מיט זיין פּסק־הלכה: "אפילו גוי ועוסק בתורת מרע"ה, הרי הוא ככהן גדול" [32].

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן פּרק אָנגעוויזן אויף דעם פאַמיליאַרן געזעץ, אַז אַ קינד געבוירן פון אַ ייִדישער מוטער געהערט צו דער ייִדישער מוטער, איז אַ ייִד און פאַרקערט, בלייבט דאָס קינד ביי דער גוייִשער מוטער און ווי דער דין איז אויסגעברייטערט דורך אַ מעשׂה שהיה:

דער מדרש [32*] דערציילט: "יעקב איש כפר נבוריא הורה בצור: מותר למול בנה של נכרית בשבת. שמע ר' חגי, שלח לה (לי') תא לקי. אמר לה (לי'): בר נש דאמר מלתא דאוריתא לקי? אמר לה: ומן היא — יעקב איש כפר נבוריא".

ווער איז געווען דער יעקב איש כפר נבוריא?

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט אַ מאָנאָגראַפיע וועגן אָט דעם ייִדן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פּסקענען שאלות און געקראָגן מלקות פאַר זיינע פּסקים.

תּורת משה — דאַרף געזאָגט און באַטאָנט ווערן — איז געווען די ערשטע צו פאַרבאָטן נעמען רבית, פּראָצענט, פון אַ ייִד. דאָס דאָזיקע געבאָט ווערט איבער־געחזרט אין די נביאים און אין כּתובים [33]. אין די שכנישע לענדער, ווו מסחר איז געווען אַנטוויקלט, איז דאָס נעמען פּראָצענטער געווען נאָרמאַל — און נישט בלויז די לענדער פונעם לעוואַנט. אויך אין די אייראָפּעיִשע לענדערביים מיטללענדישן ים, ווי רוים און גריכנלאַנד — אַלט־איטאַליע און אַלט־גריכנלאַנד — איז דאָס פּראַקטיצירט געוואָרן. נישט אומזיסט האָבן די גריכישע פילאָזאָפן שאַרף פאַרדאַמט די אומעטישקייט פון איינזאַמלען עשירות דורך נעמען פּראָצענטער. פּלאַטאָ (427—347 פק"ע) און אַריסטאָטל (383—322 פק"ע) האָבן דאָס באַטראַכט, ווי רציחה [34]; אָבער זייער טאַדלען האָט נישט אָפּגעשטעלט די גריכן און אוודאי נישט די רוימער צו פּראַקטיצירן, אָן רחמנות, דאָס רייסן פּאָסן פון די וועלכע האָבן געדאַרפט אָנקומען צו אַ הלוואה.

דר. יהודה ראַזענטאַל אין זיין אָפּהאַנדלונג "רבית מן הנכרי"[35], אינעם מבוא, ווייזט אָן, אַז תּורת־ישראל איז די סאַמע ערשטע, וואָס האָט געגעבן אַ געזעץ קעגן נשך ותרבית, אפילו ווען דאָס רבית — usury — איז בלויז אויפן געביט פון אַ טובת־הנאה, האָבן עפּעס אַ פּאַרגיטיקונג, ווער שמועסט נאָך פון נעמען דירעקט פּראָצענט פאַר באָרגן געלט.

אין דער תּורה, ווו עס רעדט זיך וועגן פאַרבאָט צו נעמען "נשך ותרבית" — נישט צו נעמען געלטער וואָס זענען ווי א יי נ ב יי ס ן ז י ך אין יענעמס פלייש, אַ מערונג (תּרבית) וואָס איז געבויט בלויז אויף ב אָ ר ג ן יענעם געלט, ווי אייניקע רופן דאָס, ציגזן[36], ווערט געזאָגט: זאָלסט מורא האָבן פאַר דיין גאָט — "וחי אחיך עמך" — כּדי דיין ברודער זאָל קענען לעבן ביי דיר[37]. אין דעם פאַרבאָט צו נעמען פּראָצענט איז געזאָגט געוואָרן "אחיך", דיין ברודער. דאָס האָט געגעבן די דער־לויבעניש צו נעמען רבית ביי אַ נכרי, אַ פרעמדן, ווייל וואָס שייך דעם פרעמדן, — און ווי מיר וועלן דאָס ווייטער מסביר זיין, — ליגט נישט דער חוב אויף אַ ייִד, ער זאָל באָרגן געלט צו אַ געצן־דינער אָן פּראָצענט.

די פראַגע איז, צי דאָס איז געמיינט געוואָרן אַ דערלויבעניש, אָדער טאַקע, אָן אָנזאָג, כּדי זאָלסט ביי אים, ביים עובד עבודה זרה, נישט פאַרלירן דיין פאַרמעגן. די פראַגע איז אויך וועגן גרים. לויט די פּסוקים אין תּנ"ך[38] איז ביי אַ גר, גר־צדק און אפילו גר־תּושב, אַ מצווה אים צו העלפן, די מצווה פון "והחזקת" גייט אָן בייביידן, איז במילא אַ מצווה — און לויט אייניקע פּוסקים, אַ חוב — אים צו באָרגן געלט און נישט נעמען קיין פּראָצענט, מיר רופן דאָס אין ייִדיש "כּשר־הלוואה".

אַ גר־צדק איז א ח י ך. איז במילא נישט קיין פראַגע וועגן פאַרבאָט צו נעמען ביי אים פּראָצענט, ער געהער צום כּלל פון "וחי אחיך עמך" — ער איז דיין ברודער!

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן ביי די חכמי־התּלמוד וועגן אַ גר־תּושב און וועגן אים, האָבן מיר חילוקי־דעות: לויטן ספראַ און מסכת־גרים, איז ער אין כּלל פון "והחזקת" און במילא אינעם כּלל פון "וחי אחיך עמך", טאָר מען נישט נעמען פון אים קיין פּראָצענטער אויף הלוואות. לויט דער משנה[39], מעג מען נעמען ר ב י ת פון דעם עכּו"ם און פון דעם גר־תּושב. ווי די חכמי התּלמוד דערקלערן דעם מאָטיוו, פאַר וואָס עס איז דערלויבט, אַז דאָ רעדט זיך פון "כּדי חייו", אָדער וועגן אַ תּלמיד חכם, וואָס קען זיך נישט דערלויבן צו געבן געלטער אָן פּראָצענט, ער טוט עס איבער זייגע כּוחות[40].

ס'איז קיין ספק נישט, אַז די דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן לויט די פריערדיקע באַדינגונגען אָבער קיין מצווה איז דערביי נישטאָ. די דאָזיקע דער־לויבעניש איז אויסגעברייטערט געוואָרן וועגן באָרגן געלט צו די כּותים,

שומרונים [41], ווייל זיי זענען דאָך נישט געווען פולשטענדיקע ייִדן; געווען צייטן, ווען זיי האָבן געהאַלטן שונאים ווי אַ פינפטער קאָלום אין לאַנד.

די גאונים האָבן אָבער איינגעפירט אַ פאַרבאָט צו נעמען רבית פון נישט־ייִדן. זיי האָבן בלויז דערלויבט "רבית דרבנן — אבק רבית". די נאָכפאָלגערס האָבן אין זייערע פסקים פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן פאַרבאָט. אויב מ'האָט אונטער געוויסע אומשטאַנדן דערלויבט נעמען פּראָצענט פון נישט־ייִדן, איז עס געווען צוליב נויט, צוליב אַ "מקור פרנסה", ווען מלאכה און מסחר איז געווען באַגרענעצט פאַר ייִדן.

דער רמב"ם איז כמעט דער איינציקער פון די גדולי־הפוסקים וואָס לערנט ווי דער ספרי: "לנכרי תשיך — זו מ צ ו ו ת ע ש ה ולאחיך לא תשיך — זו מ צ ו ו ת ל א ת ע ש ה". ער האַלט, אַז דאָס גייט אַרויף אויף דעם מלווה, אַנדערש פונעם ספרי, וואָס לערנט אַז ס'רעדט זיך וועגן לווה.

אין ספר המצוות [42], שרייבט דעם רמב"ם: "שצונו לבקש רבית מן הנכרי ואז נלוה... והוא אמרו יתעלה לנכרי תשיך, שבא בפירוש המקובל, שזה מצות עשה...".

די דאָזיקע שטעלונג פון רמב"ם האָט געדינט די אַנטיסעמיטן אַלע צייטן צו באַשולדיקן ייִדן, ווי אַ פאָלק פון וווכערס, וועלכע זוכן אויסצונאַרן, דיסקרימינירן נישט־ייִדן און זיי באַרויבן. די דאָזיקע פראַגע האָט נאַפּאָלעאָן געשטעלט די דעלעגאַטן, וועלכע ער האָט געוואָלט באַשטימען אַלס סנהדרין.

נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע (דער שפּעטערדיקער, נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, 1769—1821), דער יורש פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויפגערודערט די וועלט מיט זיינע מלחמות און געוואָלט ענדערן נישט בלויז פראַנקרייך, נאָר די גאַנצע וועלט, האָט זיך אויך פאַרנומען מיטן ייִדישן פּראָבלעם און געוואָלט באַווייזן אַ געשיכטלעכן טאַט — גרינדן אַ סנהדרין, וואָס זאָל ווערן די אויטאָריטעט־מאַכט פאַרן וועלט־ייִדנטום.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט די "דעקלאַראַציע פון מענטש־און בירגער־רעכט" פאַר אַלע פראַנצויזישע בירגער — אָבער וועגן געבן גלייכע רעכט צו די ייִדישער בירגער, אויף דערויף האָט זיך געטאָן אויף טיש־און אויף בענק. ייִדן זענען אַלץ געבליבן אויסגעשטעלט אויף רעכטלאָזיקייט און פאַרפאַלגונגען. גרויס איז געווען די צאָל קעגנערס פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן, די אָנהענגערס פון גלייכע רעכט פאַר ייִדן אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָבן זיך געשראָקן פאַר די קעגנערס, די ייִדן־שונאים.

אין 1799, בעת זיינע מלחמות, נצחונות און מפּלות, איז נאַפּאָלעאָן אַרויסגעקומען מיט אַ געדאַנק אַז ער וועט שאַפן אַ ייִדישע מדינה אין ארץ ישראל (פּאַלעסטינע), ווילנדיק געווינען ייִדן אים צו העלפן אין די קאַמפן קעגן ענגלאַנד.

אין זיין דעמאָלטיקער פּראָקלאַמאַציע איז ער אַרויסגעקומען (מסתּמא האָט עס אים געטויגט), מיטן רוף צו פאַרזיכערן ייִדן בירגערעכט אומעטום. דאָס אַלץ איז געבליבן בלויז אויפן פּאַפּיר, אָדער מ'איז אָפּגעקומען מיט רייד. ס'האָט גענומען בלויז עטלעכע יאָר, ער זאָל טוישן זיין מיינונג און ווי אַ רעזולטאַט פון זיין געביטענער מיינונג, האָט ער צונויפגערופן קיין פּאַריז דעם 26טן יולי, 1806, 138 דעלעגאַטן פון ייִדישע קהילות, אונטער זיין הערשאַפט, די אַזוי גערופענע נאָטאַבלען און זיי געשטעלט פראַגעס, וואָס בלויז שונאי־ישׂראל האָבן דאָס גע־קענט טאָן.

אויף דער באַראַטונג דעם 29טן יולי האָט זיין מיטאַרבעטער, דער גראַף מאָלע, אַ ייִדן־שונא, געשטעלט פאַר דער פאַרזאַמלונג צוועלף פראַגעס, צווישן וועלכע איין פראַגע: צי קען אַ ייִדישע פרוי חתונה האָבן מיט אַ קריסט, אָדער פאַרקערט ?... צי פאַרבאָטן די ייִדישע דינים באַרגן געלט צו ייִדן אויף פּראָצענט ?... צי האָבן ייִדן יאָ אָדער נישט דאָס רעכט צו נעמען פּראָצענט ביי נישט־ייִדן ?...

אויף דער פראַגע וועגן געמישטע חתונות איז נישט געקומען קיין קלאָרער ענטפער, ווייל ס'איז געווען אַ שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידנהייט צווישן אָרטאָדאָקסן און אַסימילאַנטן. לייכטער איז געווען פאַר די נאָטאַבלען וועגן דעם ענין פּראָצענט־נעמען; ס'איז נישט קיין פראַגע פון אויסנוצן נישט־ייִדן: ס'איז אַ קאָניונקטור, וואָס גייט אָן ביי נישט־ייִדן, האָבן ייִדן די זעלביקע רעכט.

נאַפּאָלעאָן האָט ביי אָט די באַראַטונגען געוואָלט דורכפירן די גרינדונג פון אַ סנהדרין, מיט וועלכן ער זאָל קענען אונטערהאַנדלען און וועמעס באַשלוסן זאָלן זיין גילטיק אויפן גאַנצן וועלט־ייִדנטום, כּדי צו ווייזן דער וועלט, אַז ער האָט דעם קאָנטראָל איבער לענדער; אַז ער האָט גרויס געמאַכט די פראַנצויזישע אימפּעריע; אַז ער האָט אַ קאָנטראָל איבער דער רעליגיעזער היעראַרכיע, איבער אַ ל ע רעליגיעס.

אויף זיין באַפעל איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ סנהדרין פון 71 מיטגלידער: 46 רבנים און 25 בעלי־בתּים. דער ראש פון די סנהדרין איז געווען ר' דוד זינצהיים פון סטראַסבורג. דער סנהדרין איז דערעפנט געוואָרן דעם 9טן פעברואַר, 1807 און האָט אָפּגעהאַלטן אַכט זיצונגען, נאָך וועלכע עס איז געשלאָסן געוואָרן מיט פּאָמפּע דער ראַט איבער דער ייִדישער רעליגיע, וואָס זיין ציל איז געווען — לויט נאַפּאָלעאָנס כּוונה — צו באַזייטיקן די אָפּגעזונדערטקייט און די אַנדערשקייט פון ייִדן. נאַפּאָלעאָן האָט פאַרלאַנגט די רבנים פונעם סנהדרין־ראַט זאָלן בענטשן געמישטע חתונות צווישן ייִדן און קריסטן, אַז אויף יעדע דריי חתונות זאָל איינע אומבאַדינגט זיין אַ געמישטע.

זיין פּראָקלאַמירן דעם סנהדרין ווי די העכסטע אויטאָריטעט אין רעליגיעזע פראַגעס און זיין אויפפאָדערונג ווי אַ צוואַנג איינצופירן געמישטע חתונות האָט

אַרויסגערופן פּראָטעסטן אי ביי קריסטן אי ביי ייִדן. די קריסטלעכע וועלט, פון מזרח־און מערב־אייראָפּע, האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד זיינע ראַדיקאַל־דראַסטישע אידעען; אין פראַנקרייך גופא האָט דאָס אַרויסגערופן אַ קעגנער־שאַפט וואָס האָט אים אַ ביסל אָפּגעשראָקן און ייִדן, די באַשטימטע צום ראַט, האָבן אויך צוריקגעוויזן זיינע פאָרלאַגען. זיי האָבן אָפּגעזאָגט דעם דאָזיקן פאָרלאַג, ווייל דאָס נעמט אַוועק די רעליגיעזע פרייהייט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט איינרעדן די ייִדישע נאָטאַבעלן.

דער סנהדרין, ווערט אָנגעוויזן, האָט אַקצעפּטירט נישט צו פאַרדאַמען געמישטע חתונות, אָבער נישט צו בענטשן זיי... קיין שום ספק, אַז אויך די הסכמה איז געגעבן געוואָרן צוליב דער מורא, צוליבן צוואַנג פון אַזאַ שאַרפן מיליטערישן הערשער; זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועלן זיי וייכער מאַכן דאָס האַרץ פון נאַפּאָלעאָנען און ווי אַ צוגאָב, אים צו וויזן אָנערקענונג, האָבן זיי אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס איז געווען אומגויטיק, ווייל עס איז אַ פאַרשטענדלעכער ענין, אַז זיי באַטראַכטן די פראַנצויזן ווי זייערע ברידער; אַז זיי באַטראַכטן פראַנקרייך, ווי זייער פאָטערלאַנד; געלויבט אַרבעט... ייִדן זאָלן נישט זוכן קיין פּרנסות פון מסחר און אַז עקספּלואַטאַציע איז פאַרבאָטן אאַ״וו.

נאַפּאָלעאָן איז נישט געווען צופרידן. ער האָט געזען, אַז די ייִדן וועלן זיך נישט בייגן און נישט בוקן זיך צו אים. איז ער נאָך דעם געוואָרן אַ ייִדנפיינט...

ווי געזאָגט, זענען נישט בלויז ייִדן געווען קעגן אַזאַ אַרויפגעצוווּנגענער הסכמה. אויך די אַנדערע רעליגיעזע קערפּערשאַפטן, די קאַטוילישע קירכע, די פּראָטעסטאַנטישע, אַלע זענען געווען קעגן נאַפּאָלעאָנס מאַנעוורעס, סיי די סאָציאַל־נאַציאָנאַלע, סיי די רעליגיעזע. אין ייִדנטום, האָט זיך אים געדאַכט, וועט ער געפינען אַ שוואַכערע קעגנערשאַפט.

נאָך דעם ווי ער האָט געזען, אַז ער האָט נישט דערגרייכט זיינע צילן, איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ דעקרעט, דעם 17טן מערץ, 1808, וואָס איז פון ייִדן באַצייכנט געוואָרן ווי אַ ״שענדלעכער דעקרעט״. לויטן דאָזיקן דעקרעט, האָבן די עלזאַסער נישט געדאַרפט באַצאָלן זייערע חובות צו די ייִדן וועלכע האָבן געוווינט אין עלזאַס, אין אַ משך פון צען יאָר... דאָס האָט געמיינט אַז די ייִדישע גלייכבאַרעכטיקונג ווי פראַנצויזישע בירגער איז מיט אַ מאָל בטל געוואָרן.

נאַפּאָלעאָן האָט שפּעטער חרטה געהאַט אויף דעם דאָזיקן שענדלעכן דעקרעט און געזוכט אים אויסצובעסערן. אין יאָר 1811 האָט ער צוריקגעצויגן די באַגרענעצונגען — וואָס דאָס האָט געמיינט צוריקגעצויגן דעם דעקרעט — און דערמיט געהאָלפן די ייִדן, זיי זאָלן זיך צוריקשטעלן און אָנגיין מיט זייערע פּרנסות — דאַן האָט ער געקראָגן די ברכות פון ייִדישן ישוב. די פּאַריזער קאָנסיס־טאָריע האָט פייערלעך באַגריסט זיין אויסבעסערן דאָס געזעץ לטובת די ייִדן.

נאַפּאָלעאָן, ווי עס זאָגן פאָרשערס, האָט רעאַליזירט דעם באַשלוס פון 1789, אָפּצושאַפן די באַגרענעצונגען אויף ייִדן, ער האָט אָבער געוואָלט, ייִדן זאָלן צוריקדינען מיט אַ סאָרט אַסימילאַציע, וואָס זאָל צופרידנשטעלן די קריסטלעכע באַפעלקערונג און ווען דאָס איז אים נישט געלונגען, האָט ער זיך נישט אָפּגעהאַלטן אויסצודריקן זיך וועגן ייִדן, אַז זיי זענען דאָס ערגסטע פאָלק, נאָכפאָלגנדיק דערמיט די יעזויִטן וועלכע האָבן גערופן ייִדן "דאָס פאַרשאָלטענע פאָלק". אָבער מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט באַהאַנדלען נאַפּאָלעאָנס גאַנג און צילן, מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן, אַז אויך ער האָט געזען אין ייִדן אַ פאָלק פון וווכערס, פון פּראָצענטניקעס און ער האָט זיך פאַרמאָסטן זיי אָוועקצונעמען פון דער דאָזיקער פּרנסה און דערביי האָט ער זיך באַנוצט מיט שטעכל-ווערטער, מיט סאַרקאַסטישע, סאַטירישע אויסדרוקן. זיינע פּיילן זענען דער עיקר געצילט געווען אין תורת משה.

מיר האָבן, ווי געזאָגט, חילוקי דעות וועגן הלוואות אויף פּראָצענט פון נישט-ייִדן. דער רמב"ם פאָלגט נאָך די שיטה פון ספרי [43], אַז "לנכרי תשיך" איז אַ מצוות-עשה [44]. דער מאָטיוו: ווייל דער געצנדינער באַהאַנדלט אַזוי דעם ייִד, איז עס במילא אַ מצווה אים נישט בעסער צו באַהאַנדלען. ס'איז אויך מעגלעך, אַז ס'איז דערביי געווען נאָך אַ מאָטיוו: צו דערווייטערן ייִדן פון געצן-דינערס.

לויט תוספות [45], איז דער "לנכרי תשיך" אַ רשות, אַ דערלויבעניש צו נעמען פון דעם נכרי פּראָצענטער אויף הלוואות, אָבער נישט קיין מצווה [46]. אויב דער ייִד וויל באָרגן געלט צו אַ נישט-ייִדן, אפילו צו אַן עובד כוכבים און וויל נישט נעמען קיין פּראָצענט, האָט ער דאָס רעכט עס צו טאָן.

ר' חיים בלאָך באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז דעם רמב"מס פּסק איז אַ דעת-יחיד [47] און נאָך מער, אפילו דער רמב"ם האָט געמיינט געצן-דינערס, אָבער נישט ציוויליזירטע פעלקער.

אין דער דאָזיקער דערקלערונג איז ער ווייט נישט איבערצייגנדיק. דאָס קען בלויז אָנגענומען ווערן ווי אַ השערה.

מיר האָבן אויף אַן אַנדער אָרט איבערגעגעבן, אַז געוויסע חוקרים ציטירן פון פירוש המשניות [48], דער רמב"ם זאָל געוועזן זאָגן וועגן די נוצרים:

"ודע שזאת האומה הנוצרית הטועים אחרי יש"ו, אפילו שדתותיהם משונות, כולם עובדי עבודה זרה, ואידיהן כולן אסורים, וראוי לנהוג עמהם כתורת מה שנהוג עם עובדי עבודה זרה, ויום ראשון בכלל אידיהן של גויים, ולפיכך אסור לשאת ולתת עם מי שמאמין ביש"ו באחד בשבת".

ר' חיים בלאָך גיט אָן דעם פאַקט, אַז דער דאָזיקער פּסק איז נישט אָנגענומען; אַז דאָס איז אַ דעת-יחיד, ווייל מיר זעען דאָך ווי ייִדן האַנדלען, גיבן הלוואות צו נוצרים [49].

מיר זענען אַ ביסל אַוועק פון דער טעמע רבית מן הנכרי, צו וועלכער מיר וועלן זיך אי״ה אומקערן אין ווייטערן פּרק.

**ז. וואָס ווערט געזאָגט אין תנ״ך וועגן ״רבית״. — ווי אַזוי ווערט אויס־געטייטשט דער פאַרבאָט אין תלמוד, פּוסקים ראשונים און אחרונים.**

האָבן מיר פריער אַרומגערעדט דעם ענין רבית און וועגן דער באַשולדיקונג, אַז יידן זענען ״פּראַצענטניקעס״ — אַ טעמע וואָס מיר האָבן געדעקט אין אַ פריערדיק ווערק, אָבער ס׳איז תּמיד דאָ וואָס צוצוגעבן ,ווי עס זאָגט זיך ״אין בית־מדרש בלא חידוש״. קומען מיר צוריק צום דאָזיקן קעגנשטאַנד.

אין ״ספרי״ [1], וואָס מיר האָבן פריער ציטירט, איז נישט קלאָר צי דער פאַרבאָט איז חל אויפן לווה — ״לא תשיך לאחיך״ — טאָרסט נישט נעמען קיין פּראָצענט פון אַ ייד און דער ייד, דער לווה, טאָר נישט געבן קיין רבית, במילא וואָלט עס געמיינט, ״לנכרי תשיך״ דעם גוי מעגסטו, אָדער ס׳איז גאָר אַ מצווה צו געבן רבית. אָדער, אַז דער ספרי לערנט, אַז אַלץ ווערט גערעדט וועגן מלווה — דער מלווה, דער באַרגער טאָר נישט נעמען קיין פּראָצענט פון יידישן לווה, פון דעם וואָס דאַרף זיך באַרגן; און דאָס זאָל הייסן, לנכרי תשיך — אַז עס איז אַ מצווה צו נעמען פּראָצענט פון דעם נישט־ייד, וואָס נויטיקט זיך אין אַ הלוואָה.

די משנה [2]: ״ולוין מהן (מן הנכרים) ומלוין אותן ברבית״ — און מען מעג באָרגן פון זיי און באַרגן צו זיי אויף פּראָצענט.

פונעם לשון פון דער משנה זעט אויס, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַ דערלויבעניש — און נישט קיין מצווה — צו נעמען פּראָצענט.

אין דער גמרא [3] האָבן מיר דעם פּסק־הלכה פון רב נחמן, אין נאָמען פון רב הונא, און ווי עס גיט צו, רב חייא ברי׳ דרב הונא, מ׳זאָל זיך אויסהיטן פון נעמען רבית, אפילו פון אַ נכרי. אַ דערלויבעניש ווערט געגעבן בלויז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ לעבנס־עקזיסטענץ, אין תלמודישן לשון: ״בכדי חייו״.

פון דער תלמודישער שקלא וטריא (אין אונדזער היינטיקן לשון, דיאַלעקטיק) קען מען אַרויסלערנען, אַז ס׳איז נישט קיין מצווה צו נעמען פּראָצענטער פון אַ נישט־ייד, פון אַ נכרי. דאָ, קען מען זאָגן, קומט אַריין דער עטישער מאָטיוו, וואָס קומט צום אויסדרוק אין אַ פּסוק: ״מרבה הונו בנשך ותרבית לחונן דלים יקבצנו״ — דער וואָס זאַמלט זיין פאַרמעג דורך ציינזן, און מערונג, זאַמלט עס פאַר דעם וואָס וועט שענקען צו אָרעמע [4], און ווי חז״ל טייטשן: ״מאי לחונן דלים? אמר רבי, כגון שבור מלכא״ [5], ווי רש״י טייטשט: ״מלך פרס היה, ונוטל ממון מישראל וחונן בהם דלים נכרים שהם דלים מן המצוות״ [6].

מיר געפינען עטלעכע מאָל אין תלמוד אַ קעגנערשאַפט צו נעמען פּראָצענט

אפילו פון נישט־ייִדן. חז״ל טייטשן דעם פּסוק ״כספּו לא נתן בנשך״ — זיין געלט האָט ער נישט געגעבן אויף צינזן און שוחד קעגן אָן אומשולדיקן נישט גענומען [7] אפילו ברבית דעכו״ם [8]. דער ייִד וואָס נעמט נישט קיין פּראָצענט היט זיך פון מאַכן זיין פּרנסה באַזירט בלויז אויף וווכעריי, ווערט געלויבט פון עטישן שטאַנדפּונקט, ווייל ס׳איז, ווי מפרשים דריקן זיך אויס: ״לבו של אדם מחמדתן״ [9] און ער קאָנטראָלירט זיך.

מיר האָבן פריער דערמאָנט די דעה פון רמב״ם [10], אַז עס איז אַ מצווה צו באָרגן געלט צו אַ נכרי אויף פּראָצענט. דער ראב״ד, דער רמב״ן און אַ גרעסערע צאָל פּוסקים זענען נישט מסכים מיט דער דאָזיקער שיטה און האַלטן, אַז עס איז נישט קיין מצווה, נאָר אַ דערלויבעניש צו נעמען ביים נישט־ייִד פּראָצענט אויף הלוואות.

ר׳ צבי הירש חיות (תקס״ז—1806; תרט״ז—1855) שטעלט די פראַגע [11] אויב ס׳איז אַ מצווה צו נעמען ביים נישט־ייִד פּראָצענטער, און מיר ווייסן די באַהויפּטונג פון טו״ז (ר׳ דוד הלוי, הש״נ—1588; התכ״ז—1667), פון די באַוווּסטע פּוסקים) אַז אַ היתר, דערצו נאָך אַ מצווה, אין דער תורה, האָבן חז״ל ניט קיין רעכט מחמיר צו זיין, טאָ ווי אַזוי האָבן די חכמי התלמוד, פונעם עטישן שטאַנד־פּונקט, פאַרבאָטן צו נעמען פּראָצענט פון נכרים? ער באַשטעטיקט דערמיט — און האָט דערביי דעם שטאַנדפּונקט פון נאָך פּוסקים־מפרשים, אַז דאָס איז אויך אַ באַווייז, אַז ס׳איז בלויז אַ רשות צו באָרגן און נעמען פּראָצענט פון נישט־ייִדן [12].

די משנה [13], זעט אויס, האָט בלויז גערעדט וועגן רשות — די דערלויבעניש צו נעמען פּראָצענטער פון נכרים: ״ולוין מהן ומלוין אותן ברבית״ — אַ לשון פון רשות און איז באַזירט אויפן פּסוק ״לנכרי תשיך״, מיינט עס, אַ דערלויבעניש צו נעמען פּראָצענט.

ס׳איז, מיין איך, וויכטיק צו ציטירן תוספות [14], וועגן דעם ענין הלוואות צו נישט־ייִדן, וואָס זאָגט צוו״א: ״ועוד שאנו שרויין בין האומות ואי־אפשר לנו להשתכר בשום דבר אם לא נישא וניתן עמהם, הלכך אין לאסור רבית, שמא ילמדו ממעשיו יותר משאר משא ומתן״.

ווי מיר זעען, האַלט תוספות, אַז אומשטאַנדן האָבן געבראַכט דערצו, מ׳זאָל האַנדלען מיט נישט־ייִדן אין די לענדער וווּ ייִדן וווינען און אַז צוליב דעם, וואָס מ׳האַנדלט מיט זיי, מ׳באָרגט זיי געלט אויף פּראָצענט אאַ״וו, ברענגנדיק ייִדן אין קאָנטאַקט מיט נישט־ייִדן, איז אַלץ נישטאָ די געפאַר אַז מ׳וועט זיך אָפּלערנען פון זייערע מעשים.

אין די צווישן־ייִדן־באַציונגען, איז פאַרשטענדלעך, אַז דער ייִד איז מער פּריווילעגירט, ״עניי עירך קודם״ [15]. ווען אפילו ביים נכרי איז אַ מצווה, צי בלויז

דערלויבט צו נעמען פּראָצענטער, טאָר מען ביים ייִד נישט נעמען... אַ ייִד דאַרף און מוז העלפן דעם אַנדערן ייִד; אפילו אויף אַזוי וויַיט, ווען ביים נכרי קען מען נעמען פּראָצענט און ביים ייִד קען מען נישט, ט אָ ר מ ע ן נ י ש ט, האָט דער ייִד פּריאָריטעט, אויב ער נויטיקט זיך אין אַ הלוואה, אים צו באָרגן אָן פּראָצענט, ווי עס ווערט געפּסקנט: "דאפילו לנכרי ברבית ולישראל בחנם — ישראל קודם" [16] — י ש ר א ל, פאַרשטייט זיך, נעמט אַריין אינעם כּלל, אויך דעם גר־צדק און לויט אייניקע מיינונגען, אויך דעם גר־תּושב, וויַיל אויף וועגן זיי, ווערט געזאָגט: "גר ותושב וחי עמך" — פרעמדער און איינגעוואַנדערטער זאָל לעבן מיט דיר [17] און ווער ס׳ווערט גערופן "גר תושב", האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף אַן אַנדער אָרט. מיר האָבן פריער אויך אָנגעוויזן, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דער רמב"ם פּסקנט [18], אַז עס איז אַ מצווה צו נעמען רבית פון אַ נכרי, איז דאָס דעת־יחיד; לויט אייניקע נושאי־כלים פון רמב"ם, איז דאָס געמיינט געוואָרן די כנענים, און אפילו וועגן זיי, פּסקנט ער, מ׳זאָל זיך באַנעמען מיט רחמנות, מיט העפלעכקייט [19] און אין פירוש המשנה, זאָגט ער: "ולא יתעסק ברבית, ואפילו עם נכרים, ואף על פי שהוא מותר".

פּראָפ׳ ווערנער זאָמבאַרט האָט זיך אָנגעכאַפּט אינעם רמב"מס פּסק: "הנכרי וגר תושב לוין מהן ומלוין אותן ברבית, שנאמר לנכרי תשיך. מפי השמועה למדו שזו מצות עשה, וזהו דין תורה" און ער וויל דערויף בויען זיין טעזע צו באַשולדיקן ייִדן, אַז זיי זענען אַ "געלטפאָלק", אַז ז י י האָבן דאָס געשאַפן דעם קאַפּיטאַליס־טישן סיסטעם.

אַז דאָס איז נישט אמת, קען מען אָנווייזן אויף די אויספירן פון רמב"ם:

"אסרו חכמים שיהא ישראל מלוה את הנכרי ב ר ב י ת ק צ ו צ ה אלא בכדי חייו, גזרו שמא ילמוד ממעשיו ברוב ישיבתו עמו...". זעט מען דערפון, אַז דאָס האָט נישט צו טאָן מיט וועלכער נישט איז דיסקרימינאַציע, מיט וועלכע נישט איז איז פאָראורטיילן; און אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס זיין הלכה־איבערצייגונג איז, אַז ס׳איז אַ מצווה צו נעמען פּראָצענט פונעם נכרי, האָבן די חכמים געהאַט רעכט אָפּצוהאַלטן דעם ייִדן און דאָס צוליב גאָר אַן אַנדער סיבה, נישט אויסצומישן זיך און נישט ווערן באַאיינפלוסט פון די כנענישע מנהגים. דעריבער פּסקנט ער: "ותלמיד חכם שאינו רגיל בו ללמוד ממעשיו, מותר להלוות לנכרי, אפילו להרויח, וכל אבק רבית עם הנכרי מותר להלוות לנכרי אפילו להרויח..."

דער רמב"ם, ווי מיר זעען, האָט דאָ צוזאַמענגענומען — אין לשון פון פּוסקים — צוויי "קולא׳ס" — אַ טאָפּלטע פאַרלייכטערונג אויפן "פּראָצענט"־געביט: ר׳ חייא׳ס דערלויבעניש צו נעמען פּראָצענט פון דעם פרעמדן "בכדי חייו", פאַר עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן און רב הונא׳ס: אַ תלמיד חכם מעג נעמען "אפילו להרויח", אפילו אויף צו פּראָפיטירן, מער און איבער אַ לעבנס־עקזיסטענץ. די

מאַטיוון: מ׳זאָל זיין געהיט פון התקרבות צו עובדי עבודה זרה; אַ תּלמיד־חכם וועט וויסן ווי זיך אויסצוהיטן.

וואָס שייך דעם רמב״מס שיטה, האָבן מיר געבראַכט די מיינונג פון אַ פאַרשער, אַז זיין פסק וועגן דער מצווה צו נעמען פּראָצענט פון אַ נכרי, זאָל זיין אַ ״דעת־יחיד״, די מיינונג פון איין פוסק, און אַז אַ מערהייט פוסקים פרעגט אָפּ זיין פסק־הלכה־שטאַנדפונקט. אַ פאַקט איז, אַז ס׳זענען דאָ חילוקי־דעות: דער ראב״ד, רמב״ן, סמ״ג (ר׳ משה מקוצי, דתתק״ס—1240; תתקס״ג—1303), זענען נישט מסכּים צום רמבמ״ס פסק. דערקעגן דער רשב״א און אַ צאָל נאָכפאָלגערס פאַרטיידיקן דעם רמב״ם. אייניקע טייטשן אַריין אינעם רמב״ם, אַז ס׳איז געמיינט געוואָרן אַ היתּר אויף צו האָבן צו טאָן מיט געצן־דינערס.

ר׳ מרדכי יפה, דער בעל הלבושים (הר״פ—1630; שע״ב—1612), דערקלערט, אַז דער היתּר — ער האַלט זיך ביי דער שיטה פון ד ע ר ל ו י ב ן — צו האַנדלען מיט ביט־יידן, געבן זיי הלוואות אויף פּראָצענט, איז באַזירט אויף דעם כּלל: ״אין גוזרין גזירה על הצבור אלא־אם־כן יכולין לעמוד בה [20].

ר׳ אברהם דאַנציק (התק״ב—1748; תקפ״א—1820), מחבר פון ״חיי אדם״ און ״חכמת אדם״ [12] פירט אויס: ״ראוי לכל איש ישר הולך, אם אפשר לו, שימנע את עצמו גם מהלואת נכרי וישלך על ד׳ יהבו...״.

דער גר־צדק ווערט באַטראַכט ווי ״אָחיך״ און מען דאַרף אים מחזק זיין. דעם גר־תּושב דאַרף מען באַהאַנדלען מיט יושר, ווייל תּורה אחת און ״חוקה אחת לכם ולגר״ [22] — איין געזעץ זאָל זיין ביי אייך, אי פאַר דעם איינגעבוירענעם, אי פאַר דעם פרעמדן.

ס׳איז דאָ, פאַרשטייט זיך, אַ חילוק צווישן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס מ׳האָט צו דעם אייגענעם און דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט צום פרעמדן, צווישן גר־צדק און דעם גר־תּושב. דער רמב״ן זאָגט עס קלאָר אין זיין תּורה־פּירוש און אין זיינע הגהות און ביאורים צום ספר־המצוות, אַז ״והחזקת״ — שטאַרקן דעם מענטשן איז איין זאַך און ״וחי אחיך עמך״ איז אַ צווייטע זאַך: מ׳דאַרף העלפן און מחזק זיין דעם גר, אַריינגערעכנט דעם גר־תּושב, אָבער וואָס שייך נעמען פּראָצענט פאַר הלוואות, דאָס איז דערלויבט. ער איז נאָך נישט קיין פולשטענדיקער ייִד, טאָ פאַר וואָס זאָל ער זיין פּריווילעגירט צו קריגן הלוואות ביי ייִדן אָן פּראָצענט, אָן אָפּצאָל? דערצו נאָך, ווען ער וועט נישט באָרגן צו אַ ייִד, ער זאָל נישט קריגן באַלוינט.

די פּאָלעמיק, צי ייִדן האָבן געהאַט רעכט צו נעמען פּראָצענט אויף הלוואות ביי נישט־ייִדן, ביי גרים־תּושבים, גייט אָן עד היום ביי ביבל־פאָרשער, ביי יהדות־קענערס און ביי תּלמידי־חכמים, וועלכע האַלטן זיך ביי דער מסורה.

מיר האָבן די דאָזיקע חילוקי־דעות געהאַט אין אַלטערטום, צווישן פילון און

פלאַוויוס, דער ערשטער — אַ פילאָזאָף און דער צווייטער אַ היסטאָריקער און די דיסקוסיע איז עד היום נישט פאַרענדיקט. די וועלכע האַלטן, אַז דער ״את הנכרי תגוש״ [23] איז אַ נאָרמאַלער גאַנג און איז תורהדיק אויסגעהאַלטן, ווייזן אָן אויף דעם פאַקט, אַז ביי שמיטה, ווען מ׳טאָר נישט איינמאָנען קיין חובות אַנטליענע צו ייִדן, מעג מען דאָס טאָן ביי נכרים און זיי ווייזן אָן אויף דער רש״י, גענומען פון ספרי, אַז עס איז גאָר אַ מצווה [24].

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז די משנה גיט בלויז דערלויבעניש צו נעמען ביים פרעמדן פראָצענט אויף הלוואות. די חכמי התלמוד אין דער אגדה און אין דער הלכה האָבן אַנטומוטיקט די דאָזיקע דערלויבעניש, רעקאָמענדירט דעם עטישן שטאַנדפּונקט פון אויסמיידן אַזעלכע פאַרדינסטן [25].

אין דער תקופת הגאונים, ווי מיר זעען פון זייערע תקנות, האָט מען פאַרבאָטן נישט בלויז דירעקטע, אָפענע רבית, נאָר אפילו דאָס וואָס חז״ל רופן אבק רבית, שטויב פון פראָצענט. דער מאָטיוו: נישט אַרויסצורופן קיין אַנטי־סעמיטיזם, מ׳זאָל נישט אויפרייצן די נישט־ייִדישע באַפעלקערונג. אַזוי רבי עמרם גאון און אַזוי דער פילאָזאָף און פוסק רבי סעדיה גאון, וואָרענען נישט צו נעמען — בכלל נישט צו מאַכן קיין מסחרים מיט נישט־ייִדן אויף דער באַזע פון רבית. ״דאפילו רבית לגוי לא יתיב״, איז אַ דערהויבנקייט, ווי דער בעל התהלים לויבט דעם מענטש, וואָס גיט נישט זיין געלט אויף פראָצענט: ״את כספו לא נתן בנשך״ [26].

כדאי צו באַמערקן, אַז אין דעם שווערן און פינצטערן מיטל־עלטער, ווען בלויז וווכעריי איז געווען דער מקור־פרנסה פאַר ייִדן, ווייל מ׳האָט זיי נישט צוגעלאָזט צו אַנדערע פרנסות, האָבן די גדולי־הפוסקים געזוכט אַ היתר אויף צו נעמען רבית ביי נישט־ייִדן, אָבער דער היתר, די דערלויבעניש, איז געגעבן געוואָרן, אויב ס׳האַנדלט זיך ״כדי חייו״, כדי דער ייִד זאָל קענען עקזיסטירן. דער היתר — הייסט עס — איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אומאויפהערלעכע גזירות, באַגרע־נעצונגען און דאָס צווינגען ייִדן צו צאָלן קאָפּשטייער און פאַרשיידענע צינזן, וואָס דער ייִד איז נישט געווען בכוח נאָכצוקומען און געמוזט זוכן כל־מיני פרנסות.

דער אַנטיסעמיטישער אינטעלעקטואַל, פּראָפ׳ זאָמבאַרט, האָט געוווסט אַז צוליב די אומשטאַנדן זענען ייִדן אַריין אין דער דאָזיקער פּראָפעסיע פון לעבן, פון זוכן אַ מקור־פרנסה אין וווכעריי; ער האָט אָבער נישט געוואָלט זוכן קיין באַרעכטיקונג. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פריער דערמאָנטן רמב״ם [27], אַז עס איז אַ מצווה צו נעמען פראָצענט פון אַ נכרי, פון אַ פרעמדן.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, ווערט דער רמב״ם אויסגעטייטשט, אַז ס׳רעדט זיך וועגן הלוואות צו געצן־דינערס, און ווי עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אין צוזאַמענהאַנג מיט די צוויי דעות אין ספרי און אין תלמוד, האָט דער רמב״ם

געפסקנט: "שצונו לבקש רבית מן הנכרי... והוא אמרו יתעלה, לנכרי תשיך.. שזה מצות עשה".

די גדולי הפוסקים האָבן שאַרף רעאַגירט קעגן דער דאָזיקער השקפה: דער ראב"ד אין זיינע השגות קאָמענטירט: "א"א זה לא נמצא בספרי לנכרי תשיך, זו מצות עשה, אלא משום לאו הבא מכלל עשה, לנכרי ולא לישראל". דער רמב"ן פרעגט אָפּ דעם רמב"ם און לערנט, ווי רש"י, "מותר אתה ליקח ממנו נשך" — ס'איז דערלויבט צו נעמען פון דעם נכרי נשך, אָבער נישט ס'זאָל זיין אַ מצווה. אַזוי האַלטן די בעלי התוספות און אַ גרויסע צאָל פוסקים.

דער ר"ן, דער רשב"א, דער רשב"ץ און ר' משה מטראני, ווענדיק פאַר־טיידיקן די שיטה פון רמב"ם, עצהן אָבער די, וועלכע האָבן האַנדלס־באַציונגען מיט נישט־יידן, זיי זאָלן זיך באַנעמען ליבעראַל מיט הלוואות צו נכרים, נישט רייסן און נישט בייסן מיט פּראָצענטער און אַנדערע סאָרטן לייכטע רווחים אויף היפּאָטעקן און אַנדערע גוטיקע הלוואות וואָס דער אָרעמער נכרי איז גע־צוווּנגען צו מאַכן, כּדי אַריינצוברענגען פּרנסה און וווינונג פאַר זיין פאַמיליע.

ר' חיים העליר, אין זיינע הגהות והארות צום ספר המצוות [27]*, ווייזט אָן אויפן רמב"ן, שורש ששי און רמב"ן, חידושים אויף ב"מ (דף ע') און באַמערקט: "לא הזכיר שם הרמב"ם ורק כתב, ולא כדברי מי שאמר, שמצוה מן התורה להלוות את הנכרי, ועי' מה שכתב ר"א בנו של הרמב"ם, במעשי נסים, סימן י'".

דער פּסוק "כספו לא נתן בנשך" [28] וואָס לויבט דעם מענטש וואָס האָט נישט געגעבן קיין הלוואות אויף פּראָצענט, ווערט געטייטשט, אַז דאָס אַנטהאַלט לויב פאַר דעם יידן, וואָס האָט אפילו ביים נכרי נישט גענומען קיין פּראָצענט. חז"ל וואָרענען, אויב מ'נעמט פּראָצענט, מ'לאָזט זיך אַריין אין אַזעלכע לייכטע פאַרדינסטן, האָט מען סיי ווי נישט קיין פאַרגעניגן פון אַזאַ געלט, דאָס פאַרמעגן גייט צום אָפּגרונט, "יורד לטמיון" [29].

ביי תּלמוד־מפרשים [30] גייט אָן אַ שקלא וטריא וועגן דעם וואָס עס ווערט געזאָגט: "עמי ועכו"ם — עמי קודם", אַז אויב אין אַ פאַל, וואָס צום ייד דאַרף מען געבן בחינם און צום עכו"ם ברבית, האָט דער ייד פּרעפערענץ צו באַרגן אים געלט בחינם — אָן פּראָצענט, צי דאָס מיינט אפילו אין אַזאַ פאַל, ווי דער ייד, דער מלווה, דאַרף עס "כדי להחיותו", פאַר פּרנסה. זיי ווייזן אויך אָן אויף אַן ענלעכקייט אינעם דין וואָס ווערט געזאָגט ביי נבלה־פליש: "לגר אשר בשעריך תתננה ואכלה או מכור לנכרי", וואָס חז"ל דרשענען, אַז נתינה לגר איז פריער פאַר מכירה לנכרי [31] — אָבער דאָס וואָלט אונדז אַריינגעפירט אין אַ לענגערן און טיפערן פּלפּול, וואָס מיר ווילן אויסמיידן.

מרן הרב ר' יהודה לייב גרויבאַרט זצ"ל, אין אויסטייטשן דעם פּסוק "לנכרי תשיך" [32] ברענגט באַווייזן פון פּוסקים און מפרשים, אַז דאָס איז געמיינט

געוואָרן — "רשות", אַ דערלויבעניש צו נעמען פון אַ נישט־ייִד פּראָצענט פאַר הלוואות און אַז ס'רעדט זיך וועגן די פאַרדאַרבענע, אָדער אָפּשטאַמיקע פון די פאַרדאַרבענע זיבן כּנענים־פעלקער. אַ נכרי וואָס לעבט נישט לויט די עטישע תּורה־פּרינציפּן, אַזעלכער וואָס וועט צו קיין ייִד נישט באָרגן געלט אָן פּראָצענט, ביי אַזעלכען מעג מען לכל הדעות נעמען פּראָצענט.

אהרן יעקב גרינבערג, ברענגט עס [33] אין נאָמען פון בערלינער רב, ר' צבי הירש לעווין, אַ גלח האָט אים געשטעלט די דאָזיקע פראַגע: ווי קומט עס אַז עס זאָל זיין אַ מצווה צו נעמען פּראָצענט פון אַ נישט־ייִד? האָט ער אים מסביר געווען אַז עס איז אַ רשות און מיט זיין ענטפער צופרידנגעשטעלט דעם פרעגער: אויב דער נישט־ייִד נעמט ביים ייִד פּראָצענט, מעג דער ייִד ביי אים נעמען פּראָצענט...

אָבער ביי ייִדן זענען ביידע געבאָטן, נישט צו האָבן צו טאָן מיט נשך ותרבית, ביי זיי דאַרף מען זיין נזהר, נישט צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע עסקים, סיידן אונטער געוויסע אומשטאַנדן פון וועלכע חז"ל און מפרשים, ווייזן אָן אויף היתּרים. צוליב די ענדערונגען אין קאָמערציעלע, פינאַנציעלע און אינדוסטריעלע אַנט־וויקלונגען צוליב דער נייער קאָניונקטור אין דער עקאָנאָמיע, האָבן די גייסטיקע, פּוסקים־רבנים, איינגעזען, ווי הלל הנשיא אַ מאָל, מתקן צו זיין אַ תּקנה, דורך וועלכער ס'זאָל פאַרלייכטערט ווערן דאָס נעמען פּראָצענט דורך אַ "היתר עיסקא", כּדי נישט אָפּצושטעלן מסחרים און כּדי צו פאַרזיכערן די לעבנס־עקזיסטענץ.

אין די דרייסיקער יאָרן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ ספר פון מרן אדמו"ר ר' אלתר עזריאל מאיר איגר זצ"ל א. נ. "הצעת תקנה נחוצה" [34], וואָס איז נאָכ־געפאָלגט געוואָרן מיטן "קונטרס תקנת רבים" [35], אין וועלכן ער שלאָגט פאַר, אַז יעדעס יאָר, ערב ראש השנה זאָל מען חתמענען אַ יערלעכן "היתר עיסקא", כּדי אויסצוהיטן זיך פון דער עבירה פון באָרגן און אַנטלייען געלט אויף פּראָצענט.

דער לובלינער רבי האָט געשמט פאַר אַ גדול און פּוסק בישראל, און די לומדישע וועלט האָט אויפגענומען מיט באַגייסטערונג זיין פאָרשלאָג, ווי אויסצוהיטן זיך פון דער שווערער עבירה.

צווישן די וועלכע האָבן זיך געחתמעט, ווי אַ הסכּמה אויף דער דאָזיקער תּקנה, זענען געווען די באַרימטע רבנים ר' מאיר אַראַק פון טאַרנע; ר' יחזקאל ליבשיץ פון קאַליש; ר' אברהם מנחם שטיינבערג פון בראָד און אַ סך אַנדערע גדולי־הרבנים — אַזוי, אַז דער ענין רבית איז אַן ענין פאַר די גדולי־התורה, וועמעס שיקול הדעת ווערט באַטראַכט און אַנערקענט אַלס דת־תּורה.

**ח. ציל פון אָפּגעזונדערטקייט. — דיסציפּלינירטקייט און נישט אָפּלערנען זיך פון געצן-דינערס — אָפּגעשלאָסנקייט מיט אַן אָפענע טיר.**

דעם רמבמ"ס שיטה איז געווען אַז אַ צאָל מצוות, זענען ווי אַ באַוואָרעניש: "לא תלכו בחוקות הגוי" — נישט צו גיין אין די וועגן פון די געצן-דינערס.

דער רמב"ם, אין יד החזקה, אין ספר המצוות און אין מורה נבוכים, האָט מאָטיווירט אַ גרויסע צאָל מצוות אויפן יסודותדיקן געבאָט פון "ולא תלכו בחוקות הגוי" — און איר זאָלט נישט גיין אין די איינפירן פון דעם פאָלק וואָס איך פאַר־טרייב פון פאַר אייך [1] און "ובחוקותיהם לא תלכו" — און אין זייערע געזעצן זאָלט איר ניט גיין [2]. דער דאָזיקער געבאָט איז אַ צוגאָב, לויט זיין שיטה, אפילו צום פאַרבאָט פון "השחתת הזקן" — דאָס אָפּגאָלן די באָרד, ווייל די קירכן־גייסטלעכע, די כומרי עכו"ם פלעגן זיך אָפּגאָלן. (דעריבער איז אַ קירכן־פּאָטער גערופן אין ייִדיש ג ל ח).

די משנה [3] לערנט אונדז וועגן דאָזיקן פאַרבאָט: "ואינו חייב עד שיטלנו בתער" — און ער (דער וואָס גאָלט זיך אָפּ די באָרד) איז נישט חייב, קומט אים נישט קיין מלקות, סיידן ער נעמט זי (די באָרד) אַראָפּ מיט אַ גאָלמעסער — דאָס איז השחתה — פאַרניכטונג — ווייל דער פאַרבאָט אַראָפּצונעמען די באָרד ווערט אויסגעדריקט מיטן וואָרט ה ש ח ת ה: "לא תשחית פאת זקנך" [4] איז מען מחוייב בלויז אויף אַזאַ סאָרט גילוח, וואָס איז השחתה, די האָר ווערן פאַרדאַרבן, אַראָפּגענומען ביז דער הויט ... [5].

דער טעם פונעם פאַרבאָט אַראָפּצונעמען די באָרד, איז ביי אַ צאָל גדולי המפרשים והפוסקים אָנגעגעבן, ווי ביים רמב"ם, כּדי צו זיין אַנדערש פונעם געצן־דינער [6]. אַנדערע זעען אין דעם אַ מאָטיוו פון ווען אויסקוקן ווי אַ פרוי און ס'איז במילא דאָ דער געבאָט "לא ילבש גבר שמלת אשה" — אַ מאַנספּאַרשוין זאָל נישט אָנטאָן אַ קלייד פון אַ פרוי, וואָרום אַן אומווערדיקייט ביי גאָט דיין האָר איז איטלעכער וואָס טוט דאָס [7].

אין מדרש [8] — אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּסוק "ואבדיל אתכם מן העמים להיות לי" — אמר ר' לוי: כל מעשיהם של ישראל מובדלים מן אומות העולם... ...בהתגלחתם — קאָמענטירט ר' לוי, אַז אַלע מעשים ביי ייִדן זענען אַנדערש ווי ביי די פעלקער [9].

דער אבן עזרא [10] לערנט, ווי דער רמב"ם, אַז דאָס פאַרבאָטן אָפּגאָלן די באָרד איז צוליב אָפּזונדערן ייִדן פון נישט־ייִדן: "וטעם להזכיר לא תקיפו פאת ראשכם כמעשה הגויים להיות מובדלים מהם. ואחר ששער הראש והזקן לתפארת נברא, אין ראוי להשחיתו" [11].

דער הראַ"ה אין ספר החינוך גיט אויך דעם טעם פון גילוח־פאַרבאָט, צוליבן מנהג הכומרים: "כדי שלא נתדמה לעובדי עבודה זרה...".

דער רד"ק שרייבט: "וחרפה היה גלות הזקן" [12] אין שייכות מיט דער מעשה, וואָס חנון בן נחש מלך בני עמון האָט באַפוילן אָפּצוגאָלן האַלבע בערד פון די מענטשן וועלכע דוד האָט געשיקט אים טרייסטן נאָכן פאָטערס טויט און ס'ווערט דאָרט געזאָגט: "כי היו האנשים נכלמים..." האָט חנון גענומען דודס מענטשן און האָט זיי אָפּגעגאָלט אַ האַלבע באָרד... וואָרום די מענטשן האָבן זיך זייער געשעמט... זיצט אין יריחו ביז אייער באָרד וועט אָפּוואַקסן...".

דער ספורנו [13] לערנט אויך ווי דער רמב"ם, אַז דער פאַרבאָט אָפּצוגאָלן די באָרד איז צוליב נישט דערלאָזן אַז יידן זאָלן אויסזען ווי די געצן־דינערס.

אָבער נישט אַלע פוסקים נעמען אָן דעם רמב"מס טעם. זיי האַלטן זיך ביים פּרינציפּ פון "אין טעם למצוות", מען פאַרלאָזט זיך נישט אויף קיין טעם, ווייל די מצוות פון דער תורה שטייען העכער פון מענטשלעכע השגות, פון מענטשלעכן שכל. דער טור, ברעגנענדיק דעם רמב"ם, זאָגט: "זה אינו מפורש בו, אין אנו צריכים לבקש טעם למצוות".

דער חתם־סופר (ר' משה סופר, תקכ"ג—1762; ת"ר—1839) פון די גדולי הפוסקים, זעט נישט אין דעם אַ "חוקות הגויים": "...והוא דבר דלא נמצא בש"ס ופוסקים וגם לא בשום ספר מספרי הצונים שיהי' הפרש בין ישראל לאינו ישראל בגילוח הזקן — כי אז גם כל האומות היו מגדלים זקנם..." [14].

דער בית־יוסף פאַרטיידיקט דעם רמב"ם; ער האַלט, ווי דער בעל החינוך, אַז די כומרים פלעגן גאָלן זייערע בערד און דעריבער האָט דער רמב"ם און אַ צאָל ראשונים געהאַלטן אַז דאָס איז דער טעם, פאַר וואָס יידן טאָרן זיך נישט גאָלן די בערד און וואָס שייך די קשיא "אין נותנים טעם למצוות", האַלט ער, אַז דאָ ביים גילוח־פאַרבאָט איז "כמפורש הטעם בקרא", אַז די תורה זאָגט אונדז יאָ דעם טעם.

דער בעל "הכתב והקבלה" (ר' צבי הירש מעקלענבורג, תקמ"ה—1785; תרכ"ה—1865) האַלט, אַז דער רמב"ם האָט דערמיט צוגעגעבן נאָך אַ "לאו" — פאַרבאָט:

"...כל זה כתב הרב (הרמב"ם) בטעם המצוה להגדיל האזהרה, שמלבד הלאו המפורש בגילוח פיאות הראש והזקן, עוד עובר בלאו דבחוקותיהם לא תלכו..." [15].

דער רמב"ם, ווי מיר זעען פון זיינע פסקים און פון זיינע פירושים, האָט שטאַרק געוואָלט ממשיך זיין דאָס אָפּזונדערן יידן פון די אַנדערע פעלקער; ער האָט ממשיך געווען די תקנות פון עזרא "להבדיל מתערובת טוב ורע" [16], אָבער צו דער זעלביקער צייט, געוואָרנט, נישט צו נאַרן און נישט באַזלען אַנדערע פעלקער. משום שלום, דערלויבט געוויסע באַציונגען, ווי ער פסקנט אין הלכות עכו"ם [17]: "וכן גוי עכו"ם ששלח דורון לישראל ביום חגו, לא יקבלנו ממנו, ואם

חושש ל א י ב ה נוטלו בפניו, ואינו נהנה בו, עד שיוודע לו שזה הגוי אינו עובד עכו״ם ואינו מודה בה״.

דערמיט קען מען פאַרשטיין דעם מאמר אין דער גמרא:

״באותה שעה אמרו, אסור לאדם שילמד לבנו חכמת יוונית...״ [18] און אַזוי וועגן שערן זיך ווי ביי די דעמאַלטיקע פעלקער. ס׳איז אָבער דערביי דאָ אַן א ב ע ר: ווען ס׳איז דרינגענדיק נויטיק, האָט מען דערלויבט:

״שאני של בית רבן, דקרובין למלכות היו. דתניא, מספר קומי הרי זה מדרכי האמורי, אסטולמוס בן ראובן התירו לספר קומי שהוא קרוב למלכות; של בית רבן גמליאל התירו להן חכמת יוונית מפני שקרובין למלכות...״.

מיר וואָלטן זיך אפשר געדאַרפט אַריינלאָזן אין אַ ברייטערער טעזע, אָבער דאָס וואָלט אַריינגעפירט אין הלכה און אין פּילפּול וואָס מיר ווילן, ווי ווייט מעגלעך, אויסמיידן. די עקזאַקטקייט פון דער הלכה, געהערט צו רבנים פּוסקים־מומחים און גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער פאַרשאַרבעט.

די שטרענגקייט אין דער באַציונג מיט נישט־יִדן האָט געהאַט דעם ציל נישט אַנצולערנען זיך פון די היידן, פון די פאַרדאַרבענע פעלקער, נישט צו טאָן ווי די מעשים פון כנען, מצרים און אַנדערע אוממאָראַלישע פעלקער. אין דעם זין דאַרף מען פאַרשטיין ר׳ שמעון בן יוחאיס באַהויפּטונג: א י ר זייט מענטשן, אָבער נישט די געצן־דינערס.

ער האָט דאָס געזאָגט וועגן די אכזריותדיקע רוימער, אָבער געמיינט האָט ער א ל ע פעלקער וואָס באַגייען אכזריותדיקייט. די רוימער האָבן געוואָלט ליקווידירן אַלע פעלקער, אַלע שבטים, אַלע סעקטעס וועלכע זענען נישט געגאַנגען אין זייער שפּאַן. די זעלביקע מעשים האָבן מיר געזען אין מצרים און מיט אַזעלכע מעטאָדן האָבן אין מיטל־עלטער די קירכע, די יעזויִטן, געוואָלט באַהערשן אַנדערש־גלויביקע.

אין מכילתא [19], לערנען מיר: ״הירא את דבר ה׳ מעבדי פרעה, הניס את עבדיו ואת מקנהו אל הבתים״ ולהלן: ״ויקח שש מאות רכב בחור״ — משל מי היו הבהמות שהיו טוענין המרכבות... משל הירא את דבר ה׳, נמצינו למדים שהניס הירא את דבר ד׳, והם היו תקלה לישראל. מכאן היה ר׳ שמעון אומר: טוב שבגויים הרוג, טוב שבנחשים רצוץ את מוחו״.

דער דאָזיקער זאָג פון ר׳ שמעון — און סתם ר׳ שמעון, איז דאָך ר׳ שמעון בן יוחאי, דער בעל הזוהר — האָט געגעבן אַ געלעגנהייט א ל ע שונאי־ישראל, צו ווייזן די ברוטאַלקייט פון די תנאים צו נישט־יִדן; דערצו נאָך ר׳ שמעון בן יוחאי, דער געטלעכער, הייליקער מאַן, ער זאָל האָבן אַזאַ באַציונג צו גויִם נישט־יִדן, אַז דעם ב ע ס ט ן זאָל מען הרגענען.

אין תנחומא [20], און אין רש״י [21], איז די גירסא ״טוב ש ב מ צ ר י י ם הרוג

און אַזוי, זעט אויס, דאַרף זיין די גירסא, ווייל ס'רעדט זיך דאָך וועגן די גוטע מצרים, וועלכע האָבן געשפּאַנט פערד־און־וואָגן נאָכצויאָגן די בני־ישראל.

אין מסכת סופרים[22], איז די גירסא „הכשר שבעכו״ם״ — און דאָס איז נישט קיין נייס: מיר האָבן אומצייליקע וואַרענונגען צו באַקעמפן און אויסראָטן די געצן־דינערס צוליב זייערע שרעקלעכע מעשים. און דאָרט רעדט זיך „בשעת מלחמה״, אין צייט ווען מען פירט מלחמה מיט געצן־דינערס, מען קעמפט פאַרן לעבן, ווי דאָס איז געווען אין יענעם קריטישן מאָמענט, ווען די מצרים האָבן ביים ים־סוף זיך פאַרמאָסטן צו מאַכן אַ סוף צו די בני־ישראל. דער נס איז געשען און ס'איז געווען דאָס פאַרקערטע: די מצרים זענען דערטרונקען געוואָרן און די ייִדן זענען אַרויס ביבשה — אויף דער טריקעניש.

ר' יחיאל מפריז האָט אין יאָר ה' אלפים, ד"ה, מיט אַרום זיבן הונדערט און־פופציק יאָר צוריק, אין זיין פאָלעמיק מיטן משומד ניקאָלאַי דאָנין, אים אויס־געטייטשט דעם מאמר, אַז עס רעדט זיך אין צייט פון מלחמה, ווען דער כלל איז אָנגענומען: „הבא להרגך, השכם להרגו״ — דאָס מיינט, אַז דאָס איז געזאָגט, בעת מ'דאַרף זיך באַשיצן קעגן מערדערס און דאָס איז אָנגענומען אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. זעלבשוץ ווערט אָנערקענט און פּראַקטיצירט אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטן.

ס'זענען דאָ נאָך אַ צאָל טייטשן. איין טייטש פון די פיל טייטשן איז אַז ס'דאַרף זיין הורג און נישט הרוג. דאָס זאָל מיינען אַז דער בעסטער פון די מצרים איז גרייט צו הרגענען, ווען ער קריגט אַזאַ באַפעל...

ר' שמעון בן יוחאי, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן פון די רוימער, האָט דאָ געוואָלט ווייזן, אַז מ'קען נישט האָבן קיין צוטרוי צו שונאים. אפילו ווען זיי ווייזן אַרויס לפנים, אַן אָנשטעל פון גוטסקייט — אַ באַווייז, די מצרים. ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש[23], אויפן פּסוק „'עתה שלח העז את מקנך' — בא וראה רחמיו של הקב"ה, אפילו בשעת כעסו ריחם על הרשעים ועל בהמתם... שלא ילקו בברד״ און איצט, זיי האָבן נאָר אַ געלעגנהייט, לויפן זיי מיט שמחה צו פאַרניכטן חלילה די געראַטעוועטע פון מצרים־שקלאַפעריי.

די בעלי־אגדה דערציילן[24] אַז אינעם מאָמענט, ווען די מצרים האָבן זיך געראַנגלט אינעם ים, און די ייִדן זענען אַרויס מיט שמחה, האָבן די מלאכים געוואָלט זאָגן שירה, די טעגלעכע שירה צום באַשעפער, האָט הקב"ה זיי געוואָרנט: „מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה?״ און ווער זענען די מעשי ידי? — פּרעהס אַרמיי, וואָס האָט זיך געיאָגט צו כאַפּן די ייִדן.

נאָך אַלע טייטשן קען מען זאָגן, אַז דער דאָזיקער זאָג איז ווי דער זאָג: טוב שברופאים לגיהנום[25], אָדער ווי עס ווערט געזאָגט: הכשירה שבנשים בעלת כשפים[26], וואָס איז אָן ספק, געמיינט געוואָרן, אַ קריטיק אויף דאָקטוירים, וועלכע

פוילן זיך און דערפילן נישט זייער מיסיע בשלימות, מיט זירוז, מיט עקסטרעמער פארזיכט ביים מאכן א פראגנאז פון א קראנקייט און ביים היילן דעם קראנקן. דאס זעלביקע וועגן פרויען, וועלכע גיבן זיך אפ מיט אבערגלויבערישקייט, מיט פוסטער מאגיק.

אין דעם זין קאן מען פארשטיין דאס וואס ריש לקיש זאגט: נכרי (אין טייל נוסחאות: עכו״ם) ששבת חייב מיתה [27].

און דא, נאך א מאל צום ענין: ״אתם קרויים אדם״ [28] — דאס איז דאך אויך א מאמר פון רבי שמעון בן יוחאי.

הרב ר׳ בצלאל זאב שאפראן [29] האט דא אן אינטערעסאנטן טייטש: בלויז ביי אייך, ביי ייִדן, רעכנט מען זיך מיטן יחיד, מיטן איינצלנעם מענטשן, אפילו ווען דאס איז נוגע דעם ווויליזיין פון דער מדינה. ער ברענגט דערביי פסוקים: ״מי האיש אשר בנה בית... אשר נטע כרם... אשר ארש אשה...״ [30] — די אלע ווערן פריי פון מיליטער־דינסט, אפילו אין צייט פון מלחמה, א מלחמת־רשות, ווייל ביי מלחמת־מצווה איז שוין דער דין: ״הכל יוצאין, אפילו חתן מחדרו וכלה מחופתה״ [31]. מען רעכנט זיך שטארק מיט דער סענסיטיווקייט און מצב פונעם יחיד, אבער ביי די אומות־העולם — געוויס איז דאס געווען אין דער עפאכע פון רוימישער הערשאפט — האט מען זיך נישט גערעכנט מיטן איינצלנעם מענטשן. דער איינצלנער האט נישט געהאט קיין חשיבות. זיי אנערקענען נישט דעם ״חביב אדם שנברא בצלם״, וואס רבי עקיבא, דער רבי פון ר׳ שמעון בן יוחאי, האט אזוי שטארק באטאנט און דאס איבערגעגעבן צו זיינע תלמידים.

הרב חנוך־העניך שאפראן, דער זון, קאמענטירט דעם פאטערס מאמר, די כוונה איז געווען ביים פאטער (וואס ער זאגט עס נישט — ג. ש.): אלע נעמען מיט וועלכע מען טיטולירט דעם מענטשן, ווי איש, אנוש, גבר קומען יחיד אז רבים, איין צאל און מערצאל, אויסער דעם ווארט־נאמען אדם, וואס קומט בלויז אין לשון יחיד. ער איז דערמיט מסביר, לויט אים א פאקטועלן סימן: אלע רעליגיעס זענען נישט געבונדן צום פאלק, צו אן איינציק פאלק. אן ענגלענדער קאן זיין א פראטעסטאנט, א קאטוליק, א מוזולמענער אא״וו — ער בלייבט אלץ אן ענגלענדער. דער ייִדישער דת איז געבונדן מיטן ייִדישן פאלק און דאס זאל זיין דער מיין ״אתם קרויים אדם״, פאר אייך איז גילטיק דער אויסדרוק אדם, וואס קען נישט זיין בלשון רבים, ווייל אייער אמונה איז פארן ייִדישן פאלק און פאר די וועלכע מאכן דורך דעם גרות־פראצעס, זייענדיק איבערגעצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער ייִדישער אמונה [32].

אין דעם זין קען מען אויך אויסטייטשן די ברכות ״שלא עשני גוי, שלא עשני אשה״ [33].

נישט געקוקט אויף דעם שארפן אויסדרוק פון רבי שמעון בן יוחאי, לויט אלע

טייטשן און פאַרטיידיקונג, בלייבט אָבער דער פאַקט, אַז ייִדן האָבן תּמיד געזוכט גוטע באַציונגען מיט אַלע פעלקער. אפילו נאָך נסימדיקע געשעענישן, האָט מען נישט געוואָלט אויפברויזן קיין שׂנאה־קנאה פון אַנדערע פעלקער. נאָכן נס פּורים, ווען אסתר המלכה און מרדכי הצדיק האָבן אויפגעשריבן די פּרטים פונעם נס, איז געווען אַ פראַגע ביי די חכמים אין יענער תּקופה, צי דאָס וועט נישט חלילה אַרויסרופן אַ שׂנאה צו ייִדן: "שלחה להם אסתר לחכמים, כתבוני לדורות..." האָבן די חכמים איר געענטפערט: "קנאה את מעוררת עלינו" [34].

מענטשלעכע באַציונגען זענען אַ יסוד אין יהדות, נישט בלויז באַציונגען צווישן ייִד און ייִד, נאָר אויך צווישן ייִד און נישט־ייִד [35]. דאָס באַגרענעצן פון זיין אין חברשאַפט, געניסן פון מאכלים ביי נישט־ייִדן, איז קיין מאָל נישט געווען מחמת וועלכער נישט איז דיסקרימינאַציע; דאָס האָט צו טאָן צו פאַרהיטן ייִדן זיי זאָלן נישט ווערן אויסגעמישט און פאַרלירן די אייגענע אידענטיטעט. דעריבער איז פאַרווערט צו טרינקען ווין, צו עסן זייערע מאכלים, ווייל זיי זענען נישט נזהר אין די דינים פון כּשרות און מאכלות אסורות און דעריבער, אַזוי שאַרף און מיט באַוואָרעניש וועגן דער באַשטעטיקונג "מיהו יהודי".

בדרך כּלל, איז דער ייִד געבאָטן מיט די שטרענגסטע ווערטער, נישט צו נאַרן און אוודאי נישט צו באַעוולען, דעם נישט־ייִד [36].

אַ ליבעראַל־העפלעכע באַציונג איז געווען אפילו צום כּנעניש קנעכט: ס'ווערט געזאָגט: "המשחרר עבדו עובר בעשה" [37] די עשה: "לעולם בהם תעבודו" [38] און עס ווערט אויך געפסקנט [39] אַז מ'טאָר נישט לערנען קיין תּורה מיטן כּנעניש קנעכט. שטעלט זיך די פראַגע, ווי אַזוי האָט אברהם אבינו געלערנט תּורה מיט זיין קנעכט אליעזר, עבד אברהם, וועגן וועלכן ס'ווערט געזאָגט אַז ער איז געווען "זקן ויושב בישיבה... שדולה מתורת רבו ומשקה לאחרים..." דער אויספיר אין דער גמרא איז אַז אויב ס'איז צו טאָן אַ מצווה, מעג דער האַר, דער קנעכט־באַזיצער, באַפרייען זיין קנעכט, לערנען מיט אים תּורה. ס'איז אַ חוב אויף אַ פאָטער חתונה צו מאַכן זיין זון [40], האָט אברהם אבינו געמעגט לערנען תּורה מיט זיין קנעכט און אים באַפרייען פון דינען אים ווי אַ קנעכט.

## ט. סימנים פאַר זרע אברהם. — שטראָף און חסד. — תּפילות און האָפענונג אָפּצוווישן רשעות. — ליבעראַליזם און אוניווערסאַליזם ביים מלכות־שלמה.

ווי מיר האָבן אָנגעוויזן שוין נישט איין מאָל, איז אין יהדות אָנגענומען, אַז שטראָף קומט נישט בחינם, אַז הימלישער משפּט איז באַזירט אויף צדק, נאָר מיר ווייסן נישט גענוי די סיבות; מיר, מיט מענטשלעכע אויגן און פליישיקע הערצער,

קאָנען נישט אַריינדרינגען אין דער הימלישער מיסטעריע. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן, לויט מקורים, אַז דער הימלישער חסד איז נישט באַגרענעצט בלויז צו ייִדן, נאָר נעמט אַרום די גאַנצע מענטשהייט — און אפילו די בעלי־חי; און אויב מיר ווילן אַריינדרינגען אַ ביסל טיפער, אפילו דעם צומח און דומם. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער טעמע.

רחמנות און מיטלייד זענען, היסטאָריש גענומען, ייִדישע אייגנשאַפטן. דאָס איז יסודותדיק אין תנ״ך, אין דער ייִדישער מחשבה, זינגט די אָבות און גייסט־מענטשן פון אַלטערטום און אין דער נייער צייט. די דאָזיקע אייגנשאַפט האָט באַאיינפלוסט דעם ייִדן און אים דערהויבן.

די סימנים, אַז מיר שטאַמען פון דער זרע אברהם, זענען די מידות: רחמנים, ביישנים און גומלי חסדים [1]. מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן אויפן קאַטעגאָרישן זאָג: ״ושמעתי כי חנון אני״ [2].

וואָס שייך דעם גר, דאַרף מען אים באַהאַנדלען מיט דער גרעסטער רחמנות־באַציונג; מ׳דאַרף אים ממש ליב האָבן, ווי דער פסוק זאָגט: ״ואהבת לו כמוך״ [3], ״ואהבתם את הגר״ [4], מ׳זאָל אים באַזאָרגן מיט דאָס נויטיקסטע, ״לחם ושמלה״ [5], ענלעך צום אַנזאָג און מצווה: ״ואהבת לרעך כמוך״ [6].

וועגן ייִדישן רחמנות־געפיל האָבן אפילו געוווסט די געצנדינערישע פעלקער. אחאָב, ווי ער ווערט כאַראַקטעריזירט און ווערט באַשטראָפט, האָט געהאַט אין זיך רוצחישע אייגנשאַפטן, ״הרצחת וגם ירשת״ [7], אָבער ביי די אַרומיקע פעלקער האָט מען געהאַלטן, אַז ער געהערט צו די ״מלכי חסד״: ״הנה נא שמענו, כי מלכי בית ישראל, כי מלכי חסד הם״ — מיר האָבן געהערט, אַז די ייִדישע קעניגן געוועלטיקן מיט חסד [8].

מלכות שלמה ווערט געלויבט צוליב שלמהס ליבעראַליזם, פאַרשטענדעניש און חסד־באַציונגען, בעטנדיק ביים רבונו של עולם, אַז די תפילות פון אַלע פעלקער, פון נאָענט און ווייט, זאָלן געהערט ווערן פון דעם הייליקן הויז. שלמה המלך, איז געגאַנגען אַזוי ווייט מיט זיין ליבעראַליזם, ביז צו נעמען ״נשים נכריות״, וואָס דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן אים אַראָפּגעפירט פונעם גלייכן וועג, פון דעם וועג וואָס ער האָט זיך פריער געשטעלט: ״ויאהב שלמה את ד׳ ללכת בחוקות דוד אביו״ [9] און דער סוף: ״אהב נשים נכריות...״ [10] און זיי האָבן געהאַט אַ השפעה אויף זיין מלכותדיקן הויף און אויף אים אַליין מיט זייער געצנדינעריי: ״ולעת זקנתו הטו את לבו״ [11].

מיר וועלן ווייטער, ווי אַ המשך צו מיינע ווערק, וועגן געמישטע חתונות אַ מאָל און היינט, זיך אָפּשטעלן אויף עזרא הסופרס שטרענגען באַפעל אַרויסצושיקן און זיך אָפּזונדערן פון די נשים נכריות, פאַר וואָס ער איז געווען אַזוי שטרענג, פאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט אפילו מקבל זיין זייער גרות. דאָ ווילן מיר בלויז

אַנווייזן אויפֿן פֿאַקט, אַז אפילו אַזאַ גרויסער קעניג, דער גרעסטער חכם, בויער פֿון בית־המקדש, דער געטרייער זון פֿונעם "נעים זמירות ישראל", אפילו ער, האָט געקענט ווערן אַראָפּגעפֿירט פֿונעם גלייכן ייִדישן וועג צוליבן אַריינבעמען אין זיין הויז — ווי זיינע ווייבער — פֿרעמדע פֿרויען וואָס דאָס האָט געבראַכט שאָדן דעם מלכות יהודה.

גרים האָט מען תּמיד אַריינגענומען און "גרים" זענען געווען אונדזערע אָבות, בעת זיי איז אויסגעקומען צו לעבן צווישן אַנדערע שבטים און פֿעלקער: אברהם אָבינו זאָגט אויף זיך, אַז ער איז אַ גר צווישן די בני חת, אָבער זיי טיטולירן אים מיטן העכסטן טיטל "נשיא אלהים אתה בתוכנו" [12]. יעקב אָבינו ווערט אויפֿגענומען בכבוד גדול פֿון פּרעה מלך מצרים וועלכער פֿאַרלאַנגט פֿון אים אַ ברכה [13]. דער דאָזיקער אַקט פֿון מצרים ווערט אַנערקענט [14]. אַז ייִדן האָבן מקבל געווען גרים, איז דאָך באַקאַנט די האַנדלונג פֿון אברהם און שׂרה, די ערשטע פֿון די אָבות און אמהות פֿון ייִדישן פֿאָלק און דערצו די אומצאָליקע געזעצן און וואָרענונגען צו באַהאַנדלען די גרים מיט חסד.

ווי שוין דערמאָנט, איז די חסד־באַציִונג געווען נישט בלויז צו גרים, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין ייִדנטום, אפילו צו פֿרעמדע, אַנדערש גלויביקע, האָט מען זיך באַצויגן מיט חסד.

בעת שלמה המלך האָט געפּראַוועט די שׂמחה פֿון חנוכּת־בית־המקדש, האָט ער מתפּלל געווען, אַז די פֿרעמדע פֿון ווייט און נאָענט, וועלכע וועלן קומען מתפּלל זיין אינעם הייליקסטן הויז פֿון ייִדישן פֿאָלק, זאָל זייער תּפֿילה געהערט ווערן: "וגם אל הנכרי, אשר לא מעמך ישראל הוא ובא מארץ רחוקה למען שמך... ובא והתפלל אל הבית הזה — אתה תשמע השמים, מכון שבתך ועשית ככל אשר יקרא אליך הנכרי" [15].

ס'איז באַקאַנט דער מאמר, אַז אין דער צייט פֿון דוד המלך און זיין זון שלמה, האָט מען נישט מקבל געווען קיין גרים, ווייל מ'האָט געהאַלטן, אַז זיי זענען נישט ערנסט — אָבער די וועלכע מ'האָט מקבל געווען, למשל די גבעונים אין צייט פֿון יהושע און אַזעלכע זענען געווען בימי משה [16] און בימי דוד: "ויאמר דוד לכנוס את הגרים אשר בארץ ויעמד חוצבים לחצוב אבני גזית לבנות בית האלקים" — און דוד האָט געהייסן איינזאַמלען אַלע פֿרעמדע וואָס אין לאַנד ישראל, און ער האָט געשטעלט שטיינהעקער אויסצוהאַקן געשניטענע שטיינער אויף צו בויען דאָס הויז פֿון גאָט [17] — אַזעלכע גרים זענען שוין געבליבן אין ייִדנטום, אָבער וועגן דעם — אין אַ ווייטערן פּרק.

דאָ ווילן מיר באַהאַנדלען דעם אוניווערסאַליזם אין דער ייִדישער מחשבה און אין ייִדישן געפֿיל.

דער חטא פֿון געצן־דינערײַ איז איינער פֿון די זיבן געבאָטן וואָס אַ בן נח

איז געבאַטן געוואָרן. י. קויפמאַן איז נישט גערעכט מיט זיין באַהויפּטונג, אַז געצן־דינעריי איז ביי אייניקע נביאים באַטראַכט געוואָרן ווי בלויז אַ חטא ביי ייִדן [18]: „האלילות היא חטא לישראל ולא לגויים. את הגויים הוא שופט רק על חטאים מוסריים..." די נביאים האָבן געזאָגט זייער נביאות וועגן אַלע חטאים סיי ביי ייִדן און סיי ביי נישט־ייִדן. ווען זיי רעדן וועגן אַ ליכטיקער צוקונפט, זעען זיי די גאַנצע מענטשהייט. זיי זעען דעם חורבן, די קאַטאַסטראָפע צוליב זינד, דעם יום „פקודה" — טאָג פון משפט־און אויך תשובה פון פעלקער וואָס וועט ברענגען דערלייזונג.

אַזוי ישעיה הנביא [19], אַזוי עמוס, אַזוי הושע, וועלכער דריקט זיך אויס „כי אין אמת ואין חסד ואין דעת אלקים בארץ" [20] — ווייל קיין אמת און קיין גענאָד און קיין דערקענונג פון גאָט איז ניטאָ אין לאַנד. אמת, זיי רעדן דער עיקר צו ייִדן, ווייל זיי האָבן געלעבט צווישן ייִדן, געשיקט געוואָרן צו ייִדן; און ווייל זיי האָבן ביי זייער אייגן פאָלק געוואָלט זעען דעם אמת, דעם עטישן און מאָראַלישן אמת, דעם בטחון אין גאָט, וואָס האָט זיי געשיקט צום פאָלק ישראל.

דער „אחרית הימים", ווי עס זעען אים ישעיה הנביא [21] און מיכה הנביא [22] נעמט אַריין די גאַנצע מענטשהייט, אַלע פעלקער. ווען זיי וואָרענען קעגן געצן־דינעריי, איז די וואָרענונג נישט בלויז געווענדט קעגן חטאָ ביי ייִדן, נאָר ביי אַלע פעלקער און נישט בלויז דניאל האָט געזען (ווי קויפמאַן ווייזט אָן מיט רעכט), די זינד פון געצן־דינעריי ביי נישט־ייִדן [23]. נבוכדנאצר איז דערהויבן געוואָרן צו וועלט־פירערשאַפט, צו ווערן וועלט־רעגירער צוליב זיין לויבן דעם גאָט פון ישראל; ער איז אַראָפּגעפאַלן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חיה וואָס לעבט אין וואַלד, ווען ער האָט זיך דערקלערט אַלס גאָט און צוריק דערהויבן געוואָרן ווען ער האָט אויפס׳ניי דערקענט דעם אלקי ישראל [24].

נישט בלויז דניאל, ווי קויפמאַן וויל באַווייזן, נאָר אַ ל ע נביאים האָבן געזען דעם חטא פון דינען עבודה זרה ביי נישט־ייִדן און זיי זענען געשטראָפט געוואָרן צוליב געצן־דינעריי.

און נישט בלויז צוליב געצן־דינעריי זענען פעלקער געשטראָפט געוואָרן; זיי זענען אויך געשטראָפט געוואָרן צוליב שלעכטער באַהאַנדלונג פון מענטשן, פעלקער, ראַסן און שבטים — דער פּרינציפּ איז: „אל אחד בראנו..." זיי זענען געשטראָפט געוואָרן פאַר פאַרשוועכונג פון הייליקטימער. בלשאצר, נבוכדנאצרס נאָכפאָלגער איז געשטראָפט געוואָרן, ווייל ער האָט מחלל געווען די כלי־המקדש, באַווייזנדיק גאווה, געצן־דינעריי און זנות, אפילו מיטן „שגל־כלבתא" [25] און דעריבער: „מנא מנא, תקל ופרסין" — געציילט, געציילט, און צעטיילט [26].

דער באַשעפער פאַרלאַנגט פון אַ ל ע מענטשן מקיים צו זיין די „שבע מצוות בני נח" און ווען זיי זענען זיי מקיים, ווערן זיי באַטראַכט ווי „חסידי אומות העולם"

און האָבן אַ חלק עולם הבא [27]. ווען ס׳האַנדלט זיך אין ראַטעווען מענטשן, דאַרף מען ראַטעווען אפילו אַזעלכע זינדיקע ווי נינוה, רופן זיי תשובה צו טאָן און במילא וועלן זיי פאַרגעבן ווערן זייערע זינד.

יונה הנביא וויל אַנטלויפן, ער האָט געהערט דעם געטלעכן באַפעל צו גיין קיין נינוה און ער אַנטלויפט גאָר קיין תּרשיש ״מפני ד׳״...[28], ווערט ער גע־צווונגען צוריקצוקומען און דערפילן זיין שליחות. מ אַ נ אַ ט ע ־ י ז ם ווערט גע־שטאַרקט דורך אוניווערסאַליזם[29].

וואָס שייך גרים, האָט מען זיי תּמיד מקבל געווען. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן און מיר וועלן זיך באַזונדערס אָפּשטעלן וועג דעם אין אַ ווייטערן פּרק. בימי דוד ושלמה האָט מען זיך אָפּגעהאַלטן פון אויפנעמען גרים, ווייל מ׳האָט געהאַט אַ חשד, אַז זיי זענען נישט ערנסט, איבערגעצייגט, אַז זיי טוען עס צוליב דער מורא פון מלכות דוד וועלכער איז געווען דער ״מלך הגבורה והנצחון״ — דער קעניג וואָס האָט כּובש געווען און באַזיגט שונאים. האָט מען געקענט האָבן אַ חשד, אַז די וועלכע ווילן אַריבערגיין צום יידנטום, טוען עס צוליב מורא און אין צייט פון שלמה המלך, דער קעניג פון עושר און חכמה — צוליב באַקוועמ־לעכקייט.

נאָכן באַזיגן המנען — לערנען מיר אין מגילת אסתר — האָט מען מקבל געווען ״גרים מתיהדים״ און ״נילוים״ [30]. נאָך אַ זאַך לערנען מיר אין מגילת אסתר: המנס פּלאַן איז געווען טאָטאַלער אומקום פון יידנטום: ״להשמיד, להרוג ולאבד״ — ראַסישע שנאה [31]. אסתר, וויל נישט קיין נקמה, וויל נישט דעם פאַרמעגן פון די שונאים, זי פאַרלאַנגט בלויז ״להלחם באויביהם״ [32] און ״להקהל ולעמוד על נפשם״ — זיך איינזאַמלען און זיך שטעלן פאַר זייער לעבן [33]. איר צוגאַנג איז אין דער פולשטענדיקער טראַדיציע פון דער יידישער מחשבה און פון יידישן געזעץ.

נינוה איז שרעקלעך זינדיק, ״כי עלתה רעתם לפני״ [34] — וואָרום זייער שלעכטקייט אין אויפגעגאַנגען פאַר מיר — זאָגט גאָט, און דאָך שיקט גאָט דעם נביא, אפשר וועט ער פועלן און זיין רוף וועט העלפן, די שטאָט זאָל תשובה טאָן.

וואָס איז דער סוף?

נינוה טוט תשובה און ״וירא האלקים את מעשיהם, כי שבו מדרכם הרעה וינחם ד׳ על הרעה אשר דבר לעשות...״ [35], חז״ל קאָמענטירן: ״שינוי מעשה תציל ממות״ — אויב מען ענדערט מעשים צום גוטן, מ׳טוט תשובה, ווערט מען גע־ראַטעוועט פון טויטשטראָף [36]. דאָס איז דער יידישער וועג.

ס׳איז נישט, ווי איוב מיינט, אַז שטראָף קען קומען אומזיסט. אין יהדות, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, קומט נישט קיין שטראָף בחינם. ס׳איז בלויז אומפאַר־שטענדלעך פאַר אונדז דער הימלישער משפּט. מיר פאַרשטייען נישט גענוי, נאָך

אַלע אויסטייטשונגען, דעם עיקר חטא עץ־הדעת, צוליב וועלכן ס׳איז גוזר געוואָרן טויט איבער דער מענטשהייט:

רבי אמי זאָגט: ״אין מיתה בלא חטא ואין יסורין בלא עונשין״ [37], נישט געקוקט דערויף וואָס דער אויספיר איז אַ ביסל אַנדערש: ״יש מיתה בלא חטא ויש יסורין בלא עון״, תוספות פאַרנעמט זיך אויסצוטייטשן דעם מיין פון די ווערטער. מיר ווייסן אויך פונעם פסוק: ״אשר יאהב ד׳ יוכיח״ [38] — דעם וואָס גאָט האָט ליב, דעם שטראָפט ער וכו׳.

ס׳איז באַקאַנט דער מאמר פון רבי חנינא בן דוסא: ״אין ערוד ממית אלא החטא ממית״ [39]. אין דער תורה האָבן מיר דעם זאָג פון די צלפחד־טעכטער וועגן טויט פון זייער פאָטער ״כי בחטאו מת״ [40]. דאָרט איז געוועזן דער טויט־עונש דורכן בית דין של מטה, דער אויסדרוק: ״בחטאו מת״ איז אַ רמז אַז טויטשטראָף קומט צוליב זינד און דעריבער ״אם רואה אדם שיסורין באין עליו יפשפש במעשיו״ [41]. דער תלמודישער גאַנג איז, אַז עונש פון טויט קומט צוליב אַ חטא [42] און נישט איין מאָל איז דער חטא פאַרהוילן פונעם מענטש.

דאָס איז אַ ברייטע טעמע און גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער פאָרשונג. מיר באַנוצן זיך בלויז מיט עטלעכע אָנווייזונגען אין באַגרינדן אונדזער טעזע וועגן אוניווערסאַלישקייט אין תורה־געזעצן און אין דער תורה־מחשבה, אָנהייבנדיק פון שלמה המלכס תפילה ביים חנוכת־הבית, ביז די טאָג־טעגלעכע תפילות פון ייִדן און גאָר באַזונדערס אין די תפילות פון די ימים־נוראים, וועלכע דריקן אויס די מאָראַליש־ייִדישע פרינציפּן, די טרוימען פון אַ יושרדיקער וועלט און ווי דאָס קומט צום אויסדרוק ביי די נביאים.

אין דעם אייגנטלעך באַשטייט דער חילוק, ווי אַזוי איוב זעט די וועלט און ווי אַזוי עס זעען זי די אָבות פון ייִדישן פאָלק. דער חילוק צווישן די נביאים און איוב — וואָס פאַר אַ פאַרגלייך?... פאָרשערס ווייזן אָן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אויף די אונטערשיידן צווישן די אָבות און איוב און אויף די אונטער־שיידן צווישן די נביאים און איוב.

אברהם אָבינו ווערט געשטעלט אין פאַראַלעל מיט איוב, אויף אַזוי ווייט, צו באַהויפּטן: ״גדול הנאמר באיוב, יותר ממה שנאמר באברהם״ [43] — אַ שווערער אויסדרוק און מפרשים מאַטערן זיך דאָס אויסצוטייטשן.

ר׳ ברוך עפּשטיין, אין תורה תמימה״ [44] איז דאָס מסביר לויט דער מסורה און די מקורים, אַז דעם טיטל ״ירא ד׳״, האָבן אי אברהם און אי איוב געקראָגן צוליב זייער גרות ״מפני שהיו גרי צדק״ [45],ביידע האָבן געפאָרשט און געטראַכט וועגן אחדות־השם, וועגן השגחה און ביידע האָבן דערגרייכט דעם אמת־פונקט פון אמונה און דערמיט מקדש השם געוועזן. מ׳דאַרף צוגעבן, אַז חז״ל האָבן באַטראַכט איובס אַקט פאַר נאָך גרעסער, צוליב זיינע ליידן, אייגענע, פיזישע ליידן. און ביים סוף,

נאָכן איבערלעבן די שטראָף, וועלכע ער האָט באַטראַכט פאַר אַן אומגערעכטע און נישט באַרעכטיקטע, האָט ער סוף־כּל־סוף חרטה געהאַט אויף זיין לעסטערונג און מודה געווען אין השגחת־השם, אַז גאָטס משפּט איז העכער פון אונדזערע השׂגות. ער איז אָבער נישט געווען קיין אברהם, ער איז נישט געווען דער מוסטערמענטש פאַר קומענדיקע דורות; ער איז נישט געווען דער נביא צו לערנען די וועלט, מ׳זאָל זיך נישט מיאש זיין, מ׳זאָל אונטער אַלע אומשטאַנדן זיך האַלטן ביי די עטישע און מאָראַלישע פּאָסטולאַטן. ס׳ווערט נישט געזאָגט, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט שוין דערגרייכט צו אַלעם גוטן, געבענטשט געוואָרן ביים "אחרית" מער ווי ביים אָנהייב, געבענטשט געוואָרן מיט רייכקייט, קינדער, אריכות ימים פון 140 יאָר, צו זען פיר דורות — זאָל ער, ווי עס ווערט דערציילט, ווי ביי אברהם אבינו, "למען אשר יצוה את בניו... ושמרו דרך ד׳!" — באַפעלן זיינע קינדער... זיי זאָלן היטן דעם וועג פון גאָט, צו טאָן רעכט און גערעכטיקייט...

אברהם איז דער מוסטערמענטש פאַר אַלע דורות. איוב, זיין פּעסימיזם איז געבליבן פרעמד דער יידישער מחשבה און — דאַנקען גאָט — איז נישט אַריינ־געדרונגען אין יהדות. איוב איז געבליבן דער מאַן פון עוץ, וואָס איז בלויז פאַראינטערעסירט מיט זיך, מיט זיין אייגענעם ווױלזיין.

אברהם אבינו, דער הייליקער פּאַטריאַרך פון יידישן פאָלק, איז פאַראינטע־רעסירט מיט דער וועלט, מיט דער מענטשהייט; ער שטעלט זיך אַרויס אפילו פאַר דער זינדיקער סדום, ער פאָדערט גערעכטיקייט ביים הימלישן געריכט [46].

איוב איז מסתמא געווען באַרעכטיקט צו זיינע פּעסימיסטישע אויסדרוקן: "אין אדם נתפס על צערו"; מ׳קען נישט מבטל מאַכן דעם ספר איוב, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן אין די כּתבי־הקודש און ווי איינער פון די מאָדערנע דענקערס דריקט זיך אויס [47], איז דער ספר "אַ פּאָעמע פון יידישן פרייען געדאַנק". זיין מחשבה איז אָבער נישט די מחשבה פון אונדזערע נביאים און זיין לעבן איז נישט דאָס לעבן פון אברהם אבינו, וועלכער האָט געוויזן זיינע אייגענע און אַלע מענטשן דעם וועג פון צדק און משפּט.

תורה־געזעצן, תורה־מחשבה, תורה־גערעכטיקייט נעמט אַרום אַלע אַס־פּעקטן: חסד, רחמים, בטחון און האָפענונג. אין תורה־געזעצן איז דאָ לאָגיק, ווען אפילו דער מענטש דערגרייכט נישט דעם "פאַרוואָס"־באַוווסטזיין; און ס׳איז דאָ חסד, האַרץ, געפיל. דאָס קומט צום אויסדרוק אין די מצוות שבין אדם לחברו, ווי יחזקאל הנביא דריקט זיך אויס: "והסירותי את לב האבן מבשרכם ונתתי לכם לב בשר" [48] — און איך וועל אָפּטאָן פון אייך דאָס שטיינערנע האַרץ און לאָזן פולסירן דאָס פליישיקע — עס האָט זיך געשאַפן דער דעוויז: "רחמנא ליבא בעי". די תורה פון האַרץ איז שטאַרק אַנטוויקלט געוואָרן אין חסידות, וואָס זיין מקור אין חסד.

דוד־המלך, דער קעניג וועלכער האָט געפירט מלחמות, און צוליב דעם נישט געהאָט די זכיה צו בויען דאָס בית־המקדש, זאָגט אויף זיך "שמרה נפשי כי חסיד אני" [49] — אַ חסידות וואָס איז באַלעבט געוואָרן אינעם 17טן י"ה, דורכן בעש"ט און זיינע תלמידים.

אין דער דינאַמישקייט פון חסידות איז אַרויסגעהויבן געוואָרן די מידה פון חסד, ווי די מידה פון היטן מענטשלעך לעבן, די הייליקייט פון מענטשנס לעבן, די סאָציאַלע מאָמענטן אין דעם לעבן פונעם מענטש, דער תורהדיקער אָנזאָג: "וחי בהם" — איר זאָלט לעבן מיט די תורה־געבאָטן [50].

מיכה הנביא רופט אויס: "וואָס איז גוט פאַרן מענטשן? זיין גוט, ליב האָבן חסד" [51] און דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן ביי אַלע נביאים און ביי אַלע מאָראַליסטן, בעלי מוסר, שעפער פון תלמוד־הלכה און תלמוד־אגדה — ליבשאַפט צו דער בריאה און יצירה פון מענטש, די וועלט קאָן נאָר עקזיסטירן אויף די דריי עמודים: תורה, עבודה און גמילות חסדים [52].

די משיחישע וויזיע איז געבויט אויף אָט די יסודות, ס'זאָל קומען אַ סוף צו די קין־רציחות; ס'זאָל קומען די אָרדענונג פון ליבשאַפט, פון מנוחהדיקייט, פון שלום; צעבראָכן זאָל ווערן די שווערד... חסידות האָט מיט פּאַטאָס און התלהבות אַרויסגעהויבן די האַרץ־געפילן און במילא נישט דערלאָזט צום יאוש, צו דער פאַרצווייפלונג וואָס כאַפּט אַרום גאָר אָפט די מענטשהייט יחידים, פעלקער־קאָלעקטיוון. אין יהדות, אַנדערש ווי ביי איובן, איז ניטאָ קיין אָרט פאַר יאוש און פעסימיזם.

מיר געפינען ביי ירמיהו הנביא ענלעכע פסוקים, ווי ביי איובן — ביידע שעלטן דעם טאָג פון זייער געבוירן ווערן, פון זייער לעבן. דער חילוק: איוב שטעלט זיין פעסימיזם צוליב אייגענע ווייטיקן, אייגענעם צער, בעת ירמיהו ווייטיקט אויפן גורל פון זיין פאָלק, אויף דעם גרויסן חורבן וואָס ער האָט מיט־געמאַכט, צוגעזען. ער איז מיטגעגאַנגען מיט די ייִדן אין גלות און געזען ווי דער שונא פירט מלכות־יהודה אין גלות, ווי דורכגעווייקט עס ווערט די ערד פון ייִדיש בלוט אויפן וועג קיין בבל.

ירמיהו הנביא האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן, געהאַט בטחון, אַז "חדשים לבקרים", אַז דער פרימאָרגן וועט ברענגען נייס; און "רבה אמונתך", ווייל גרויס איז די אמונה אין הקדוש־ברוך־הוא, ווי ער זאָגט: "גאָט איז מיין חלק, זאָגט מיין זעל און דרום האָף איך, אַז גאולה וועט קומען" [53].

דער ייִד ווערט געשטעלט דירעקט אַנטקעגן זיין באַשעפער און אין זיין צער פאָדערט ער גערעכטיקייט ביים באַשעפער. אַזוי אברהם, אַזוי משה רבנו און אַזוי די נביאים: "הכון לקראת אלקיך ישראל" — גרייט זיך אָן אַנטקעגן דיין גאָט, ישראל [54].

דער נביא חבקוק שרייט אויס זיין צער: "עד אנה השם, שועתי ולא תשמע"...

ביז וואַנען, גאָט, וועל איך רופן און דו וועסט ניט הערן? שרייען — און דו וועסט ניט העלפן...[55].

די אָבות, די נביאים, די גייסטיקע פירערס פון יידישן פאָלק, האָבן געפאָדערט גערעכטיקייט ביים רבונו של עולם, און זיך איינגעשטעלט פאַר זייער פאָלק.

ווען משה רבנו האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיין עדה, האָבן די מלאכים נישט געקענט פאַרטראָגן זיין געוואַגטקייט, און געוואָלט אים מעניש זיין. דער בעל הרחמים האָט אים פאַרטיידיקט: "באותה שעה בקשה מידת הדין לפגוע במשה... וכיון שראה הקדוש ברוך הוא שבשביל ישראל הוא אומר לא פגעה בו מידת הדין"[56].

אין יהדות נעגירט מען מעכאַנישע פרומקייט, מען ווייזט אַרויס אַ קעגנער־שאַפט צום וווּלגאַריזירטן ריטואַל. די אָבות, די נביאים, באַקעמפן געצן־דינעריי, אָבער צו דער זעלביקער צייט, וואָגן זיי לויט דער טראַדיציע פון אברהם, צו פירן אַ שאַרפן דיאַלאָג מיטן רבונו של עולם, "השופט כל הארץ לא יעשה משפט"[57].

דוד המלך פרעגט: פאַר וואָס גאָט, שטייסטו פון דער ווייטנס, פאַרהוילסט זיך אין צייטן פון צרה — "למה לנצח תשכחנו... למה תעמוד ברחוק..."[58] און אַזוי מיכה: "למה לנצח תשכחנו..."[59]. ירמיהו, ווי משה רבנו, פרעגט פאַר וואָס "צדיק ורע לו, רשע וטוב לו"[60], משה רבנו שטעלט זיך איין פאַר זיין פאָלק, צו בעטן ביים רבונו של עולם, אויב ער וועט נישט מוחל זיין, זאָל ער אויסמעקן זיין נאָמען פונעם ב ו ך וועלכן ער האָט געשריבן: "ועתה אם תשא חטאתם; ואם אין, מחני נא מספרך אשר כתבת"[61]. די מעשים פון משה רבנו פאַר זיין פאָלק און פאַר דער מענטש־ציוויליזאַציע האָבן מיר אין די פיר ספרים: שמות, ויקרא, במדבר, דברים און גאָר אָפט דערמאָנט ביי די נביאים, ראשונים און אחרונים — און אויך אין די כתובים.

אַלע פאַרנעמען זיך מיט דער יסודותדיקער פראַגע: זינד און שלעכטס; פאַר וואָס דעם צדיק איז שלעכט און דעם רשע איז גוט[62], קיין ענטפער אויף דער פראַגע איז נישטאָ, ווייל דער מענטש האָט נישט דערגרייכט דעם אַריינגאַנג אינעם פּופּציקסטן טויער פון פאַרשטאַנד. זיי זענען אָבער נישט אַריינגעפאַלן אין קיין עצבות, אין קיין יאוש, נאָר איבערפולט מיט דער פרייד פון לעבן און מיט אַן אָפּטימיזם וואָס מאַכט מעגלעך דעם מענטשנס עקזיסטענץ.

דער אידעישער באַנעם און טעמפּעראַמענט, אויסקוק פון אַ המשכדיק לעבן איז באַזירט אויף דעם פאַרלאַנג פון גערעכטיקייט, נישט בלויז ביים מענטש, נאָר אפילו ביים באַשעפער; דעם אויסקוק פון אוניווערסאַלער און נאַציאָנאַלער גאולה, ווי דאָס קומט אַזוי קלאָר צום אויסדרוק אין ספר יונה[63], אַז גאָטס נאָמען ווערט גרויס און געהייליקט דורך דעם גערעכטן משפט: "והתגדלתי והתקדשתי לעיני גויים, וידעו כי אני ד'"[64] — און איך וועל געגרייסט ווערן און געהייליקט ווערן...

פאַר די אויגן פון די פעלקער, ״נודע ד׳ משפט עשה״ — גאָט ווערט באַוווּסט, ווייל ער האָט משפט געטאָן [65] און ״ויגבה ד׳ במשפט״ [66], ווענן וועלכער ס׳ווערט אומצייליקע מאָל באַטאָנט אין דער אגדה [67].

דער ייִדישער נאַציאָנאַלערווידערגעבורט האָט אַלס יסוד די אמונה אויפן מאָראַלישן און עטישן ווידערגעבורט — אַ סינטעז וואָס קען קיין מאָל נישט צעשיידט און צעריסן ווערן.

דער סאָציאַלער מאָטיוו פאַרנעמט אַ חשוב אָרט אין יהדות, אָבער נישט לויטן מאַרקסיזם, וואָס זעט בלויז אין די מאַטעריאַליסטישע באַדינגונגען די טרייבקראַפט אינעם וועזן פון פעלקער און קולטורן, און נישט לויטן טרוקענעם ראַציאָנאַליזם פון די מאָדערנע דענקערס און וויסנשאַפטלערס.

אין יהדות גייען זאַלבעדריט די אַלע אַספּעקטן און אין אַן איינהייטלעכקייט וואָס נעמט אַרום אי די פיזיש־ביאָלאָגישע אומשטאַנדען, אי די ראַציאָנאַלע באַ־דינגונגען און אי די אמונה און השגחה אַז פון דער חשכות שיינט אַרויס ליכטי־קייט — ״זרח בחושך אור לישרים״ — ער שיינט פאַר די רעכטפאַרטיקע ווי אַ ליכט אין דער פינצטער [68]. אַז ״במקום חשכה גדולה יש אפשרות להאיר אור גדול״ — אויפן אָרט פון חשכות קאָן קומען גרויס ליכט.

ירמיהו הנביא איז פון גאָט צוגעגרייט געוואָרן צו זיין דער נביא נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן, מען האָט אים פון הימל באַשטימט צו זיין דער נביא לגויים: ״בטרם אצרך בבטן ידעתיך ובטרם תצא מרחם הקדשתיך, נביא לגויים נתתיך״ — איידער איך האָב דיך אין מוטערס לייב געפורעמט, האָב איך דיך דערקענט; און איידער דו ביסט פון טראַכט אַרויס, האָב איך דיך געהייליקט — אַ נביא פאַר פעלקער האָב איך דיך געמאַכט...״ [69].

ירמיהו הנביא באַוויינט זיין גורל, באַוויינט דעם גורל פון זיין פאָלק. ווי איוב — פאַרדריסט אים אויך — ״תם ורשע הוא מכלה...״ [70]. ער האָט טענות צום רבונו של עולם און וואָגט צו שטעלן די מאָטערנדיקע פראַגע: ״צדיק אתה ד׳, כי אריב אליך, אך משפטים אדבר אותך: מדוע דרך רשעים צלחה, שלו כל בוגדי בגד״ — גערעכט וועסטו בלייבן, גאָט, ווען איך זאָל זיך קריגן מיט דיר, אָבער גערעכטיקייט וועל איך רעדן מיט דיר: פאַר וואָס איז דער וועג פון רשעים מצליח? פאַר וואָס לעבן רויִק אַלע פעלשער... [71].

דער נביא פאָדערט גערעכטיקייט פאַר זיין פאָלק און פאַר אַלע פעלקער. אויך ער שעלט דעם טאָג פון זיין געבוירן ווערן: ״ארור היום אשר יולדתי בו, יום אשר ילדתני אמי אל יהי ברוך״ — פאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג וואָס איך בין אין אים געבוירן געוואָרן, דער טאָג וואָס מיין מוטער האָט מיך געבוירן זאָל ניט זיין געבענטשט... פאַר וואָס האָט מען מיך נישט געטויט פון טראַכט... נאָך וואָס בין איך פון טראַכט אַרויס... [72].

ירמיהו הנביא האָט זיך געגוג אָנגעליטן, אייגענע צרות, ירידות, פאַרשעמונג, געוואָרפן געוואָרן אין קעלער, אַנטלאָפן און זיך קוים געראַטעוועט. ער באַקלאָגט אָבער נישט זיין אייגענעם גורל נאָר דעם גורל פון זיין פאָלק. זיין יחידישער צער, וואָס ער באַוויינט און ווינטשט זיך, נישט געבוירן צו ווערן, איז צוליב דעם, וואָס ער קען נישט צוזען דעם צער פון זיין פאָלק; ער קאָן נישט צוזען דעם חורבן פון פאָלק און לאַנד — ער לאַמענטירט אין "איכה" אויף די ליידן פון זיין פאָלק. ער האָט נישט געקענט צוזען די מאַטערניש פון זיין פאָלק און די ליידן און צער פון אַנדערע פעלקער.

די נביאים וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט די טראַדיציעס פון די אָבות, פון משה רבנו, זיי האָבן געקענט טענהן צום רבונו של עולם: "למה תביט בוגדים? תחריש בבלע רשע צדיק ממנו" [73] — פאַר וואָס קוקסטו צו די וואָס פעלשן, שווייגסט ווען דער רשע שלינגט איין דעם גערעכטן?... ווייל זיי האָבן געשטעלט די יסודות פון יהדות אויף משפט און צדק: "מלך במשפט יעמיד ארץ"... [74] דער מלך האַלט אויף מיט גערעכטיקייט זיין לאַנד. "ויגבה ד׳ צבאות במשפט והאל הקדוש נקדש בצדקה" [75] — ד׳ צבאות ווערט דערהויבן דורך גערעכטיקייט און געהייליקט דורך רעכטפאַרטיקייט.

און וועגן מענטש? וואָס וויל די תורה, די שפערס פון יידישן שטייגער־לעבן, די הלכה, די אגדה, די בעלי מוסר, דאָס חסידות?

מענטש־דערהויבנקייט קומט צום אויסדרוק אין דער אגדה און אין דער הלכה; אין דער קבלה און אין די ספרי חסידות — "ואהבת" האָבן די בעלי רמזים געדרשנט — איז אותיות ה א ב ו ת [76], ווייל אברהם אבינו דער שטאַמפאָטער פון די בני־ישראל האָט געשטעלט אויפן ערשטן אָרט אהבת־האדם און דער דאָזיקער הויכפּונקט פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין יידישן לעבן.

דער פאַרלאַנג און די שטרעבונג פונעם תורה־מענטש איז געווען די מענטש־לעכע ווערדע, אי די סאָציאַלע, אי די קאָסמישע חשיבות, ביידע זאָלן האַרמאָנירן — דאָס הימלישע מיט דאָס ערדישע — און וועגן דעם האָבן מיר שוין גאָר אַ סך געשריבן.

דער נביא זאָגט וועגן מענטשלעכע באַציונגען: "הלא אב אחד לכולנו, הלא אל אחד בראנו, מדוע נבגד איש באחיו לחלל ברית אבותינו" [77] — צי איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? צי האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן? פאַר וואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אָן אַנדערן, צו פאַרשוועכן דעם בונד פון אונדזערע עלטערן.

אין זיין עסיי "צו דער געשטאַלט פונעם בעל שם־טוב" [78], שרייבט שמשון דונסקי (1899—1981):

"...דער מענטש איז לויטן בעש"טס אויפפאַסונג די העכסטע און חשובסטע

אַנטפּלעקונג פון דער גאָטהייט... 'דע מה למעלה ממך' [79] דערקלערט ער אויף אַזאַ אופן: דע מה למעלה — ממך. דאָס וואָס איז העכער פון דיר, קאָנסטו וויסן נאָר ווען דו קוקסט אויף זיך אַליין, ווייל דו ביסט נאָר אַן אַנטפּלעקונג פון דעם באַשעפער אַליין, און דעריבער אַז עמעצער קוקט אויף זיך אַליין, קוקט ער אין דער זעלבער צייט אויפן בורא־עולם...״.

אין דעם אייגנטלעך באַשטייט די גרויסקייט פון דעם בעש״טס תּורה — די דערהויבונג פון מענטש. אַ מענטש — זאָגט דער בעש״ט — איז אַ לייטער וואָס שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט ביז צום הימל. דער מענטש קאָן זיך דערהויבן צום באַגריף ״אדם אתם״.

**י. סעקטעס ביים בית שני און אין שפּעטערע תּקופות. — כּותים און קראים. — די ערשטע כּמעט ווי אויפגעלייזט. — די צווייטע נאָך אַלץ אַ באַוועגונג. — אינטעלעקטואַלן שרייבערס און פאָרשערס.**

וועגן דער כּותים־סעקטע האָבן מיר אַ גרעסערע צאָל הלכות, ווי אַזוי זיך צו באַציען צו זיי. אין תּלמוד [1] זענען דאָ חילוקי דעות, צי זיי קענען באַטראַכט ווערן ווי גרי־אמת, צוליב דעם וואָס זיי לעבן מיט ייִדן, צווישן ייִדן, אין משך פון יאָרהונדערטער.

אין ברכות [2] ווערט געזאָגט: ״והכותי מזמנין עליהם״ — אויב איינער פון די דריי איז אַ כּותי, אַן אַלט־ייִדישע סעקטע אין שומרון, אָפּשטאַמיקע פון גויים וועלכע האָבן זיך מגייר געווען... מעג מען מיט זיי בענטשן במזומן... ס'רעדט זיך וועגן ברכּת־המזון, דאָס בענטשן נאָך אַ מאָלצייט, צי מען קען זיי צורעכענען צום ״מזומן״ — אָבער ״והנכרי״, דער גענצלעך פרעמדער איז דער דין ״אין מזמנין...״ דער נכרי, ווערט אָנגעוויזן, איז אַ גר שמל ולא טבל, ער האָט זיך געמלט, ער איז דורכגעגאַנגען דעם מילה־ריטואַל, אָבער אַזוי לאַנג, ווי ער האָט זיך נישט טובל געווען לשם קדושת ישראל„ קאָן מען אים נישט צורעכענען צום מזומן פון ד ר י י אָדער צ ע ן [3]. ווייל — ווערט אָנגעגעבן דער טעם — ער איז נישט מחוייב צו בענטשן.

ווער זענען זיי, די כּותים?

ווי עס ווערט באַשטעטיקט היסטאָריש, זענען עס אַ סעקטע פון מענטשן וואָס דער קעניג אשור האָט געבראַכט פון כותא און אַנדערע לענדער און זיי באַזעצט אין דער שומרון־געגנט. זיי האָבן זיך מגייר געווען צוליב דער מורא פאַר לייבן, זיי זענען ״גרי אריות״ [4]. זיי האָבן זיך אין צייט פון בית־ראשון — און מעגלעך אַ צייט נאָך שיבת־ציון — צוגעוווינט צו אַ ייִדיש לעבן און זיך באַטראַכט ווי ייִדן. זיי האָבן זיך אָבער אומגעקערט צו זייער היידנישקייט — אין דער תּקופה

פון בית־שני[5] און ס'איז געווען אויף זיי אַ חשד אויף פּאַראַט און ייִדן־שנאה.

צוליבן חשד אויף דער נישט־ערלעכקייט פון די כּותים, וואָס שייך אמונה אין אחדות־אלקות, ווערט געזאָגט: "עונין אמן אחר ישראל המברך ואין עונין אמן אחר הכותי המברך עד שישמע כל הברכה"[6] — מען ענטפערט אמן, ווען מען הערט אַ ייִדן מאַכן אַ ברכה, אָבער מען ענטפערט נישט אמן, ווען מען הערט אַ "כּותי" מאַכן אַ ברכה, סיידן מען האָט געהערט פון אים די גאַנצע ברכה.

רבינו עובדיה מברטנורא (ר"ה—1445; ר"ע—1510), דער אָנערקענטער מפרש־המשנה, ציטירט דאָ דעם רמב"מס ווערטער, אָבער בלויז דעם אָנהייב און נישט די סוף־ווערטער פון רמב"ם אין זיין פּירוש־המשניות: "ובכאן אפרש לך ענין הכותים, העם שהביא סנחריב מכותה והושיבם בערי שומרון, העיד הכתוב בהם, את ה' היו יראים ואת אלהיהם היו עובדים (מלכים ב', י"ז) אבל באורך הימים למדו התורה וקבלוה על פשוטה והמצות אשר החזיקו בהן (ברכות מ"ז, ע"ב וש"מ) היו מקפידים עליהם וישימו לבם עליהם מאד והוחזקו שהיו מאמינים בדתינו ומיחדים ולא יעבדו ע"א, עד אשר חקרו עליהם חכמים ומצאום מכבדים הר גריזים וחקרו על הדבר ההוא ומצאו להם בהר ההוא (חולין דף ו', ע"א) דמות יונה וידעו שהם עובדים ע"א, אז החזיקום בחזקת עובדי כוכבים גמורים לכל דבריהם.

"וכל מה שתמצא מן הדברים מענין הכותיים אשר תבין מהם שהכותים נכבדים מן העובדי כוכבים ופחותים מישראל כמו שאמרו מזמנין עם הכותי וכותי המברך וזולתו, לא אמרו זה אלא קודם שחקרו עליהם, אבל מעת שחקרו עליהם ומצאו אשר זכרנו, הם פחותים מן העובדי כוכבים מאד. ועל כן דע אותו ולא נצטרך לשנות לך זה העיקר בכל מקום שנזכר כותי".

דער רמב"ם נעגירט אין גאַנצן זייער גרות, ווייל זיי זענען געווען "חזרו לסורם", דאַרף מען זיך פון זיי דערווייטערן, ווייל אַ דערנענטערונג מיט זיי קאָן זיין פאַרפירעריש[7].

דאָס איז דעם רמב"מס השקפה אויף די כּותים, וועלכע האָבן זיך צוגעכאַפּט צו דער טויב, וואָס זיי האָבן געפונען אויפן באַרג גריזים, אַז זיי זענען ערגער ווי געצן־דינערס. זיין שיטה איז באַקאַנט; ער איז מער קריטיש צו די, וועלכע האָבן אָנגענומען די ייִדישע אמונה, געוואָרן באַוווסטזיניק אין ייִדישקייט און נאָך דעם אַוועק, ווי די כּותים־שומרונים, משומדים[8].

אַ "מין", למשל, ווערט ביי אים גערופן, אַ ייִד וואָס פאַרלייקנט די תּורה־שבכתב און שבעל־פּה און אַזעלכע זענען די צדוקים, קראים און שוין אָפּגערעדט פון די כּותים וואָס האָבן אַנטוישט און צוריק אַוועק צו געצן־דינעריי[9].

אַן אַפּיקורס ביים רמב"ם איז דער, וואָס גלייבט נישט אין אחדות־אלקות, גלייבט נישט אַז ס'איז דאָ אַ גאָט, אַז ס'איז דאָ השגחה־עליונה, אַז גאָט האָט

באַשאַפן די וועלט. אַזוי דריקט זיך דער רמב״ם אויס נישט איין מאָל, אין יד החזקה [10] און אויך אין מורה נבוכים [11].

איינער פון די אַפּאָלאָגעטיקערס, ר׳ חיים בלאָך, וועלכער האָט געפירט וויכוחים מיט געלערנטע אַנטיסעמיטן, איז אַרויסגעקומען מיט אַ דבר־חידוש וועגן רמב״מס שאַרפע אויסדרוקן וועגן נוצרים, אַז ער האָט גאָר געמיינט יידן וואָס שמדן זיך, פאַרלייקענען זייער אמונה און גייען איבער צום קריסטנטום, אָדער צום איסלאַם [12] — קעגן אַזעלכע איז דער רמב״ם אַרויס מיט דער מעגלעכסטער שאַרפקייט.

ווי מיר זעען ביים רמב״ם, אין יד החזקה, אין די אגרות און אין די אַנדערע כּתבים זיינע, האָט ער אַ מער פריינדלעכע באַציונג, אָדער לאָמיר זאָגן אַ מילדערע באַציונג צו דעם איסלאַם, ווי צום קריסטנטום. אייניקע פאָרשערס זענען מיט דער מיינונג, אַז דעם רמב״ם זענען נישט געווען געגנוי באַקאַנט די עיקרים פון דער קריסטלעכער רעליגיע. ער האָט דאָך געלעבט צווישן מוסולמענער וואָס שייך רציחות און רדיפות אויף ייִדן זענען זיי נישט היגטערשטעליק . . .

דאָס איז אָבער ווייט נישט אַזוי. דער רמב״ם האָט שוין גאָר גוט געוווסט וועגן די עיקרים פון די דאָזיקע אמונות, און אַז ביידע, סיי קריסטנטום, סיי איסלאַם, האַלטן זיך ביים פּרינציפּ פון אחדות־אלקות (אינעם מאָנאָטעיִזם). ס׳איז אָבער דאָך אַ חילוק. דאָס קריסטנטום איז באַזירט אויף אַ שותּפות, אַ דריי־אייניקייט, ישו מנצרת ווערט באַטראַכט פאַר גאָטס זון און אַז דער וועג צו גאָט מוז גיין דורך יעזוסן, בעת אין איסלאַם איז שטאַרקער טעאָלאָגיש די דירעקטע פירונג פון איין־איינציקן גאָט, אחדות־הבורא און אַז יעדער מאַמין אין די לערעס פון קאָראַן האָט אַ דירעקטע עליה צו גאָט: אַללאַ פירט, און דער מענטש מוז זיין אונטערגע־וואָרפן דער השגחה פון אַללאַ . . .

ביידע רעליגיעס האָבן אָבער אין זיך רעשטלעך פון היידנישקייט, פון די עבודה־זרהס; און זייער שנאה צו ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן מיטן מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן ייִדן טעאָלאָגיש, גייסטיק און פיזיש — געוואָלט אַרויפ־צווינגען זייער גלויבן אויף ייִדן און אויב ייִדן ווילן ממשיך זיין דעם אָריגינעלן מאָנאָטעיִזם און מקיים זיין מצוות, אַזוי ווי זיי זענען געקומען דירעקט פון סיני און פון משה רבנו, קומט זיי (לויט ביידע רעליגיעס), די ערגסטע שטראָפן, אינקוויזיציעס, הריגות און שחיטות.

אויף אַזעלכע קלאָגט דער נביא ״כל רועיה בגדו בה, היו לה לאויבים״ [13] און וועגן אַזעלכע זאָגט זיך אין ״פרקי דרבי אליעזר״ [14] ״וכל אויביך יכרתון״ איז געמיינט געוואָרן די אויבים ״שהם צרים לבני ישראל״, זיי דריקן ייִדן, וועט השם יתברך זיי שטראָפן. — אָבער וואָס שייך ערלעכע, אמת־גלויביקע אין באַשעפער, קריסטן צי מוסולמענער, זיי ווערן באַהאַנדלט ווי פריינד, ווי ברידער

און ווי, אייניקע מפרשים טייטשן, גייען זיי אַריין אינעם כּלל פון "ואהבת לרעך כּמוך" [15] — ווי מיר האָבן דאָס שוין אָנגעוויזן [16].

מיר קומען צוריק צו דער עצם־טעמאַטיק.

די כּותים האָבן זיך באַזעצט אין שומרון און דעריבער ווערן זיי גאָר אָפט גערופן שומרונים, אָבער מערסטנס ווערן זיי דערמאָנט מיטן נאָמען כּותים, כּותאי, כּותיא. אין תּנ"ך, ווי דערמאָנט, ווערן זיי דערמאָנט מיטן נאָמען כּותי [17]. יוסף בן מתתיהו — פלאַוויוס — שרייבט וועגן די כּתים עטלעכע מאָל: בעת די חשמונאים־קאַמפן זענען זיי געווען די מוסרים קעגן ייִדן, געלאָזט וויסן אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, אַז זיי זענען נישט קיין ייִדן, אַז זיי האָבן נישט קיין אמונה אין גאָט פון ישׂראל [18]. זיי האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די סיריש־גריכישע לעגיאָנען קעגן די חשמונאים־קעניגן. אויך אין תּלמוד [19] און אין מדרש [20] ווערן זיי פאַרגעשטעלט ווי אַזעלכע: מוסרים ומלשינים, דער פינפטער קאָלום אין יהודה.

אין דער תּקופה פון בית־שני, האָבן ייִדן זיך אַ סך אָנגעליטן פון זיי. אויב נישט מסירה, איז געווען סתּם אַזוי רשעות, ווי למשל ביים פאַרפירן ייִדן, זיי זאָלן נישט וויסן ווען צו פּראַווען יום־טוב: "בראשונה היו משיאין משואות. משקלקלו הכותים, התקינו שיהו שלוחין יוצאים" — אַ מאָל האָט מען אָנגעצונדן פייער־פלאַקערס אויף די בערג, צו לאָזן וויסן ווען ס'איז געוואָרן ראש חודש. ווען די כּותים האָבן קאַליע געמאַכט (און זיי האָבן אָנגעצונדן פלאַקער־פייערס אין דער נישט־ריכטיקער צייט, כּדי אָפּצונאַרן), האָט מען איינגעפירט, אַז עס זאָלן אַרויסגיין שלוחים... [21]. רש"י טייטשט: "בראשונה היו משיאין משואות — ולא היו צריכין לשכור שלוחים לשלוח לגולה להודיע, כי המשואות מודיעים אותן. משקלקלו הכותים — והשיאו גם הם משואות שלא בזמן החודש להטעות ישראל, ובי"ד לא היו משיאין משואות אלא בחודש שנתקדש ביום ל' כדאמרינן בפירקין וכשלא היו משיאין לערב של יום ל' הכל יודעין שהחדש מעובר ופעם אחת עיברו בית־דין את החדש ולא השיאו משואות לערב ל' והכותים השיאום בהרים שלהם והטעו את בני הגולה לעשותו חסר" [22].

ווען די רוימער האָבן באַהערשט יהודה, אַרויסגעגעבן גזירות קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָבן די כּותים זיך געשטעלט אויף דער זייט פונעם אָקופּאַנט, געמסרט אויף ייִדן. ערשט שפּעטער, ביים סוף פון דער תּקופה, בעתן חורבן, האָבן זיי זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די ייִדן, ווייל די רוימער האָבן זיי געלאָזט וויסן, אַז זיי ווערן פאַררעכנט פאַר ייִדן, מחמת זיי היטן די מצוות מילה. אַזוי האָט דער רוימישער גענעראַל פּילאַטוס און שפּעטער גענעראַל סעווערוס, זיי אַטאַקירט און חרוב געמאַכט זייער צענטער אין שומרון.

מיטן פאַרשטאַרקן זיך פונעם קריסטנטום האָט די כּותים־סעקטע נישט ווייניקער געליטן ווי די ייִדן. זיי זענען אָפּגעווישט געוואָרן ווי אַ גרופּע, אָבער רעשטלעך

זענען געבליבן. זיי האָבן מער נישט פאַרנומען די ראָל פון אַ פאָלקס־באַוועגונג, אָבער דאָך געווען געזונטע אַנגעזען אין די לענדער ווו ס׳האָבן זיך געפונען ייִדישע ישובים און סיי תנאים, סיי אמוראים האָבן זיך פאַרנומען מיט זיי און וועגן זיי [23].
אין מסכת כותים [24] ווערט איבערגעגעבן, אַז ס׳איז געווען אַ צייט, ווען זיי האָבן געלייקנט אין הר גריזים, ווי אַ גאָט, אויפגעהערט צו דינען צו דער אַזוי גערופענער ״דמות יונה״ און מודה געווען צו ירושלים, אָבער שפּעטער צוריק צו זייער פאַלשער אמונה, ווי עס ווערט געזאָגט: ״דמות יונה מצאו להם בראש הר גריזים שהיו עובדין אותה״ [25] און דאָס האָט ממילא געפירט, מ׳זאָל פאַרלירן דעם צוטרוי צו זיי.
די דיסקוסיע צי זיי זענען גרי־אמת, אָדער גרי־אריות גייט אָן אי אין תלמוד ירושלמי, און אין תלמוד בבלי [26]. דער גדול התנאים, ר׳ אליעזר בן הורקנוס, גייט אַזוי ווייט צו פסקענען, אַז ״האוכל פת כותי, כאוכל בשר חזיר״ [27] און מ׳זאָל נישט האָבן קיין צוטרוי צו זיי ״ואינם בקיאים בדקדוקי מצוות״, אַז זיי זענען ״חשודין ומקולקלין הן״ [28]. זיי זענען מיט דער צייט אַוועק גאָר ווייט און געווען אין חשד אויף אַ גרעסערער צאָל עבירות — אָבער נאָך אַלץ אַנגעהאַלטן מילה, שבת, שחיטה [29].

מיר סומירן: אין דער ערשטער תקופה, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין מלכים, זענען זיי געווען גרים און נישט געווען אין חשד אויף עבודה־זרה [30]. אין שפּעטערע צייטן: אַ מאָל זיך געהאַלטן ביי זייערע טראַדיציעס און אַ מאָל אַוועק — די טויב אויפן הר גריזים און דאָס חנפענען זיך צו די געצן־דינערס, גריכישע אָדער רוימישע, האָבן זיי פאַרפירט און אַראָפּגעפירט פון וועג און ווי אַ פּועל־יוצא דערפון, זענען זיי באַטראַכט געוואָרן ווי געצן־דינערס. נישטאָ קיין קאָמפּראָמיסן מיט עבודה זרה, ווייל געצן־דינעריי ברענגט צו די מיאוסטע עקלהאַפטע מעשים.
וועגן די כותים ווערט, ווי געזאָגט, אַ סך גערעדט אין תלמוד.
די משנה [31] זאָגט: ״נאמנים (הכותים) לומר קברנו שם את הנפלים...״ און די גמרא [32] גיט צו ״ואע״ג דמדרבנן הוא, כיון דכתיבא, מזהר זהירי...״ אַז אַפילו אויף אַן איסור, וואָס איז אַ תקנה פון די חכמים, זענען די כותים געוואָרנט און היטן דעם פאַרבאָט.

די מפרשים פאַרנעמען זיך מיט דער פראַגע, ווי אַזוי גלייבט מען כותים, ווען ס׳איז באַקאַנט, אַז זיי גלויבן בלויז אין די חמשה חומשי תורה און אין ספר יהושע, וואָס זיי האַלטן, ווי אַ המשך צו דער תורה, אָבער נישט אין די אַנדערע ספרי־קודש און אוודאי נישט אין די תקנות, איינגעפירט פון די חכמים, סנהדרין, תנאים.

אין תלמוד ווערט געזאָגט: ״נמנו על שחיטת כותי ואסרוה״ — מ׳האָט געשטימט איבער שחיטה פון אַ כותי און דער באַשלוס איז געווען צו פאַרבאָטן זייער שחיטה. נאָכן באַהאַנדלען די גאַנצע סוגיה, קומט מען צום אויספיר: ״לא זזו משם עד

שעשאום כעכו״ם גמורים״ [33] — מ׳האָט אויסגעפאָרשט און אויסגעפונען, אַז זיי דינען עבודה־זרה. האָט מען באַשטימט אַז זיי זענען געצנדינערס.

אין ירושלמי [34] ווערט געזאָגט, אַז מ׳האָט פאַרבאָטן זייער ווײַן, ווײַל זיי דינען עבודה־זרה: ״כמין יונה אית להון ומנסכין לי״.

הרב טוביה טביומי באַהאַנדלט דעם ענין כותים אין תלמוד [35] און קומט צום אויספיר, אַז לכתחילה זענען געווען חילוקי־דעות, צי די כותים זענען געווען גרי־אמת, צי גרי־אריות. דער מקור איז דער פסוק: ״את ד׳ היו יראים ואת אלהיהם היו עובדים״ — זיי פלעגן פאַרכטן גאָט, אָבער זייער געץ געדינט, ווי דער שטייגער פון די פעלקער וואָס מ׳האָט פון דאָרט פאַרטריבן... ביזן הײַנטיקן טאָג טוען זיי אויף דעם שטייגער... ״אינם יראים דת ד׳״ [36], וואָס מפרשים טײַטשן: זיי פאַרכטן נישט אין גאַנצן... אַן אויסמיש אין זייער אמונה. ס׳איז נישט קלאָר: אויב זיי האָבן מורא געהאַט פאַר גאָט, ווי האָבן זיי געקענט דינען צו זייערע געצן? די מפרשים פאַרנעמען זיך מיט אַט דער פראַגע: אָדער מ׳דאַרף זיי אָנערקענען אָדער נישט; אָדער זיי האָבן אמונה שלימה אָדער נישט — ווי קען מען זיי האַלטן פאַר ייִדן, בעת זייער אמונה איז, ווי האַלבירט — ייִדישע אמונה אין איינציקן גאָט, צוזאַמען מיט געצן־דינערײַ און געצן־דינערישע אויפפירונגען?

הרב טביומי, אין אַנאַליזירן די מאמרים און אויסדריקן וועגן די כותים, האַלט, אַז ס׳זענען געווען פאַרשיידענע צײַטן: צײַטן, ווען זיי זענען געווען גרי־אמת און צײַטן, ווען זיי זענען געווען גרי־אריות און מ׳דאַרף צוגעבן, לויט אונדזער מיינונג — צײַטן, ווען זיי זענען געווען געצן־דינערס און אפילו שונאים צו ייִדן.

דערמיט קענען מיר פאַרשטיין, פאַר וואָס אַ מאָל ווערט געזאָגט, אַז די כותים זענען געווען ״גרי־אמת״, איבערגעצייגטע גרים און אַ מאָל — אַז זיי זענען געווען ״גרי־אריות״, בלויז צוליב מורא זיך געוויזן ווי גרים, בעת אין געהיים זענען זיי געבליבן געצן־דינערס.

אין תלמוד בבלי [37] האָבן מיר די חילוקי־דעות: ר׳ מאיר האַלט אַז זיי זענען ״גרי־אמת״, די חכמים האַלטן אַז זיי זענען ״גרי־אריות״.

אין ירושלמי [38]: ״כותי כגוי לכל דבר״ און אויף אַ צווייט אָרט [39]: ״כותי כישראל לכל דבר״. אויף איין אָרט, ווערט געזאָגט, אַז ״כותים אין בקיאין בדקדוקי מצוות״ [40] און אויף אַ צווייט אָרט: ״הרבה מדקדקים יותר מישראל״ [41]. מ׳קען דאָ אָן ספק זאָגן: ״אלו ואלו דברי אלקים חיים״ [42], ס׳ווענדט זיך אין דער צײַט.

אין אָנהייב זענען זיי געווען ״גרי־אריות״, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין מלכים [43] דערנאָך, זענען זיי געוואָרן ״גרי־אמת״ און אין דער שפּעטערער עפּאָכע, אין צײַט פון דער גריכיש־רוימישער אָקופּאַציע, זענען זיי געוואָרן געצן־דינערס, ווי עס ווערט איבערגעגעבן [44]: ״דמות יונה מצאו להם בהר גריזים ועשאום עכו״ם גמורים״. עס ווערט אויך דערציילט, אַז די כותים ״עובדים לאש״ — זיי דינען צו

פּייער [45] און אַז זיי האָבן עס געמסרט אויף ייִדן: אַ דעלעגאַציע זייערע איז געקומען צו אלכסנדר מוקדון און פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל חרוב מאַכן דאָס בית־המקדש [46].

הרב טביומי דריקט זיך אויס מיט זיכערקייט, אַז אין אַנהייב זענען זיי געווען „גרי־אמת", ווייל אויב זיי וואָלטן אַרויסגעוויזן דעם קלענסטן צווייפל, וואָלט מען זיי נישט אַקצעפּטירט און מ׳וואָלט זיי נישט געגעבן קיין גרים־פּריווילעגיעס. ס׳וואָלט דאָך געווען קעגן דעם דין: אַז אפילו ער איז מקבל אויף זיך צו היטן די גאַנצע תורה, „חוץ מדקדוק אחד של סופרים, אין מקבלין אותו..." אַפילו ער ווייזט צוריק איין פּונקט פון אַ מנהג איינגעפירט פון די גייסטיקע פירערס ביים ייִדנטום, אַנערקענט מען נישט זיין גרות.

נאָכן אַנאַליזירן די סתירהדיקע מיינונגען וועגן די כותים, קומט ער צום אויספיר, וועגן דריי תקופות:

די ערשטע תקופה, ווען זיי האָבן זיך מגייר געווען אין דער צייט פון מלכות־יהודה וירושלים, זענען זיי געווען „גרי־אמת", אין אַ שפּעטערן פּעריאָד, גערופן „גרי־צדק".

די צווייטע תקופה — אין דער עפּאָכע פון בית־שני — באַזונדערס ביים סוף פון דער תקופה, איז די אמונה ביי זיי אָפּגעשוואַכט געוואָרן און דאַן איז די רייד געווען ביי די חכמים פון דור, ווי אַזוי זיי צו באַהאַנדלען. ביי אייניקע תנאים איז געווען אָנגענומען מ׳זאָל זיך פון זיי דערווייטערן; ס׳איז זיי נישט געפעלן געוואָרן זייער אָפּנייג פון ייִדישן לעבנס־שטייגער. די מערהייט האָט אָבער געאורטיילט לטובתם — מ׳זאָל זיי נישט דערווייטערן.

די דריטע תקופה — האַלט ער — איז געווען נאָכן חורבן, ווען די גזירות־שמד פון גרויזאַמען אַדריאַנוס האָבן זיך פאַרשטאַרקט, האָבן זיי נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און זענען אַריבער צום געצן־דינסט.

אין יענער צייט, מיינט ער, האָט מען אויסגעפונען, אַז זיי דינען צו אַן אָפּגאָט, אַ „דמות יונה", וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט אויפן באַרג גריזים. דאַן האָבן די חכמים איינגעזען אַז מ׳קען מער נישט האָבן קיין צוטרוי צו זיי, מ׳דאַרף זיי באַטראַכטן ווי געצן־דינערס.

רבי אמי — אין אַ שפּעטערער תקופה — האָט געזאָגט צו די כותים פון קסריה: „אבותיכם לא קלקלו מעשיהם ואתם קלקלתם מעשיכם". ער האָט זיי אויפגעוויזן, אַז זיי האָבן פאַרלאָזט די גרות פון זייערע עלטערן.

דעריבער — האַלט הרב טביומי — לערנט די משנה, אַז ביי טייל פירונגען קען מען זיך פאַרלאָזן אויף זיי און ביי אַנדערע — נישט: ס׳ווענדט זיך, וואָס עס איז ביי זיי געבליבן פון די ייִדישע מנהגים, פון דער ייִדישער אָפּגעהיטקייט.

דערמיט ווערט פאַרענטפערט די מעשה מיט דער מרים התדמורית, פון תדמור,

מ׳האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו איר, ווייל זי איז געקומען פון תדמור — אַ ישוב פון כּותים. אין תּלמוד [47] האָבן מיר חילוקי־דעות, צי מען נעמט אַריין גרים פון תדמור. ווי מיר זעען, זענען די חילוקי־דעות וועגן די כּותים אָפּהענגיק פון דעם פּעריאָד פון זייער אינפילטראַציע אין ייִדנטום: געווען צייטן פון איבערצייגונג און ערלעכקייט און צייטן, ווען זיי זענען געווען אַ געפאַר פאַר דעם ייִדישן ישוב.

מ׳קען אויך אַנאַליזירנדיק די חילוקי דעות און דאָס איינטיילן אין פּעריאָדן די ראָל פון די כּותים, זען אַז מען האָט זיך תּמיד באַצויגן צו זיי קאָרעקט און מיט פאָרזיכטיקייט. מ׳האָט צו זיי אַרויסגעוויזן אַ התקרבות, מ׳האָט פון זיי גענומען קרבנות, מקריב צו זיין אויף מזבח, ווי אַ פאַרגעבונג אויף זינד, ווי מ׳האָט באַהאַנדלט ייִדן: "נודרים ונודבות כישראל" [48] און נאָך מער, מ׳האָט זיי נישט חושד געווען אויף עריות [49].

מ׳האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן זיך פון דערציילן וועגן שונאים, פאַרשטעלטע פריינד, וועלכע זענען געווען מיט די כּותים אין צייט פון חורבן, צו העלפן דעם שונא אָקופּירן דאָס לאַנד.

דערציילט דער מדרש [50] אויפן פּסוק "וירש זרעך את שער אויביו" — רבי אמר: זו תרמוד־תדמור. אשריו כל מי שרואה במפלתה של תדמור, שהיתה שותפת בשני חרבנות. ר׳ יודן ור׳ חנינא — חד מנהון אמר: בחורבן בית ראשון, העמידה אלף קשתים ובחורבן בית שני, העמידה שמונים אלף קשתים.

תדמור ווערט גערופן אין גריכיש פּאַלמיראַ, די שטאָט פון טייטלען. רבי — און מיר ווייסן דאָך, ווי רבי האָט זיך געהאַלטן אין דער נאָענסטער פריינדשאַפט מיט אַנטונינוסן, — און דאָ, וועגן די תדמורים דריקט ער זיך אויס אַזוי שאַרף, אַז דער וואָס וועט זען די מפּלה פון תדמור, וועט זיין גליקלעך, ווייל זיי האָבן זיך דירעקט באַטייליקט אין דורכברעכן די טויערן פון ארץ־ישראל אין דער צייט ווען די בבלער האָבן אַרומגערינגלט דאָס לאַנד און שפּעטער דאָס געטאָן — אין צייט פון דער רוימישער אוזורפּאַציע [51]. ווי קען מען האָבן צוטרוי צו אַזעלכע, אַריינצונעמען פון זיי גרים?

*

די קאַראַימער זענען מיטגלידער פון אַ ייִדישער סעקטע וועלכע האַלט נישט פון דער תּורה־שבעל־פּה. זיי האַלטן בלויז פון תּורה־שבכתב אָן פּירושים. זיי זענען קעגן די מפרשי־התּורה. זיי ווערן גערופן קראים פון דעם וואָרט "קרא" אָדער "בני־מקרא". זיי האָבן געשאַפן זייער אייגענעם פּירוש אויף תּורה.

ווי זייערע היסטאָריקערס גיבן איבער, זאָלן זיי זיין די אָפּשטאַמיקע פון די אַמאָליקע צדוקים און אין אַ געוויסן זין זענען זיי די נאָכפאָלגערס פון די צדוקים,

אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש, דערמיט וואָס זיי אַנערקענען נישט די תּורה־שבעל־פּה.

זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט ווי אַ סעקטע אין יאָר 767. דער גרינדער און אָרגאַניזירער פון דער דאָזיקער סעקטע איז געווען ענן בן דוד. ער, צוזאַמען מיט זיין סעקטע, זענען באַקעמפט געוואָרן פון די גאונים און גאָר באַזונדערס פון ר' סעדיה גאון (882—942) און זיינע נאָכפאָלגערס. ר' נטרונאי גאון (פּאַר אים) (719 — געוואָרן ראש ישיבה אין פומבדיתא, בבל) האָט באַצייכנט די קראים ווי אַ באַזונדער פאָלק, וואָס מ'טאָר זיך נישט משדך זיין מיט זיי, מחמת זיי היטן נישט די "עריות"־פאַרבאָטן און זיי זענען אין חשד אויף ממזרות.

אין געוויסע מצוות אונטערשיידן זיי זיך לגמרי פון ייִדן, שטיצנדיק זיך אויף זייער אויסטייטשן תּורה־מצוות: זיי צינדן נישט שבת קיין ליכט, זיצן אין דער פינצטער; זיי אַנערקענען נישט קיין יום־טובים וואָס זענען אַנטשטאַנען נאָכן תּנ"ך; זיי אַנערקענען נישט די מצווה פון תּפילין; זיי האָבן געוויסע ענדערונגען אין די מצוות פון מילה, ציצית, שחיטה, עריות און נאָך אַ צאָל אָנגענומענע מצוות ביים רבנות־ייִדנטום. פון דעסטוועגן ווערן זיי אין געוויסע הינזיכטן באַטראַכט ווי ייִדן. דער רמב"ם, אין זיינע שאלות־ותּשובות, פּסקנט וועגן אַ ייִדישער פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ קאַראַימער, אַז זי ווערט באַטראַכט פאַר אַן אשת־איש און זי דאַרף האָבן אַ גט, נישט זייערס אַ גט, וואָס איז נישט גילטיק, נאָר אַ ייִדישן גט.

מ'האָט פאַרוועַרט געמישטע חתונות מיט קראים, און דאָך געפינט מען אין די שאלות־ותּשובות־ספרים וועגן אַזעלכע חתונות; מ'האָט געפונען כּתובות, געשריבן ביי רבנים צווישן פּאָרלעך: ייִדן מיט קאַראַימער, אפילו אַריינגעשריבן תּנאים, די ייִדישע פרוי זאָל מעגן אָפּהיטן אירע מצוות — און ער, זיינע קאַראַימישע דינים: די ייִדישע פרוי זאָל מעגן זיצן פרייטיק־צו־נאַכטס ביי אָנגעצונדענע שבת־ליכט אין אַ באַלויכטענעם צימער און איר מאַן, דער קאַראַימער, זאָל מעגן זיצן אין אַ פינצטערן צימער [52]. די ייִדישע פרוי זאָל מעגן פייערן אַלע ייִדישע יום־טובים און דער קאַראַימער — זיינע יום־טובים. ס'האָט אפילו געטראָפן, אַז אַ ראש־הגולה פון עגיפּטן זאָל חתונה האָבן מיט אַ פרוי וועמעס פאָטער איז געווען אַ מנהיג פון דער קאַראַימישער סעקטע.

די דערווייטערונג פון די קראים און די שטרענגקייט זיך נישט אויסצומישן מיט זיי איז געקומען נאָך דעם, ווי זיי זענען צעשפּרייט געוואָרן אין די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער און איבערגענומען מנהגים פון די אָרטיקע באַפעלקערונגען. נישט אומזיסט זענען זיי געשטיצט געוואָרן פון די צאַרישע רעגירונגען, ווי מיר האָבן אויף דעם שוין אָנגעוויזן [53].

וועגן די באַציונגען צווישן דעם רבנישן ייִדנטום און די קראים איז אַ סך

געשריבן געוואָרן: רבנים אין זייערע שאלות־ותשובות און היסטאָריקערס אין ספּעציעלע פאָרשונגען, ווי דר. רפאל מאַהלער, דר. צבי כהן, און אַנדערע.

ווענן די קראים, זענען דאָ חילוקי־דעות, אָנהייבנדיק פון דער גאונים־עפּאָכע ביז אונדזערע טעג.

די דאָזיקע סעקטע, לויט דער מיינונג פון פאָרשערס, איז א המשך פון די פריערדיקע צדוקים און ביתוסים, מיט אַן אייגענעם צוגאַנג אין תורה־אויסטייטש: זיי נעגירן די תורה־שבעל־פה, ווי פעסטגעשטעלט זינט דעם מעמד הר סיני — די מסורה, איבערגעגעבן צו משה רבנו און וואָס איז אין די נאָכפאָלגנדיקע דורות באַלעבט געוואָרן דורך די סנהדרין, תנאים, אמוראים [54], אָבער זיי האָבן געשאַפן אַן אייגענע תורה־שבעל־פה, מיט מנהגים און תקנות. דערמיט זענען די קראים, אָדער בני־המקרא — קאַראַימער — ייִדישלעכער ווי די כותים־סעקטע, וועלכע האָבן געצויגן נאָכן באַרג גריזים, צו עבודה זרה.

די כותים־סעקטע האָט אָנערקענט בלויז די חמשה חומשי תורה, בעת די קראים אָנערקענען דעם גאַנצן תנ״ך, אַריינגערעכנט נביאים און כתובים. זיי האָבן אָבער געפירט אַ העפטיקן קאַמף קעגן תלמוד און קעגן די גאונים וועלכע האָבן נאָכגעפאָלגט דעם תלמוד. זיי האָבן אויך באַקעמפט די ייִדישע מנהגים און דערמיט זיך אָפּגעטיילט פון רבניש־הלכהדיקן ייִדנטום. דאָס אָוועקגיין פון ייִדנטום איז נישט געווען בלויז אידעאַליסטיש־טעאָלאָגיש, ס׳זענען געווען דערביי פּערזענלעכע מאָטיוון, אַ קאַמף פאַר מאַכט און כבוד.

ענן בן דוד (געב. דתע״ד—714), דער וואָס האָט אָרגאַניזירט די קראים־סעקטע אין בבל, האָט אָנגעהויבן די באַוועגונג קעגן אַ באַשלוס פון די גאונים צו באַשטימען זיין ברודער יהושע־חנניה פאַר דעם ראש פון גלות (ריש גלותא). מיט דער צייט זענען די נגיעות אַוועק; געבליבן איז שוין די שאַרפע מחלוקת וואָס האָט דערפירט, די דאָזיקע סעקטע זאָל אין גאַנצן אַוועק פון ייִדנטום און זאָל בלייבן אין פולשטענדיקער איזאָלאַציע. זי איז געבליבן ווי אַ באַוועגונג, אין אַ קליינער צאָל, עד היום. אויב די כותים־סעקטע איז מיטן לויף פון די יאָרהונדערטער כמעט ווי אָפּגעווישט געוואָרן, איז די קראים־סעקטע געבליבן ווי אַ גרופּע.

די קאַראַימער האָבן זיך פאַרשפּרייט אומעטום, אין אַלע לענדער, אין אייראָפּע און אויך דערגרייכט די ברעגעס פון אַמעריקאַנישן קאָנטינענט.

אין אַן אַרטיקל וועגן די קראים אין שיקאַגע שרייבט הרב דר. דוד גרויבאַרט ז״ל [55]:

„...די היגע קאַראַימער האָבן זיך לעצטנס געוואָנדן צו דער צדקה־פעדעראַציע מיט דער בקשה, זיי אָפּצוגעבן אַ באַזונדער צימער אינעם ראַדזשערס פּאַרק — ייִדישן צענטער — פאַר זייערע טעטיקייטן... דער פאַרלאַנג איז אָפּגעוואָרפן

געוואָרן, ווייל די פעדעראַציע, ווייזט אויס, האַלט אַז זיי זענען ייִדן און דערפאַר קאָנען זיי זיך אויסמישן מיט זייערע ייִדישע ברידער און שוועסטער״.

״די קראים — שרייבט ער ווייטער — שטעלן באמת מיט זיך פאָר אַ פּראָבלעם און דאָס איז במשך פון דורות געווען אַ ביז גאָר קאָמפּליצירטער ענין. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז ווי וויל זיי האָבן אָפּגעוואָרפן דעם תּלמוד און די פּוסקים... האָבן זיי געשאַפן אַן אייגענע הלכישע ליטעראַטור... איינער פון זייערע אָנגעזעענסטע מלומדים איז געווען ר׳ יצחק פון טראָקי (ביי ווילנע — נ. ש.) אין דער ליטע, מחבר פון ׳חיזוק אמונה׳, אַן אַפּאָלאָגעטיש ווערק, וואָס מיינט פּאַקטיש אַ פאַרשטאַרקונג פון דער ייִדישע אמונה...

״הרב יעקב בן ישעיהו מזא״ה פון מאָסקווע דערמאָנט אין זיינע ״זכרונות״ אַ שמועס מיט הרב חיים סאָלאָווייטשיק פון בריסק, ביי דער אסיפת הרבנים אין פּעטערבורג, אינעם יאָר 1911. זיי האָבן באַרירט די פראַגע פון חתונות צווישן ״ראַבאַניטן״ — רבנישע ייִדן מיט קראים.

״דער בריסקער רב, איינער פון די גרעסטע ליטווישע גדולים, האָט זיך אויסגעדריקט: אייגנטלעך איז דאָ נישט פאַראַן קיין איסור, קיין פאַרבאָט; ס׳איז אָבער פאַראַן אַ גרויסער חשש פון ממזרות... ווייל זייערע גיטין זענען פּסול... בלייבט די פרוי אַן אשת־איש...

״איך האָב געזאָגט דעם רב — שרייבט מזא״ה — אויב ס׳איז פאַראַן אַ סיבה צו צווייפלען אין דער כשרות פון זייערע גיטין, איז דאָך דאָס זעלביקע, בנוגע זייערע קדושין... איז דאָך די קאַראַימישע פרוי נישט קיין אשת־איש, איז במילא נישטאָ קיין חשש ממזרות.

״דער רב — שרייבט ער ווייטער — האָט געשמייכלט... געזאָגט, אַז די קידושין זענען יאָ חל... דער בריסקער רב האָט אָנגעגעבן טעמים דערויף״.

אינטערעסאַנט, וואָס הרב מזא״ה גיט איבער:

״אינעם חודש תּמוז תּרע״ח (1918), איז צו אים געקומען אַ קורלענדער ייִד און פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אים געבן חופּה־קידושין מיט אַ קאַראַימער מיידל (ער שילדערט זי ווי יפת־תּואר נ. ש.). זי האָט צוגעזאָגט אַנצונעמען דעם רבנישן גלויבן.

הרב מזא״ה האָט זיך געקווענקלט, נישט געוואָלט נעמען אויף זיך. נאָכן דורכשמועסן זיך מיטן אָרטיקן רב, הרב שמואל ראַבינאָוויטש (פון די אָנגעזעענע רבנים אין רוסלאַנד) און מיטן צונעמען אַ דריטן רב, ס׳זאָל זיין אַ בית־דין פון דריי, האָט מען זי מגייר געווען און זיי חתונה געמאַכט.

די חתונה — גיט הרב מזא״ה איבער — האָט זיך געענדיקט טראַגיש. זי האָט געערופן איר מאַן מיטן זידלוואָרט ״זשיד״ און מ׳האָט זיך כסדר אַרומגעקריגט. דער סוף איז געווען: זי איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין אַ יונגן עלטער.

אין זיינע "זכרונות" דערמאָנט הרב מזא"ה די תשובה פונעם ספר "בשמים ראש": "אוי לה לאותה בושה! שמכל האומות מקבלין גרים, ואפילו מזרע עמלק ואל הקראים יאמרו: אין להם חלק" — ווי צו דער דאָזיקער שאַנדע, פון אַלע פעלקער נעמען מיר אָן גרים, אפילו פון די עמלקים און צו די קראים וועט מען זאָגן: זיי האָבן נישט קיין חלק צווישן ייִדן (תשובה קע"ז).

הרב גרויבאַרט דערמאָנט אין זיין אַרטיקל דעם געלערנטן קראי אברהם פירקאָוויטש. אין אַ באַזונדערן פּרק דערמאָנען מיר אים, זיין צוזאַמענגעמען אַ גרויסע צאָל קאַראַימישע, שומרונישע און רבנישע מאַנוסקריפּטן. פאַרשערס ווייזן אָן, אַז ער איז געווען אַ שווינדלער, האָט געפעלשט דאַטעס און נעמען, כּדי צו באַווירקן די דירעקטאָרן פון די צאַרישע מוזיי־אַרכיוון און מאַכן פאַרמעגנס.

ס'איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, אַז די צאַרישע רעגירונג, דורכגעדרונגען מיט אַנטיסעמיטיזם און ייִדנהאַס, איז גאָר געווען פריינדלעך צו די קאַראַימער. אַזוי איז עס געווען מיטן פאַרשטייער פון די קראים אין קרים, זיין נאָמען איז געווען בנימין בן שמואל אגא, וועמען די צאַרינע קאַטאַרינאַ די צווייטע, האָט גענומען אונטער איר מלוכה־שוץ, ווען די טאַטאַרן האָבן אים באַדראָט און אַזוי אין געווען מיט שלמה באַבעוויץ און יצחק קלעאַ, מחבר פון "אור הלבנה" און "אגרת פנת יקרת", און אַזוי אויך מיט אַנדערע אין 18־טן און 19־טן י"ה.

מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת־ישראל, האָט זיך פאַר די רבנים ראשיים געשטעלט דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי זיך באַנעמען מיט דער גרופּע, וואָס וויל האָבן פּריווילעגיעס ווי ייִדן, געניסן פונעם "חוק השבות", אויסמישן זיך מיטן רבנישן ייִדנטום. די פראַגע איז געווען צי איז שוין געקומען די צייט צו פאַרנייען דעם ריס, ווי די לאַזונג איז געווען פאַר די יאָרהונדערטער: הקרעים (וואָרטשפּיל פון "קראים") אינן מתאחין — אַז מ'קען דאָס נישט פאַרנייען...

די טענה פון די קאַראַימער איז געווען, אַז זיי זענען ייִדן: זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם שווערן גלות, אַזוי ווי די ייִדן; זיי האָבן מיט מסירת נפש אויסגעהאַלטן זייער אופן פון ייִדישקייט; זיי האָבן געטרויערט אויף חורבן־ציון וירושלים ווי אַלע אבלי־ציון; זיי האָבן געהאָפט און געשטרעבט אויף גאולה־שלימה ווי אַלע ייִדן.

זייער טענה איז אויך געווען אַז, נעגירנדיק דעם תלמוד, האָבן זיי אָבער אָנגעהאַלטן גאָר שטרענג די דינים פון שבת לויט דער תורה, דינים פון טהרה לויט דער תורה אאַ"וו.

ס'דאַרף באַמערקט ווערן אַז נישט אַלע קראים האָבן דעם זעלביקן צוגאַנג צו יהדות. אין משך פון די יאָרהונדערטער זענען זיי געטיילט געוואָרן אין גרופּעס: געווען אַזעלכע וועלכע האָבן זיך געהאַלטן שטרענג ביי ייִדישקייט לויט זייער אויפפאַסונג און געווען אַזעלכע וועלכע האָבן אַריינגענומען די מנהגים און די

לערעס פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי האָבן זיך געפונען. זיי האָבן זיך ממש אויסגעמישט און פאַרגעסן דאָס אָריגינאַלע אין דער קראים־תורה.

אין מדינת־ישראל, ווערט איבערגעגעבן, געפינען זיך אַרום אַכט טויזנט קראים, און זיי קעמפן אַנערקענט צו ווערן ווי ייִדן, אָן וועלכער נישט איז גרות־צערמאָניאַל. וועגן דעם, איז די ערשטע יאָרן אַנגעגאַנגען אַ רבנישע דיסקוסיע, צי מ׳זאָל זיי אַנערקענען אַלס פולשטענדיקע ייִדן. די אויסגעדריקטע מיינונגען זענען געווען ווי אַ מאָל, ביי רבנים־פוסקים: אייניקע ליבעראַל ביז גאָר און די אַנדערע שטרענג ווי ווייט מעגלעך, זיי צו האַלטן מחוץ למחנה, סיידן זיי זאָלן דורכמאַכן דעם גרות־ריטואַל.

די פּאָלעמיק איז געפירט געוואָרן נישט בלויז בעל־פה, נאָר מערער בכתב, מיט רבנישע שאלות־ותשובות און מיינונגען פון פאַרשערס וועגן די עיקרים פון יהדות און די פרינציפּן און מנהגים ביי די קראים. דאָס איז געווען אַן אַקטועלע טעמע און ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ ליטעראַטור צו דער שוין רייך פאַרצווייגטער ליטעראַטור וועגן די קאַראַימער און קאַראַיזם.

די פּאָלעמיק אַרום דעם קראים־סטאַטוס האָט געפירט צו באַנייען די דיסקוסיע אַרום דער פראַגע ״מיהו יהודי״, ״גיור כהלכה״ און די קאָמפּליצירטע אַספּעקטן וואָס האָבן אַ קרובהשאַפט צו די עיקרי היהדות, צו אמונה, הלכה און טראַדיציע. — און וועגן דעם אין אַ ווייטערן פּרק.

## הערות

### א

1 זע, הרב ישראל שציפּנסקי, אור המזרח, טבת, תשל״א.
אין מיינע ווערק אַ סך געשריבן וועגן דער באַשולדיקונג, אַז ייִדן האָבן געמשפּט, פאַרמשפּט און דורכגעפירט דעם משפּט איבערן נוצרי. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף די וויכוחים צווישן קריסטלעכע גייסטלעכע און ייִדישע מנהיגים. מיר וועלן ווייטער אָנווייזן אויף דער אומבאַרעכטיקטער באַשולדיקונג.

2 זע, יחזקאל קויפמאַן, תולדות האמונה הישראלית, כרך ג׳, ספר שני, ז״ז 265—286; 362—368.

3 ירמיה, י״ב, א׳—ב׳; ל״ב, י״ח א״א.

4 דאָרט, ג׳, י״ז; ט״ו, ד׳. אַלע נביאים, באַזונדערס ישעיה, מיכה, זאָגן נביאות וועגן דעם אוניווערסאַלן אחרית הימים.

5 יחזקאל, כ״א, ל׳; כ״ב, ב׳—ה׳; פּרק כ״ג.

6 זע, י. קויפמאַן, דאָרט, ז״ז 462—466; 74, —578, 582.

7 איכה, ג׳, ט״ו.

8 ירמיה י״ז, א׳.

9 דאָרט, דאָרט, ה׳, ז׳.

10 ישעיה, ב׳, ב׳.
11 דאָרט, י״א, א׳, ט״ז. יהואש־איבערז.
12 מיכה, ד׳, א׳—ו׳ — אין מיינע פריערדיקע ווערק באריכות.
13 תהלים, ל״ז, ג׳, ה׳; קי״ח, ט״ו און פריער, קט״ו, ט׳ א״אָ.
14 יבמות, ע״ט, ע״א.
15 שבת, קל״ג, ע״ב א״אָ.
16 יומא, ט׳, ע״ב; מסכת כלה, ח׳; ילקוט שמעוני, יתרו, רע״ב.
17 ב״ק, פ״ד, ע״א — רש״י אין חומש.
18 כתובות, ל״ח, ע״א. לויטן רמב״ם, חובל, א׳, ז׳ — איז דאָס הלכה למשה מסיני.
19 בבא קמא, פ״ד, ע״א. זע, מפרשים — אויפן אָרט; אין מיינע דרוש ספרים — אין מאַנוסקריפּט.
20 שמות, כ״א, כ״ד: ״סימא עין חברו, נותן לו דמי עינו . . . ולא נטילת אבר ממש״ . . .
21 הלכות חובל ומזיק, א׳, ב׳ און ו׳: ״מפי השמועה למדו . . תחת . . . לשלם ממון . . .״.
22 מיר האָבן שוין נישט איין מאָל ציטירט ר׳ צדוק הכהן מלובלין וועגן תורה שבעל פה.
23 אין מיין ווערק ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״, אין ״באַציונג צום פרעמדן״ און אין אַנדערע ווערק — באריכות.
24 שמות, ל״ד, ג׳.
25 דברים, י״ז, ט׳.
26 ר״ה, כ״ה, ע״ב; ירושלמי, ר״ה, ב׳, ח׳; רש״י — חומש, אויפן אָרט.
27 דר. רפאל מאַהלער: ״קאַראַימער״ (אַ יידישע גאולה־באַוועגונג אין מיטאַלטער), פאַרלאַג, אליהו שולמאַן, ניו־יאָרק, 1947.
28 ה. גרעץ, ש. דובנאָוו, יעבץ, דר. צבי הכהן און אַנדערע. אין מיינע ווערק — מערער אויף דער דאָזיקער טעמע.
29 זע, יידישע אויסגאַבע, ז׳ 246; העברעישע אויסגאַבע, איבערז. פון דר. אפרים שמואלי, ז׳ 193.
30 זע, ז. ברושי, ר׳ סעדיה גאון, זיין לעבן און שאַפן, ניו יאָרק, 1955, באַזונדערס ז״ז 60—65.
31 בראשית רבה, נ״ה, י״א.
32 התקופה, כ״ג, תרפ״ה, ז׳ 250; בצרון, ניסן, תש״ט, שנה י׳, חוב׳ ו׳, ז׳ 57; זע אויך, מאַהלער זעקסטן קאַפּיטל; בצרון, חוב׳ ד׳ שבט, תש״ט, ז׳ 280.
33 זע, ברושי, דאָרט, ז״ז 102־108.
34 שבת, כ״ב, ע״ב; כ״ה, ע״ב; משנה ב׳, ו׳; ל״א, ע״ב.
35 שו״ע או״ח, רפ״ג, ב׳.
36 אין די מאמרים און כרוזים פון אדמו״ר הגאון והצדיק ר׳ מנחם מנדל שניאורסאָן מליובאַוויטש שליט״א — מקורים און טעמים וועגן דער מצווה פון שבת־ליכט. אין מיינע ווערק: ״באַציונג צו דער יידישער פרוי״ און ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״.
37 שמות, כ״ב, ג׳.
38 אבות, א׳, א׳; רמב״ם, סוף הלכות מלכים א״אָ.
39 זע, קראים־ווערק: פון דר. רפאל מאַהלער, דר. צבי כהן א״אָ; בצרון, חורף־אביב, תש״ם, ז״ז 60—66, 74; קדושה אין ייד. פאַמיליע־לעבן, באַנד 2 — אויספירלעכער.
40 תשובות הרמב״ם, סימן שע״א; יד החזקה, הלכות ממרים, ג׳, ג׳.
41 תהלים, קמ״ד, ח׳; ״וואָס זייער מויל רעדט פאַלשקייט, און זייער רעכטע האַנט איז אַ רעכטע האַנט פון ליגן . . .״. צפניה, ג׳, י״ג.
42 תשובות הרמב״ם, סימן שסט; אגרת לקהל מר שיליא.
43 וועגן אים — אין מיינע פריערדיקע ווערק.
44 ״סאָוועטיש היימלאַנד״, יוני, (8), 1983. ער שרייבט אויספירלעך וועגן די כתב־ידן אין דער גינצבורג־זאַמלונג: כתב־ידן פון דער מצרישער גניזה —ביידע געפינען זיך אין די פירקאָוויטש־זאַמלונגען.
45 חיים גרינבערג, בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך, עסייען, ז״ז 352—357.

46 הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תש״ד.
47 ריב״ש — ר׳ יצחק בן ששת — סימן נ״א; שו״ת הרשב״ץ — ר׳ שמעון בן צמח — חלק א׳, סימן ס״ג. זע, הערות מרדכי דב רבינוביץ.
48 קהלת, א׳, ח׳; קהלת רבה, א׳, כ״ד; ע״ז, ט״ז, ע״ב; השמטות הש״ס, עבודה זרה, י״ז, ע״א; ש. דונסקי, מדרש רבה קהלת, תרגום יידיש, הערות און ביאורים. דאָס וואָרט ״מינים״ טייטשט ער ריכטיק: יידן־קריסטן, מאָנטרעאָל, תשכ״ז, ז״ז 57—58.
49 ז״ז קכ״ה—קכ״ו, קמ״ו. אין די הערות, דאָרט, ווערט אָנגעוויזן אויף ענלעכעס אין כוזרי פון ר׳ יהודה הלוי, מאמר ג׳, ט׳.
50 סדר אלי׳ רבה, פרק כ״ח; ילקוט שמעוני, א׳, תשט״ו.
51 ירמיה, כ״ח, ב׳.
52 וועגן מבצע נשק, אין מיינע פריערדיקע ווערק.
53 הלכות עבודת כוכבים, ב׳, ד׳.
54 במדבר, ט״ו, כ״ב.
55 דאָרט, דאָרט, כ״ג.
56 חולין, ד׳—ה׳ — מפרשים אויפן אָרט.
57 בבא בתרא, ד׳, ע״א; סוכה, נ״א, ע״ב.
58 מלכים ב׳, כ״ד, ט״ז.
59 זע, ילקוט שמעוני, לויטן ספרי.
60 זע, אגרת תימן — באריכות. אין פירוש המשניות, חלק, סנהדרין פרק אחד עשר וועגן די עיקרים פון יהדות, יסודות פון יידנטום.
61 שמות, כ׳, ג׳; דברים, ה׳, ח׳.
62 דברים, ל״ד, י׳. אחד העם, אין זיין עסיי ״משה״ און אין ״על שתי הסעיפים״ פאַרנעמט זיך מיטן שילדערן דעם מענטש משה וואָס לעבט אייביק.
63 שמות, י״ד, ל״א; במדבר, י׳, ז׳—ח׳.
64 שבת, פ״ח, ע״ב — פ״ט, ע״א.
65 סנהדרין, כ״א, ע״ב; ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳.
66 שמות, ל״ב, ז׳.
67 ברכות, ל״ב, ע״א; פדר״א מ״ה.
68 תנחומא, ואתחנן, ו׳.
69 במדבר, י״ב, ג׳.

## ב

1 הלכות תשובה, ג׳, ז׳.
2 דער ראב״ד איז מחולק. ער ווייזט אָן אויף גדולי ישראל וועלכע האָבן אַנדערשט אויסגעטייטשט די גאָט־פּערזאָנאָפיצירונג: ״א״א, ולמה קרא לזה מין וכמה גדולים טובים ממנו הלכו בזו המחשבה...״ פאַרשטייט זיך, נישט לויט דער מינים־אויפפאַסונג, אוודאי נישט מבטל צו מאַכן מצוות אָדער תקנות.
3 התנאים שלחמו נגד הנצרות, אור המזרח, כרך כ״ו, חוב׳ ב׳—ג׳ (צ׳—צ״א), ניו־יורק, ניסן—תמוז, תשל״ח.
4 זע, משנת הרב, בתוספת קיצור תולדותיו, מאת משה צבי נריה, תש״מ, הערה 16; מועדי הראי״ה של מרן הרב אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל, ליקוטי אמרים... מאת משה צבי נריה, שנת השמיטה, תש״מ, ז׳ תקפ״א, הערה.
5 תוספתא, פסחים, א׳ ח׳; זע, מ. מ. כשר, הגדת ירושלמי.
6 זע, הגדה פון ראובן מרגליות — אייניקע סברות. ר׳ ראובן מרגליות איז געווען איינער פון די ווונדערלעכע פאַרשערס, באַזיצט אומגעהויער בקיאות און מחבר פון א צאָל וויכטיקע ספרים. ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 82 יאָר (אלול, תשל״א—1971).
7 ווין, תרפ״ג, ז״ז 13—14.

8 דאָרט, השערה ווער ס'זענען געווען די תלמידים.
אין דער הגדה של פסח — מנחת חן — פון דעם יונגען רב און מחבר ר' נח אייזיק אָהלבוים, ניו יאָרק, תשל"ט, ז"ז ע"א—ע"ו, איז פאַראַן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג בדרך פּלפּול והלכה וועגן דעם סיפּור און די הסבה יענעם פּסח ביינאַכט, ווען די חכמי ישראל האָבן בחברותא געפּראַוועט דעם יום־טוב פּסח.

9 דאָרט, ז' 41.

10 איכה רבתי, ב', ה'. זע: ענף יוסף און עץ יוסף; סנהדרין, צ"ז, ע"א; יבמות, ע"ב; ירושלמי, תענית, ד'; יבמות, ח', ט'.

11 מ'האָט אים גערופן "תורתה", ווייל ער האָט זיך מגייר געווען צוליב זיין פּ ר ה (קו), וואָס האָט נישט געוואָלט אַקערן אום שבת (ירושלמי, תענית, ח', איכה רבתי, ב', ב'; פּסיקתא רבתי, פי"ד, עמ' נ"ו).

12 יוחנן מגוש חלב — יוסף מן מתתיהו (פלאוויוס) שילדערט אים אין מלחמות, ס"ב כ'—כ"א; ס"ד, ב' א"אַ.

13 ימין ושמאל, ז' רי"ב. חבלים בנעימים, חלק ה', סט. לואיס, תרצ"ט, ז' 67. אַ חידוש וואָס ער ברענגט נישט די מפרשים ענף יוסף און עץ יוסף פון באַוווּסטן מפרש חנוך זונדל.

14 מלכים, י"א, ג'.

15 תענית, ד', ה'.

16 סנהדרין, צ"ג, ע"ב.

17 ברכות, ס"א, ע"ב; עירובין, צ"א, ע"א; עבודה זרה, י"ז—י"ח; זע) ימין ושמאל, ז"ז קל"ח—קמ"א — באריכות.

18 דברים רבה, ב', ט"ז.

19 ברכות, ס"א, ע"ב. די נעמען פון די עשרה הרוגי מלכות אין מדרש איכה, ב', ה'; זע, ימין ושמאל ז' קצ"ג.

20 זע, דאָרט, ז"ז ר"ז—רי"א.

21 הרב הערשקאָוויטש איז זיך סומך אויף דער באַהויפּטונג פון דניאל גאָלדשמיט אין זיין הגדה של פסח, ירושלים תש"ד.

22 די לעצטע נאַכט, פאַר דעם משפּט, ווערט ביי די אַפּאָסטאָלן גערופן "דער לעצטער מאָלצייט" — מ"י, כ"ו, ז'; כ"ט; מרק, י"ד, כ"ב—כ"ג; לוק, כ"ב, י"ט—כ' א"אַ.

23 ברכות, כ"ח, ע"ב.

24 וועגן שמעון הפקולי, שמואל הקטן, רבן גמליאל, די שינוי נוסחאות — אויספירלעך אינעם מאמר, התנאים שלחמו נגד הנצרות, טעקסט און הערות.

25 שבח קנעביל, אויפן אָרט.

26 זע: ערבי פּסחים, י', ח'.

27 אבות דרבי נתן, ו' און י"ב; רב נסים גאון, ברכות, כ"ז, ע"ב; ספר יוחסין, ערך רבי עקיבאַ; אהרן היימן, תולדות תנאים ואמוראים, ז' 88 א"אַ.

28 ירושלמי, ברכות, ט', ה'; בבלי, ברכות, ס"א, ע"ב.

29 הערשקאָוויץ, דאָרט, ז"ז 230—232.

30 סנהדרין, מ"ג, ע"ב.

31 מאָרגן זשורנאַל־אויסגאַבע, ניו יאָרק, תרע"ג—1913.

32 מאַרקוס, י"ד, 12; יוחנן, ט', 22. זע, אוצר ישראל, העורך יהודה דוד אייזנשטיין, חלק ה', ז"ז 228—231.

33 יוחנן, י"ט, 14.

34 סנהדרין, ד', א'.

35 סנהדרין, סוף דף מ"ג.

36 מיט הערות און ביאורים, אַרויס. תשל"ד—1974.

37 דביר, תל־אביב, תשכ"ח—1968, ז"ז 10—16; 28—35.

38 סנהדרין, מ"ג, ע"א—ע"ב.

39 זע, סנהדרין, ק"ז, ע"ב; סוטה, מ"ו, ע"א; ח"כ, משפּטו ומותו . . . ז"ז 36—43.

40 שבת, ט״ו, ע״א.
41 ליבערמאַן, דאָרט, ז״ז 70—79 — אויספירלעך.
42 דאָרט, ז״ז 82—83. אין אונדזער סעריע וועגן ערנעסט רענאַן — אויספירלעכער.
43 זע, הרב י. ל. גרויבאַרט, חבלים בנעימים, ד׳ סימן פ״ו — חתימת המשנה ג׳ תתקע״ח; תלמוד ירושלמי, ד׳ ק״ע; בבלי, ד׳ ר״ס.
44 דר. יצחק לעווין, ווי איך געדענק, האָט אין ניו־יאָרקער ״אַמעריקאַנער״ אין די דרייסיקער יאָרן פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנטן מאמר וועגן תלמוד־כתב־יד.
45 זע, שמחה פעטרושקא, ייד. פאַלקס־ענציקלאָפּעדיע, ז׳ 123. וועגן ישון האָבן געשריבן אַ גרעסערע צאָל יידישע פאָרשערס און טעאָלאָגן, צו דערמאָנען אייניקע: די פּראָפעסאָרן י. קלויזנער, מאַרטין בובער, ש. ז. צייטלין; שרייבערס: שלום אַש; מיכה יוסף בערדיטשעווסקי; א. קבק א״א.
אין דער צייט פון דעם שלום אַש־שטורעם, חיים ליבערמאַן, דער קטיגור און חיים גרינבערג דער סניגור — דער דריטער, הרב חיים טשערנאָוויץ — דער פּוסק און ש. ניגער — דער איינשטעלער און אַ גרויסע צאָל שריפטשטעלערס וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם עסק.
46 ״אידישער קעמפער״, פרייטיק 5טן נאָוו. 1948.
47 מלכים, ב׳, ב׳.
48 ג׳, ז׳—ח׳.

## ג

1 תוספתא, חולין, ב׳, ו׳; עבודה זרה, ט״ז, ה׳: הרב הערשקאָוויץ ווייזט אָן אויף שינוי נוסחאות — אור המזרח, ניו־יורק, ניסן־תמוז, תשל״ח, כרך כ״ו, חוב׳ ב׳—ג׳, ז״ז 234—235; תשרי, תשל״ח, ז״ז 71—91 — אויספירלעך וועגן הכנס בבני ברק — בלוד.
2 הרב הערשקאָוויץ, דאָרט, ז׳ 237.
3 דברים, כ״ג, י״ט.
4 רש״י: שפירש מביתו לפני יום הכפורים ללשכת פרהדרין, ושם היו מתקנין לו כל צרכיו — אור המזרח, דאָרט.
5 דאָרט, הערה 70, אַז רבי אליעזר האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין אַ וויכוח מיטן מין.
6 אין כתב־יד, ״כך למדני ישו הנוצרי״.
7 מיכה, א׳, ז׳.
8 משלי, ה׳, ח׳.
9 זע, ר״א היימן, תולדות תנאים ואמוראים, ז׳ 166 ; גרשם באַדער, תנאים, באַנד 1.
10 סנהדרין, ל״ז, ע״א.
11 אור המזרח, דאָרט, ז״ז 239—240.
12 סנהדרין, י׳, ב׳; י״א, א׳.
13 דאָרט, ק״ה, ע״ב. דער פּסוק, אין ישעיה, ס״א, ה׳ — יידיש : יהואָש.
14 תהלים, ט׳, י״ח.
15 פירוש המשניות, אויפן אָרט.
16 סנהדרין, צ״א, ע״ב. זע, ש.אַבראַמסאָן, מנחה ליהודה — להרב יהודה לייב זלוטניק, ליובלו הששים, ירושלים, תש״י, ז״ז 24—32.
17 אבות, ה׳, כ״ה.
18 ווי דער בעל הגדה דרשנט אויף לבנען.
19 בראשית, כ״ז, כ״ב.
20 פתיחתה רבתי איכה רבתי, ב׳.
21 משלי, כ״ז ,ו׳; יידיש — יהואָש.
22 סנהדרין, ק״ה, ע״ב.
23 אבות, ה׳, כ״ג,

24 במדבר, ל״א, ח׳.
25 מורה נבוכים, ב׳, מ״ה.
26 במדבר, כ״ב, כ״א; סנהדרין, ק״ה—ק״ו.
27 דאָרט, כ״ד, ו׳.
28 יהודה דוד אייזענשטיין, אוצר ישראל, ניו יאָרק, תשי״ב, חלק י׳, ז״ז 182—183.
29 סימן קצ״א; מהד׳ רא״א פרייס, סימן קצ״ג.
30 אין די הערות: ״עיין מחזור ויטרי, הוצאת מק״נ ברלין, תר״ז, סימן ס״ו: שמעון פטר חמור שהוא טעות של רומה ובסימן שכ״ה כתב: מימות שמעון כיפה שיסד סדר של יוה״כ״.
31 הלכות עכו״ם, וחוקותיהם, ט׳, ד׳; הגהות מיימונית, אויפן אָרט; הלכו תשובה, ג׳, ז׳—ח׳.
32 במדבר, כ״ג, י״ט; תנחומא, בלק.
33 ע״ז, ט״ז—י״ז; ווי שוין דערמאָנט, איז אַ ספק צי דאָס איז דער ישו הנוצרי, אָדער אַ מאַן מיטן נאָמען ישו, וואָס האָט געלעבט מיט צוויי־דריי דורות פריער און יענעם האָט יהושע בן פרחיה אָפּגעשטויסן. וועגן שמעון כיפא — אויך אַ לעגענדאַרישע פערזענלעכקייט האָבן מיר פריער אָנגעוויזן, וועגן זיינע מעשים און זיין ווערן אַ בעל תשובה.
34 זע, שבת, ק״ד, ע״ב; חגיגה, ד׳, ע״ב; סנהדרין, ס״ז, ע״א.
35 סוטה, י״ז, ע״א.
36 סנהדרין, מ״ג, ע״ב; ק״ז ע״ב.
37 זע, פלאַוויוס, קדמוניות, י״ח, פרק ג׳, ג׳.
38 סנהדרין, ק״ו, ע״ב; דקדוקי סופרים, ברכות, כ׳, ע״א ווערט אָנגעגעבן די גירסא: ״הקב״ה לבא בעי״.
39 דברים, י״ד, א׳; אבות, ג׳, י״ח.
40 משלי, ד׳, ב׳.
41 חולין, צ״א, ע״ב.
42 שבת, קכ״ח, ע״א.
43 במדבר, כ״ג, ט׳.
44 שמות רבה, ט״ו, ח׳.
45 ביצה, כ״ה, ע״ב; שמות רבה, מ״ב, ט׳.
46 מגילה, י״ב, ע״ב; מו״ק, ט״ז, ע״ב; בראשית רבה, י׳; ילקוט שמעוני א״א.
47 שמות רבה, ט״ו, ח׳, ל׳; איכה רבתי, א׳, כ״ט.
48 מגילה, י״ב, ע״ב; ילקוט שמעוני, אסתר, תתרמ״ט.
49 דברי הימים א, י״ז כ״א.
50 שמות, י״ט, ה׳.
51 ישעיה, מ״ב, ו׳; מ״ט, ו׳; ס׳, י״ט.
52 משלי, ג׳, י״ח.
53 תנא דבי אליהו פרק י״ד.
54 ליבערמאַן, דאָרט, ז׳ 46.
55 במדבר, ו׳, י״א; נדרים, י׳, ע״א.
56 אוספירלעכער — ליבערמאַן, דאָרט, ז״ז 82—83; 108—109.
57 מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן, אַז פאַרשערס צווייפלען, צי דאָס איז באַגרינדעט, אָדער בלויז אַ השערה. אין איכה רבתי, ב׳, ד׳ האָבן מיר די פּאָלעמיק צווישן רבי עקיבא און יוחנן תורתא.
זע אויך, משה צבי נריה, מועדי הראי״ה, ז״ז תי״ט—ת״כ.
58 יד החזקה, מלכים, פרק י״א; תשובה, ט׳, י״ב. וועגן דעם אויסדרוק: ״לישר דרך . . .״ ס׳ווערט אָנגעוויזן אויף די אויפלאַגעס: דפוס שונצינו, ר״ג; קושטא, רס״ט; אמשטרדם, תס״ב, פרק י״א, הלכה ד׳. אין די שפּעטערע אויפלאַגעס, איז דאָס ארויסגעלאָזט געוואָרן, צוליב פאַרשטענדלעכע מאָטיוון.
59 דברים, ו׳, ד׳. זע, ש. ז. שרגאי, במעייני החסידות — באריכות.

60 צפניה, ג׳, ט׳.
61 זכריה, י״ד, ט׳.
62 במדבר, כ״ג, ט׳.

## ד

1 אַזוי האָבן דערקלערט די אַפּאָסטאָלן.
2 אין אַ ווייטערן פּרק באַרירן מיר די דאָזיקע באַשולדיקונג.
3 עלילות־דם זענען פאָרגעקומען נאָך אין די אַלטע צייטן.
4 ספר הבדיחה והחידוד, כרך שני, הוצ׳ ״דביר״, תשט״ז.
5 וועגן אים — אין אַ ווייטערן פּרק.
6 באריכות — ווייטער.
7 זוטו של ים, תרצ״ב, ז״ז 107—111; 375.
8 עירובין, פ״ו, ע״א; בבא מציעא, פ״ה, ע״ב; נדרים, נ׳, ע״א.
9 עירובין, פ״ו, ע״א, א״א.
10 כתובות, ק״ד, ע״א.
11 ירושלמי, חגיגה, ב׳, א׳.
12 שבת, ט״ז, ע״א; גיטין, נ״ט, ע״א; רמב״ם, הלכות דעות, ה׳, ט׳.
13 דברים, ט״ז, כ׳.
14 עירובין, מ״א, ע״ב.
15 סוטה, מ״ט, ע״ב.
16 שבת, צ״ב, ע״א.
17 רמב״ם, יסודי התורה, ז׳, א׳,
18 בראשית רבה, ט׳, ט׳; תנחומא, דאָרט, ז׳.
19 קהלת רבה, ז׳, כ״ח.
20 סנהדרין, מ״ג, ע״א—ע״ב — השמטות הש״ס; עדין שטיינזלץ־ש״ס־אויסגאַבע, ירושלים תשל״ד—1974, אין טעקסט ; אין איינער פון די ש״ס אויסגאַבעס אין אַמעריקע — אין טעקסט.
21 ירושלמי, סנהדרין, י׳ א׳; בבלי, י׳, א׳ און גמרא, צ׳ און ק׳, ע״י; ירושלמי, ו׳, א׳; לויטן רמב״ם: ״לפי שנכתבו על ידי עובדי עבודה זרה״. זע, פּראָפ׳ שמואל קרויס, תולדות ישו, ז׳ 183; ספר השנה, ליהודי אמריקה, כרך י׳—י״א, בעריכת מנחם ריבלוב, ניו יורק, תרצ״ט—1949; י. ד. אייזנשטיין, אוצר ויכוחים, ז׳ 84 אויך אין אוצר ישראל.
22 מוסד ביאליק, ירושלים, תשט״ז.
23 מגילה, ו׳, ע״ב.
24 אשכולי, דאָרט, ז״ז 33—36.
25 סנהדרין, ק״ז, ע״ב — לויט דער וויניציאַה־אויסגאַבע; סוטה, מ״ז, ע״א.
26 אין ״באַציונג צום פרעמדן״ אָנגעוויזן, אַז ס׳איז אַ ספק, צי דער ישו אָדער ישוע, אין צייט פון ר׳ יהושע בן פרחיה, איז גאָר דער נוצרי. ווי געזאָגט, איז דאָס בכלל נישטאָ אין אונדזערע ש״ס־אויסגאַבעס, אין די השמטות הש״ס — געפינען מיר די דאָזיקע מעשה.
27 היד החזקה, הלכות שופטים, פרק י״א — אויך וועגן דאָזיקן רמב״ם־טעקסט, איז דאָ אַ מיינונג, אַז אימעצער, אַ געהיימע האַנט, האָט דאָס צוגעשריבן.
28 קדמוניות היהודים, י״ח, ג׳, ג׳.
29 אשכולי, דאָרט, ז״ז 42—43.
30 סנהדרין, מ״ג, ע״ב — השמטות.
31 דאָרט, ס״ז, ע״ב — השמטות.
32 הסדיר והוציא לאור, עמנואל בן גריון, מורשת מיכה יוסף, תשי״ט — אַ ספר פון 130 (ק״ל זייטן). זע אויך, י. ד. אייזנשטיין, אוצר ישראל, ערך ישו.

33 ז״ז ק״ט—קכ״ו.
34 דברי הימים־ב׳, כ״ד, כ׳—כ״ב. דער מלבי״ם — אויפן אָרט: ״שלא הרגוהו דרך משפט... רגמוהו אבן במצות המלך. זע אויך, פלאַוויוס, קדמוניות, ט׳, ח׳, ג׳—ד׳.
35 מחקרים, ז״ז ל״ט—מ״ה.
36 ביי פלאַוויוס און אין דער עוואַנגעליע.
37 דאָרט, דאָרט, ז״ז מ״ו—נ״ח.
38 דאָרט, ס״ה—ס״ו; ע״ה—ע״ו.
39 הרב טוביה יהודה טביומי, טל אורות, חלק שלישי, תל־אביב, תשי״ג, ז״ז קע״א—ק״ץ.
40 ניו יורק, תש״י, ז״ז 83—110.
41 דאָרט, ק״ה—קכ״ד.
42 רש״י און אַנדערע.
43 זע, דאָרט, ז״ז 30—31.
44 הנוסח המקורי, כתב־יד, ירושלים 8/41/280 עם הוספות ובלווית מבואות, מאת דוד פלוסר; מרכז זלמן שזר, 322 עמ׳ ... גוף הספר ופירושו; מוסד ביאליק, תשל״ט, 491 עמ׳.
45 זע, הדואר, גליון ט״ו, י״ט בשבט, תשל״ט.
46 הוצ׳ דביר, תל־אביב, תשכ״ח—1968.
47 זע, הקדמה, ז״ז 9—16.
48 דאָרט, ז״ז 25—28.
49 סנהדרין, א׳, א׳ — ס׳זענען דאָ אַנד. נוסחאות.
50 ירושלמי, דאָרט, דאָרט. זע, מפרשי הירושלמי. דער ״פני משה״ קאָמענטירט: ״שאיני יכול לדון ואין עלי עונש המשפט וחושך עצמו מן הדין הי׳ ולפיכך אמר כן״.
51 עבודה זרה, ח׳, ע״ב; שבת, ט״ו, ע״א; סנהדרין, מ״א, ע״ב.
52 דברים, י״ז, י׳.
53 רש״י און תוספות — אויפן אָרט; שבת, ט״ו, ע״א, אָנהייב־וואָרט ״אלא״ און סנהדרין, י״ד, ע״א — אָנהייב־וואָרט ״מלמד״.
54 כתובות, ל׳, ע״א; סנהדרין, י״א, ג׳; ל״ז, ע״א; מ״א, ע״א; מ״ו, ע״א; תוספות: ״דלפעמים לצורך שעה הי׳ חוזרין הסנהדרין ללשכת הגזית״; רמב״ם, הלכות סנהדרין כ״ד, ד׳.
55 ישעיה, נ״ב, ב׳; ראש השנה, ל״א, ע״ב; שלמה אלקבץ, לכה דודי, קבלת שבת.
56 א. היימאַן, תולדות התנאים ואמוראים, ב׳, ז׳ 606.
57 זע, מהרש״א און הגהות הב״ח.
58 אין זיינע אַרטיקע הגהות.
59 ו׳, ע״א.
60 י״ד, ע״א.
61 רש״י, שבת, קי״ח, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״ממכניסי״.
62 פתיחתא דאיכה רבתי, כ״ה.
63 ״ועמדו רגליו ביום ההוא על הר הזיתים — און זיינע פיס וועלן שטיין אין יענעם טאָג אויפן הר הזיתים — דעם באַרג פון איילבירטן — און אָנזאָגן די בשורה פון גאולה״ — זכרי׳, י״ד, ד׳.
64 קדמוניות היהודים, כ׳, ט׳, א׳.
65 סנהדרין, מ״ג, ע״ב; ס״ז, ע״א; כהן, ז״ז 40—43.
66 כהן, דאָרט, ז״ז 44—88; 89—118.
67 מעשי השליחים, ז״ז 29—30.
68 כהן, דאָרט, ז׳ 170.

## ה

1 ספר הברית, ווכוחי רד״ק עם הנצרות (ההדיר, אפרים תלמג׳), הוצ׳ מוסד ביאליק, ירושלים. ״מלחמת חובה״, אויך דערשינען א.נ. ״תשובת הרד״ק לנוצרים״, קושטאַ־קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ת״ע. אין די הגהות ווערט דאָרט געבראַכט דעם רמב״נס וויכוח (אַרויסג. ח״ד שעוועל), כתבי הרמב״ן, כרך ב׳, ירושלים, 1967. פּראָפ׳ תלמג׳ ווייזט אָן אויפן ספר הנצחון פון ר׳ יו״ט ליפּמאַן מילהויזן, 1964. זע אויך, י. ד. אייזנשטיין, אוצר הוכוחים.

2 לויט דניאל, י״א, י״ד.

3 ישעי׳, ט׳, ה׳ — זע, מפרשים.

4 ספר הברית, ז״ז 22—23.

5 בראשית ,ח׳ כ״א.

6 דברים, כ״ג, כ״א.

7 זע, מיינע ווערק: ״באַציונג צום פרעמדן״, טאָראָנטאָ, התש״ה—1945; ״באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער״, טאָראָנטאָ, התשכ״ג—1963.

8 סנהדרין, כ״ו, ע״א; צ״ד, ע״ב; צ״ו, ע״א, וועגן דער גרויסקייט פון חזקיה המלך.

9 דאָרט, צ״ד, ע״א.

10 ישעיה, ב׳, ד׳; י״א, ו׳, י״ב.

11 ברכות, י״ז, ע״א.

12 דאָרט, דאָרט; זע, רש״י און תוספות ״יש לו לב כמוני להבחין בין טוב לרע״. דער מאָטיוו: ניט צו האַלטן זיך אין גרויסן . . .

13 ויקרא רבה, ט׳, ג׳; ל״ה, ו׳ — פאַר די זעקס־און־צוואַנציק דורות, איידער די תורה איז געגעבן געוואָרן, האָט די מענטשהייט עקזיסטירט, לויט די דרך־ארץ־פּרינציפּן.

14 זע, אפרים א. אורבאך, בעלי התוספות, ירושלים, התשט״ו—1955, ר׳ יחיאל מפּאַריס, ובני דורו, ז״ז 371—381.

15 ודע מה שתשיב, תשובתי להווטיקן, ניו־יאָרק, תש״ג.

16 חולין, י״ג, ע״ב. תוספות: ״הלכך בארץ ישראל נמי אין אדוקין כל כך שיהא מעשיהם לשם עבודת כוכבים״.

17 דברים, כ׳, י׳. דערויף האָבן מיר חילוקי־דעות צווישן רש״י און רמב״ן: רש״י איז שטרענגער, אַז כנענים אין ארץ ישראל, האָבן נישט די דאָזיקע פּריווילעגיע. דער ראָ״ם פאַרטיידיקט רש״יס שיטה קעגן רמב״ם און רמב״ן — זע, ח״ד שעוועל, הערות אויפן אָרט.

18 ויקרא רבה, ג׳, ז׳.

19 איכה רבה, ב׳, י״ג; מגילה, ט״ז, ע״א.

20 סוטה, מ״ט, ע״ב — מיר באַהאַנדלען אָט דעם שאַרפן אויסדרוק ״ארור״ אין א צווייטן קאַפּיטל.

21 אבות, פּרק ד׳.

22 בלאָך, דאָרט, אויספירלעך.

23 סנהדרין, ל״ט, ע״ב. זע, רש״י און מהרש״א, די מתוקנים זענען געמיינט: בלק און עגלון.

24 במדבר רבה, ח׳, ב׳. זע, מירקין — הערות.

25 מלאכי, ב׳, י׳.

26 מיכה, ד׳, ה׳.

## ו

1 ויקרא, י״ח, ג׳—ה׳.

2 בראשית, כ״ה, כ״ג.

3 ע״ז י״א — וועגן רבי און אַנטונינוס.

4 בראשית רבה, ס״ז, י׳; ירושלמי, שביעית, א׳, א׳; מגילה, ג׳, ב׳; סנהדרין, צ״א א״אַ מקומות.
5 מדרש מגילת אסתר, ב׳.
6 פסחים, פ״ז, ע״ב.
7 ב״מ, פ״ג, ע״א.
8 ע״ז, י׳, ע״ב — י״א, ע״א.
9 בבלי, נדה, ל״ה, ע״ב; ירושלמי, עבודה זרה, ב׳, ב׳.
10 ברכות, י״ז, ע״א.
11 שבת, קנ״ח, ע״א; נדרים, ל״ב, ע״א.
12 גלאַזוואַרג אין דער תלמודישער ליטעראַטור, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ח, ז״ז 30—28.
13 עיונים במקרא, ז׳ 108.
14 ויקרא, י״ח, ג׳.
15 בראַנד, דאָרט.
16 זכריה, י״ד, כ״א. תרגום יהואַש. כנעני — אַ הענדלער, לויט רש״י און מפרשים.
17 יחזקאל, מ״ד, ; ב׳, ט׳.
18 ישעיה ב׳, א׳—ה׳.
19 תוספתא, ע״ז, ז׳, ח׳—ד׳; משנה, ע״ז, ד׳, י״א; חגיגה, ב׳, ז׳; ג׳, ה׳; בראַנד, דאָרט, ז״ז 186—190.
20 נדה, ז׳, ג׳.
21 זכריה, ג׳, ג׳.
22 זע, מ. עריק, די געשיכטע פון דער ייד. ליטעראַטור, ז״ז 179—184.
23 ״הדואר״, ניו יורק, כ״ה תשרי, תש״ם.
24 דאָס ידישע געמיט, 1980, ז׳ 165.
25 ״פאָרווערטס״ זונטיק פעב. 4, 1979.
26 חבקוק, ג׳, ו׳.
27 ב״ק, ל״ח, ע״א.
28 זע, תוספות און מפרשים.
29 זע, צבי הירש חיות (מהרי״ץ), תורת נביאים הוצ׳ ירושלים. תשי״ח, וועגן מצוות בני נח, ז״ז נ״ח—ע׳.
30 מנחות, ע״ג, ע״ב; רמב״ם, קרבנות, ב׳, ב׳.
31 ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט.
32 קובץ תשובות הרמב״ם.
32* בראשית רבה, ז׳, ב׳.
33 בראשית, ל״ט, י״ב.
34 במדבר רבה, פ׳ נשא. זע חיים בלאָך, ודע מה שתשיב, ניו יאָרק, תשי״ב, ז״ז 41—44.
35 זע, דר. יהודה ראָזנטאַל, רבית מן הנכרי, תלפיות, ניו יורק, טבת ,תשי״ב, 1952, הדפסה מיוחדת מתלפיות, שנה ח׳, חוב׳ ב׳—ד׳, ז״ז 475—492.
36 יהואַש־איבערזעצונג.
37 שמות, כ״ב, כ״ד; ויקרא, כ״ה, לו—לט.
38 דברים, כ״ג, כ׳—כ״א אאַ״ו. יהואַש־איבערזעצונג נישט מדוקדק — ער מאַכט נישט קיין חילוק צווישן גר און סתם פרעמדן.
39 בבא מציעא, ח׳, ו׳. ירושלמי, עבודה זרה, ה׳, ד׳; מסכת כותים ,א׳, ו׳.
40 דאָרט, ע׳, ע״ב — ע״א, ע״א.
41 תוספות, ב״מ, ע׳, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״תשיך״.
42 מצוה, דצ״ח.
43 פרשת תצא.
44 הלכות מלוה ולוה, א׳, א׳; ה׳, ה׳.
45 ע״ז, ב׳, ע״א—ע״ב.

46 זע, אור הישר להרב ר׳ שמואל יצחק הילמאַן, כרך ב׳, מסכת ע״ז, עמ׳ ס״א.
47 ודע מה שתשיב, דאָרט — באריכות.
48 ע״ז, א׳, ג׳.
49 ודע מה שתשיב, ז״ז 18—22.

## ז

1 אויף די פסוקים אין דברים, כ״ג, כ׳־כ״א.
2 בבא מציעא, ה׳, ו׳; זע, רע״ב, תוספות יום־טוב, תפארת ישראל און אַנד. מפרשי המשנה.
3 ב״מ, מ״א, ע״א; ע׳, ע״ב; ע״ה, ע״ב און מפרשים.
4 משלי, כ״ח, ח׳.
5 ב״מ, ע׳, ע״ב — ענלעכעס אין תנחומא און אין פסיקתא דרב כהנא.
6 זע, מהרש״א, חדושי אגדות.
7 תהלים, ט״ו, ה׳ ; מכות, כ״ד, ע״א. זע, מהרש״א — אויפן אָרט.
8 ב״מ, ע׳, ע״ב — תוספות אויפן אָרט.
9 זע, ראַ״ש, ר״ן, מהר״ם שיף און אַנד.
10 הלכות מלוה ולוה, ה׳, א׳.
11 אין זיינע חידושים, ב״מ, ע׳ ע״ב.
12 ברענגט ראיות פון תשובת חות יאיר, פון נודע ביהודה און אַנד.
13 ב״מ, משנה, ה׳, ו׳ — זע, מפרשי המשנה.
14 ב״מ, ע׳, ע״ב — ע״א, ע״א, אָנהייב־וואָרט ״תשיך״.
15 ב״מ, ע״א, ע״א.
16 ב״מ, ע״א, ע״א.
17 ויקרא, כ״ה, ל״ה.
18 הלכות מלוה ולוה, א׳, ה׳; ר״ח בלאָך, ודע מה שתשיב, ז״ז 18—22.
19 זע, הלכות עבדים, ט׳, ח׳.
20 לבוש מלכות, עטרת זהב, קנ״ט.
21 חכמת אדם, קל״ה.
22 ב״מ, ע״א, ע״א און ע״ה, ע״ב; רש״י און מפרשים, ויקרא.
23 במדבר, ט׳, י״ד; ט״ו, ט״ז; דברים, כ״ג, כ״א; ב״מ, ע״א, ע״א. זע, ראָזענטאַל — רבית מן הנכרי — באריכות.
24 רש״י, לויטן ספרי ראה, דברים, ט״ו, ג׳.
25 ב״מ, מ״ג, ע״ב; בבא בתרא, ה׳, ע״א; סנהדרין, כ״ה, ע״ב; מכות, כ״ד, ע״א.
26 תהלים, ט״ז, ה׳.
27 זע, ספר המצוות, מצוה קצ״ח; משנה תורה, מלוה ולוה, פרק ה׳.
27* הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים—ניו־יורק, תש״ו, ז׳ פ״ד, אות 13 און אות 14.
28 תהלים, ט״ו, ה׳; משלי, כ״ח, ח׳; בבא מציעא, ע׳, ע״ב.
29 מכות כ״ד, ע״א.
30 חדושי הרי״ם, בבא מציעא און אַנדערע.
31 ב״ק, מ״א; ע״ז, כ׳, ע״א, א״אַ; ט״ז, יו״ד און אויף תורה; זע, ר׳ אליה מזרחי — רא״ם — אויף פירוש רש״י; מהר״י פערלא על הסמ״ג א״א.
32 ימין ושמאל, ז״ז קצ״ה—קצ״ז.
33 אהרן יעקב גרינבערג, עיטורי תורה, ו׳, ז׳ 142.
34 אַרויס פון דרוק אין יאָר תרפ״ט—1929.
35 וואַרשאַ, תר״ץ—1930.

## ח

1 ויקרא, כ׳, כ״ג. יהואש־איבערז.
2 דאָרט, י״ח, ג׳.
3 מכות, משנה, ג׳, ה׳; גמרא, כ׳ ע״א — כ״א, ע״א.
4 ויקרא, י״ט, כ״ז; כ״א, ה׳.
5 מכות, כ״א ע״א; קדושין, ל״ה, ע״ב; נזיר, מ׳, ע״ב; תו״כ, קדושים ו׳, ד׳; רמב״ם, הלכות ע״ז, י״ד, ז׳ א״אָ; ספר המצוות, ל״ת, מ״ג—מ״ד; מורה נבוכים חלק ג׳, ל״ז; זע, משה ווינער, ספר הדרת פנים — זקן, בענין גילוח הזקן לאור ההלכה... מהדורה שניה, ניו יאָרק, התשל״ח — אויספירלעך.
6 זע, רש״י, מכות כ״א, ע״א; תוס׳ נזיר, מ׳, ע״א; ריטב״א, דאָרט; רמ״א, יו״ד, קפ״א, י׳; גליון הרש״א מכות, דאָרט און אַ צאָל אחרונים.
7 דברים, כ״ב, ה׳; תרגום יונתן בן עוזיאל, ויקרא, י״א, כ׳, כ״ד, כ״ז.
8 במדבר רבה, י׳, א׳; שיר השירים רבה, י׳, ד׳ — אויפן פסוק חכו ממתקים (שיר השירים, ה׳, ט״ז).
9 באריכות אינעם ספר הדרת פנים — זקן, ז״ז מ״ח—מ״ט; פ״ח—צ״ז און אויף אַ סך מקומות אינעם דאָזיקן כמותדיק און איכותדיקן ספר, באַהאַנדלענדיק די שיטה פון רמב״ם און אַלע שיטות וועגן דעם געבאָט ״לא תשחית פאת זקנך״.
עס איז אונדזער איבערצייגונג, אַז דעם רמבמ״ס אַנשויונג איז געווען אַז אַ צאָל מצוות איז באַזירט אויפן מאָטיוו פון דערווייטערן יידן פון געצנדינער.
10 ווינער, דאָרט.
11 ויקרא, י״ט, כ״ז.
12 שמואל־ב׳, י׳, א׳—ה׳.
13 ויקרא, כ״ט, כ״ז. זע, מ. ווינער, הדרת פנים — זקן, ז׳ ק״מ.
14 שו״ת חתם סופר, אורח חיים, סוף סימן קנ״ט.
15 הכתב והקבלה, ויקרא, כ״א, ה׳; תורה תמימה, ויקרא, י״ט, כ״ז.
16 זע, אדמו״ר הרב הגאון מסוכטשוב, ר׳ אברהם באָרענשטיין זצוק״ל, נאות הדשא, א׳, ז״ז רנ״ב—רנ״ג.
17 פרק ט׳, הלכה ב׳.
18 סוטה, מ״ט, ע״ב — מערער וועגן דעם אין אַנד. פרקים.
19 מכילתא, וארא.
20 בשלח, י״ד, ז׳. זע, גור ארי׳ (מהר״ל מפראַג): זיי זענען געלאָפן כדי צו הרגענען, דעריבער איז דערלויבט געוואָרן זיי צו הרגענען... דער לבוש קאָמענטירט: ״... שאע״פ שכבר היו יראים את ה׳, עכשיו נהפך לבם לשונאים ולהרוג... שאין יראתם מעולם בכל נפשם יראה פנימית, רק יראה חצונית ולהנאתם...״
21 שמות, י״ד, ז.׳
22 פרק ט״ו.
23 שמות רבה, י״א, ג׳.
24 מגילה, י׳, ע״א; סנהדרין ל״ט, ע״ב.
25 קדושין, ד׳, ט׳; גמרא, פ״ב, ע״א—ע״ב.
26 מסכת סופרים, דאָרט.
27 סנהדרין, צ״ח ע״ב.
28 יבמות, מ״א, ע״א.
29 שו״ת הרב״ז, סימן ל״ט.
30 דברים, כ׳, ה׳—ז׳.
31 סוטה, מ״ד, ע״ב; זע, תורה תמימה, דאָרט, אות ל״ו, וועגן אויסדרוק ״כלה מחופתה״.
32 מער וועגן דעם, אור המזרח, תשרי, תשל״ט, ז״ז 62—71.
33 זע, עיטורי ברכה, ז״ז 19—21.
34 מגילה, ז׳, ע״א. זע, אור המזרח, ניו יורק, תשל״ד, כרך ג׳, חוב׳ א׳—ב׳, ז״ז 124—130.

35 דר. ל. יאַנג, "יחסי אנוש בתורת ישראל", הוצ' מוסד הרב קוק, 1975.
36 שות" הרשב"א, חלק א'; ב"ה, טור יו"ד, סימן ג'; אור המזרח, תמוז, תשל"א, כרך ב', חוב' ד'.
37 ב"ק קי"ג, ע"א—ע"ב; ירושלמי, בבא מציעא, ב', ה'; תוספתא, ב"ק, י'.
38 ויקרא, כ"ה, מ"ו; ברכות, מ"ז, ע"ב.
39 שו"ע, יו"ד, סימן רס"ז, סעיף א' און סעיף ע"א.
40 קדושין, כ"ט, ע"א; בעל הטורים, דברים, ו', ד'.

## ט

1 יבמות, ע"ט, ע"א. וועגן דער מידה פון רחמנות — אין מיינע דרוש־עסייען.
2 שמות, כ"ב, כ"ו.
3 ויקרא, י"ט ל"ג—ל"ד.
4 דברים, י', י"ט.
5 דאָרט, י"ז, י"ט.
6 ויקרא, י"ט, י"ח.
7 מלכים א', כ"א, י"ט.
8 מלכים א', כ' ל"א.
9 דאָרט, דאָרט, ג', ג'.
10 דאָרט, דאָרט, י"א, א'.
11 דאָרט, דאָרט, דאָרט, י"ג; ל"א, ל"ג.
12 בראשית, כ"ג, ד'—ה'.
13 דאָרט, מ"ז, ז'—י'.
14 דברים, כ"ג, ח'.
15 מלכים א', ח', מ"א; דברי הימים ב', ו', ל"ב.
16 דברים, כ"ט, י'. זע, מפרשים.
17 דברי הימים א', כ"ב, ב'.
18 תולדות האמונה הישראלית, כרך שלישי, ספר ראשון, ז"ז 5—7; זע אויך, כרך א', ז"ז 727—729.
19 ישעי', י"ג—י"ד; כ"ד אאַ"וו. זע קויפמאַן, דאָרט, ז"ז 45—46; 67—82.
20 הושע, ד', א'.
21 א', ב'; ב', ד'.
22 מיכה, ד', א'—ה'.
23 כרך ד', ז"ז 438—439 און פריער, כרך ג', ז"ז 462—463.
24 דניאל ב', מ"ז; ג', כ"ח—כ"ט; ד', כ"ב—כ"ג; כ"ט, ל"א—ל"ד; ה', י"ח—כ"ב.
25 דניאל פרק א'.
26 דאָרט, דאָרט.
27 זע, שד"ש ארחים, ז"ז 68—69.
28 ספר יונה, פרק א'.
29 זע, י. ק. תולדות . . . כרך ד', ז"ז 438—439; 612—617.
30 מגילת אסתר, ח', י"ז; ט', כ"ז.
31 דאָרט, ג', י"ג.
32 דאָרט, ח', ז'.
33 דאָרט, דאָרט, ח', י"א; ט', ט"ז.
34 יונה, א', ב'.
35 פרק ג'. וועגן דעם ספר יונה — אינטערעסאַנטער מאמר אין "מאזנים", תשרי־חשון, תשל"א, כרך ל"א, ה'—ו'.
36 ראש השנה, ט"ז, ע"ב. רש"יס קאָמענטאַר: "שב מרשעתו".
37 שבת, נ"ה, ע"א; זע, תוספות — דאָרט באריכות.

38 משלי, ג׳, י״ב.
39 ברכות, ל״ג, ע״א.
40 במדבר, כ״ז, ג׳.
41 ברכות, ה׳, ע״א.
42 שבת, י״ג, ע״א—ע״ב.
43 בבא בתרא, ט״ו, ע״ב.
44 בראשית, כ״ב, אות כ״ג.
45 במדבר רבה, סוף פ׳ ח׳.
46 זע, הרב דוד שלמה שפּירא, ארחים, וועגן די אונטערשיידן צווישן די נסיונות און טענות פון אברהם אָבינו — דעם מאמין און בעל בטחון — צו די נסיונות און טענות פון איוב: זיינע שאַרפע ווערטער קעגן דער השגחה, זיין פולשטענדיקער יאוש — און שפּעטערע חרטה...
47 דר. חיים זשיטלאָווסקי, געקליבענע ווערק, ז״ז 258—315.
48 יחזקאל, ל״ו, כ״ו.
49 תהלים, פ״ו, ב׳. דאָס וואָרט ״חסיד״ ווערט אומצייליקע מאָל דערמאָנט אין תנ״ך, תלמוד און מדרשים.
50 ויקרא, י״ח, ה׳; יחזקאל, כ׳, י״א, י״ג, כ״א.
51 מיכה, ו׳, ח׳.
52 אבות, א׳, ב׳.
53 זע, ווייטער.
54 עמוס, ד׳, י״ב.
55 חבקוק, א׳, ב׳—ג׳.
56 שמות רבה, ה׳, כ״ז; ו׳, א׳.
57 בראשית, י״ח כ״ה.
58 תהלים, י׳, א׳.
59 מיכה, ה׳, כ׳.
60 י״ב, א׳ א״אָ.
61 שמות ל״ב, ל״ב—ל״ג.
62 זע, יחזקאל קויפמאַן, תולדות האמונה הישראלית, ב׳, ז״ז 334—348.
53 דאָרט, ז״ז 279—289.
64 יחזקאל, ל״ח, כ״ג.
65 תהלים, ט׳, י״ז.
66 תפלות ימים נוראים.
67 מכילתא, בשלח, א׳; תנחומא, בשלח, ט׳, ו׳; ויקרא רבה, כ״ד, א׳; זע. מתנות כהונה און מהרז״ו.
68 תהלים, קי״ב, ד׳. זע, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, פרי צדיק, בראשית.
69 ירמי׳, א׳, ה׳—י׳.
70 איוב, ט׳, כ״ב.
71 ירמי׳, י״ב, א׳—ג׳.
72 דאָרט, ט״ו, י׳; כ׳, י״ד—י״ח.
73 חבקוק, א׳, י״ג.
74 משלי, כ״ט, ד׳.
75 ישעי׳, ה׳, ט,,ז.
76 זע, קובץ תורה שבעל פה, הח״י, ירושלים, תשל״ו, בעריכת דר. יצחק רפאל — ס׳ווערן באַהאַנדלט אַלע פאַזן אין שייכות מיט דער מצווה ״וחי בהם״.
77 מלאכי, ב׳, י׳.
78 קאַנאַדער ייד. זאַמלבוך, מאָנטרעאַל, תשמ״ב, ז״ז 4—5.
79 אבות, ב׳, א׳ — דונסקי, דאָרט, אויספירלעכער.

י

1 ב"ק, ל"ח, ע"ב; עירובין, ס"א, ע"ב; דאָרט, תוספות אָנהייב־וואָרט, אמר; יבמות, ס"ח ע"ב, תוספות אָנהייב־וואָרט, נכרי; נדה, ל"ב, ע"ב — תוס' אָנהייב־וואָרט, ר' מאיר א"א.

2 פרק ז', משנה א'; ברטנורא, און אַנד. "מל ולא טבל, ווערט באַטראַכט פאַר אַן עובד־כוכבים.

3 ברכות, מ"ז, ע"ב.

4 מלכים ב', י"ז, כ"ד—מ"א.

5 וועגן דעם ווייטער.

6 ברכות, ח', ח' — הרע"ב אויפן אָרט און פריער, אָנהייב פרק ז' : "והכותי, מן העובדי כוכבים שהביא מלך אשור מכותא ומשאר ארצות, ויושב אותם בערי שומרון ונתגיירו מאימת האריות שהיו אוכלים בהם כמפורש בספר מלכים (מלכים ב' י"ז) והיו שומרים תורה שבכתב וכל מצוה שהחזיקו מדקדקים בה יותר מישראל, לפיכך היו מאמינים בהם בקצת המצוות עד שבדקו אחריהם ומצאו להם דמות יונה בראש הר גריזים, שהיו עובדים אותה ומאז עשאום כעובדי כוכבים גמורים לכל דבריהם, הלכך האידנא אין מזמנין על הכותי".

דער רעב"א נעמט דאָס פון רמב"ם — און ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז דאָס היסטאָריש באַגרינדעט.

שמחה פיעטרושקא, אין זיין משניות־פירוש און איבערזעצונג זאָגט — מיט רעכט — אַז "כותי" מיינט "שומרוני" — איך וואָלט געזאָגט, אַז די ביידע נעמען, זענען סינאָנימען און פאַר וואָס ביידע נעמען ? — כותי, פון וואַנען זיי זענען געקומען און שומרוני — ווו זיי האָבן זיך באַזעצט אין ארץ ישראל.

7 רב אשי, חולין ג', ע"א; ו', ע"א; רמב"ם, הלכות עבדים, ו', ו'; ש"ך יו"ד, גרים, סימן נ"ב, ס"ק כ"ב און אַנד.

8 הלכות ברכות, א', י"ג; תשובה, ג', ט'; קידוש החודש, ג', ח'; נדרים, ט', כ'; אישות, ד', ט"ו; שחיטה, ד', י"ד א"א.

9 הלכות רוצח, ד', ה'; עבודה זרה, ב', ה'.

10 רוצח, דאָרט, דאָרט; עבדים, ו', ו'.

11 מורה נבוכים, חלק ב', פרק ל"ב; חלק ג', אָנהייב פרק י"ז. זע, גרשון טשערנאָוויץ, היחס לגר לפי הרמב"ם, ז"ז 22—27.

12 וועגן דעם — אַ פּאָלעמיק צווישן חכמי ישראל.

13 איכה, א', ב'.

14 פרק מ"ח.

15 ויקרא, י"ט, י"ח.

16 אין מיינע פריערדיקע ווערק און אין פרקים פריער.

17 מלכים ב', י"ז; כ"ג, ט"ו—י"ט; עזרא, ד', ג'.

18 קדמוניות, י"ב, ח'; י"ג; י"ג, ו', א'; חשמונאים, א', ג', י'; ג', ו', ב'; מלחמות, ב', י"ב, ג'.

19 יומא, ס"ט, ע"א — "יום שבקשו כותיים את בית אלקינו מאלכסנדרוס מוקדון להחריבו".

20 בראשית רבה, ס"א, ז'.

21 ראש השנה ב', ב' און גמרא.

22 ר"ע מברטנורא זאָגט דאָס זעלביקע ווי רש"י, באַנוצט זיך מיט די זעלביקע ווערטער, ווי ציטירט פון רש"י און דערמאָנט נישט, געגומען פון רש"י. דער תוספות יום־טוב ברענגט אַ גירסא: "משקלקלו המינים והם הביתוסים ; תוספות רע"ק (ר' עקיבא איגר) שטאַרקט די גירסא, מיטן מאָטיוו, אַז די מינים־ביתוסים זענען געווען פאַראינטערעסירט דאָס צו טאָן, כדי דער ערשטער טאָג פון פסח זאָל פאַלן אום שבת און מ'זאָל אויפהייבן דעם עומר זונטיק — באחד בשבת, אויסצופירן זייער טייטשט "ממחרת השבת", נישט ווי חז"ל האָבן געלערנט. דאָס איז געווען אַ טייל פון

זייער באַקעמפן די תורה־שבעל־פה.

זיי, די צדוקים און ביתוסים, האָבן געלערנט ממחרת השבת כמשמעו וכפשוטו, אַז דעם עומר דאַרף מען ברענגען נאָך שבת, קעגן תורה שבעל פה.

דער רמב״ם גייט לויט דער גירסא ״כותים״: ״היו הכותים משיאין משואות עניגו, שהיו מבערים אורים גדולים שלא בעת הראייה, והרואה אותן האורים היה סבור שמירושלים היו יוצאין״.

שמחה פיעטרושקא אין זיין פירוש: ״...׳כותים׳ הייסן די שומרונים וועלכע האַלטן נאָר פון חומש, אָבער נישט פון נביאים און כתובים און נישט פון דער תורה שבעל פה און לויט זייערע כללים פלעגט אויסקומען טיילמאָל זייער ראש חודש נישט אין זעלביקן טאָג וואָס דער ראש חודש ביי יידן״.

23 זע, י. ד. אייזנשטיין, אוצר ישראל, ה׳, ז״ז 269—272.

24 פרק ב׳.

25 חולין, ו׳, ע״א.

26 ב״ק, ל״ח, ע״ב — רש״י, אויפן אָרט. זע אויך: ירושלמי, דמאי, א׳, ט׳; ברכות, מ״ז, ע״א; קדושין, ע״ו, ע״א; סוטה, כ״ב, ע״א; רש״י: ואסור לאכול פיתו ויינו, דכיון שלא שימש חכמים, אינו מקפיד על דברי חכמים לדעתם ולא שנה אלא להראות עצמו כת״ח.

27 שביעית, ח׳, י׳. דער ר״מ: ״ודין פת כותים שהיא אסורה, אבל אין לוקין אוכליה מלקות אלא מכת מרדות מדרבנן״.

28 ר׳ שמעון אין ירושלמי, פסחים א׳, א׳; תוספתא, דמאי, פרק ה׳, כ״ג א״א.

29 עירובין, ל״א, ע״א; נדרים, ג׳, י׳; ״הנודר משובתי שבת, אסור בישראל ואסור בכותים... מעולי ירושלים, אסור בישראל ומותר בכותים — רש״י: ״מאותן שמשמרין שבת, אסור בכותים — שהן כמו כן משמרין שבת... מעולי ירושלים אסור בישראל ומותר בכותים — שהן אינן עולין לירושלים אלא להר גריזים״.

30 זע, אוצר ישראל, דאָרט, דאָרט.

31 נדה, ז׳, ה׳. די כותים זענען באַגלייבט צו זאָגן, מיר האָבן דאָרט באַגראָבן אַ ״נפל״, ד״ה, מ׳גלייבט זיי וועגן טומאה, אַ כהן זאָל דאָרט נישט טאָרן עסן תרומה.

32 דאָרט, נ״ז, ע״א; חולין, ה׳, ע״ב — רש״י און תוספות, אויפן אָרט.

33 דאָרט, ו׳, ע״א: ״דמות יונה מצאו להן בראש הר גריזים״ — תוספות ברענגט אַ מדרש: ״שהיא עבודת כוכבים שהטמין יעקב תחת האלה בהר גריזים״.

34 עבודה זרה, ה׳, ד׳.

35 טל אורות, ג׳, ז״ז ק״כ—קכ״ה.

36 מלכים ב׳, י״ז, 32—34.

37 ב״ק, ל״ח, ע״ב; נדה, ד׳, א׳; גמרא, ל״א, ע״ב, ל״ג, ע״ב; דאָרט, ז׳, ה׳, גמרא, נ״ו—נ״ז.

38 דמאי, ו׳, א׳.

39 ברכות, ז׳, א׳.

40 קדושין, ע״ו, ע״א — ביידע דעות.

41 ברכות, ט״ז, ע״ב.

42 עירובין, י״ג, ע״ב; גיטין, ו׳, ע״ב א״א.

43 מלכים, ב׳, י״ז.

44 חולין, ו׳, ע״א.

45 תענית, ה׳, ע״ב.

46 יומא, ס״ט, ע״א.

47 יבמות, ט״ז, ע״א—ע״ב.

48 נזיר, ס״ב, ע״א.

49 ירושלמי, ע״ז, א׳, א׳.

50 בראשית רבה, נ״ו, י״ז—י״ח.

51 אין איכה רבתי, אויפן פסוק ״בלע ד׳״, ווערט דאָס געזאָגט אין נאָמען פון ר׳ יוחנן, תלמיד פון רבי יהודה הנשיא. אין די אַנד. מדרשים — אין נאָמען פון ר׳ יודן,

אַז ביים ערשטן חורבן, האָבן די תדמורים צוגעשטעלט אַכציק טויזנט שיסבויגנס און ביים צווייטן חורבן — פערציק טויזנט.

52 זע, רבנו נסים גאון, הקדמה צו ברכות, "ואכילת הטמון..." מרן הרב ר' יהודה לייב גרויבאַרט ווייזט אָן: "הדברים מוסבים נגד שיטת הקראים — חבלים בנעימים, חלק ד', חו"מ, סימן ס"ז. איך האָב צוגעשריבן "נ.ב.: גם אני שלחתי למערכת ה'אונזער גייסט' (זמושץ, פולניה, סיון, תרצ"ח), הפתרון בשמו...".

53 זע: "באַציונג צו דער פרוי", באַנד צוויי; "קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן", באַנד צוויי און אין אַנד. ווערק.

54 אַ גרעסערע צאָל שאלות ותשובות בנוגע קראים: רוזאַניס, לתולדות היהודים בתוגרמה, ז"ז 68—79; שו"ת רא"ם — ר' אליהו מזרחי, תשובות, נ"ז—נ"ח, ערשטע אויפלאַגע, קונסטנדינא, שכ"ה, זייער ליבעראַל. ער זוכט מקורים — לקולא. זע אויך, דר. צבי כהן. די קראים (ענגליש); דר. רפאל מאַהלער, קאַראַימער; דר. יהודה רוזנטל, בצרון, שבט, תש"ט; יהודה דוד אייזנשטיין, אוצר ישראל, כרך ז' ז"ז 233—234; כרך ח', ז"ז 107—109; כרך ט', ז"ז 209—215.

55 "פאָרווערטס", אַפּריל, 6, 1984.

# קאַפּיטל פינף

## פריינדשאַפט אָבער נישט-געמישטקייט

**א. פריינדשאַפט און טאָלעראַנץ צו אַנדערע פעלקער. — קאַמף קעגן אומרעכט. — באַהאַנדלען ערלעך אַלע מענטשן.**

ווי מיר האָבן אָנגעוויזן אין די פריערדיקע פּרקים, איז עס געווען אַ יסוד אינעם לעבן פון די אָבות — און די פון זיי אָפּשטאַמיקע — אײַנצוהיטן די פריינדשאַפט מיט אַנדערע פעלקער אָבער נישט אויסמישן זיך. אברהם אָבינו, דער פּאַטריאַרך, און אַזוי אויך די זרע־אברהם אין אַלע דורות און תקופות, אין גלות און אין אייגענעם לאַנד, האָבן זיך געהאַלטן ביים דאָזיקן פּרינציפּ.

אברהם אָבינו האָט אַרויסגעוויזן די גרעסטע פריינדשאַפט צו די "בני חת" און זיך איינגעשטעלט פאַר די "אנשי סדום" — ער וואָלט זיי געראַטעוועט פון אומקום, ווען ס'געפינען זיך דאָרט אַמווייניקסטנס צען צדיקים.

ווען ס'איז געקומען צו שידוכים, חתונות, און ס'איז געשטאַנען די סכּנה פון געמישטע הייראַטן, האָט אברהם געזוכט זיין משפּחה; יצחק און רבקה — זייער משפּחה. אַ לערע לדורות. דערנאָך איז געקומען דער געבאָט: "ולא תלכו בחוקות הגוי". ייִדן זענען געוואָרן איזאָלירט פון די אַרומיקע פעלקער, אָנגעהאַלטן שטרענג די אייגענע נצח־ישראלדיקע אידענטיטעט, אפילו בלעם האָט געמוזט בענטשן דעם "עם לבדד ישכון" [1].

דאָס האָט אָבער בשום אופן נישט געמיינט, אַז ייִדן זענען אָפּגעזונדערט, אַז עס אינטערעסירט זיי נישט דער גורל פון די פעלקער.

די נביאים רעדן וועגן די ליידן פון פעלקער; זיי דריקן אויס זאָרג פאַר דער מענטשהייט. די נאָכפאָלגערס פון דער נביאישער עטיק האָבן די זעלביקע באַציִונג צו די פעלקער. אויב ר' שמעון בן יוחאי האָט זיך אויסגעדריקט שאַרף קעגן די רוימער, איז עס געווען צוליב זייער אכזריות, צוליב זייערע גזירות, צוליב זייער וועלן אומברענגען ייִדן און מיט זיי די תורה פון ייִדן. ר' שמעון מיט זיין זון האָבן באַצאָלט פאַר אָט דעם שאַרפן אויסדרוק — זיי זענען געלעגן באַהאַלטן אין אַ הייל און זיך דערנערט על־פּי נס.

עס זענען געזעסן — דערציילט די גמרא — ר' יהודה, ר' יוסי און ר' שמעון און דיסקוסירט וועגן דער רוימישער הערשאַפט; רוימישער פירערשאַפט:

"פתח ר' יהודה ואמר: כמה נעים מעשיהן של אומה זו! תקנו שווקים וכו'

ר׳ יוסי שתק, נענה רשב״י ואמר: כל מה שתקנו, לא תקנו אלא לצורך עצמן, תקנו שווקים להושיב בהם זונות... הלך יהודה בן גרים וסיפר דבריהם למלכות, אמרו יהודה שעילה — יתעלה; יוסי ששתק — יעלה לצפורי; שמעון שגינה — יהרג...״.

נישט געווען קיין אַנדער עצה פאַר ר׳ שמעון בן יוחאי, דעם תּלמיד פון רבי עקיבא, ווי צו אַנטלויפן און זיך ראַטעווען אין דער הייל [2].

נאָך צוועלף־דרייצן יאָר זענען פאָטער און זון אַרויס פון דער מערה און אַנגעטראָפן אויף יהודה בן גרים, וואָס לויט דער אגדה [3], איז ער געווען אַ תּלמיד פון רבי שמעון, געלערנט ביי אים די פּרשה נדרים און ווי די אגדה גיט איבער, איז ער געווען אַ געטרייער תּלמיד: ווען ער האָט זיך געזעגנט ביי ר׳ שמעון ביי נאַכט און צוריקגעקומען צו מאָרגנס, האָט ער זיך נאָך אַ מאָל געזעגנט, האָט ר׳ שמעון אים געפרעגט: האָסט דאָך דיך שוין איין מאָל געזעגנט?... האָט ר׳ יהודה אים געענטפערט: דו האָסט דאָך מיך געלערנט, אַז אַ תּלמיד וואָס געזעגנט זיך מיטן רבין און נעכטיקט אין דער זעלבער שטאָט, דאַרף ער זיך נאָך אַ מאָל געזעגענען... אָבער נאָך דער מסירה, איז שוין געווען אַ גאָר אַנדערע באַציִונג צווישן דעם רבין און זיין תּלמיד.

ווען ער האָט אים געטראָפן — ווערט דערציילט — האָט ר׳ שמעון בן יוחאי געזאָגט: ״עדיין יש לזה בעולם?״ — דער דאָזיקער (מסור) געפינט זיך נאָך אויף דער וועלט? ״נתן עיניו בו ועשהו גל של עצמות״ — האָט ער אים גוט אָנגע־קוקט... און ער איז געוואָרן אַ ״באַרג ביינער״ [4].

לויט מדרשים, איז די מערה געווען אין טבריה — דאָרט ווו ס׳האָבן געגעסט די פאַרשיידענע איסיים־גרופּעס [5]. ר׳ שמעון איז אַנטלאָפן פונעם צענטער אין יהודה און זיך אויסבאַהאַלטן אויף די גלילער בערג.

ר׳ שמעון האָט נאָכגעפאָלגט זיין רבין רבי עקיבא, געפירט אַן אינטענסיוון קאַמף קעגן רוימישן לעגיאָן: ״פעם אחת גזרה המלכות שלא ישמרו את השבת ושלא ימולו את בניהם ושיבעלו נדות...״ האָט מען געוואָלט אָפּעלירן, אָפּשוואַכן, אָדער אָפּרופן די גזירות — האָבן אַלע מורא געהאַט און באַשלאָסן: ״ילך ר׳ שמעון בן יוחאי שהוא מלומד בנסים...״ [6].

ר׳ שמעון האָט נאָכגעפאָלגט די שיטה פון רבי עקיבא צו קעמפן קעגן די רוימער, נישט געקוקט דערויף וואָס אַ צאָל גדולי חכמים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן רבי עקיבאס קאַמף, האַלטנדיק אַז דער קאַמף איז אַ פאַרלוירענער און אַז די רוימער וועלן נעמען נקמה אין אים — און דאָס האָט דאָך פּאַסירט — אָבער רבי עקיבא האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. ער האָט געהאַלטן, אַז דערמיט דערהויבט מען כּבוד־שמים און כּבוד־ישׂראל. ער האָט געדרשנט דעם פּסוק ״על כן עלמות אהבוך״ — דרום האָבן יונגפרויען דיך ליב [7] — ״על מות אהבוך״; אַ גרענעצלאָזע אהבה, האָט רבי עקיבא אַרויסגעוויזן און די אהבה דורכגעפירט מיט זיין אויסהויכן

די נשמה — "היה מאריך באחד עד שיצאה נשמתו. יצאה בת־קול ואמרה: אשריך רבי עקיבא שיצאה נשמתך באחד"[8].

רבי עקיבא האָט געדרשנט דעם פּסוק: "הקול קול יעקב והידים ידי עשו"[9] — דער קול איז דער קול פון יעקב, אָבער די הענט זענען די הענט פון עשו — "קולו של יעקב צווח, ממה שעשו לו ידי עשו בביתר"[10].

צי איז אַ וווּנדער די פאַרביטערטקייט פון רבי שמעון בן יוחאי קעגן די רוימער?

די רוימער האָבן זיך געפירט ווי אַלע היידנישע פעלקער: איינגענומען האָט ביי זיי געמיינט ליקווידירן און דאָס האָבן זיי געוואָלט דורכפירן אין יהודה. ס'איז זיי אָבער נישט געלונגען.

ביי יידן איז די באַציִונג צו אַנדערע פעלקער אַ גאָר סימפּאַטישע, פריינד־לעכע — און דאָס, אפילו צו די כנענישע פעלקער.

די תורה זאָגט וועגן די כנענים־פעלקער: "החרם תחרימם... למען אשר לא ילמדו אתכם לעשות ככל תועבותם" — פאַרוויסטן זאָלסטו זיי פאַרוויסטן... כדי זיי זאָלן אייך נישט לערנען צו טאָן אַזוי ווי אַלע זייערע אומווירדיקייטן[11].

די יידן האָבן דעם באַפעל קיין מאָל נישט מקיים געווען[12]. נישט משה און נישט יהושע, זיין תלמיד־באַדינער, האָבן דעם באַפעל דורכגעפירט. יהושע — ווערט געזאָגט — האָט געשיקט דריי בריוו, געבנדיק אַ געלעגנהייט די כנענים־פעלקער צו מאַכן שלום: "שלש פרסטיניות ("פרוזדגמאות") שלח יהושע לארץ־ישראל עד שלא נכנס לארץ, מי שהוא רוצה להפנות — יפנה; להשלים — ישלים; לעשות מלחמה — יעשה..." דריי בריוו האָט יהושע געשיקט צו די ארץ־ישראל־איינוווינערס... פאַרגעשלאָגן שלום...[13].

די מצווה איז געווען זיך צו פאַרטיידיקן, "הבא להרגך — השכם להרגו"[14], נישט צו האָבן רחמנות אויף די אכזריותדיקע פעלקער וועלכע טראַכטן תמיד ווי אַזוי צו פאַרניכטן חלילה דאָס יידישע פאָלק; "לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישראל עוד" — קומט, לאָמיר זיי פאַרטיליקן פון זיין אַ פאָלק, אַז מער זאָל נישט געדאַכט ווערן דער נאָמען ישראל"[15], קעגן אַזעלכע רשעים דאַרף מען זיך שטעלן און קעמפן מיט אַלע כוחות און מיט אַלע מיטלען. אָבער וואָס שייך ציוויליזירטע פעלקער, מיט אַזעלכע, דאַרף מען זיך אויפפירן, לויטן עטישן דעוויז: "דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום"[16] — אירע וועגן זענען וועגן פון ליבלעכקייט און אַלע אירע שטעגן זענען שלום".

די תורה באַזאָרגט יעדעס פאָלק זיינע גרענעצן: "יצב גבולות עמים"[17] — ווען דער אויבערשטער האָט באַטיילט די אומות, ווען ער האָט צעשיידט די קינדער פון מענטשן, האָט ער געשטעלט די געמאַרקן פון פעלקער לויט דער צאָל פון די קינדער ישראלס. דער ציל און מאָטיוו איז אַ צוויי־פאַכיקער: צו פאַרזיכערן

די עקזיסטענץ פון יעדן פאָלק, יעדן שבט אויף זיין געבורטאָרט, ווי דער רמב״ן שרייבט: ״ואין ראוי לגזול מעשו את אשר הורישם אלקים, כי השם יקצוף על הגוזל מהם נחלה שהנחילם הוא יתברך, כאשר יקצוף על הגוזל מישראל הארץ, אחרי שינחילנה להם״ [18].

דער צווייטער מאָטיוו איז, ווי עס ווערט ווייטער געזאָגט אינעם פסוק: ״כי חלק ד׳ עמו, יעקב חבל נחלתו״ — וואָרום דער חלק פון גאָט איז זיין פאָלק, יעקב דער טייל פון זיין נחלה. אַ פאָלק וואָס האָט געלערנט, זינט זיין באַגין אויף דער היסטאָרישער אַרענע, די טריישאַפט צו גאָט און זיין תורה פון מידות, פון זיין מאָראַלישן רצון; אַ פאָלק וואָס טראָגט מיט זיך די היסטאָרישע וויזיע פון מענטש־דערהויבנקייט — אַזאַ פאָלק האָט מען אָנגעזאָגט נישט אויסמישן זיך מיט די פאַרדאָרבענע פעלקער און אָפּלערנען פון זייערע שלעכטע מעשׂים.

וועגן ייִדן, נישט געקוקט אויף זיינע מוסר־רייד, דריקט זיך אויס דער נביא: ״רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה״ [19] — נאָר אייך האָב איך דערקענט פון אַלע משפחות פון דער ערד, אַזאַ פאָלק דאַרף מען אויסהיטן פון ווערן באַאיינפלוסט פון די תועבות פון די כּנענישע אומווירדיקייטן.

ווען דער נביא רעדט מיט כּעס וועגן אַנדערע פעלקער, איז עס אַ צאָרן קעגן זייער אכזריותדיקער אויפפירונג, קעגן זייערע שווידערלעכע מעשׂים [20], אי בנוגע באַציִונגען מיט אַנדערע שבטים און פעלקער, אי בנוגע זייערע אייגענע משפחות, ווי דער תּנא ר׳ יעקב דערציילט, ווי אַן עד ראיה:

״אני ראיתי כנעני אחד שכפתו לאביו והניחו לפי כלבו ואכלו״ [21]. דאָס הייסט ״תועבת ד׳ אשר שנא״. מיט אַזעלכע פעלקער וואָרנט די תורה, שבכתב ושבעל פה, נישט צו האָבן קיין געמישטקייט מיט זיי, נישט קיין פיזיש־קערפּערלעכע שותּפות־דיקייט און נישט קיין מחשבהדיקע, אויף אַזוי ווייט, אַז חז״ל זאָלן זיך אויסדריקן אויף איינעם, וואָס האָט געגומען אַן עובדת כוכבים, ״ברוך המקום שהרגו״, וואָס לויט מפרשים מיינט עס, ער איז געשטאָרבן יונג, אין פריִען עלטער [22] און נישט איבערגעלאָזט קיין קינדער...

אָבער אפילו מיט די פעלקער טאָר מען נישט פאַרפירן קיין מלחמה־אָנפאַלן אויף זיי, סיידן מ׳האָט זיי פריער פאָרגעשלאָגן אַ שלומדיקן אויסגלייך — און דאָס געפינען מיר אין דער הלכה און אגדה: ״שאפילו לשונאים אמר הקדוש ברוך הוא לפתוח לשלום״... און מ׳טאָר נישט זיי באַגזלען; מ׳דאַרף זיי אויך, אין אַ געוויסן זין, טאָלערירן [23], אפילו אַרויסווייזן סימפּאַטיע און רחמנות אויף זייערע ליידן. מ׳דאַרף לערנען פון די נביאים, ווי זיי האָבן אויסגעדריקט באַדויערן אויף די ליידן פון אַנדערע פעלקער און גאָר באַזונדערס, צו די פעלקער וועלכע זענען געהיט אין די זיבן מצוות פון די בני נח: ״גלוי עריות, שפיכת דמים, עבודה זרה, ברכת ד׳,

דינין, גזילה, אבר מן החי", וואָס מ'לערנט אַרויס פון איין פסוק "ויצו ד' אלקים על האדם לאמור, מכל עץ הגן אכל תאכל" [24]:

"ויצו — אלו הדינין; ד' — זו ברכת ד' (קללה־פאַרבאָט); אלקים — עבודה־זרה־פאַרבאָט; האדם — זה שפיכות דמים; לאמר — זה גלוי עריות; מכל עץ הגן — ולא הגזל; אכל תאכל — ולא אבר מן החי" [25].

די וועלכע היטן די דאָזיקע מצוות ווערן באַטראַכט ווי גרי־תּושב און מ'דאַרף זיי אַרויסווייזן אַ התקרבות. דעם דאָזיקן צוגאַנג האָבן פּראַקטיצירט יהושע, שלמה המלך און אַנדערע. אפילו וועגן דעם רשע בלעם, וואָס האָט געוואָלט שילטן די יוצאי־מצרים, אפילו וועגן אים, וואָס וועט נישט האָבן קיין חלק עולם־הבא, ווערט דאָך געזאָגט: "בקשו לקבוע פרשת בלעם בקריאת שמע ולא קבעוה מפני טורח הצבור" [26]. אָבער מ'הייבט אָן דאָס טעגלעכע דאַוונען מיט "מה טובו" און מ'לערנט אַרויס אַ סך ענינים פון דער הערלעכער פרשה [27]. אויב דער גר־תּושב באַשליסט פון איבערצייגונג צו ווערן אַ גר־צדק, איז זיין חשיבות גוואַלטיק גרויס ווי מיר וועלן זען אין אַ וויטערן פּרק.

צו באַפעסטיקן טעאָרעטיש אָט דעם אַקסיאָם, איז גענוג צו ברענגען וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן דעם בונד מיט דער יתרו־פאַמיליע:

"ר' נתן אומר, גדול הברית שכרת הקב"ה לבני יתרו, יותר מן הברית שכרת לבני דוד... לא יכרת איש ליונדב בן רכב, עומד לפני כל הימים" — דרום האָט אַזוי געזאָגט ד' צבאות, דער גאָט פון ישׂראל: עס וועט נישט פאַרשניטן ווערן פון יונדב, דעם זון פון רכבן אַ מאַן צו שטיין פאַר מיר אַלע טעג" [28]... "שלא יפסקו ממנו כהנים גדולים לעולם. אמר ר' שמעון: והלא כבר נפסקה כהונה גדולה, מה אני מקיים, לא יכרת איש ליונדב? — אלא שלא יפסקו ממנו יושבי סנהדרין לעולם" [29].

אין דער נאָענטער תּקופה, פון יונדב, דעם יתרו־אָפּשטאַמיקן, האָבן מיר אַ פּרוי וועלכע האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש, געהאָלפן ייִדן אַריינקומען אין לאַנד פון זייער שטרעבן און איז איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום. איז זי באַהאַנדלט געוואָרן מיט גרויס הומאַנישקייט. דאָס איז רחב הזונה, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן די צוויי מרגלים וועלכע יהושע האָט געשיקט אויסצושפּיאָנירן אַ לייכטן אַריינגאַנג. זי איז באַלוינט געוואָרן: "וישלח יהושע בן נון מן השטים שנים אנשים מרגלים חרש לאמר..." [30]. ר' שמעון אומר: אמר להן, עשו עצמכם כחרשין ואתם עומדין על רזיהון. ונאמר [31]: ותשב בקרב ישראל עד היום הזה — און יהושע, דער זון פון נון, האָט געשיקט פון שטים צוויי מענטשן אויסקוקערס... און רחב, די זונה... איז געבליבן צווישן ישׂראל ביז אויף היינטיקן טאָג" — ר' שמעון אומר: לפי שהיום הזה רודה ברקיע, כך יהיה זרעך קיים לפני לעולם, שעמדו ממנה שמונה נביאים וכולם כהנים, ואלו הן: ירמיה וחלקיהו, שרייה, מחסיה, ברוך בן נריה, חנמאל, שלום, ויש אומרים אף יחזקאל ובוזי; ואף חולדה הנביאה מבני בניה היתה

וכו'" און ווי דער בעל האגדה איז מסביר, איז איר שׂכר געקומען, ווייל זי האָט עס געטאָן מיט ליבשאַפט: "למה ? אם מי שהיתה מגויי הארץ וממשפחות האדמה, ועל שעשתה מאהבה נתן לה המקום מאהבה על אחת כמה וכמה, אלו היתה מישראל" [32].

דער שׂכר פאַר הומאַנע מעשׂים ווערט אָנערקענט און איז טיף פאַרוואָרצלט אין דער עטיש־רעליגיעזער טראַדיציע ביי ייִדן, אַזוי אין אַלטערטום און אַזוי אין דער נייער צייט. גאָר באַזונדערס קומט דאָס צום אויסדרוק אין חסידות און אין דער מוסר־באַוועגונג — אַ הומאַניזם וואָס נעמט אַריין דאָס אוניווערסאַלקייט און מענטשלעכקייט.

אויב די השׂכלה האָט זיך פאַרנומען מיט עפּנען אַ פענצטער — און נאָך דעם טיר און טויער — צו דער וועלט, מיינענדיק צו שאַפן אַ בריק צווישן ייִדישקייט און דער מערב־ציוויליזאַציע, האָבן די גייסטיקע פירערס אין ייִדנטום געזוכט צו שטאַרקן און היטן די גאַנצקייט פון ייִדישן לעבן און אויף אַ האָר נישט מותּר צו זיין אויף דעם ליבעראַלן צוגאַנג וואָס שייך די מענטשלעכע באַציִונגען.

די השׂכלה — ווי מיר וועלן ווייטער ווייזן — האָט אָן ספק גורם געווען צו אַסימילאַציע, שמד און נישט אָפּגעהאַלטן ייִדן־שׂנאה ביי די ציוויליזירטע פעלקער. דער פאַקט איז, אַז דאָס מערסט קולטורעל פאָלק איז געווען דורכגענומען מיט אַזאַ ווילדער שׂנאה ביז דורכצופירן אַ "גענאָסייד" איבער דעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

דאַקעגן די ייִדישע גייסטיקע פירערס האָבן אַרויסגעהויבן די גייסטיקע ווערטן אין ייִדנטום און געזען, דורך שיינע מדות און אויסגעאיידלטע אימפּולסן, איינ־צוהיטן דעם שלום און די האַרמאָניע צווישן ייִדן מיט זייערע שכנים אין די גלות־לענדער. זיי האָבן זיך באַמיט אויסצוואָרצלען דעם עגאָיִזם ביים מענטש און אַרויסהייבן די מאָראַל און די עטיק ביי זיך גופא און דורך דעם משפּיע זיין אויפן קאָלעקטיוו.

דאָס איז די ירושה פון די היסטאָרישע וואָרצלען און דערפאַרונגען פון טויזנ־טער יאָרן, זינט אברהם אָבינו, מיט זיין צעברעכן די געצן און דער דערקענטעניש פון "איין גאָט" — די דאָזיקע אמונה איז באַפעסטיקט געוואָרן ביים באַרג סיני, ווען ייִדן האָבן געהערט די עשׂרת הדברות. דאָס איז אַ ציוויליזאַציע וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, געשאַפן אַ נייעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט געגעבן באַוווּסטזיין און דעם אינהאַלטס־רייכן ייִדישן נאַציאָנאַל־קולטורעלן כאַ־ראַקטער.

ביים באַרג סיני, ווען ייִדן זענען געשטאַנען "כאיש אחד בלב אחד", איז געשאַפן געוואָרן די אינערלעכע פאַרבינדונג דורך תּורה וואָס רעגולירט די קלענסטע פּרטים פון רעליגיעזע רעכטלעכע נאָרמעס — אַן אָפּגעזונדערטער קאָלעקטיוו וואָס מישט זיך נישט אויס, וואָס פאַרלירט נישט זיין אידענטיטעט. די תּורה מסיני האָט געגעבן ייִדן כּוח אויסצוהאַלטן טויזנטער יאָרן רדיפות, גזירות, שחיטות און

אויפהאלטן יידישקייט אפילו נאכן רענעסאנט און נאך די השכלה־שטדעמונגען, ווען די געטא־מויערן זענען צעבראכן געווארן און ס'זענען אנטשטאנען פונדא־מענטאלע ענדערונגען, לויט דער נייער טעכניק און נייע אינדוסטריעס. די יידישע גייסטיקע מויער איז געבליבן.

האבנדיק דאס אין זינען, קענען מיר פארשטיין, פאר וואס די גייסטיקע פירערס, די מערסט ליבעראלע, דורכגעדרונגען מיטן טיפן הומאניזם, האבן באקעמפט די משכילים, וועלכע האבן געוואלט צעברעכן די יידישע מויער און צו דער זעלביקער צייט, מקרב געווען די משכילים, וועלכע האבן געוואלט און געטאן פארבינדן השכלה מיט תורה — א טעמע, וועלכער מיר האבן געווידמעט א טיפערע אפהאנדלונג.

דא ווילן מיר אנווייזן אויפן פאקט, וואס אזא עטישע פערזענלעכקייט ווי ר' ישראל סאלאנטער (ליפקין, תק״ע—1810; תרמ״ג—1883), דער שעפער פון דער מוסר־באוועגונג, דער וואס האט זיך מוסר־נפש געווען צו פארשפרייטן די תורת־המוסר און מקיים זיין מיט אלע פרטים די מצוות שבין אדם לחברו, וואס ער דער עקסטרעמער קעגנער פון די משכילים אין רוסלאנד, וועלכער האט נישט דערלאזט ארגאניזירן מאדערנע ראבינער־סעמינארן, האט צו דער זעלביקער צייט געקענט מיטארבעטן מיט די רבנים אין דייטשלאנד וואס האבן באזעסן מאדערנע וויסנשאפטן. ער איז געווען פארבונדן מיט ר' יעקב מעקלענבורג, רב אין קעניגס־בערג, מיט הרב הילדעסהיימער אין בערלין, מיט ר' שמשון רפאל הירש אין פראנקפורט, מיט ד״ר לעהמאן און א סך אנדערע — גרויסע וויסנשאפטלעכע משכילים, מיט געהעריקער בילדונג, ליטעראטן מיט פארנעם, אבער געטריי דער יידישער מסורה און באקעמפערס פון השכלה און רעפארם.

ווי געזאגט, וועלן מיר באזונדער באהאנדלען די תקופה פון דער השכלה און רעפארם אין יידנטום. דא וועלן מיר בלויז אנווייזן אויף איין פערזאן, וואס זיין קאמף קעגן דער השכלה. לויטן נוסח פון די מענדעלסאן־גייגער־משכילים אין מערב־און־אין מזרח־אייראפע, האט געבראכט די געהעריקע רעזולטאטן. דאס איז געווען ר' שמשון רפאל הירש (כ״ד סיון — יולי, 19, 1808; כ״ז טבת, תרמ״ט— 1888). ער איז געווען אן אפשטאמיקער פון גרויס רבנישן יחוס, אן אייניקל פון רבי יהונתן אייבעשיץ (ת״ן—1690; תקכ״ד—1764). ער איז געווען דער פאטער פון דער נייער שיטה: ״תורה עם דרך־ארץ״.

דער פאטער זיינער איז געווען א מאדערנער מענטש, לויטן דייטשישן גייסט, הלבשה און באנעמונג, אבער ווייט פון דער רעפארם, וואס האט זיך דאן שטארק פארשפרייט אין דייטשלאנד און אין די לענדער ארום דייטשלאנד. דער פאטער האט שוין געזארגט, אז זיין זון, שמשון רפאל, זאל האבן אי א טראדיציאנעל־רבנישע דערציונג, אי א וועלטלעך־אוניווערסיטעט־בילדונג. ווי זיינע ביאגראפן

גיבן איבער, איז דער יונגער הירש געווען אַן אויטאָדידאַקט, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע מעגלעכקייטן צו דערגרייכן ביידע וויסנשאַפטן דורך פּראָפעסיאָנעלער אויסשולונג.

אַ דאַנק זיין באַזיצן תורה ומדע אין אַ ברייטערן און טיפערן פאַרנעם האָט ער זיך געקענט שטעלן מיט גייסטיקן כּוח — און נישט ווייניקער מיטן מאָראַלישן — קעגן די רעפאָרמערס פון גייגערס חדר. ער האָט — אין קעגנזאַץ צו זיינע אַמאָליקע חברים פון רעכטס און לינקס — באַוויזן ווי אַזוי תורה מיט השכלה קענען הויזן צוזאַמען, קענען האַרמאָניזירן און דערגאַנצן זיך צו שלימותדיקייט.

אין דעם גייסט האָט ער אָנגעפירט זיין רבנות אין די קלענערע און גרעסערע קהילות און באַזונדערס אין האַמבורג און אין פראַנקפורט, וווּ ער האָט אויפגעבויט אַ צענטער פאַר מאָדערנער אָרטאָדאָקסישער יידישקייט. אין דעם גייסט, האָט ער געשריבן זיין פּירוש אויף תורה — אין קעגנזאַץ צו מענדעלסאָנס ביאור — אין דעם גייסט געשריבן זיינע בריוו אין חכמת ישראל, געאַרבעט אויף זיין "חורב"־ווערק און צוגעצויגן יידן צו זיין באַוועגונג פון תורה־טרייע יידן, מיט דער לאָזונג: "תורה עם דרך־ארץ".

אין זיין יוגנט איז ר' שמשון רפאל געווען אַ חבר פון אברהם גייגערן, דעם שפּעטערן אַרכי־רעפאָרמער. ביידע האָבן געלערנט צוזאַמען, בחברותא, תלמוד, תנ"ך און אַנדערע יידיש־טראַדיציאָנעלע לימודים.

אין זיינע רייפערע יאָרן האָט ער געהאַט פאַר אַ תלמיד דעם היסטאָריקער היינריך גרעץ, וועלכער האָט ביי אים געלערנט גמרא, פּוסקים און אַנדערע לימודים. דער היסטאָריקער ווידמעט אים זיין ערשטלינג: "למורה הבלתי נשכח, לידיד האבהי"...

ביידע האָבן אים אַנטוישט: דער ערשטער, אברהם גייגער, איז אַוועק אויפן עקסטרעמען וועג פון רעפאָרם, געוואָרן דער ראָש פון די רעפאָרם־ראַבינער; דער צווייטער — האָט זיך דערווייטערט פונעם רבין און אויך פון קיום־מצוות.

ר' שמשון רפאל הירש האָט נישט נעגירט וועלטלעכע לימודים, אָבער גע־קעמפט, אַז צוזאַמען מיט וועלטלעך וויסן, זאָל מען אַנהאַלטן תורה און טראַדיציע, יידישע עטיק און מאָראַל. ער האָט געפירט דעם קאַמף מיט מויל און שריפט, מיט רעדעס און מיט מעשים — און באַוויזן וווּנדער, ווערנדיק דער וויכטיקער פאַר־שטייער פון תורה־יידנטום ביי די גדולי־ישראל פון מזרח־און מערב־אייראָפּע.

צוליב זיין עסקנות האָט ער זיך נישט געקענט אָפּגעבן מיט טיפער למדנות און פּסקי־הלכות, ווי שאלות־ותשובות, אָבער געווען אַ רב־מנהיג בישראל מיט רבנישן פאַרנעם ווי ר' יעקב עטלינגער (1987—1879), דער באַרימטער פּוסק שרייבט צו אים אין אַ תשובה: "בדיק לן מר בשאלה שבאה לפניו. הנה ראיתי כי ידיו רב לו לחקור ולדרוש על כל אופני הדין על נכון" [33].

דער עיקר האָט ר׳ שמשון רפאל זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשטיין תורה, אַליין פאַרשטיין און צו געבן צו פאַרשטיין, ווי ער ברענגט עס אַרויס אין זיין ספר ״אגרות צפון״ [34], ווי אַ הקדמה צו זיין גרויס ווערק ״חורב״ [35] און ווי מיר זעען עס אין זיין פירוש אויף תורה [36]. זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן פון דייטש אין לשון־קודש, אין ענגליש און אין אַ צאָל אַנדערע לשונות [37].

ווי דער רב פון פראַנקפורט (אויפגענומען געוואָרן אין יאָר 1851), דער גייסטיקער פירער פון אַרום הונדערט ייִדן, ווייל דער רוב ייִדן אין פראַנקפורט איז אַריבער צו רעפאָרם, האָט ער באַוויזן וווּנדער: געבויט אַ שול, נישט בלויז אַ בית־הכּנסת צום דאַווענען, נאָר אויך אַ בית־מדרש צום לערנען; געעפנט אַ בית־ספר אין וועלכן ער האָט אַנטוויקלט זיין שיטה פון תורה עם דרך ארץ. אין אַ קורצער צייט, איז פראַנקפורט געוואָרן דער צענטער פאַרן אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום אין דייטשלאַנד.

ר׳ שמעון רפאל הירש איז געוואָרן דער שעפער פון אַ נייער שיטה אין היס־טאָרישן יהדות. זיין אייניקל, ד״ר יצחק ברויער, האָט אויסגעברייטערט דעם זיידנס שיטה, צוגעבנדיק: תורה עם דרך ארץ־ישראל — אַריינברענגענדיק דעם ארץ־ישראל־מאָטיוו, דעם חיבת־ציון־אידעאַל לויט תורה ומסורה — אינעם יסוד פון אָרטאָ־דאָקסישן ייִדנטום וואָס זאָל אויך אַריינגעמען וועלטלעכע וויסנשאַפט.

*

דאָ ווילן מיר אָנווייזן אויף דער באַציונג צו נישט־ייִדן, וואָס נעמט אַריין די באַציונג צו די פעלקער אין דער פרע־היסטאָרישער צייט, אין אַלטערטום און אין דער נייער צייט: באַציונג צו היידן, באַציונג צו פעלקער, וועלכע זענען געווען געצוימט אין די זיבן מצוות; באַציונג צום גר פון די פאַרשיידענע פעלקער, באַציונג צו קריסטן און מוזולמענער — און צו די פאַרשיידענע סעקטעס, אַרויס־געשיילטע און אָפּגעטיילטע פון היסטאָרישן ייִדנטום.

ווען מיר באַקענען זיך מיט די אַלע פאַקטן, ווערן אונדז לייכטער און פאַר־שטענדיקער די פסקים און הלכות פון רמב״ם, דעם ליבעראַל אין מחשבת היהדות, אָבער שטרענג אין דער משמרת היהדות.

אומצייליק זענען די דינים און די באַגרענעצונגען אינעם ״היתר יפת תואר״ אין מלחמה. די מפרשים אָנערקענען דעם יצר פון מענטש, ווער שמועסט נאָך פון אַ סאָלדאָט אין מלחמה [38]. צי דאָס איז מלחמת־מצוה, צי מלחמת־רשות, האָט די תורה געזוכט אויף אַזאַ אופן צוימען דעם יצר און קילן די תאווה: ״לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע״ [39]. די דערלויבעניש צו נעמען אַ ״יפת תואר״ אין דער מלחמה איז פאַרוועבט אין די קאָמפּליצירטע באַדינגונגען און איז שטאַרק פּראָבלעמאַטיש. אויך ביי אַ בן־נח איז פאַראַן אישות, אויך ביי אים איז דאָ דער געבאָט ״ודבק

באשתו" — ולא באשת חברו, דאָס הייסט "גלוי עריות" און צוליב דעם, ווייל עס געפינען זיך אַזעלכע וועלכע זענען עובר אויפן דאָזיקן געבאָט, איז דער ייִד וואָס פאַרבינדט זיך מיט אַ נישט־ייִדישער, עובר אויף אַ סך עבירות — און ווי אַ רעזולטאַט פון אָט דער מורא איז די געמישטקייט, אַ פאַמיליאַרישע שותפות, אויסגעשלאָסן פון "חיתון"־אַנערקענונג.

ווי איז דער דין, ווען דער נישט־ייִדישער צד איז זיך מגייר כהלכה, לויטן דין? דאַן ווערט ער באַטראַכט ווי אַ ניי־געבוירענער מענטש, און האָט דעם דין "כקטן שנולד" [40], ווי אַ ניי געבוירענער ייִד, באַרעכטיקט צו אַלע פּריווילעגיעס. די קינדער פון אַ גיורת, זענען ווי ניי־געבוירענע: "לא חולצין ולא מיבמין" און נאָך אַזעלכע הלכות.

ביי געמישטע חתונות, וואָס זענען קעגן ייִדישן איינשטעל, אויב די מוטער איז נישט ייִדיש, איז אַ פּראַגע, צי ס'איז דערלויבט מל זיין דאָס קינד פון אַזאַ פּאָר, ווייל ס'קענען אַרויסקומען מכשולים [41].

אַ פּראָבלעם איז אויך אויב די געמישטקייט דערפירט צו שמד און חילוקים צי דער משומד איז אַ ישׂראל, צי אַ כהן, ווייל דער כהן האָט אַ באַזונדער קדושה [42], נישט צוליב ראַסן־אונטערשיידן, נאָר ווייל די כהנים האָבן אַרויסגעוויזן דער־הויבנקייט אין באַגין פון פאַרמירן די ייִדישע אומה. אָבער דאָס זענען שוין ענינים פון הלכה־פּראָבלעמאַטיק, וואָס גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער ווערק.

מיר וועלן ווייטער זיך אָפּשטעלן אויספירלעכער וועגן גרות ביי ייִדן. סומירנ־דיק אונדזער טעזע, ווילן מיר פעסטשטעלן די ליבעראַלע באַציִונגען צום נישט־ייִד, נישט געקוקט פון וועלכן פאָלק ער זאָל נישט אָפּשטאַמען, און אַז איבערצייגנדיקע גרות אין געווען ליב און טייער ביים ייִדנטום אין אַלע צייטן.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, ווי אַזוי מ'האָט באַהאַנדלט רחב הזונה. ווי חז"ל [43] גיבן איבער, האָט זי זיך נאָך אַן עלטער פון פופציק יאָר מגייר געווען און יהושע האָט זי גענומען פאַר אַ ווייב [44]. תוספות פרעגט, ווי אַזוי האָט יהושע זי געמעגט נעמען, בעת זי איז געווען פון די כנענים־פעלקער און ביי זיי ווערט דאָך געזאָגט "לא תחיה כל נשמה". דער ענטפער [45], אַז יהושע האָט עס געטאָן "על פי הדבור", ס'איז געווען אַ געטלעכער פאַרלאַנג.

וואָס שייך די גוטע באַציִונג צווישן מענטשן, ווייסן מיר ווי דורות אויף דורות האָט מען איינגעוואָרצלט אין דער ייִדישער מחשבה דעם אויסשטייטש פון "ואהבת לרעך כמוך", ווי הלל האָט געלערנט: טו נישט דעם אַנדערן דאָס וואָס דו ווילסט נישט, מען זאָל טאָן צו דיר — דאָס איז די גאַנצע תורה און דאָס איבעריקע איז בלויז אַ פירוש [46].

דער ציל פון די מצוות, ווערט געזאָגט, איז צו מאַכן דעם מענטשן איידעלער,

לויטערער[47]. און ווי דער רמב"ם זאָגט[48], איז עס דער וועג פון תיקון־הנפש, אויסבעסערן די אייגענע נאַטור, אַרויסצוהייבן דאָס הייליקע און אידעאַלע אינעם מענטשן.

ווען דער געצן־דינער האָט געזאָגט צו הלל: זאָג מיר אין קורצן, אין וואָס דיין גלויבן באַשטייט און ווען דו וועסט מיר קענען דערקלערן אין עטלעכע ווערטער, כל־זמן איך שטיי אויף איין פוס, בין איך גרייט צו ווערן אויס געצן־דינער. האָט הלל אים אויף דעם געענטפערט, "טו נישט דעם אַנדערן דאָס וואָס דו ווילסט נישט מ'זאָל טאָן צו דיר"!

דאָס איז די ייִדישע עטיק. אויף דעם פּרינציפּ קאָן די וועלט האָבן אַ קיום. דאָס איז אַ ליכטזייל פאַר אַלע דורות. דאָס האָבן געלערנט די גדולי־המחשבה פון דער תקופת חכמי־התלמוד דורך די גייסטמענטשן אין מיטל־עלטער, ביז אונדזער תקופה פון חסידות און מוסר־באַוועגונגען: "לתקן עולם במלכות שדי" — אַרויס־צוהייבן די קרוין פון באַשעפער און דערהייבן דעם מענטש צו די פאַרלאַנגען פון באַשעפער.

אין אונדזער צייט, מיטן דראַנג צו פּולער מענטשלעכער און בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, אין דעם ספּעציפישן לעבנס־שטייגער, איז די סכנה פון געמישטקייט פאַרשטאַרקט געוואָרן — אַ סכנה וואָס באַדראָט די גייסטיקע און פיזישע צוקונפט פון ייִדן מיט זייערע הויכע אידעאַלן. זוכן גייסטמענטשן נאָכצופאָלגן די וועגן פון די פריערדיקע דורות אין צוימען אָט דעם דראַנג צו געמישטקייט, כדי צו פאַרהיטן פון אָט דער סכנה און כדי איינצוהיטן די ריינקייט פון פאַמיליע־לעבן וואָס איז תמיד געווען אַ יסוד אין ייִדישן לעבן.

## ב. קוואַנטיטאַטיוו קליין, קוואַליטאַטיוו גרויס. — אידעישער און פּראַקטישער קאַמף פאַר המשך.

אין זיין ווערק "נצח ישראל"[1] פאַרנעמט זיך דוד בן גוריון, דער אַרכיטעקט און ערשטער פּרעמיער פון מדינת־ישראל, מיטן שילדערן די "אידעישע איינציקאַרטיקייט פון דער ייִדישער אומה און דעם האַרטנעקיקן קאַמף, נישט נאָר פיזישן, ווירטשאַפטלעכן, נאָר אויך דעם גייסטיקן־מאָראַלישן און אידעישן קאַמף, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען און ס'שטייט דאָס ייִדישע פאָלק פון אַ מאָל ביז היינט און וועט שטיין אין אים ביז סוף כל הדורות, ביז ס'וועט פאַרווירקלעכט ווערן די נבואה פון אחרית הימים".

דער ייִדישער אומה איז אויסגעקומען, באַלד פון אָנהייב, צו קעמפן קעגן די שכנים וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן פיזיש און גייסטיק צו פאַרניכטן די בני־ישראל. נישט ווייניקער איז געווען דער אינערלעכער קאַמף קעגן דער השפעה

פון פרעמדע, אויסערלעכע כּוחות אויף די גייסטיק־רעליגיעז־עטישע אויפפאַסונגען און באַנעמונגען פון די בני־ישראל.

ייִדן איז אויסגעקומען צו קעמפן קעגן די דרויסנדיקע כּוחות און נישט אויפּ־געבן דעם געראַנגל מיט די אינערלעכע כּוחות, וועלכע האָבן זיך געריסן צום דרויסן, און דווקא געוואָלט אַריינברענגען פרעמדע קולטן און מנהגים אינעם ייִדישן תּהום. פריער זענען עס געווען די געצן־דינערס, נאָך דעם די גריכיש־רוימישע הערשערס, מיט זייערע פילאָזאָפיעס און איינשטעלן, וואָס זענען געווען פרעמד דעם ייִדישן גייסט, פרעמד דער ייִדישער אמונה, פרעמד דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער.

אין דער עפּאָכע פון ערשטן בית־המקדש איז אויסגעקומען צו קעמפן קעגן די שכנותדיקע מדינות, וועלכע האָבן געוואָלט אַריינדרינגען און איינשלינגען די ייִדישע מדינה, מלכות־יהודה וישראל און דערצו האָבן די נביאי־האמת, די גייסטיקע פירערס, געדאַרפט זיך פאַרמעסטן קעגן די נביאי־השקר, קעגן די וועלכע האָבן געוואָלט אַריינברענגען דאָס געצן־דינעריי. שווער איז געווען דער קאַמף קעגן אַזעלכע מלכים, ווי מנשה "שהעמיד צלם בהיכל"[2] און באַזונדערס שווער איז געווען איינצוהאַלטן די פאַלקסמאַסן, זיי זאָלן נישט פאַרפירט ווערן. דער פאַקט איז, אַז ירבעם בן נבט האָט באַוויזן דורך זיינע "עגלים" — ווי אַ המשך צום "עגל־הזהב"[3], דעם גאָלדענעם קאַלב אין דער מדבר — אָפּצורייסן און אָוועק־צונעמען צען שבטים, גרינדן אַן אייגענע מדינה; געבליבן זענען די לאָיאַלע תּושבים פון מלכות־יהודה. נישט לייכט איז געווען איינצוהיטן און איינצוהאַלטן די עטיש־מאָראַלישע זעלבשטענדיקייט ביי אָט די צוויי שבטים אין יהודה, ווי חז"ל פרעגן: "מקדש ראשון — מפני מה חרב?" און זיי גיבן אַן ענטפער: "מפני ג' דברים: עבודה זרה, גילוי עריות ושפיכת דמים". דאָס מיינט נישט, אַז אַלע האָבן געדינט עבודה־זרה; דאָס מיינט נישט, אַז אַלע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויס־געלאַסנקייט און רציחות. דער חורבן איז געקומען "שהיה בה", ווייל ס'האָבן זיך געפונען אַזעלכע און מ'האָט זיי נישט געצוימט, נישט געקענט צוימען.

"מקדש שני — מפני מה חרב? — שהיתה בו שנאת חנם"[4]. די מחלוקת און רייסערייען האָבן גורם געווען די אינטערווענץ פון די רוימער און דער קאַמף איז געווען אַ שווערער — אַן אויסערלעכער און אַן אינערלעכער: כת שומרונים, כת כותים; צדוקים, בייתוסים, איסיים־נוצרים און מסתמא נאָך אַ צאָל סעקטעס און גרופּעס.

אין דער צייט פון די גאונים איז אָנגעגאַנגען דער אינערלעכער קאַמף קעגן די קראים, וואָס, היסטאָריש גענומען, זענען זיי ווי שוין דערמאָנט, אַ המשך פון די צדוקים און בייתוסים, ווי די באַהויפּטונג פון רמב"ם: "הצדוקים והבייתוסים

שנקראים היום קראים ואע״פ שאינם כופרים גמורים, מכל־מקום דיניהם דין כופרים״ [5].

ר׳ צבי הירש חיות שרייבט וועגן די נוצרים [6], אַז פֿערציק יאָר פֿאַרן חורבן בית־שני, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אַרויסשפּראָצונגען פֿון די נוצרים:

״...והנה ידענו גם כן, כי בתחילת צמיחת הנוצרים, כבר תמנו מלהיות ממשלה בפני עצמה, ואף שהמקדש הי׳ עדיין קיים... היינו נכנעים אז תחת ממשלת הרומיים ומשלו עלינו בכח אמיץ ורק בידם הי׳ כח המשפט נתון לחיים ולמות״ [7].

און ווייטער:

״ארבעים שנה קודם החורבן בטלה סנהדרין, וישבה לה בחנות ולא דנו דיני נפשות...״ איז ווי אַזוי קען מען גאָר טראַכטן, אַז דאָס סנהדרין זאָל געוועזן אורטיילן און דורכפירן דעם משפּט, און אַרויסגעבן די טויטשטראָף אויף דעם נוצרי — און פֿאַר וואָס פּונקט אויף דעם נוצרי? מען האָט דאָך געדאַרפֿט באַשטראָפֿן אַלע נוצרים, אַלע ״מינים״.

אין תלמוד [8], האָבן מיר אַ מאָדנע מעשה, וואָס ס׳איז שווער צו באַווייזן איר אויטענטישקייט: ״חמשה תלמידים היו לו לישוע הנוצרי (דאָרט הייסט ער ישוע — אַ סינאָנים פֿאַר הילף, העלפֿער, ״סאַלוויישאָן״ אין ענגליש — נ.ש.): מתאי, נקאי, נצר, בוני ותודה (מאָדנע נעמען — נ.ש.). אתיוהו למתי, אמר להו: מתי יהרג? והכתיב, מתי אבוא ואראה פני אלקים. אמרו לו: אין, מתי יהרג, דכתיב מתי ימות ואבד שמו. אתיוהו לנקאי, א״ל: נקאי יהרג? והכתיב: ונקי וצדיק אל תהרוג. א״ל: אין, נקאי יהרג, דכתיב במסתרים יהרג נקי. אתיונו לנצר, א״ל: נצר יהרג? והכתיב ונצר משרשיו יפרה. א״ל: אין, נצר יהרג, דכתיב: ואתה השלכת מקברך כנצר נתעב. אתיוהו לבוני. א״ל בוני יהרג? והכתיב: בני בכורי ישראל, א״ל: אין, בוני יהרג, דכתיב: הנה אנכי הורג את בנך בכורך. אתיוהו לתודה, א״ל: תודה יהרג? והכתיב מזמור לתודה, א״ל: אין, דכתיב: זובח תודה יכבדנני״.

אַ מאָדנע מעשה; אַ שפּיל מיט פּסוקים, דורך וועלכע מ׳זאָל משפּטן אַ מענטשן מיט טויטשטראָף, בעת מיר ווייסן, ווי ווייט מ׳האָט זיך אויסגעהיטן פֿון אורטיילן אַ מענטשן מיט טויטשטראָף, אַז אַפֿילו אין זיבן יאָר, און טייל זאָגן אין זיבעציק יאָר, אויב אַ בית־דין האָט געאורטיילט מיט טויט, איז עס גערופֿן געוואָרן ״בית־דין קטלנית״ — אַ בית־דין וואָס הרגעט און דאָ, זאָל מען אַזוי לייכט זיך פֿאַרנעמען מיט פֿאַראורטיילן פֿינף מענטשן און ס׳ווערט [9] נישט דערמאָנט וועגן קיין חקירות און בדיקות פֿון עדות, וועגן התראה.

דער רמב״ם פּסקנט [10]:

״...ולא לבד ההורג נפש מישראל הוא נמאס ומתועב בעיני ד׳, רק גם ההורג את עובד כוכבים ומזלות וכל איש אשר נשמת רוח חיים בקרבו, יהי׳ מחשבותיו ודעותיו על איזה אופן שיהי׳, עונו גדול מנשוא. צא וראה בדוד מלך ישראל, אשר

מלחמת ד׳ נלחם, והרג בשונאיהם של ישראל במלחמת מצוה, אמר לו השם יתברך, דם לרב שפכת, ומלחמות גדולות עשית, לא תבנה בית לשמי, כי דמים רבים שפכת״ [11] — אַ סך בלוט האָסטו פאַרגאָסן, און גרויסע מלחמות האָסטו געמאַכט; קענסט ניט בויען אַ הויז אין מיין נאָמען, ווייל דו האָסט פיל בלוט פאַרגאָסן״.

די חכמי התלמוד דרשענען [12] אויף דעם פסוק ״אשר לא צויתי ולא דברתי ולא עלתה על לבי״ [13] — ניט איך האָב באַפוילן און ניט איך האָב געזאָגט און ניט עס איז מיר אויפן זינען געקומען.

״לא צויתי — זה בניו של מישע, שנאמר: ״ויקח את בנו הבכור אשר ימלוך תחתיו ויעלהו עולה״ [14] — האָט ער גענומען זיין עלטסטן זון, וואָס האָט געזאָלט קיניגן נאָך אים, און האָט אים אויפגעבראַכט פאַר אַ בראַנדאָפּפער אויף דער מויער, און עס איז געוואָרן אַ גרויסער צאָרן אויף ישראל.

״ולא דברתי — זה יפתח שנדר בתו קרבן... והרי אלו כוונו לשמים״, אָבער דער רבונו של עולם, ווייל נישט קיין מענטשלעכע קרבנות און וואָס שייך פּסקענען טויטשטראָף, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז דאָס געווען אַ זעלטנהייט — ווען ס׳איז שוין נישט געווען קיין אַפּהאַלט און די מערהייט פון סנהדרין האָבן נאָך חקירות ודרישות, אַרויסגעגעבן דעם אורטייל... נאָכן חורבן, נאָך דעם ווי די רוימער האָבן אָקופּירט יהודה, איז דאָס געווען אַן אוממעגלעכקייט.

יפתח — זאָגן חז״ל איז געשטראָפט געוואָרן — מיט אַ קראַנקייט, אַז ס׳איז געפאַלן פון אים שטיקער, ווייל ער האָט נישט געזוכט קיין וועגן, ווי אַזוי זיך מתיר נדר זיין [15]. דעריבער איז געשריבן ״ויקבר בערי גלעד״ — ער איז באַגראָבן געוואָרן אין די שטעט פון גלעד [16], אַ לשון רבים, ווייל מ׳האָט אים קובר געווען גלידערווייז (שטיקער אברים): מישע, נישט געקוקט, וואָס ער איז נישט געווען קיין ייִד, קעניג פון מואב, איז זיין טאַט געווען אומווירדיק און ער האָט געקראָגן זיין שטראָף, ווייל אַזעלכעס, רציחה, איז מיאוס ביי גאָט [17]. דעם מענטשנס לעבן איז זייער טייער און איז גאָטס געשאַנק, וואָס קיינער האָט נישט קיין רעכט אָוועקצונעמען.

וואָס שייך דער באַציִונג צו נכרים — און דאָ איז געמיינט געוואָרן אויך געצן־דינערס — האָבן מיר די תפילה פון שלמה המלך: ״וגם אל הנכרי אשר לא מעמך ישראל וגו׳ ובא והתפלל בבית הזה ואתה תשמע מן השמים מכון שבתך, ועשית ככל אשר יקרא אליך הנכרי״ [18] — און אויך צו דעם פרעמדן וואָס ער איז ניט פון דיין פאָלק ישראל, אַז ער וועט קומען פון אַ ווייטן לאַנד פון וועגן דיין נאָמען, וואָרום זיי וועלן הערן פון דיין גרויסן נאָמען, און פון דיין שטאַרקער האַנט, און פון דיין אויסגעשטרעקטן אָרעם — און ער וועט קומען און וועט מתפלל זיין אַקעגן דעמדאָזיקן הויז, זאָלסטו צוהערן אין הימל און זאָלסט טאָן אַלץ וואָס דער פרעמדער וועט רופן צו דיר...

צי דאַרף מען אַ מער ליבעראַלע שטעלונג צו אַנדערש־גלייביקע ? הלוואי וואָלטן אַלע רעליגיעס און אַלע פעלקער געהאַט אַזאַ פריינדשאַפט־באַציִונג.

די חכמי־התלמוד האָבן זיך באַצויגן גאָר סימפּאַטיש, מיט רחמנות צו נישט־יִדישע אָרעמע־לייט: צו שפּייזן אָרעמע־לייט און מבקר חולים זיין נישט יִדישע עניים [19]. וועגן שלום־באַגריסונגען, איז גענוג וואָס עס ווערט דערציילט וועגן רבן יוחנן בן זכאי, דער נשיא ישראל, ראש פון סנהדרין, די גרויסע פּערזענלעכקייט אין צייט פון בית שני: "אמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי... שלא הקדימו אדם שלום בעולם, אפילו עובד כוכבים" [20], ער האָט זיך אויפגעשטעלט פאַר אַ זקן, אפילו פאַר אַ נישט־יִדישן זקן [21]. דער רמב"ם פּסקנט [22]: "ואפילו זקן עכו"ם מהדרין אותו בדברים ונותנין לו יד לסומכו מפני דכתיב 'מפני שיבה תקום' [23] — כל שיבה במשמע".

ווי מיר זעען, איז עס געווען אַ פּרינציפּ צו באַהאַנדלען נישט־יִדן מיט דער מעגלעכסטער פריינדשאַפט און וואָס שייך די קריסטן און מוזולמענער וועלן מיר ווייטער זען, אַז די באַציִונג איז געווען בעסער, ווי זיי אַליין וואָלטן דערוואַרט, ווייל אין דער אמתן זענען די דאָזיקע מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס אַן אַרויסשפּראָץ פון דער יהדות — יחוד־אמונה. די דער רמב"ם שרייבט, אויב זיי היטן די ז' מצוות, ווערן זיי פאַררעכנט פאַר "חסידי אומות העולם" [24]. דאָס וואָס זיי זענען גלייביקע אין שותפות, זענען דאָ דעות, "דנכרים לא נצטוו על שתוף" [25] און אויב דער נישט־יִד איז עוסק אין תורה, צו קענען די דינים וועגן די שבע מצוות, איז אויך אויף אים געזאָגט געוואָרן "יקרה היא מפנינים" [26] — זי איז טייערער פון פּערל און אַלע דיינע הפצים זענען ניט גלייך צו איר.

זיי האָבן געלייקנט די תורה שבעל פה; זיי האָבן געשאַפן זייער בייע תורה און פאַרלייקנט עיקרים פון תורת־משה. האָט מען זיי געמוזט דערווייטערן פון יִדנטום, זיי זאָלן נישט אַריינברענגען אין יִדנטום זייערע פרעמדע געצנדינערישע מנהגים.

יהושע האָט דערווייטערט די נתינים [27]. חגי הנביא האָט עדות געזאָגט, אַז מ'האָט נישט גענומען קיין גרים פון די תדמורים [28]. רבן גמליאל דיבנה, אייניקל פון רבי גמליאל הזקן, האָט מתקן געווען אַ באַזונדערער תפילה אין דער שמונה־עשרה, די "ברכת המינים" [29]. אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז שמואל הקטן האָט דאָס מתקן געווען. דער רמב"ם [30], שרייבט אַז דאָס איז געווען די תקנה פון רבן גמליאל; ווייל ער איז געווען דער נשיא [31], ווערט זי גערופן אויף זיין נאָמען [32].

עס איז געווען די תקופה — ווי מיר האָבן פריער געזאָגט — ווען ס'האָבן זיך געשאַפן אין יהודה גרופּעס און סעקטעס: צדוקים מיט זייערע סעקולאַרע גריכיש־רוימישע אידעען; איסיים מיט זייערע מיסטישע, נוצריש־משיחישע לאָזונגען — סעקטעס וועלכע האָבן בלויז נאַציאָנאַל געוואָלט בלייבן אין יִדנטום און סעקטעס

וועלכע האָבן געזוכט צו שפּרינגען אַריבער דעם פּלויט, ווי עס איז געווען מיט די ערשטע נוצרים, וועמעס נאָכפאָלגערס, די שפּעטערע קריסטן, זענען אַוועק פון תורת־משה, אַוועק פון ייִדנטום, אַרויסגעקומען מיט דער עוואַנגעליע, מיטן "נייעם טעסטאַמענט", מבטל געמאַכט מצוות מעשיות, שמירת שבת אאַ"וו.

געווען אויך סעקטעס, וועלכע זענען געבליבן סעקטעס אין ייִדנטום, ווי די כותים, קראים און אַנדערע וועלכע האָבן אויסגעקליבן אין תורת־משה דאָס וואָס איז זיי געפעלן, לויט זייער אויסטייטש און דער עיקר געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צום תלמוד, צו דער תורה־שבעל־פה.

אין יהדות איז אָנגענומען אַז תורה־שבעל־פה גייט צוזאַמען מיט דער תורה־שבכתב; ס'איז איין תורה: תורת־משה, תורת־הנביאים, תורת־התלמוד און נישט אומזיסט שרייבט דער רמב"ם אַז די צדוקים און בייתוסים, ווייל זיי האָבן געלייקנט אין דער תורה־שבעל־פה, אין תחית־המתים, אין עולם־הבא, ווערן זיי באַטראַכט ווי כופרים גמורים [33].

ווי געזאָגט, וועלן מיר ווייטער זיך אָפּשטעלן וועגן קריסטנטום. דאָ ווילן מיר בלויז אָנווייזן אויף די סעקטעס אין דער צייט פון בית־שני און אין דער גאונים־תקופה. מיר וועלן פריער איבערגעבן וועגן דער ראָל פון די כותים.

זיי האָבן אַ ספר־תורה, געשריבן אין לשון־הקודש און כתב עברי [34] און אין אָנהייב פון זייער באַזעצן זיך אין ישראל, האָט מען זיי באַטראַכט ווי ייִדן, אָבער נאָך דעם, ווי מ'האָט אויסגעפונען, אַז זיי דינען צו אַ טויב אויפן באַרג גריזים, האָט מען זיי מרחק געווען און זיי באַטראַכט ווי "עכו"ם גמורים" — ווי געצן־דינערס [35], אָבער לויטן רמב"ם, ווערן זיי באַטראַכט ווי אַ "כת־ישראל" — אַ סעקטע ביי ייִדן.

דאָס ייִדישע פאָלק האָט אויסגעהאַלטן די אַלע סעקטעס־געפאַרן, זיך האַלטנדיק ביי דער תורה־שבעל־פה, ביי דער טראַדיציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט ייִדן האָבן באַטראַטן די געשיכטלעכע אַרענע.

מיר האָבן שוין געשריבן אין פריערדיקע ווערק וועגן די כותים און וועגן די קראים, וועגן די שומרונים און אַנדערע סעקטעס, אין דער צייט פון בית־ראשון און אין דער צייט פון בית־שני, און מיר וועלן זיך נאָך אָפּשטעלן אויף זיי אין ווייטערן פּרק.

לאָמיר זיך באַקענען מיטן באַגין פון ייִדישן פאָלק, מיטן אָנהייב, בעת אברהם און די אבות האָבן פאַרזייט די זריעה פון אַ ייִדיש פאָלק.

באַלד ביים באַגין, ביים פאַרמירן אַ ייִדיש פאָלק, ביים פאָטער פון די עברים, האָבן מיר געהאַט אַ צאָל "חסידי אומות העולם", די "בני־ענר, אשכול וממרא" — די בעלי־עצה פון אברהם אבינו. זיי געהערן אָן ספק צו דער רשימה פון "חסידי

אומות־העולם״: זיי האָבן דאָך געעצהט אונדזער פּאַטריאַרך, אָנצונעמען דעם געטלעכן באַפעל וועגן מילה־ריטואַל, דאָס דורכצופירן אין עלטער פון 99 יאָר און אונטער די דעמאָלטיקע פּרימיטיווע מעטאָדן...

אין אַ שפּעטערער תקופה האָבן מיר די בת־פּרעה, וואָס האָט געראַטעוועט משה רבנו. בתיה, ווי חז״ל גיבן איר דעם נאָמען, איז געווען די טאָכטער פון אַ טיראַן מיט אַ פאַרדאָרבענעם, ברוטאַלן כאַראַקטער פון ערגסטן סאָרט, און זי איז געווען אַ חסידה, און ווי אַזאַ פאַראייביקט געוואָרן אין דער ייִדישער געשיכטע[36]:

״...מכאן אתה למד שכרן של גומלי חסדים. אעפ״י שהרבה שמות היו לו למשה, לא נקבע לו שם בכל התורה אלא כמו שקראה לו בתיה בת פרעה, ואף הקב״ה לא קראו בשם אחר...״ מ׳האָט אים גערופן מיטן מצרישן נאָמען און נישט מיט דעם עבֿרישן: טוביה, דעם נאָמען וואָס זיינע עלטערן האָבן אים געגעבן; און נאָך מער: זי האָט זוכה געווען צו זען די שכינה[37].

ווען מע דערציילט די געשיכטע פון ייִדן, דערציילט מען פונעם אָפּשטאַם און ווי אַזוי מ׳קען געלייטערט ווערן. ווען יהושע בן נון, דער תּלמיד און יורש פון משה רבנו רעדט צו זיין פאָלק, נאָך דעם, ווי ער האָט כּובש געווען די כּנענים־פעלקער, דערציילט ער זיי: ״בעבר הנהר ישבו אבותיכם מעולם...״ אויף יענער זייט טייך זענען אייערע עלטערן געזעסן פון שטענדיק אָן. תּרח, דער פאָטער פון אברהם און פון נחור. זיי האָבן געדינט אַנדערע געטער און איך האָב גענומען אייער פאָטער, אברהמען פון יענער זייט טייך...

אור־כּשׂדים איז געווען דאָס ערשטע וווינאָרט פון די ייִדישע אורעלטערן: אין אור־כּשׂדים איז געבוירן געוואָרן תּרח און זיינע זין, אברהם, נחור און הרן און זיך משדך געווען צווישן זיך, מיט די קרובים: נחור האָט גענומען די טאָכטער פון הרן און אַזוי אברהם. תּרח האָט גענומען זיין משפּחה, פאַרלאָזט אור־כּשׂדים און זיך באַזעצט אין חרן. אברהם איז אויסגעוויילט געוואָרן, אַרויסגעצויגן געוואָרן פון אור־כּשׂדים און האָט געוואַנדערט; נאָך דעם זיך באַזעצט אין כּנען, דאָס לאַנד וואָס איז אים צוגעזאָגט געוואָרן.

אברהם פאַרגעסט אָבער נישט זיין משפּחה; ער פאַרטיידיקט און שיצט זיין פּלימעניק לוט און אַזוי כּסדר, ווייזט אַרויס אברהם אָבינו מיטלייד צו ליידנדיקע, ווען אפילו זיי האָבן נישט דעם געהעריקן באַוווסטזיין צו דינען דעם איינציקן, אַלמעכטיקן גאָט, דעם וועלט־באַשעפער, אין אַ צייט ווען אברהם איז דער פול־שטענדיקער מאמין און איבערגעצייגטער אין דעם ״בעל הבירה...״.

אברהם אבינו ווייזט אַרויס גרויס דרך־ארץ דעם מלכּי־צדק מלך שלם (ירושלים).

נאָכן זיג איבער אמרפל און זיינע אַליאירטע, האָט מלכּי־צדק געבענטשט אברהמען און אברהם האָט דאָס אָפּגעשאַצט און אים געגעבן מעשׂר: ״ויתן לו

מעשר מכל"[38]. מיר ווילן זיך נישט פאַרנעמען, ווער דער מלכּי־צדק איז געווען. לויט מדרשים זאָל דאָס געווען זיין שם בן נח[39]. ס'איז אויך גוט באַקאַנט — און ס'איז נישט נויטיק דאָס איבערצוחזרן — אַז אברהם אבינו האָט געזוכט צו ראַטעווען אפילו סדום ועמורה, זוכנדיק אין גאַנץ סדום לכל־הפחות אַ מנין צדיקים, לויט יענע מינימאַלסטע צדיק־אַטריבוטן. די אויפגאַבע פון אַ מאַמין אַז דער רבונו של עולם איז דער יוצר־האדם, איז צו ראַטעווען און נישט אומברענגען דעם מענטשן, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים, ווי דער תּנא רבי עקיבא האָט עס אַזוי קלאָר דערקלערט: "חביב אדם" — געליבט איז דער מענטש, יעדער מענטש[40]: "געליבט איז דער מענטש, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן אין געטלעכן געשטאַלט" — און דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויף די וועלכע טראָגן אויף זיך דעם צלם אלקים, די וועלכע זענען געהיט נישט עובר צו זיין אויף די זיבן מצוות בני נח[41].

רבי עקיבא איז געווען דער וואָס האָט אַרויסגעהויבן דעם באַפעל "ואהבת לרעך כמוך"[42] צום כלל גדול בתורה[43] קעגן די דיסקרימירנדיקע רוימישע געזעצן און ווי עס ווערט צוגעגעבן אין "אבות דרבי נתן" און אין ירושלמי[44]: "מה טעם? אני בראתיו לכבודי" — אַלע מענטשן זענען גאָטס באַשעפענישן, ווען זיי האָבן אין זיך דעם חלק אלקי ממעל און דערהויבן זיך איבער דער חיה און בהמה, וואָס לעבט בלויז לויטן אינסטינקט.

אין איינעם פון זיינע ווערק[45], באַהאַנדלט הרב חנוך שאַפראַן טעמאַטיש דעם באַגריף "אהבת האדם" אין דער יידישער אויפפאַסונג, אויסטייטשנדיק דעם פסוק אין בראשית "זה ספר תולדות אדם"[46] פון וועלכן בן עזאי לערנט אַרויס דעם "כלל גדול" און נישט ווי רבי עקיבא וואָס האָט דאָס אַרויסגעלערנט פונעם "ואהבת לרעך כמוך"[47].

הרב שאַפראַן, באַמיט זיך, מיט רעכט, צו באַווייזן, אַז די מצוה "ואהבת לרעך", נעמט אַרייַע אַלע מענטשן און אַז רבי עקיבא איז מסכים צו בן עזאי קאָנצעפּציע אין אויסטייטש פון "תולדות אדם" — וואָס דערציילט די געשיכטע, דעם געבורט פון דער מענטשהייט ווי דער באַשאַף פון השם יתברך.

הרב שאַפראַן ציטירט אַ מקור פון מדרש, אַז דאָס וואָרט "אחיך" איז כּולל נישט־יידן[48] און ברענגט דערויף אַ צאָל ראיות: "אחינו בני עשו"[49]; "לא תתעב אדומי כי אחיך הוא"[50].

זיין אויספיר:

"...כי כן לא הבדילו חכמינו וזקנינו האלהיים ז"ל באהבתם לחכמה ולאמת בין ישראל לעם אחר, לתת יקר וגדולה ותפארת לכל איש אשר רוח חכמה ודעת ומשפט מישרים נוססה בו..." אַז "ניטאָ קיין אונטערשייד מיט ליבשאַפט צום מענטש, ייד אָדער נישט־ייד, אויב דער נישט־ייד פירט זיך אויף ווי געהעריק,

לויט דער מאראל און די עטישע פרינציפן פון א ציוויליזירטן מענטשן" — און וועגן דעם ווייטער.

מיר האבן אנגעוויזן אויף אברהם אבינוס חסד אפילו צו נישט־ייִדן, אפילו צו די סדומער. לאמיר זען, ווי משה רבנו דער גואל, דער מחוקק, האט זיך באצויגן צו יתרוס טעכטער, נאך איידער יתרו האט אים ארויסגעוויזן א התקרבות: "ולכהן מדין שבע בנות ותבאנה... להשקות צאן אביהן. ויבאו הרעים ויגרשום ויקם משה ויושיען..." [51] — און דער פריסטער פון מדין האט געהאט זיבן טעכטער; זענען זיי געקומען און האבן אנגעשעפט און אנגעפילט די קארעטעס, כדי אנצוטרינקען די שאף פון זייער פאטער. אבער די פאסטעכער זענען געקומען און האבן זיי אוועקגעטריבן. איז משה אויפגעשטאנען און האט זיי געהאלפן און האט אנגע־טרונקען זייערע שאף [52].

פאר וואס די פאסטעכער האבן זיי פארטריבן און געשטערט דאס אנשעפן וואסער פאר די שאף? ווערט געזאגט אין מדרשים, אז יתרו איז דעמאלט געווען אין חרם ביי זיינע שכנים, ווייל ער האט דאן געלייקנט אין געצנדינעריי, ד"ה, ער האט געלייקנט אין עבודה־זרה, וואס דאס איז איינע פון די מצוות בני נח וואס ער האט מקיים געווען. צי משה רבנו האט דערפון געוווסט, צי נישט, ווערט נישט איבערגעגעבן.

משה רבנו ווערט יתרוס איידעם, צפורה ווערט משהס פרוי, ער נעמט זי קיין מצרים. זי האט אים געבוירן צוויי זין, זי האט אפילו געוווסט ווי אזוי דורכצופירן דעם מילה־ריטואל. זי איז צוריק אוועק צום פאטער, אויף דער עצה פון עלטערן ברודער אהרן, וואס האט געזאגט צו זיין יינגערן ברודער: "על הראשונים אנו מצטערים ואתה בא להוסיף עליהם, אמר לה, לכי אל בית אביך, נטלה שני בניה והלכה לה" [53].

ווען די ייִדן זענען אויסגעלייזט געווארן, איז יתרו, צוזאמען מיט צפורהן און אירע זין געקומען צו משה "אל המדבר אשר הוא חונה שם הר האלקים" [54] — וואס פאר א כבוד משה רבנו האט צוגעטיילט זיין שווער יתרו און וואס פאר א זכות, אז א פרשה אין דער תורה זאל גערופן ווערן אויף זיין נאמען, זיין עצה זאל משה אננעמען און איינפירן.

משה רבנו, זעט אויס, האט באווירקט זיין שווער, ער זאל זיך מגייר זיין [55]. די קינים, אפשטאמיקע פון יתרו, זענען געווארן ייִדן, געהאלפן ייִדן, פארטיידיקט ייִדישע ישובים קעגן די ארומיקע שכנים.

הרב מ. א. מירקין שרייבט [56] וועגן דער ייִדישער באציִונג צום נישט־ייִד אין באגין פון אונדזער אויפשטייג ווי א קאלעקטיוו און וואס איז געווארן יסודותדיק אין דער ייִדישער אמונה און לעבנס־אויפפאסונג:

"...תורת ישראל, יסודה הוא האמונה בהקדוש ברוך הוא, היינו תורת החיים

והקיום לחברה האנושית, האמונה בהקדוש ברוך הוא היא יסוד האחדות האנושות... וחייבים ישראל להשפיע על האומות, אומות העולם ללכת בדרך זאת לשם טובתם וגם לשם טובת עם ישראל...״.

די וועלכע דערהויבן זיך צו אָט דער מדרגה, דינען נישט קיין אָפּגעטער, היטן זיך אויס נישט עובר צו זיין אויף די זיבן מצוות, זיי ווערן דערהויבן צו דער מדרגה געררופן צו ווערן ״חסידי אומות העולם״. זיי וועלן האָבן דעם געהעריקן לוין אין דער צוקונפט און אויך אין דער קעגנווערטיקער וועלט: זיי וועלן געניסן פון עולם־הבא און עולם־הזה!

און ווייטער, אויפן סמך פון אגדות חז״ל, קומט ער צו דער איבערצייגונג, אַז די באַגרינדערס פון יהדות האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צום נישט־ייִד וועלכער פירט זיך אויף אַנשטענדיק־מענטשלעך. ער ברענגט פאַר ר׳ אלעזר: ״אומות העולם נקראו עדה... ישראל נקראו יעקב... אומות העולם נקראו אבירים... וישראל נקראו אבירים... אומות העולם נקראו חכמים... ישראל נקראו חכמים...״ און אַזוי אַ גאַנצע ריי סופּערלאַטיוון מיט וועלכע ס׳ווערן טיטולירט די בני־ישראל און דאָס זעלביקע — אויף די פעלקער.

וועגן די שאַרפע אויסדרוקן און נעגאַטיוו־דיסקרימיניר־געזעצן איז הרב מירקין איבערגעצייגט, אַז זיי זענען געזאָגט געוואָרן וועגן די וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ באַציִונג צו ייִדן. חז״ל האָבן געוואָלט ייִדן זאָלן זיך נישט פילן נידעריקער, זאָלן נישט זיין הכנעהדיק, געפאַלן ביי זיך צו אַ מינערווערטיקייט־קאָמפּלעקס, האָבן זיי באַשטימט ענלעכע געזעצן לגבי די דאָזיקע פעלקער: ״אין הדינים הללו אלא תוצאה מהקיפוחים שאומות העולם קיפחו את ישראל בדברים הללו, אותם הדינים אינם אלא העתקם של דיני הגויים כלפי ישראל, ובאו ישראל והפכו את חודם כלפי מחוקקיהם הגויים...״ [57].

די שטרעבונג פון ייִדן איז תמיד געווען שלום! די שטרעבונג איז געווען אַן אוניווערסאַלער שלום, אַן אַל־מענטשהייטלעכער, אַלוועלטלעכער, נישט בלויז שלום ביי ייִדן, צווישן ייִדן, צווישן ייִדן און נישט־ייִדן, נאָר שלום אויף דער גאַנצער וועלט — שלום בעולם [58]. די ערשטע ווערטער, די פּראָקלאַמאַציע פון דערוואַרטן, אויסגעבענקטן משיח, וועלן זיין: ״שלום״, ווי דער נביא זעט עס: ״מה נאוו על ההרים רגלי מבשר, משמיע שלום״ [59] — ווי שיין זענען אויף די בערג די פיס פון דעם אַנזאָגער וואָס לאָזט הערן שלום, וואָס זאָגט אָן גוטס.

ס׳איז נישט סתם אַן אַבסטראַקטע דעקלאַראַציע די באַוואָרעניש פון אַ מחבר, ווי ר׳ יעקב הכהן, אַזאַ סאָרט מודעה: ״מודעה ניתן ליכתוב לדורות עולם, שבכל מקום אשר תמצא בספר זה מלת גוי או עכו״ם או עשיו, אינו מדבר כלום מהאומות שאנו שרויים בתוכם, כי הם חסידי אומות העולם ויש להם גן עדן, כמבואר בילקוט

ראובני, אך הוא קאי על עמלק שעובדים לכוכבים ומזלות, ואינם מאמינים כלל בבורא עולם״ [60].

ס׳איז גישט קיין ווונדער, וואָס חז״ל דערציילן, אַז ווען קטיעה בר שלום, וואָס לויט מפרשים, איז ער געווען אַ גוי, אַן אַרנטלעכער, ערלעכער מענטש און האָט פאַרטיידיקט ייִדן, אין לשון חז״ל: ״למד זכות על ישראל״, איז דערהרגעט געוואָרן דורך שונאי־ישראל, איז אַרויס אַ בת־קול: ״קטיעה בר שלום מזומן לחי העולם...״ [61].

ס׳ווערט דאָרט געזאָגט, אַז רבי האָט געוויינט: ״יש קונה עולמו בשעה אחת״ [62]. דער דאָזיקער קטיעה האָט געזאָגט צום רוימישן קעניג וואָס האָט געוואָלט אומברענגען די ייִדן, לויט דער עצה פון זיינע יועצים: ״יקטענה ויחיה״, אַז מיטן אומברענגען ייִדן, וועט זיין לעבן זיין געזיכערט, האָט קטיעה אים געזאָגט, אַז ער וועט די ייִדן נישט אומברענגען, ווייל ס׳איז אוממעגלעך די עקזיסטענץ פון דער וועלט אָן ייִדן: ״כשם שאי אפשר לעולם בלא רוחות כך אי אפשר לעולם בלא ישראל״ — דערויף איז אים געקומען טויטשטראָף און, ווי עס ווערט געשילדערט, אַן ענויים־טויט.

וועגן דער פריינדשאַפט צווישן רבי יהודה הנשיא (גערופן אויך רבי און רבנו הקדוש) און אַנטונינוס, ווערט איבערגעגעבן, אַז ווען אַנטונינוס איז געשטאָרבן, האָט רבי אים מספיד געווען מיט די ווערטער ״נתפרדה חבילה״ [63] און רש״י איז מסביר: ״אהבתינו שנקשרה נפש בנפש״.

אין המשך פון דער פריינדשאַפט ווערט געבראַכט א. נ. פון רב יהודה: ״אמר רב יהודה אמר רב ׳שני גוים בבטנך׳ [64] — אל תקרי גוים אלא גיים — זה אנטונינוס ורבי...״. וועגן דער דאָזיקער פריינדשאַפט האָבן מיר אַ גרעסערע צאָל אגדות. ס׳זאָל הייסן, אַז שוין די מוטערס — רביס און אַנטונינוסעס — זענען געווען באַפריינדט — און אַזוי האָט זיך געצויגן די פריינדשאַפט איבערן גאַנצן לעבן.

גרויס איז די צאָל פון התקרבותן צווישן ייִדן און נישט־ייִדן חסידי אומות העולם. די התקרבות האָט גאָר אָפט געבראַכט צו אַ פולשטענדיקער דערנענטערונג, ווי מיר האָבן שוין געבראַכט וועגן דער מלכות־חדייב, ווי די קעניגין העלענאַ מיט איר פאַמיליע האָבן זיך מגייר געווען, אָבער פריער איז געווען אַ סאָרט דערנענטערונג, וואָס האָט געפירט דערצו.

ס׳ווערט איבערגעגעבן אין מדרש [65]:

״ומעשה במונבז וזויטוס בניו של תלמי המלך, שהיו יושבין וקורין בספר בראשית, כיון שהגיעו לפסוק הזה ׳ונמלתם את בשר ערלתכם׳ [66] הפך זה פניו לכותל והתחיל בוכה, וזה הפך פניו לכותל והתחיל בוכה, הלכו שניהם ונמולו...״.

משה אריה מירקין אין זיין פירוש קאָמענטירט, אַז דאָס האָבן זיי דורכגעפירט איבער זיך דעם מילה־ריטואַל, נאָך איידער זיי האָבן זיך מגייר געווען, אַז די

מעשה קומט צו באַווייזן, אַז ס'זענען געווען גויים אין אַלטערטום, וועלכע האָבן, נישט געקוקט אויף דער קריטיק מצד די דעמאָלטיקע פעלקער, זיך דערמיט געוואָלט היילן, "שגם הגויים השתמשו במילה לרפוי".

ביי דער מונבז־פאַמיליע איז דאָס געווען אַ שריט צו גרות און ווען זיי האָבן זיך מגייר געווען, האָבן זיי אַ סך אויפגעטאָן פאַר ייִדן און מנדב געווען פאַרן בית המקדש.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל איבערגעגעבן בקיצור וועגן דער מונבז־משפחה. מיר ווילן דאָ, צוליב דערגאַנצונג זיך דערלויבן ציטירן וואָס עס שרייבט וועגן זיי דער דערמאָנטער מפרש מירקין [67]:

"ומונבז וזויטוס היו בניו של מונבז הראשון מלך חדייב, ומה שאומר: 'בניו של תלמי המלך' נראה שהמשפחה היוונית הזאת התיחסה אל אחד התלמאים. וכשמלך זויטוס — איזיטיס — התאחדו כמה מגדולי הארץ עם מלך ערב ומלך הפרתים כדי להמיתו, והקדוש ברוך הוא עזרו והכה את אויביו המרובים...".

חדייב, אָדער הדייב, וואָס ווערט דערמאָנט אין תּלמוד, ווערט אין דער אַלטערטום־געשיכטע גערופן אַדיאַבענע, אַ מלוכה אין מעסאָפּאָטאַמיע, ביים חידקל־טייך, אויפן גרענעץ צווישן דער פּאַרטישער (פרת) מלוכה און דער אויסשפּרייטונג פון דער רוימישער אימפּעריע. ייִדן האָבן זיך דאָרט באַזעצט, אין דער צייט ווען די רוימער האָבן געהערשט און אונטערדריקט דעם ייִדישן ישוב וואָס זיי האָבן אָקופּירט. ייִדן האָבן דאָרט פאַרשפּרייט זייער אמונה און זענען אַריינגעדרונגען מיט דער דאָזיקער אמונה אין די העכערע ספערן פון אָרטיקן מלכות און געוווּנען סימפּאַטיע און ליבשאַפט.

יוסף פלאַוויוס דערמאָנט די אָרטיקע ייִדן און רופט זיי די "ברידער אין אַדיאַבענע". דאָס וואָס עס האָט געצויגן ייִדן קיין חדייב איז אָן ספק געווען די פריינדשאַפט וואָס די אָרטיקע קעניגין הילני (העלענאַ), די פרוי פון מונבז דעם ערשטן, האָט אַרויסגעוויזן צו ייִדן, געשיקט מתנות צום בית־המקדש, ווי עס ווייזט אויס, נאָך איידער זי האָט זיך מגייר געווען; לסוף האָט זי זיך מגייר געווען און באַווירקט איר משפחה איבערצוגיין צום ייִדנטום.

די משנה [68] דערציילט אונדז:

"מונבז המלך היה עושה כל ידות הכלים של יום הכפורים של זהב. הילני אמו עשתה נברשת של זהב על פתחו (של — ב"ה) היכל. ואף היא עשתה טבלא של זהב שפרשת סוטה כתובה עליה".

אין ייִדיש:

מונבז המלך האָט געמאַכט אַלע הענטלעך פון די כּלים (צו די עבודות אין בית המקדש) פון יום כּיפּור פון גאָלד. הילני, זיין (מונבזס) מוטער, האָט געמאַכט

א גאָלדענעם שפּיגללאָמפּ אויף דער טיר פון היכל; זי האָט אויך געמאַכט אַ טאָוול פון גאָלד, אויף וועלכן די פּרשה פון סוטה איז געווען אויפגעשריבן [69].

ווען האָט זיך הילני און איר משפּחה מגייר געווען?

אייניקע פאָרשערס גיבן אָן די דאַטע ווי 30 יאָר נק״ע. דאָס איז אַ טעות. אַנדערע גיבן אָן די דאַטע 30 יאָר פק״ע. די ריכטיקע דאַטע דאַרף זיין אַרום דרייסיק יאָר פאַרן חורבן. ס'איז דאָך באַקאַנט, אַז מונבז (מאָנבאַז) איז געווען קעניג צוואַנציק יאָר פאַרן חורבן פון צווייטן בית המקדש און די מתנות האָבן זיי דאָך געשיקט צום בית המקדש — ווי געזאָגט פריער. איז דאָך וואַרשיינלעך אַז זיי האָבן געשיקט די מתנות אַ סך פריער, איידער זיי האָבן זיך מגייר געווען און מ'האָט מקבל געווען זייערע מתנות. מ'האָט זיי אַרויסגעוויזן גרויס אָנערקענונג.

אין תלמוד ווערט אַ סך דערציילט וועגן דער הילני המלכה, די קעניגין פון אַדיאַבענע [70].

יוסף בן מתתיהו — פלאַוויוס [71], גיט איבער, אַז זי האָט זיך מגייר געווען, איידער איר זון האָט דאָס געטאָן. אַ צייט שפּעטער האָט זיך איר זון, איזיטוס מגייר געווען. זיי זענען אָבער פריער איבערגעגאַנגען צום יידישן גלויבן אין דער שטיל, איידער זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט דורכצוגיין עפנטלעך דעם גירות־פּראָצעס און דעם ריטואַל. ס'איז געווען אויף זיי די סכּנה, אויב זייער פאָלק וועט זיך דערוויסן, וועלן זיי באַטראַכט ווערן ווי פאַררעטערס און קענען געאורטיילט ווערן מיט טויטשטראָף. אויב זי וואָלט עס געקענט דורכפירן אויף אַ געהיימען אופן, האָט איר זון דאָס נישט געקענט טאָן, צוליב מילה, וואָס איז אַן עפנטלעכער קערפּער־לעכער צייכן.

זיי האָבן דאָס געקענט באַוויזן, ווען זייער פאָלק, די אַדיאַבענער, האָבן אויך אָנערקענט די יידישע אמונה — ערשט דאַן איז די גירות פון קעניגלעכן הויף באַוווסט געוואָרן און ערשט דאַן איז זי געקומען קיין ירושלים צום בית־המקדש, זיך געטראָפן מיט די כּהנים און מיט די חכמי־ישראל.

אין דער אָנהייב־תּקופה פון איר איבערגיין צום יידנטום, איז איר זון אַרויס אין קריג מיט שכנישע לענדער. דעמאָלט האָט זי געגעבן אַ נדר אַז אויב איר זון וועט צוריקקומען בשלום פון דער מלחמה, וועט זי זיין אַ נזירה זיבן יאָר. ווען ער איז צוריקגעקומען בשלום, האָט זי נישט געקענט אויפגיין קיין ירושלים, כּדי איר פאָלק זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן איר געהיימען שריט, האָבן איר די רבנים־חכמי ישראל געראָטן, זי זאָל מקיים זיין דעם נדר פון נזירות אין איר לאַנד, אפילו, ווען די נזירות איז נישט בקדושה... כּדי נישט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון אין פאָלק.

נאָך די זיבן יאָר, ווען די סכּנה איז אַריבער, איר אייגן פאָלק האָט איינגעזען די ריכטיקייט פון דער יידישער אמונה, איז זי עולה געווען און די בית הלל האָבן

איר געפּסקנט, זי זאָל נאָך אַ מאָל אָנהייבן זיבן יאָר נזירות — וועט זי האָבן מקיים געווען דעם נדר, לויט אַלע שיטות, וואָס שייך נזירות.

ס'ווערט אויך דערציילט, אַז נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך מגייר געווען, האָבן זיי גאָר אַ סך געהאָלפן דעם ייִדישן ישוב: זיי האָבן אויפגעשטעלט פּרעכטיקע בנינים אין ירושלים; זיי האָבן געקויפט תבואה און שפּייז־פּראָדוקטן און געשיקט פאַר די אָרעמע־לייט אין ירושלים, בעת יהודה האָט געליטן הונגער, צוליב טריקעניש און צוליב דעם רוימישן לעגיאָן, וואָס האָט אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך.

ווי פאָרשערס גיבן איבער, האָט העלענאַ און איר זון איזאַטעס, זיך מגייר געווען און זייער שריט האָט נאָכגעפאָלגט מונבז (מאָנבאַז) דער יורש פון ברודערס טראָן — ער האָט בכלל געטאָן, וואָס נאָר זיין מוטער האָט פאַרלאַנגט פון אים — און דאָס איז ביי איר געווען דער הויפּט־פאַרלאַנג — אַריבערגיין צום ייִדנטום.

ייִדן האָבן זיי אָפּגעדינט פאַר זייערע גוטע מעשים. מ'האָט זיי אַריינגענומען און געגעבן כּבוד־מלכים, זיי זענען באַערדיקט געוואָרן אין די ספּעציעלע „קברי המלכים" אין ירושלים.

בעת דעם רוימיש־ייִדישן קריג האָבן אָנגעהעריקע פון דער דאָזיקער קעניג־לעכער משפּחה געקעמפט אין די ייִדישע רייען קעגן רוים און ווען ירושלים איז געפאַלן, האָט מען אייניקע פון זיי געבראַכט געפאַנגען קיין רוים.

זיי זענען נישט די איינציקע — און אוודאי נישט די איינציקע אין די נאָכ־פאָלגנדיקע יאָרהונדערטער — ווען נישט־ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און געווען סימפּאַטיש צו ייִדן, זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן.

דער רוימישער קייסער יוליאַנוס געהערט צו דער רשימה פון די חסידי אומות העולם. ער איז דערצויגן געוואָרן דורך רוימישע מאַנאַכן, זיין פעטער איז געווען קאָנסטאַנטין דער גרויסער, וועלכער האָט גערודפט ייִדן, אַרויסגעגעבן אויף ייִדן שווערע גזירות און אַרויפגעלייגט אויף זיי שווערע שטייערן. דער פּלימעניק „יוליאַן דער אפּיקורס", ווי די רוימער האָבן אים באַטיטלט, האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלטיקע פריינדשאַפט צו ייִדן און פּלאַנירט אויפצובויען דעם בית־המקדש אין ירושלים, אַלס הייליקן צענטער פאַר ייִדן [72].

דער דאָזיקער יוליאַנוס, גערופן לויט זיין פולן נאָמען יוליאַנוס פלאַוויוס קלאַודיוס, און אין תּלמוד [73] לוליאַנוס (געב. 331 נק"ע און געקיניגט 361—363), איז באַשטיגן דעם טראָן פופציק יאָר נאָך דעם, ווי דאָס קריסטנטום איז געוואָרן די הערשנדיקע רעליגיע אין דער רוימישער אימפּעריע, און ייִדן זענען אומעטום גערודפט געוואָרן.

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז ער פּלוצלינג געוואָרן אַ קנאַפּער מאמין אין קריסטנטום און גאָר געוואָרן אַ פריינד פון ייִדן, געשטעלט די ייִדישע רעליגיע

העכער פון דער קריסטלעכער דאָגמע און עוואַנגעליע. ער האָט אָפּגעשאַפט אַלע שלעכטע גזירות אויף ייִדן.

ווי אַזוי האָט ער זיך באַקענט מיט דער ייִדישער תורה? ס׳ווערט דערציילט אַז ער האָט זיך באַקענט מיט תורת־משה דורך דעם תרגום־השבעים. נישט אַלץ אין דער תורה האָט ער אָנגענומען; ער האָט למשל נישט אָנגענומען די אמונה אין אחדות־אלהות, אין דער פאָרם פון בריאת־העולם; ער האָט אויך נעגירט די אַטריבוטן פאַר ייִדן, ווי אַן ״עם סגולה״. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, געווען אַן אַגנאָסטיקער. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין פריינדשאַפט צו ייִדן און בעת זיינע מלחמות מיט די פּערסיער האָט ער זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו ייִדן, זיי זאָלן מתפלל זיין פאַר זיין נצחון.

ס׳ווערן איבערגעגעבן נאָך אַ צאָל אגדות אין שייכות מיט זיין פּלוצלינגדיקער איבערקערעניש און מיט זיין פאַרזיכערן צו בויען דעם בית־המקדש, וואָס האָט אַרויסגערופן באַגייסטערונג ביי רב אחאן [74] — אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדערע טעמע. ער האָט געוואָלט אָפּשאַפן דאָס קריסטנטום, אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען.

ס׳ווערט נישט איבערגעגעבן, וועלכער ר׳ אחא דאָס איז געווען. לויט דער צייט, פון יוליאַנוסעס רעגירן, איז דאָס אוודאי געווען ר׳ אחא פון די תנאים אין דער צייט פון ר׳ יהודה הנשיא — אַ באַוווסטער תנא אין יענער תקופה.

ווי עס ווערט דערציילט, האָט ער דערקענט ר׳ אחאן, ווי דעם זקן וואָס האָט אים און זיין אַרמיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, בעת ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ מדבר און ער האָט צוגעזאָגט ר׳ אחאן אויפצובויען דעם בית־המקדש: ״איך וועל פאַרריכטן דאָס וואָס די אַמאָליקע רוימער האָבן צעשטערט. זיי האָבן פאַרברענט דעם בית־המקדש און איך וועל אים צוריק אויפבויען״. ר׳ אחא האָט געגלויבט, אַז דאָס וועט געשען. ער האָט געזאָגט: ״דער בית־המקדש וועט געבויט ווערן פאַר משיחס קומען״.

ענלעך האָבן מיר, כּמעט אין דער זעלביקער תקופה, די באַציִונג צווישן רב (אבא אריכא) מיט דעם פּערסיש־בבלישן מיניסטער און מלוכה־הויפּט אדרבן.

רב, ווי דער גדול פון די לעצטע תנאים און ערשטער פון די אמוראים, האָט זוכה געווען צו דער גרעסטער פאַרערונג ביי ייִדן. ער ווערט באַטראַכט פאַר דעם וווּנדערמענטש וואָס האָט געראַטעוועט דאָס ייִדנטום און אויפגעשטעלט צענער טויזנטער תלמידים. ווי הרב אהרן היימאַן דריקט זיך אויס: ״...והוא הבעיר אש דת בכל מדינת בבל והעמיד תלמידים לאלפים ולרבבות ומפיו אנו חיים כהיום הזה...״ [75] און נישט בלויז ביי ייִדן, אויך ביי נישט ייִדן, איז ער געווען פאַרערט.

רב האָט מצליח געווען, נושא חן צו זיין, ביים דערמאָנטן אדרבן־ארטבן דעם פערטן, דעם פּערסישען קעניג, וואָס איז אויך געווען אין פריינדלעכע באַציִונגען

מיט רבי יהודה הנשיא, דעם מסדר המשנה און רבי פון דעם ר׳ אבא, דעם זון פון איבו. צווישן די צוויי: רב און ארטבן, אָדער אדרבן, האָט געהערשט אַזאַ ווונדערלעכע ליבשאַפט־באַציונג, אַז ווען דער לעצטער איז געשטאָרבן, האָט רב זיך אויסגעדריקט ״נתפרדה החבילה״ [76].

אָן אַנדער פּערסישער קעניג איז געווען באַפריינדט מיט רבס חבר שמואל, דעם ראש ישיבת נהרדעא. דאָס איז שבור מלכא דער ערשטער, זון פון אַרשיד, וואָס ווערט געשילדערט ווי אַ מלך חסיד און איידעלער מענטש [77]. ער האָט גענומען עצות פון שמואלן [78] און זיך פאַראינטערעסירט מיט שטודירן יידישן משפט־געזעץ, יידישע מנהגים [79]. אין אַלע זיינע מלחמות מיט די לענדער אונטער רוימישער הערשאַפט, ווו ס׳האָבן געוווינט מאַסן יידן, האָט ער געזען, ס׳זאָל קיין ייד נישט געהרגעט ווערן. אין קאַפּויטקיאַ, ווו יידן זענען אַרויס אין קריג מיט זיין אַרמיי, זענען געפאַלן צוועלף טויזנט יידן. האָט שמואל דערויף געזאָגט אַז זיי זענען זיך אַליין שולדיק געווען ״אינהו גרמו לנפשייהו״ [80].

די יידן אין בבל האָבן דאַן געלייגט גרויס האָפענונג אויף שבור מלכא, אַז ער וועט זיין דער צווייטער כורש אויפצובויען דעם בית־המקדש. די האָפענונג איז צעשטערט געוואָרן, נאָך דעם, ווי אדינת בר נצר, אַ מאַן פון די תדמורים (פּאַלמיראַ) האָט אים אַראָפּגעזעצט פונעם טראָן און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף יידן.

רב יהודה, דער תלמיד פון שמואל, האָט דעמאָלט געזאָגט: ״עתידין ישראל דעבדו יומא טבא כי חרב תדמור״. ר׳ יוחנן האָט געפּסקנט: ״אין מקבלין גרים מן התדמורים״ [81].

שבור מלכא דער צווייטער איז שוין געווען אַ שונא־ישראל, נישט נאָכגעפאָלגט זיינע עלטערן, נישט זיין פאָטערס און נישט זיין מוטערס גאַנג אין באַציִונג צו יידן. זיין מוטער אפרא הורמיז האָט אים געבוירן נאָכן טויט פון איר מאַן, און געלעבט לאַנגע יאָרן אין צייט ווען איר זון האָט געקיניגט אין פּערסיע (בבל).

דער דאָזיקער שבור איז געקרוינט געוואָרן, ווען ער איז נאָך געווען אין דער מוטערס טראַכט, אַן ״עובר במעי אמו״ — און זי, איפרא הורמיז, ווערט גערופן ״אמיה דמלכא״, ווייל זי האָט אָנגעפירט מיט דער מלוכה, ביז איר זון איז אויפגעוואַקסן. ער האָט געקיניגט אַרום 70 יאָר.

דערציילט אונדז די גמרא [82]: רבא האָט געפּסקנט ״מכות מרדות״ אַ יידן וואָס האָט בועל געווען, פאַרגוואַלטיקט, אָדער מיט איר ווילן, געהאַט אינטימע באַציִונגען מיט אַ נישט־יידישער פרוי. ווען שבור מלכא האָט זיך דערפון דערוווּסט (דער ייד איז געשטאָרבן — און מלכות האָט געהאַט אַ חשד, אַז ער איז געשטאָרבן צוליב די מכות), האָט ער באַפוילן, מ׳זאָל רבאן משפטן און אורטיילן מיט אַ שווערן עונש. רבא איז אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן. די פּאָליציי וואָס איז באַפאָלן

און זיך אַריינגעריסן אין רבאס הויז, האָט ראַבירט און אויסגעליידיקט דאָס הויז און נישט אויפגעגעבן, ביז זיי זאָלן כאַפּן רבאן און אים משפּטן.

איפרא הורמיז, דעם קעניגס מוטער, האָט זיך אָבער אַריינגעמישט און זיך איינגעשטעלט אין רבאס פאַרטיידיקונג. זי האָט תּמיד אַרויסגעוויזן אַ פאַרערונג פאַר די חכמי־ישראל און מקרב געווען ייִדן[83]. איין מאָל האָט זי געשיקט צו רב יוסף אַ בייטל מיט גאָלדענע דינרים, ער זאָל זיי פאַרטיילן אויף צדקה; אַ צווייט מאָל געשיקט פיר הונדערט דינרים צו רבאן און אַזוי כּסדר געהאָלפן ייִדן און זיך געפרעגט ביי רבאן וועגן "אישות"־ענינים, מענסטרואַציע אאַ"וו[84].

עס איז אַ לאַנגע קייט — די רשימה פון חסידי אומות העולם — פון אַלטערטום ביז אונדזער צייט. אין דער רשימה גייען אַריין ליטעראַטן, קינסטלערס, קעניגן, פירערס, סאָציאַלע טעאָרעטיקערס, הומאַניסטן, גייסטלעכע ליבעראַלן, אידעאַליסטן, נאָבעל־פּרייז־געווינערס און קלאַסיקערס, צו דערמאָנען אייניקע: דער דענישער קעניג און דאָס דענישע פאָלק מיט אים. מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און מסירת נפש האָבן זיי אין די אומגליקלעכע טעג פון די נאַצי־רציחות געראַטעוועט ייִדן. די האָלענדער — דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע. אַזעלכע האָבן זיך געפונען אומעטום אין מערב־ אין צענטראַל־ און אין מזרח־אייראָפּע. אומעטום זענען געווען יחידים, אפילו אין דייטשלאַנד, מיט אַ געוויסן, — אין אַ וועלט פון ייִדן־שׂנאה — וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן.

**ג. ליידן פון אברהם אבינו. עצה פון פריינד. — ליכטיקע שטערן אין צייט פון אברהם אבינו. — ליכטיקע שטערן אין אַלע תּקופות. — אברהם אבינו — פאָטער פון גרים.**

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיין אָנהייב ביים באַגין; ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פורעמען די שבטים פון "זרע אברהם" און ער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען די שבטים זענען געוואָרן אַ פאָלק, "בני־ישראל".

ווען אברהם אבינו איז אַרויסגעקומען מיט זיין אמונה אין אחדות־אלהות, אַז ס'איז דאָ אַ "בעל־הבירה", גאָט וואָס פירט, און די געצן־דינערס האָבן געזען, אַז ער ווערט אַן "אב המון גויים", אַ פאָטער פון פעלקער, פון גרים, וועלכע פאָלגן נאָך זיין אמונה[1], האָבן זיי געזוכט אים צו באַקעמפן. נמרוד, נחס אַן אור־אייניקל, דער וואָס האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס גאָט און הערשער פון דער וועלט, האָט געוואָלט אים ליקווידירן, מורא האָבנדיק אַז אַברהמס אידעען זאָלן נישט באַאיינפלוסן די מאַסן פון אור־כשדים — און פון דאָרט אַריבער צו די פעלקער, אַרום יענעם ראַיאָן.

פאַר וואָס ווערט ער גערופן אברם העברי? זאָגן חז״ל: ״שכל העולם כולו לעבר אחד״ — די גאַנצע וועלט איז געווען אויף איין זייט, געדינט עבודה־זרה — ״והוא היה לעבר אחד״ — און ער, אברהם, אויף איין זייט [2].

נמרוד פאַרמעסט זיך אָפּצושטעלן די פאַרשפּרייטונג פון געדאַנקען וועגן אחדות הבורא. זיין גזירה — וואַרפן אברהם אבינו אינעם כבשן האש, אינעם קאַלכאויוון, פאַרברענען אים מיט זיין נייער תורה... אברהם איז געראַטעוועט געוואָרן. דער נס איז געשען און ער איז אַרויס פון געפאַר. נאָך דעם אַ וואַנדער־וועג: אַרויס פון זיין געבורטסאָרט, פאַרשפּרייט זיין תורה און געקראָגן אָנהענגערס: ״ואת הנפש אשר עשו בחרן״ — די נפשות וואָס זיי האָבן געמאַכט — אָנגעשאַפט — אין חרן [3]. אין מדרש, ווערט קאָמענטירט: ״ללמדך שכל מי שהוא מקרב את העובד כוכבים ומגיירו כאלו בראו... אברהם היה מגייר את האנשים ושרה מגיירת את הנשים״ [4]. מיט זייער באַאיינפלוסן געעצן־דינערס צו גלויבן אין דער מאָנאָ־טעיסטישער אמונה האָבן זיי באַוויזן, אַז דאָס פייער פון קאַלכאויוון האָט נישט געקענט פאַרברענען אברהם אָבינו און במילא האָט זיין תורה זיך פאַרשפּרייט. ער האָט געקראָגן פריינד אפילו צווישן די פאַרדאַרבענע כנענים, ווי ליכטיקע שטערן איבער דעם פינצטערן כנעניש האָריזאָנט: ענר, אשכול און ממרא. לויט מדרשים, האָט דער לעצטער געגעבן די עצה אברהם אבינו, ער זאָל זיך מל זיין, דעריבער האָט גאָט זיך באַוויזן צו אים ״באלוני ממרא״ [5]: ״הוא שנתן לו עצה על המילה, לפיכך נגלה עליו בחלקו״ [6].

מיר וועלן ווייטער אָנווייזן אויף דעם אויפטו פון אברהם אבינו און אויף דער פריינדשאַפט מצד ענר אשכול וממרא.

ייִדן קומען צוליב פאַרשיידענע סיבות קיין מצרים. די שׂנאה ברענט. פּרעה ציטערט פאַר דעם וווקס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג: ״הנה עם בני ישראל רב ועצום ממנו. הבה נתחכמה לו״ [7] ווי אַזוי פטור צו ווערן פון ייִדן. ער פאַרנעמט זיך מיט די ערגסטע גזירות, רציחות; ייִדן קענען נישט אויסהאַלטן, זיפצן אונטערן יאָך פון עבודת־פּרך. מ'וואַרפט ייִדישע קינדער אין נילוס־טייך, מען פאַרמויערט אינעם געבוי פון פתום ורעמסס ייִדישע קינדער. דער צער פון גלות־מצרים איז אומדערטרעגלעך. פּרעהס יועצים זענען מסכים דורכצופירן אַזעלכע גזירות — אָבער צווישן די יועצים, געפינט זיך אַ ליכטיקער שטערן וואָס וואַגט אַרויסזאָגן זיך קעגן פּרעהס פּלענער.

דער מדינישער כומר־כהן, דאָן אַ געצן־דינער, יתרו, שטעלט איין זיין לעבן, כּדי צו ראַטעווען אומשולדיקע מענטשן. ער מוז צוליב דעם אַנטלויפן פון מצרים. ער ווערט פון הימל, פון ייִדן, גוט באַלוינט: משה רבנו ווערט זיין איידעם; אלעזר הכהן, ווערט משפּחימדיק פאַרבונדן מיט אים; אַ פּרשה אין דער תורה ווערט

צוגעגעבן אויף זיין נאָמען; ער איז זיך מגייר און זיינע קינדער האָבן געקראָגן אַ חלק לאַנד ביי די גרענעצן פון כנען, וואָס איז געוואָרן ארץ־ישראל [8].

ביים אַרויסגיין פון מצרים, אָנקומענדיק אין דער מדבר, נאָך קריעת ים סוף, איז דער ארכי־שונא ישראל, עמלק, באַפאַלן, מיטן ציל אומצוברענגען דאָס גאַנצע פאָלק. אַ שווערער קאַמף געווען, ביז יהושע האָט אים אָפּגעשוואַכט און גאָט האָט געהייסן משה רבנו זאָל דאָס פאַרשרייבן אין ספר, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז ער וועט אָפּמעקן דעם זכר פון עמלק און אָנגעזאָגט, צו געדענקען וואָס עמלק האָט געטאָן, און ביים אַריינקומען אין לאַנד, זאָל מען אויסמעקן דעם זכר פון עמלק...[9].

איז מען געקומען צום באַרג סיני, ייִדן ווערן אַ גרויס פאָלק, מיט גייסטיקע אַטריבוטן, אַ פאָלק דיסציפּלינירט דורך תורה־פּרינציפּן, אַן "עם סגולה", "עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה" [10] — אַ קלוגע און פאַרשטאַנדיקע אומה איז דאָס דאָזיקע גרויסע פאָלק — אָבער צוזאַמען מיט קבלת־התורה, וואָס קיין פאָלק האָט נישט געוואָלט מקבל זיין [11] איז געקומען די שנאה אויף ייִדן: "למה נקרא הר חורב — שירדה חורבה לאומות העולם... סיני— שירדה שנאה לישראל" [12].

די בני־ישראל, וואָס וואַנדערן שוין פערציק יאָר אין מדבר, זענען שוין נאָענט צום ציל. אויפן וועג צום לאַנד כנען, באַווייזט זיך בלק, דער שונא אויף ווענען ס׳ווערט געזאָגט: "שבא ללוק דמם של ישראל" — ער איז געקומען זיך באַלעקן מיט ייִדיש בלוט [13]. ער איז געווען דער גרעסטער שונא [14] און דער שונא בלעם הרשע, איז געקומען צו שילטן די ייִדן.

מיר וועלן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט דער פראַגע, ווי קומט עס, בלעם זאָל זיין אַ נביא, זאָל האָבן רוח־הקודש און זאָל זיך פאַרנעמען מיט קללות. מיר פאַרנעמען זיך דערמיט אויף אַן אַנדער אָרט [15].

אין תרגום יונתן [16], ווערט געזאָגט, אַז לבן הארמי איז דער בלעם. אין תלמוד [17], ווערט געזאָגט, אַז בעור איז לבן. דאָ זעען מיר אַ שייכות צווישן לבן און בלעם: דער ערשטער האָט געוואָלט "לעקור את הכל" און בלעם, זיין אָפּשטאַמי־קער, איז עובר אויף דעם בונד ביי גלעד [18] און וויל אומברענגען יעקבס קינדער, "דבעי למבלוע את עמא בית ישראל" [19].

בלק — ווערט געזאָגט — איז נישט געווען קיין קלענערער כישוף־מאַכער, ווי בלעם: "קוסם גדול היה בלק" [20] און אַ נישט קלענערער שונא־ישראל, פאַר וואָס האָט ער זוכה געווען, אַז אַ פּרשה זאָל גערופן ווערן אויף זיין נאָמען? (אפילו, צו דערציילן וועגן זיין רשעות.) ס׳זענען דאָ דערויף פאַרשיידענע תירוצים, הרב ר״א קרול, אין זיין ספר "בפקודיך אשיחה" [21] קאָמענטירט, אַז דערמיט וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן זיין שנאה בגלוי, עפנטלעך, איז ער במילא נישט געווען אַזוי געפערלעך, ווייל מ׳האָט געוווּסט, ווי צו פאַרהיטן זיך פון אים. ערגער איז געווען

מיט בלעמען, וואָס האָט זיין שׂנאה אויסבאַהאַלטן, געבענטשט — און אין האַרצן אין זינען געהאַט צו שילטן...

אינטערעסאַנט, אַז חז״ל גיבן השיבות בלקן, אַז פון אים זאָל אַרויסקומען רות, די גרטע. די קעניגלעכע טאָכטער פון מלך מואב, דערצויגן אויף רייכטום און לוקסוס, ווערט די העלדישע גרטע, וועמעס מעשׂים אין דער איבערגעבנקייט צום יִדישן פאָלק גרענעצן זיך מיט אומגעוויינלעכקייט — אַ שׂכר פאַר דעם קעניג בלק, דעם עלטער־זיידע, צוליב די קרבנות וואָס ער האָט מקריב געווען, כּדי דער יִדישער גאָט זאָל אָננעמען זיינע תּפילות, צוליב דער מורא, אַז יִדן וועלן אָקופּירן זיין לאַנד: ״בשכר ארבעים ושנים קרבנות שהקריב בלק מלך מואב זכה ויצתה ממנו רות״ [22]. ס'ווערט אויך געזאָגט, אַז עגלון, דער קעניג פון מואב, זון פון בלק, האָט זוכה געווען, אַז זיין טאָכטער רות, זאָל ווערן אַ גיורת־צדק, אַז פון איר זאָל שטאַמען מלכות בית דוד, ווי אַ שׂכר פאַר זיין אַרויסווייזן דרך־ארץ ביי דערמאַנען גאָטס נאָמען. ווען אהוד איז צו אים אַריינגעקומען, האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט, ״ויקם מעל הכסא״ [23].

די פראַגע ווערט געשטעלט: פאַר וואָס האָט בלק פאַרלאַנגט פון בלעמען ער זאָל שילטן די יִדן, בעת ער האָט געקענט פאַרלאַנגען פון אים, ער זאָל אים בענטשן? ער האָט דאָך אים געזאָגט אין דער שליחות, ״אשר תּברך מבורך״ [24]. עס ווייזט אויס — הרב קרול ברענגט דערויף ראיות — אַז בלעמס כּוח איז געווען בלויז אויף קללות, אויף טאָן שלעכטס, אַ ״חכם להרע״ [25]. און אויך דערויף האָט ער ווייניק כּוח געהאַט. ער האָט בלויז געוווּסט מכוון צו זיין די מינוט, ווען הקב״ה איז אין כּעס אויף דער זינדיקער מענטשהייט, ״שהיה יודע לכוון השעה״ [26], ווי דער פּסוק [27] זאָגט: ״ואֵל זועם בכל יום״ — גאָט צאָרנט יעדן טאָג. ער צאָרנט אַ רגע, ווי דער פּסוק [28] זאָגט ״כי רגע באפו״. דער נס איז געווען, אַז אין יענער צייט, איז דער רבונו של עולם געווען פול מיט חסד און לגמרי נישט געווען אין כּעס, ווי דער נביא זאָגט צו די יִדן: ״עמי זכר נא מה יעץ בלק מלך מואב... למען דעת צדקות ד׳״ — מיין פאָלק, דערמאָן זיך וואָס בלק דער קעניג פון מואב האָט געראָטן און וואָס עס האָט אים געענטפערט בלעם... כּדי איר זאָלט וויסן, די גערעכטיקייט פון גאָט [29] און די גמרא קאָמענטירט: ״א״ר אלעזר, אמר להם הקב״ה לישראל, דעו כמה צדקות עשיתי עמכם, שלא כעסתי בימי בלעם הרשע, שאלמלי כעסתי, לא נשתייר משונאיהם של ישראל שריד ופליט, והיינו דקאמר ליה בלעם לבלק, מה אקוב לא קבה אל ומה אזעם לא זעם ד׳״ [30].

אויב בלק האָט געוווּסט, אַז בלעמס כּוח איז בלויז אויף קללה, צוליב וואָס האָט ער אים געזאָגט, ״וועמען דו בענטשט איז געבענטשט״? לויט ווי הרב קרול טייטשט אויס, האָט ער דאָס געטאָן צוליב כּבוד וועגן.

מיר דאַכט זיך, אַז בלק האָט געמיינט און געגלויבט אַז בלעמס כּוח איז

אי אין בענטשן און אי אין שילטן; אים איז אָבער געגאַנגען אין לעבן צו שילטן די ייִדן.

לויט באַהויפּטונגען אין מדרשים, האָט דער רבונו של עולם אויפגעשטעלט דעם נביא בלעם צו די פעלקער, זיי זאָלן נישט האָבן קיין טענה, אַז ווען זיי האָבן אַ נביא ווי משה, וואָלטן זיי געווען דערהויבן מאַראַליש, עטיש אאַ"וו, האָט ער זיי געגעבן בלעמען און זיי געוויזן, ווי פאַרדאָרבן ער איז געווען מיט זיין ווילן אויסצורייסן אַ גאַנץ פאָלק: "לעקור אומה שלמה חנם על לא דבר"[31].

זייער עונש איז געווען: "לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד'... אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים... ואשר שכר עליך את בלעם בן בעור מפתור ארם נהרים לקללך..."[32] אַז עמוני און אַ מואבי זאָל נישט קומען אין גאָטס עדה... דערפאַר, וואָס זיי זענען אייך נישט אַקעגנגעקומען מיט ברויט און מיט וואַסער... און וואָס ער האָט געדונגען אויף דיר בלעמען, דעם זון פון בעור... דיך צו שילטן.

די הלכה פאַרנעמט זיך פעסטצושטעלן אַז בלויז אויף מענער איז חל דער פאַרבאָט אָבער נישט אויף פרויען; דעריבער איז רותן דערלויבט געוואָרן צו קומען אין גאָטס קהל. ס'זענען אויך אָנגעגאַנגען חילוקי־דעות, צי דער פאַרבאָט גייט אַרויף בלויז ווען מען איז זיכער, אַז דער מאַן שטאַמט דירעקט פון עמון ומואב, אָבער נישט ווען מען איז אין ספק, ווען ס'איז נישטאָ קיין דירעקטער גענעאַלאָגישער יחוס־דאָקומענט[33]. אָבער דאָס גייט שוין אַרויס פון אונדזער תּחום און געהערט צו רבנישע פוסקים.

מיר קומען צוריק צו אונדזער טעזע וועגן שׂנאה צו ייִדן, ביז רוצחישע גזירות, אַזוי ביי געצן־דינערס און אַזוי שפּעטער, ווי אַ המשך, ביי די גלויביקע אין קריסטנ־טום, אין איסלאַם. ביי אייניקע איז עס געווען דער פּלאַן פיזיש אומצוברענגען די ייִדן: "להשמיד להרוג ולאבד" ווי דער אַמאַליקער בלעם (און המן), וועמעס פּלאַן איז געווען "שבלע עם"[34] וואָס האָט געזוכט צו "כאַפּן די שעה" און שילטן מיט כּליה־פאַרלענדונג.

אין דער תּקופה פון בית שני האָבן אי די גריכן און אי רוימער זיך פאַרנומען מיט דער פיזישער און גייסטיקער פאַרניכטונג פון ייִדן.

ווי אַ כראָנישע קראַנקייט, האָבן די ערשטע קריסטן געוואָלט אַרויפצווינגען זייער אמונה און ווי אַ המשך, האָבן זייערע נאָכפאָלגערס, שוין אין גלות־לענדער פאַר ייִדן, געוואָלט לייזן די "ייִדן־פראַגע" דורך שמד און אינקוויזיציעס. די ציוויליזירטע גייסטלעכע האָבן פאַרגיפטעט די אומבאַוווּסטזיניקע מאַסן גלויביקע מיט אָט דער מחלה.

די "ייִדן־פראַגע" איז ביי זיי געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג, ווי ביי פרעה מלך מצרים מיט זיינע יועצים. די דעספּאָטישע מלכים און גלחים, ווי די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך פאַרנומען אויף געצענדינערישע מעשׂים אין באַציִונג צו די

ייִדישע תּושבים אין זייערע לענדער, און אַלץ, צוליב דעם, וואָס ייִדן האָבן נישט אָפּגעגנייגט פון תּורת־משה, וואָס זיי האַלטן דאָך אויך פאַר אַ יסוד אין זייער אמונה. לויט זייערע טעאָלאָגישע פּרינציפּן זענען ייִדן די "נישט־גלויביקע", און במילא אומגלויביקע, און זיי זענען הפקר פאַר אַלע וואָס ווילן זיי אַנטאָן שלעכטס, ראַבירן, גזלען אאַ"וו.

אַפילו אין דער מאָדערנער צייט, מיטן אָנקום פון די ליבעראַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, האָט מען דאָך אין אייניקע לענדער געהערט אַ נייע לאָזונג: "ייִדן, ווי יחידים פולע רעכט; ווי אַ פאָלק גאָרנישט". פאַקטיש, איז אפילו פאַר יחידים, בלויז אויפן פּאַפּיר צוגעזאָגט געוואָרן רעכט, ווי בירגער, אָבער וואָס שייך מעשׂים: דיסקרימינאַציע, רעכטלאָזיקייט.

דער דאָזיקער צוגאַנג צו דער ייִדישער באַפעלקערונג איז דערגאַנגען צו זיין שאַרפסטן אויסדרוק דורך דעם ראַסיסטישן־זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט דערפירט צום חורבן פון ייִדנטום אין מזרח־אייראָפּע.

ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט פיזיש און גייסטיק אַ דאַנק דער עקשנות, זיך צו האַלטן ביים ספר, נאָכפאָלגנדיק דעם מוסטער פון רבי יוחנן בן זכאי, בעת ער האָט ביים חורבן בית שני, אָפּגעראַטעוועט יבנה וחכמיה און זיי, די חכמים אין יבנה, זייענדיק אונטערדריקט דורך רוימישן אָקופּאַנט, האָבן דאָך פעסטגעשטעלט די קאָדיפיקאַציע פון ייִדישן געזעץ, פון ייִדישער מאָראַל, פון תּורה, וואָס האָט געבראַכט ליכט אין דער ייִדישער געטאָ, ווי עס ווערט געטייטשט "אורה — זו תּורה"[35] און די תּורה איז אַ "תּורת חיים" — "אשר יעשה אותם האדם וחי בהם"[36], אַ תּורה וואָס האָט געגעבן ייִדן לעבן און אייביקן קיום, אַ תּורה וואָס לערנט, ווי נאָכצופאָלגן דעם וועג פון אברהם אבינו, דעם וועג פון די אבות, די לערעס פון משה רבנו.

מיר האָבן פריער דערמאָנט אַז אברהם אבינו איז טיטולירט געוואָרן "אב המון גויים" און ווי עס ווערט געזאָגט: "אחד היה אברהם" און אין פאַרגלייך מיטן פּסוק "את הכבש אחד..."[37] "אחד המיוחד ובא משׁשת ימי בראשית"[38], ווערט דאָס אויסגעטייטשט אויף אברהם אבינו אַז ער איז געווען באַלד ביים באַגין פון וועלטבאַשאַף צוגעגרייט צו ברענגען די אמונה אין אחדות־אלהות.

די גרויסקייט פון אברהם אבינו איז באַשטאַנען אין מקרב זיין מענטשן און זיי ברענגען אונטער די כּנפי־השכינה. דעריבער ווערט ער גערופן "תּחילה לגרים"[39] און "אב לכל העולם"[40].

אין מדרש[41] ווערט געזאָגט, אַז אברהם אבינו האָט זיך מצער געווען אויף די יאָרן, וואָס ער האָט, ווי אַנדערע, געדינט עבודה־זרה. האָט אים הקב"ה געזאָגט: "מרחם משחר טל ילדותך", ווי דער טל־טוי וואָס פליט (גייט) אַוועק, אַזוי וועלן דיינע זינד, אַלץ וועט אָפּגעווישט ווערן, "והימים הראשונים יפלו"... דו, אברהם,

הייבסט אָן אַ נייע קאַריערע, אַ פולשטענדיקע באַנייונג, דו ווערסט אַ נייער מענטש — און ווי מיר ווייסן ווערט געזאָגט "ואתה סימן לבניך" — דו וועסט זיין אַ סימבאָל, אַ מוסטער פאַר דיינע קינדער; אברהם איז אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר אַלע גרים און דעריבער איז אין זיין זכות אַ וועלט באַשאַפן געוואָרן — אברהם האָט די אותיות "בהבראם" [42].

ערלעכע, איבערגעצייגטע גרים, גרי־צדק, זענען, ווי דער רמב"ם פסקנט: קינדער פון אברהם אבינו און האָבן רעכט ביים מאַכן אַ ברכה צו זאָגן: "אלקינו ואלקי אבותינו". ער האָט געענטפערט דעם גר עובדיה:

"...שאלת על עסקי הברכות והתפלות... יש לך לומר הכל כתיקונן... כמו שיתפלל ויברך כל אורח מישראל... כל מי שנתגייר עד סוף כל הדורות, מתלמידי אברהם אבינו...".

זינט אברהם אבינו האָבן די פון אים אָפּשטאַמיקע געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו גרים; מ'האָט זיי מקרב געווען אויף אַלע אופנים און ווייל ס'איז תּמיד געווען שווער פאַר גרים זיך אַריינצופּאַסן אין ייִדישן לעבן, זיך אַקלימאַטיזירן אין דער נייער סביבה, אין פאַרשטיין טיפער די ייִדישע אמונה, דעם ייִדישן שטייגער, האָט די תּורה געוואָרנט צענדליקער מאָל ווי אַזוי זיך צו באַנעמען מיט גרים. נישט בלויז ווערט דער ייִד געוואָרנט נישט אָפּצושטויסן דעם גר, נאָר זי הייסט פּאָזיטיוו אים מקרב צו זיין מיט כל מיני התקרבות: זעקס־און־דרייסיק (36) מאָל זאָגט אָן די תּורה, ווי צו באַהאַנדלען דעם גר.

דער פסוק "זאת חוקת הפסח... תורה אחת יהיה לאזרח ולגר הגר בתוככם" — דאָס איז דער דין פון דעם קרבן־פּסח... איין געזעץ זאָל זיין פאַר דעם איינגעבוירענעם, און פאַר דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף צווישן אייך" [43]. קאָמענטירט דער מדרש [44] אין פאַרבינדן דעם פסוק מיט אַ פסוק אין ישעיה [45]: "ואל יאמר בן הנכר הנלוה אל ד' הבדל יבדילני ה' מעל עמו" — און נישט זאָגן זאָל דער פרעמד־געבוירענער, וואָס באַהעפט זיך צו גאָט, אָפּזונדערן וועט מיך אָפּזונדערן גאָט פון זיין פאָלק... "שאין הקב"ה פוסל (לשום) לבריה, אלא לכל הוא מקבל, השערים נפתחים בכל שעה, וכל מי שהוא מבקש ליכנס — יכנס..." — ווער נאָר ס'וויל זיך באַהעפטן צום ייִדישן פאָלק: ווער נאָר ס'וויל מחמת איבערצייגונג איבערגיין צו דער ייִדישער אמונה, זענען די טויערן אָפן פאַר אים.

נאָך מער: "איש, איש..." איז לרבות את הגרים; דער וואָס קומט זיך מגייר זיין "לשמו של הקב"ה", פון איבערצייגונג, איז ער גלייך אויף דער וואָגשאָל ווי יעדער ייִד; ער איז חשוב ווי דער לוי... ווי די ששים רבוא ייִדן וואָס זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און מקבל געווען די תּורה. יענע האָבן דערהערט די קולות וברקים, האָבן זיי גענומען אויף זיך דעם עול מלכות־שמים, אָבער ער, דער גר, ער האָט גענומען אויף זיך מלכות־שמים, אָן די קולות; צו אים איז עס געקומען

פון אינערלעכן רוף... מ׳קען זאָגן, אַז דער דאָזיקער גר איז אַ קינד פון אברהם אבינו, וועלכער האָט מקבל געווען תּורה און אמונה — ״הכיר את בוראו״ פאַר מתּן־תּורה.

ביי דעם דין פון סוטה, פאַמיליע־ריינקייט־ערלעכקייט, ווערט געזאָגט: ״דבר אל בני ישראל ואמרת אליהם״ [46] דאָס הייסט, אַז דער ואמרת איז געמיינט ״לרבות את הגרים״, צו מערן, אַז אויך דעם גר דאַרף מען פאַרהיטן פון פאַמיליע־פאַרראַט, פון פאַמיליע־אומטרייהייט [47]. צום ייִד, איז דבר, דאַרפן די רייד זיין שאַרפערע, שטרענגע ווערטער אָבער צום גר — אמירה, צו רעדן מיט ווייכקייט, מיט גוטע אָנגענעמע ווערטער [48].

דעם פּסוק: ״דבר אל כל עדת בני ישראל ואמרת אליהם קדושים תהיו״ [49], טייטשט דער אבן עזרא אַז דאָס שליסט איין גרים: ״להכניס את הגרים, בעבור שהם נזהרים על העריות כישראלים״, ד״ה אַז זיי ווערן אַריינגענומען אין כּלל פון קדושים, ווייל זיי זענען געהייליקט געוואָרן אונטער די פליגלען פון דער שכינה — ״תחת כנפי השכינה״, און ווי רש״י לערנט, אַז קדושה מיינט ״פּרושים מן העריות״, זיין געהיט פון אויסגעלאַסנקייט — און די דאָזיקע אָפּגעהיטקייט איז חל אויך אויף גרים; אויך זיי זענען אין קדושה־רעם.

אַז חז״ל האָבן געוואָלט דערהויבן דעם גר־צדק צו קדושת־ישראל, קען מען זען דערפון וואָס עס ווערט געזאָגט: ״אין השכינה שורה אלא על המשפחות המיוחסות בישראל״ [50] — אַ פעסטגעשטעלטע אַקסיאָמאַטישע באַהויפּטונג. ס׳ווערט אָבער באַלד דערקלערט וועגן אַן אויסנאַם, אַז דער גר־צדק וועלכער איז איבער־געצייגט אין דער ייִדישער אמונה, באַזיצט דעם ייִדישן גייסט, פאַרמאָגט אין זיך דעם סענסיטיוון הרגש, דאָס געפיל פאַר יושר און צדק, ווי געלערנט אין תּורת־משה — אַזעלכער קען זיך דערהויבן צו רוח־הנבואה. פונקט ווי עס זענען געווען צייטן ווען די נבואה האָט געקענט קומען אין חוץ־לאָרץ, אַזוי קאָן די נבואה קומען צום גר־צדק. אַ פאַקט איז, אַז עובדיה הנביא איז געווען אַן אַדומישער גר־צדק [51].

דער יחוס פונעם גר־צדק איז דער יחוס פון אברהם אבינו, ווייל פונקט ווי ביי אברהם אבינו איז פאָרגעקומען אַ התחדשות נאָך זיין הכּרת־השם, נאָך זיין געטלעכער דערקענטניש, אַזוי איז מיט יעדן גר — ער איז לויט דער הלכה: ״כּקטן שנולד״, ווי ערשט געבוירן [52] — און אַ קינד פון אברהם אבינו, דער פאָטער פון ייִדישן פאָלק.

מיר לערנען וועגן דער מצווה פון ברענגען בכּורים:

״ובאת אל הכהן וגו׳ ואמרת אליו הגדתי היום לד׳ אלקיך, כי באתי אל הארץ אשר נשבע ד׳ לאבותינו לתת לנו״ [53] — און זאָלסט קומען צו דעם כּהן, וואָס וועט זיין אין יענע טעג, און זאָגן צו אים: איך זאָג היינט פאַר השם, דיין גאָט, אַז איך בין געקומען אין דעם לאַנד וואָס גאָט האָט געשווירן אונדזערע עלטערן

אונדז צו געבן. די משנה [54]: "הגר מביא ואינו קורא, לפי שאינו יכול לומר, אשר נשבע ד' לאבותינו" — דער גר ברענגט און לייענט נישט, ווייל ער קאָן נישט זאָגן: וואָס גאָט האָט געשווירן צו אונדזערע עלטערן.

דער רמב"ם און אַ צאָל פון די ראשוני־הפוסקים, פסקענען נישט ווי די דאָזיקע משנה. דער רמב"ם פסקנט, אַז דער גר "מביא וקורא", אַז דער גר קאָן זאָגן די פרשה, איינשליסנדיק די ווערטער: "אשר נשבע ד' לאבותינו" — דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט געשווירן צו געבן צו אונדזערע עלטערן, ווייל אברהם אבינו איז דער אב המון גויים, דער פאָטער פון אַלע פעלקער, ווער נאָר ס'נעמט אָן די יידישע אמונה, ווי דער פסוק זאָגט: "כי אב המון גויים נתתיך" [55] — איך האָב דיך באַשטימט פאַר דעם פאָטער פון אַלע פעלקער.

דער מקור פאַר אָט דער מילדערער הלכה, איז פון ירושלמי [56]: "תנא בשם ר' יהודה, גר מביא וקורא, מה טעם? — כי אב המון גויים נתתיך". דער אויספיר: "ר' יהודה בן לוי אומר: הלכה כר' יהודה". כדי דאָס זאָל נישט בלייבן אַ טעאָרע־טישער ענין, ברענגט דער תלמוד ירושלמי [57] אַ קאָנקרעטן־פאַקטועלן פסק, אַז ר' יהודה בן לוי האָט געפסקנט הלכה למעשה כר' יהודה [58].

ביי די ראשוני המפרשים והפוסקים, די בעלי התוספות, גייט אָן אַ הלכישער וויכוח צווישן דעם ר"י און ר"ת, ביידע רש"יס אייניקלעך [59]. דער ר"י פסקנט ווי אין ירושלמי, ווי עס האָט געפסקנט דער ספרדישער פוסק, דער רמב"ם, אַז דער גר מביא וקורא; רבנו יעקב תם פסקנט ווי עס ווערט געזאָגט אין דער משנה, דער גר זאָל ברענגען ביכורים, אָבער נישט זאָגן "דאָס לאַנד פון אונדזערע עלטערן". ער האַלט, אַז דאָס וואָס עס ווערט געזאָגט, אַז אברהם אבינו איז דער פאָטער פון אַלע גרים, איז אַן אגדה און "אין למדין הלכה מאגדה" — מ'לערנט נישט ארויס הלכה פון אַן אגדה, פון אַ דרש.

די חילוקי־דעות זענען אָנגעגאַנגען נישט בלויז ביים ענין פון ביכורים; ביי אַלץ וווּ עס דאַרף געזאָגט ווערן אבות, קען דער גר דאָס נישט זאָגן, לויט דער שיטה פון רבנו תם. ער האָט נישט דערלויבט אַ גר צו זאָגן ביים בענטשן נאָכן עסן (ברכת המזון) אלקינו ואלקי אבותינו... ועל הארץ שהנחלת לאבותינו" און ווען ער דאַווענט ביחידות, זאָל ער זאָגן "אלקי אבות ישראל" [60].

די פראַגע ווערט געשטעלט: צי קאָנען גרים באַזיצן אַ נחלה אין ארץ־ישראל?

לויט דער שיטה פון ירושלמי, איז קיין ספק נישט, אַז דער גר־צדק קאָן האָבן אַ נחלה אין ארץ־ישראל, נישט געקוקט אויף דער פראָבלעמאַטישקייט, ווייל דאָס לאַנד איז דאָך איינגעטיילט געוואָרן צווישן די יוצאי־מצרים און עולי־המדבר, בעת כיבוש וחילוק, ווען יהושע האָט איינגענומען דאָס לאַנד און עס צעטיילט צו יענעם דור.

די אגדה [61] פאַרזיכערט אויף לעתיד־לבא, אַז אין דער הערלעכער צוקונפט,

װעלן גרים האָבן אַ חלק ונחלה אין ארץ־ישראל. אױבערפלעכלעך װאָלט דער מאמר געקענט באַטראַכט װערן װי אַ סתירה צום מאמר, אַז אין משיחס צײַטן װעט מען בכלל נישט מקבל זײַן קײן גרים: ״אין מקבלין גרים לימות המשיח״ [62] צוליבן טעם, װײַל ס׳קען זײַן אַז זײ זענען נישט איבערגעצײַגט אין זײער איבערגײן צום ייִדנטום. װען מען איז זיכער אין זײער ערנסטקײט, װײַזט אױס לױט מפרשי־התלמוד, נעמט מען יאָ אַרײַן גרים, װי מען האָט עס געטאָן אין דער צײַט פֿון די מלכים דוד און שלמה [63].

װעגן מלכות, צי אַ גר קאָן באַשטימט אָדער געװײלט װערן אַלס מלך — קעניג — האָבן מיר אַ פּסוק: ״מקרב אחיך תשים עליך מלך״ [64] — פֿון צװישן דײַנע ברידער זאָלסטו מאַכן איבער דיר אַ מלך.

דער רמב״ם [65] פּסקנט: ״אין מעמידין מלך מקהל גרים, אפילו אחר כמה דורות, עד שתהא אמו מישראל, שנאמר לא תוכל לתת עליך איש נכרי אשר לא אחיך הוא. ולא למלכות בלבד אלא לכל שררות בישראל, שנאמר מקרב אחיך תשים עליך מלך, כל משימות שאתה משים לא יהו אלא מקרב אחיך״.

דער כסף משנה (ר׳ יוסף קאַרו, דער מחבר פֿון שלחן ערוך, רמ״ח—1488; של״ה—1575) ברענגט אין זײַן קאָמענטירן אױף דער קאַטעגאָרישער הלכה: ״ביבמות פרק החולץ (דף מ״ה, ע״ב), רבא אכשריה לרב מרי בר רחל [66] ומנייה בפורסי דבבל, כלומר, גבאים ממונים על ישראל... כיון דאמו מישראל (זי איז געװען דעם אמורא שמואלס טאָכטער) מקרב אחיך קרינן ביה ובפ׳ ר׳ יוחסין [67] אמר רב יוסף תנינא, שום תשים עליך מלך מקרב אחיך — כל משימות שאתה משים, לא יהיו אלא מקרב אחיך...״ [68]. ער פּירט אױס, אַז עס מוז נישט זײַן דװקא די מוטער אַ ייִדישע; אױב דער פֿאָטער איז אַ ייִד, קאָן זײַן זון פֿון אַ גרטע באַשטימט װערן צו מלכות: ״ומשמע לי דלרבותא נקט אמו ומכ״ש אם הי׳ אביו מישראל, אעפ״י שאין אמו מישראל כשר, וכן כתבו התוספות בפרק מצות חליצה, ובהכי ניחא לי, היאך מלך רחבעם דלא הוה אמו מישראל, דהא בן נעמה העמונית הוה״ [69]. לױטן כסף־משנה, איז גענוג אַז אײן צד, דער פֿאָטערלעכער, אָדער דער מוטערלעכער, זאָל שטאַמען פֿון ייִדן, דאַן קען דער גר באַשטימט װערן צו אַלע אַמטן, אַרײַנגערעכנט מלכות.

אַ חידוש, װאָס ר׳ יוסף קאַרו דריקט נישט אױס די מײנונג, אַז אױך בײַם ברענגען ביכורים, איז אפילו לױט דער משנה, אױב דער פֿאָטער, אָדער די מוטער זענען ייִדן, איז דער דין מ ב י א ו ק ו ר א, קאָן ער זאָגן ״ל א ב ו ת י נ ו״ — צו אונדזערע עלטערן [70], ער האָט דעם דין װי יעדער ייִד, װײַל אַ טײל פֿון זײַנע עלטערן זענען געװען ייִדן.

ס׳װערט אױך געזאָגט [71]: ״אין מעמידין מלך אלא מן המשיאין לכהונה״. דער מאָטיװ איז דער זעלביקער: ״מקרב אחיך תשים עליך מלך — ממובחר שבאחיך״

און נאָך מער: "ולכן נתחייבו שונאיהן של ישראל כליה" — דעריבער איז געקומען דער שווערער עונש אויף די סנהדרין, ווייל זיי האָבן געחנפעט דעם קעניג אַגריפּס און אים געזאָגט: "אחינו אתה" [72]. דער ירושלמי גיט צו, אַז ס'זענען געפאַלן אַ סך ייִדן יענעם טאָג: "הרבה חללים נפלו באותו יום שהחניפו לו".

זיין מוטער איז געווען אַ ייִדישע. שטעלט זיך די פראַגע, איז ער דאָך געווען ראוי צו מלכות לויטן דין פון דער תורה, "כיון דאמו היתה מישראל...".

רש"י, אין זיין קורצן סטיל, אָבער זייער קלאָר, קאָמענטירט: "דאע"ג דאמו מישראל, אין ראוי למלכות, דעבד היה ו ז י ל א מילתא". אויך תוספות ברענגט רש"יס הסבר, ווי אַ גענוגנדיקן ענטפער, אָבער פאַר דעם ר"י פון די בעלי התוספות, ברענגט תוספות, אַ חידושדיקן תירוץ, אַן אונטערשייד פון מלכות צו אַנדערע אַמטן: איז גענוג איין צד זאָל זיין מישראל; אָבער ביי אַ מלך, אַ קעניג ביי ייִדן, מוזן ביידע עלטערן זיין ייִדן: "...אבל מלך, חזר ושנה עליו מקרב אחיך תשים עליך מלך דקפיד קרא גבי מלך, עד שיהא ממש מקרב ממוצע מאביו ואמו מישראל, וזו היתה החנופה שמלך בזרוע שלא כדין תורה והודו לו והחזיקו בכך, נהי שלא יוכלו למחות, היה להן לשתוק...". ס'ווערן אָנגעגעבן נאָך אַ ריי דער־קלערונגען אויפן דאָזיקן קעגנשטאַנד, אָבער דאָס פירט שוין אַריין אין פּלפּול, וואָס איז נישט אין אונדזערע ראַמען [73].

דער קעניג הורדוס, ווי ער ווערט פאַרגעשטעלט, האָט אויפגעטאָן וווּנדערלעכע זאַכן אין יהודה: ער האָט פאַרשענערט דעם בית־המקדש אויף אַן אופן, אַז מ'האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דער וואָס האָט נישט געזען דעם בנין הורדוס, האָט קיין שיינעם בנין נישט געזען, "מי שלא ראה בנין הורדוס, לא ראה בנין נאה מימיו" [74]. ער האָט געשטאַרקט דאָס לאַנד מיליטעריש און עקאָנאָמיש, געבויט פּרעכטיקע פּאַלאַצן, פאַרשענערט ירושלים, געבויט פעסטונגען. און דאָך האָבן די חכמים אים פיינט געהאַט, אים געזען ווי דעם "עבדא דמלך", דעם קנעכט וואָס איז געוואָרן קעניג. ער איז געווען אַ קנעכט ביי די חשמונאים, און ווי אַ פּיפּיקער און פעיִקער פּאָליטיקער פאַרהאַנדלט מיט די רוימער און די לעצטע האָבן אים באַשטימט פאַר דעם קעניג.

די חכמים האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, "כל דאמר מבית חשמונאי קאתינא — עבדא הוא" [75]. מ'האָט אים נישט געזען גערן אויפן טראָן, שוין אָפּגע־רעדט פון צוטיילן אים מלכותדיקן כּבוד. זיי האָבן געזען אין הורדוסן (142—74 פאַרן חורבן, געשטאָרבן אין עלטער פון 69 יאָר, 4 יאָר פק"ע) אַן "עבד אדומי". ער האָט פאַרשענערט ירושלים, אויסגעברייטערט די גרענעצן פון לאַנד, אָבער גענומען די מאַכט מיט געוואַלד, דערשטיקט, דערהרגעט אַלע די וועלכע ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז זיי קענען אַרויף אויפן טראָן: ער האָט זיך באַנוצט מיט דער ערגסטער אכזריות קעגן די לעבן־געבליבענע חשמונאים, ליב געהאַט מרים די

חשמונאית מיט דער שטאַרקסטער ליבע, אָבער ווען ער האָט געהאַט אַ חשד, אַז זי איז נישט מסכים מיט זיינע מעשׂים, האָט ער זי אומגעבראַכט. צווישן די צען ווייבער זיינע האָט ער געהאַט אַ גרעסערע צאָל נישט־ייִדישע. ער האָט אַריינגעבראַכט פרעמדע קולטורן, געבויט גרויסע טעאַטער־הייזער לויטן רוימיש־גריכישן סטיל. ער איז געווען אַ פרעמדע פלאַנץ אין יהודהס גאָרטן; ער האָט געזוכט צו געפעלן די רוימער. נישט קיין וווּנדער דעריבער וואָס זיין טויט האָט אַרויסגערופן שׂמחה אַנשטאָט טרויער, נישט געקוקט אויף די גרויסע דערגרייכונגען פאַרן ישוב [76].

ביים באַשטימען אַ קעניג האָט מען געמוזט אויסקלייבן אַ מענטשן, וואָס זאָל זיין געטריי, איבערגעגעבן און וואָס פאַרשטייט ייִדישע פּראָבלעמען, ייִדישע נויטן, ייִדישע סענסיטיווקייט, מחמת נאָר צו אַזאַ מענטשן קען מען האָבן צוטרוי.

וואָס שייך תּורה־פּירערשאַפט, איז געווען צו איר אַ גאָר אַנדערע באַציִונג. מיר וויסן פון אַ צאָל גרים וועלכע האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן, דאָס ערשטע אָרט צווישן די גדולי־ישׂראל, ווי די גרים שמעיה און אבטליון, וועגן וועלכע מיר האָבן אַ באַהויפּטונג, אַז די גרויסקייט פון הלל הנשׂיא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט באַדינט — געלערנט — ביי די צוויי גדולי־הדור; די בני בתירא ווערן קריטיקירט, ווייל זיי האָבן זיך געפּוילט צו קומען קיין ירושלים לערנען תּורה ביי די צוויי ברידער גרים [77].

וועגן הללן: "...ששמש שני גדולי הדור, שמעיה ואבטליון ויודע אם פסח דוחה את השבת..." אָבער די בני בתירא: "עצלות שהיתה בכם שלא שמשתם שני גדולי הדור, שמעיה ואבטליון...".

מיר האָבן אויף אַן אַנדער אָרט [78], און אין פריערדיקן פּרק, זיך אָפּגעשטעלט אויספירלעכער אויף אברהם אבינוס אוניווערסאַלקייט; ער איז געווען דער "אחד ומיוחד" אין זיין באַנעמונג מיט מענטשן. "אחד היה אברהם" [79] דריקט זיך אויס דער נביא, און די אגדה גיט צו: "אחד המיוחד ובא משׁשת ימי בראשית" [80] — באַלד ביים מענטשבאַשאַף האָט דער באַשעפער געזען, אַז עס מוז געבוירן ווערן אַ מענטש ווי אברהם אבינו מקרב צו זיין מענטשן; צוליב אַזאַ מענטש האָט זיך געלוינט די בריאה.

אויסרעכענען די גרויסקייט פון אברהם אבינו? איבערצוגעבן זיין כאַראַקטער, זיינע מדות? זיי ווערן איבערגעגעבן אין די כּתבי־קודש, אין אגרות חז"ל און נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען פאַרמאָגן מיר נישט די השׂגות צו באַגרייפן די גרויסקייט פון אונדזער שטאַמפאָטער. ער בלייבט אַלץ געהילט אין מיסטעריע. דער "אב המון גויים" [81] — דער "פאָטער צו דער גאַנצער וועלט" [82], דער "תחלה לגרים" [83] — זיינע אַטריבוטן בלייבן אין ה ס ת ר; מיר דאַרפן אָבער אָפּלערנען זיך פון דעם וואָס איז פאַר אונדז נ ג ל ה — אַנטפּלעקט לדורות.

אויפן וואָרט "בהבראם" [84] דרשענען חז"ל ב א ב ר ה ם, אַז אין זכות פון

אברהמען איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן: "אותיות באברהם — בזכות אברהם נבראו שמים וארץ" [85], דעריבער איז ער דער "אב לכל העולם" — אַ דאַנק די מידות פון אברהם אבינו — און דער עיקר די מידה פון חסד — "עולם חסד יבנה" [86] — אויף אייביק געבויט איז די גענאַד און עולם, קאָן אויך מיינען פשוט, די וועלט. אברהם אבינו שטעלט מיט זיך פאַר די דאָזיקע מידה: "חסד לאברהם" [87] — צוליב דער דאָזיקער מידה איז ער געוואָרן דער "ראש לאבות" — דער הויפט פון די אבות [88] און "ראש לצדיקים" [89] אין חסד — און אין באַציִונגען צו מענטשן — איז דאָ צדקות.

"עד אברהם" — ווערט געזאָגט אין מדרש [90] — "היה העולם מתנהג באפילה" — ביז אברהם אבינו איז די וועלט געפירט געוואָרן אין פינצטערניש; קיינער האָט זיך נישט פאַרנומען צו לערנען מיט אַנדערע, אַרויסווייזן רחמנות, מיטלייד צו אַנדערע, זיי ווערן גערופן "עם הדומה לחמור". אברהם איז געקומען און אָנגעהויבן פאַר זיי לייכטן, זיך מוסר־נפש זיין, בעטן רחמים פאַר זיי, אפילו פאַר די זינדיקע און פאַרדאָרבענע, די וועלכע זענען געווען ערגער פונעם אייזל, די פאַרדאָרבענע פון סדום און עמורה. אויך פאַר זיי האָט ער מתפלל געווען, געבעטן רחמים זיי אָפּצוראַטעווען.

"אברהם אבינו" — ווערט אויף אַן אַנדער אָרט געזאָגט — "היה נדיב בממונו, בגופו ובנפשו" — ער איז געווען ברייטהאַרציק מיט זיין געלט, מיט זיין גוף און מיט זיין נשמה.

ווי דאָס ווערט אויסגעטייטשט אין חסידות [91]:

ער פלעגט געבן עסן און טרינקען יעדן דורכגייער... ער האָט באַדינט די וועלכע זענען געקומען אין זיין הויז... ער פלעגט אָפּלייגן זיינע פאַרטיפונגען אין דער חכמה פון געטלעכער פאָרשונג, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין ספר יצירה, אַז אברהם אבינו איז געווען אַ ווונדערלעכער געלערנטער אין דער געטלעכער חכמה... פון דעסטוועגן איז ער געווען ברייטהאַרציק מיט זיין נשמה... פלעגט לערנען מיט פשוטע מענטשן.

אברהם אבינו איז געווען דער וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די זינדיקע מענטשן אין סדום ועמורה — און דאָס, נאָך דעם, ווי ער האָט זיי שוין איין מאָל געהאָלפן מיט זיין חייל, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי הונדערט און אַכצן מענטשן — און געהאַט אַ גרויסן נצחון איבער גרויסע, שטאַרקע מלוכות.

אברהם אבינו איז געווען דער וואָס האָט געקעמפט פאַר דער ריינער אמונה און געטלעכער הכרה. נאָכן דערזען די "בירה דולקת" איז ער געוואָרן איבערגע־צייגט, אַז די "בירה" מוז האָבן אַ מנהיג און עס מוז זיין השגחה.

אברהם אבינו איז געוואָרן דער "איתן האזרחי" [92] און באַווּליקטער ביי זיין דור און ביי דער גאַנצער וועלט. אַזוי איז ער אַריין אין דער יידישער געשיכטע און

אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. נישט אומזיסט האָבן די בני־חת געזאָגט צו אים: "נשיא אלהים אתה בתוכנו" [93].

מיר האָבן אויף אַן אַנדער אָרט [94] אָנגעוויזן, אַז דער ברית — דער בונד — צווישן הקב"ה און אברהם אבינו, בעת הקב"ה זאָגט צו אים: "לזרעך נתתי את הארץ" [95], שליסט איין דעם בונד וועגן וועלכן ס'רעדט ישעיה הנביא [96]: "אני ד׳ קראתיך — ואתנך לברית עם, לאור גוים" — איך, גאָט, האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט — און וועל דיך מאַכן פאַר אַ בונד מיט די פעלקער, פאַר אַ ליכט פון די אומות... דער רבונו־של־עולם האָט באַלד ביים באַגינען פון אונדזער פאָלק איינגעשלאָסן דעם דאָזיקן בונד, אַז ייִדן זאָלן ברענגען ליכט אין אַלע פינצטערנישן, אין די געצנדינערישע מקומות, און האַלטן אָפן די טויערן פאַר יעדן, וואָס וויל מקבל זיין די תורה. די וועלכע קומען פון דער פרעמד מיט אַן ערנסטן ווילן זיך מגייר צו זיין, אַנצונעמען אונדזער אמונה, דאַרף מען זיי אַרויסווייזן גרויס התקרבות, ווי עס האָט געטאָן דער מוסטער־מענטש, אברהם העברי: "אברהם מעבר אחד וכל העולם מעבר השני" — און דאָך, באַווייזט ער אהבת הבריות און נעמט זיי אַריין אונטער די שכינה־פליגלען.

ווען אברהם אבינו איז אַוועק פון דער וועלט, האָבן אַלע פעלקער געזאָגט: "וויי איז צו אַ וועלט וואָס האָט פאַרלוירן איר פירער און וויי צו דער שיף וואָס האָט פאַרלוירן איר קאַפּיטאַן". ער איז געווען דער פאָטער פון גרים, "תחלה לגרים" [97] — ערשטער פון גרים — און געזוכט גערעכטיקייט פאַר אַלעמען. אַ דאַנק די דאָזיקע מידות פון חסד און צדק עקזיסטירן מיר ווי אַ פאָלק מיט אַספּיראַציעס ביזן הייַנטיקן טאָג.

האָבנדיק פאַר זיך אָט דעם יסוד פון אברהם אבינו, האָבן מיר אין דער תקופה פון נאָך יציאת־מצרים, ווען ייִדן האָבן דערהערט דעם געטלעכן זאָג: "היום הזה נהיית לעם" — הייַנטיקן טאָג ביסטו געוואָרן פאַר אַ פאָלק [98], איבערגענומען דעם וועג פון גרות, ווי אַזוי הלכהדיק, אַ פרעמדער קאָן ווערן אַן אייגענער.

ווי אַזוי ווערט מען אַ ייִד?

פאַרשטייט זיך, ווי אין יעדער הלכה, האָבן מיר דאָ אויך תלי־תלי הלכות, אָבער בקיצור ווי די הלכה איז פאַרמירט איז "גיור כהלכה" באַזירט לויטן שולחן ערוך: קבלת מצוות, מילה און טבילה. דער גר וואָס גייט דורך דעם דאָזיקן ריטואַל און פראָצעדור ווערט אַריינגענומען אין קהל־ישראל און געניסט פון אַ ל ע כלל־ישראלדיקע פריווילעגיעס.

דאַכט זיך, אַז גרות ביי ייִדן איז אַזוי פשוט — אפשר דורך אַלע דורות, זינט מתן־תורה — אָבער נישט אין אונדזער דור און נישט זינט דער באַנייונג פון מלכות, זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל. אָנגעהויבן האָט זיך די קאָמפּליצירטקייט מיטן גוטהייסן דעם "חוק השבות" — דאָס געזעץ פון "אומקער" פאַר ייִדן, אין וועלכן

ס'איז צוגעגעבן געוואָרן "שנתגייר", אָבער נישט דאָס וואָרט כהלכה.

דער "חוק־השבות" איז גוטגעהייסן געוואָרן דורך דער כנסת אָן דעם צוגאָב, אַז גיור מוז זיין לויט דער הלכה. אָרטאָדאָקסישע יידן, און גאָר באַזונדערט דער ליובאַוויטשער רבי אדמו"ר הגאון והצדיק רמ"מ שניאורסאָן שליט"א, האָבן אויפ־געהויבן די פראַגע, אַז דאָס וועט פירן אַריינצוברעגגען אין קהל־ישראל נישט־יידן און אַז דאָס וועט פירן צו שמד, צו אַסימילאַציע.

דער ליובאַוויטשער רבי, צוזאַמען מיט דער מועצת־גדולי־התורה ביי דער אגודת־ישראל און דער גאַנצער אָרטאָדאָקסישער וועלט, איז מיט דער פולער שאַרפקייט אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָטעסט און פאַרלאַנגט, אַז דאָס געזעץ מוז אַמענדירט ווערן מיטן צוגאָב, אַז גרות מוז דורכגעפירט לויט דעם יידישן דין.

ס'זענען אויך געווען אַזעלכע, גאָר אויפריכטיקע פערזענלעכקייטן, ווי פּראָ־פעסאָר משה זילבורג ז"ל, פּראָמינענטער יוריסט, למדן, וואָס איז אַ צייט געווען מיטגליד פונעם העכסטן געריכט (בג"צ עליון), וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס וואָרט "שנתגייר" אינעם "חוק השבות", שליסט במילא איין, אַז דאָס גרות מוז זיין לויטן יידישן דין און ס'זענען במילא נישט נויטיק קיין פּראָטעסטן. זיין מאָטיוו: אויב די דיני־אישות זענען איבערגעגעבן צו די רבנים, איז דאָך קלאָר, אַז די רבנים האָבן אַ רעכט גוטצוהייסן אָדער צוריקצווייזן וועלכע נישט איז גרות; זיי קענען זיך אָפּזאָגן צו געבן חופה־קדושין. די רבנים דאַרפן אויסנוצן זייער רעכט און במילא פאַרמיידן מכשולים — און נישט בלויז אין עניני־אישות, האָבן די רבנים פונעם רבנות הראשית די פולמאַכט — זיי האָבן דאָס אויף אַלע געביטן פון רעליגיעזע אַנגעלעגנהייטן: כשרות, שבת, יידישע טראַדיציעס, מנהגים און אין אַלץ וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די יידישע אידענטיטעט.

ר' משה זילבורג האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס געזעץ וואָס זאָגט שנתגייר, האָט אָן ספק געמיינט לויט דער גיור־טראַדיציע וואָס איז איינגעפירט געוואָרן ביים מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום [99]. ער גיט אָן עטלעכע טעמים, פאַר וואָס ער איז איבערגעצייגט, אַז דאָס געזעץ "שנתגייר", איז געמיינט געוואָרן לויט דער תורה, און תורה — האַלט ער — מיינט דעם איינשטעל פון די תקנות חז"ל, ווי הלל הנשיא האָט געענטפערט דעם נכרי וואָס האָט אים געשטעלט די פראַגע: "כמה תורות יש לכם" — האָט ער אים געענטפערט: "שתיים, תורה שבכתב ותורה שבעל פה" [100] און תורה שבעל פה — איז באַקאַנט — שליסט איין "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש" [101].

"דאָס וואָרט נתגייר אַליין — שרייבט ער — מיינט דורכויס על־פי ההלכה היהודית... מיר שיינט, אַז ביים אָננעמען דעם חוק השבות, האָט די רעגירונג אַדאָפּטירט — אַלס אָנווייזונג פאַר דער צוקונפט — נישט די וועלט־לעכע השקפה... נאָר דווקא, די רעליגיעזע השקפה...".

מיר וועלן דורכלאָזן טיילן פון זיין טעזע. זיין אויספיר איז: "דאָס וואָרט גיור, מיינט נאָר גיור לויט דער הלכה".

די סעקולערע קרייזן, נישט דווקא די אַטעיִסטישע, עקסטרעם־ראַדיקאַלע, נאָר אפילו די מעסיקע און ליבעראַל־מילדערע קרייזן אין דער מדינה און אויסער דער מדינה, אין די תפוצות, האָבן חולק געווען, אי אויף פּראָפ׳ זילבורגס באַהויפּטונג, אַז גיור האָט געמיינט לכתחילה לויט דער ייִדישער הלכה, און אויך חולק געווען, אַז מ׳דאַרף אַריינברענגען אינעם חוק־השבות, דעם ענין פון גיור כהלכה.

ס׳איז אוממעגלעך צו ברענגען אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן אויף אָט דער טעמע, אַרויסברענגען די רייבונגען און קאָנפליקטן, מיינונגס־אונטערשיידן, טעאָ־רעטישע און פּראַקטיש־קאָנקרעטע.

בקיצור: אין געוויסע קרייזן וואָלט מען געוואָלט ענדערן דאָס געזעץ פון "פּערזענלעכן סטאַטוס", די ענינים פון חתונה און גט, אויף אַן אופן צו געבן פולע אינדיווידועלע פרייהייט, אַוועקצונעמען די אויטאָריטעט פון רבנים און במילא וועט דאָס געזעץ פון "אומקער" באַרעכטיקן יעדן, וואָס וויל, וווינען אין דער מדינה און איז אַ לאָיאַלער פּאַטריאָט. נאָך מער: די חתונה פון אַ געמישט פּאָרל זאָל קענען דורכגעפירט ווערן דורך אַ ציווילן געריכט און נישט דאַרפן זיין אָפּהענגיק אין דעם חתונה־ריטואַל פון רבנים.

מיר האָבן אין אַ פריערדיקער אַרבעט באַהאַנדלט אָט די פראַגן און פּראָבלעמען אין מדינת־ישראל, און אויפגעקלערט פּאַר וואָס די אָרטאָדאָקסיע קעמפט אַזוי אינטענסיוו פּאַרן אַמענדירן און דעפינירן דעם גיור, וואָס דאַרף זיין כהלכה און אַז דאָס איז געווען איינע פון אירע באַדינגונגען אַריינצוטרעטן אין דער קאָאַליציע פון דער בעגין־רעגירונג. די אָרטאָדאָקסיע האָט געוואָלט מאַכן זיכער, אַז די בעגין־רעגירונג וועט אָננעמען אַ געזעץ, וואָס וועט געבן אַ קלאָרע אינטעפּרעטאַציע אין פאָרמולירן דאָס "שבות"־געזעץ וואָס שליסט איין גרים, אַז די גרות ווערט אָנערקענט בלויז ווען זי איז דורכגעפירט געוואָרן דורך געהעריקע רבנים־מומחים, באַרופענע אויפן געביט פון גרות, פון "טיב גטין וקדושין".

די פראַגע פון "מיהו יהודי" — ווער איז אַ ייִד, וואָס איז אַרויפגעשוווּמען צוליב און מיטן "חוק־השבות" איז נאָך אַלץ נישט געלייזט געוואָרן. דער תיקון מיטן צוגאָב כהלכה איז נאָך נישט דורכגעפירט געוואָרן.

דער קאַמף פון דער אָרטאָדאָקסיע האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָכן פּסק פון דעמאָלטיקן אינערן־מיניסטער ישראל בר יהודה ע״ה, אַז יעדער נישט־ייִד אין ישראל, וועלכער דערקלערט זיך ייִד אַלס ייִד מיטן זאָגן אַליין, זאָל ער אָנערקענט ווערן דורך דער ישראל־רעגירונג ווי אַ ייִד.

דער דאָזיקער פּסק, וואָס האָט געזאָלט אָנגענומען ווערן אַלס געזעץ, האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן און דערפירט, אַז די מפד״ל־מיניסטאָרן

משה חיים שאפּיראָ ז״ל און יבדל לחיים טובים ארוכים ד״ר יוסף בורג זאָלן רעזיגנירן פון דער בן־גוריון־קאָאַליציע.

אין 1970, ווי מיר האָבן דערמאָנט, איז אין דער כנסת דורכגעפירט געוואָרן אַ געזעץ (ב׳ אדר ב׳, תש״ל — מערץ 10, 1970) וואָס זאָגט:

1. אַ ייִד איז דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ ייִד — אין געמישטקייט: אויב ער איז געבוירן פון אַ ייִדישער מוטער.

2. אַ נישט־ייִד, וועלכער איז זיך מגייר, ווערט אָנערקענט ווי אַ ייִד.

די מזרחי און אַלע רעליגיעזע דעפּוטאַטן האָבן דאַן פאַרלאַנגט, מ׳זאָל צוגעבן דאָס וואָרט ״כהלכה״, אַז די גרות מוז זיין לויט דעם טראַדיציאָנעלן דין, אָבער דער דעמאָלטיקער יוסטיץ־מיניסטער יעקב שמשון שפּירא, האָט צוליב פאַרשיידענע סיבות, נישט געוואָלט נאָכגעבן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג. די הויפּט־סיבה פון דער קעגנערשאַפט זענען געוועזן די רעפאָרם־און קאָנסערוואַטיוו־באַוועגונגען וואָס האָבן געזען אינעם צוגאָב פון דער הלכה־דעפיניציע, אַ שטערונג צו זייערע גרות־פּראָצעדורן און אַז דאָס קאָן פירן, נישט צו אָנערקענען זייערע חופּה־קידושין, זייערע גיטין — אַז די גאַנצע מאַכט פונעם רעליגיעזן לעבן אין מדינת־ישראל זאָל זיין אין די הענט פון אָרטאָדאָקסישע רבנים, אַז נאָר זיי זאָלן קענען פאַררעכנט ווערן צווישן די ״יודעים בטיב גיטין וקדושין״.

אין יאָר 1977, ווען דער ״ליכּוד״ מיט פּרעמיער בעגין בראש האָט צוזאַמענגעשטעלט די קאָאַליציע־רעגירונג, איז די פאָדערונג צו דעפינירן גרות כהלכה געשטעלט געוואָרן אויפן סדר־היום. דער פּרעמיער האָט זיך פאַרפליכטעט צו טאָן דאָס מעגלעכסטע דורכצופירן די אַמענדירונג צום ״חוק־השבות״.

דאָס פּראָבלעם איז אָבער נאָך אַלץ אויפן אָרט פון דער רעגירונגס־אַגענדאַ. עס איז נאָך אַלץ נישט געלייזט געוואָרן — ס׳איז נאָך אַלץ אַ טעמע פאַר די חברי־הכנסת, פאַר פּובליציסטן, פאַר זשורנאַליסטן — און וועגן דעם אין אַ ווייטערן קאַפּיטל, ווי אַ המשך צו הלכות גרים, וואָס מיר האָבן פאַרעפנטלעכט אין אַ פריערדיק ווערק [102]. דאָ פאַרנעמען מיר זיך בעיקר, מיט דער באַציִונג צום נישט־ייִד, מיט זיינע פליכטן מקיים צו זיין די ״שבע מצוות״ און אַז ער היט זיי, לויטן פולשטענדיקן דין ״בני נח״, ווערט ער לויטן רמב״ם פאַררעכנט, ווי אַ גר־תושב און ער איז פאַרזיכערט מיט עולם־הבא [103].

## ד. ליובאַוויטשער רבי פאָדערט מ׳זאָל לערנען מיט נישט־ייִדן די ״זיבן מצוות״. — חסידי אומות העולם וועלן געניסן עולם־הבא. — וואָס מיינט עולם־הבא? — מאָראַליש־עטישע אויפפירונג.

אין זיינע לעצטע תורה־שמועסן, אויך אין זיינע מאמרים, האָט דער ליובאַוויטשער רבי אדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שליט״א, שטאַרק באַטאָנט און אַרויסגעהויבן

דעם געדאַנק, אַז יִדן דאַרפן לערנען די נישט־יִדן די דינים וואָס זיי דאַרפן מקיים זיין, "זיבן מצוות". דאָס איז אַ דבר בעתו ובזמנו!

זאָגן דאָך חז"ל: "נתן הקב"ה בינה בלב כל אומה ואומה והשיאו את התורה שהיתה כתובה בשבעים לשון"[1].

אין ירושלמי[2] ווערט אויך געזאָגט אויפן פסוק "דודי ירד לגנו" — מיין געליבטער האָט געגנידערט צו זיין גאָרטן, צו די בייטן פון בשמים... און אויפקלייבן ליליען[3] — זה הקב"ה, שירד לעולמו לראות ולרעות את אומות העולם וללקוט שושניהם — את הצדיקים שלהם".

דערמיט זעט מען דאָך, אַז חז"ל האָבן שטאַרק געלויבט די צדיקים ביי די אומות העולם און זענען געווען איבערגעצייגט, אַז ס'זענען דאָ ביי די פעלקער צדיקים; ווייל אַז נישט, צוליב וואָס וואָלט דער רבונו של עולם אַראָפגענידערט כדי זיי צוזאַמענצונעמען?

הרב ר' חנוך שאַפראַן, אין זיין פריער דערמאָנטן ספר, ברענגט פון ילקוט תהלים[4] אויפן פסוק "כהניך ילבשו צדק" — דיינע כהנים קליידן זיך אין גערעכטיי־קייט[5] — "אלו צדיקי אומות העולם, שהם כהנים להקב"ה". ער ציטירט פון דער גמרא, צו באַפעסטיקן די דאָזיקע באַהויפּטונג: "ר' יהושע בן לוי רמי, כתיב[6] 'וכמשפטי הגויים אשר סביבותיכם לא עשיתם'" — ווי די געזעצן פון די פעלקער אַרום אייך האָט איר נישט געטאָן... וכתיב[7] "וכמשפטי הגויים אשר סביבותיכם עשיתם — נייערט אַזוי ווי די געזעצן פון די פעלקער אַרום אייך האָט איר געטאָן.

ווי קען דאָס זיין? אַ סתירה אויפן אָרט? און ר' יהושע ענטפערט: "כמתוקנים שבהם לא עשיתם, כמקולקלים שבהם עשיתם"[8], זעט מען דאָך, אַז ס'זענען דאָ ביי די פעלקער — מתוקנים, פון וועלכע מ'קען זיך אָפלערנען און לויט וועלכע מ'דאַרף זיך נוהג זיין: "שראוי להתנהג כמוהם". עד ברענגט אויך אַ מדרש[9]: "עתיד הקב"ה להנחיל לחסידי אומות העולם חיי עולם הבא...".

אין זוהר[10] ווערט געזאָגט, מיט נאָך מער לויב פאַר די פון די אומות העולם, וועלכע פירן זיך אויף מאָראַליש־עטיש: "...ואיהו אתר דמתקן בכל פתחא לאינון חסידי דשאר עמין, אינון דלא אבאישי לון ישראל ואשתדלו עמהן בקשוט"[11].

הרב שאַפראַן ציטירט פון ר' אליעזר פלעקלש, תלמיד פון "נודע ביהודה", מחבר פון באַוווסטן הלכה־ספר "תשובה מאהבה", דאָס פאָלגנדיקע:

"וכן הגאון האדיר ר' אליעזר פלעקלש ז"ל, אמר עם הספר בהקדמתו לספר "מלאכת הקודש": 'כל המדבר דופי על שום אומה, הוא אדם שאין בו דעה, והולך בדרך תועה ואל האמת לא שעה, איפכא מסתברא על פי התורה, להחזיק להאומות טובה ולכבדן, לאהבה אותן ולהיטיב להן להתפלל בעדן, ומעולם לא מצינו ששנא הקב"ה שום אומה ולשון בעולם כי אם אלה אשר הן להפסיד לנזק לחברת בני אדם, אבל שאר האומות לא ובפרט האומות העומדים במציאותו...".

און ווייטער:

"נאמנו מאד דברי גאון ישראל מאור הגולה רבנו משה בן מיימון ז"ל, אשר בדברו מתורת הלוים הנבדלים מדרכי העולם, להיות קודש לד' אלקים יוסיף בחן שפתיו לאמור: ולא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש מכל באי העולם (זיין הדגשה) אשר נדבה רוחו אותו והבינו מדעו להבדל לעמוד לפני ד' לשרתו לעבדו, לדעת את ד' והלך ישר כמו שעשהו האלקים... הרי זה נתקדש קודש קדשים ויהיה חלקו ונחלתו לעולם ולעולמי עולמים" [12].

איך האָב שוין נישט איין מאָל דערמאָנט דעם מאמר אליהו: "מעיד אני עלי שמים וארץ, שבין נכרי ובין ישראל, בין עבד, בין שפחה, הכל לפי מעשיו, רוח הקודש שורה עליו" [13].

דער רמב"ם שרייבט אין איינעם פון זיינע אגרות: "ומה ששאלת על האומות, הוי יודע דרחמנא לבא בעי, ואחר כוונת הלב הן הם הדברים, ועל כן אמרו חכמי האמת רבותינו ע"ה, חסידי אומות העולם יש להם חלק לעוה"ב, אם השיגו מה שראוי להשיג מדעת הבורא ית' והתקינו נפשם במדות הטובות, ואין בדבר ספק שכל מי שהתקין נפשו בכשרות המדות וכשרות החכמה באמונת הבורא ית', בודאי הוא מבני העוה"ב, ועל כן אמרו חכמי האמת רבותינו ע"ה, אפילו נכרי ועוסק בתורת משה רע"ה הרי הוא ככהן גדול" [14].

אין ספר "עיקרים", שרייבט ר' יוסף אלבו (1380—1444) "כי כל איש ואיש מכל עם ולשון אשר ישמור את שבע המצות אשר נתן ד' לבני נח, בן עולם הבא הוא וחסיד יקרא. כי הם אינם מצוים לשמור את תרי"ג מצוות התורה ובעשותם את שבע המצות, אשר הם מצוים עליהן, שכרם הרבה מאד וינחלו חיי עולם הבא".

הרב שאַפּראַן פירט אויס:

"אשריכם ישראל, אתם קרויים אדם", אתם מצוינים במדה טובה זו לאהוב את כל אדם, והכל קרואים אדם ואין אומות העולם קרואים אדם... [15] ועמי קדם היו רחוקים ממדה זו, ואהבת אדם לא מצאה מסלות בלבם הערל, כי היו פראים ומקולקים מאד... ועלינו נאמר, ואוהביו כצאת השמש בגבורתו [16]. הרב שאפּראַן גיט צו: "כצאת השמש, להביא אך טוב ומרפא בכנפיה, וכשמש גם אנחנו יצאנו להגיה אור האהבה, הצדק והיושר... ובכח אור האהבה הנטועה בלבנו, יצאנו כמנצחים לזרוח על כל סביבותנו, ולא ידענו כל נקם... אצלנו חביב כל אדם אשר נברא בצלם אלקים וחותם שדי על פניו והכל קרואים אדם! והאהבת לרעך כמוך, זו כל התורה, והתורה הזאת תצרף ותטהר את הבריות להיות נאהבים ונעימים לכל חי, והיא תוציא ותשרש אחר הארס הכרוך לרגלי הרוח החיוני ותזרע במקומו מדת האהבה, יושר ותום, המחזיקים יסודות היקום..." [17].

אונדזערע שרייבערס, געלערנטע, פאָרשערס און גייסטיקע פירערס האָבן תמיד געזוכט אַרויסצופירן דעם יידישן געדאַנק אויף ברייטערע וועגן, מיט ליבעראַלע

אידעען און מיט גוטע, סימפּאַטישע באַציִונגען צו אַנדערע, צו שטעלן די וועלכע זענען מקיים די זיבן מצוות, אין דער קאַטעגאָריע חסידי־אומות־העולם. די קריסט־לעכע טעאָלאָגן האָבן אָבער נישט אויפגעגעבן זייערע פּאָראורטיילן אויף ייִדן, דערפאַר וואָס ייִדן האָבן צוריקגעוויזן די אמונה אין אַ גאָט־מענטש.

אין אַ "פּאַמפּלעט", ווי זיי רופן די בראָשור "די קירכע און די ייִדן", אַרויס־געגעבן פון דער "אינטערנאַציאָנאַלער קאַטוילישער אַסאָסיאַציע פאַר שלום און גערעכטיקייט" [18], גיבן צו די דאָזיקע טעאָלאָגן (אַ סאָרט "קאָנפעסיע"), אַז די קירכע האָט געזינדיקט קעגן ייִדן און מ׳דאַרף מתקן זיין...

זיי פאַרגעסן אָבער נישט איבערצוחזרן די זינד פון ייִדן: אַז זיי האַלטן זיך ביי זייער אויפפאַסונג פון ד׳ אחד און פון ישראל גוי אחד... די קללה הערשט אויף די ייִדן, ווייל זיי האָבן נישט מקבל געווען דעם מאַן פון נצרת און זיי האָפן, אַז ייִדן וועלן סוף־כל־סוף איינזען און ווערן דערהויבן צו דער דאָזיקער אמונה — די אמונה אין ישו און זיינע אַפּאָסטאָלן...

יאָ, שרייבן זיי, מ׳דאַרף די ייִדן פאַרגעבן... די שרעקלעכע טריבולאַציעס דורך די יאָרהונדערטער, זענען שוין גענוג. זיי דערמאָנען דעם פאַקט, אַז גאָט האָט זיי (די ייִדן) נישט פאַרלאָזט, ציטירנדיק די ווערטער פון ישעיה הנביא [19]: "התשכח אשה עולה מרחם בן בטנה, גם אלה תשכחנה ואנכי לא אשכחך" — און ציון האָט געזאָגט: גאָט האָט מיך פאַרלאָזן... קען אַ פרוי פאַרגעסן איר ברוסטקינד, נישט צו דערבאַרעמען דעם זון פון איר לייב; אפילו די דאָזיקע זאָלן פאַרגעסן, וועל איך אין דיר ניט פאַרגעסן.

דאָס ביכל איז דורך און דורך אַפּאָלאָגעטיק און די פאַרפאַסערס זוכן אַ נייעם טעאָלאָגישן צוגאַנג, אָבער מ׳קען דאָך זאָגן, אַז אפילו די דאָזיקע מתוקנים שבהם וועלכע עס מאַטערן די טראַגישע געשעענישן פון דער ציוויליזירטער קריסטלעכער וועלט בעתן לעצטן חורבן און זיי ווילן אויסאַרבעטן אַ נייעם צוגאַנג, אַ נייעם באַנעם, זענען נאָך אַלץ אונטער דער השפעה פון די "פּאַטערס פון קריסטנטום", אַז ייִדן דאַרפן ליידן צוליבן צוריקוויזן זייער משיח... בכלל, איז עס בלויז טעאָרעטיש אַן ענדערונג צום גוטן, אָבער וואָס איז מיט מעשים? — די קריסטלעכע וועלט דאַרף ווייזן מעשים, ווי דער כלל איז: "מעשיך יקרבוך — מעשיך ירחקוך".

ביי ייִדן איז פאַרוואָרצלט די אמונה און די אויפפאַסונג פונעם נביא: "כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו..." [20]. וואָרום אַלע פעלקער מעגן גיין איטלעכס אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון השם, אונדזער גאָט אויף אייביק...

דער מענטש דאַרף אָבער מתקן זיין כדי צו דערגרייכן שלימות: ער דאַרף

האָבן תיקון־הגוף און תיקון־הנשמה און דאָ וועלן מיר זיך באַנוצן מיטן געדאַנקען־גאַנג פונעם גרויסן בעל־מחשבה אין חסידות, רבינו צדוק הכהן מלובלין:

"והאדם נברא בדוגמה העליונה כמ"ש 'בצלמנו כדמותינו' ומה שפעל השי"ת בימי בראשית, הן דוגמא לפעולת האדם כל ימי עולם, כי כל מה שברא הקב"ה צריך תיקון כמשארז"ל בענין המילה שהראה השי"ת שאפילו בריאת גוף האדם לא נשלם עדיין בבריאה וצריך תיקון ע"י האדם... כי ע"ז היה תכלית בריאת העולם והאדם בתוכו, בצלם אלקים להיות הוא המשלים ומתקן כל הבריאה..." [21].

דער מענטש, לויטן בעש"טס אויפפאַסונג, איז די אַנטפּלעקונג פון גאָט, ווי עס ווערט געזאָגט: "דע מה למעלה ממך" [22] — דאָס וואָס איז העכער פון דיר קאָנסטו וויסן דורך דיר אַליין, ווייל דו ביסט די אַנטפּלעקונג פון דעם באַשעפער. די מאַטעריע איז בלויז אַ לבוש, אַ באַקליידונג פאַרן גייסט און איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע.

אַ מענטש — ווערט געזאָגט פאַרן בעש"ט — איז אַ לייטער וואָס שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ גרייכט ביז צום הימל. ס'מיינט צו זאָגן, אַז דער מענטש פאַראייניקט אין זיך סיי דאָס מאַטעריעלע און סיי דאָס גייסטיקע. כּדי דער חומר זאָל נישט באַהערשן דעם מענטשן צום שלעכטן, טאָר דער מענטש אים נישט מכניע זיין און צעבּרעכן, נייערט דערהויבן אים צו העכערע מדרגות...

עס איז דער אָפּטימיסטישער וועלטבאַנעם... אַלץ איז אַן אַנטפּלעקונג פון דעם באַשעפער און ס'איז נישטאָ אויף דער וועלט עפּעס וואָס זאָל זיין אַבסאָלוט שלעכט...

אין דעם זין קען מען פאַרשטיין, אַז נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט זיך צו חברן מיט שלעכטע מענטשן: "אסור להתחבר עם הרשעים" [23], האָבן דאָך די בעלי החסידות געלערנט, מ'זאָל אויך זיי ליב האָבן, אַז אויך זיי קומען אַריין אין כּלל פון אהבת הבריות [24].

אדמו"ר ר' צדוק הכהן זצ"ל, פאַרנעמט זיך מיטן דאָזיקן ענין [25] און ער שרייבט:

"לא יתחבר עם רשעים, ואפילו לעשות מצוה וכן הוא מפורש במכילתא, כמו שכתוב בדברי הימים־ב', כ', ביהושפט בהתחברך עם אחזיהו, פרץ ד' את מעשיך ואעפ"י שנתחבר עמו ללחום נגד ארם, ונאמר בני אל תלך בדרך אתם..." [26].

דאָס איז — האַלט ער — דער דרך־התורה און דאָ מאַכט ער דעם אונטערשייד צווישן תמר און דער אשת פוטיפר: די ערשטע האָט דאָך מזנה געווען מיט יהודה און די צווייטע האָט געוואָלט מזנה זיין מיט יוסף, זאָגט ר' צדוק הכהן:

"יהודה זינה ויצאו ממנו מלכים ונביאים והיה זנותו רצון השי"ת כמו שאמרו ז"ל [27], יצאה בת קול — ממני יצאו כבושים וכו' ולמצוה יחשב, אבל תמר היתה צדקת וזו (אשת פוטיפר) רשעה ולא רצה (יוסף) להיות עמה בעולם הבא (וואָס

מיינט קבול שׂכר), רק שבאמת יוסף נשא בתה ומהם יצא שבט בישראל (ב׳ שבטים — מנשה ואפרים) ומשיח בן יוסף, ראה גם כן זה שממנה יצא שלשלת גדולה כזו, רק לא רצה להיות עמה אפילו לעולם הבא״.

וואָס שייך ייִדן, אפילו ווען זיי זינדיקן האָבן די חכמי־התלמוד געזען, אַז דאָס איז בלויז צוליב נישט באַרעכנטקייט, ווייל אין תוך זענען פאַרוואָרצלט אין זיי די לערעס פון דור־דורות און די קייט ציט זיך ביז אברהם אבינו, ביז מתן־תורה. נישט אומזיסט האָט ר׳ שמעון בן לקיש געזאָגט, אַז אַפילו דער פוסטער און אויסגע־ליידיקטער ייִד איז פול מיט מצוות [28], נישט אומזיסט ווערן ייִדן באַטראַכט פאַר ״רחמנים בני רחמנים״ — די דאָזיקע אייגנשאַפטן, כאַראַקטער־שטריכן זענען טיף פאַרוואָרצלט אין דער ייִדישער נשמה, אין די אָפּשטאַמיקע פונעם פאַטריאַרך וואָס האָט געהאָט רחמנות אפילו אויף סדום.

ווי חז״ל באַהויפּטן [29] האָבן ייִדן דריי כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע זענען די בולטע סימנים, אַז מיר שטאַמען פון אברהם אבינו: רחמנים — באַרעמהאַרציקע, ביישנים — שעמעוודיקע און גומלי חסדים — מענטשן וואָס ווילן טאָן גוטס צום מיטמענטש און דאָס איז נישט געזאָגט געוואָרן בלויז צווישן ייִד און ייִד, נאָר דאָס נעמט אַרום די גאַנצע מענטשהייט, צו יעדן מענטש, ווי ביי אברהם אבינו, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט אפילו פאַר דער זינדיקער סדום, אויב ס׳געפינען זיך דאָרט צען מענטשן צ ד י ק י ם אין וועמענס זכות זיי עקזיסטירן.

ווי קינדער, אָפּשטאַמיקע פון אברהם אבינו, קען מען זיך פאָרשטעלן, פאַר וואָס ס׳איז אַזוי שווער געווען פאַר יהושע בן נון, בעתן כּובש זיין ארץ כּנען, נישט מקיים צו זיין דעם באַפעל ״החרם תחרימם, החתי והאמורי... למען אשר לא ילמדו אתכם לעשות ככל תועבותם״ [30] — נייערט פאַרוויסטן זאָלסטו זיי פאַרוויסטן: דעם חתי, דעם אמורי... כּדי זיי זאָלן אייך ניט לערנען צו טאָן אַזוי ווי אַלע זייערע אומווערדיקייטן... און ווי מפרשים דערקלערן, איז משה רבנו, דער גרויסער בעל רחמנות, נישט גרייט געווען אויסצופירן אַזאַ סאָרט ״גענאָסיד״ — טאָטאַלן אומ־ברענגען פעלקער.

איינער פון די פאַרשערס [31] שרייבט: ״...לפי דעת חכמי התלמוד, נתבטלה מצוה זאת לרגל התנגדות של משה, ולפיכך לא ציית ישראל לחוק זה ולא החרים את העמים שערכו עליו מלחמה...״.

אַ געוואַגטקייט אַרויסצוקומען מיט אַזאַ דערקלערונג, דערצו נאָך פון אַ רבנישן פאָרשער, הרב שמעון פעדערבוש ז״ל, אַ מחבר פון אַ צאָל ספרים מיט וועלכע ער האָט שטאַרק אויסגענומען אין דער אָרטאָדאָקסישער וועלט, ווי אין דער ליטעראַריש־היסטאָרישער; אָנגערקענט אַלס אויטאָריטעט אויפן געביט פון חכמת־ישראל מיט אַ טראַדיציאָנעלן צוגאַנג און טראַדיציאָנעלן יסוד.

ביי די אַלטע פעלקער — שרייבט ער — איז עס געווען נאַטירלעך אָפּצווישן,

ליקווידירן טאָטאַל, שונאים. גאַנצע פעלקער זענען אָפּגעווישט געוואָרן פונעם כּדור־האָרץ, ווי די תּורה דערציילט אונדז: "ובשעיר ישבו החורים... וישמידום..."[32] — און אין שעיר זענען פריער געזעסן די חורים, אָבער די קינדער פון עשו האָבן זיי פאַרטריבן און זיי פאַרטיליקט...

אויך וועגן ייִדן האָבן שונאים פּלאַנירט גענצלעכן אומקום, ווי עס ווערט געזאָגט, אַז די פעלקער האָבן פּלאַנירט: "לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישראל..."[33] — קומט, לאָמיר זיי פאַרטיליקן פון זיין אַ פאָלק... מער זאָל נישט געדאַכט ווערן דער נאָמען ישראל.

ביי ייִדן געפינט מען עס בלויז וואָס שייך עמלקן — אָבער וואָס שייך אַנדערע פעלקער, האָט מען אפילו נישט געטראַכט פון אַזאַ צוגאַנג צו אַ שונא. מ'האָט תּמיד פריער פאַרגעשלאָגן שלום, זיך דורכרעדן, פאַרהאַנדלען, זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון "דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום"[34] — אירע וועגן זענען וועגן פון ליבלעכקייט, און אַלע אירע שטעגן זענען שלום.

יהושע האָט דעריבער פריער געשיקט צו די כּנענים־פעלקער אַ שליחות פון שלום, ווי עס ווערט געזאָגט: "כי תקרב אל עיר להלחם עליה וקראת אליה לשלום"[35]. יהושע האָט געשיקט "פּרסטיגיום" — בריוו צו די כּנענים־פעלקער וועגן פאַרהאַנדלען אַ שלום[36] און פאַקטיש זענען אַ צאָל פעלקער געבליבן אין לאַנד און נאָך דעם האָבן די שבטי ישראל געהאַט אויסצושטיין גענוג צרות פון די איבערגעבליבענע: זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט זיי, איבערגענומען היידנישע מנהגים; ס'זענען געווען אָנפאַלן פון די געבליבענע, ווי שונאים מבפנים — אינעווייניקסטע שונאים...

די דאָזיקע טעזע און קעגנשטאַנד פירט אונדז אַריין אין אַ באַזונדער געביט פון פאָרשונג: מלחמות, רציחה ביי פעלקער און די ייִדישע מאָראַל, וואָס האַלט זיך ביים פּרינציפּ, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אין געטלעכן פורעם און אַז יעדער אינדיווידועלער מענטש שטעלט מיט זיך פאָר אַ וועלט — "וכל המאבד נפש אחת[37] — כאילו איבד עולם מלא" — דער וואָס ברענגט אום איין נפש, איין מענטש, איז ווי ער וואָלט אומגעבראַכט אַ גאַנצע וועלט...

די דאָזיקע הומאַניטאַרישע באַציִונגען האָבן געווירקט אויפן ייִדישן לעבן דורך אַלע דורות און אוודאי איז אַזאַ באַציִונג געווען צום גר, דעם מענטש וואָס קומט אַריין כּדי זיך דערנענטערן צום ייִדנטום. דאָס האָט געווירקט, מ'זאָל אַרויסווייזן ליבשאַפט און רעספּעקט צום גר, "ואתם ידעתם את נפש הגר", איר ווייסט די סענטימענטן, די סענסיטיווקייט פונעם גר, דעריבער "וגר לא תונה ולא תלחצנו..."[38] נישט בלויז טאָר מען אים נישט נאַרן מיט געלט, נאָר אפילו מיט רייד און נאָך מער: "ואהבתם את הגר, ואתם ידעתם את נפש הגר... ואהבת לו כמוך"[39]. נישט אַבסטראַקטע ליבע, ווי דאָס ווערט געפּריידיקט ביי אַנדערע, נאָר רעאַלע,

קאָנקרעטע, פּראַקטישע ליבע — אַן אַקטועלע ליבע וואָס האָט באַאיינפלוסט און צוריקגעבראַכט צום ייִדנטום נישט איינעם פון די וועלכע זענען געשטאַנען "על פרשת דרכים", ווי דער באַרימטער פילאָזאָף פראַנץ ראָזענצווייג (1886—1929) וועלכער איז שוין גרייט געווען אַריבערצושפּרינגען דעם פּלויט, זיך געגרייט צו שמד, צו פאַרלאָזן זיין פאָלק, זיין אמונה — אָבער איין יום־כּיפּור, קומענדיק אין שול אַריין, ווערנדיק באַגייסטערט פון די תּפילות, פון דער קדושה, וואָס יום־כּיפּור ברענגט אַריין אין ייִדישע הערצער, אין ייִדישע נשמות, איז ער באַווירקט געוואָרן און פאַרלאָזט זיינע אידעען (אונטערן איינפלוס פון זיינע קרובים און חברים) — אין מיטן פון זיינע וואַקלענישן זיך צוריקגעכאַפּט צו ייִדישקייט. ער איז באַווירקט געוואָרן פון דעם יום־כּיפּור־גייסט, געוואָרן אַ פולער ייִד.

פראַנץ ראָזענצווייג איז פון דאַן אָן געווען אונטער דער השפּעה פון הערמאַן כּהן, געוואָרן אַ מאַמין און געווידמעט זיין פילאָזאָפיע דער ייִדישער אמונה, די אמונה אין אחדות אלקות, ליבשאַפט צו גאָט און צום מענטש וואָס טראָגט איבער זיך דעם צלם־אלקים. ער איז באַהויכט געוואָרן פון די מאָראַלישע און הומאַניטאַרע באַפעלן. ער פאַרענדיקט איינס פון זיינע ווערק מיטן פּסוק פון מיכה הנביא: "הגיד לך אדם מה טוב ומה ד' דורש ממך, כי אם עשות משפט והצנע לכת עם ד' אלקיך" [40] — מ'האָט דיר אָנגעזאָגט, מענטש, וואָס גוט איז און וואָס גאָט פאַרלאַנגט פון דיר: נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט, ליב האָבן גענאָד און אומגיין שטיל פאַר דיין גאָט...

ראָזענצווייג האָט געהאַט חברים, וועלכע האָבן דווקא געפונען זייער מנוחת־הנפש אין שמד, אין אַריבערגיין צום קריסטנטום. ער האָט זיך אָבער צוריקגעצויגן פון זייערע "העכערע ווערטן". דער באַזוך אין שול, אין 1913, האָט אים געבראַכט צו דער התגלות פון ייִדישן לעבן און ייִדישער טראַדיציע און אים באַפרייט פון זיינע וואַקלענישן.

דער יום־כּיפּור האָט געווירקט אויף אים, ער זאָל זיך פאַרטיפן אין די ייִדישע פילאָזאָפישע קוואַלן, צו זוכן אין ייִדנטום תּשובֿות אויף די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים געמאַטערט. ער האָט אָנגעהויבן באַנעמען דעם מהות פון ייִדנטום, די ליבשאַפט צו גאָט און צום מענטש, באַשאַפן אין געטלעכן געשטאַלט. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם מיין פון "לא נתנו המצוות אלא לצרף בהן הבריות" [41] — די מצוות זענען געגעבן געוואָרן צו לייטערן דעם מענטש.

אין זיין ווערק "דער גאולה־שטערן" ברענגט ער אַרויס די וויכטיקייט פון ייִדישן געזעץ, אַז די גאָט־ליבשאַפט מוז האָבן מצוות, צו אַקטיוויזירן דעם ייִד, ער זאָל האָבן פאַר זיך אַ רעם און אַן אַטמאָספערע צו קענען לעבן און שטרעבן "לתקן עולם במלכות שדי". דאָס איז די גייסטיקע שטאַרקונג וואָס פאַרבינדט,

סינטעטיזירט עולם־הזה מיט עולם־הבא; וואָס שאַפט מלכות שמים אויף דער ערד, די אַבסאָלוטע גאולה פאַר דער מענטשהייט.

ייִדן האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין סאָרט ראַסן־פאַראורטייל, ווי ביי אַנדערע פעלקער. שלמה המלך האָט גענומען צו דער הייליקסטער אַרבעט ביים בית־המקדש איבער הונדערט־און־פופציק טויזנט גרים[42] — און נישט געזוכט בלויז ייִדן.

אין ייִדישן לעבן איז איינגעוואָרצלט געוואָרן דער פאַרבאָט צו דיסקרימינירן קעגן גרים און נישט בלויז קעגן גרים — קעגן וועמען ס'איז, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם מדרש[43]: ״מעיד אני את השמים ואת הארץ, בין גוי, בין ישראל, בין איש, בין אשה, בין עבד בין שפחה, הכל לפי מעשיו של אדם...״ און שוין אָפּגערעדט וועגן באַהאַנדלען אַ גר: ער דאַרף געניסן פון אַלע פּריווילעגיעס, ווי אַן אייגענער — ״חוקה אחת לכם״ — איין געזעץ זאָל זיין פאַר אייך און פאַר דעם פרעמדן[44] — ער דאַרף געניסן פון אַלע סאָציאַלע געזעצן.

מיר זענען אַן עם־נבחר, אַן אויסדערוויילט פאָלק, אָבער בשום אופן נישט אינעם זין פון ראַסע, פון ביאָלאָגיש־פיזישער אויסדערוויילטקייט, נאָר אין גייסטיקן זין און וועגן דעם האָבן מיר אַ גאָר רייכע ליטעראַטור[45].

אדם הראשון — זאָגן חז״ל — איז באַשאַפן געוואָרן אויף דעם פאָלגנדיקן אופן: ״ראשו מארץ ישראל, גופו מבבל, אבריו משאר ארצות״[46]. דער מענטש, ווי גאָטס באַשאַף, איז פאַרבונדן מיט דער גאַנצער מענטשהייט; ער איז אַ טייל פון דער ערד־גלאָבאַלקייט; אָבער דאָך, בלייבט יעדער פאָלק, ווי אַן אָפּגעזונדערטער קאָלעקטיוו; מיט אַ משפּחהדיקן קשר — און דאָך באַזונדער. און ייִדן?

ייִדן זענען ווי דער זית, וואָס מישט זיך נישט אויס: ״למה נמשלו ישראל לזית? — מה השמן הזה, אין מתערב בשאר משקין, כך ישראל אין מתערבים באומות העולם״[47] — און וועגן דעם, אין אַ באַזונדערער טעזע.

ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין מדרשים, זענען די מצריים באַשטראָפט געוואָרן, ווייל זיי האָבן געדריקט די בני־ישראל וועלכע זענען געקומען אין לאַנד ווי גרים, מיט עבודת־פרך... די תורה וואָרנט, ייִדן זאָלן נישט נאָכטאָן די מעשים פון די מצריים און דאָך, האָט מען פון זיי מקבל געווען גרים נאָך אַ דריטן דור...[48].

ייִדן זענען אַלע מאָל געווען אוניווערסאַל, אין לערנען אַנדערע לשונות, אין קענען פרעמדע קולטורן, אָבער זיך געהאַלטן ביי דער אייגענער קולטור.

**ה. אָנערקענונג צו אומות העולם פאַר גוטע מעשים. — פאַרדאַמונג אויף אכזריות. — אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער און אין דער נייער צייט.**

ס'איז נישט אונדזער אויפגאַבע אָנצוגיין מיט אַפּאָלעגעטיק. די פאַקטן זענען די בעסטע באַוויזן וועגן דער באַציִונג צו אַנדערע פעלקער, ווי געלערנט דורך

דורות, זינט די תּורה־שבכתב איז דערגאַנגען צו די בני־ישׂראל און זינט די תּורה־שבעל־פּה איז איבערגעגאַנגען צו ייִדן.

די חכמי־התּלמוד האָבן זיך באַצויגן מיט צדק און רחמנות צו אַנדערע פעלקער, אפילו צו געצן־דינערס.

ר׳ חייא בר אבא גיט איבער אין נאָמען פון ר׳ יוחנן, אַז "נכרים שבחוצה לארץ לאו עובדי עבודה זרה הם, אלא מנהג אבותיהם בידיהם"[1]. די בעלי־הלכה, די נאָכפאָלגערס פון די בעלי־התּלמוד, האָבן ממשיך געווען דעם דאָזיקן אַקסיאָם.

דער רמב״ן, אין זיין פּירוש אויף דער תּורה, אויפן פּסוק "כי תקרב אל עיר להלחם"[2] זאָגט: "דכל אלה שקבלו עליהם שבע מצוות בני נח, מותרים לישב בארץ ישראל ולכרות להם"... און פאַרשטייט זיך, מ׳טאָר זיי נישט באַגזלען, באַרויבן — מ׳דאַרף זיי אַרויסווייזן התקרבות.

די עובדי עבודה־זרה האָט מען נישט געוואָלט האָבן אין ארץ־ישׂראל, כּדי ייִדן זאָלן זיך נישט אָפּלערנען פון זייערע מעשׂים און וועגן די דאָזיקע גייט אָן דער דין פון "לא תחנם", וואָס לויטן רמב״ם שליסט עס איין אַ געבאָט וואָס גרענעצט זיך מיט "אסור לרחם", צו לויבן אים, צו פאַרקויפן זיי לאַנד. דאָס אַלץ רעדט זיך וועגן די עובדי עבודה־זרה[3]. די אַלע — לאָמיר זאָגן — שאַרפע אויסדרוקן קעגן די כּנענים־פעלקער זענען געווען געקומען צוליב זייער אוממאָראַליש־קייט, אומעטישקייט, אומציוויליזירטקייט — זיי האָבן אפילו די ז י ב ן מצוות נישט מקיים געווען.

אפילו צו די עובדי עבודה־זרה, אויב זיי האָבן עפּעס גוטס געטאָן צו ייִדן, האָבן די ייִדן זיי מכּיר טובה געווען. דאָס וואָס די מצריים האָבן, אין די ערשטע יאָרן, באַהאַנדלט יוספן, זיין פאָטער יעקב און די שבטים, מיט חסד, האָט מען דאָס מכּיר טובה געווען; ווען די מצריים זענען געטרונקען אין ים און די מלאכים האָבן געוואָלט אָנגיין מיט שירה, האָט הקב״ה זיי אָפּגעשטעלט, זיי זענען דאָך, ווערט געזאָגט אין מדרשים, "מעשי ידי"[4].

מ׳וואַרפט ייִדן פאָר אַזעלכע מאמרים אין תּלמוד: "גוי שעוסק בתורה — חייב מיתה"[5], אַ מאמר פון ר׳ יוחנן און זיין שוואָגער ריש לקיש (ר׳ שמעון בן לקיש) זאָגט: "גוי ששבת חייב מיתה"[6], איז ראשית, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן, אַז ס׳רעדט זיך וועגן די כּנענים, די פאַרדאָרבענע געצן־דינערס. ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז דער אויסדרוק: חייב מיתה, איז בלויז אַ שאַרפער אויסדרוק, ווי יעב״ץ ברענגט אין זיין ספר "לחם ושמלה", אויפן מאמר אין אבות: "כל העוסק בתורה לשמה זוכה לדברים הרבה..."[7], אַז דאָס וואָרט "כל" איז מרבה, ברענגט צו, שליסט איין "גוי"[8] און דער זאָג חייב מיתה, איז געזאָגט געוואָרן וועגן דעם "גוי" וואָס לערנט "לקנטר", אויף צו דערצערענען. אויף אַזעלכע איז געזאָגט

געוואָרן, אַז זיי זענען חייב מיתה, חייל זיי לערנען בלויז צו ״כאַפּן״ און באַשול־דיקן ייִדן.

דער רמב״ם, ווערט ציטירט [9], האָט געשריבן וועגן די נוצרים און מוסולמענער: ״וכל הדברים האלה (של מיסד הדת הנוצרית) ושל זה שעמד אחריו (מוחמד), אינו אלא ליישר דרך למלך המשיח שיתקן את העולם כולו...״.

ווי אַזוי זיי האָבן מיישר געווען — דאַרף מען נישט דאָ דערציילן: דאָס זענען באַוווּסטע פאַקטן: ייִדיש בלוט האָט זיך געגאָסן און גיסט זיך נאָך אויף אַלע וועגן, אין אַלע טייכן... נישט אומזיסט האָבן ייִדן אין אַלע דורות געדאַרפט אויסשרייען זייער צער צום בורא־עולם — ״יוודע בגויים לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך...״ [10] און ווייטער ״שפכו דמם כמים״ — זאָל באַוווּסט ווערן צווישן די פעלקער פאַר אונדזערע אויגן די נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט... זיי האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט ווי וואַסער אַרום ירושלים. — און זיך געבעטן ביים רבונו של עולם: ״אבינו אב הרחמן, המרחם רחם עלינו... למה יאמרו הגויים איה אלהיהם... אל נקמות ד׳... הנשא שופט הארץ...״ און אַזוי ווייטער און ווייטער.

״ישראל — ווי דער היסטאָריקער צונץ דריקט זיך אויס — האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון ליידן״. צונץ באַטאָנט די גרויסקייט פון ייִדן צו קענען אויסשטיין די מאָוימדיקסטע צרות, איבער דער געטריישאַפט צו דער תורה, ווי די טרעגערס פון אמת און רעכט. וואָס וואָלט ער געזאָגט, ווען ער לעבט אין דער עפּאָכע פון נאַציזם, ווען דאָס דייטשישע פאָלק איז געזונקען צום סאַמע נידער פון ווילדע בעסטיעס — און דאָס זאָל קומען פון דער קריסטלעכער קולטור.

ווי ווייט די קריסטן, שוין די וויסנשאַפטלערס, האָבן געזוכט צו פאַרשפּרייטן שנאה קעגן ייִדן, איז גענוג צו ברענגען דעם פאַקט, וואָס דער שונא־ישראל יאָהאַן וואַגענזייל [11], האָט אַריינגעפּאַקט אין זיין ווערק ״די געשיכטע פון יעזוס״, וואָס דינט ווי אַ קוואַל פאַר אַלע אַנטיסעמיטן.

די אַנטיסעמיטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פּסק פון רמב״ם [12]: ״כל האומר שהבורא החליף מצוה זו במצוה אחרת וכבר בטלה תורה זו, אף על פי שהיא היתה מעם ד׳, כגון הנוצרים והגרים...״ ווי אַ באַוויז, אַז אפילו גרים, אויב זיי קומען פון נוצרים ווערן זיי דיסקרימינירט... ווי ר׳ חיים בלאָך באַווייזט, זענען די גרים גאָר געמיינט געוואָרן מאַכמעדאַנער. ווי בלאָך פירט אויס, האָט דער רמב״ם געמיינט די ייִדישע משומדים — ״יהודי הממיר דתו״ [13] און צו זיי איז דער רמב״ם געווען שטרענג.

אָבער אויך צו אַזעלכע האָט מען זיך באַצויגן מיט רחמנות. אלישע בן אבויה, ווערט גערופן ״אחר״, אַן אַנדערער, ווייל ער איז אין גאַנצן אָוועק פון ייִדישן וועג, געוואָרן אַן אַפּיקורס און אַ פאַטאַליסט; ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז ער האָט אָנגעהערט צו די ״מינים״ — צו די ייִדישע קריסטן — און נאָך אַ מיינונג,

אַז ער האָט געשריבן אויף זיין פּאַן "אלישע חבר רומים"[14], דערמיט איז ער געוואָרן אַן אַנדערער — אַ חבר פון די רוימישע געצן־דינערס און דאַך, ווי חז"ל גיבן איבער, האָט מען זיך באַמיט אים אַרויסצונעמען פון גיהנום[15].

וואָס שייך די קריסטן אין די גלות־לענדער, ווו ייִדן זענען געווען אויסגע־שטעלט אויף די שווערסטע נגישות, פאַרפאָלגונגען, שחיטות, גירושים און פּאָגראָ־מען[16], האָבן זיך די ייִדן דאָך באַצויגן צו זיי פּאָזיטיוו און אָנערקענט דאָס גוטע און פּאָזיטיווע וואָס ס'האָט זיך געפונען אין דער נישט־ייִדישער וועלט.

ר' חיים בלאָך[17] ברענגט מיינונגען אי פון ר' יונתן אייבעשיץ (1690—1764) און אי פון ר' יעקב עמדין (1697—1776), די צוויי וועלכע האָבן געהאַט צווישן זיך שאַרפע חילוקי־דעות און דאָך וועגן דער באַציִונג צו נישט־ייִדן, געהאַט די זעלביקע מיינונג. ער ברענגט אויך די מיינונגען פון ר' אליעזר פלעקלס, איינעם פון די אָנערקענטע פּוסקים, תּלמיד פון נודע ביהודה, ר' יחזקאל לאַנדאָ (דע"ח— 1713 ; תקנ"ג—1793) — באַהויפּטנדיק, אַז די ערלעכע נוצרים דאַרפן באַהאַנדלט ווערן מיט פריינדשאַפט, אַז מ'דאַרף בעטן פאַר זייער שלום און ווילזיין און אַז אויב זיי זענען מליצים טובים פאַר ייִדן, באַהערשט פון גוטע מידות דאַרפן מיר, ייִדן, דאָס אָפּשאַצן.

ר' חיים בלאָך ברענגט דעם מאמר "כמתוקנים שבהם לא עשיתם, כמקולקלין שבהם עשיתם"[18] — ווי אַ באַווייז, אַז אויך אין דער צייט פון תּלמוד זענען געווען "מתוקנים", וואָס דאָס מיינט, אַז אפילו דער עובד אלילים האָט זיך געקענט דערהויבן צו זיין מענטשלעך און מקיים זיין מצוות. נאָך מער. עס ווילט זיך ברענגען אַ מדרש[19], וואָס זאָגט: "אם מבקש אדם להיות כהן או לוי, אינו יכול אבל להיות צדיק אפילו גוי יכול הוא"[20].

דערצו דאַרף מען וויסן, אַז ייִדן האָבן תּמיד מכּיר טובה געווען פאַר גוטסקייט, פאַר גערעכטיקייט, געגנוג צו דערמאָנען די באַציִונג צו די מצריים, ווייל זיי האָבן אין אָנהייב גוט באַהאַנדלט יעקב אבינו און די שבטים, האָט מען דעם דריטן דור פון מצרישער אָפּשטאַמיקייט, דערלויבט אַריינצוטרעטן אין קהל־ישראל: "לא תתעב מצרי כי גר היית בארצו. בנים אשר יולדו להם, דור שלישי יבא להם בקהל ד'"[21].

וועגן ענין הכּרת און כּפיית טובה ביי ייִדן, וואָלט מען געדאַרפט האָבן דערויף אַ ספּעציעלע שטודיע. מיר וועלן בלויז אָנווייזן אויף איין מאָמענט און אויף איין לאַנד, איטאַליע — ייִדיש לעבן אין איטאַליע.

מיר האָבן אַ ווערק אויפן דאָזיקן געביט פון אַ מומחה, ד"ר משה אביגדור שולוואַס. אין איינעם פון זיינע ווערק א.ג. "חיי הדת של יהודי איטליה בתקופת הריניסאַנס"[22], שרייבט ער צוו"אַ:

"...בדרך כלל היה לה להריניסנס יחס חיובי אל הדת...".

און נאָך מער:

"...גם חיי הדת והמוסר של היהודים באיטליה הריניסאַנסית הושפעו על ידי הזרם התרבותי החדש" — אזוי אַז ס'איז געווען אַ קעגנזייטיקע, פּאָזיטיווע באַציִונג. ער שטעלט פעסט:

"...תקופת הריניסאַנס באיטליה מצוינת בחלקה הגדול ביחסים התקינים ששררו בין היהודים והנוצרים. זוהי אחת התקופות של הרמוניה גדולה בין ישראל לעמים..."[23].

ד"ר שולוואַס גיט אַן פאַקטן און מקורים וועגן דער פרייהייט אין איטאַליע אין יענער עפּאָכע, ווען די ייִדן האָבן גענאָסן פון אַט דער פרייהייט און ליבעראַליזם און אַז דאָס האָט געבראַכט צו אַן אויפלעבונג פון השׂכּלה צווישן ייִדן וואָס האָט איינגעשלאָסן פאָרשונג, שעפערישקייט אויף אַ סך געביטן, באַזונדערס אין היס־טאָריע, פילאָזאָפיע, קבלה:

"כדרך כל אנשי תקופת הריניסאַנס, היו גם היהודים נתונים לשלטונו של יצר המחקר. צמאון ההשכלה והנטיה למחקר היו כה חזקים, שבעית כשרות ההתעסקות במחקר וגבולות המחקר צפה מידי פעם בפעם מחדש... ההתעסקות בחכמה ובמחקר צמצמה באופן רציני את הזמן המוקדש ללימוד תורה...".

ערשט אין 16טן י"ה איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג און אַ באַגרענעצונג צום ליבעראַליזם און צו דער וועלטלעכקייט פון איטאַליענישן ייִדנטום. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק, וואָס עס האָט אָנגעפירט דער פויפּס פּאַולוס דער פערטער. ער האָט צוריקגעוויזן דעם ליבעראַליזם, צוריק אויפגעשטעלט די אַלטע מחיצה, האַלטנדיק די ייִדישע בירגער אויף אַ נידעריקער מדרגה.

ווי ד"ר שולוואַס ווייזט אָן, האָט דאָס גאָר געבראַכט אַ סך נוצן דעם איטאַליענישן ייִדנטום, ווייל עס האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון אַסימילאַציע; ייִדן האָבן זיך גענומען מיט פלייס צו תּורה־לימודים[24] און צוזאַמען מיט תּורה־פאָרשונג, געבראַכט צו דער קבלה־פאָרשונג, געגרינדעט בתּי־מדרשים אין וועלכע מ'האָט געלערנט קבלה. דער זוהר איז דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס, די ספרי האר"י און אַ צאָל אַנדערע קבלה־ספרים זענען פאַרשפרייט געוואָרן אין איטאַליע און אין לענדער ווייט איבער די איטאַליענישע גרענעצן. ס'זענען אַרויסגעקומען מיט זייערע קבלה־ווערק גדולי ישראל, ווי ר' ישראל סרוג, ר' מנחם עזריה מפאנו און אַנדערע.

אין דער נייער צייט, נאָך דער תּקופה פון 1870, נאָך דעם אויפשטאַנד פון די איטאַליענער פאַר זייער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט, וואָס האָט אויך געמיינט די פאַראייניקונג פון אַלע איטאַליענישע פּראָווינצן אין איין אומאָפּהענגיקער מדינה, האָבן ייִדן גענומען אַ פּאָזיטיוון אַקטיוון אָנטייל אינעם לעבן פון לאַנד. מיליטעריש און פּאָליטיש האָבן ייִדן, צוזאַמען מיט דעם איטאַליענישן פאָלק, ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער געקעמפט פאַר איטאַליעס פרייהייט, ווייל עס איז אין

דער ייִדישער טראַדיציע צו זיין געטרייע, לאַיאַלע בירגער, מענטשן זאָלן זיך אויסלעבן פריי גייסטיק, נאַציאָנאַל און סאָציאַל... הייליק איז אין יהדות דאָס רעכט פון יעדן מענטש און די דאָזיקע רעכט דאַרף אַנערקענט ווערן.

ד״ר שולוואַס האָט געווידמעט עטלעכע ווערק דער געשיכטע פון איטאַליענישן ייִדנטום אין אַלטערטום, מיטל־עלטער, רענעסאַנס און אין דער נייער צייט[25], אין וועלכע ער ברענגט אַרויס די ראָל פון איטאַליענישן ייִדנטום.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1938, ווען די פאַשיסטישער רעגירונג, באַהערשט פונעם דייטשישן נאַציזם־אַנטיסעמיטיזם, האָט אָנגענומען אַ קעגנערשע שטעלונג צו ייִדן. מיט אַ מאָל האָבן זיי פאַרגעסן דאָס, וואָס די איטאַליענישע ייִדן האָבן זיך מקריב געווען פאַר זייער לאַנד. ס׳איז געוואָרן אַ מחיצה פון שטאָל און פייער צווישן אָפיציעלן רוים און ירושלים, וואָס איז נישט איין מאָל געקומען צום אויסדרוק אויך דורכן וואַטיקאַן און גאָר ספּעציעל מצד דעם פּויפּס פּיוס דעם צוועלפטן מיט זיין שווייגן אויף די נאַציסטישע הריגות און ברוטאַליטעטן.

יאָ, געציילטע אי פונעם פאָלק און אי פון דער עליטע האָבן געדענקט אין די תּפילות וואָס ייִדן האָבן אויסגעדריקט ביי אַ צאָל געלעגנהייטן פאַר איטאַליע. אין איין תּפילה, וואָס ד״ר שולוואַס ברענגט אין איינעם פון זיינע שטודיעס, האָבן ייִדן אָנגערופן איטאַליע ״ארץ מולדתנו״: ״הבט נא בעין חמלתך ממכון שבתך מן השמים וראה ארץ מולדתנו איטאליה...״ און אין אַ תּפילה וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין יאָר תרכ״ו:

״...האל הנותן תשועה למלכים, הושיעה את אדוננו המלך... מעמיד את אדוננו המלך... מעמיד ארץ במשפט (געמיינט קעניג וויטאָריאָ עמנואלע דער צווייטער) חזק נא את ימינו... מלך ביפיו תחזינה עמינו בשובו בשלום...״.

און ווייטער:

״...קרא דרור בארץ לכל יושביה... וברית אחים יכרותו לשלח רצוצים חפשים לבלתי עבוד איש באחיו... ומלאה הארץ דעה את ד׳, אמן, כן יהי רצון...״.

די איטאַליענישע באַפרייונג־באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אין 1815 און אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1870, ווען איטאַליע איז פאַראייניקט געוואָרן אין אַ זעלבסט־שטענדיקער מדינה. ייִדן האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל. ווי איבערגעגעבענע לאַיאַלע פּאַטריאָטן האָבן ייִדן געקעמפט פאַר איטאַליעס אומאָפּהענגיקייט נישט בלויז יחידים, ווי אַזעלכע, נאָר דער גאַנצער קאָלעקטיוו, דער צבור ווי אָרגאַניזירט ער איז געווען, האָט צוגעטראָגן זיין חלק צום דאָזיקן קאַמף.

די פראַגע שטעלט זיך צי האָבן די איטאַליענער דאָס געדענקט אין דער צייט ווען די נאַציס האָבן דאָרט געשאַלטעוועט מיט דער הסכּמה פון איטאַליענישן

פאשיזם? צי האָבן זיי, נאָך דעם נאַצי־קריג, אויסגענוצט די קאָמפּענסירנדיקע געלעגנהייטן צו דער יידישער שארית־הפליטה, פון איטאַליענישן יידנטום?

די זעלביקע פראַגעס דאַרף מען שטעלן אַ צאָל אַנדערע לענדער, באַזונדערס דעם פּוילישן פאָלק. אוודאי זענען אין פּוילן געווען מענער און פרויען וועלכע געהערן צו דער רשימה "חסידי אומות העולם", ווי קעניג קאַזימיר דער גרויסער, די שרייבערס און פּאָעטן: אַדאַם מיצקעוויטש, יוליוש סלאָוואַצקי, סטעפאַן זשעראָמסקי[26], וולאַדיסלאַוו ריימאָנט, דער נאָבעל־לאַורעאַט, און אַנדערע, צי האָבן זיי געהאַט אַ השפּעה אויף דער פּוילישער היעראַרכיע, אויפן פּוילישן המון, אויף דער פּוילישער אינטעליגענץ? — אָבער וועגן דעם, באַזונדער.

אין איטאַליע: די געטאָ אין ווענעציע איז די עלטסטע אין דער וועלט, דאָס וואָרט געטאָ שטאַמט דאָך פון דעם וואָרט "געטאַר" וואָס מיינט אייגנטלעך אייזנגוס, ווייל דאָרט האָבן זיך געפונען אייזנגיסערייען. די ערשטע יידן זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין דער דאָזיקער געטאָ אין יאָר 1561 — און וועגן אָט די יידן האָט שעקספּיר אָנגעשריבן זיין "סוחר פון ווענעציע", פאַרשטעלנדיק דעם ייד שיילאָק ווי אַ געפערלעכן פּראַצענטניק.

די טויערן פון דער געטאָ זענען געעפנט געוואָרן דורך נאַפּאָלעאָנען, ווען ער האָט איינגענומען די שטאָט אין יאָר 1797, אָבער זיי זענען צוריק געשלאָסן געוואָרן נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה און זענען געבליבן געשלאָסן ביז 1866.

ווענעציע (ווענעדיג), ווי איטאַליע בכלל, איז געווען, אונטער די אומשטאַנדן און אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אייראָפּעישע לענדער, פון די מעסיקע און ליבעראַלע אין באַציִונג צו יידן, ביז דער איטאַליענישער דיקטאַטאָר בעניטאָ מוסאָליני האָט אין יאָר 1938, איינגעפירט די ראַסן־געזעצן אויפן דייטשישן מוסטער. ס'האָבן זיך אָבער געהערט שטימען פון פּראָטעסט פון אַ צאָל יחידים און אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע האָבן זיך געפונען איטאַליענער וואָס האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע צו ראַטעווען יידן.

אין פּוילן איז דער מצב געווען אַ סך, אַ סך ערגער, וואָס שייך דער באַציִונג צו יידן מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג.

יידן זענען געקומען קיין פּוילן אויפן פאַרלאַנג פונעם מלך־חסד קאַזימיר דעם גרויסן; יידן אין פּוילן האָבן אַנטוויקלט פּוילן אויף אַלע געביטן און מיט וואָס האָט מען זיי אָפּגעצאָלט? מיט כסדרדיקע גזירות, רדיפות, פּאָגראָמען און שחיטות. ס'קומען אויפן זכרון דער חורבן פון פּוילישן יידנטום אין צייט פון קאָזאַקישן אויפשטאַנד אין 1648 — שנת ת"ח ות"ט, ווען אַ דריטל פונעם ישוב איז אומגעקומען. חורבן־פּוילן, אוקראַינע, דורך דעם העטמאַן באָגדאַן כמעלניצקי, איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי די גרעסטע קאַטאַסטראָפע זינט דעם חורבן בית־המקדש,

ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די מקוננים: ״דאָס בלוט פון דיינע קינדער פליסט אין טייכן, אַזיערעס און בלאָטעס...״. ר׳ משה רבקש (רבקהס) שרייבט צוו״א: ״באַנדעס בלוטדורשטיקע... האָבן זיך געלאָזט איבער גאַנץ ליטע, חרוב געמאַכט שטעט און אויסגעשאָכטן מאַסן יידן״. דער כראָניקער פון יענעם חורבן איז נתן נטע האַנאָווער (געשט. 1682) מיט זיין ״יוון מצולה״.

נישט ווייניקער זענען באַקאַנט די געשעענישן ביים ערשטן וועלטקריג, אין די יאָרן 1914—1918 און שוין נאָך דעם, ווי פוילן האָט דערגרייכט איר זעלבסשטענ־דיקייט — פּאָגראָמען און אָנפאַלן. אָבער וואָס אַ פאַרגלייך קען דאָס זיין צו די געשעענישן אין דער צייט פון צווייטן וועלט־קריג, ווען נאַצי־דייטשלאַנד האָט זיך פאַרמאָסטן טאָטאַל אומצוברענגען די יידן אין אייראָפּע און אויסגעקליבן פוילן פאַר דעם לייכטסטן פּלאַץ דורכצופירן איר פּלאַן. זי איז זיכער געווען צו האָבן דערביי די קאָאָפּעראַציע פון פוילישן פאָלק. זי האָט זיך נישט גענאַרט: דאָס נאַצי־געשפּענסט איז אַריבער קיין פוילן און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַווע פון פייער און פאַרניכטונג, ביז דער פאַטאַל־פינאַלער ליקווידאַציע פון אייראָפּעיִשן יידנטום, וואָס איז געווען דער גרעסטער חורבן אין דער יידישער געשיכטע.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען געווען אויסנאַמען — יחידים פּאָליאַקן וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען יידן — זיי געהערן אָן ספק צו דער קאַטעגאָריע פון חסידי אומות העולם — און וועגן זיי וועלן מיר זיך אומקערן אין אַ ווייטערדיקן פּרק.

*

ביים באַהאַנדלען דעם ענין פון די חסידי אומות העולם; ווער קען דערגרייכן צו אָט דער מדרגה, לויט דער יהדות־אויפפאַסונג, מוז מען אויך באַהאַנדלען דעם ענין גר־תושב אין דער הלכה, אין דער הומאַניסטישער באַציִונג און אין וואָס זיי אונטערשיידן זיך.

אין דער תורה [27] האָבן מיר אַ פּסוק: ״לא תאכלו כל נבלה, לגר אשר בשעריך תתננה ואכלה און מכור לנכרי, כי עם קדוש אתה לד׳ אלהיך לא תבשל גדי בחלב אמו״ — איר זאָלט נישט עסן קיין נבלה; דעם איינגעוואַנדערטן וואָס אין דיינע טויערן, זאָלסטו עס אַוועקגעבן, ער זאָל עס עסן; אָדער פאַרקויפן צו אַ פרעמדן; וואָרום אַ הייליק פאָלק ביזסטו ביי ד׳ דיין גאָט. רש״י לערנט, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַ גר־תושב, וואָס האָט גענומען אויף זיך נישט צו דינען געצן־דינעריי, אָבער איז נישט געהיט מיט עסן נבלות: ״גר תושב שקיבל עליו שלא לעבוד עבודת אלילים ואוכל נבלות״. און אַזוי לערנט דער אבן עזרא און אויך די אַנדערע מפרשי התורה.

אין תלמוד [28] האָבן מיר די מיינונג פון רבי מאיר, אַז מ׳קען געבן די נבלה

אַ מתּנה צום נכרי און מ׳קען פאַרקויפן צום גר: ״אחד גר ואחד עובד כוכבים, בין במכירה, בין בנתינה״. רבי יהודה האַלט, ״דברים ככתבן: לגר בנתינה ולעובד כוכבים במכירה״ [29].

רש״י זאָגט קלאָר ווער ס׳ווערט באַטראַכט פאַר אַ גר־תּושב!

אין תּלמוד [30] ווערן געבראַכט חילוקי־דעות וועגן דעם ווער ס׳ווערט אָנער־קענט אַלס גר־תּושב, צו געניסן פון ספּעציפישע פּריווילעגיעס: ״איזהו גר תּושב? — כל שקיבל עליו בפני ג׳ חברים, שלא לעבוד עבודת כוכבים, דברי רבי מאיר; וחכמים אומרים: כל שקיבל עליו שבע מצוות שקבלו עליהם בני נח; אחרים אומרים, אלו לא באו לכלל גר תושב, אלא איזהו גר תושב — זה גר אוכל נבלות, שקיבל עליו לקיים כל מצות האמורות בתורה, חוץ מאיסור נבילות...״.

ווי אַ המשך צו אָט דער הלכהדיקער טעזע ווערט ווייטער באַהאַנדלט די פראַגע, צי טרינקען ו ו י י ן ביי אַ גר־תּושב איז דערלויבט, אָדער ווערט באַטראַכט ווי ״יין נסך״. רבי שמעון זאָגט: ״יינו יין נסך״ און טייל זאָגן, אַז זיין ווײַן איז דערלויבט צו טרינקען, ״מותּר בשתיה״ [31].

רבי שמעון (ווייזט אויס, אַז דאָס איז ר׳ שמעון בן יוחאי), זאָגט, אַז וואָס שייך שמירת־שבת, איז ער דערויף נישט געבאָטן, אַזוי לאַנג ווי ער נעמט נישט אויף זיך מקיים צו זיין מצוות התורה: ״גר־תושב בשבת, כישראל בשאר ימות השנה״ און רב בר אחוה אין נאָמען פון רב זאָגט: ״הלכה כר׳ שמעון״ [32].

די דריי דעות וועגן גר־תּושב ווערן באַהאַנדלט אין דער טיף און אין דער ברייט דורך די מפרשי־התּלמוד, וואָס זוכן אויך מאָטיוון פאַר די חילוקי־דעות און דערביי באַווייזן זיי, אַז ביי די ראשוני־הפּוסקים זענען נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען די תּלמודישע חילוקי־דעות. ס׳ווענדט זיך אָבער, ווי אַזוי מ׳טייטשט אויס זייערע מיינונגען.

הרב אברהם אליה קאַפּלאַן ווידמעט אַ ״שיעור״ דער דאָזיקער סוגיא [33]. ער ברענגט די גמרא און ער גיט צו: ״נראה לי, שלא נחלקו רבותינו אם יש לנו לקבל נכרי לכל המצוות חוץ מאחת או שתיים, שלדברי הכל יש לנו לעשות כן, אלא שנחלקו מאימתי הוא נעשה גר־תושב״. די חכמי התּלמוד האָבן נישט — לויט אים — פּאָלעמיזירט צי ווען אַ נכרי קומט צו אונדז און דערקלערט, אַז ער נעמט אויף זיך מקיים צו זיין אַלע מצוות פון דער תּורה, אַ חוץ איינער אָדער צוויי מצוות, נעמט ער נישט אויף זיך זיי צו היטן און דערפילן — דאַרף מען אים מקבל זיין מיט אָפענע הענט. די פראַגע איז, וואָס מ אַ כ ט א י ם פאַר אַ גר־תושב, און עס ליגט אויף יידן אַ חוב אים צו העלפן, שוין נישט בלויז ווייל ער איז אַ מענטש און איז גאָטס באַשאַף, נאָר שוין ווי אַ ן א י י ג ע נ ע ם.

אין שייכות דערמיט ברענגט הרב קאַפּלאַן פון רמב״ם, זיין פּסק הלכה [34]: ״״ואין גר־תושב, אלא בזמן שהיובל נוהג (שכן מפורש בערכין כ״ט, ע״א) אבל

בזמן הזה, אפילו קבל עליו כל התורה כולה חוץ מדקדוק אחד, אין מקבלין אותו״.

פון דעם רמב״מס לשון דרינגט הרב קאַפּלאַן, אַז אין צייט ווען דער יובל איז אָנגעגאַנגען, האָט מען געקענט מקבל זיין אַ גר, וואָס האָט גענומען אויף זיך מקבל צו זיין די תורה חוץ איין דקדוק (וואָס מיינט נישט בלויז איין דקדוק, איין פּינקטלעכקייט, נאָר אויסשליסן אַ טייל מצוות). מען האָט אים מקבל געווען, געגעבן וווינרעכט אין ארץ־ישראל.

און ווייטער: ״וכדי לישב התמיהה על החכמים, שהרי אף נכרים גמורים נצטוו על שבע מצוות, ומה זה קבלתו של גר תושב״... דער חילוק — האַלט ער — באַשטייט אין דעם, וואָס דער נכרי דאַרף מקיים זיין די ז י ב ן מצוות. אַז ער איז זיי מקיים, דערגרייכט ער אַ מדרגה. די דערהויבנקייט פונעם גר־תושב באַשטייט אין דעם, וואָס ער טוט עס ווי אַ מאמין, ער גלויבט אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני און אַז דער באַשעפער פון דער וועלט און מענטש האָט פאַרפליכטעט די בני־נח, זיי זאָלן דערפילן די זיבן מצוות און נישט בלויז צוליב זיין פאַרשטאַנד און מאָראַליש־עטישער איבערצייגונג.

אַ באַווייז האָט ער, פון דעם פריער דערמאָנטן רמב״ם [35]: ״כל המקבל שבע מצות ונזהר לעשותן, הרי זה מחסידי אומות העולם ויש לו חלק לעולם הבא, והוא שיקבל אותן ויעשה אותן מפני שצוה בהן הקב״ה בתורה והודיענו על־ידי משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן, אבל אם עשאן מפני הכרע הדעת א י ן ז ה ג ר ת ו ש ב, ואינו מחסידי אומות העולם ולא (אלא) מחכמיהם״ [36].

דער תורה־קאָנצעפּט, ווי געלערנט פון חז״ל, אין אויסטייטשן דעם גייסט פון מצוות התורה, איז געווען צו זיין פאַרזיכטיק ביים מקבל זיין גרים: אַ גר־תושב זאָל מען נעמען בלויז ווען יובל איז נוהג, ווען אַלע יידן זענען אין זייער לאַנד און ס׳איז נישטאָ די געפאַר פון אויסמישן זיך, די געפאַר פון געמישטע חתונות, פון גענצלעכער אַסימילאַציע. אַזוי לאַנג ווי זיי זענען זיך נישט מגייר ווי געהעריק, ווי גרי־צדק, איז דאָ די מורא פאַרן פרעמדן איינפלוס. אויב אין ארץ־ישראל איז געווען די מורא, אַז די כנענים־פעלקער קענען האָבן אַ השפעה צום שלעכטן, איז דאָך די געפאַר פיל גרעסער אין די גלות־לענדער...

פון דעסטוועגן, שרייבט הרב קאַפּלאַן:

״והנה אעפ״י שאין אנו מקבלים גר תושב בתוכנו בזמן הזה, מכל מקום כל נכרי יש לו רשות לנהוג מנהג גר תושב גם עכשו ולקבל עליו מעצמו שבע מצוות בני נח, מתוך אמונה שלימה בצווי ד׳, ואז הוא נעשה גר תושב מעצמו והרי הוא מחסידי אומות העולם...״ [37]. לויטן ראב״ד קען מען אפילו בזמן הזה, אין אונדזער צייט, מקבל זיין אַ גר־תושב... אפילו ווען ער איז זיך נישט מל און נישט טובל לשם גרות.

ווי מיר זעען, זענען הלכהדיק איינגעטיילט געוואָרן די מדרגות פון בן־נח, גר־

תּושב און גר־צדק און ווי אַ צוגאָב צו די הלכה־אויספירן, קען מען אַקסיאָמאַטיש־פאַקטועל סומירן:

אויב דער נישט־ייִד איז מקיים די זיבן מצוות, אפילו ער טוט עס אָן אמונה, נאָר פון זיין אייגענעם שׂכל — האָט ער שוין אַ מעלה — ער קאָן שוין נישט באַטראַכט ווערן ווי דער עקסטרעמער געצן־דינער. אין יהדות איז עס אַ הויפּט־פּרינציפּ צו באַקעמפן געצן־דינעריי. אויף דעם פּסוק "לא יהיה לך אלהים אחרים"[38] דער צווייטער פּסוק אין די עשרת הדברות, קאָמענטירן חז"ל: "כל הכופר בעבודה זרה, מודה בכל התורה" — דער וואָס לייקנט אין געצן־דינעריי איז שוין אַנערקענט ווי ער וואָלט מודה געווען אין דער גאַנצער תּורה...

דער רמב"ם[39] שטעלט פעסט, אַז דער ציל איז געווען אויסצוואָרצלען די עבודה זרה ביי ייִדן, נישט אָפּצולערנען זיך פון די אומווערדיקייטן ביי די כּנענים־פעלקער, צוליב זייער גלויבן אין דער פיל־געטעריי און אין די סאָרטן דינען צו זייערע געטער אויף אַן אומציוויליזירטן אופן, באַגלייט מיט רציחה און אויס־געלאַסנקייט.

ווען דער גר־תּושב דערגרייכט זיין סטאַטוס, איז צו האָפן, אַז ער וועט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון גר־צדק — צו ווערן אַ פולשטענדיקער ייִד, "כּישראל גמור לכל דבריו".

דער וואָס דערגרייכט נישט צו דער ערשטער מדרגה, איז דאָ דער חשד, אַז ער וועט עובר זיין אויף די שבע מצוות און אויף אַזעלכן איז געזאָגט געוואָרן, ווי הרב קאַפּלאַן[40] ציטירט: "לא מעלין ולא מורידין"[41] — דער "לא מעלין" קאָן ברענגען צו תּשובה, צו חשבון־הנפש. "ועוד נ"ל — שרייבט הרב קאַפּלאַן — שנכרי שאינו יכול לשוב בתשובה על חטא עבודה זרה שבידו, מפּני שנתחנך בכך מנעוריו, ואינו יודע כלל שיש חטא בדבר, הרי הוא מי שאמרו עליו חז"ל: 'נכרים שבחוץ לארץ, מנהג אבותיהן בידן'"[42], וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז זיי זענען נישט קיין פולשטענדיקע געצן־דינערס — אין זיין לשון: "כי אנוסים הם ואינם יכולים לשוב בתשובה, ולא עליהם תקנו חז"ל תקנת 'אין מעלין', שהרי לא יועילו בתקנתן כלום, ולא דברו חכמים אלא בנכרים שבארץ־ישראל, שהם יודעים את האמת ומבקשים למרוד בה, כאותן שאמרו בגמרא ש'אבירי לב הם'[43] עליהם נאמרה אותה תקנה, שאין מעלין אותן מן הבור, כדי שישובו מקשי ערפם בשעת הסכנה...".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ רעדט זיך לויט דער טרוקענער הלכה און די דאָזיקע תּקנות האָבן זייער יסוד אויך אין אומשטאַנדן און דערפאַרונגען מיט עובדי עבודה־זרה, ווי עס ווערט געטייטשט דער פּסוק[44] "לא יהיה שריד לבית עשו" — "בעושה מעשי עשו", אַז אומקומען וועלן נאָר די וועלכע פאַרנעמען זיך מיט רציחות, ווי עשו. אין צייט פון ייִדישע טראַגעדיעס דורך עשוס רציחות איז

נאַטירלעך, אַז אין אַזעלכע צייטן, זאָלן די גייסטיקע פירערס אַרויסקומען מיט די שטרענגסטע באַפעלן און געזעצן קעגן וועלכער נישט איז דערנענטערונג מיט אַזעלכע; און אויך צו האָבן חשד אויף די וועלכע מאַכן אַן אָנשטעל פון סימפּאַטיע, מיטלייד און אַ ווילן צו דערנענטערונג, בעת זיי האָבן זיך נישט גערייניקט פון זייערע פריערדיקע פאַרדאַרבענע מעשים.

די שטאַרקע באַגרענעצונגען זענען געשאַפן געוואָרן נאָכן חורבן, ווען דאָס מאַרטירער־בלוט האָט געזידט און געקאָכט אין די ייִדיש־מענטשלעכע אָדערן, ווי ביים נביא זכריה וואָס דאָס הייסע בלוט האָט נישט געקענט רוען און אַזוי ציט זיך עס ביזן לעצטן חורבן.

אין צרות און ווייטיק, ווען די מורא פאַרן פרעמדן, פאַר דעם גר־תושב וואָס האָט זיך דערקלערט פאַר אַ ייִד, איז געווען גרויס, האָט אָנגעוואָרפן פחד, מען האָט פאַר אים מורא געהאַט, טאָמער וועט ער זיך איבערגעבן צום שונא און אַרויסגעבן ייִדן, ווי עס קלאָגט דער דיכטער פון נאָצי־חורבן, יצחק קאַצענעלסאָן אין זיין דראַמע געשריבן אין געטאָ: "כ'האָב מערער ליב דעם אמתן גוי, ווי דעם גוי, וואָס ווערט אַ ייִד, כ'האָב ליבער אַ גוי אַ גויישן נאָך מער ווי אַ גוי אַ גר..." [45]. די שלעכטע דערפאַרונגען האָבן געווירקט, מ'זאָל נישט האָבן קיין צוטרוי צו די מענטשן...

געווען אַ תקופה (ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן), ווען קריסטן האָבן דווקא געוואָלט פאַרפירן וויכּוחים מיט ייִדישע גייסטיקע פירערס און ווען זיי זענען באַזיגט געוואָרן, ערשט דעמאָלט, אַנשטאָט נאָכצוגעבן, געבן גערעכטיקייט דער ייִדישער אמונה, זענען זיי גאָר אָנגעפאַלן מיט רדיפות, פּאָגראָמען און גירושים.

אַזוי איז געווען דער פאַל מיטן רמב"ן. אין 1263 האָט מען אויף אים אַרויפ־געצוווּנגען אַן עפנטלעכן וויכּוח מיטן משומד פּאַולוס קריסטיאַני אין באַרצעלאָנאַ, שפּאַניע, אין דער אָנוועזנהייט פונעם קעניג, וואָס האָט פאַרזיכערט דעם רמב"ן, אַז ער מעג רעדן אָפנהאַרציק, אָן מורא, נאָר אָנטפּלעקן דעם אמת [46]. דער רמב"ן האָט אויף אַלע פראַגן געענטפערט לאָגיש אַז אַלע האָבן געמוזט אים געבן רעכט. דער סוף איז אָבער געווען, אַז נישט געקוקט אויף די אַפּלאָדיסמענטן, אַז ער האָט באַזיגט דעם משומד, און דער קעניג האָט אים באַלוינט מיט דריי הונדערט דונרים, האָט ער דאָך געמוזט פאַרלאָזן זיין געבורטלאַנד. עס איז געווען זיין טובה צו באַזעצן זיך אין הייליקן לאַנד (אין עכו) וווּ ער האָט אָנגעשריבן זיין גרויס ווערק, אַ פירוש אויף תורה.

אין דער תקופה פון די בעלי־התוספות האָבן מיר אַ מאָדנע דערשיינונג: ס'האַלטן זיך אין איין מערן משומדים, די "השתמדות", ווי פאָרשערס [47] שרייבן, איז געוואָרן אַן עפּידעמישע דערשיינונג, נישט דורכלאָזנדיק די שענסטע פאַמיליעס, נישט איבערהיפּנדיק די טירן פון די גייסטיקע פירערס, און דעריבער זענען פאַראַן

אזוי פיל שאלות וועגן משומדים, וועגן פרויען פון משומדים, וועגן פרויען וועלכע האָבן זיך געשמדט, נאָך דעם זיך מגייר געווען און ענלעכע שאלות און נישט-ווייניק שאלות וועגן גרים און גרטעס.

פראָפ׳ ר׳ אפרים אורבאַך ברענגט וועגן אַ גרים-משפחה פון אונגאַרן, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן רבנו תם (ר׳ יעקב תם, רש״יס אייניקל). איינער פון זיי, ר׳ אברהם גר, האָט געטייטשט דעם מאמר ״קשים גרים לישראל כספחת״ [48], ווייל די גרים זענען בקיאים אין מצוות.

דער אברהם גר איז געקומען קיין פראַנקרייך פון אונגאַרן. זיינע זין זענען געוואָרן אָנגעזעענע לומדים, ר׳ יצחק און ר׳ יוסף ווערן עטלעכע מאָל דערמאָנט ביי די בעלי-התוספות — און ס׳איז זיך פאַרצושטעלן, אַז אויך דער פאָטער האָט געקענט לערנען, ווייל אַז נישט, וואָלט ער נישט דערמאָנט געוואָרן אין תוספות און מ׳וואָלט זיך ווייניק גערעכנט מיט זיינס אַן אויסטייטש.

דער ר״י הזקן, הויפּט פון די בעלי-התוספות, האָט געטייטשט דעם מאמר אַנדערש ווי דער גר. דאָס וואָרט ״כספחת״ — האָט ער געטייטשט: ״שמטמעים בישראל״, זיי באַהעפטן זיך אין ייִדנטום און דערמיט שאַפן זיי שוועריקייטן פאַר דער שכינה צו רוען צווישן ייִדן, ווי עס איז געזאָגט: ״אין השכינה שורה אלא על המשפחות המיוחסות בישראל״ [49]. דער ר״י הזקן, האָט שטאַרק געהאַלטן פון יחוס; אָבער נישט צו דערווייטערן משפחות, וועלכע זענען נישט מיוחסדיק און שטאַמען פון אַנדערע פעלקער און זענען פון איבערציייגונג אַריבער צום ייִדנטום.

ווען מען פאַרטיפט זיך אין דער ייִדישער געשיכטע אַזוי אין צייט פון בית שני, אַזוי אין מיטל-ערטער און נישט ווייניקער אין דער נייער צייט, דער צייט פון רענעסאַנס פאַר אַ סך פעלקער (אָבער נישט פאַר ייִדן אפילו ביי די רענעסאַנס-פעלקער), זעט מען ווי ייִדן האָבן געליטן פון נישט-ייִדן, נישט בלויז פון געצן-דינערס, נאָר אויך — און אפשר מערער — פון די קריסטן, פון די מוזולמענער, און פון די מומרים, משומדים.

מיר וועלן אין די ווייטערדיקע עטלעכע שורות זיך אָפּשטעלן וועגן דיליידן פון די ייִדן אין פראַנקרייך אין 11טן ביזן 13טן י״ה. די משומדים האָבן דאָן פאַר-שאַפט אַזוי פיל צרות. זיי האָבן געמסרט און דערפירט צום פאַרברענען דעם תלמוד.

דער משומד ניקאָלאַוס דונין — צו דערמאָנען איינעם — האָט אָנגעפירט מיט די מסירות, געפירט די וויכוחים און געשטעלט אין סכנה דעם ייִדישן ישוב. ער האָט צוגעשטעלט אויפרייצנדיקע, פּראָוואָצירנדיקע שאלות דעם באַרימטן פּאַריזער רב, ר׳ יחיאל, איינעם פון די בעלי התוספות. איינע פון די פראַגעס איז געווען וועגן וואָרט ״גויים״.

ר׳ יחיאל מפאריס, איז געבוירן געוואָרןביים סוף פון אלף החמישי; ער איז געווען דער תלמיד פון ר׳ יהודה סער לעאָן (נפטר ד״א, תתקפ״ד—1224) אַ גרויסער מלומד אויך אין וועלטלעכע לימודים. ער האָט אין זיין פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן אויס־דרוק באַשטעטיקט, אַז ייִדן מיינען דערמיט עובדי עבודה זרה; בכלל מיינט דאָס וואָרט ״פעלקער״.

ער האָט מצליח געווען אין זיין וויכוח — אָבער געהאָלפן האָט דאָס נישט. דער משומד דונין האָט באַאיינפלוסט דעם פויפסט גרעגאָר דעם ניינטן. דער לעצטער האָט געשריבן בריוו צו די פאָליטישע פירערס אין אייראָפּע, צו די קעניגן און ראָטגעבערס, אַז ייִדן באַנוצן זיך מיט תלמודישע זידל־ווערטער קעגן קריסטן...

לויט דער ניינטער, פראַנקרייכס קעניג, האָט איינגעלאַדן פיר ייִדישע גע־לערנטע, זיי זאָלן ענטפערן אויף די אָנקלאַגעס און איינער פון זיי איז געווען רבנו יחיאל. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר ה׳ אלפים — 1240, דער וויכוח איז אַריין אין דער ליטעראַטור א״ב ״ויכוח רבנו יחיאל מפאריס״ [50]. נישט געקוקט אויף זיין גרויסער הצלחה האָט מלכות — פּראָוואָצירט פון די יעזויִטן — דורכ־געפירט אַ גזירה צו פאַרברענען דעם תלמוד אויפן שייטער, אויף אַ פאַריזער גאַס.

ערב שבת קודש פרשת חוקת, סימבאָלישע דאַטע פון ״דא גזירת אורייתא״ [51], אינעם יאָר ה״א ד׳ (1244) זענען פאַרברענט געוואָרן אין פאַריז פיר־און־צוואַנציק וועגענער מיט ספרי תלמוד. דער טאָג איז באַשטימט געוואָרן אַלס תענית, טאָג פון קלאָג און טרויער. באַרימט איז די קינה פון רבי מאיר מרוטנברג: ״שאלי שרופה באש לשלום אבליך״.

צוליב די צרות און רדיפות האָט רבי יחיאל פאַרלאָזט פראַנקרייך, איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל, דאָרט געגרינדעט אַ ישיבה (אין יאָר ה״א, י״ט — 1259) און שטאַרק מצליח געווען. ער האָט אָנגעפירט מיט דער ישיבה אין עכו, ביז זיין אַוועקגיין פון דער וועלט (אין יאָר ה״א כ״ח — 1268). ער איז באַערדיקט געוואָרן ביים הר־הכרמל, חיפה.

ר׳ צדקיה ב״ר אברהם הרופא, וואָס האָט געלעבט ביים סוף פון 13טן י״ה, שרייבט:

״...ועל שאנו עסוקין בהלכות תענית ובענין שריפת התורה, כתבנו זה לזכר על מה שאירע בימינו על רוב עונותינו, אשר גרמה לנו ונשרפה תורת אלהינו בשנת חמשת אלפים וד׳ שנים לבריאת העולם (1244) ביום ששי פרשת וזאת חוקת התורה, כעשרים וארבעה קרונות מלאים ספרי תלמוד והלכות והגדות נשרפו בצרפת, כאשר שמענו לשמע אוזן, וגם מן הרבנים שהיו שם שמענו שעשו שאילת חלום לדעת אם גזירה היא מאת הבורא, והשיבו להם דא גזירת אוריתא, ופירושו, ביום ו׳ זאת חוקת התורה, היא הגזירה, ומאותו היום ואילך קבעוהו היחידים עליהם להתענות בו בכל

שנה ושנה, ביום ששי פרשת זאת חוקת התורה, ולא קבעוהו לימי החודש. תהא אפרה עלינו לכפרה...״ [52].

ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, האָט ר׳ מאיר מרוטנברג (ווירמיזא־וואָרמס, ד״א, תתקע״ה — 1215; ה״א, נ״ג — 1293; הובא לקבורה, ד׳ אדר, ס״ז לאלף הששי — 14 יאָר נאָך זיין פטירה אין תפיסה) באַוויינט די דאָזיקע טראַגישע גע־שעעניש, שטעלנדיק די פראַגע צום רבונו של עולם:

״...איכה נתונה באש אוכלה תאכל באש בשר ולא נכוו צרים בגחלים אתמה מאוד על מאיר היום אשר יזרח אל כל אבל יחשך עלי ואליך...״.

און ער טרייסט זיך:

״...כימות עניתך ינחמך צור וישיב שבות שבטי ישרון וירים את שפלך...״.

אויסרעכענען די אַלע וויכּוחים? נישט נויטיק: זיי האָבן תּמיד געבראַכט טראַגישע פאַלן, צי מ׳האָט מנצח געווען די שׂונאים, צי נישט — די שׂונאים זענען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער רשעות.

דער לעצטער אין דער רשימה פון די חכמי־צרפת, וואָס איז דערשינען אין דעם וויכּוח, און ווי פּראָפ׳ אורבאַך באַמערקט, דער ייִנגסטער פון די בעלי התּוספות, איז געווען ר׳ משה מקוצי, באַרימט אין דער רבנישער וועלט מיט זיין ״ספר מצות גדול״ — סמ״ג [53].

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן די דינים פון יין נסך [54], דריקט ער זיך אויס: ״ובני דורו (של דניאל — נ. ש.) שלא שמו לבם על זאת, ושתו מיין הגויים, כולם נתערבו בעמי הארץ ולקחו נשים אשדודיות ועמוניות חתיות ויד השרים הסגנים היתה במעל זה ראשונה״ [55].

פראַנקרייך איז געווען דער גרויסער ייִדישער קולטור־און־ליטעראַטור־צענטער, אָבער די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָן אויפהער געזוכט אָנצוטאָן כּל־מיני צרות, אַזוי אין אַלטערטום און אַזוי אין מיטל־עלטער און נישט ווייניק שוין אין דער נייער צייט.

דאָס פראַנצויזישע ייִדנטום האָט דורכגעמאַכט אַ גירוש: דעם 22טן יולי 1306 איז פאָרגעקומען אַ גירוש ווי גירוש שפּאַניע, וואָס האָט געצילט ממש צו ליק־ווידירן דעם ייִדישן ישוב. ס׳איז די ייִדן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1315, געגעבן געוואָרן אַ דערלויבעניש זיך אומצוקערן, אָבער ס׳איז שוין געווען אַך־און־ווי צום אומקערן זיך, מחמת זיי זענען ווייטער געווען אויסגעשטעלט צו לעבן און שאַפן צווישן אַזוי פיל שׂונאים. נישט געקוקט אויף די אַלע רדיפות, איז פראַנקרייך נאָך אַלץ דאַן געווען אַ גרויסער תּורה־צענטער פון ייִדן.

דעם זעלביקן גורל האָבן ייִדן געטיילט אין אַנדערע לענדער פון מזרח־און מערב־אייראָפּע. אין דייטשלאַנד — די אומאויפהערלעכע גירושים און שחיטות.

ס'איז בלויז צו באַוווּנדערן וואָס אונטער אַזעלכע אומשטאַנדן, זענען אויפגעשטאַנען תורה־גיגאַנטן און שעפערישע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן מיט זייער תורה און וויסן באַלויכטן דעם ייִדישן האָריזאָנט. צו די דאָזיקע געהערט דער פריער דערמאָנטער ר׳ מאיר מרוטנברג, גרויסער מנהיג, תורה־אויטאָריטעט — ער ציט די קייט פון די גדולים, בעלי התוספות. זיין וואָרט, זיינע תקנות, ווי די תקנות פון רבנו גרשם מאור הגולה (ד״א, תשכ״ה — 965 ; תשפ״ח — 1028), זענען געוואָרן תורה.

ווי באַקאַנט, איז דער מהר״ם מרוטנברג אַרעסטירט געוואָרן דורך אַ מסירה פון אַ משומד, ד׳ תמוז, שנת מ״ו לאלף הששי... ״ער איז איבערגעגעבן געוואָרן צום קיסר רודאָלף[56]. ווי ביי רבי עקיבא שהיה חבוש בבית האסורים און יהושע הגרסי משרתו[57], אַזוי אויך דער מהר״ם מרוטנברג. זיין תלמיד ר׳ שמעון ב״ר צדוק היה משרתו ורשם כל מנהג ומנהג של רבו... חכמי הדור המשיכו לפנות למהר״ם בשאלותיהם... פסקיו והכרעותיו היו להם כדברי האורים ותומים...״.

ער איז געקומען צו קבורה — ווי געזאָגט — ערשט אין יאָר ס״ו לאלף הששי, ד׳ באייר ״ואז הערה רוח נדיבה בלב נדיב אחד בק״ק ורקבורט, והיה הנדיב זיסקינד ווימפּן ופיזר הון עתק עד שהביאו לקבורה בקבר אבותיו בק״ק וורמיישא ואותו נדיב נפטר אחריו וקנה שביתתו אצלו...״.

פּרופ׳ אורבאַך שרייבט ווייטער:

״המהר״ם קיים בעצמו ובגופו את הדברים שכתב על קידוש השם. כשהאדם גומר בדעתו לקדש השם כל מה שעושין לו הן סקילה, הן שריפה, הן קבורת חיים, הן תליה, אין כואב לו כלום... ותדע שאם היה נוגע באצבע קטנה באש היה צועק אפילו אם היה בדעתו לעכב עצמו, לא היה יכול. ורבים מוסרים עצמם לשרפה ולהריגה על קידוש השם יתברך ואינם צועקים לא אוי ולא אבוי[58].

זיין תלמיד, ר׳ מרדכי בן הלל הכהן, איז אומגעקומען אויף קידוש־השם אין יאָר 1289. ער האָט פאַרפאַסט, אונטער דער השפעה פון זיין רבין, דעם ספר ״המרדכי״ — אַ גרויסע קאָמפּילאַציע ווי אַ פּירוש און צוגאָב צו די הלכות פון רבי אַלפס[59].

נאָך די אַלע צרות האָבן ייִדן נישט געהאַט קיין שׂנאה — און זיך באַמיט אויסצוּוואָרצלען שׂנאה, תמיד מעדיטירט, אַז עס איז אונדזער שולד: מ י ר ה אָ ב ן נ י ש ט ג ע ה י ט ד י ת ו ר ה ־ ג ע ב אָ ט ן. ר׳ אליעזר ב״ר נתן (הראב״ן, תת״ן — 1090 ; תתק״ל — 1170) וויסנדיק און זייענדיק באַהויכט פון די הלכות, אין שייכות מיט דער באַציִונג צו נישט־ייִדן, געצן־דינערס, היידן, האָט דערלויבט פאַרדינגען הייזער צו היידן און אָנגעגעבן זיינע טעמים: ראשית, אויב מ׳צאָלט שטייערן צו אַ נישט־ייִדישער פאַרוואַלטונג, איז שוין נישטאָ דער פאַרבאָט: ״ולא תביא תועבה אל ביתך״[60] — און זאָלסט נישט אַריינברענגען אַן אומווירדיקייט אין דיין הויז...

ווייל דאָס מיינט "ביתך המיוחד"... און צווייטנס: די גויים אין חוץ־לארץ זענען נישט קיין עובדי עבודה־זרה... אָבער ער פירט אויס: "ברוסיה ובארץ יוון וודאי אדוקין, שהם עושים על שעריהם ועל פתחי בתיהם ובכותלי בתיהם עבודה זרה"[61].

## הערות

### א

1 במדבר, כ״ג, ט׳; תנחומא, בלק, י״ב.
2 שבת, ל״ג, ע״ב; בראשית רבה, ע״ט, י׳; ירושלמי, שביעית, ט׳, א׳ א״א.
3 מועד קטן, ט׳, ע״א—ע״ב; תנחומא, בראשית, י״ג.
4 בראשית רבה, מ״ט, ו׳; ירושלמי, שביעית, ט׳, א׳.
5 לויט באַהויפּטונגען פון פאָרשער.
6 מעילה, י״ז, ע״א—ע״ב.
7 שיר השירים, ה׳, ט׳.
8 מכילתא, ס״ו; ברכות, ס״א, ע״ב; ירושלמי, ברכות, ט׳, ה׳.
9 בראשית, כ״ז, כ״ב.
10 ירושלמי, תענית, ד׳, ה׳.
11 דברים, כ׳, י״ז—י״ח.
12 זע, הרב ד״ר שמעון פעדערבוש, בנתיבי התלמוד, ירושלים, תשי״ז, ז״ז 201—205.
13 ירושלמי, שביעית, ו׳, א׳; רמב״ם, הלכות מלכים, ו׳, ד׳; רמב״ן, דברים, כ׳, ו׳. זע, תוספות, גיטין, מ״ו, ע״א, אָנהייב־וואָרט "כיון" אַז דאָס האָט יהושע געטאָן, איידער די ייִדן זענען אַריבער דעם ירדן.
14 ברכות, נ״ח, ע״א; ס״ב, ע״ב; סנהדרין, ע״ב, ע״א.
15 תהלים, פ״ג, ב׳—ח׳.
16 משלי, ג׳, י״ז.
17 דברים, ל״ב, ח׳. יהואָש איבערז.
18 רמב״ן — אויפן אָרט.
19 עמוס, ג׳, ב׳.
20 ירמיה, י׳, כ״ה.
21 ספרא, ראה, פיסקא פ״א.
22 כתובות, קי״א, ע״א. זע, תוספות עירובין, כ״ו, אָנהייב־וואָרט "ולכהן"; תוספות, פסחים, צ״ב, ע״ב, אָנהייב־וואָרט "בודקין"; תוספות, ע״ז, י״ג, ע״א, אָנהייב־וואָרט "ללמוד" — אַז ס׳רעדט זיך וועגן אַ מענטשן וואָס פאַרלאָזט ארץ־ישראל צוליב געלט, נעמט אין חוץ לארץ אַ פרוי, און זי האַלט אים אָפּ פון צוריקקומען קיין ארץ־ישראל, ווערט דאָס באַטראַכט פאַר אַ זינד.
23 זע, הרב ר׳ גדליה פעלדער, גבורתה של תורה, ז״ז 40—48; 66—68.
24 בראשית, ב׳, ט״ז; סנהדרין, נ״ו, ע״ב.
25 זע, שלמה אבינר, פרקי אהבה, ז״ז 82—83.
26 ברכות, י״ב, ע״ב.
27 דאָרט, ט״ז, ע״א; ל״ח, ע״א; נדרים, פ״א, ע״א; סוטה, מ״ו, ע״ב און נאָך. דער מהרש״ל, האָבן מיר אין אַ פריערדיק ווערק אָנגעוויזן, איז געווען קעגן.
28 ירמיה, ל״ה, י״ט.
29 מכילתא דרשב״י, יתרו, י״ח, כ״ז.

30 יהושע, ב׳, א׳.
31 דאָרט, ו׳, כ״ה.
32 ספרי זוטא, בהעלותך, כ״ט.
33 זע, ד״ר הלל זיידמאַן, הרב שמשון רפאל הירש, חכמת ישראל באירופה, בעריכת ד״ר שמעון פעדערבוש, הוצ׳ עוגן שליד ההסתדרות העברית באמריקה, תשכ״ה—1965, ז״ז 115—126.
34 19 בריוו וועגן ייִדישקייט — אין מיין באַזיץ, די ״אגרות צפון — תשע עשרה אגרות על היהדות״, אַרויסג. מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי״ב, עם מבוא מאת ד״ר יצחק היינמאַן ; אַרויס אין דייטש, אלטונה, 1836; אין העברעיש, ווילנא, תר״נ; אין ענגליש, לאָנדאָן, 1899 — און אין שפּעטערע אויפלאַגעס.
35 ״חורב״, ״כתב־עת ישרון״ און די אגרות שטעלן פאָר זיין אידעאָלאָגיע . . .
36 דערשינען אין משך פון 11 יאָר, פון 1867 ביז 1878. ער איז אויך דער מחבר פון אַ פּירוש אויף תהלים און אַ פּירוש אויפן סדר התפילות — אומעטום באַמיט ער זיך אַרויסצוברענגען זיין שיטה און מיט אָריגינעלע אויסטייטשן.
37 פּראָפ׳ יצחק היינמאַן אין זיין אַריינפיר צו די ״אגרות צפון״ (ירושלים, תשכ״ג), איז מסביר הירשס שיטה. אין זיין ספר ״טעמי המצוות בספרות ישראל״ (חלק ב׳, פּרק ד׳) פאַרנעמט זיך פּראָפ׳ היינמאַן מיטן אויסטייטשן און אויפקלערן די חידושים פון רש״ר הירש, זיין יהדות־פילאָזאָפיע, און זאָגט אַז ער איז געווען דער ״יפה דורש ויפה מקיים״, לויטן תלמודישן אויסדרוק : ״נאה דורש . . .״ זיינע מעשים האָבן האַרמאָנירט מיט זיין געדאַנקען־גאַנג : נצחיות התורה, קיום היהדות און רוח־היהדות צוזאַמען מיט וויסנשאַפט און וועלטלעכע לימודים.
38 זע, הרב ר׳ אברהם אהרן פרייס, משנת אברהם, סמ״ג, ב׳, ז״ז קע״ג—קע״ד; רס״א—רס״ב; רע״ט.
39 זע, רש״י — אויפן אָרט.
40 יבמות, פרק האשה שהלך בעלה, צ״ז, ע״א; רי״ף און נימוקי יוסף — סוף פרק; סמ״ג, סימנים: פ״ט, קי״ב—קי״ז, רמ״ז—רמ״ח; זע אויך אור המזרח, תשרי תשל״א.
41 זע, מהרי״ל גרויבאַרט, חבלים בנעימים, ד׳, אהע״ז, ל׳, ז״ז 50—62; האומה, גליון 31, סיון תשל״א; אור המזרח, תשל״א און תשל״ג, כרך כ״ב, חוב׳ א׳.
42 זע, המנהיג, מהדורת רפאל, חלק א׳, סימן ל״ב; ביאור און פירוש פון ד״ר יצחק רפאל, ז״ז קס״ב—קס״ג; הרב ר׳ גדליה פעלדער, מומר לאור ההלכה, נחלת צבי, א׳, ז״ז ר״ג—ר״ד, רכ״ד—רכ״ה.
43 זבחים, קט״ז, ע״ב, דאמר מר — רש״י: במכילתא פ׳ יתרו — אין לך כל שר ונגיד שלא בא על רחב הזונה, אמרה: יהא מחול לי בשכר חבל, חלון ופשתים . . . זע, רש״י.
44 מגילה, י״ד, ע״ב. זע, תוספות, אָנהייב־וואָרט ״דאיגיירה״ — דאפילו בגירותן לית להו חתנות — אסורין בלאו דלא תתחתן און תוספות ברענגט צוויי תירוצים. איין תירוץ אַז זי איז נישט געווען פון די זיבן כנענים פעלקער. זע אויך תוספות גיטין מ״ו, ע״א, אָנהייב־וואָרט ״כיון״.
45 סוטה, ל״ה, ע״ב, תוס׳ אָנהייב־וואָרט ״לרבות״.
46 שבת, ל״א, ע״א.
47 בראשית רבה, מ״ד, א׳.
48 מורה נבוכים, ג׳.

## ב

1 בוענאָס־איירעס, תשי״ד—1954, ז׳ 87.
2 מלכים ב׳, כ״א; דברי הימים ב׳, ל״ג — דם נקי שפך . . . סנהדרין, י״א, א׳; גמרא, צ׳, ע״א; ק״א, ע״ב; ק״ג, ע״א—ע״ב; יבמות, מ״ט, ע״ב הרג את ישעיה הנביא —

אין לו חלק לעולם הבא; ר׳ יהודה אומר — יש לו חלק . . . עשה תשובה אחר יסורים . . .

3 מלכים א׳, י״ג; סנהדרין, צ׳, ע״א, ק״א—ק״ב אין לו חלק עולם הבא, שעשה מריבה בין ישראל לאביהם שבשמים . . . יורד לגיהנום לדורי דורות — ראש השנה, י״ז, ע״א ״תפשו הקב״ה בבגדו וא״ל חזור בך, ואני ואתה ובן ישי נטייל בגן עדן״ — ירבעם דער בעל גאה האָט זיך אָפּגעזאָגט, דעריבער די שטראָף.

4 יומא, ט״ו, ע״ב.

5 פירוש המשנה, פרק קמא דחולין.

6 מהר״ץ חיות, דרכי משה, ז״ז תפ״ה—תפ״ו.

7 שבת, ט״ו, ע״א.

8 סנהדרין, מ״ג, ע״א.

9 די משנה, מכות א׳, ט׳, דף ז׳: סנהדרין ההורגת אחד בשבוע — נקראת חובלנית; ר׳ אליעזר בן עזריה אומר — אחד לשבעים שנה; ר׳ טרפון ור׳ עקיבא אומרים — אילו היינו בסנהדרין, לא נהרג אדם מעולם — רש״י: כדמפרש בגמרא שבדקו את העדים בדבר שלא ידעו להשיב. ר׳ שמעון בן גמליאל אומר: אף הן, מרבין שופכי דמים בישראל — רש״י: שלא יראו מבית־דין. אין ייִדיש: אַ סנהדרין וואָס האָט פֿאַר־אורטיילט אַ געמשפּטן איין מאָל אין זיבעציק יאָר איז עס באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַ פֿאַרדאַרבערין און ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא, אַז ווען זיי וואָלטן געווען אין סנהדרין וואָלט קיין איין מענטש נישט פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

לויטן לשון און טאָן, ווייזט אויס אַז אין זייער צייט האָט דאָס סנהדרין סיי־ווי ניט געקענט משפּטן מיט טויטשטראָף.

אין אונזערע ש״ס־אויסגאַבעס, געפינט זיך נישט די מעשה מיטן משפּט ביי די סנהדרין, אינעם ש״ס, הוצ׳ מאָרגן־זשורנאַל, תרע״ג, געפינט זיך דאָס ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אין די השמטות, ז׳ 6.

10 הלכות רוצח, ד׳, ט׳.

11 דברי הימים, א׳, כ״ב, ח׳.

12 תענית, ד׳, ע״א.

13 ירמיה, י״ט ה׳.

14 מלכים ב׳, ג׳, כ״ז.

15 ויקרא רבה, סוף בחוקותי; תענית, ד׳, ע״א.

16 שופטים, י״א, ל״א; י״ב, ז׳; בראשית רבה, ס׳, ג׳; ע׳, ג׳; ויקרא רבה, ל״ז, ד׳.

17 מורה נבוכים, ג׳ מ״ה; מהר״ץ חיות, עטרת צבי, ז״ז תפ״ז—תצ״א.

18 מלכים א׳, ח׳, מ״א—מ״ג.

19 גיטין, נ״ט, ע״ב; רמב״ם, עכו״ם, ו׳.

20 ברכות, י״ז, ע״ב.

21 קדושין, ל״ג, ע״א.

22 תלמוד תורה, י׳, ט׳.

23 ויקרא, י״ט, ל״ב; מגילה, י״ז, ע״א; קדושין, ל״ב—ל״ג — מפרשים אויפן אָרט.

24 הלכות תשובה, ג׳; הלכות עדות, י״א; הלכות מלכים, ח׳.

25 מהר״ץ חיות ברענגט די דעה א. נ. פון ר״ן און אין נאָמען פון תוספות, בכורות, ב׳, ע״ב; אויך א״נ פון רמ״א, או״ח, סימן תנ״ו.

26 משלי, ג׳, ט״ו; עבודה זרה, ג׳, ע״א.

27 יבמות, ע״ט, ע״א.

28 תוספות, יבמות, ס״ז, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״אמר״; סוטה, מ״ח, ע״ב.

29 ברכות, כ״ט, ע״א.

30 הלכות ברכות, פרק ב׳.

31 סנהדרין, י״א, ע״א.

32 מהר״ץ חיות, ז׳ ש״ו.

33 וועגן תורה שבעל פה — אין די ספרים פון מהרי״ל איגר און ר׳ צדוק הכהן מלובלין. דער מהר״ץ חיות אין ״תורת נביאים״, ווידמעט אַ פּרק תורה שבעל פה, ז״ז קי״א—קל״ו.

34 סנהדרין, כ״א, ע״ב; רמב״ם, פירוש המשניות, ידים, ד׳; רמב״ן אויף תורה, סוף דברים.

35 חולין, י׳, ע״ב; רמב״ם, פירוש המשניות, ברכות, פרק ה׳.

36 מגילה, י״ג, ע״א; שמות רבה, י״ח, ׳ג; ויקרא רבה, א׳, ב׳, ג׳; תנחומא א״אַ; אין מיין ווערק ״באַציִונג צו דער פרוי״ — אויספירלעך.

37 דאָרט און אין מדרשים.

38 בראשית, י״ד, כ׳. רש״י : ״ויתן לו אברהם מעשר מכל אשר יש לו — לפי שהיה כהן״. תורה שלמה — באריכות.

39 מ. מ. כשר, תורה שלמה, ציטירט אַ צאָל מדרשים ווער וועמען האָט געדאַרפט געבן מתנות. די מפרשי התורה פאַרנעמען זיך מיטן אויסדרוק ״והוא כהן לאל עליון״. פאַקטיש זענען נאָך נישט געווען קיין בני ישראל און במילא נישט קיין כהונה. מעגלעך אַז כהונה, ווי אברהמס באַציִונג צום מלך שלם, איז געמיינט געוואָרן אַ חשובער מענטש און אברהם האָט אים געגעבן מתנות, ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג און דאָס זאָל געווען זיין אַ באַווייז, אַז דער ״מלכי צדק״ איז פון די מאמינים אין אחדות אלהות, פאָלגט נאָך די אמונה פון אברהם אבינו. אין זיין ברכה האָט ער דאָך געזאָגט : ״. . . ברוך אברם לאל עליון קונה שמים וארץ״.

40 אבות, ג׳, ט״ז (ח״י לויט אייניקע).

41 זע, נחלת אבות פון רבינו דון יצחק אברבנאל און תולדות שמשון אויף אבות. דאָס זאָל זיין דער מאָטיוו וואָס ר׳ עקיבא באַנוצט זיך מיטן פסוק וואָס ווערט געזאָגט ביי נחן (בראשית, ט׳, י׳) און נישט מיטן פסוק ״ויברא אלקים את האדם בצלמו . . .״ (בראשית, ט׳, כ״ז).

42 ויקרא, י״ט, י״ח.

43 ירושלמי, נדרים, ט׳, ד׳.

44 דאָרט, ט״ז, ה׳.

45 ״קטעים מיצירתו״, ירושלים, תש״ך, ז״ז 20—25.

46 בראשית, ה׳, א׳.

47 ירושלמי, נדרים ט׳, ד׳; תו״כ, קדושים, ד׳, י״ב; בראשית רבה, כ״ד, ז׳; מ. מ. כשר, תורה שלמה, ב׳, ה׳, הערות אות א׳.

48 דברים רבה, תצא, י׳, ט׳.

49 דברים, ב׳, ח׳.

50 דאָרט, כ״ג, ה׳.

51 שמות, ב׳, ט״ז—י״ז.

52 תרגום יהואָש.

53 רש״י, שמות, י״ח, ב׳.

54 דאָרט, דאָרט, ה׳.

55 רש״י, דאָרט, כ״ז; במדבר, י׳, כ״ט—ל״ב; שופטים, א׳. ט״ז; שופטים, ד׳, י״א, י״ז—כ״א; שופטים, ה׳, כ״ד.

56 אין זיין הקדמה צו ויקרא רבה, ז״ז כ׳—כ״ג, ״היחס לבן הנכרי״.

57 זע, דאָרט — באריכות.

58 דאָרט, ז״ז כ״ג—ל׳.

59 ישעיה, נ״ב, ז׳.

60 הקדמה צום ספר ״זרע יעקב״, הוראָדנאָ, תקס״ד, ציטירט פון ״אוהל רחל״, ר׳ חיים ליבערמאַן, ז׳ 340.

61 ע״ז, י׳, ע״ב.

62 זע, מהרש״א, דאָרט — פאַר וואָס רבי האָט געוויינט . . .

63 דאָרט, י״א, ע״א. ר׳ ישראל ליפשיץ אין זיין ״הגהות הש״ס״, גיט צו: ״מכאן למנהג עולם דכשמת אחד מחברים, לומר למת, דמעתה נסתלק חברותא שלהם ממנו״.

64 בראשית, כ״ה, כ״ג. רש״י אויפן אָרט און ראָ״ם — אין אויסטייטשן רש״י. ר׳ ישראל ליפשיץ ווייזט אָן, אַז ״גויים״ איז אַ ניואַנס פון ג א י ם — וואָס מיינט גרויסקייט, ״מלשון שררות וחשיבות״.

65 בראשית רבה, מ״ו, י׳ — הוצ׳ מירקין.
66 בראשית, י״ז, י״א.
67 אויפן סמך פון היסטאָריקער.
68 יומא, ג׳, י׳; גמרא, ל״ז, ע״א—ע״ב; ב״ב, י״א, ע״א; ירושלמי, פאה, א׳, א׳.
69 תרגום פיעטרושקאַ.
70 מיר האָבן וועגן איר געשריבן אין די ווערק: ״באַציִונג צו דער פרוי״ און אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״.
71 יאָזעפוס, קדמוניות, כ׳, ב׳—ד׳. גיט איבער איינצלהייטן, ווי אַזוי דער גירות איז ביי זיי דורכגעפירט געוואָרן.
72 ירושלמי, נדרים, ל״ז, ע״ד; מעשר שני, נ״ו.
73 דאָרט, דאָרט. וועגן ר׳ אחא, זע, היימאַן תולדות תנאים ואמוראים.
74 זע, ה. גרעץ, געשיכטע, פערטער באַנד, ז׳ 371; שמעון דובנאָוו, די געשיכטע פון יידישן פאָלק אין מזרח, באַנד 3, ז״ז 189—194; 198; 250 — פון יוליאַנוסעס פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן.
75 תולדות תנאים ואמוראים, ירושלים, תשכ״ד, כרך א׳, ז׳ 16.
76 ע״ז, י׳, ע״ב; פאה, א׳, א׳; בראשית רבה, ל״ה, ג׳.
77 ב״מ, ע׳, ע״ב; ע״ז, ל״ו, ע״ב; חולין, ס״ב, ע״ב.
78 ברכות, נ״ו, ע״א; סנהדרין, צ״ח, ע״א.
79 סוכה, נ״ג, ע״א; ב״מ, ע׳, ע״א; קי״ט, ע״א; מו״ק, כ״ו, ע״א.
80 מו״ק, כ״ו, ע״ב.
81 יבמות, ט״ז, ע״ב — י״ז, ע״א.
82 תענית, כ״ד, ע״ב.
83 זבחים, קט״ז, ע״ב; נדה, כ׳, ע״ב.
84 זע, הרב אלעזר הורביץ, פירוש רבנינו חננאל למסכת נדה, הדרום, נ״א, ניסן, תשמ״א.

## ג

1 בראשית רבה, ס״ג, ב׳; תנחומא, לך, י׳ א״א.
2 בראשית רבה, מ״ב, י״ג.
3 בראשית, י״ב, ה׳.
4 בראשית רבה, י״ב, י״ד.
5 בראשית, י״ח, א׳.
6 רש״י — לויט מדרשים; זע, דעת זקנים און שפתי חכמים — אויפן אָרט.
7 שמות, א׳, ח׳—ט׳.
8 וועגן זיי — אין מיינע ווערק.
9 שמות, י״ז, ח׳—ט״ז; דברים, כ״ה, י״ז—י״ט; רש״י און מפרשים.
10 דברים, ד׳, ו׳.
11 ספרי, פרשת ברכה; רש״י — אויפן אָרט.
12 שבת, פ״ט, ע״ב; זע, מהרש״א, חדושי אגדות.
13 זהר, ג׳, בלק עמ׳ קצ״ט; רש״י און בעל הטורים.
14 תנחומא, בלק, ב׳; רש״י, כ״ב, י״א.
15 אין מיינע דרוש־ספרים.
16 יונתן בן עוזיאל: ״ושדר עזגדין לות לבן ארמי הוא בלעם דבעי למבלוע עמא בית ישראל, בר בעור דאיטפש מסוגעי חכמתיה ולא חס על ישראל זרעא דבני בנתיה . . .״.
17 סנהדרין, ק״ה, ע״א.
18 בראשית, ל״ב, מ״ו—מ״ז.
19 תרגום יונתן — אויפן אָרט.

20 רש"י, במדבר (בלק), כ"ג, כ"ח.
21 ירושלים, ז"ז שט"ו—שט"ז.
22 "רות בתו של עגלון, בנו של בלק היתה" — סוטה, מ"ז, ע"א. אין מסכת נזיר, כ"ג, ע"ב: "וא"ר יוסי ב"ר חנינא, רות בתבנו של עגלון מלך מואב היתה"; זע אויך, סנהדרין, ק"ה, ע"ב; הוריות, י', ע"ב. תוספות, נזיר, קאָמענטירט "...לאו דווקא, אלה הרבה דורות היתה אחר עגלון...". זע אויך "אורח מישור", נזיר, אויפן אָרט. עגלון האָט זוכה געווען צוליב דעם וואָס ער האָט זיך אויפגעשטעלט, ווען אהוד האָט דערמאָנט גאָטס נאָמען: "דבר אלקים אליך". זע אויך, סנהדרין, ס', ע"א, תנחומא, אויפן אָרט; רות רבה א"אַ.
23 שופטים, ג', י"ב—ל'; במדבר רבה, ט"ז, כ"ז; רש"י, שופטים — אויפן אָרט. ווייזט אויס, דער זכות איז געווען אי פון בלק און אי פון עגלון — ס'זאָל פון מואָב אַרויסקומען די פרוי פון וועלכער ס'זאָל אַרויסקומען מלכות דוד ושלמה.
24 פּרשת בלק, דאָרט.
25 רש"יס אויסדרוק ביי אמנון ותמר.
26 ברכות, ז', ע"א.
27 תהלים, ז', י"ב.
28 תהלים, ל', ו'.
29 מיכה, י', ה'.
30 ברכות, ז' ע"א — באריכות.
31 זע, תנחומא, בלק, א' און אַנד. מדרשים.
32 דברים, כ"ג, ד'—ז'.
33 זע, ברכות, כ"ח, ע"א; מנחת חינוך, מצוה, תקס"א; הרב ר' אהרן לעווין, הדרש והעיון, בלק, ז"ז ע"ה—ע"ט.
34 סנהדרין, ק"ה—ק"ו; תנחומא, בלק; במדבר רבה, כ', ח'; ברכות, ז', ע"א.
35 מגילה, ט"ז, ע"ב.
36 ויקרא, י"ח, ה'.
37 במדבר, כ"ח, י"א—ע"ג.
38 בכורות, י"ז, ע"א.
39 סוכה, מ"ט, ע"ב; תנחומא, לך לך, י'; בראשית רבה, ל"ט, ב'; כ"א; שיר השירים, רבה, א,, כ"א—כ"ב; חגיגה, ג', ע"א; ספרי, ואתחנן, ל"ב; אבות דרבי נתן, י"ב, ח' א"אַ.
40 ברכות, י"ג, ע"א; מגילה, י"א ,ע"א; נדרים, ל"ב, ע"ב.
41 בראשית רבה, ל"ט, ח'.
42 בראשית, ב', ד'; בראשית רבה, י"ב, ט'. זע, אהרן ראַזמאַרין, תנ"ך ענציקלאָפּעדיע, באַנד 1, ז"ז 46—51.
43 שמות, י"ב, מ"ג—מ"ט; תרגום יהואָש; שמות רבה, י"ט, ד'.
44 שמות רבה, י"ט, ד'.
45 נ"ו, ג'.
46 במדבר, ה', י"ב.
47 סוטה, כ"ו, ע"א; תורת כהנים און ספרי — אויפן אָרט.
48 זע, ברוך עפשטיין, תורה תמימה, פ' מקץ, מ"ב, ז'.
49 ויקרא, י"ט, ב'.
50 קדושין, ע', ע"ב.
51 סנהדרין, ל"ט, ע"ב. אויף אַן אַנדער אָרט, באַרירן מיר דעם ענין נבואה ביי גרי צדק, און געבראַכט די מיינונג פון אדמו"ר ר' צדוק הכהן מלובלין.
52 זע, אור המזרח, תשרי, תשל"ח, ז"ז 56—70 וועגן "כקטן שנולד" אין הלכה.
53 דברים, כ"ו, ג'.
54 בכורים, א', ד'.
55 בראשית, י"ז, ה'.

57 בכורים, ב׳, ד׳.

58 תלמוד ירושלמי, פארענדיקט געוואָרן פון ר׳ יוחנן, אַרום הונדערט יאָר פאַר חתימת תלמוד בבלי.

59 דער רבינו תם (ר׳ יעקב, תת״ס—1100; דתתקל״א—1171). רבנו יצחק, דער ר״י, זון פון רבנו שמואל, שוועסטערזון פון רבנו תם און רשב״ם, נאָכפאָלגער און ראָש פון די בעלי התוספות. זע אויך תוספות בבא בתרא, פ״א, ע״א, אָנהייב־וואָרט ״למעוטי״.

60 זע, תורה תמימה, דברים, דאָרט, אות י״ז. ער ברענגט אַ ראיה פון דער הגדה, וואָס דער דין איז, ״גר עושה פסח כישראל״ און ווי רבן גמליאל פסקנט: ״כל שלא אמר שלשה דברים אלו בפסח לא יצא ידי חובתו״ (פסחים, קט״ז, ע״ב) און דאָרט, ווערט געזאָגט: ״פסח שהיו אבותינו אוכלים על שום שפסח...״ מיר געפינען נישט אַן אַנדער נוסח פאַר אַ גר. די ראיה איז אַ גאַר שוואַכע, ווייל לויטן רבינו תם, וואָלט מען דעם גר געהייסן זאָגן ״שהיו אבות ישראל אוכלין...״.

61 קהלת רבה, אויפן פסוק ״כל הנחלים הולכים אל הים״, א׳, י״ח.

62 יבמות, כ״ד, ע״ב; אין זוהר — אויף עטלעכע מקומות.

63 זע, תוספות, דאָרט, אָנהייב־וואָרט ״לא בימי״.

64 דברים, י״ז, ט״ו.

65 מלכים, א׳, ד׳.

66 רש״י: ״מעובד כוכבים הבא על ישראלית הוה״ און תוספות גיט אָן דעם נאָמען פון זיין פאָטער, איסור גיורא. רב מרי איז געווען ״הורתו שלא בקדושה ולידתו בקדושה״. רש״י גיט אָן זיין יחוס — גענעאַלאָגישע קייט — און וואָס עס האָט דאָן פאַסירט: איסור גיורא איז ״געקומען אויף רחלן״, די טאָכטער פון שמואל, תלמיד פון רבי יהודה הנשיא, חבר פון רב, פון די ערשטע אמוראים, בעת זיינע טעכטער זענען געוואָרן גענומען אין געפאַנגשאַפט (כתובות, צ״ג, ע״א) און זי איז פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט. בעת זי איז געווען מעוברת, האָט זיך איסור מגייר געווען, אַזוי אַז ווען מרי איז געבוירן געוואָרן, איז דער פאָטער שוין געווען אַ ייִד,ביידע עלטערן געווען ייִדן — לידתו בקדושה...

67 קדושין, ס״ו, ע״ב.

68 דער כסף משנה ברענגט פאַר תוספות, אין נאָמען פון תלמוד ירושלמי, ״מנין לרבות שוטרי הרבים וגבאי צדקה... תלמוד לומר, מקרב אחיך — כל משימות שתשימהו עליך לא יהא אלא מן הברורים שבאחיך...״.

69 זע, עשרה יוחסין, קדושין, ע״ז; סוטה, מ״א; סנהדרין, כ׳, תוספות ורש״י; ספרי שופטים, אַז דאָס ווערט קלאַסיפיצירט ווי אַ מצוות לא תעשה. אַ היתר אויף אחאב, ער איז געווען קעניג בלויז אויף יהודה ובנימין, זע, דאָרט, תולדות אדם, רמד״א טרויש, בעל מרכבת המשנה.

70 זע, ברטנורא, תוספות יום־טוב, תפארת ישראל, יכין ובועז — בכורים, אויפן אָרט.

71 אין תוספתא, בבא קמא, פרק החובל.

72 סוטה, מ״א, ע״ב.

73 זע, תוספות, אָנהייב־וואָרט ״כיון״, יבמות, מ״ה, ע״ב. דער לחם משנה (ר׳ אברהם די בוטון, ש״ה—1545; שמ״ח—1588) ווייזט אָן אויף תוספות אין החולץ, דף מ״ה, ע״ב, אַז דער איסור, דער פאַרבאָט איז נישט קיין תורה־פאַרבאָט, נאָר אַ רבנן־פאַרבאָט. ער שטעלט זיך, פאַרוואָס דער רמב״ם האָט דאָס נישט געבראַכט אין זיין יד החזקה, בעת דער סמ״ג האָט דאָס אַריינגענומען אין די צאָל לאווין־פאַרבאָט, סימן רכ״א.

74 סוכה, נ״א, ע״ב; ב״ב, ד׳, ע״א.

75 קדושין, ע׳, ע״ב.

76 זע, ר״נ קראָכמאַל, ״מורה נבוכי הזמן״ — באריכות.

77 פסחים, ס״ו, ע״א; ירושלמי, פסחים, ו׳, א׳.

78 אינעם ספר ״במקום א דרשה״ — ספר בראשית (נאָך אין מאַנוסקריפט) — אויספיר־לעכער.

79 יחזקאל, ל״ג, כ״ב.

80 בכורות, י״ז ע״א.
81 בראשית, י״ז, ד׳—ה׳.
82 ברכות, י״ג, ע״א.
83 סוכה, מ״ט, ע״ב; בראשית רבה, ל״ט, ב׳; שיר השירים רבה, א׳, כ״ב; אבות דרבי נתן, י״ב, ח׳ א״אַ.
84 בראשית, ב׳, ד׳; בראשית רבה, י״ב, ח׳; זוהר, א׳, ד׳.
85 בעל הטורים — אויפן אָרט.
86 תהלים, פ״ט, ג׳ — יהואָש איבערז.
87 מיכה, ג׳, כ׳.
88 בראשית רבה, נ״ד, א׳; נ״ט, ט׳.
89 שיר השירים רבה, ד׳, ט״ז.
90 בראשית רבה, פ״ב, ג׳.
91 זע, ״רבי ישראל בעל שם טוב״, געזאַמלט פון חנוך גליצנשטיין, איבערגעזעצט פון אוריאל צימער, אַרויסג. ״אוצר החסידים״, ברוקלין, התש״ך — צו די צוויי הונדערט יאָר פון דער הסתלקות פון בעש״ט, ז״ז רס״ו—רס״ח.
92 בבא בתרא, ט״ו, ע״א; בראשית רבה, י״ט, ט׳; זוהר לך לך, פ״ו, ע״ב; וירא, קי״ח, ע״ב א״אַ.
93 בראשית, כ״ג, י׳.
94 אין מיין דרוש־ספר.
95 בראשית, י״ב, ז׳; ט״ו, י״ח; כ״ד, ז׳ א״אַ.
96 ישעיה, מ״ב, ו׳.
97 סוכה, מ״ט, ע״ב; חגיגה, ג׳, ע״א.
98 דברים, כ״ז, ט׳.
99 זיינע מאמרים וועגן גיור און אַנד. אַקטועלע מדינה־פּראָבלעמען, זענען דערשינען אין ״מעריב״, ״הצופה״, פנים אל פנים״ און אַנד. פּעריאָדישע שריפטן. דער מאמר וועגן גיור כהלכה, איז אויך דערשינען אין יידיש, אין ״דער אַלגעמיינער זשורנאַל״, אָקט. 6, 1972.
100 שבת, ל״א, ע״א.
101 מה שתלמיד ותיק עתיד לומר (לחדש) לפני רבו, כולן נאמרו למשה מסיני — ויקרא רבה, כ״ב, א׳; ירושלמי, פאה, ב׳, ז׳ א״אַ.
102 זע, ״באַציִונג צום פרעמדן״, טאָראָנטאָ, התש״ה—1945 און אין איצטיקן ווערק אַ באַזונדער פרק ״מיהו יהודי״.
103 רמב״ם: הלכות עכו״ם, י׳, ה׳; הלכות מלכים, ח׳, י״א; י׳, ט׳; הלכות תשובה, ג׳, ה׳.

ד

1 תוס׳ סוטה, ל״ה, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״כיצד״, ברענגט עס פאַר דער תוספתא; ציטירט פון ירושלמי, צוויי ווערסיעס.
2 ירושלמי, ברכות, ב׳, ח׳ (דף כ׳, ע״א); שיר השירים רבה, ו׳, ב׳ און ה׳—ו׳.
3 שיר השירים, ו׳, ב׳.
4 רמז, רצ״ח.
5 תהלים, קל״ב, ט׳.
6 יחזקאל, ה׳, ז׳.
7 דאָרט, י״א, י״ב.
8 סנהדרין, ל״ט, ע״ב.
9 ילקוט נביאים, רמז רצ״ח.
10 זוהר, פקודי, רס״ח, ע״א.

11 זע, ספר חסידים הוצ׳ הרב ר׳ אברהם אהרן פרייס, הכולל: ביאורים, הערות והארות ... חלק ראשון, טאראנטא, ה׳ תשט״ו; חלק שני, ניו־יארק, התש״ך; חלק שלישי, נ.י., תשכ״ה. אַ גרעסערע צאָל סימנים וועגן די זיבן פעלקער, וועגן גרים, וועגן חסידי אומות העולם — און בכלל, הלכה און ווי אַזוי יידן דאַרפן זיך באַנעמען מיט ניט־יידן.

12 רמב״ם, סוף הלכות שמיטה ויובל.

13 תנא דבי׳ אליהו רבה, פרק ט״ו.

14 אגרת הרמב״ם לר׳ חסדאי — ציטירט, לויט הרב שאַפראַן אין זיין דערמאַנטן ווערק. אין ספרא (אחרי מות): ״ונכרי שעושה את התורה, הרי הוא ככהן גדול״.

15 יבמות, ס״א, ע״א.

16 שופטים, ה׳, ל״א; גיטין, ל״ו, ע״ב.

17 זע, שאַפראַן, דאָרט — באריכות.

18 נומ׳ 26.

19 מ״ט, ט״ו.

20 מיכה, ד׳, ה׳; אבות, ג׳, י״ד.

21 פרי צדיק, קדושת השבת; רמח״ל, דרך ד׳, א׳, ג׳.

22 אבות, ב׳, א׳. זע, שמשון דונסקי (1899—1981), צו דער געשטאַלט פונעם בעש״ט, קאַנאַדער יידישער אַלמאַנאַך, מאָנטרעאָל, תשמ״ב—1982, ז׳ 8.

23 ״אמר הקב״ה, אין אני יכול להסתכל ברשע״ (שבת, ק״ד, ע״א); ״אסור לאדם להסתכל בצלם דמות אדם רשע״ (מגילה, י׳, ע״א); ״אל תתחבר לרשע״ (אבות, א׳, ז׳) א״אַ.

24 רמ״מ כשר, התקופה הגדולה, ז״ז צ״ד—צ״ה.

25 צדקת הצדיק, אות מ״ח.

26 משלי, א׳, ט״ו.

27 סוטה, ו׳, ע״ב.

28 עירובין, י״ט.

29 יבמות, ע״ט.

30 דברים, ב׳, י״ז—י״ח.

31 הרב ד״ר שמעון פעדערבוש, ״בנתיבות התלמוד״, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי״ז, ז׳ 201.

32 דברים, ב׳, י״ב; כ׳, י׳—י״ח, כ״א—כ״ג.

33 תהלים, פ״ג, ב׳—ח׳.

34 משלי, ג׳, י״ז.

35 דברים, כ׳, ו׳.

36 ירושלמי, שביעית, ו׳, א׳; זע, רמב״ם, הלכות מלכים, ו׳, ד׳; רמב״ן, דברים, כ׳, י׳.

37 סנהדרין, ד׳, ב׳, גמרא, ל״ז, ע״א; אין טייל נוסחאות ״מבני אדם״ און אין טייל: ״מישראל״. רש״י: ״להראותך שמאדם אחד נברא מלואו של עולם״.

38 שמות, כ״ג, ט׳.

39 ויקרא, י״ט, ל״ד.

40 מיכה, ז׳, ח׳.

41 ב״ר, מ״ד, א׳; ויקרא רבה, י״ג, ג׳ א״אַ.

42 דברי הימים ב׳, ב׳, ט״ז; סנהדרין, ל״ח, ע״ב.

43 ילקוט שמעוני, נביאים ראשונים, רמז מ״ב.

44 במדבר, ט״ו, ט״ו—ט״ז, כ״ט; דברים, כ״ד, י״ז—כ״ב.

45 זע, ד״ר ז. מ. פלאוט, ״האומנם, עם נבחר?״ ז״ז 74—84, 116.

46 סנהדרין, ל״ח, ע״ב.

47 שמות רבה, ל״ו, א׳; מנחות, נ״ג, ע״ב.

48 בראשית רבה, ט״ו, י״ג—י״ד.

## ה

1 חולין, י״ג, ע״ב, א״אַ מקומות.

2 דברים, כ׳, י׳.

3 רמב״ם, יד החזקה, ע״ז, ה׳, א׳—ד׳.

4 מעשי ידי טובעין בים ואתם אומרי משירה״ — מגילה, י׳, ע״ב; סנהדרין, ל״ט, ע״ב; זהר, בראשית נ״ז, ע״ב א״אַ.

5 סנהדרין, נ״ט, ע״ב: ״גוי שעוסק בתורה... גוי ששבת חייב מיתה״.

6 דאָרט, נ״ח, ע״ב.

7 אבות, ו׳, א׳.

8 זע, קלמן אביגדור פערלא, אוצר לשון חכמים — ער באַווייזט אַז אַזעלכע אויסדרוקן ווערן באַטראַכט ווי ״דברי הבאי וגוזמא״.

9 הלכות מלכים, י״א, ד׳.

10 תהלים, ע״ט, י׳. פריער, פסוק ג׳.

11 דערשינען אין יאָר 1681.

12 הלכות תשובה, ג׳, ח׳.

13 ר״ח בלוך, ״ודע מה שתשיב״, תשובתי להוטיקן, ז׳ 17.

14 אברהם אליעזר הירשאָוויץ, אוצר כל מנהג ישרון, ז׳ 2.

15 זע, אהרן היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, כרך א׳, ז״ז 155—157.

16 וועגן דעם באַזונדער.

17 זע, ודע מה שתשיב, ז״ז 15—17; אין מיין ״באַציונג צום פרעמדן״ — אויספירלעכער אד״ט.

18 סנהדרין, ל״ט, ע״ב; במדבר רבה, ב׳; מדרש תהלים, קמ״ו א״אַ.

19 במדבר רבה, ה׳, ב׳.

20 זע, מפרשים.

21 דברים, כ״ג, ח׳—ט׳, זע רש״י.

22 ניו יאָרק, 1948.

23 דאָרט, ז׳ ט״ו.

24 אויספירלעכער — אין זיין ווערק ״רומא וירושלים״, תש״ד.

25 אין ״רומא וירושלים״, תש״ד; ״שמואל דוד לוצאטו״, שד״ל, תשי״א; ״חיי היהודים באיטליה בתקופת הריניסאַנס״, ניו יורק, תשט״ו; ״מימי הבינים לזמנים חדשים״, תש״ך און נאָך אַ צאָל ווערק אין עברית, יידיש און ענגליש.

26 זע, ״ליטעראַרישע בלעטער״, ווילנע־וואַרשע, 1925—1926, באַזונדערס נומ׳ 84, ז״ז 293—294. וועגן יידן אין פוילן, זינט זייער אָנקום אין אָט דעם סלאַוויש־פוילישן לאַנד, האָבן מיר אומצייליקע ווערק, אַלגעמיינע היסטאָרישע ווערק, ווי ספּעציפישע ווערק וואָס באַהאַנדלען פעריאָדן, געוויסע אַנטוויקלונגען, געוויסע דערגרייכונגען, גייסטיקע דערהויבנקייטן אאַ״וו.

כדאי אַ בלעטער צו טאָן אין די ווערק פון ד״ר יעקב שאַצקי, מאיר באַלאַבאַן, ד״ר רפאל מאַהלער און ב. מאַרקס ווערק די געשיכטע פון יידן אין פוילן; ד״ר יצחק לעווין, יידן אין אַלטן פוילן; חורבן־אייראָפּע א״א כדי צו שאַפן זיך אַ באַגריף וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס פוילישע יידנטום און ווי שאַרף ס׳איז געוועז די שנאה צום ייד מצד דעם פוילישן פאָלק וואָס איז געוועז כפוי טובה. אַנשטאָט צו אָנערקענען און אָפּשאַצן וואָס יידן האָבן אויפגעטאָן פאַר פוילן, האָבן זיי אָפּגעדינט מיט גזירות, רדיפות און פּאָגראָמען. דאָס איז אַ קאַפּיטל, אַ טראַגיש קאַפּיטל, אפשר דאָס טראַגישסטע אין דער יידישער געשיכטע.

27 דברים, י״ד, כ״א.

28 חולין, קי״ד, ע״ב.

29 זע, רש״י און תוספות — אויפן אָרט.

30 ע״ז, מ״ד, ע״ב — מ״ה, ע״א; רעק״א איגר, גליון הש״ס, ווייזט אן אויף סנהדרין, נ״ו, ע״ב און רש״י — דארט.

31 זע, רש״י און תוספות. נאך אייניקע רעזערוואציעס, ווערט אנגעוויזן ביי הלכה־אויטאריטעטן, אז לויט דער הלכה, איז זיין ווייו נ י ט פארבאטן ״במגע״ — מיט זיין אנריר. די עיקר־תקנה, וואס שייך רעזערוואציעס, אפגעהיטנקייט בנוגע ווייו, בוימל און אנד. פראדוקטן, איז געווען, ווי דאס קומט צום אויסדרוק אין תלמוד און נאכפאלגנדיקע פוסקים, צו פארהיטן פון התחתנות, פון געמישטקייט, וואס קאן פירן צו טאטאלער אסימילאציע. זע אויך, שו״ת מנחם אלעזר, סימנים כ״ג, ל״ז, מ׳ וועגן די דינים יין נסך און סתם יינם. דער רמ״א האט א לענגערער תשובה — אן ענטפער צו ווייו־סוחרים אין אונגארן — אבער דאס געהערט שוין צו א ברייטערער אפהאנדלונג און בלויז מומחים קאנען זיך ארויסזאגן, ״אחרי שמלאו כרסם בהלכות יין נסך . . .״.

32 ירושלמי, יבמות, ח׳, א׳; ד׳, ב׳.

33 דברי תלמוד, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי״ח, ז״ז ר״פ—רפ״ז.

34 הלכות איסורי ביאה, י״ד, ח׳.

35 הלכות מלכים, סוף פרק ח׳.

36 קאפלאנס הערה: ״ויש גורסים: אלא מחכמיהם, עי׳ אנציקלופדיה תלמודית, כרך ג׳, עמ׳ שס״ב; כרך ו׳, עמ׳ ר״ב.

37 דארט, דארט.

38 מכילתא, יתרו, פיתחא ח׳.

39 מורה נבוכים, ג׳, כ״ט.

40 דברי תלמוד, ז׳ עפ״ב.

41 ע״ז, כ״ו, ע״א—ע״ב, תוספות — אויפן ארט.

42 חולין, י״ג, ע״ב.

43 ישעיה, מ״ו, מ״ב; ברכות, י״ז, ע״ב.

44 עובדיה, א׳, י״ח.

45 ״על נהרות בבל״ — באוויינענדיק דעם חורבן פון אייראפעישן יידנטום — ז״ז 42—43.

46 כתבי רמב״ן (רבינו משה בן נחמן), עפ״י כתבי־יד . . . הערות ומבואות, מאת הרב חיים דוב שעוועל, כרך ראשון, ויכוח הרמב״ן, מלחמות ד׳, ז״ז רצ״ט—ש״ב. הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשכ״ד; יהודה דוד אייזנשטיין, אוצר וכוחים, ניו יורק, תרפ״ח, ויכוח הרמב״ן עם פאולוס, ז״ז 86—94.

47 זע, אפרים א. אורבאך, בעלי התוספות, ירושלים, תשט״ו—1955.

48 קדושין, ע׳, ע״ב — ע״א, ע״א, תוספות דארט, אנהייב־ווארט ״קשים״. א. א. אורבאך, בעלי התוספות, ז״ז 193—194.

49 קדושין, דארט; יומא, י׳, ע״א א״א. אורבאך, דארט, ז׳ 195, הערה 2.

50 י. ד. אייזנשטיין, אוצר . . . ויכוח ר׳ יחיאל מפאריס, ז״ז 81—96. א. ברענגט א דריי צענדליק היסטארישע וויכוחים־דיאלאגן.

51 תרגום אונקלוס, במדבר, י״ט, ב׳.

52 שבלי הלקט, סימן רס״ג; אורבאך, דארט, ז״ז 375—376, הערה 22.

53 זע, הקדמה (ז״ז 3—6) צום סמ״ג — ספר מצות גדול, חלק ראשון, מצות לא תעשה, מרבינו ר׳ משה בן ר׳ יעקב מקוצי זצ״ל, אחד מרבותינו בעלי התוספות זצ״ל, מוגה ומדוייק . . . עם משנת אברהם, הכולל: ביאורים, פלפולים, הערות, הארות . . . מאת אברהם אהרן פרייס בהר״י ז״ל, אב״ד ור״מ בטאראנטא קנדה, התשל״ב.

54 סמ״ג, ל״ת, קמ״ח.

55 זע, א. א. אורבאך, דארט, ז״ז 423—428 — זיינע באהויפטונגען זענען באזירט אויף א צאל ווערק פון מפרשים, פוסקים, פארשערס און היסטאריקערס.

56 דארט — באריכות.

57 עירובין, כ״א, ע״ב.

58 שו״ת מהר״ם, תקי״ז — ציטירט פון א. א. אורבאך — דארט.

59 דאָרט, ז״ז 436—437.

60 דברים, ז׳, כ״ו.

61 וועגן ״קנין גוי בארץ ישראל״: זע, כפתור ופרח, פרק רביעי, הוצ׳ ר׳ יוסף בלומענפעלד, ניו יורק, תשי״ח; פרק חמישי: וועגן מילת גוי אָן גירות, גן יוסף, בירור הלכה, ז״ז 175—185. וועגן מילת גוי שלא לשם גרות, דער פאַרבאָט דאָס צו טאָן, האָבן מיר אין די ספרי הפוסקים און ביי די בעלי השלחן ערוך (בית יוסף), או״ח, סוף־סימן רס״ו; רמ״א סוף־סימן רס״ג און אַנדערע.

מרן המהרי״ל גרויבאַרט אין אַ לענגערער תשובה, חבלים בנעימים, ד׳, לודז, תרצ״ד—1934, או״ח, סימן ל׳, ז״ז 50—52, פאַרנעמט זיך אויספירלעך וועגן דעם איסור מל צו זיין אַ גוי...

## קאַפּיטל זעקס

# פאַרהייליקטער תּרגום

**א. תּורה־איבערזעצונגען. — פּרשיות אין דער תּורה אויף נישט ייִדישע נעמען. — אַ ספר געווידמעט די ליידן פון אַ נישט־ייִדן. — פאַרהייליקטער תּרגום.**

מיר האָבן שוין אין די פריערדיקע פּרקים דערמאָנט וועגן די דריי נישט־ייִדן, וועמעס נעמען האָבן אַן אַנזען אין תּנ״ך: יתרו, בלעם און איוב. אַ פּרשה אין דער תּורה, געווידמעט יתרון אַ סדרה א״נ פון בלק און דאָס געזאַנג פון בלעם דעם רשע; אַ ספר א״נ איוב — דער ליידנדיקער מענטש, געשטראָפט מיט די ערגסטע שטראָפן און באַלוינט פאַר זיינע ליידן.

אין מדרשים ווערט איבערגעגעבן: ״שלשה יועצים היו לו לפרעה מלך מצרים: בלעם, איוב, יתרו. דריי ראַטגעבערס האָט געהאַט פּרעה דער קעניג פון מצרים און פאַר זיי האָט ער פאַרגעלייגט זיין פּראָבלעם, וואָס טוט מען מיט די ייִדן, לאָמיר עפּעס אויסטראַכטן, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיי — ״הבה נתחכמה״ [1] און וואָס איז געווען זייער רעאַגירן אויף זיין פאַרלאַנג?

בלעם האָט געהאַלטן אַז מ׳דאַרף די בני־יעקב ליקווידירן. ער האָט דאָס געזאָגט — ווי דער מדרש דערקלערט עס — צוליב אייפערזוכט. ער האָט געזען אַ וויזיע פון אַ גרויסן און הערלעכן אחרית־הימים פאַר יעקבס קינדער. אין זיין אייפערזוכט האָט ער אויסגערופן: ״ותהי אחריתי כמוהו...״ [2] . ער האָט דאָס נישט דערגרייכט, ער איז נישט געשטאָרבן אַ ״מות ישרים״ [3]. ער איז אומגעקומען דורך דער שווערד.

איוב איז געווען אַ ״תּם וישר״ — אַ גלייכער, ערלעכער און אָרנטלעכער מענטש, ער איז דער ״חסיד שבאומות״, ער האָט זיך נישט געשטעלט קעגן גאָטס מצוות. ער האָט אָבער נישט אויפגעהויבן אַ האַנט צו פּראָטעסטירן קעגן אומרעכט, קעגן אוממאָראַלישקייט. ער האָט פאַרשוויגן אַלע אומרעכטן. זיין שטראָף איז געקומען — יסורים, נאָך דעם ווי ער האָט — לויט מפרשים — געטאָן תּשובה, איז ער באַלוינט געוואָרן [4].

יתרו האָט רעאַגירט, פּראָטעסטירט און דערפאַר געמוזט אַנטלויפן קיין מדין. זיין שׂכר: זוכה געווען צו אַן איידעם, ווי משה רבנו; געקומען אונטער די פליגל פון דער שכינה — ״נכנס תחת כנפי השכינה״ ער מיט זיינע אָפּשטאַמיקע האָבן זיך

מגייר געווען און, ווי אַ גר־צדק, האָט ער זוכה געווען צוצוגעבן אַ פּרשה אין דער תּורה.

פּרשת בלק, אין וועלכער ס'ווערן איבערגעגעבן די פּלענער פון דעם מואָב־קעניג און די רשעות פון בלעם, האָט געזאָלט אַריינגענומען ווערן אין קריאת־שמע: "בקשו לקבוע פרשת בלק בק"ש [5], מעגלעך צוליב דעם, וואָס רות, אַן אור־אייניקל, איז געוואָרן אַ גיורת־צדק [6]. מ'האָט גרים שטאַרק מקרב געווען, אַזוי ווייט אַז חז"ל דריקן אויס, אַז זייער מזל איז געווען אויפן באַרג סיני: "אף על גב דאינהו לא הוו בהר סיני, מזלייהו הוו" [7]. מיר האָבן אַ באַזונדערע מסכת גרים — אָבער וועגן דער באַציונג צו גרים האָבן מיר שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן.

די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז בלעם הרשע זאָל זיין געבענטשט מיט נבואה, אָדער רוח־הקודש, בעת מיר ווייסן אַז נבואה קאָן נאָר זיין ביי אַ חכם און גבור אין מידות?

הרב ר' אברהם אהרן פרייס שליט"א שטעלט זיך אויפן לשון פון רמב"ם אין "מורה נבוכים", אַז בלעם האָט געהאַט רוח־הקודש "בעת שהי' טוב" [8] און ער זעט אין דעם, אַז בלעמס זכות איז געקומען צוליב די טובים ביי די אומות־העולם. דעריבער האָט ער זוכה געווען צו רוח־הקודש: "ולא קם נביא עוד בישראל כמשה" — און עס איז נישט אויפגעשטאַנען אין ישׂראל נאָך אַזאַ נביא ווי משה, וואָס גאָט האָט זיך דערקענט צו אים פנים אל פנים [9]. "אבל באומות העולם קם — ומאן הוא? — בלעם" [10] און הרב פרייס איז ממשיך, אַז עס איז נויטיק געווען ער זאָל האָבן רוח־הקודש, כּדי ער, דער "פיקח וחכם שבכל הדורות", וואָס האָט געהאַט השפּעה, זאָל קומען צו בלקן און אַנשטאָט רעדן שלעכטס, זאָל ער מוזן רעדן גוטס אויף יידן און במילא משפּיע זיין אויף די פעלקער.

גאָר אָפט האָט געטראָפן אַז פון גרים זענען אַרויסגעקומען גרויסע פּערזענלעכקייטן. פון רותן איז אַרויסגעקומען דוד המלך און אפילו מיט דעם ערגסטן שונא־ישׂראל, האָט געקענט פּאַסירן, אַז זיינע אייניקלעך זאָלן לערנען תּורה: "מבני בניו של המן למדו תורה בבני ברק" [11]. ר' ראובן מרגליות שטעלט זיך אויף דעם מאמר און ווייזט אָן, אַז ס'דאַרף זיין: "מבני בניו של נעמן", ווי עס ווערט ווייטער געזאָגט: "ת"ר נעמן גר תושב היה", צו פאַרענטפערן די קשיא, ווי איז מעגלעך, אַז פון אַן עמלק־אָפּשטאַמיקן זאָלן אַרויסקומען יידן, ס'איז דאָך דאָ אַ מאמר, אויפן פּסוק "כי יד על כס יה [12], שנשבע הקב"ה בכסא כבודו, שלא יקבלו גרים מעמלק" [13]. זעט אויס, אַז די גירסא "מבני נעמן" איז ריכטיק.

דאָס אַלץ ווייזט, ווי מ'האָט מקרב געווען גרים און אַז דער גר האָט געקענט דערגרייכן צו די העכסטע מעלות אין תּורה, אין רוח־הקודש און פונקט, ווי מע זאָגט, אַז זייער מזל איז געווען ביים באַרג סיני, אַזוי קען מען זאָגן, אַז תּרגום

אונקלוס איז מסיני [14]. אויף אַזעלכע גרים איז גילטיק דער זאָג, אַז דער רבונו־של־עולם האָט זיי שטאַרק ליב, ווייל זיי האָבן פאַרלאָזט זייער משפחה און געקומען צו אונדז, איבערגעגעבן דער ייִדישער אמונה [15].

צו אַ גר־צדק טאָר מען נישט זאָגן: געדענק דיין פאַרגאַנגנהייט [16], און מען איז מחויב אים צו העלפן פינאַנציעל, אויב ער נויטיקט זיך אין הילף — "אתה מצווה להחיותו" [17]. אין דער דאָזיקער ריי איז געווען אונקלוס הגר, דער תּלמיד פון רבי עקיבא — אויך אַ גר־אָפּשטאַמיקער. זיין תּרגום איז פאַרהייליקט געוואָרן.

חז"ל דרשענען אַרום דעם פּסוק "יפת אלקים ליפת" [18]: "אין השכינה שורה אלא באהלי שם" [19] — דאָס אַלץ, איידער מ'ווערט אַ גר־צדק, איידער מ'קומט אַריין אין די שם־געצעלטן און מ'ווערט אַרומגענומען אונטער די "פליגל פון דער שכינה". ווען מ'קומט אין די געצעלטן פון שם, דערגרייכט מען רוח־הקודש.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן און מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו אָט די פאַקטן, וועלכע באַווייזן, אַז ס'איז נישטאָ קיין ראַסן־פאַראורטייל ביי ייִדן.

ר' יהודה הלוי — ווי באַקאַנט — פאַרנעמט זיך מיט בחירת ישׂראל, אָבער נישט אויסצושליסן די וועלכע ווילן האָבן אַ פולשטענדיקע התחברות מיט ייִדן. ייִדן זענען אַן "עם סגולה", אַן אוצרדיק פאָלק, אָבער דעם אַטריבוט, אָדער די מדרגה, האָבן ייִדן באַקומען ביים באַרג סיני, ביים נעמען אויף זיך תּורה־מצוות. משה רבנו דער גרעסטער נביא, דער וואָס האָט מקבל געווען די תּורה, האָט זיי געלערנט אהבת־השם, אהבת־ישׂראל און זיי געלערנט, אַז ארץ־ישׂראל, דאָס לאַנד פון די אָבות, איז באַהויכט מיט קדושה, ווערט באַהערשט פון אַ ספּעציעלער לופט, פון אַ גייסטיקייט וואָס פּאַסט פאַר דעם עם־סגולה [20].

די גרים וועלכע נעמען אויף זיך, מיט דער געהעריקער איבערצייגונג, תּורה און מצוות, זיי איז מען מקרב, נעמט מען אַריין — און וועגן אַזעלכע איז געזאָגט געוואָרן "לא גלו ישׂראל אלא שיתוספו עליהם גרים" [21].

ר' צדוק הכהן מלובלין שרייבט: "ולא דוקא גרים בפועל, רק הוספת קליטת כוחות העמים להחזירם אל הקדושה לאט לאט, עד בוא עת הקץ שישוב הכל לקדושה" [22]. זיי, די גרים, קענען דערגרייכן רוח־הקודש. אין לשון פון ר' צדוק: "דאונקלוס הגר, ודאי תרגום התורה חיבר בלשון (רוח) הקודש, והוא גם כן תנא דברייתא" [23].

מיר האָבן פריער דערמאָנט יתרו, רות. לויט אַן אגדה, איז אויך יונה הנביא געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ גרטע, ס'זאָל הייסן, אַז דאָס קינד פון דער "אשה אלמנה הצרפתית", וואָס אליהו הנביא האָט מחיה מתים געווען, איז שפּעטער געוואָרן דער נביא געשיקט צו ווערן קיין נינוה. די צרפתית איז געווען אַ גרטע און אליהו הנביא איז געווען אין צרפת — ביי צידון... נאָכן אַרויסקומען פונעם פיש, איז יונה, דער נ ב י א אַריין ביים לעבן אין גן־עדן [24].

מיר האָבן נאָך אַ נביא וואָס האָט געשטאַמט פון גרים — עובדיה הגר. די פרוי וואָס האָט געשריגן צו אלישע, איר צו העלפן, איז געווען די "אשה אחת מנשי הנביאים" [25]; זי איז געווען דאָס ווייב פון עובדיה הנביא, דער אַפּוטראָפּוס־אויפזעער פון אַחאָבן. ער האָט צעטיילט דאָס גאָלד און זילבער פאַר צדקה [26].

די חכמי־התלמוד האָבן זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ, ווי דאָס ווערט אויס־געדריקט אין אַ צאָל אגדות, "חביב הגר על הקב"ה מן אותן אוכלוסין שעמדו על הר סיני" [27] — ליבער זענען מיר די גרים פון די וועלכע זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און נאָך מער: "חביב עלי שמותן של גרים כיין המתנסך" [28], פאַר וואָס אַזוי? ווייל זיי זענען געקומען פון זייער אייגענעם ווילן.

מיר ווילן אין אַ ווייטערדיקן פּרק, איבערגעבן וועגן אַ צאָל גרים, וואָס האָבן זיך געשאַפן אַ גרויס אָרט אין דער ריי פון גייסטיקע פירערס ביים בית שני.

אין דער ריי פון די באַרימטע גרים אין דער תקופה פון בית־שני האָבן מיר אונקלוס הגר — אין גריכיש גערופן עקילס, וועגן וועמען ס'גייט אָן אַ שאַרפער חילוקי דעות ביי היסטאָריקערס. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז ס'זענען געווען דריי מענטשן מיטן זעלביקן נאָמען און אַז איינער פון זיי איז געקומען צו ר' אליעזר און ר' יהושע: דער ערשטער האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט, האָט אים פאַריאָגט; דער צווייטער האָט אים מקרב געווען און דער דאָזיקער זאָל דאָס געווען זיין דער, וואָס האָט איבערגעזעצט די תורה אין אַראַמיש — אַ תרגום, וואָס האָט געקראָגן די העכסטע קדושה, ווייל דער תרגום איז געקומען פון אַן "איש קדוש", ווי עס ווערט געזאָגט: "שהיה אוכל על טהרת הקודש" [29].

ס'איז צו פאַרשטיין די סיבה, פאַר וואָס דער תרגום־אונקלוס איז פאַרהייליקט געוואָרן און נישט די אַנדערע תרגומים, די אַנדערע איבערזעצונגען, אפילו נישט דער "תרגום השבעים", די סעפּטואַגינטאַ, פון וועלכער ס'זענען בלויז געבליבן טיילן, אָפּגעהיט אין די מוזעומס, בעת דער אונקלוס־תרגום איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, גייט צוזאַמען מיט דער תורה און איז געוואָרן דעם פאָלקס קנין.

ווי כראָניקערס גיבן איבער, איז עס געווען אַכט טאָג אין טבת, מיט איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, ווען די תורה איז צום ערשטן מאָל איבערגעזעצט געוואָרן אין גריכיש. טייל זאָגן, אַז דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם ערשטן תלמי פּטאָלאָמייער דעם ערשטן, און טייל זאָגן, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון תלמי־פילאַדעלפוס און דער טאָג איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ שווערער, פינצטערער טאָג: "יום קשה לישראל" [30], "היה חושך לישראל שלשה ימים" [31].

אין מסכת סופרים ווערט געזאָגט, אַז ער האָט איינגעלאַדן פינף זקנים און זיי האָבן איבערגעזעצט די תורה — און דאָס איז געווען אַ שווערער טאָג פאַר ייִדן, ווי דער טאָג, ווען ייִדן האָבן געמאַכט דעם עגל הזהב... ווייל די תורה האָט נישט געקענט ווערן איבערגעזעצט אין גריכיש.

אין מסכת מגילה [32] ווערט געזאָגט, אַז דער תּלמי האָט איינגעזאַמלט צוויי־און־זיבעציק זקנים, זיי באַזעצט אין באַזונדערע צימערן און ס'איז געשען אַ נס — אַלע האָבן געגעבן די זעלביקע איבערזעצונג: "מעשה בתלמי המלך שכינס שבעים ושנים זקנים, והושיבם בשבעים ושנים בתים, ולא גילה להם על מה כינסם. ונכנס אצל כל אחד ואחד ואמר להם, כתבו לי תורת משה רבכם. נתן הקדוש־ברוך־הוא (עצה) בלב כל אחד ואחד, והסכימו כולם לדעת אחת...".

רבי יהודה זאָגט: "אף שהתירו רבותינו יונית, לא התירו אלא בספר־תורה, ומשום מעשה של תלמי המלך" — לויט ר' יהודה, איז בלויז דערלויבט געוואָרן איבערזעצן די תּורה, די פינף חומשים, אָבער נישט די ספרי הנביאים.

אויב דאָס איז געווען דער ערשטער תּלמי, איז דאָס דער תּלמי, וועלכער איז אַנגעפאַלן און איינגענומען ירושלים אום שבת און די ייִדן האָבן, צוליב שבת, נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד... אויב ס'רעדט זיך פון תּלמי פילאַדעלפוס, ווערט וועגן אים איבערגעגעבן אין דער "אגרת אַריסטיאַס" אַ בריוו וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אַ היסטאָרישן דאָקומענט, געשריבן אין גריכיש און איבערגעזעצט אין לאַטייניש [33].

ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט דער דאָזיקער קעניג איינגעשטעלט אין מצרים די גרעסטע ביבליאָטעק און זיין ביבליאָטעקאַר האָט אים איבערגעגעבן וועגן דער תּורה און חכמה ביי ייִדן און אַז עס איז וויכטיק צו האָבן אַן איבער־זעצונג פון תּורת־ישׂראל. האָט ער געטאָן צוויי זאַכן: געשריבן צום כּהן־גדול אין ירושלים, אַז ער וועט באַפרייען אַלע ייִדן וועלכע געפינען זיך אין מצרים אַלס שקלאַפן־געפאַנגענע זינט זיין פאָטערס מלחמות און נצחונות און אַז ער וועט טאָן טובות צו די ייִדן אין יהודה. ער האָט אויך געשיקט ווערטפולע מתּנות צום בית־המקדש. דער כּהן־גדול האָט אים צוליב געטאָן און אים געשיקט צוויי־און־זיבעציק זקנים, זעקס פון יעדן שבט און זיי זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כּבוד. דער קעניג האָט פּראָקלאַמירט אַ זיבן־טאָגיקע פייערונג צוליב דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש.

זיי זענען באַזעצט געוואָרן אין אַ פּרעכטיקן בנין און יעדער האָט פאַר זיך איבערגעזעצט די תּורה און נאָך דעם געמאַכט די פאַרגלייכונגען. ווען די אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז דער אָריגינאַל איבערגעגעבן געוואָרן צום קעניג און אַ קאָפּיע צו די זקנים. דאָס אַלעקסאַנדריער ייִדנטום איז געווען פריידיק פאַר דעם כּבוד און פאַר דער איבערזעצונג. אין ירושלים, ווייזט אָבער אויס, איז מען נישט געווען צופרידן.

אין שפּעטערדיקע יאָרן, מסתּם צוליב נוצלעכקייט, זענען אויך געמאַכט געוואָרן איבערזעצונגען פון די ספרי הנביאים און כּתובים. ווי פאַרשערס ווייזן, באַזונדערס דער גרויסער אויטאָריטעט רבי חיים העליר ז"ל, ווייזט אַן, זענען אַריינגעפאַלן

אומצייליקע גרייזן אין דער סעפּטואַגינטאַ, פון וועלכער ס׳זענען געבליבן בלויז טיילן. די לעצטן יאָרן איז געפונען געוואָרן אַ גרעסערע צאָל כּתבי־יד — מאַנוס־קריפּטן פון דער איבערזעצונג און פאַרשערס האַלטן נאָך אין שטודירן די דאָזיקע געפונענע טיילן, וואָס זייער אָריגינאַל געפינט זיך אין בריטישן מוזעום און בלויז פאַרשערס האָבן צו אים צוטריט, בעת צום תּרגום אונקלוס וואָס איז פאַרהייליקט ביי ייִדן, האָט יעדער אַ צוטריט. אויסער דעם תּרגום ביים־חומש־טעקסט, האָבן מיר אַ ספּעציעלע אויסגאַבע, גערופן ״תּרגום־אונקלוס מהדורת ברלינר״ [34], אַ פּירוש א״נ ״אוהב גר״ פון שמואל דוד לוצאַטאָ [35] און אַ לענגערן פּירוש פון ר׳ נתן אַדלער (1813—1890), הויפּט־רב פון ענגלאַנד, א״נ ״נתינה לגר״ [36] — אַ גרינט־לעכער שטודיום איבער דער אַראַמייִשער איבערזעצונג, זיך באַנוצנדיק מיט תּלמודישע הלכה־און־אגדה שטעלן, צו באַווייזן די מקורים פאַר דעם תּרגום.

דער תּרגום איז פאַרהייליקט און רש״י באַנוצט זיך כּסדר ״כּתרגומו״, ווי די העכסטע אויטאָריטעט אין אויסטייטשן און דערקלערן די חמשה חומשי תּורה, ווי אַ ספרדישער גדול ר׳ זכריה הסופר — פון די ״בני התימן״ — גיט אָן עלף כּללים וועגן דעם דרך פון תּרגום־אונקלוס [37] — מערער אין די ווייטערדיקע פּרקים.

**ב. תּנ״ך־איבערזעצונגען פון גרים. — דער תּרגום וואָס איז פאַרהייליקט. — דער גר וועמעס תּרגום איז געקומען ברוח הקודש.**

דער תּנ״ך איז, ווי באַקאַנט, דאָס פּאָפּולערסטע בוך אין דער וועלט. מ׳שאַצט אַז אין קרוב צו פערצן הונדערט (1400) שפּראַכן און דיאַלעקטן, איז דאָס פאַר־הייליקטע ווערק איבערגעזעצט געוואָרן.

די ערשטע איבערזעצונג אין אַ פרעמדער שפּראַך, איז ווי געזאָגט, געווען דער ״תּרגום־השבעים״, באַקאַנט מיטן נאָמען סעפּטואַגינטאַ. די דאָזיקע איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן אין דער תּקופה פון בית שני, ווען ארץ־ישראל איז געווען אונטער גריכישער הערשאַפט, ווען דער יורש פון אַ טייל, וואָס אַלעקסאַנדער מוקדון האָט איבערגעלאָזט פאַר זיינע קריגספירערס איז געווען תּלמי (פּטאָלעמוס) לאַגאָס. ער איז געוואָרן הערשער איבער מצרים און אויסגעשפּרייט זיין מאַכט איבער יהודה—ארץ־ישראל.

ווען דער ערשטער תּלמי איז געשטאָרבן און זיין זון תּלמי פילאַדעלפוס איז געוואָרן קעניג, האָט ער געוואָלט, אַז אַלעקסאַנדריע זאָל ווערן אַ קולטור־צענטער. ער האָט ממשיך געווען דעם פאָטערס אָנהייב, אַלעקסאַנדריע זאָל האָבן די גרעסטע ביבליאָטעק אין דער וועלט און ס׳איז אים געלונגען דאָס צו דערגרייכן. די ביבליאָ־טעק אין אַלעקסאַנדריע האָט פאַרמאָגט אַ קאָלעקציע פון ספרים־מאַנוסקריפּטן אין די הונדערטער טויזנטער. געלערנטע פון דער גאַנצער וועלט פלעגן דאָרט קומען לערנען און באַוואונדערן דעם דאָזיקן קולטור־און־ליטעראַטור־צענטער.

ווען דער דאָזיקער תּלמי האָט זיך דערוווּסט וועגן די כּתבי־הקודש, די הייליקע ספרים ביים ייִדישן פאָלק, האָט ער געוואָלט האָבן אַ גריכישע איבערזעצונג. אין תּלמוד, ווי געזאָגט, ווערט איבערגעגעבן בקיצור, ווי אַזוי די איבערזעצונג איז פאָרגעקומען [1]: ער האָט איינגעלאַדן צוויי־און־זיבעציק זקנים־חכמים און האָט זיי פאַרטיילט אין 72 באַזונדערע חדרים, כּדי זיי זאָלן זיך נישט קענען צוזאַמענרעדן און זיי אויפגעפאָדערט, איבערזעצן די פינף חומשים.

ווי די גמרא דערציילט, האָבן זיי געמאַכט געוויסע ענדערונגען אין דער איבערזעצונג, דער נס איז געווען, אַז ווען מ׳האָט פאַרגליכן די איבערזעצונגען, האָט עס געשטימט וואָרט־אין־וואָרט. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף מאַכן די דאָזיקע שינויים פאַר דער גריכיש־פרעמדער וועלט, כּדי צו פאַרמיידן פראַגעס און אומפאַרשטענדלעכקייטן. ס׳ווערט נישט געזאָגט, צי די איבערזעצערס זענען געווען געצוווּנגען ווי אַ גזירה פון מלכות, און די חכמים האָבן זיך נישט געקענט שטעלן; צי דאָס איז געטאָן געוואָרן ברצון, מיטן גוטן ווילן און פאַרשטענדניש (פון די חכמי־הדור), מיטן ציל צו באַקענען די וועלט מיט דער גרויסקייט פון תּורת־משה און דער אמונה אין השם אחד.

אַ פאַקט איז, אַז אין דער צייט ווען די תּורה איז איבערגעזעצט געוואָרן אין גריכיש, האָט עס אַרויסגערופן אַ שאַרפע רעאַקציע. ארץ־ישראל איז ממש אויפגעציטערט געוואָרן.

דאָס לשון אין דער גמרא:

״מעשה בתלמי המלך, שכינס שבעים ושנים זקנים והכניסן בשבעים ושנים בתים ולא גילה להם על מה כינסם ונכנס אצל כל אחד ואחד ואמר להם כתבו לי תורת משה רבכם, נתן הקב״ה בלב כל אחד ואחד עצה והסכימו כולן לדעה אחת...״

כּמעט אַלע פאָרשערס האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז דער פּטאָלמעוס (תּלמי) איז דער פילאַדעלפוס, וועלכער האָט געוואָלט, אַז זיין אַלעקסאַנדריע זאָל ווערן אַ קולטור־צענטער, זאָל האָבן די גרעסטע ביבליאָטעק.

ר׳ יעקב עמדין (תנ״ח—1698; תקל״ו—1776) אין זיינע הגהות [2], איז נישט מסכּים אַז דאָס זאָל געווען זיין דער ״תלמי פילדילפו״, ווייל ער וואָלט נישט גערעדט אַזוי שאַרף, כּמעט ווי אַ גזירה, נאָר דאָס איז געווען אַ צווייטער תּלמי, וועלכער האָט געוואָלט אַ נייע איבערזעצונג, נאָך דעם, ווי דער ערשטער תּלמי האָט שוין געהאַט אַ גריכישע איבערזעצונג:

״נ״ב, אין זה בטלמיוס פילדילפו, שידוע שהיה אוהב ישראל וביקש ההעתקה הידועה מהכ״ג (מהכהן גדול) שבירושלים בהכנעה ובתהרפס לו ברצוי כסף ודורונות גדולות שעשה לבהמ״ק (לבית המקדש) ולכ״ג ולזקנים מעתיקי התורה שתנתן לו בקשתו זאת כמפורסם בספר אריסטיאה, שחובר על זאת באותו פרק המעשה ע״י המשולח של המלך לירושלים, אלא תלמי אחר הוא זה״.

די זיכערקייט פון ר׳ יעקב עמדין איז נישט איבערצייגנדיק און היסטאָריש נישט באַגרינדעט, ווייל פון דעם אַריסטיאַס בריוו, איז נישט קלאָר פון וועלכן תּלמי ס׳רעדט זיך.

די פּאָלעמיק גייט אָן וועגן לערנען גריכיש. ס׳ווערט געבראַכט פון דער משנה [3]: ״בפולמוס של טיטוס גזרו על עטרות כלות... ושלא ילמד אדם את בנו יונית״ — פולמוס אין גריכיש פּאָלעמאָס־מלחמה דאַן גוזר געווען כלות זאָלן נישט טראָגן קיין קרוינען און מ׳זאָל נישט לערנען גריכיש...

אויף אַן אַנדער אָרט [4] ווערט דערציילט וועגן אַ זקן אין דער צייט פון די חשמונאים וואָס האָט געקענט יוונית־גריכיש און געבראַכט צו אַ גרויסער צרה; האָבן די זקני הדור באַשלאָסן, מ׳זאָל נישט לערנען קיין גריכיש: ״באותה שעה אמרו, ארור האיש שיגדל חזירים וארור האיש שילמד את בנו חכמת יוונית״ [5]. ווייזט אויס, אַז די גזירה קעגן גריכיש איז געווען אַ סך פריער פאַר דער רוימישער אָקופּאַציע... ס׳ווערט דערקלערט, אַז פריער האָט אַזאַ מענטש עובר געווען בלויז אויפן ״ארור־פאַרבאָט״; נאָך דעם, בעתן חורבן, איז דער פאַרבאָט פאַרשטאַרקט געוואָרן [6].

ר׳ עקיבא איגר, אין גליון הש״ס, ווייזט אָן, אַז לויט דער מיינונג פון די בעלי־התוספות, שטיצנדיק זיך אויף אַ שטעלע אין תּלמוד [7], אַז דער וואָס האָט שוין געלערנט גאַנץ תּורה, ווי בן דמא, דער שוועסטער־קינד פון ר׳ ישמעאל, אָדער אַז עס איז דאָ אַזאַ נויטיקייט, למשל אַ קרוב למלכות, אַזעלכער וואָלט געמעגט לערנען גריכיש.

אין דער גמרא [8] ווערט געשטעלט די פראַגע: ״והתניא, אמר רבי [9], בארץ־ישראל לשון סורסי [10] למה? או לשון הקודש או לשון יוונית״ [11].

דער ענטפער: ס׳איז אַ חילוק צווישן חכמה יוונית און לשון יווני; חכמה איז פאַרבאָטן געוואָרן און לשון איז דערלויבט געוואָרן. ווען מ׳זאָל צוגעבן וואָס רש״י זאָגט, ווערט דער ענין לשונות גאָר קאָמפּליצירט. לשון סורסי — האַלט רש״י — איז ענלעך צו ארמית, ״קרוב הוא ללשון ארמי. ואומר אני שזה גמרת ירושלמי, ואומות העולם קורין אותו לינג״א שוריי״א... און לשון יווני — שהיו קרובים לארץ יוון. ולשון יון יפה מזה והיה לו לספר בו...״.

פון דעסטוועגן ווערט אויסגעפירט: ״אל יהי לשון סורסי ((אַראַמיש) קל בעיניך, שהרי בתורה ובנביאים ובכתובים חלק לו הכתוב כבוד״ [12]. אַ באַווייז אויף דער חשיבות פון ארמית, איז דער פאַקט, וואָס אונקלוס הגר האָט איבערגעזעצט די תּורה אין דעם לשון און איז פאַרהייליקט געוואָרן אויף אַזוי ווייט אַז מען דאַרף יוצא זיין קריאת התורה, דורך ״שנים מקרא ואחד תרגום״.

אין מסכת מגילה [13] ווערט געזאָגט: ״תרגום של תורה — אונקלוס הגר אמרו, מפי ר׳ אליעזר ור׳ יהושע; תרגום נביאים — יונתן בן עוזיאל אמרו מפי חגי זכריה

ומלאכי, ונזדעזה ארץ־ישראל ארבע מאות פרסה על ארבע מאות פרסה...״ — תורה־איבערזעצונג איז פון דעם גר אונקלוס, ווי געלערנט ביי ר׳ אליעזר (בן הורקנוס) און ר׳ יהושע; נביאים־איבערזעצונג פון יונתן בן עוזיאל איז געלערנט געוואָרן ביי די נביאים חגי זכריה ומלאכי — און ארץ־ישראל האָט אויפגעציטערט פיר הונדערט מייל...[14].

און ווייטער לערנען מיר:

״ויקראו בספר תורת האלהים מפורש ושים שכל ויבינו במקרא״ — און זיי האָבן געלייענט פון דער תורה, גאָטס תורה קלאָר און געמאַכט צו פאַרשטיין דאָס געלייענטע [15] — ״ויקראו וכו׳, — זה מקרא; מפורש — זה תרגום״... — ויקראו זאָל מיינען דעם קלאָרן פסוק און מפורש זאָל מיינען דאָס אויסטייטשן, דעם תרגום. און חז״ל פרעגן: ״מאי שנה דאורייתא דלא אזדעזה, ואדנביאי אזדעזה״ — פאַר וואָס אויף תורה איז נישט געווען אַ ציטער, נאָר אויף נביאים אַ ציטער... און דער ענטפער: ״דאורייתא — מפורשא מילתא; דנביאי — איכא מילי דמסתמן...״ — תורה איז מפורש, קלאָר — אָבער נביאים — אַ סך מיסטעריע, סודותדיקייט...

גריכיש האָט מען געגעבן פאָרצוג, ״פּרעפערענס״, איבער אַנדערע לשונות, צוליב דעם דרש אויפן פסוק ״יפת אלהים ליפת וישכון באהלי שם״ — דערברייטערן זאָל גאָט יפתן און ער זאָל רוען אין די געצעלטן פון שם, חז״ל טייטשן יפת — זאָל מיינען שיינקייט [16] — ״יפיפותו של יפת יהא באהלי שם״ — דאָס שיינקייט פון יפת, זאָל האָבן אַן אָרט אין די געצעלטן פון שם [17].

דאָס דערקלערן די צוויי ראשוני המפרשים: לויט רש״י, האָט לשון יון אַ חשיבות, ווייל גריכיש איז אַ שענער לשון ווי די לשונות פון די אַנדערע בני־יפת; לויט רבנו חננאל, ״ממבחר בניו של יפת, והיא כתיבת יון, יהיה באהלי שם — שהם בני ישראל״, דאָס הייסט, די גריכן און זייער שפּראַך איז דאָס בעסטע פון יפתן.

ר׳ אבהו פסקנט, אַז דער דין איז ווי רבי שמעון בן גמליאל און ווי די משנה לערנט: ״אף בספרים לא התירו שיכתבו אלא יוונית״ [18].

רבנו עובדיה מברטנורא האָט גאָר אַ קעגנגעזעצטע מיינונג, אַז דערפאַר איז פאַרבאָטן צו לערנען חכמה יוונית [19], ווייל זיי זענען באַזירט אויף רמזים און סודות — אַ לשון פון מיסטעריעס.

די גריכישע קולטור איז אַריינגעדרונגען אין יידישן צבור און האָט געמוזט ווערן באַקעמפט, דעריבער האָט מען געזאָגט: ״ארור האדם שילמד את בנו חכמה יוונית״ [20] און אַזוי ווי דאָס לשון איז דאָך באַטראַכט געוואָרן פאַר וויכטיק, האָט מען אָפּגעטיילט, דיפערענצירט לשון יוונית פון חכמה יוונית [21]. אינטערעסאַנט איז, אַז אין בבלי רעדט זיך וועגן פאַרבאָטן צו לערנען דעם זון יוונית, חכמה צי לשון איז שוין נישט וויכטיק. וואָס שייך דער טאָכטער, האָבן מיר אַ ירושלמי [22], וואָס זאָגט קלאָר: ״מותר לו לאדם ללמד את בתו (יוונית) שהוא תכשיט לה״.

גריכיש איז אין געוויסע מקומות פונעם לעוואַנט, אָדער די לענדער אַרום דעם מיטללענדישן ים, געוואָרן די אומגאַנגשפּראַך. אַלעקסאַנדריע איז געוואָרן די הויפּטשטאָט פון עגיפּטן אונטער דער הערשאַפט פון די פּטאָלאָמייער. ייִדן האָבן דאָרט געהאַט הויכע מלוכה־אַמטן; ייִדישע געלערנטע זענען געוואָרן די אָנפירערס פון די קולטורעלע און ליטעראַרישע דערגרייכונגען און זייערע לערעס אין גריכיש האָבן גענומען אַריינדרינגען אין יהודה: דער אַרטיקער פילאָזאָף פילאָן שרייבט ביכער אין גריכיש אויף ייִדישע טעמעס; די תורה ווערט איבערגעזעצט אין גריכיש און אַזוי כסדר. אָבער נאָך די אַלע שפּראַך־בינדונגען איז גריכיש געבליבן אַ פרעמדע שפּראַך, בעת אַראַמיש איז געוואָרן אייגנס און ס'איז קיין ספק נישט, אַז דאָס איז געשען אַ דאַנק די דריי אַראַמישע איבערזעצונגען:

תרגום־אונקלוס [23], פון דעם גר אנוקלוס, אָדער עקילס, ווי ער האָט געהייסן אין גריכיש־רוימיש. דער דאָזיקער תרגום, ווי געזאָגט, איז פאַרהייליקט געוואָרן. מען דאַרף אים לייענען־לערנען צוזאַמען מיטן חומש־טעקסט. אונקלוס האָט דעם תרגום געוויזן, ווייזט אויס, פאַר אַ הסכמה די תנאים רבי אליעזר און רבי יהושע. וועגן תרגום אונקלוס האָבן מיר אַ צאָל ווערק, ווי מיר האָבן דערמאָנט: "נתינה לגר" [24]; "אוהב גר" [25] און אַנדערע.

תרגום־יונתן [26] — די אַראַמישע איבערזעצונג וואָס לויט דער מסורה איז זי פאַרפאַסט געוואָרן דורך יונתן בן עוזיאל, פון הלל'ס תלמידים, איז אַ ברייטערער תרגום, וואָס נעמט אַריין אַ צאָל אויסטייטשן פון די בעלי־אגדה אין זיין צייט. ער איז דאָך געווען דער תנא וועגן וועמען ס'ווערט געזאָגט: "אמרו עליו על יונתן בן עוזיאל, בשעה שיושב ועוסק בתורה, כל עוף שפורח עליו — מיד נשרף".

יונתן בן עוזיאל האָט געלערנט מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ ברען, אַז אַ פויגל וואָס איז דורכגעפלויגן איז באַלד פאַרברענט געוואָרן און ער איז געווען דער גרעסטער תלמיד צווישן הלל'ס תלמידים — "גדול שבכולן יונתן בן עוזיאל" [27].

תרגום־ירושלמי — געוויסע פאַרשערס האַלטן אַז תרגום יונתן און תרגום ירושלמי זענען פון איין און דעם זעלביקן מחבר, וועמעס ראשי־תיבות זענען ת"י.

די אַראַמישע תרגומים האָבן זיכער גורם געווען, אַז אַראַמיש זאָל ווערן, ביים בית שני, די צווייטע שפּראַך ביי ייִדן. דער "לשון הדיוט" איז געגאַנגען צוזאַמען מיט "לשון קודש". נישט וויכטיק איז צו דערגיין צי פריער איז אַראַמיש געוואָרן די פאָלקסשפּראַך און נאָך דעם זענען געקומען די אַראַמיש־תרגומים, צי די תרגומים האָבן אַראַמיש געמאַכט פאַר אַ פאָלקסשפּראַך ביי ייִדן. איינס איז זיכער, אַז דער תרגום האָט עס געמאַכט אַראַמיש ביי ייִדן אַ ליטעראַרישע שפּראַך. אין אַראַמיש איז געשאַפן געוואָרן דער תלמוד־גמרא; זוהר, אַ צאָל תפילות אאַ"וו.

העברעיִש איז געבליבן די הייליקע נאַציאָנאַלע שפּראַך — דער תנ"ך — לשון־קודש. דאָס איז דער יסוד און ווי אַ צוגאָב, תורה שבעל פה אין אַראַמיש,

ווי אַ ציגל אויף דעם יסוד. דאָס האָט געשאַפן דעם גאַנצן בנין, און צוזאַמען געשטאַרקט דעם ייִדישן באַוווסטזיין, די ייִדישע מאָראַל און עטיק אין געשטאַלטיקן די ייִדישע געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל און אין די תפוצות־הגולה. אַראַמיש האָט זיך דערהויבן צו שאַפן אַ גרויס־שעפערישע ליטעראַטור מיט אַלע נאַציאָנאַל־ליטעראַרישע אַטריבוטן. אַ סך געהאָלפן דערצו האָט דאָס וואָס עזרא הסופר האָט איינגעפירט דעם אַשורישן כתב, וואָס האָט די ייִדן אָפּגעהאַלטן פון אַסימילירן זיך מיט די אַרומיקע אַראַמיש־רעדנדיקע פעלקער. די קדושה פון דעם נייעם אלף־בית, וואָס איז געוואָרן די נאַציאָנאַלע שריפט, האָט אַ סך געהאָלפן אינעם קאַמף פון די חכמי־המשנה און פון די חכמי־התלמוד קעגן דער סכנה פון אַסימילאַציע, פון וועלכער דאָס אַלעקסאַנדרישע ייִדנטום האָט זיך נישט געקענט אויסהיטן.

דאָס תרגום־לשון איז געפורעמט געוואָרן אויף אַזאַ שטייגער, אַז עס איז געוואָרן דער קנין פון ייִדישן פאָלק. גריכיש — שפּראַך און קולטור — איז געווען, און געבליבן, פרעמד און אָפּגעפרעמדט די ייִדן, וועלכע האָבן גערעדט און געשאַפן אין גריכיש — אָבער וועגן דעם ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

**ג. תורה-תרגומים זינט דער גריכישער איבערזעצונג. — אונקלוס-תרגום פאַרהייליקט.**

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, איז גריכיש שטאַרק געליבט געוואָרן. ס׳איז דאָ אַ מאמר [1], אַז די תורה קען נישט ווי געהעריק איבערגעזעצט ווערן, סיידן אין גריכיש: ״אין התורה יכולה להתרגם כל צורכה אלא יוונית״. פון דעסטוועגן איז פאַרהייליקט געוואָרן דער תרגום־אונקלוס — לשון אַראַמיש, געמישט מיט סירישע ווערטער, איבערגעזעצט דורך אַ גר. פאַר וואָס אַזוי?

ס׳זענען דאָ אַ צאָל קלאַסישע תרגומים פון תנ״ך, דער פּאָפּולערסטער און אָנגענומענער איז דער תרגום־אונקלוס אויף דער תורה, וואָס האָט געקראָגן די סמכות פון די חכמי־התורה אין אַלטערטום און ווי אַ המשך — פון די גדולי הפרשנים אין אַלע צייטן — און זוכה געווען צו שטודיעס און אויסשטייטשונגען פון גדולי חכמי ישראל [2].

רבי צבי הירש חיות ווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיין ווערק ״כל כתבי מהר״ץ חיות״ א״ב ״אגרת בקורת״ און ״אמרי בינה״ [3] אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די תרגומים און אַן ענטפער דעם משכיל ר׳ יעקב ב״ר מיכל ברילל (דאַטירט יום ג׳, י״ב כסלו, תרי״ג) וועגן תרגומים און דער עיקר וועגן תרגום־אונקלוס, דעם תלמיד פון רבי עקיבא, אויך אַן אָפּשטאַמיקער פון גרים, וואָס האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה אין ייִדנטום. ר׳ צבי הירש חיות ברענגט אין זיין טיפער און ברייטער שטודיע דעם פאַקט, מיט וועלכן ס׳באַנוצן זיך היסטאָריקערס און קולטור־שפּראַכן־פאָרשערס, אַז עזרא הסופר איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איבערגעזעצט די

תּורה אין אַראַמיש. ער ברענגט דעם מאמר [4]: "מתחלה נתנה התורה לישראל בכתב עברי ובלשון הקודש, חזרה ונתנה להם בימי עזרא, בכתב אשורית ולשון ארמית". עזראס תּרגום איז פאַרגעסן געוואָרן. האָט אונקלוס באַנייט און אויפגעפרישט מיט דער הסכמה פון די חכמי הדור.

רש"י האַלט, אַז תּרגום־אונקלוס איז מסיני און זיין שיטה ווערט נאָכגעפאָלגט פון די מפרשים. ר' צבי הירש חיות זוכט אַ מקור פאַר דער דאָזיקער באַהויפּטונג, אַז תּרגום־אונקלוס איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, און אַז דאָס איז פריער געווען בעל־פּה ווי דער תּלמוד און האָט געהערט צו די "דברים שבעל פּה אי אתה רשאי לכותבם", אַז מ'האָט נישט געטאָרט אויפשרייבן דעם תּרגום, נאָר לערנען־געדענקען אויף אויסנווייניק.

דעם מקור געפינט ער אין דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין ספרי [5]: "כשנגלה הקב"ה ליתן תורה לישראל, נגלה בד' לשונות, ה' מסיני בא — זה עברי; וזרח משעיר למו — זה רומי; הופיע מהר פארן — זה ערבי; ואתה מרבבות קודש — זה לשון ארמי", איז דערפון געדרונגען, אַז דער רבונו של עולם האָט זיך אַנט־פּלעקט צו די יידן ביים באַרג סיני מיטן לשון פון די אַראַמייער.

ר' צבי הירש חיות ווענדט אָפּ די דאָזיקע ראיה, ווייל דאָרט ווערט אויך דערמאָנט גריכיש און לאַטיין — און קיינער זאָגט נישט, אַז אויך די לשונות זענען געהייליקט געוואָרן ביים באַרג סיני. בכלל איז דאָך געזאָגט געוואָרן אַז די תּורה איז געגעבן געוואָרן אין זיבעציק שפּראַכן — "בשבעים לשון" [6].

ס'איז דעריבער נישט קיין באַווייז, אַז דער תּרגום־נוסח, וואָס מיר האָבן, זאָל זיין פון סיני. ער איז אָבער מודה, אַז לויטן רמב"ן, דעם כּוזרי און אַנדערע ראשונים, וואָס האַלטן אַז דברי נביאים זענען מסיני און זיי ווערן גערופן "דברי קבלה", קאָן דאָס זעלביקע געזאָגט ווערן אויף תּרגום־אונקלוס, וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן און מוז זיין מסיני, ווייל "אין נביא רשאי לחדש דבר" [7] מוז דאָך זיין ווי חז"ל באַהויפּטן "שכחום וחזרו ויסדום" — אויף תּרגום און, בכלל, אויף דער תּורה־שבעל־פּה.

ביים באַהאַנדלען די אומצייליקע פּרטים אין תּרגום־אונקלוס ווייזט ער אויך אָן אויף דעם פאַקט, אַז דער רמב"ם האָט זיך פאַרלאָזט אויף תּרגום־אונקלוס; אויך אין הלכה־ענינים. נישט איין מאָל ברענגט דער רמב"ם הלכהדיק אָן אויס־טייטש פונעם תּרגום [8].

תּרגום־אונקלוס ווערט אויך גערופן תּרגום־בבלי, ווייל, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, איז עזרא הסופר געווען דער ערשטער וואָס האָט געבראַכט די תּורה־איבערזעצונג מיט דער עליה פון בבל און מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, האָט עס אונקלוס באַנייט אין יהודה.

רעדט מען שוין פון די תּרגומים, דאַרף אָנגעוויזן ווערן, אַז תּרגום־יונתן אויף

נביאים איז דער תרגום, פון וועלכן ס'רעדט זיך אין דער גמרא. אָבער דער תרגום־יונתן אויף חומש, איז נישט פון דעם יונתן בן עוזיאל [9]; דער דאָזיקער תרגום, איז פון אַ שפּעטערדיקער תקופה, אַ זאַמלונג פון מדרשים און קבלה־ספרים, בעת תרגום־אונקלוס איז על דרך הפשט: אויסער אין ענינים פון אמונה, מחשבה, באַנוצט ער זיך מיט די אויסטייטשן און מיט דער אויפפאַסונג פון חז"ל.

דער תרגום־עקילס, די גריכישע איבערזעצונג, ווערט בלויז געבראַכט אין ירושלמי און אין מדרשים און ווערט געבראַכט אין שייכות מיטן פסוק "יפת אלקים ליפת", וואָס פשוט מיינט עס, אויסברייטערונג און חז"ל האָבן דאָס וואָרט געטייטשט שיינקייט, ווי פאַראַפראַזירן דאָס וואָרט יופי־יפת [10]. דער תרגום עקילס איז אַן איבערזעצונג פון גאַנץ תורה, בעת תרגום־אונקלוס איז בלויז אויף די פינף חומשים.

ביידע תרגומים, אונקלוס און יונתן, זענען געווען בעל־פה, אָבער מיט דער צייט, צוליב דער מורא פון פאַרגעסנקייט, האָט מען דערלויבט אויפצושרייבן, ווי רבי יהודה הנשיא האָט מסדר געווען די משנה בכתב, אויפן סמך פונעם פסוק "עת לעשות לד' הפרו תורתך" — עס איז צייט צו טאָן פאַר גאָט; זיי האָבן פאַרשטערט דיין תורה [11], וואָס איז אויסגעטייטשט געוואָרן, אַז ווען ס'איז דאָ אַ געפאַר, די תורה זאָל חלילה פאַרגעסן ווערן, האָט מען דאָס רעכט צו מאַכן תקנות, וואָס זענען אין קעגנזאַץ צו דער טראַדיציע. מ'האָט געמוזט אוועקגיין פונעם געזעץ אַז דברים שבעל־פה זאָל מען נישט אויפשרייבן, כדי צו ראַטעווען די תורה און דעם אַראַמישן אויסטייטש, מ'זאָל חלילה נישט געבן קיין פאַלשע טייטשן און ווערן אַ מגלה פנים שלא כהלכה, איבער וועלכן ס'ווערט געזאָגט: "אף על פי שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעולם הבא" — דער וואָס טייטשט אויס די תורה, נישט אַזוי ווי דער דין, הגם ער האָט תורה און גוטע מעשים, וועט ער נישט האָבן קיין חלק אויף יענער וועלט [12]. דאָס האָט מען געוואָלט פאַרהיטן און מ'האָט געוואָלט, יעדער ייִד זאָל לערנען תורה צוזאַמען מיטן פאַרהייליקטן תרגום־אונקלוס.

דאָס וואָרט תרגום, ווי דאָס ווערט פאַרשטאַנען אין תלמוד און ביי די מפרשי־התלמוד, מיינט נישט בלויז איבערזעצונג. עס נעמט אַריין דרשענען און אויסטייטשן. אַזוי איז פאַרשטאַנען געוואָרן דאָס וואָרט "מתורגמן" — איבערזעצער און פאַרטייטשער. תרגום־אונקלוס, די אַראַמישע איבערזעצונג פון אונקלוס, תרגום־יונתן, תרגום־ירושלמי, אַלע זענען איבערזעצונג און אויסטייטשונג.

ווי פריער געזאָגט, האָבן מיר אַ צאָל תרגומים: תרגום השבעים — סעפּטואַגינטאַ, די גריכישע איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דריטן יאָרהונדערט פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג. לויטן תלמוד איז די איבערזעצונג געמאַכט געוואָרן פון צוויי־און־זיבעציק זקנים, געבראַכט פון ירושלים קיין אַלעקסאַנדריע — דאָס איז אַ ווערטלעכע איבערזעצונג. דער גריכישער תרגום

איז גענוצט געוואָרן ווי אַ באַזע פאַר דער שפּעטערדיקער לאַטיינישער איבער־זעצונג, באַקאַנט מיטן נאָמען ״ווולגאַטאַ״.

דיביידע איבערזעצונגען זענען געבליבן פרעמד פאַר ייִדן, אָבער באַוווּסט ביי נישט־ייִדן. די דאָזיקע איבערזעצונגען האָבן נישט בלויז געבראַכט יהדות צו דער וועלט, נאָר געמאַכט די ביבל פאַרן סאַמע פּאָפּולערסטן קלאַסישן ווערק — פאַר־הייליקט און איבערגעזעצט אין הונדערטער לשונות.

די אַנדערע איבערזעצונגען זענען געבליבן אייגנס — אַ טייל פון דער תּורה. תּרגום־אונקלוס וואָס לויט געוויסע פאָרשערס איז ער געמאַכט געוואָרן אויף דעם אופן, ווי דער גריכישער עקילס, זיך האַלטנדיק ביים לשון־קודשדיקן טעקסט, האָט אָבער אויסגעטייטשט פּסוקים לויט דער מסורה, לויט די פּאַרטייטשן פון די חכמי־הדור, ביי וועלכע ער האָט געלערנט און מיט וועלכע ער איז געווען נאָענט און דעריבער איז זיין אויטאָראַטיווקייט נישט אָפּצופרעגן.

רש״י, דער גרעסטער פּרשן — רבן של ישראל — זאָגט גאַנץ אָפט: ״כתרגו־מו״ — ווי דער תּרגום אונקלוס טייטשט. ס׳זענען דאָ נאָך איבערזעצונגען — אָבער רש״י פאַרלאָזט זיך בלויז אויף תּרגום־אונקלוס און מסתּמא נישט בלויז ווייל אַראַמיש איז אַ מאָל געווען אַן אייגענע ״מוטערשפּראַך״ און אויפגעהערט באַטראַכט צו ווערן ווי אַ ״פרעמדע שפּראַך״, נאָר ווייל זי איז פּינקטלעכער, אָן שינויים, און איז גוטגעהייסן געוואָרן ביי די חכמי־התּלמוד. אפילו די אַראַבישע איבער־זעצונג, געמאַכט פון ר׳ סעדיה גאון, איז נישט גענוצט געוואָרן אַזוי ווי די אונקלוס־איבערזעצונג.

דער תּרגום־השבעים (פון 3־טן י״ה פק״ע), איז געלויבט געוואָרן און דאָך האָט עס נישט אָפּגעהאַלטן די חז״ל פון דערקלערן, אַז דער טאָג ווען די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן, איז איינגעהילט געוואָרן אין פינצטערניש[13].

דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן די גריכישע איבערזעצונגען. תּרגום־אונקלוס איז לכתּחילה אָנערקענט און געהייליקט געוואָרן. ווי געזאָגט, האָט עזרא הסופר — אַ סך פריער פאַר דעם תּרגום השבעים, אָדער תּרגום החמישה — געבראַכט די בבלישע איבערזעצונג פון בבל.

ווי פאָרשערס ווייזן אָן, האָט עזרא געבראַכט אַ צאָל תּפילות אין אַראַמיש. איינע פון די תּפילות איז געווען ״יקום פורקן״, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין בבל, ווו די אומגאַנגשפּראַך איז געווען ארמית[14] און מ׳האָט זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון ״אין משנין ממטבע שטבעו חכמים״, דערצו נאָך, ווען ס׳איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער תּרגום איז מסיני[15], ווי עס ווערט געזאָגט אין פריער דערמאָנטן ירושלמי, אינעם אויסטייטש פונעם פּסוק[16]: ״ויקראו בספר תורת האלקים... בספר — זה מקרא; מפורש — זה תרגום״.

אין תּלמוד בבלי[17] ווערט געזאָגט: ״אל תהי לשון ארמי קלה בעיניך שמצינו

בתורה ובנביאים ובכתובים שהקב״ה חולק כבוד. בתורה — ׳יגר שהדותא׳ [18]; בנביאים — ׳כדנה תאמרון להון׳ [19]; בכתובים — ׳וידברו הכשדים למלך ארמית׳׳ [20].

וואָס שייך תפילות: ״לעולם אל ישאל אדם צרכיו בלשון ארמי״. בציבור — קאָלעקטיוו — מעג מען בעטן אין פאַרשטענדלעכן לשון, אין אַראַמיש, וואָס איז דאַן געווען דאָס פאָלקס־לשון [21], ביחיד — ווען מ׳בעט אינדיווידועל, מעדיטירנ־דיק — זאָל מען מתפלל זיין נאָר אין לשון־קודש — עברית [22].

אין גאָר אַ שפּעטערדיקער תקופה איז געקומען די לאַטיינישע איבערזעצונג, די א.ג. ״ווולגאַטאַ״, וואָס איז אַ סאָרט קאָנקאָרדאַנציע צו די הייליקע שריפטן, געמאַכט דורך אַ קריסטלעכן שפּראַכן־קענער היראָנימוס, אין די יאָרן 390—405 ק״ע. די קאַטוילישע קירך האָט זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער איבערזעצונג ביז די גאָר לעצטע יאָרן, ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן נייע, בעסערע איבערזעצונגען.

די ווולגאַטאַ איז שפּעטער באַאַרבעט געוואָרן פון באַרימטן געלערנטן הוגאָ די סאַנטאָ און ער איז אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון אַרום 500 מאָנאַכן, דאָמיניקאַנער אין יאָר 1244. אין יאָר 1290 האָט זיך פאַרנומען מיט דער ווולגאַטאַ דער גלח פּיאָטער ארלוטי, וועמעס ציל איז געווען צו מאַכן צוגענגלעך די ביבל פאַר דער קאַטוילישער קירך און אירע אָנהענגערס.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט אַ שטודיע וועגן די תרגומים. דער באַרימטער פאָרשער און שפּראַך־עקספּערט ר׳ חיים העליר ז״ל, האָט אין זיינע ווערק אָנגעוויזן אויף די אומצייליקע גרייזן אין די אַלע איבערזעצונגען און דערמיט האָט ער צוריקגעוויזן די באַהויפּטונגען פון די ביבל־קריטיקערס— אָבער וועגן דעם באַזונדער [23].

אין צווייטן יאָרהונדערט (פק״ע), איז דערשינען די גריכישע איבערזעצונג פון עקילס הגר. אַ ״וואָרט פאַר וואָרט״־איבערזעצונג און, ווי פאָרשערס קאָמענ־טירן, האָט די איבערזעצונג נושא־חן געווען ביי די חכמים, צוליב איר געטריישאַפט צום לשון־קודם־טעקסט און אין הסכם מיט דער מסורה, ד.ה. מיט דער טראַדיציע.

דער דאָזיקער תרגום איז אָבער נישט געוואָרן פּאָפּולער. מסתמא זענען דאָ סיבות, פאַר וואָס דער דאָזיקער גריכישער תרגום האָט נישט אויסגענומען.

דער תרגום וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן, איז געווען — און איז — דער תרגום־אונקלוס, אין אַראַמיש. וואָס שייך פּאָפּולערקייט, האָט תרגום־אונקלוס איבערגעשטיגן דעם תרגום יונתן, וואָס לויט חז״ל, האָט יונתן בן עוזיאל געמאַכט זיין תרגום אויפן יסוד פון די לעצטע נביאים, חגי, זכריה און מלאכי.

ווי אַ צוגאָב צו די אַראַמישע תרגומים, איז דער תרגום ירושלמי, וועלכער איז, לויט אַ צאָל פאָרשערס, אַ ווערסיע פון תרגום יונתן [25].

לויט דער באַהויפּטונג פון היסטאָריקערס — און זיי האָבן אַ מקור אין ירושלמי [26] — האָט עקילס, דער גר, געלעבט אין 2טן י״ה (פק״ע), געשטאַמט פון

דעם אכזריותדיקן רוימישן קיסר אַנדריאַנוס (האַדריאַן), זיך מגייר געווען אונטער דער השפּעה פון רבי עקיבא. מיט ר׳ עקיבאס הסכם, איבערגעזעצט די תּורה אין גריכיש, אַנדערש ווי דער תּרגום־השבעים און נענטער צו דער מסורה. דער דאָזיקער תּרגום, איז — ווי עס ווערט אָנגעוויזן — אידענטיש צום תּרגום־אונקלוס. אפשר דערפאַר האָט רבי עקיבא געגעבן זיין הסכּמה.

דער תּרגום עקילס איז, אַ דאַנק ר׳ עקיבאן, אַנערקענט געוואָרן, אָבער איז נישט געוואָרן פּאָפּולער און נישט געקראָגן דעם חותם פון הייליקייט.

רבי עקיבא, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן, איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון גרים און דאָס האָט אים נישט געשטערט צו ווערן דער גדול התּנאים, אַרויסצורופן צו זיך דעם גרעסטן דרך־ארץ ביי זיינע רביים און חברים, שוין אָפּגערעדט פון זיינע תּלמידים.

רבי טרפון, זיין חבר, האָט זיך ווענן אים אויסגעדריקט: ״כל הפורש ממך כּפורש מן החיים״ — ווער ס׳גייט אַוועק פון דיר, איז גלייך, ווי ער וואָלט אַוועק פון לעבן [27].

רבי דוסא בן הרכינס האָט געזאָגט צו רבי עקיבאן: ״עקיבא! אתּה הוא עקיבא בן־יוסף, ששמך הולך מסוף העולם ועד סופו, כּמותך ירבו בישראל״ — עקיבא, דו עקיבא בן־יוסף, וואָס דיין נאָמען גייט פון איין עק וועלט צו דער אַנדערער — אַזעלכע ווי דו, זאָלן זיך מערן ביי ייִדן [28].

אין שייכות דערמיט, איז כּדאַי צו ברענגען דעם מדרש אויפן פּסוק ״ואלה המשפּטים״ [29] הדא הוא דכתיב: ״מגיד דבריו ליעקב״ — ער זאָגט זיינע ווערטער צו יעקב, זיינע געזעצן צו ישראל [30] און דערביי די מעשׂה:

״פּעם אחת, אמר לו עקילס לאדריאנוס המלך: רוצה אני להתגייר ולהעשׂות לישראל. אמר לו: לאומה זו אתּה מבקש? כּמה בזיתי אותה, כּמה הרגתּי אותה! לירודה שבאומות אתּה מבקש להתערב? מה ראית בהם שאתּה רוצה להתגייר?

״אמר לו: הקטן שבהם יודע היאך ברא הקב״ה את העולם, מה נברא ביום ראשון ומה נברא ביום שני, כּמה יש משנברא העולם ועל מה העולם עומד — ותורתן אמת.

״אמר לו: לך ולמד תורתן ואל תּמול. אמר לו: אפילו חכם שבמלכותך וזקן בן מאה שנה, אינו יכול ללמוד תּורתן אם אינו מל, שכּן כּתיב מגיד דבריו ליעקב, חוקיו ומשפּטיו לישראל, לא עשׂה כן לכל גוי... ולמי, לישראל״.

איין מאָל זאָגט עקילס צום ברוטאַלן קעניג אַדריאַנוס: כ׳וויל זיך מגייר זיין. זאָגט צו אים דער קעניג: צו דעם פאָלק, ווילסטו איבערגיין... אַזאַ דערנידעריקט פאָלק...? האָט ער אים געענטפערט: יאָ! — זיי ווייסן, ווען, ווי אַזוי, ווי לאַנג גאָט האָט באַשאַפן די וועלט... האָט דער קעניג אים געזאָגט: לערן זייער תּורה, אָבער לאָז דיך נישט מל זיין. האָט עקילס אים אָפּגעענטפערט: בלויז די וועלכע

האָבן דורכגעפירט איבער זיך דעם מילה־ריטואַל, זיי קענען לערנען און זיך דערהויבן מיט תורה.

די דאָזיקע מעשה, האָט אַ צאָל נוסחאות: אַנדערש איבערגעגעבן אין מסכת גיטין [31], אַנדערש אין מסכת עבודה זרה [32] און אַנדערש אין אַ צאָל מדרשים און אגדות.

משה מירקין, אין מדרש־פירוש, האַלט, אַז די מעשה איז גאָר פאָרגעקומען מיט אונקלוס הגר און אַז זיין רוימישער נאָמען איז געווען עקילס און אַז ער איז דאָס געווען דער גר, וואָס האָט געהאַלטן, אַז תורת־ישראל שטייט העכער ווי די רוימישע חכמה און אַז ער האָט דאָס מסביר געווען די נויטיקייט פון אַ ביאָלאָגיש־קערפּערלעכער ענדערונג, כּדי צו גרייכן צו חכמת־התורה, ווי עס ווערט געזאָגט [33]: "אם יאמר לך אדם, יש חכמה בגויים — תאמין; יש תורה בגויים — אל תאמין". חכמה באַזיצן גויים, וויסנשאַפטלערס, פילאָזאָפן, אָבער תורה, מאַראַל און מצוות, צו דעם האָבן בלויז די זרע־אברהם דערגרייכט ביים באַרג סיני.

אין תנחומא ווערט די מעשה איבערגעגעבן מיט נאָך איינצלהייטן. ס'זאָל הייסן, אַז דער אונקלוס־עקילס איז נישט געווען אַ פרעמדער צום קעניג; ער איז געווען אַ לייבלעכער קרוב זיינער, אַ שוועסטערקינד: "בן אחותו של אדריאנוס".

דער רשע האָט אים נאָכגעגעבן, ווען ער האָט אים געזאָגט, אַז ער דאַרף פאָרן קיין יהודה וועגן מסחר. ער האָט ביים פעטער אויסגענאַרט אַ דערלויבעניש, צוליב האַנדל... דער מסחר איז אָבער געווען תורה. ווייזט אויס, אַז ער האָט שוין דאַן געוווּסט פונעם "כי טוב סחרה מכל סחורה"... אַז דער בעסטער מסחר איז זיך איינקויפן תורה.

ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געזאָגט דעם פעטער: "וחזרתי על כל האומות ולא מצאתי אומה הנתונה לארץ כישראל וסופן להתעלות...". ער האָט, הייסט עס, געוואָרנט דעם פעטער, ער זאָל אָפּלאָזן די יִדן, ווייל נאָך אַלע רדיפות, וועלן זיי דערהויבן ווערן.

אַדריאַנוס האָט אים דערפאַר אויסגעפּאַטשט. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסרייסן זיך פון רוים, צו ווערן אַ גר־צדק, צו לערנען תורה ביי די גדולי־החכמים. און פון אים לערנט מען אַז תורה־וויסן קאָן נאָר דערגרייכן דער געמלטער יִדָּ, ווי עס ווערט געזאָגט: אם אין אדם מל, אינו יכול ללמוד — מגיד דבריו ליעקב, חוקיו ומשפטיו לישראל, למי שהוא מ י ע ק ב, אָדער כ י ע ק ב, ווי אין אייניקע נוסחאות, דער, קאָן דערגרייכן תורה־וויסן. דער גר, וואָס איז ווי יעקבס קינדער, געמלט און דורכגעגאַנגען די פּראָצעדור פון גרות, דער ק אָ ן דערגרייכן תורה.

די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי מעגן מיר לערנען תורה צו אַ מענטשן, וועלכער איז נאָך נישט קיין בן־ישראל?

מיר לערנען [34]: "ואמר ר' יוחנן, עובד כוכבים שעוסק בתורה, חיים מיתה" — אַ נישט־ייִד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט לערנען תּורה, קומט אים מיתה. פאַרשטייט זיך נישט בידי אדם, נישט געאורטיילט ביים ייִדישן בית־דין. דאָס רעדט זיך וועגן אַ געטלעכער שטראָף, בידי שמים, ווייל ער וועט לערנען איבערפלעכלעך און גרייזן אין זיין לערנען.

ר' יוחנן לערנט דאָס אַרויס פונעם פּסוק [35]: "תורה צוה לנו משה מורשה" — די תּורה האָט משה רבנו אונדז געגעבן ווי אַ ירושה, "לנו מורשה ולא להם", איז עס צו אונדז, צו די ייִדן, אָבער נישט צו די פעלקער.

אין דער גמרא ווערט אָפּגעפרעגט די דאָזיקע שטרענגע מיינונג פון ר' יוחנן, פון דעם וואָס דער תּנא ר' מאיר זאָגט: "היה ר' מאיר אומר, מנין שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול, שנאמר 'אשר יעשה אותם האדם וחי בהם'. כהנים לוים וישראלים לא נאמר, אלא האדם, הא למדת שאפילו עובד כוכבים ועוסק בתורה, הרי הוא ככהן גדול" — אַז דער נישט־ייִד וואָס איז עוסק אין תּורה, פאַרנעמט זיך מיט לערנען תּורה, קען ער זיך דערהויבן צו דער הויכער מדרגה פון אַ כהן־גדול.

די גמרא ענטפערט: "התם בשבע מצוות דידהו" — ד"ה, אַז נישט־ייִדן דאַרפן לערנען און זיין באַקאַנט מיט די זיבן מצוות, וואָס אַ בן־נח דאַרף היטן און דערמיט זיכערן די עקזיסטענץ פון אַ ציוויליזירטער וועלט. זיי דאַרפן זיין בקי, געניט אין די דאָזיקע מצוות. בקיאות ברענגט צום מקיים זיין די מצוות.

רש"י נעמט אָן די שיטה, אַז ס'איז דאָ אַ חילוקי־דעות צווישן די צוויי חברים, ר' מאיר און ר' שמעון בן יוחאי: דער ערשטער האַלט, אַז דאָס וואָרט איז מרבה, נעמט אַריין אַלע מענטשן און דער צווייטער האַלט, אַז דער אדם, איז גאָר ממעט, שליסט אויס אַנדערע, אויסער ייִדן [36].

כדאי צו באַמערקן, אַז ביידע, ר' מאיר און ר' שמעון בן יוחאי, זענען געווען תּלמידים פון רבי עקיבא און האָבן דאָך געהאַט אַזעלכע קעגנגעזעצטע מיינונגען. ביידע האָבן געוווסט פון זייער רבינס זאָג: "חביב אדם שנברא בצלם" [37] וואָס איז כּולל אַלע מענטשן, אַז אַלע זענען ווי ייִדן גאָטס קינדער, אַלע זענען באַשאַפן "בצלם אלקים" — אין גאָטס פורעם.

אמת, ר' שמעון בן יוחאי, דער תּלמיד־מובהק פון רבי עקיבא, דער מחבר פון "ספרי אליבא דרבי עקיבא" — און טייל זאָגן, אַז אויך דעם זוהר האָט ער געשאַפן אונטער דער השפּעה און לערעס פון רבין — דאָך זאָגט ער, אַז אין פיר ענינים האָט ער נישט געדרשנט ווי זיין רבי און ער גיט צו: "ודברי נראים מדבריו" [38]. עס לאָזט זיך אָבער נישט גלייבן, אַז ער, דער מחבר פון זוהר און באַגרינדער פון ייִדישן מיסטיציזם, זאָל געווען מבטל מאַכן דעם רבינס באַהויפּטונג, אַז "געליבט איז דער מענטש, ווייל ער איז די באַשאַפונג אין גאָטס פורעם" און ס'איז נישט

קיין ווונדער, וואָס די מפרשי־התּלמוד באַמיען זיך צו באַווייזן, אַז ס׳איז נישט געווען קיין חילוקי־דעות צווישן די צוויי תּלמידים פון רבי עקיבא. ס׳איז אויך דאָ אַ גירסא, אַז נישט רבי מאיר, נאָר ר׳ ירמיה, איז דער בעל־המאמר, אַז ״האדם איז מרבה״, שליסט איין אויך דעם נישט־ייִד, ווי זיי רופן דעם עכּו״ם (געצנדינער) וואָס האַלט זיך ביי געוויסע געבאָטן[39].

ר׳ יעקב עמדין (תנ״ה—1698 ; תקל״ו—1776), אין ״הגהות יעבץ״, ברענגט אַריין אַ נייעם ניואַנס אין דער דאָזיקער מיינונגס־פאַרשיידנהייט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין חילוקי־דעות : דאָס, וואָס ר׳ שמעון בן יוחאי זאָגט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו לערנען תּורה מיט אַן עובד־כּוכבים, איז געמיינט דרשענען אין תּורה, ״שיושב ודורש בה...״. אַ נישט־ייִד, ווערט נישט — לויט ר׳ יעקב עמדין — פאַרשטיין די דרשות, די אגדות, ווייל ער איז נישט באַהאַוונט אין דרשות־התּורה, איז ער עלול אַריינצוטייטשן פרעמדע, פאַלשע טייטשן.

ר׳ עקיבא איגר (תקכ״א—1761 ; תקצ״ח—1837), ווייזט אָן אין ״גליון הש״ס״[40] אויף דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין חגיגה[41] מ׳זאָל נישט איבערגעבן תּורה צו אַנדערע, אַז דאָס איז געמיינט וועגן מצוות, אויסער די זיבן, אויף וועלכע נישט־ייִדן זענען געבאָטן און נאָך מער : אויב מ׳לערנט תּורה צום נישט־ייִד, איז מען נישט עובר אויף דעם געבאָט ״לפני עור לא תתן מכשול״ — פאַר אַ בלינדן זאָלסטו נישט לייגן אַ שטרויכלונג[42], טאָמער וועט ער נישט מקיים זיין די מצווה.

דער מאמר פון רבי אמי[43] : ״אין מוסרין דברי תורה לעובד כוכבים, שנאמר ׳לא עשה כן לכל גוי ומשפטים בל ידעום׳״ — ער האָט אַזוי נישט געטאָן צו קיין פאָלק, און געזעצן ווייסן זיי נישט[44]. טייטשט דער מהרש״א[45] אַז דאָס מיינט מען איבערגעבן טעמים פון מצוות. ס׳איז שווער איבערצוגעבן טעמים פון מצוות צו עובדי־כּוכבים, מחמת זיי קענען אַ מאָל געבן פאַלשע דערקלערונגען. איז דערויף גילטיק דער אָנזאָג פון אבטליון : ״חכמים, הזהרו בדבריכם, שמא תחובו חובת גלות ותגלו למקום מים הרעים וישתו התלמידים הבאים אחריכם, וימותו, ונמצא שם שמים מתחלל״ — זייט פאָרזיכטיק מיט אייערע רייד, טאָמער וועט איר באַשולדיקט ווערן מיט דער שולד פון גלות און וועט פאַרטריבן ווערן אין אַן אָרט פון די שלעכטע וואַסערן און די תּלמידים וואָס וועלן קומען נאָך אייך וועלן טרינקען און זיי וועלן שטאַרבן — אַ גייסטיקן טויט...[46].

דער רמב״ם ברענגט בכלל נישט ר׳ אמיס שטעלונג און מפרשים פאַרנעמען זיך צו פאַרענטפערן דעם רמב״ם.

רבי צבי הירש חיות (תקס״ו—1805 ; תרט״ז—1855) שרייבט[47] : ״הכל תמהו על הרמב״ם שהשמיט דין זה בספרו...״. ער ברענגט ראיות פון אַ צאָל מפרשים, אַז נישט בלויז סודות פון דער תּורה, זאָל מען נישט איבערגעבן צו געצן־דינערס...

און אַז דאָ רעדט זיך פון תורה־שבעל־פּה; תורה־שבכתב מוסרין, מעג מען לערנען מיט נישט־ייִדן.

יעדנפאַלס זעט מען אַז אינעם אויסטייטשן דאָס וואָרט אדם, פעלן נישט קיין חילוקי־דעות, אַזוי ביי די תלמוד־באַגרינדערס, אַזוי ביי די מפרשי־התלמוד, אַזוי ביי די גדולי־הפוסקים.

דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן דעם מאמר "עובד כוכבים ששבת חייב מיתה" — אַ געצן־דינער וואָס היט אָפּ שבת־רו קומט אים טויטשטראָף[48]: "ואמר ריש לקיש, עובד כוכבים ששבת חייב מיתה, שנאמר 'ויום ולילה לא ישבותו'[49] ואמר מר, אזהרה שלהן זו היא מיתתן".

מיר האָבן אַ צאָל טייטשן וועגן דעם אויסדרוק חייב מיתה. פּשוט רעדט זיך אינעם פּסוק וועגן זון, לבנה, קלימאַטישע צייטן, פלאַנעטן — און לויטן דרש אין דער גמרא שליסט דאָס אויך איין מענטש. פרעגט די גמרא, אויב אַזוי? — פאַר וואָס ווערט דאָס נישט צוגערעכנט צו די מצוות־בני־נח? דער ענטפער: "כי קא חשיב, שב ואל תעשה; קום עשה — לא קא חשיב". די זיבן מצוות, וועלכע דער בן־נח (דער נישט־ייִד) איז באַפוילן צו היטן, דאָס זענען געבאָטן אויף נישט טאָן. אָבער די פּאָזיטיווע מצוות זענען נישט חל אויף נישט־ייִדן. און רש"י קאָמענטירט: "והאי ולא ישבותו, קום עשה מלאכה היא", אַז דאָס ווערט קלאַסיפיצירט ווי אַ מצות־עשה, דער כּנעני, בן־נח, דאַרף טאָן אַ מלאכה און נישט אַרומדרייען זיך ליידיק. דער מאָטיוו: ער וועט ווערן פאַרדאַרבן, וועט טאָן פאַרדאָרבענע מעשים...

האָבן מיר דאָ באַרירט דעם ענין פון חייב מיתה, ווילט זיך ברענגען אַ מעשה שהיה: אין שכנות פון רבי מאיר האָבן זיך געפונען בריונים־כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אים מצער געווען, אָנגעטאָן צרות... האָט רבי מאיר געבעטן רחמים, זיי זאָלן אומקומען, "הוה קא בעי ר' מאיר דלימותיה"[50].

שטעלט זיך דערויף דער פּראַגער רב[51], ר' יחזקאל לאַנדאָ (תע"ד—1713; תקנ"ג—1794): ווי קומט רחמים מיט מיתה... "ואין זה בקשת רחמים עליהם, אדרבה, היה מעורר עליהם מדת הדין..." און נאָך מער: "ועוד קשה, אטו מי לא ידע ר' מאיר דגם 'ענוש לצדיק לא טוב...'" צי האָט ר' מאיר נישט געוווּסט, אַז אפילו שטראָפן איז נישט גוט פאַר דעם צדיק? דער מחבר פון צל"ח איז דאָ מאריך צו פאַרענטפערן ר' מאירן, אַז ס'האָבן געקענט האַרמאָניזירן רחמים־תפילה און מיתה.

ר' בצלאל זאב שאַפראַן, אַ באַוווּסטער רב אין בודאַפּעשט, שרייבט[52], אַז ער האָט געפונען ביי איינעם פון די ערשטע, "חד מקמאי", אַז די בריונים זענען געווען "מצערים — רשעים יותר מדי..." זיי האָבן צו פיל וויי געטאָן ר' מאירן.

האָט ער מתפלל געווען, זיי זאָלן זיך איינשטילן — און דאָס איז געמיינט מיטן וואָרט מיתה.

דער רב"ז זאָגט ווייטער, אַז אים געפעלט די גירסא, וואָס ער האָט געפונען אין מדרש שוחר טוב, אַז די מעשה פון רבי מאיר איז פאָרגעקומען מיט די "הנהו מינאי", מיט די מינים, — די ערשטע יידישע קריסטן — און וועגן זיי איז געזאָגט געוואָרן: "כל באיה לא ישובון ולא ישיגו אורחות חיים" — אַלע וואָס קומען צו איר, קערן זיך נישט אום, און דערגרייכן נישט די וועגן פון לעבן [53]. ס'ווערט געפרעגט: "וכי מאחר שלא ישובו, היכן ישיגו", אויב זיי קערן זיך נישט צוריק, פאַרשטייט מען דאָך, אַז זיי וועלן נישט דערגרייכן דעם לעבנסוועג... ס'זאָל הייסן, אַז רבי מאיר האָט געבעטן די מינים אין זיין שכנות זאָלן תשובה טאָן און אַז נאָך זייער תשובה זאָלן זיי אַוועק פון דער וועלט גערייניקטע...

נאָך די אַלע טייטשן, איז עס אַ שווערער מאמר און ברוריה זיין ווייב האָט אים מיט רעכט אויפמערקזאַם געמאַכט, ער זאָל בעסער בעטן "יתמו חטאים"... איידער חוטאים — איידער די זינדיקע זאָלן אומקומען, זאָל דאָס זינדיקייט ווערן אָפּגעטאָן, וועלן במילא נישט זיין קיין זינדיקע.

קומען מיר צוריק צו דעם וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן — תורה־איבערזעצונגען. צו דער גריכישער סעפּטואַגינטאַ זענען צוגעקומען אַנדערע גריכישע, די לאַטייניש־ווולגאַטאַ, סיריש־אַראַמישע "פשיטא", מיט וועלכע ס'באַנוצן זיך די קריסטלעכע טעאָלאָגן. פאַרהייליקט ביי יידן איז דער אונקלוס־תרגום [54] וואָס צילט, אַז דאָס פאָלק זאָל פאַרשטיין דעם פּסוק אין גייסט פון דער מסורה, פון דער יידישער טראַדיציע און נישט ווערן פאַרפירט פון פאַלשע, שלעכטע אויסטייטשן. דער תרגום מיידט אויס אויסדרוקן, וועלכע קענען געבן דעם נישט־ריכטיקן באַגריף וועגן אחדות אלהות, אויסטייטשן וועלכע זענען נישט אין איינקלאַנג מיט דער מסורה.

ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס די חכמי־התלמוד האָבן געוואָרנט נישט צו פאַרבייטן, אויסטוישן דעם תרגום־אונקלוס אויף אַנדערע איבערזעצונגען, און יעדער ייד דאַרף לייענען־לערנען יעדע וואָך די פּרשה "שנים מקרא ואחד תרגום" [55].

אין תרגום־אונקלוס האָבן מיר הלכה [56] און אגדה און גרויס איז זיין וויכטיקייט אין פאַרשטיין די תורה; כדי מקיים צו זיין דעם "והגית בו יומם ולילה" [57], דאַרף מען צוזאַמען מיטן חומש לערנען תרגום, אין פעסטשטעלן אַ הלכה־ענין, אָדער אין אויסטייטשן אַ תורה־אויסדרוק [58].

אין דער צייט פון בית־שני, ווען אַראַמיש איז געוואָרן די פאָלקסשפּראַך ביי יידן, איז עס געווען פון די פּראָבלעמען, ווי אַזוי אויסצוטייטשן אַזעלכע מעטאַפאָרעס

און טערמינען, ווי "יד ד'", "כסא ד'" — "השמים כסאי והארץ הדום רגלי" [59]. אויב מ'זאָל דערקלערן אָט די אויסדרוקן אין קערפּערלעכע טערמינען, קען דאָס פאַרפירן. אונקלוס גיט זיך אַן עצה און מיט זיינע אויסטייטשן באַנוצן זיך אי רש"י, דער "רבן של ישראל", אי דער רמב"ם, דער פּוסק און פילאָזאָף. אונקלוס האָט געקראָגן דעם צוטרוי צוליב דעם, וואָס ער איז געווען דער תּלמיד און נאָכפאָלגער פון די גדולי חכמי־המשנה, אָנהייבנדיק פון דער הלל־דינאַסטיע ביז רבי עקיבא. ווען רבן גמליאל הזקן איז געשטאָרבן, ווערט איבערגעגעבן, האָט אונקלוס פאַר־ברענט, ווי אַן אויסדרוק פון אבלות, זיבעציק "מנה צורי" — ער האָט פאַרברענט די ווערט פון זיבעציק "מנה צורי" לויט רש"י אַרום 10 טויזנט דינרים [60].

ווי אַ וועלטפאָלק, וואַנדערנדיק איבער פאַרשיידענע גלות־לענדער, האָבן ייִדן זיך באַנוצט מיט אַ צאָל שפּראַכן און באַוויזן צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע ליטע־ראַטור אין אָט די דורך זיי גערעדטע שפּראַכן. אייניקע לשונות זענען דערהויבן געוואָרן צו אַ נאַציאָנאַלן סטאַטוס: לשון קודש — עברית; אַרמית־אַראַמיש; און לעצטנס, אַ האַלבן יאָרטויזנט — אַלט־ייִדיש וואָס שטאַמט פון גערמאַנישע וואָרצלען, אין לעצטן יאָרהונדערט אַ לעבעדיק און ליטעראַריש רייך לשון, וואָס איז קינסטלעריש גאָר הויך און לינגוויסטיש גאָר רייך — און וואָס פאַרנעמט אַ גאָר אָנגעזען אָרט אין די קרייזן פון ליטעראַרישער שעפערישקייט, אַזוי אין פּאָעזיע, אַזוי אין פּראָזע, אין דראַמע און אין פאַרש־אַרבעטן. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז ייִדיש זאָל ווערן אַ לשון פון קדושים.

ייִדיש לשון האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט אין "פּוילן העדינה" — די אייד־על־ע פּוילן [61], די אויסדערוויילטע פאַר תּורה און וויסן... דאָרט האָט ייִדיש געפונען דאָס געהעריקע אָרט. מיט דער שעפערישקייט און שפּרודלדיקייט פון פּוילישן ייִדנטום האָט זיך אויך צעבליט דאָס ייִדיש לשון און מיטן טראַגישן חורבן פון דעם ייִדישן קבוץ אין פּוילן איז אויך חרוב געוואָרן דער ייִדיש־צענטער.

האָבן מיר דערמאָנט די דריי לשונות. ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז עברית און אַרמית, ווערן גערופן דאָס לשון פון עבר הנהר. לשון־קודש איז אויך גערופן געוואָרן "לשון יהודית" [62].

יוסף אָפּאַטאָשו (1886—1954) באַווייזט היסטאָריש ווי אַזוי ייִדיש איז דער־הויבן געוואָרן צו ווערן דאָס צווייטע לשון צו עברית, צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען ביים אשכּנזישן ייִדנטום מיט אַרום טויזנט יאָר צוריק, ווען פּוילן האָט נאָך נישט געהאַט קיין ליטעראַטור, ווען רוסלאַנד האָט נאָך נישט געהאַט קיין ליטעראַטור [63].

ייִדיש האָט זיין אָנהייב אין מערב־און צענטראַל־אייראָפּע — און פון דאָרט, קיין פּוילן־רוסלאַנד, נאָך איידער די דאָזיקע סלאַווישע לענדער האָבן געהאַט אַ ליטעראַטור. "די [ייִדיש] ליטעראַטור — האַלט ער — האָט באַלד ביים באַגין — אין

זיך געטראָגן וועלטלעכקייט... וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע פאָלק, אַלע זיינע שיכטן...״.

איז דאָס אַ ביסל גוזמאדיק און ס׳איז נישט שייך מסכּים צו זיין, אָדער באַ־פעסטיקן אַפּאַטאַשוס הנחות. ייִדיש איז געווען באַלד פון אָנהייב דאָס לשון פון רעליגיעזע ספרים און איבערזעצונגען פון די טיפסטע עטיק־און־מחשבהדיקע ספרים און האָט אפילו געקראָגן אַן אָרט אין הלכה־ספרים, אין שאלות־ותשובות צווישן רבנים און גדולי־הפוסקים.

ייִדיש איז געוואָרן אַ וועלטשפּראַך, ווייל ייִדן זענען געוואָרן אַ וועלטפאָלק, ווי דער קריסט קרייזאַנדער האָט געשריבן אין 1750 : ״מיט ייִדיש קען מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט״. מיט אַ דור אָדער צוויי צוריק איז ייִדיש געווען כּמעט אַ נאַציאָנאַל לשון, אַ דערגאַנצונג צו לשון־קודש, געהאָלפן דעם אָפּהאַלט און צוריקהאַלט פון אַסימילאַציע. יהואשעס תּנ״ך־איבערזעצונג איז געווען אַ גרויס געשעעניש. מיט זיין תּנ״ך־איבערזעצונג האָט ער פאַרבונדן און פאַרהייליקט ביידע לשונות, פאַר־בונדן דורות... מעגלעך געמאַכט, אַז דער ייִד וואָס רעדט און לעבט זיך אויס אין ייִדיש זאָל קענען און פאַרשטיין דעם תּנ״ך, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין דער הייליקער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער שפּראַך.

היינט קען מען שוין נישט זאָגן, אַז ייִדיש איז אַ וועלטשפּראַך. מ׳קען שוין נישט זאָגן, אַז מיט ייִדיש קען מען אויספאָרן די ג אַ נ צ ע וועלט. גיכער איז דאָס ווערטל גילטיק אויף ענגליש. מיט ענגליש קען מען היינט אויספאָרן אַ וועלט. ייִדיש איז אָבער געבליבן פאַרהייליקט, דאָס לשון פון די קדושים, די מיליאָנען אומגעקומענע על קדוש־השם צוזאַמען מיט זייער לשון ; מיליאָנען ייִדן פון אַשכּנזישן ייִדנטום, וועלכע האָבן זיך אויסגעלעבט אין ייִדיש, וואָס איז געוואָרן אַ סינאָנים מיט ייִדישקייט, ווי אַ צוגאָב צו דער ייִדישער אמונה קעגן די משׂכּילים, וועלכע האָבן אָפּגעלאַכט פון ״מאַמע־לשון״, ווי אַ זשאַרגאָן, אַ נישט־קולטורעל־ליטעראַריש לשון.

״אָן העברעיִש — דריקט זיך אויס אַפּאַטאַשו — זענען מיר גייסטיקע יורדים ; אָן ייִדיש — פעלט אונדז דער לבוש״. אַ געוואַגטער אויסדרוק. ס׳איז אָבער קיין ספק נישט, אַז עס וואָלט געפעלט אַ טייל פונעם לבוש : אַ טייל פון אונדזער נאַציאָנאַל־קולטורעלן פאַרמעג, אַ טייל פון אונדזער ליטעראַרישער עשירות.

*

אין אַראַמיש איז געשאַפן געוואָרן די איבערזעצונג און פירוש אין דער צייט, ווען ייִדן האָבן גערעדט אַראַמיש — אַ פאָלקסשפּראַך ביי ייִדן. מיר האָבן אין דעם לשון דעם תּלמוד, דעם זוהר, אַ צאָל ספרים געשאַפן אין דער תּקופה פון בית־שני און וואָס האָט געהאַט אַ המשך ביי ייִדן און פאַר ייִדן.

די גריכישע און לאַטיינישע איבערזעצונגען זענען בעיקר געשאַפן געוואָרן פאַר דער נישט־ייִדישער וועלט — און פאַר ייִדישע אינטעלעקטואַלן — אַסימילאַנטן פון פאַרשיידענע ריכטונגען.

אויך די איבערזעצונגען אין אַראַביש, די שפּעטערישע ווערק אין אַראַביש (ערבית) זענען געבליבן פרעמד. די בעסטע ווערק אין מחשבה און אין הלכה האָבן געקראָגן זייער תּיקון, דורך אַן איבערזעצונג אין לשון־קודש. ווען דאָס געשעט נישט, וואָלטן זיי אַריינגעפאַלן אינעם אוצר פון שכחה, און וואָלטן פאַרבליבן בלויז ווי אַ מאַטעריאַל פאַר פאַרשערס אין אַרכיוון און אין מוזעומס.

דעם תּלמוד איז געווען שווער איבערצוזעצן אין אַנדערע לשונות און ער איז דעריבער געבליבן אַ פאַרשלאָסן ווערק פאַר די אומות־העולם. די משומדים, וועלכע האָבן יאָ געהאַט ידיעות אין תּלמוד, האָבן דעריבער געקענט אויסנוצן די געלעגנהייט צו קריטיקירן דעם תּלמוד, די תּורה שבעל־פּה, און גורם געווען צרות און רדיפות אויף ייִדן. נישט איין מאָל האָבן זיי געהעצט קריסטן קעגן ייִדן און דערפירט צו פּאָגראָמען, שחיטות און גירושים.

דער משומד דונין, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז באַזיגט געוואָרן אין זיין וויכּוח מיט ר׳ יחיאל מפּאַריז (געלעבט אין 13טן י״ה, ק״ע אין די יאָרן פון אלף הששי). דער וויכּוח איז פאָרגעקומען אין יאָר ה׳ אלפים — 1240. דער אָנגעזעענער באַטייליקטער, איינער פון די בעלי התּוספות, ראש ישיבה און פּוסק, האָט נאָכן זיג באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פראַנקרייך. ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל, געגרינדעט אַ ישיבה אין עכּו און דאָרט געלעבט אַ צאָל יאָרן. ער איז נפטר געוואָרן ה״א, כ״ח (1286) און זיין קבר געפינט זיך צופוסנס פונעם הר הכּרמל, אין חיפה.

דער זיג פון ר׳ יחיאלן האָט אָנגערייצט און אויפגעהעצט די יעזויטן און מ׳האָט זיך גענומען, ווי פריער שוין דערמאָנט, פאַרברענען דעם תּלמוד. דאָס פאַרברענען דעם תּלמוד איז פאָרגעקומען פרייטיק, פּרשת חוקת, שנת ה״א, ר׳ — 1244. חכמי הרזים האָבן געפונען אַ רמז אויף דעם טראַגישן ערב־שבת, אינעם תּרגום אונקלוס, וואָס טייטשט זאת חוקת התורה, ״דא גזירת אורייתא״, וואָס האָט אויך אַ טייטש — ״פאַרשניידן״ (חלילה) די תּורה.

די פייערדיקע אותיות האָבן איינגעהילט פּאַריז אין פלאַמען. אין די הויכע הימלען האָט זיך דערהערט דאָס געשריי ״שאלי שרופה באש״ (פּיוט פון מהר״ם מרוטנבערג, ד״א, תתקע״ה — 1215; ה׳ נ״ג — 1293), ווי אַ מאָל דאָס געוויין: ״זו תורה וזו שכרה״, וואָס האָט געריסן הימלען, בעת די אותיות זענען געפלויגן אין דער לופטן — אותיות פורחות, ווי עס ווערט געזאָגט ביי די עשרה הרוגי מלכות, די שפּעטער פון תּורה־שבעל־פּה.

די תּורה איז געבליבן, דער תּלמוד איז געבליבן און אַ דאַנק דער תּורה־שבכתב און דער תּורה־שבעל־פּה, איז עם ישראל געבליבן. דער תּנ״ך און דער

תּלמוד זענען געבליבן אין זייער אָריגינאַלקייט. די איבערזעצונגען געהילט אין דער קדושה פון אָריגינאַלקייט זענען געבליבן געהייליקט אין זייער נצחיותדיקייט.

דער תּנ״ך, ווי מיר האָבן געזאָגט, איז איבערגעזעצט געוואָרן, זינט די ערשטע איבערזעצונגען, אין מער ווי טויזנט שפּראַכן און דיאַלעקטן.

די ערשטע ענגלישע איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון דזשאָן ווייקליף (1325—1384) און זיינע געהילפן און נאָך דעם זענען געקומען אַנדערע איבער־זעצונגען. די אָנערקענטע ענגלישע תּנ״ך־איבערזעצונג איז די רעווידירטע ווערסיע וואָס איז צושטאַנד געקומען אין צייט פון קעניג דזשיימס אין יאָר 1611. די דאָזיקע איבערזעצונג ווערט גערופן ״קינג דזשיימס בייבל״ — אַ קאָלעקטיווע שאַפונג פון פופציק געלערנטע און אָנערקענט ביי ענגליש־רעדנדיקע, ביי די געלערנטע און ביים פאָלק. ס׳קומען אָבער אַלע מאָל נייע ענגליש־איבערזעצונגען פון ייִדישע און נישט־ייִדישע אַקאַדעמיקערס, גייסטלעכע און פאָרשערס.

משה מענדעלסאָן האָט איבערגעזעצט דעם תּנ״ך אין דייטש. זיין איבערזעצונג איז אַ סך געניצט געוואָרן ביי נישט־ייִדן, אַריינגערעכנט די שעפערס פון דער ״ביבל־קריטיק״, וועלכע האָבן דאָס אויסגעניצט צו באַפעסטיקן זייערע אָנשויונגען, ווי זיי האָבן אינטערפּרעטירט דעם תּנ״ך און, ווי דער שטייגער איז, מיט פאַלשע אויסטייטשן און מיט אַן אַנטיסעמיטישן הינטערשלאַק, וואָס איז אַרויס פון דער פילאָזאָפישער רעם...

די ערשטע פולשטענדיקע ייִדיש־איבערזעצונג פון תּנ״ך איז געווען די אַרבעט פון יקותיאל בליץ און יוסף יוזל וויצענהויזן (אַמסטערדאַם, 1679—1686). זייער איבערזעצונג איז נישט געוואָרן פּאָפּולער, איז נישט אָנגענומען געוואָרן ביים ייִדישן פאָלק. זייער איבערזעצונג איז אַ סאָרט עברי־טייטש. די ייִדישע פרוי האָט בעסער זיך באַנוצט מיטן ״צאינה וראינה״, וואָס איז געשריבן פאָלקסטימלעך און נעמט אַריין טייטשן און אגדות פון מדרשים.

דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן די שפּעטערדיקע ייִדיש־איבערזעצונגען: רעדעלהיים און מאַנהיים. די אַלע זענען געווען אַ סאָרט עברי־טייטש. ייִדיש־לייענערס האָבן בעסער אויסגעקליבן צו לייענען און לערנען דעם ״קב הישר״, דעם ״חובות הלבבות״ און אַנדערע ווערק פון עטיק, מאַראַל און פּיוטים אין ייִדיש.

אין אונדזער תּקופה האָבן זיך באַוויזן אַ צאָל תּנ״ך־איבערזעצונגען: קהלת, אין דער איבערזעצונג מיטן צוגאָב פון אַ פּירוש, אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון הרב יהודה לייב זלאָטניק (עלזעט, אַבידע, 1887—1962). ער רופט זיין איבער־זעצונג: ״קהלת, דער מענטש און דאָס בוך״. עס איז אַרויסגעגעבן אין אַ פּראַכט־אויסגאַבע, מיט עטלעכע שער־בלעטער און מיט אַ לענגערער הקדמה.

חיים שויס (1884—1953) האָט איבערגעזעצט נביאים, מיט דערקלערונגען און אויסטייטשונגען. נפתלי גראָס (1896—1956) האָט איבערגעזעצט די פינף מגילות

און תהלים. אַ גרעסערע צאָל תהלים־איבערזעצונגען זענען דערשינען דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט. מיר האָבן אַ ספּעציעלע יידיש־איבערזעצונג צוזאַמען מיט העברעיש און ענגליש אויף די אַראַמישע פּרקים אין דניאל און עזרא [64] פון אַן אומבאַקאַנטן איבערזעצער, נחמן בן ישראל העללער, מיט הסכמות פון די דער־מאָלטיקע באַקאַנטע רבנים אין ניו־יאָרק, פון דעם ספרדישן רב, ״ה״צ חיים ן׳ ר׳ אברהם פרידא מינדיז י״צ״ און פון ״הלל הכהן המכונה ד״ר קליין״. דער ערשטער רופט אים אָן מיטן טיטול ״הרב החכם השלם...״ און דער צווייטער: ״...בעודנו רך בשנים, זכה לשם טוב ע״י ספרו הנפלא הנקרא ׳רב נחמן בן יעקב׳, ראוהו חכמים, משכילים, גדולי תורה וגאוני ארץ ושבחוהו...״.

די גרעסטע אַרבעט, וואָס שייך יידיש־איבערזעצונג פון תנ״ך, האָט געשאַפן דער דאָן באַרימטער דיכטער יהואָש (שלמה בלומגאַרטן, 1872—1927). אַרום דער דאָזיקער איבערזעצונג איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור. די יהואָש־יידיש־איבערזעצונג איז די אָנערקענטסטע. זי ווערט געלויבט פאַר איר שפּראַך און סטיל, פאַר איר ראַפינירטקייט און פּינקטלעכקייט. נישט געקוקט אויף געוויסע בלויזן וועלכע דאַרפן קאָרעקטירט ווערן, איז די איבערזעצונג שטרענג טעקסטועל.

ש. ניגער, אין זיין באַגייסטערונג, האָט געשריבן: ״אויף יהואָשעס תנ״ך־איבערזעצונג רוט דער גייסט פון נבואה... דאָס איז די גרעסטע שאַפונג אין יידיש...״.

יעקב גלאַטשטיין, אין איינער פון זיינע אָפּשאַצונגען, האָט געשריבן: ״יהואָש האָט געשאַפן די גרעסטע באַוואָרעניש קעגן אונטערגאַנג פון אונדזער יידישן לשון. ער האָט געראַטעוועט טויזנטער יידישע ווערטער פון פאַרגעסעניש און זיי געשאָנקען אייביקייט״.

פאַר וואָס האָט ער אַזוי מצליח געווען?

געננוג איבערצוגעבן וואָס זיין שוועסטער האָט דערציילט.

חוה שאַלקאָוויטש (די פרוי פון בן־אביגדור), אין אַן אַרטיקל וועגן איר גרויסן אומפאַרגעסלעכן ברודער, האָט דערציילט, אַז עטלעכע חדשים פאַר יהואָשעס טויט, האָט ער איר געזאָגט: ״דאָס אַרויסברענגען איין פּסוק אַזוי ווי איך האָב געוואָלט שאַפט מיר מער נחת ווי אָנשרייבן צען אייגענע לידער״ [65].

תּרגום־יהואָש, דאַרף מען צוגעבן, האָט געהאָלפן אָנהאַלטן זיך אין דער שורש־קולטור, וואָס נעמט אַריין לשון, געשיכטע און טראַדיציע און דאָס איז שטאַרק נויטיק געווען אין די ראַדיקאַל־סעקולערע קרייזן, אפילו אין פּוילן, דעם צענטער פון יידיש־לשון ביי אַלע ריכטונגען, ביי די וועלטלעכע ווי ביי די פרומע, רע־ליגיעזע.

לאָמיר דאָ דערמאָנען ד״ר יצחק שיפּערס הי״ד, עסיי וועגן תנ״ך־איבער־

זעצונגען[66]: "אַלט יידיש אין 13טן און 14טן י"ה, ווי אַ המשך צו די אור־טעקסטן פון תּנ"ך־אויסטייטשונגען אין דייטש און אין יידיש־דייטש פון 9טן י"ה".

ד"ר שיפּער גיט אָן אַ צאָל נעמען פון מחברים־איבערזעצערס און אַנאָנימע איבערזעצערס. זיין אַרבעט איז — ווי די רעדאַקציע קאָמענטירט — אַ פּרוּוו צו געבן אַ קורצן סינטעטישן איבערבליק איבער די יידישע תּנ"ך־איבערזעצונגען, וואָס פאַרנעמען אין דער געשיכטע פון יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור אַזאַ וויכטיק אָרט.

"די השׂכּלה־באַוועגונג — שרייבט ער — האָט דערפירט צו אַ גיכן אונטער־גאַנג פון ידיש ביי די דייטשישע יידן, אַזוי, אַז פון אָנהויב 19טן י"ה אָן, האָבן זיך באַנוצט מיט די יידישע תּנ"ך־איבערזעצונגען און פּאַראַפראַזן בלויז די מזרח־אייראָפּעישע און אַמעריקאַנישע יידישע מאַסן. בכלל, האָט מען זיך באַנוגנט מיט די אַמאָליגע יידישע ספרי־תּנ"ך, אָדער פּאַראַפראַזן. אַן אויסנאַם זענען די איבער־זעצונגען פון קהלת און משלי, וועלכע ס'האָט געמאַכט אין אָנהויב 19טן י"ה, דער משׂכּיל ר' מענדל סאַטאַנאָווער (לעפין, 1749—1826) פון פּוילן (גאַליציע — געלעבט אין טאַרנאָפּאָל — נ.ש.). די איבערזעצונג פון משלי איז דערשינען אין טאַרנאָפּאָל, 1813; קהלת, איז נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

"אין אָנהייב פון 20טן י"ה, האָבן צוויי גרויסע יידישע דיכטערס גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו שאַפן יידישע תּנ"ך־איבערזעצונגען, וואָס זאָלן שטיין אויף דער הויך, סיי קינסטלעריש, סיי שפּראַכלעך. אַזוי האָט י. ל. פּרץ (1852—1915) געשאַפן אַ קלאַסישע איבערדיכטונג פון די חמש מגילות.

"דער פאַרשטאָרבענער דיכטער יהואָש האָט איבערגעלאָזט אַ פולשטענדיקע תּנ"ך־איבערזעצונג אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט פיל יאָרן...".

יהואָשעס יידיש־איבערזעצונג איז אַ קולמינאַציע־פּונקט אויפן געביט פון תּנ"ך־איבערזעצונגען און אין יהואָשעס שעפערישקייט. זי איז דער קווינטעסענץ פון פּרוכפּערדיקן לעבן פונעם פּאָעט, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ צענדליק ווערק פּאָעזיע און פּראָזע, אָבער געבליבן פאַראייביקט אַ דאַנק זיין תּנ"ך־איבערזעצונג. ווי אַ דערגאַנצונג צו זיין אומגעהויערער אַרבעט, איז דער ספר "הערות צום תּנ"ך פון יהואָש", מיטן צוגאָב, אַ "לעקסיקאָן פון מפרשים און פּירושים אין יהואָשעס הערות צום תּנ"ך פון ד"ר מרדכי קאָסאָווער מיט מראה־מקומות... דורכגעקוקט פון הרב ר' חיים מרדכי הכהן בראַכער".

די אַרויסגעבערס, חוה יהואָש־דוואָרקין (יהואָשעס טאָכטער) און אברהם דוב־בער דוואָרקין, פאַרענדיקן זייער אַריינפיר:

"מיר ווילן דאָ שליסן מיט די זעלבע ווערטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך שוין באַנוצט אין אונדזער פאָרוואָרט צום יהואָש יידיש־העברעישן תּנ"ך (פּאַראַ־פראַזירנדיק יהואָשעס אייגענע ווערטער אין זיין הקדמה דאָרט):

"נאָך אַזוי פיל יאָרן פון אַנגעשטרענגטער אַרבעט אַרום יהואָשעס ליטעראַ־
רישער ירושה, שפּירן מיר, אַז ווען מיר וואָלטן 'געהאַט מערערע לעבנס' און
וואָלטן 'זיי אַלע אַוועקגעגעבן' בלויז אויף דער דאָזיקער אַרבעט, וואָלט עס
נישט געווען צו פיל, ווייט נישט צו פיל"...

די "הוספה" צום גרויסן ווערק, פון הרב בראַכער און ד"ר קאַסאָווער איז, פאַר
זיך, אַ גרויס ווערק [67].

ד"ר קאַסאָווער גיט אָן אין זיין לעקסיקאָן דעם שפּראַכפאַרמעג וואָס יהואָש
האָט אויפגעזאַמלט, ביים פאַרנעמען זיך מיט זיין קאָלאָסאַלער אונטערנעמונג.
די רשימה נעמט אַרום צענדליקע תרגומים, צענדליקער פאַרש־אַרבעטן, צענדליקער
מדקדקים און פילאָלאָגן. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין.

דאָס פאַרבינדן יידיש מיט תנ"ך שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּרק אין יידיש־
שעפערישקייט, אַזוי אַז ס'האָט זיך געלוינט די מיפּולע אַרבעט צו דערהויבן יידיש־
לשון און דערמעגלעכן די וועלכע רעדן יידיש זיך צו באַקענען מיט דער תורה
מסיני און מיט דער נבואה, וואָס האָט דערהויבן די מענטשהייט צו שטרעבן און
קעמפן פאַר צדק און יושר און ווייזן דער וועלט, אַז ייִד און תורה זענען אומ־
צעטיילבאַרע סינאָנימען, אַז תורה איז ליכט — "גם כי אשב בחושך, ד' אור לי" —
אפילו ווען איך זיץ אין פינצטערניש איז גאָט מיר אַ ליכט [68]. די יידישע געטאָ האָט
געלויכטן מיט געטלעך ליכט, מיט תורה־ליכט, וואָס האָט געלערנט דעם מענטש,
נישט צו פאַרלירן זיך אין אַ צייט פון געדריקטקייט און נישט צו ווערן גאווהדיק,
אין צייט פון דערהויבנקייט, פון הצלחהדיקייט, ווי דער נביא זאָגט אָן, נישט צו
גרויסן זיך: "אל יתהלל חכם בחכמתו... כי אם בזאת יתהלל המתהלל השכל
וידוע אותי" — זאָל זיך נישט רימען דער חכם מיט זיין חכמה... דער גיבור מיט
זיין גבורה... דער עושר מיט זיין עשירות... נאָר דערמיט זאָל זיך רימען, דער
וואָס רימט זיך, מיט פאַרשטיין און קענען מיך, אַז איך השם טו חסד, רעכט און
גערעכטיקייט [69].

אַ ווענדונג נישט בלויז צו יידן, נאָר צו יעדן מענטש, צו יעדן פאָלק — און
אַט דעם ציל האָט עס דערגרייכט דער גר אונקלוס, מיט זיין אַרויסהייבן אין תרגום
די אמונה אין אחדות־אלקות, אין השגחה עליונה, ווייל זיין תרגום, גוטגעהייסן פון
די שעפערס און באַגרינדערס פון דער תורה־שבעל־פה, איז באַהויכט פון הייליקן
גייסט און ווירקט מיט הייליקייט.

## הערות

### א

1 שמות, א', י'.
2 במדבר, כ"ג, י'.
3 דאָרט, ל"א, ח'.

4 מיר האָבן פריער און אין אַנד. ווערק באַהאַנדלט די איוב־טעמע.
5 ברכות, י״ב, ע״ב. זע, הרב מאיר בלומענפעלד, פרח שושנה, סימן כ״ה, ז״ז כ״ג—כ״ד.
6 זע, המאור, העורך מ. אמסל, ניסן—אייר, תש״ם, ז״ז 18—19.
7 שבת, קמ״ו, ע״א.
8 אמרי אברהם, ב׳, ניו יורק, תשל״ה, ז״ז קט״ו—קי״ח.
9 דברים, ל״ד, י׳.
10 ספרי, אויפן אָרט.
11 סנהדרין, צ״ו, ע״ב.
12 שמות, י״ז, ט״ז.
13 מכילתא און מדרש תנחומא — אויפן אָרט.
14 שבת, קמ״ו, ע״א — ״דאינהו לא הוו, מזלייהו הוו״.
15 במדבר רבה, ח׳, ב׳.
16 ב״מ, נ״ח, ע״ב; תורת כהנים, רש״י, קדושים, י״ט, ל״ג.
17 ע״ז, כ׳, ע״א.
18 בראשית, ט׳, כ״ז.
19 יומא, י׳, ע״א; מגילה, ט׳, ע״ב.
20 שמות, י״ט, ה׳; כוזרי, ב׳, נ״ו, ע״א; זע, ספר הכוזרי, פתיחה, יהודה אבן שמואל (קויפמאַן) הערה 21, ז״ז 30—31, 41 א״א.
21 פסחים, פ״ז, ע״ב.
22 רסיסי לילה, ט״ו.
23 בבא בתרא, צ״ט, ע״א; ישראל קדושים, ז״ז 60—61.
24 מלכים א׳, י״ז, ח׳—כ״ד; פרקי דרבי אליעזר, ל״ג. זע, ד״ר י. י. לוינזון־לביא, ספר השנה (הדואַר) י׳—י״א, ניו יורק, תש״ט, הערה 12.
25 מלכים ב׳, ד׳, א׳—ח׳.
26 שמות רבה, ל״א, ד׳: — מירקין און אַנדערע.
27 תנחומא, לך, ו׳.
28 במדבר רבה, ה׳; ויקרא רבה, א׳, ב׳.
29 עבודה זרה, י״א, ע״א; תוספתא, חגיגה, ג׳; בראשית רבה, ע׳, ה׳ — מירקין אין הערות; היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, א׳, ז׳ 109; בן זאב, גרים, ז״ז 25—26.
30 מסכת סופרים, ט׳, ח׳; דאַרט, פרק ז׳ — ״חמשה זקנים״ . . .
31 ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳.
32 בבלי, מגילה, ט׳, ע״א.
33 יוסף בן מתתיהו — פלאַוויוס — ציטירט פון אים; רבי עזריה מן האדומים (די רוסי, רע״ג—1513; של״ח—1578) האָט איבערגעזעצט די אגרת אַריסטיאַס אויף העברעיִש און טיילן פונעם בריוו אַריינגענומען אין זיין ספר ״מאור עינים״.
34 על פי נוסחא בחומש דפוס סביוניטה, שנת שי״ז—1557; ברלין, שנת תרגומא לפ״ק — 1884; הוצ׳ מקור, ירושלים, תשל״ד—1974.
35 ביאור דרכיו ונתיבותיו בתרגומו . . . הוצאה שני׳, קראקא, שנת בזמירות נריע לו; הוצאה ג׳, מקור, ירושלים, תשל״ד—1974.
36 געדרוקט צוזאַמען מיטן חומש, ווילנע, 1875.
37 ספר כתר התורה, התאג הגדול, ירושלים תש״כ, חמשה חומשי תורה, עם מאמר ברית הלשון, מחברת הכללים, ז״ז ו׳—י״ב.

## ב

1 מגילה, ט׳, ע״א—ע״ב; מסכת סופרים, א׳, ז׳, י״ח. די איבערזעצונג ווערט אויך דערמאָנט אין די ״בריוו פון אַריסטעאַס״. וועגן תלמי, קאָמענטירט רש״י: ״מלך מצרים״. ר׳ צבי הירש חיות ווייזט אָן, אַז רש״י האָט, ווי אַ מקור, זיך באַנוצט מיט דער מיינונג פון יוסיפון בן גוריון — יאָזעפוס פלאַוויוס. אין סדר עולם און אין מסכת סופרים,

ווערט דערמאָנט תלמי מיטן צוגאָב: מלך מצרים.

2 מגילה, דאָרט.

3 סוטה, ט׳, י״ד; גמרא, סוטה, מ״ט, ע״א—ע״ב; זע, רש״י — אויפן אָרט.

4 בבא קמא, פ״ב ע״ב — פ״ג, ע״א; מנחות, ס״ד, ע״ב. תוספות, ב״ק, אָנהייב־וואָרט "ואסור" : ביים פולמוס של טיטוס, הונדערטער יאָרן שפּעטער, האָט מען די גזירה פאַרשטאַרקט. דער מהרש״א, חידושי אגדות, מגילה, ט׳, ע״ב : "ולמאי דפריך התם מחכמת יוונית דאסירה ולא ידע לפלוגי בין הכמת יוונית, ה״מ למיפרך ממתני׳ דהכא, דמוכחא דלשון יונית שרי״.

5 זע, תוספות מנחות, ס״ד, ע״ב, אָנהייב־וואָרט "ארור" — באריכות.

6 דאָרט, דאָרט. זע, שאול ליברמן, ייוונית וייוונות בארץ ישראל, מוסד ביאַליק, 1962.

7 מנחות, ע״ב, ע״א.

8 סוטה, מ״ט, ע״א; ב״ק, פ״ג, ע״א.

9 אין אַנד. ערטער : "ואמר ר׳ יוסף . . . ואמר ר׳ יוסי . . .". זע, גיטין, נ״ח, ע״א; מסורת הש״ס און אַנד. הגהות און הערות.

10 תוספות: "נראה דלשון סורסי, היא לשון ארמי. רש״י, פסחים ס״א, ע״א א״אַ מקומות. ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז אַראַמיש פאַרהייליקט געוואָרן, באַזונדערס דורך די תרגומים און צוליב דעם, וואָס ארמית געפינט זיך אין תנ״ך ; אין לשון פון תלמוד, זוהר, תפלות און אַנד. ווי מיר וועלן זען.

11 רש״י, מגילה, ט׳, ע״ב: "לשון יון — לשונו יפה משל כל בני יפת".

12 תוספות, דאָרט, באַמערקט, אַז לשון אַרמי איז נישט אַזוי צח — לויטער, קלאָר . . . ציטירט פון פסחים, ס״א, ע״א: "רבי אומר, תכוסו — לשון סורסי, כאדם שאומר לחברו כוס לי טלה זה". דער פאַקט איז, ארמית האָט געקראָגן אַן אָרט אין תנ״ך — די הייליקע שריפטן.

13 ג׳, ע״א.

14 דעם ר׳ יונתן באַזינגט דער פּייטן אין "יציב פתגם" (געזאָגט, דעם צווייטן טאָג שבועות, פאַר דער חבקוק־הפטרה : "יהו נתן . . . גבר ענותן . . ."). וועגן דעם אין מיינס אַ שבועות־דרשה.

15 נחמיה, ח׳, ח׳.

16 בראשית, ט׳, כ״ו.

17 מגילה, ט׳, ע״ב: רש״יס קאָמענטאַר — "הוא לשון יוני, לשונו יפה משל כל בני יפת".

18 מגילה, א׳, ח׳.

19 סוטה, ט׳, י״ד; מ״ט, ע״ב.

20 ב״ק, פ״ב, ע״ב.

21 דאָרט, פ״ג, ע״א.

22 ירושלמי, פאה, א׳, א׳.

23 מגילה, ג׳ ע״א; ע״ז, י״א, ע״א.

24 פון ר׳ נתן אדלער, הויפּט־רב פון ענגלאַנד.

25 שד״ל, פריער דערמאָנט.

26 מגילה, ג׳, ע״א; ב״ב, קל״ד, ע״א.

27 בבא בתרא, קל״ד, ע״א; סוכה כ״ח, ע״ב.

## ג

1 ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳; לשון סורסי געהערט צו די סעמיטישע לשונות, נאָענט צו אַראַמיש.

2 זע, א. ברלינר, תרגום אונקלוס; שד״ל, אוהב גר; הקדמת ר׳ נתן אדלר, נתינה לגר; חיים יהושע קאָסאָווסקי, אוצר התרגום, ירושלים, תש״ט ; ד״ר מרדכי קאָסאָוועך,

לעקסיקאָן צום יהואָש תנ"ך־איבערז., ניו יאָרק, תש"י—1949, ז"ז 2—4 און אַנדערע.

3 כרך ב', תצ"ד—תקמ"ח, תתע"א—תתע"ו, תתק"א—תתקכ"ח.

4 סנהדרין, כ"א, ע"ב — כ"ב, ע"א — רש"י, אויפן אָרט; מהרש"א, חידושי אגדות, נדרים, ל"ח, ע"ב — אַז תרגום אונקלוס איז מסיני.

5 אויפן פסוק "ד' מסיני בא . . ." דברים, ל"ג, ב'.

6 סוטה, ל"ב, ע"א; בראשית רבה, מ"ט, ב'; רש"י, דברים, א', ד'.

7 שבת, ק"ד, ע"א.

8 איסורי ביאה, י"ב, י"ג; ספר המצוות, מצות עשה, ל"ו א"אַ.

9 וועגן דעם האָבן פאַרשערס אַנגעוויזן מיט איבערצייגונג

10 בראשית רבה, נח, סוף פרשה ל"ו: "אמר ר' יודן, מכאן לתרגם, מדכתיב יפת ליפת . . . ויפת היינו ירחיב בלשון ארמי . . ." זע, מאור עינים, מ"ה; צבי הירש חיות — דאָרט.

11 תהלים, קי"ט, קכ"ו; גיטין, ס', ע"א; רש"י, שבת, קט"ו, ע"א; כתבי צבי הירש חיות, כרך ב', הערות הגאון מחבר אגרת בקורת, ז"ז תק"מ—תקמ"ח.

12 אבות, ג', ט"ו.

13 אין מגילת תענית און אַנד.

14 וועגן דעם אין מיינע מאמרים — "ביים בית שני".

15 זע, ט"ז, או"ח, סימן רפ"ח.

16 נחמיה, ח', ח'.

17 מגילה, ג', ע"א; בראשית רבה, ע"ד, י"ד.

18 בראשית, ל"א, מ"ז.

19 ירמיהו, י', י"א.

20 דניאל, ב', ד'.

21 סוטה, ל"ג, ע"א; רש"י און תוספות, אָנהייב־וואָרט "כל" — באריכות.

22 או"ח, סימן ק"א.

23 אין מיין ציקל מאמרים וועגן ר' חיים ז"ל, האָבן מיר אָנגעוויזן אויף זיינע פאָרשונגען. ער איז אָנערקענט אַלס אָנגעזעענסטער אויטאָריטעט אין תנ"ך־פאָרשונג. זע, מ. קאָסאָווער, יהואָש־לעקסיקאָן, ז' 18.

24 מגילה, ג', ע"א.

25 תרגום ירושלמי, דערשינען צום ערשטן מאָל אין יאָר 1518.

26 קדושין, א', א'.

27 קדושין, ס"ו, ע"ב.

28 יבמות, ט"ז, ע"א.

29 שמות, כ"א, א'.

30 תהלים, קמ"ז, י"ט.

31 נ"ו, ע"ב.

32 י"א, ע"א.

33 איכה רבה, ב', ט'. זע, אייזנשטיין, אוצר ישראל, ח', ז"ז 121—123.

34 סנהדרין, נ"ט, ע"א.

35 דברים, ל"ג, ו'.

36 "ר"מ דלית ליה אתם קרויין אדם ולא עובדי כוכבים קרויין אדם, ור"ש הוא דדריש לה במס' יבמות, דף פ"א, ע"א".

37 אבות, ג', י"ד.

38 ראש השנה, י"ח, ע"ב.

39 זע, תוספות, יבמות, פ"א, ע"ב, אָנהייב־וואָרט "אלא האדם".

40 דאָרט, דאָרט.

41 י"ג, ע"א, תוספות אָנהייב־וואָרט "אין". דאָרט ווערט געזאָגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין "לפני עור"־פאַרבאָט, "במקום שעובד כוכבים רוצה ללמוד" — אויב אַ נישט־ייִד וויל לערנען תורה, איז נישטאָ קיין פאַרבאָט . . .

42 ויקרא, י"ט, י"ד.

43 חגיגה, י״ג, ע״א.
44 תהלים, קמ״ז, כ׳.
45 חגיגה, דאָרט.
46 אבות, א׳, י״א.
47 חגיגה, דאָרט.
48 סנהדרין, ב״ח, ע״ב. זע, רש״י — אויפֿן אָרט.
49 בראשית, ח׳, כ״ב: ״עוד כל ימי הארץ, זרע וקציר; וקור וחום; וקיץ וחורף; ויום ולילה — לא ישבותו״.
50 ברכות, י׳, ע״א; סנהדרין, ל״ז, ע״א — מפרשי התלמוד.
51 צל״ח, ברכות — אויפֿן אָרט.
52 שו״ת הרב״ז.
53 משלי, ב׳, י״ט; עבודה זרה, י״ג, ע״א. וועגן דעם, וואָס עס ווערט דערציילט וועגן די דאָזיקע עפּיזאָדן, פֿאַרנעמען זיך אַ גרעסערער צאָל מפרשי התלמוד, זע הרב ד״ר נסים סולומון, אנציקלופדיה לאגדות התלמוד, ברכות, צ׳ ע״א, ניו יאָרק, תשי״ב—1951; ״ר׳ מאיר וברוריה״, דאָרט, ז״ז שי״ז—שנ״ח.
54 ערשטע, געדרוקטע אויסגאַבע, באַלאָניאַ, 1842.
55 ברכות, ח׳, ע״א. תוספות ברענגט אַ ״יש מפרשים״, אַז טייל טייטשן, אַז דער זאָג: ״ישלים פרשותיו . . . שנים מקרא ואחד תרגום״ (רש״י לערנט: של כל שבת ושבת) אַז טייל טייטשן, אַז דער תרגום קען זיין אין אַלע לשונות, דאָס פֿאָלק זאָל פֿאַר־שטיין . . . תוספות זאָגט: ״ולא נהירא״, דער טייטש געפֿעלט נישט, ווייל תרגום אונקלוס איז נישט בלויז אַן איבערזעצונג, נאָר אויך אַן אויסטייטש — אַ מפרש און ברענגט פֿון דעם וואָס ר׳ יוסף האָט געזאָגט (מגילה, ג׳, ע״א) ״אלמלא תרגומא דהאי קרא לא ידענא מאי קאמר״.
56 זע, פּ. חורגין, ההלכה בתרגום אונקלוס, תלפיות, ניו יורק, תמוז, תש״ה — טבת, תש״ו, ז״ז 417—430; הרב מאיר הירשקוביץ (הערשקאָוויץ), וועגן אויפֿטו פֿון אונקלוס — ״למי נועד תרגום אונקלוס״, הדרום, חוב׳ ל׳, ז״ז 164—177; חוב׳ ל״ב, ז״ז 155—170, הערה ו׳; חוב׳ ל״ו, תשרי, תשל״ג.
57 יהושע, א׳, ח׳; תהלים, א׳, ב׳ — זאָלסט טראַכטן פֿון תורה טאָג און נאַכט.
58 זע, ישראל יעקב דינסטאג, הרמב״ם לאור חכמי הקבלה . . . הרמב״ם, תורתו ואישיותו, בעריכת ד״ר שמעון פעדערבוש, ניו יורק, תשט״ז.
59 ישעיה ס״ו, א׳ — דער הימל איז מיין טראָן און די ערד איז מיין פֿוסבענקל.
60 ע״ז, י״א, ע״א — רש״י און מפרשים.
61 אויסדרוק פֿון ר׳ משה בן אלעזר כ״ץ, אין זיין קינה אויף די חרבנות־קרבנות פֿון ת״ח ות״ט — אין זיבעצנטן יאָרהונדערט.
62 זע, חבלים בנעימים, חלק (כרך) ד׳, מאת יהודה ליב גרויבאַרט, הוצ׳ מסורה, לודז, תרצ״ד—1934, הוצ׳ שניה ירושלים, תשל״ה. סימן ס״ו, ז״ז 124—125 — אַ לענגערער מאמר וועגן עברית — לשון הקודש — יהודית און ארמית, אַז ייִדן האָבן דאַן גערעדט י ה ו ד י ת און נישט אַרמית.
63 יוסף אָפּאַטאָשו, ״יידיש און יידישקייט״, גרשון פּאָמעראַנץ־פּאַרלאַג, טאָראָנטאָ, 1949, ז״ז 19—20, 22, 24—26.
64 ניו יאָרק, תרע״ג—1903.
65 זע, ז׳ רייזען, לעקסיקאָן, באַנד 1; בערטשי וויטקעוויץ, יהואָש־ביבליאָגראַפֿיע, אַ מוסטערהאַפֿט ווערק; לעקסיקאָן פֿון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור, פֿערטער באַנד, אַרויסג. אַלוועלט. ייִדישער קולטור־קאָנגרעס, פֿאַראייניקט מיט ציק״א, ניו יאָרק, 1961, ז״ז 234—244.
66 ליט. בלעטער, וואַרשע, נאָוו. 15, 1929, נומ׳ 46.
67 שנת תש״י—1949, שנה ב׳ למדינת ישראל, יהואָש־פֿאַרלאַג־געזעלשאַפֿט.
68 מיכה, ז׳, ח׳.
69 ירמיה, ט׳, כ״ב—כ״ג.

# תיקון־טעות

## באַנד 1

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 9 הקדמה | 17 | יהוסיף") | יהוסף") |
| 10 הקדמה | 10 | פלאַגעטן | פלאַנעטן |
| 19 | 25 | הבל | הכל |
| 22 | 12 | האַדצן | האַרצן |
| 62 | הערות 32 | מלבים | מלכים |
| 63 | הערות 5 | אשל"ז | תשל"ז |
| 88 | 9 | נעגרירנדיק | נעגירנדיק |
| 110 | 17 | ביכל | ביבל |
| 115 | 34 | עמלך | עמלק |
| 121 | הערות 6 | הריח | הרוח |
| 129 | 10 | טראַדיצע | טראַדיציע |
| 166 | 32 | ראָ הויתר | ראָה ויתר |
| 187 | 9 | האַמף | קאַמף |
| 198 | 6 | געווען געווען | געווען (איין מאָל) |
| 204 | 5 | בלשון | כלשון |
| 206 | 16 | אַרוימגעפאָרן | אַרומגעפאָרן |
| 242 | 7 | שטדעגען | שטערונגען |
| 247 | 29 | מק"ע) | נק"ע |
| 265 | 16 | 12 | 21 |
| 278 | 9 | וועג | וועגן |
| 280 | 16 | פאַרזנטעריסירט | פאַראינטערעסירט |
| 298 | הערות 42 | מר שיליא | מרשיליא |
| 301 | הערות 45 | איינשטעלער | איינשטילער |
| 306 | הערות 33 | בראשית ל"ט, י"ב | שמות, כ"ב, כ"ד; דברים, כ"ג, כ׳־כ"א |
| 306 | הערות 42 | רצ"ח | קצ"ח |
| 406 | 25 | לשון־קודם | לשון־קודש |
| 418 | 9 | ידיש | ייִדיש |